# אַ זויי דשעכען ייִדן

פון

## לייבוש לעהרער

פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

# הקדמה

די עסייען וואָס גייען אַריין אין דעם בוך זענען דערשינען אין פאַר־שיידענע פעריאָדישע אויסגאַבעס, אָבער דער עיקר אין אידישער קעמפער, אין די יאָרן 1936—1959. זיי ווערן טאַקע דאָ אויסגע׳סדר׳ט לויט די יאָרן ווען זיי זענען געווען געדרוקט, ווי מען קען דאָס זען פון די אָנגעגעבענע דאַטעס ביים סוף פון יעדער עסיי. פאַרשטייט זיך אַז דאָ קומען אַריין בלויז אַזעלכע וואָס האָבן אַ דירעקטע, אָדער אַן אומדירעקטע, טעמאַטישע שייכות צווישן זיך. די וואָס זענען געשריבן געוואָרן אַרום די זעלביקע יאָרן, אָבער האָבן צו טאָן מיט אַנדערע פעלדער פון טראַכטן און רעאַגירן, ווערן דעריבער דאָ ניט איינגעשלאָסן. עס זענען אויך ניט אַריינגענומען געוואָרן אַרבעטן וואָס אָפּערירן מיט אַ מער פּרעציזן וויסנשאַפטלעכן אַפּאַראַט, אפילו ווען זיי זענען טעמאַטיש נאָענט צום אינהאַלט פון בוך.

מיט אַזאַ צוגאַנג זענען צונויפגעשטעלט געוואָרן בײדע טײלן פון בוך: „אונדזער פאָלק" און „יידיש און וועלטלעך". די טעמאַטישע ראַם פון דער ערשטער טייל איז נענטער און אָפּענער פאַרבונדן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען: אַזוי זענען יידן. דאָ ווערן באַרירט כאַראַקטער־שטריכן, אייגנשאַפטן, גע־ירש׳נטע דרכים און גורל־פּראָבלעמען וואָס נעמען אַרום אונדזער פאָלק און אונדזערע באַציאונגען צווישן זיך און מיט דער אַלגעמיינער וועלט.

אונדזער בעלעטריסטיק אין יידיש האָט מיט ברייטן פאַרמעסט זיך פאַר־נומען פאַרצייכענען אָט די אַלע פּרטים. אָבער דער קינסטלערישער מעדיום קאָנצענטרירט זיך אַזוי אויסשליסלעך אויף עסטעטישער הנאה און רירנדיקער בילדלעכקייט, אַז עס איז ניט איר עובדא אָנצורירן דעם אַנאַליטישן צוגאַנג. עס ליגט ניט אויף דער ליניע פון אירע שאַפנדיקע כוחות צו פאָרמירן גע־העריקע באַגריפן, דורכצוטראַכטן מיטן כוח פון אָביעקטיוון דענקען דעם מעכאַניזם פון פאַקטן וואָס קינסטלערישע שילדערונגען ברענגען אַרויס און זייערע סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע קאָנסעקווענצן.

עס איז ניט נייטיק מאַריך צו זיין וועגן דער וויכטיקייט פון אַזאַ אַנאַ־ליטישער ליטעראַטור, ספּעציעל אין אונדזערע שווערע צייטן, שווער מיט ספקות און ערנסטער זאָרג וועגן אונדזער מזל אין דער וועלט. אמת, אַזאַ ליטעראַטור איז תמיד ביי אונדז געווען; זי איז אויפגעקומען צוזאַמען מיט אונדזער קינסטלערישער ליטעראַטור. עס וואָלט צוליב דעם ניט אָנגעקומען שווער אַרויסצוהייבן אַ צאָל חשוב׳ע און שאַפערישע פערזענלעכקייטן וואָס

האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף אָט דעם פעלד. אָבער זייער צאָל איז באַדוי־ערלעך קליין, און, וואָס איז אַ סך ערגער, דער דאָזיקער מין ליטעראַטור איז ביי אונדז ניט דורכגעגאַנגען, אפילו ריין טעמאַטיש, קיין שטייגנדיקע אַנט־וויקלונג אויף אַ ברייטן פאַרנעם. דער חשבון דערפון זעט זיך אַרויס צו בולט אין דער יידיש־ספערע פון אונדזער עקזיסטענץ. אויב די ווייטערדיקע עסייען קענען באַטראַכט ווערן ווי אַ צושטייער צום דאָזיקן פעלד האָט זיך שוין געלוינט די מי פון פאַרעפנטלעכן זיי צוזאַמען צווישן צוויי טאָוולען.

די צווייטע טייל פון בוך „יידיש און וועלטלעך" באַוועגט זיך אויך אין דער אַלגעמיינער ראַם „אַזוי זענען יידן". וואָרעם אויב מיר נעמען אָן אַז מען קען ניט אָפּרייסן דאָס וועלטלעכע פונעם רעליגיעזן ביי יידן — אַ קוק וואָס איך שטעל זיך אַיין פאַר אים ביי יעדער פאַסיקער געלעגנהייט — דעמאָלט האָבן מיר דאָך אויך אין דעם פּרט צו טאָן מיט אַ כאַראַקטעריסטיק פון יידישן לעבן. איז די שייכות טאַקע אַ גאַנץ נאָענטע צווישן „אַזוי זענען יידן" און „יידיש און וועלטלעך". אָבער די שייכות איז פאָרט אַן אומדירעקטע. דירעקט שטעלט זיך אָפּ די דאָזיקע טייל פון בוך אויף דער טבע פון אמונה, אויף דער פּסיכישער ספערע וואָס פון איר וואַקסן אַרויס גלויבן און גלויביקייט און ענלעכע שייכות'דיקע מאָמענטן.

שוין איבער דריי צענדליק יאָר ווי מיר קומט אויס צו קאָמענטירן בעל פה און בכתב אויף די אַלגעמיין־פּסיכאָלאָגישע און יידיש־היסטאָרישע פּראָב־לעמען וואָס זענען פאַרוויקלט אינעם קנויל רעליגיע און וועלטלעכקייט. עס איז מיר ביז איצט שווער צו באַנעמען די לייכטזיניקע באַציאונג צו דער רעליגיעזער איבערלעבונג וואָס טייל פון די וועלטלעכע האָבן אויסגעדריקט. צווישן זיי זענען דאָך אויך געווען געבילדעטע מענטשן, ווי אַזוי האָבן זיי געקענט זיין אַזוי בלינד און ניט באַמערקן די מורא'דיקע פּלאָנטערס און שווערע סתירות אין וועלכע זיי פאַרוויקלען זיך מיט זייער צוגאַנג ?

די עסייען פון דער צווייטער טייל פאַרנעמען זיך גאַנץ אָפט מיט אַקצענ־טירן די דאָזיקע מאָמענטן. אויך אין דער ערשטער טייל — דאָס איז ניט געווען אויסצומיידן — פאַרנעמען זיך אַ צאָל אַרטיקלען מיט שייכות'דיקע פּראָבלעמען. ווי עס זאָל ניט זיין, אַזוי זענען יידן, לכל הפּחות אויף וויפל די גע'ירשנ'טע טראַדיציע האָט נאָך אַ שליטה איבער אונדז. דאָס איז דער עיקר וואָס אויף אים שטעלן זיך אָפּ דאָס רוב אַרטיקלען וואָס גייען אַריין אין דעם בוך.

מיין ברודער, ליפּע, האָט מיר אַ סך געהאָלפן, סיי מיט עצות בנוגע פאַרשיידענע פּרטים, סיי מיט אַקטיווער אַרבעט ביים צוגרייטן און אַרויס־געבן דאָס בוך, פאַר דעם אַלעם וויל איך אים דאָ אויסדריקן מיין וואַרעמען דאַנק.

**לייבוש לעהרער**

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1959

# אינהאַלט

## אונדזער פאָלק

## יידיש און וועלטלעך

# יידן־פּראָגע און יידישע פּראַגע

געוועזן צייטן — און זיי זענען נאָך פריש אין אונדזער זכרון — ווען צווישן זיין אַ ייד און ווערן אויס ייד איז געשטאַנען אַ קלאָרע, שאַרפע גרענעץ. אויף איין זייט גרענעץ, אויף דער זייט פון „זיין אַ ייד״, איז די ליניע געווען אַ לאַנגע, אַ געבויגענע און פאַרמאָגט אַסך מדרגות. אויף איין ברעג די מהדרין מן המהדרין, אויפן אַנדערן ברעג, די קלים שבקלים, די אפּיקורסים. צוויי ברעגן אָבער איין ליניע — וואָרעם האָבן מיר דען ניט אַ קימא לן אַז „ישראל אַף על פּי שחטא ישראל הוא״? אויף דער אַנדער זייט גרענעץ איז געווען דער משומד, דער וואָס איז אין אַ באַשטימטן טאָג און אַ באַשטימטער שעה, דורך איין סימבאָלישן, צערעמאָניאַלן אַקט אַריבערגעטראָטן די גרענעץ וואָס צווישן צוויי באַזונדערע קולטורן, אַריבערגעטראָטן און — אַ שעה שבעה, געשטאָרבן, באַגראָבן און פּטור.

שמד איז ניט בלויז אַן אָביעקטיווע באַצייכענונג פון אַ באַשטימטער האַנדלונג, נאָר דער עיקר אַ סימבאָל פון די עמאָציאָנעלע באַציאונגען וואָס די דאָזיקע האַנדלונג דערוועקט. עס איז די מורא און דער צאָרן, דער עקל און דער האַס וואָס פילט אַן דאָס האַרץ פון נאָרמאַלע מענטשן צו העסלעכע פאָרמען פון סאָציאַלער פּחדנות און פאַרראַט.

די פאַרוועלטלעכונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און די פּאָליטישע פריי־הייטן וואָס זיינען דערמיט געקומען האָבן איבעריק געמאַכט און כמעט ווי אָפּגעווישט דעם צערעמאָניאַלן שמד. פונעם איינמאָליקן אַקט איז געוואָרן אַ פּאַמעלעכדיקער פּראָצעס, וואָס זייער זעלטן קען מען אים כאַפּן ביי דער האַנט. אויף אַזאַ אופן איז די גרענעץ געוואָרן בלאַס, אָפּגעמעקט, און די געבליבענע צויטן פאַרדעקן זיך מיט כיטרען קאַמופלאַזש. אַריבערגייענדיק פון אַן אַקט צו אַ פּראָצעס האָט זיך געביטן דער גאַנצער באַגריף און ממילא איז אויך נייטיק געוואָרן אַ ניי וואָרט אים אויסצודריקן. איצט האָבן מיר מער ניט צו טאָן מיט שמד נאָר מיט אַסימילאַציע.

„אַסימילאַציע״ איז אין דער אמתן אַליין אַ באַגריף וואָס נעמט זיך פון אַן אַסימילאַטאָרישן געמיט־צושטאַנד. דאָס וואָרט שטאַמט ניט פון העב־רעאישן אָדער יידיש־פאָלקסטימלעכן קוואַל וואָס בלויז פון אַזעלכע טיפּענישן האָט געדאַרפט געבוירן ווערן אַ טערמין פון וועלכן עס ציטערט אַרויס דאָס סאַמע מזל פון אונדזער נאַציאָנאַלן קיום. „אַסימילאַציע״ איז גאָר אַ לאַ־טייניש אָדער אַלגעמיין איראָפּעאיש וואָרט, און איז שוין דעריבער בלויז אַן אינטעלעקטועלער באַגריף, אַ נייטראַלער שפּיגל פון אַ פאַקט, אַן דעם עמאָציאָנעלן אויפברויז וואָס „שמד״ און „משומד״ רודערן אויף.

דער דאָזיקער געדאַנק נייטיקט זיך אפשר אין געוויסע קוואַליפיצירונגען. ווען מיר רעדן וועגן יידישע ענינים אויף פרעמדע שפּראַכן, און מיר באַנוצן דאָס וואָרט „אַסימילאַציע", דעמאָלט האָבן מיר טאַקע אין זינען בלויז אַ הוילן פאַקט, אָדער אַ נייטראַלן פּראָצעס, וואָס האָט עפּעס ווי „צופעליק" אַ שייכות צו אונדז, און גיט אונדז, ווידער אַמאָל „צופעליק", קיין סך געזונט ניט צו. אָבער אין יידיש זענען „אַסימילאַציע" און „אַסימילאַטאָר" זיכער ניט קיין צערטלדיקע קאָמפּלימענטן. היינע האָט, דאַכט זיך, אַמאָל געשריבן בערנען אַז „זינט מען האָט אויף אונדז אַרויפגעגאָסן דאָס ביסל וואַסער שפּירט זיך פון אונדז אַ פאַסקודנער ריח". איז מילא די פרירנדיקע שטעכיקייט פונעם „ביסל וואַסער" ליגט בלויז אין „שמד" און „משומד", אָבער אַ פּיצל שאָטן פונעם „פאַסקודנעם ריח" האָט אונדזער יידיש פאַרט אַריינגעלייגט אין „אַסימילאַציע" און „אַסימילאַטאָר". מיר רעדן טאַקע אַרויס די דאָזיקע ווערטער מיט מער רואיקייט, אָבער דאָך פילן מיר אַלע, אַלע וואָס לעבן אין יידיש, אַז אַסימילאַציע — פע!

נאָר עס גייט אייגנטלעך ניט אין דעם וואָס דאָס נייע וואָרט האָט פאַר־לוירן די געפיל־אַנגעלאָדנקייט פון „שמד", נאָר אין דעם וואָס די גרענעץ צווישן יידיש־גויאיש איז אי פאַרבלאָסט, אי צעפלאָנטערט געוואָרן. ווען מיר זאָלן היינט וועלן איינפירן דאָס טראַדיציאָנעלע זיצן אַ שעה שבעה איז דאָס פשוט אוממעגלעך, ווייל מיר האָבן ניט קיין שום סימן צו וויסן צי דער געשטאָרבענער איז שוין געוואָרן אַ מת צי ניט. מיר האָבן בכלל ניט קיין זיכערן צייכן צו דערגיין וועגן דעם תוך אָדער דער מדרגה פון אַסימילאַציע. מיר האָבן בלויז חשדים און — ווער האָט שוין וועמען ניט געוואָרפן אין פנים אַריין: „אַסימילאַטאָר!"

יאָ, די גרענעץ צווישן יידיש־גויאיש איז אי פאַרבלאָסט, אי צעפלאָנ־טערט געוואָרן. דאָס צווייטע, דער פלאָנטער, איז פאַר אונדז געוואַלדיק וויכ־טיק. זינט די געטאָ־ווענט זיינען געפאַלן, און זינט דעם אויפשטייג פון השכלה, וועלטלעכקייט און סאָציאַליזם, האָט דאָס נאַטירלעך געפירט דערצו אַז גרויסע צאָלן צווישן די יידישע מאַסן זאָלן אַראָפּוואַרפן פון זיך געוויסע פאָרמען פון אַמאָליקן יידישן לעבנס־שטייגער און דערנענטערן זיך צום דרויסנדיקן אויסזען פון דער אַרומיקער געזעלשאַפט. די וואָס האָבן דאָס געטאָן האָבן זיך באַטראַכט פאַר „פּראָגרעסיוו" און די ברידער זייערע וואָס זענען נאָך געבליבן אויף „יענער זייט" האָבן זיי געהאַלטן פאַר „רעאַקציאָ־נער". אָבער אַזוי ווי אָט דאָס דערנענטערן זיך צו דער אַרומיקער געזעל־שאַפט איז אַ „שרעקלעך"־נאָענטער מחותן מיט אָפּפרעמדן זיך פון אייגענעם פאָלק בכלל, איז דאָך געוואַלדיק נייטיק צו וויסן וואו עס ענדיקט זיך „פּראָג־רעס" און וואו עס הייבט זיך אָן „אַסימילאַציע".

האָבן טייל דערויף געענטפערט — דאָס זענען די באַרימטע קאָסמאָפּאָ־

ליטישע אינטערנאַציאָנאַליסטן — אַז אַסימילאַציע גופא איז אַ פּראָגרעסיווע זאַך. און אויב איר וועט אַזאַ איינעם אויפוואָרפן: „אַסימילאַציע — פּע״ וועט ער שנעל פון זיך אָפּוואַשן דעם פלעק מיט „פּראָגרעסיוו — פיין״ און, ווי זאָגט מען דאָס, „דאַמיט פאַסירט״. אַנדערע האָבן אַנאַליזירט דאָס יידישע לעבן אויף רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע ווערטן, פאַרוואָרפן די ערשטע און אַנגענומען די צווייטע. נאָך אַנדערע האַלטן, אויף ווי ווייט איך פאַרשטיי זיי, אַז לעולם איז טאַקע די גאַנצע יידישע אייגנאַרטיקייט דורכויס רעאַקציאָנער, דאָס איינציקע וואָס גייט ניט להיפּוך צו זייער אויפפאַסונג פון פּראָגרעס איז די שפּראַך, יידיש. אָט דער פּלאָנטער צווישן פּראָגרעסיווע און אַסימילאַטאָרישע טענדענצן שטעלט אונדז אַוועק פּנים אל פּנים מיט די גרעסטע נאַציאָנאַלן געפאַרן, און עס ווערט הימלשרייענדיק נייטיק אויסצואַרבעטן אַ טערמאָמעטער אויף צו מעסטן אַסימילאַטאָרישע טעמפּעראַטור.

איך האָב ניט בדעה זיך אַריינצולאָזן אין פאָרמעלע דעפיניציעס. דאָס איז געוונג שווער אפילו ווען מיר האָבן צו טאָן — ווי ביי שמד — מיט איינצלנע פאַרענדיקטע אַקטן. דאָס איז אָבער כמעט ווי אוממעגלעך ווען עס האַנדלט זיך וועגן פאַמעלעכדיקע פּראָצעסן וואָס פאַרוויקלען טויזנטער פאַקטאָרן. אָבער אַ שטיקל קריטעריע וואָלטן מיר דאָך געדאַרפט אַוועקשטעלן, אויב ניט אויף ענדגילטיק צו באַשטימען צו וועמען מען מעג צוקלעפּן דעם טיטל „אַסימילאַטאָר״, איז לכל הפּחות זיך צו קענען אָריענטירן אין אַ פּראָבלעם וואָס רירט אָן ניט מער און ניט ווייניקער ווי דעם עצם קיום פון אונדזער פאָלק.

ווען מיר רעדן וועגן דער יידישער לאַגע אין פאַרשיידענע לענדער מישן מיר תמיד צונויף צוויי באַזונדערע פּראָבלעמען וואָס זענען טאַקע נאָענט פאַרבונדן צווישן זיך, זיי זענען אָבער פאָרט צוויי באַזונדערע ענינים. מיר וועלן אויסמיידן אַ סך לאָגישע און פּסיכאָלאָגישע טעותן ווען מיר וועלן אין געדאַנק אָפּטיילן די יידן־פּראַגע פון דער יידישער פּראַגע. די יידן־פּראַגע האָט צו טאָן מיט די רעכט פונעם איינצלנעם יידן אין פאַרגלייך מיט די רעכט וואָס עס ווערט געגעבן דער איבעריקער באַפעלקערונג. די יידישע פּראַגע רירט אָן דעם קיום האומה און ווערט פאַרענטפערט ערשט דעמאָלט ווען דאָס פאָלק ווערט זיכער מיט זיין עקזיסטענץ ווי אַ היסטאָרישע און נאַציאָנאַלע איינס. די איינצלנע יידן האָבן זיכער געהאַט מער רעכט אין דייטשלאַנד פון פאַר און נאָך דער מלחמה איידער זיי האָבן עס געהאַט אין זעלביקן לאַנד אין מיטלעלטער. אָבער מיר וועלן דאָך אַלע מוזן מודה זיין אַז דאָס יידישע פאָלק, ווי אַ פאָלק, איז געווען אין אַ פיל ערגערער לאַגע אין ערשטן פאַל ווי אין צווייטן. די יידן־פּראַגע איז אין גאַנצן פאַרבונדן מיט דרויסנדיקע פאַקטאָרן: די געזעצן פונעם לאַנד און די באַציאונגען פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. די יידישע פּראַגע דערגרייכט צו אירע קריטישסטע מאָמענטן

ווען עס פעלט אונדז דאָס אינווייניקסטע באַוואוסטזיין, די באַגייסטערטע אָנשטרענגונג פאַר געזונטן נאַציאָנאַלן קיום, פאַר אָרגאַניזירטער יידיש־קול־טורעלער אַנטוויקלונג. די יידן־פראַגע איז אַ פּראָבלעם וואָס, לויט איר לאָגישן אויסקוק — מעג זיך עס שפּעטער אַרויסווייזן ווי אַן אומגליקלעכע אילוזיע — האָט זי אַ שייכות בלויז צו איינצלנע בירגער פון אַ באַשטימטן אָפּשטאַם און פון אַ געגעבענעם דור. אויב איך, דו, ער אאַז״וו, האָבן באַקו־מען גלייכע און פולע רעכט, אויב אונדזער בירגערלעכע און מענטשלעכע חשיבות זענען באַפרידיקט, וואָס נאָך קען מען פאַרלאַנגען? אָבער די יידישע פראַגע איז בטבע אַזאַ אַז זי מוז אונדז פירן צו טראַכטן וועגן די קומענדיקע דורות, וועגן דער ירושה וואָס מיר דאַרפן זיי איבערלאָזן, וועגן די אינסטיטו־ציעס וואָס מיר, ווי אַ פאָלק, דאַרפן פאַר זיי בויען כדי זיי זאָלן ווי געהעריק זיך אַנטקעגנשטעלן קעגן די אָפּטייטנדיקע צענטריפוגאַלע כחות. וואָרעם די בעסטע געזעצן פון לאַנד און אפילו די פיינסטע באַציאונג מצד די אַרומיקע שכנים קענען דאָך אין דעם פּרט אונדז ניט באַשירעמען.

די יידן־פראַגע — טאַקע דערפאַר ווייל זי איז פאַרבונדן דורכויס מיט דרויסנדיקע פאַקטאָרן פונעם פלאַץ וואו מיר געפינען זיך — מוז זיך פאַר־שטעלן אין באַוואוסטזיין בלויז ווי אַ לאַנד־פראַגע. די גאַנצע פראַגע ווערט פאַרענטפערט ווען דער „באַלעבאָס״ פון לאַנד גיט נאָך אונדזערע פאָדערונגען. ממילא זענען די גרענעצן פון לאַנד אויך די גרענעצן פון דער גאַנצער ראַם אין וועלכער די פראַגע קען איינגעפאַסט ווערן. די יידישע פראַגע וואָס ציט איר יניקה אי פון פאַרגאַנגענעם קאָלעקטיוון לעבן, אי פון איצטיקער סאָציאַ־לער און קולטורעלער צונויפגעוועבטקייט, אי פון אַן אויסקוק אויף די בעסטע מעגלעכקייטן פון דער צוקונפט, אַזאַ שטעלונג פון דער פּראָבלעם מוז פירן ווייט אַריבער דער גרענעץ פון דעם אָדער יענעם לאַנד. וואָרעם די פאַרבונ־דנקייט פון אַלע פונקטן אין דער וועלט וואו יידיש לעבן מאַניפעסטירט זיך איז דאָך אַ טייל פון דער פּראָבלעם גופא. ווי איינצלנע יידן, וואָס ליידן פון אומגערעכטיקייטן אין אַ באַשטימט לאַנד, וואָס גייען אונדז אָן די יידן פון אַן אַנדער לאַנד מער ווי די פריזן פון האָלאַנד אָדער ווי די ווענדן פון דייטש־לאַנד? אָבער פון שטאַנדפּונקט פון אַ פאָלק, וואָס וויל לעבן ווי אַ קולטורעלע איינס אין דער לאַגע פון „צעזייט און צעשפּרייט״, איז דאָך אַזאַ קשיא אַ סתירה צום סאַמע ענטפער וואָס די יידישע פראַגע זוכט פאַר זיך.

ווען מיר פאַרשטייען יידן־פראַגע און יידישע פראַגע ווי עס איז דאָ אָנגעוויזן געוואָרן איז די נפקא מינה צווישן זיי גאַנץ קלאָר. די דאָזיקע נפקא מינה ווייזט זיך אויך אַרויס ביי פאַרשיידענע טיילן פון אונדזער פאָלק אין זייער בליק אויף דער פאַרפּלאָנטערטער און טראַגישער מערכה וואָס מיר האָבן צווישן די פעלקער. פאַראַן נאָך גענוג עקסטרעם פרומע יידן וואָס באַטראַכטן אונדזער לאַגע בלויז און איין־און־איינציק פון שטאַנדפּונקט פון

אַ יידישע פּראַגע. זיי עסן זיך ווייניק אָפּ דאָס האַרץ פון אַ „נומערוס קלאַוזוס", אָדער אפילו פון אָפּשליסן פאַר אונדז געוויסע פּראָפעסיעס, ספּעציעל דאָרט וואו ס׳איז פאַראַן אַ מורא פאַר חילול שבת ויום־טוב. פאַרקערט, זיי זענען צופרידן וואָס מען האַלט אונדז אין אַ פאַרצוימט ווינקל, ווייל כאָטש דאָס איז זייער אומגעזונט פאַר יידן איז עס אָבער אַ רפואה שלמה פאַר יידישקייט.

דער דאָזיקער בליק איז בלויז אַן עדות פונעם באַקאַנטן פאַקט אַז אפילו נאָרמאַלע, געזונטע שטעלונגען קענען, אונטער געוויסע אומשטענדן, געטריבן ווערן צו אַ דעגענערירטן צושטאַנד. די בעסטע כאַראַקטעריסטיק דערפון איז דער תלמודישער ביישפּיל פונעם חסיד שוטה וואָס וויל ניט ראַטעווען אַ פרוי בעת זי טרינקט זיך ווייל זי איז נאַקעט. אָבער אַז די דערמאָנטע שטעלונג פונעם פרומען יידן שטאַמט אָפּ פון אַ געזונט פאָלקיש געפיל — וועגן דעם קען קיין ספק ניט זיין.

דער צווייטער עקסטרעם איז נאַטירלעך די מער דערוווייטערטע פון אונדזער פאָלק וואָס שטעלן זיך אָפּ, אין זייערע יידישע מאָמענטן, בלויז אויף דער יידן־פּראַגע און האָבן קיין שום אַנדער זאַך ניט אין זינען. אין דער רובריק קומען אַריין יענע פון אונדזערע „גלויבנס־גענאָסן" וואָס זייער צוגעבונדנקייט צו אונדז איז בלויז אַ געצוואונגענע פון דרויסן און אַ פאַר־מעלע פון אינעווייניק, און אַלע „פּראָגרעסיווע" סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן און סתם ראַדיקאַלן וואָס האָבן זיך אין גאַנצן אָפּגעריסן פון דער יידישער סביבה.

אַלע אַנדערע גרופּעס — וואָס געפינען זיך אין צענטער צווישן די צוויי — באַטראַכטן אונדזער לאַגע סיי פון שטאַנדפּונקט פון דער יידן־פּראַגע, סיי פון שטאַנדפּונקט פון דער יידישער פּראַגע, אָבער אויף פאַרשיידענע גראַדאַציעס פון פאַראינטערעסירטקייט אין אָט די צוויי מאָמענטן פון דער פּראָבלעם. די דאָזיקע גראַדאַציעס, מיין איך, קענען אונדז דינען ווי אַ מעסט־שנור פאַר די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן אין אונדזער לעבן. דאָס וועט הייסן אַז אַסימי־לאַציע שטייט אין פאַרקערטער פּראָפּאָרציע צו דער פאַראינטערעסירטקייט אין יענעם מאָמענט פון אונדזער פּראָבלעם וואָס רופט זיך יידישע פּראַגע. און מעג אַ טעאָריע, אַ טעטיקייט, אַ גרופּע, זיין מיטן גאַנצן האַרצן אַריינגע־טאָן אין זוכענישן און באַמיאונגען צו פאַרענטפערן די יידן־פּראַגע אין דעם אָדער אין יענעם לאַנד, האָט דאָס גאָר ניט, לחלוטין גאָר ניט, וואָס צו טאָן מיטן עצם, מיטן תוך פון אַסימילאַציע. נאָך מער, ווען אַזעלכע באַמיאונגען ווייזן ניט אַרויס קיין פּאָזיטיוון בליק אויף דער יידישער פּראַגע, דעמאָלט זענען זיי אַ קלאָרער אָנווייז אַז זיי ווערן דיקטירט פון אַסימילאַטאָרישע טענדענצן.

קוקן מיר אויף דער זאַך אַרויס אין אַזאַ ליכט, און רוקן ביסלעכוויז פאַנאַנדער דעם פאָרהאַנג וואָס אַרום אונדזער אייגענער סביבה, אַנטפּלעקט

זיך פֿאַר אונדז אַ בילד וואָס לאָזט ניט רוען, וואָס פּילט אָן דאָס האַרץ מיט שרעק און דעם מוח מיט פּיינלעכע ספקות. וואָרעם אויב די אָנגעוויזענע מאָס — אין דער אויסטייטשונג וואָס איז דאָ געגעבן געוואָרן — איז אַ ריכטיקע, דעמאָלט גלאָצן אונדז גלייך אין פּנים אַריין קאַלטע אַסימילאַטאָרישע סימפּטאָמען פֿון סאַמע קאָך און צענטער פֿון דער יידיש־וועלטלעכער סביבה. נאָך ערגער, נאָך געפֿערלעכער איז וואָס דאָס קומט פֿאָר אַזוי אָפּט אונטער דער שמייכלענדיקער מאַסקע פֿון וואַרעמע רייד וועגן יידיש. דאָס געניטע אויער קען גלייך דערהערן אין אַזעלכע ווערטער דעם גראָבן קלאַנג פֿון שווערע שטיינער אין אַ גרויסן אויסגעליידיקטן פֿאַס.

יידיש איז אַ פֿאַקטאָר, אַ ריזיקער פֿאַקטאָר, אָבער ניט קיין פּשוטער, לייכטער קאַבאַליסטישער שפּרוך אויף צו ברענגען משיחן. סאָציאַלע פֿאַקטאָרן שטייען ניט צווישן זיך אין דער שייכות פֿון אַ חיבור, ד״ה, מען קען זיי ניט צושטעלן איינער צום צווייטן כדי צו מאַכן די רעזולטאַטן גרעסער. פֿאַקטאָרן זענען טיילן פֿון אַ כפל, און ביי אַ כפל מעג איין ציפֿער זיין אַזוי גרויס ווי אַ ביליאָן, ווען איר כפלט אים אָבער אויף איין קליינינקער נול, איז דער רעזולטאַט אַ האָר ניט מער ווי אַ קיילעכדיקער נול.

לכתחילה איז געווען גענוג גרונט זיך באמת צו פֿרייען דערמיט וואָס יידיש איז געוואָרן דאָס אויבערשטע פֿון שטייסל ביי אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. איצט אָבער וואָלטן מיר זיך שוין געדאַרפֿט באַפֿרייען פֿון דער דאָזיקער פֿאַרבלענדעניש. עס ווייזט זיך אַרויס אַז אויך יידיש קען ווערן אַ גאַנץ גוטער אינסטרומענט אין אַ האַסטיקן אַסימילאַטאָרישן שטראָם. אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, למשל, קומט דאָס פֿאָר אַזוי שטעכיק אָפֿן אַז אפֿילו אַ פּאַראַליזירטע האַנט וואָלט עס געדאַרפֿט דערשפּירן.

די יידישע קאָמוניסטן, און די אַנדערע, וואָס זעען ניט איין די געוואַלדיקע נפקא מינה צווישן יידן־פֿראַגע און יידישער פֿראַגע, ווילן אונדז מיט געוואַלט איינשמועסן אַז אין סאָוועטן לאַנד איז אַלץ פֿולשטענדיק און אַבסאָלוט פֿאַרענטפֿערט. וואָלט מען דאָס געזאָגט בלויז וועגן דער יידן־פֿראַגע וואָלט עס אפֿשר געווען ריכטיק, און מען וואָלט געקענט מוחל זיין דעם „פֿולשטענדיק״ און דעם „אַבסאָלוט״, אַ געוויינלעכע אינפֿאַנטילישע כאַראַקטעריסטיק פֿון אַלע פֿאַרוועניוס, די פּאָליטישע אַריינגערעכנט. אָבער ווען מיר האָבן אין זינען די יידישע פֿראַגע זיינען דאָרטן די פּערספּעקטיוון אַ סך טונקעלער ווי אין יעדן אַנדערן לאַנד.

יידיש איז געוואָרן ניט קיין וואַנט נאָר אַ טונעל וואָס פֿירט דירעקט אין די אָרעמס פֿון אַנטנאַציאָנאַליזאַציע. וואָס קען יידיש אויפֿטאָן צו באַרייכערן דאָס יידישע לעבן און אָנפֿילן מיט פֿאָלק־ענערגיע די קומענדיקע דורות ווען די שפּראַך ווערט געכפֿלט בלויז אויף נולן? ווען יעדע פֿאַרבינדונג מיטן וועלט־פֿאָלק איז אָפּגעשאָפֿט, ווען דאָס יידישע היסטאָרישע באַוואוסטזיין איז

טאַבו, ווען אַלע מאָנומענטן פון נאַציאָנאַל־היסטאָרישער אידענטיפיקאַציע — די יום־טובים — האָט מען סאַדיסטיש אויף שטויב צעשאָטן, ווען קיין אַלגעמיין יידישע אָרגאַנען צו רעגולירן דאָס יידישע לעבן זענען ניטאָ, ווען פון יידן האָט מען געמאַכט הוילע, נעבעכדיקע, צעשאָטענע יידיש־רעדנדיקע, קומט אויס אַז מיר פאַרבלייבן מיט עפּעס אַ מאַניאַקישער כאַראַקטעריסטיק וואָס צווינגט אונדז אַז די זאַך אויף וואָס מיר עסן זאָלן מיר דווקא רופן „טיש" און ניט „סטאָל".

אָבער ווען די קינדער וואַקסן אויס מיט דער דאָזיקער נולן־דערציאונג — און מעגן זיי די נולן אויסדריקן אויף דער „טיש"־שפּראַך — און זיי קומען אַריין אין גרעסערע און רייכערע „סטאָל"־קרייזן, פאַרוואָס זאָלן זיי זיך מאַניאַקיש אָנהאַלטן אינעם „טיש" און ניט וועלן אָפּטרעטן פון אים? ווען אַן ענלעכער פּראָצעס קומט פאָר אין אַנדערע לענדער בלייבן נאָך אַלץ גרויסע צאָלן יידן אין דער לאַנד־שפּראַך. וואָסערע מיינונגען מיר זאָלן ניט האָבן וועגן דער יידישער פראַגע, וועט אָבער קיין שום בר דעת ניט אָפּלייקענען דעם אומגעהייערן יידיש־היסטאָרישן צושטייער פון די וואָס האָבן אין גאַנצן געלעבט, אָדער לעבן איצט, אויף דער לאַנד־שפּראַך. אין סאָוועטן פאַרבאַנד האָבן די יידישע קאָמוניסטן געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקענט צו שאַפן אַזאַ לאַגע אַז אויס שפּראַך — אויס ייד. ביי אַזאַ לאַגע קומט גאָר ניט פאָר קיין אַסימילאַציע אין דעם זינען ווי מיר זענען מיט דעם באַקאַנט. עס איז ניט דער אויסגעצויגענער פאַמעלעכדיקער פּראָצעס, וואָס וואַרפט ביסלעכווייז אַראָפּ די פאַרשיידענע משאות פון יידישן וואָגן. עס איז ניט געבליבן קיין סך אַראָפּצוּוואַרפן. „טיש" — און פאַרטיק, מ'שטיינס געזאָגט וואָסער עמאַציאָנעלן צובונד נאַקעטע ווערטער קענען אַרויסרופן. אין פּרט פון שנעלקייט, פון פּלוצלונגקייט, און איינמאָליקייט איז אַזאַ מין „אריבערגיין איבער דער גרענעץ" גיכער ענלעך צום אַמאָליקן שמד איידער צו דער מאָדערנער אַסימילאַציע.

מערקווערדיק וואָס די יידישע סאָוועטישע קאָמוניסטן, נאָך דעם ווי זיי ווייזן וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט געטאָן פאַר יידן — און דערמיט איז בלי ספק פאַראַן מיט וואָס זיך צו גרויסן — פאַרענדיקן זיי געוויינטלעך מיט אַזאַ נוסח: אמת, עס קומט ביי אונדז פאָר אַ גרויסע אַסימילאַציע, אָבער זי איז ניט קיין געצוואונגענע און מיר וועלן זיך דערויף ניט אָוועקזעצן וויינען. און ווען דאָס גייט צוזאַמען מיט: „מיר האָבן פולשטענדיק פאַרענטפערט די יידישע פּראָבלעם", דערמאָנט עס אונדז אָן אַ דאָקטער וואָס וואָלט געזאָגט: „איך האָב פולשטענדיק אויסגעהיילט דעם חולה. אמת, פאַרשיידענע אברים ווערן ביי אים אַלץ מער און מער פאַראַליזירט, אָבער דאָס קומט בלויז פון דער נאַטור". אינטערעסאַנט איז אָבער דער „מיר וועלן זיך דערויף ניט אָוועקזעצן וויינען". זיי וואָלטן זיכער ניט געווען גלייכגיל־

טיק ווען יידן וואָלטן געווען ערגעץ באַגרענעצט אין זייער רעכט. זיי אָרט שטאַרק די יידן־פראַגע. די יידישע פראַגע קען זיי ניט אָנגיין ווייל פון אַן אַסימילאַטאָרישן שטאַנדפּונקט איז דאָס לחלוטין קיין פראַגע ניט.

יאָ, נאַציאָנאַליזם, דאָס איז אויך זייער אַן אינטערעסאַנטער ענין. ווען מען וויל אויסדריקן די שטרעבונג צום פולן פאַנאַנדערפאַל פון יידישן פאָלק איז דערויף פאַראַן אַ וואָרט — אַסימילאַציע. ווי איז דער דין אַז איך וויל אויסדריקן דעם הפוכדיקן באַגריף, די שטרעבונג צום אויפהאַלט, צום קיום פון יידישן פאָלק? אפשר „נאַציאָנאַליזם"? אונדזערע „טיש"־אידעאָלאָגן זענען מוראדיק אומצופרידן. נאַציאָנאַליזם איז שאָוועניזם און — פע. מילא, צו וואָס זיך שפּאַרן איבער אַ וואָרט? זאָל זיין אַן אַנדער וואָרט. אָבער אַ וואָרט דאַרף מען דאָך האָבן אויף אויסצודריקן דעם באַגריף. איז עס ניט מאָדנע, זייער מאָדנע, וואָס זיי האָבן אונדז אַזאַ וואָרט ניט געגעבן? אין פלוג דאַרף מען זיך חידושן: זיי האַלטן דאָך אין איין געבן אָנצוהערעניש אַז זיי האָבן אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער יידישער פראַגע, היינט ווי אַזוי קענען זיי אויסקומען אָן אַ וואָרט וואָס דריקט אויס דעם דאָזיקן באַגריף? איז דער תירוץ: זיי קומען טאַקע ניט אויס, נאָר זיי גייען צו צו דער זאַך פון אַ באַהעלטעניש. זיי ווערן מאַראַנען. אָנשטאָט צו רעדן וועגן יידן און דעם קיום פון יידישן פאָלק, דירעקט, באַהאַלטן זיי זיך הינטער „יידיש" און „יידישער קולטור". עס פּאַסט זיך בעסער פאַר דער געשאַפענער אַסי־מילאַטאָרישער שטימונג, פאַרן סטימולירטן געמיט־צושטאַנד פון נאַציאָנאַ־לער נעגאַציע, צו רעדן מיט רמזים, מיט אבסטראַקציעס, קולטור־ווערטן, סתם אין דער וועלט אַריין, אָן שום פאָלקישן סוביעקט.

ווען עס זאָלן זיך ברייטער עפענען די אויגן ביי די וואָס טאָרן ניט זיין בלינד צו דער יידישער פראַגע, און וואָס קענען זיך באַפרייען פונעם גע־צוואונגענעם מאַראַנענטום, וואָלטן זיי גלייך געקענט דערזען דעם שונא אין די אינטימסטע ווינקלען וואו זיי ריכטן זיך אויף אים צום ווינציקסטן. איז מיין אויסגערעכנטע ליסט פון די אַסימילאַטאָרישע סימפּטאָמען אין דער יידיש־וועלטלעכער סביבה פאַרענדיקט? ניין, ניין. איך האָב בלויז אָנגערירט די אויבערשטע הויט, און זאָל זיין גענוג אויף דערווייל.

איז וואָס זשע דערפון געדרונגען? אַ סך זאַכן, אָבער גאָר אַ סך. וועלן מיר זיך איצט באַנוגענען מיט בלויז איין אַלגעמיינער פאָרמולע: כדי צו מעסטן די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן פון אַן אידעאָלאָגיע, אָדער אַ גרופּע, דאַרפן מיר זיך רעכענען ניט מיט איר בליק אויף דער יידן־פראַגע און אירע באַמיאונגען זי צו פאַרענטפערן, נאָר דער עיקר מיטן וועג אויף וועלכן זי גייט אין דער ריכטונג פון דער יידישער פראַגע. דער פּאָזיטיווער ענטפער אויף דער יידישער פראַגע פאָדערט קודם כל אַ בולטן, באַוואוסטזיניקן צו־גאַנג, און איז פאַרבונדן מיט די קעגנזייטיקע ווירקונגען פון אַ סך פאַקטאָרן.

די וואָס כאַפּן אַרויס איין־איינציקן פאַקטאָר — און מעג עס זיין אַזאַ וויכ־טיקער ווי שפּראַך — און פאַרוואַרפן אַלע איבעריקע, שטייען אַ האָר ניט ווייטער פון דער נאַציאָנאַלער נול פון דער פולשטענדיקער אַסימילאַציע — זיי יאָגן זיך אַ סך האַסטיקער צום דאָזיקן ענד־ציל — ווי די וואָס האָבן אַרויסגעכאַפּט אַן אַנדער איינציקן פאַקטאָר, רעליגיע, און געוואָלט אונדז מאַכן פאַר לאַנד־בירגער פון משהס גלויבן.

מיט דער יידישיסטישער אידעאָלאָגיע האָט פּאַסירט אַן אומגליק. ווי זאָגט יענער רייכער פאָטער ווען מען פרעגט אים וועגן דער באַשעפטיקונג פון זיין לאָ־יצלחדיקן זון: — מיין זון איז אַ כעמיקער; איך גיב אים גאָלד און ער מאַכט דערפון בלאָטע.

(1936)

# איינגעזאַמלט אין פאָלק

איך בין אַנומעלטן געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אָרטאָדאָקסישע יידן וואו איינער פון די רעדנער, אַ ייד אַ למדן, האָט רעפערירט אויף אַ גאַנץ פּראַקטישער טעמע, אָבער אינעם וואוילבאַקאַנטן, טראַדיציאָנעלן למדנישן נוסח. די אַרויסגעבראַכטע געדאַנקען האָבן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין נייקייט און נאָך ווייניקער מיט לאָגישער אַרגומענטאַציע. דער רעדנער האָט גלייך אָנגעהויבן מיט אַ געדיכטן שטראָם פּסוקים, מאמרי חז״ל, מדרשים, שאלות ותשובות; געמאַכט קל וחומרס, געצויגן גזירה שוהס צווישן ווייטע דינים, מימראס, און היינטיקע סיטואַציעס צו וועלכע יענע האָבן באמת געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע שייכות. פאַרן פּשוטן עולם איז געווען שווער איינצוזען די פאַרבינדונג צווישן די אַוועקגעשטעלטע הנחות און די פועל יוצא׳ס. דאָך האָב איך ממש געשלונגען די ווערטער מיט אַ הנאה וואָס האָט זיך ניט געקענט זעטיקן.

לכתחילה ווען דער שטראָם איז געוואָרן אַביסל צו געדיכט, און זיך צופיל גענומען רייסן צו אויבן־אויפיקער בליציקייט, בין איך, וואָס דער אמת איז, כמעט ווי מיד געוואָרן. די אומדאַנקבאַרע טיפּישע מענטשלעכע פּעאיקייט צו זאָגן „פע״ האָט זיך גענומען בונטעווען אין מיר. מיינע ליפּן זענען שוין גרייט געווען אַרויסצוטראָגן דעם האַרבן פּסק דין: „מגידות״. דאָס איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן אין מיר ווען דער רעדנער האָט גענומען באַגרינדן געוויסע זייער פּראַקטישע אויספירן אויפן סמך פון קונציק פאַרטייטשטע פּסוקים און שיינע אגדות. זיין רעזאָנירן האָט מוראדיק געזינ־דיקט קעגן די עלעמענטאַרסטע כללים פון לאָגישן סילאָגיזם. אָבער באַלד האָט עפּעס אין מיר ווי פאַרטויבט די צו שטרענגע לאָגישע פאָדערונגען. אין צענטער פון מיין באַוואוסטזיין האָבן זיך גענומען טראָגן ניט אַזוי דעם רעדנערס געדאַנקען ווי די שוימיקע כוואַליעס אויף וועלכע זיי האָבן זיך געוויגט און געהויבן. אָפּגעריסענע קלאַנגען, ווערטער, פראַזן, זענען געוואָרן סימנים פון אַ מין אוניווערסאַלן שטראָם, פון אַן אייביקן ווינט צווישן די זאַמדן פון צייט.

איך האָב געהערט און, דוכט זיך, שווייגנדיק איבערגעחזרט: אנשי כנסת הגדולה, סנהדרין, אביי ורבא, רמב״ם, רש״י, בעלי תוספות. און אָט טויכן אויף נעמען פון לענדער, פון שטעט: מצרים, בבל, ירושלים, אַלעקסאַנדריע, רוים, שפּאַניע, דייטשלאַנד, פּוילן. דאָס ערשטע איז ניט כראָנאָלאָגיע, דאָס צווייטע איז ניט געאָגראַפיע, ניט געשיכטע, עס איז אַ צייט, אַן עכט יידישע, אָבער דאָך אַ צייט וואָס פליסט אָן אַן אויפהער, האָט דוכט זיך גאָר קיין אָנהייב ניט, ענדיקט זיך ניט.

מען האָט מיך אַמאָל געבעטן צו דעפינירן דעם באַגריף „ייד" אָדער „יידיש פאָלק". איך האָב אויפגעהויבן מיינע הענט אין פאַרצווייפלונג. אָבער אָט האָב איך עס דערפילט, מיט אַלע מיינע רמ"ח אברים דערפילט. אין שטראָם פון „יידישער צייט" האָב איך דערשפירט ווי אַל דאָס פריוואַטע אין מיר לייזט זיך אויף. איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם אומפאַרגלייכלעכן אויס־דרוק פון חומש פאַרן טויט פון אַ גרויסער פערזענלעכקייט: „ער איז איינ־געזאַמלט געוואָרן צו זיין פאָלק". אין חומש איז דאָס אָן אָפּשאַצונג פון יענעמס לעבן. מיר קענען אָבער דאָס אויך זאָגן וועגן זיך אַליין אין אַ מאָמענט ווען דאָס ריין יחידישע צעשווימט אינעם שטראָם וואָס איז איבער־פערזענלעך און יידיש — מיר ווערן „איינגעזאַמלט אין פאָלק". די דעפיניציע פון „ייד" שטאַמלט ווען זי וויל ווערן לויטערער געדאַנק, זי פאַרכאַפּט מיט איר קלאָר־קייט ווען זי ווערט אָן אינערלעכע איבערלעבעניש.

איך מוז מודה זיין אַז טיילמאָל פאַרהאַקט זיך מיין געדאַנק ביים וואָרט „פאָלק" ווען עס ווערט אָנגעווענדט אויף יידן. פאַר אַזאַ סאָציאַלן אַגרעגאַט ווי מיר זענען, וואָס טראָגט זיך אויף די כוואַליעס פון אַ כאַראַקטעריסטישן צייט־שטראָם, איז אפשר ניט פּאַסיק אַ וואָרט וואָס איז קאָנקרעט און וואָס ווישט אָפּ אונדזער אַנדערשקייט צווישן די פעלקער פון דער וועלט. איך ווייס ניט וואָס דער אַלטער העברעער האָט פאַרשטאַנען ווען ער האָט באַנוצט דאָס וואָרט „עם". איך קען זיך אָבער פאָרשטעלן אַז ער האָט ניט געטראַכט אין טערמינען פון היינטיקן באַגריף „פאָלק". אין יענער צייט זענען „עמים" געווען אַזוי גייסטיק זעלבסטשטענדיק און אַזוי קולטורעל אייגנאַרטיק, אַז די היינטיקע פעלקער, און נאָך מער די קריסטלעכע פעלקער — וואָס זיי אַלע האָט אַזוי שטאַרק אויסגעגלייכט אי די קריסטלעכע רעליגיע אין די מערב־דיקע ציוויליזאַציע — זענען גאָר אַנדערע סאָציאַלע איינסן. דער ענגלישער היסטאָריקער, י. מ. ראָבערטסאָן, אין זיין בוך „די אַנטוויקלונג פון שטאַטן", דערקלערט גאָר פּשוט אַז די נשמה פון אַ פאָלק, דאָס איז זיין שפּראַך. אַלע איבעריקע גייסטיקע מאַטעריעס וואָס מען פאַרשרייבט אויפן חשבון פון נאַציאָנאַלן מהות זענען בלויז „מעטאַפיזישער חלום" און „אַבערגלויבן". מעגלעך אַז ער אַליין וואָלט אויך געוואָרן אַביסל מער „מעטאַפיזיש" און „אַבערגלויביש", ווען אָנשטאָט שאָטלענדער און וועלשן וואָלט ער געהאַט פאַר זיך דאָס לעבן פון אמורי אָדער מואב, שוין אָפּגערעדט פון יידן.

אין תנ"ך האָבן יידן אויסגעקליבן פאַרשיידענע נעמען צו באַצייכענען זיך אַליין. זיי ווערן גערופן „ישראל", „יעקב", „ישורון". זענען דער איינ־צאָליקער סובסטאַנטיוו און די אַנדערע באַצייכענונגען געווען בלויז פּאָעטישע סינאָנימען? אפשר דריקט זיך גאָר אויס אין דעם אַ סאָציאָלאָגישע באַדער־פעניש צו באַנוצן אַ באַזונדערן טערמין פאַר אַן אייגנאַרטיקן סאָציאַל־קולטור־רעלן אינהאַלט? איך ווייס ניט. אָבער אויב אפילו בלויז פּאָעטישער סינאָנים

איז דאָך וויכטיק וואָס דווקא דער סינאָנים איז פאַרבליבן אין דער טראַדיציע צו באַצייכענען אונדזער פאָלק. וואָרעם דער טערמין „דאָס יידישע פאָלק" איז דאָך פאַרשפּרייט געוואָרן גאָר אין דער לעצטער צייט, ערשט מיטן אויפקום פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. פריער האָבן מיר געוואוסט בלויז פון אַ „כלל ישראל", די יידישע ישובים זענען געווען „תפוצות ישראל", און יעדער קאָנטעקסט וואָס באַנוצט זיך מיטן פאָלקסטימלעכן „ישראליק" דריקט אויס ספּעציפישע כאַראַקטער־שטריכן פאַר וועלכע אפילו „ייד" איז צו אַלגעמיין און בלאַס. נאָך אין חומש האָט אַ דיכטער זיך פאַרגונען צו זינגען:

„זע, אַ פאָלק וואָס רוט באַזונדער,
און רעכנט זיך ניט צווישן די אומות".

אונדזער שפּעטערדיקע געשיכטע האָט זיכער ניט ווייניקער רעכט, אפשר נאָך מער, אויף אַזאַ כאַראַקטעריסטיק.

איך האָב זיך אָפט געחידושט פאַרוואָס די פראַזע „יידישע קולטור" איז ביים וועלטלעכן עולם לעצטנס געוואָרן אַזוי אומברחמנותדיק פּאָפּולער. דאָס האָט זיך מיר באַזונדערס געוואָרפן אין די אויגן ווען איך האָב אַנומלטן באַקומען אַ פאַרבעטונג זיך צו באַטייליקן אין אַ יידישער קולטור־אונטער־נעמונג, ד"ה, אַ פאָרטראַג וועגן עפּעס אַן ענין, און מען האָט מיר פאַרזיכערט אַז איך וועל פאַרברענגען „אַ קולטורעלן נאָכמיטאָג". פאַרשטייט זיך, פונקט ווי אַלע אויסדרוקן וואָס גייען אַריין אין דער מאָדע, וואָס מען וויל מיט זיי באַצירן אי דעם אייבערשטן הימל, אין דעם טאָג־טעגלעכן מאַרק, איז אויך די דאָזיקע פראַזע געוואָרן זייער אַ פּיפּיקע בריאה וואָס פונעם גראַנדיעזן ביז צום לעכערלעכן איז ביי איר בלויז איין שפּרונג. דאָך דאַכט זיך מיר אַז איר פּאָפּולערקייט דערקלערט זיך אויך דערמיט וואָס זי איז געווען ממש אַ פּסיכישע נויט. אינהאַלטלעכע יידישקייט האָט ביים דאָזיקן עולם פשוט ניט געהאַט קיין שפּראַכלעכן סימבאָל זיך אויסצודריקן. דער עיקר האָט געפעלט עפּעס אַ וואָרט וואָס זאָל איינזאַפּן אין זיך אַ גייסטיקן אינהאַלט פון אַזאַ מין וואָס איז שוין במילא אין זיך כולל דעם באַוועגלעכן צייט־פּלי פון אינערלעכע פאָלקישע איבערלעבענישן. צי „קולטור" איז דאָס בעסטע וואָס מען וואָלט געקענט געפינען פאַר דעם איז ניט וויכטיק. אָבער מען האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם ווייל עפּעס בעסערס, אָדער עפּעס אַנדערש, איז ניט געווען, און דאָס אינערלעכע לעבן האָט געמאָנט.

צייט איז בשום אופן ניט די איינציקע פונדאַמענטאַלע קאַטעגאָריע וואָס גייט אַריין אין עצם באַגריף פאָלק. דער סאָציאָלאָג געאָרג זימעל האָט אָנגעוויזן נאָך אין אָנהויב פון יאָרהונדערט אַז די אייגנשאַפטן פון אַ גרופּע ווערט אויך באַשטימט פון דער צאָל מיטגלידער פון וועלכער זי באַשטייט. מיר ווייסן אַז אינטימקייט, למשל, קען הערשן בלויז צווישן אַ קליינער צאָל

מענטשן. דאָס געפיל פון עפנטלעכער אחריות לעבט אויף ווען די צאָל איז גרויס. אַ חברה קען האָבן הונדערטער מיטגלידער, אָבער פאַר אַ קלוב איז געזינטער ווען די צאָל איז קלענער. די עטלעכע הונדערט, אָדער צענדליק, שומרונים אין ארץ־ישראל וואָלטן אפשר געווען אַ פאָלק ווען זיי זענען כאָטש אַ פאָר טויזנט מאָל גרעסער אין צאָל. עפּעס ענלעכס צו דעם וואָלט מען געקענט זאָגן וועגן די קאַראַאימער. איצט זענען זיי ביידע רעליגיעזע סעקטעס. ווי גרויס אין צאָל דאַרף זיין אַ גרופּע כדי זי זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ פאָלק? דאָס איז אָפּהענגיק פון אַ סך פאַקטאָרן. די איבער הונדערט טויזנט איסלענדער וועלן אפשר מיט דער צייט אַנטאָן אויף זיך אַ מער אייגנאַרטיק פאָלקיש פּנים. זייער אינדזלדיקע אָפּגעזונדערטקייט האָט אַ טענדענץ דאָס אויפצוטאָן. אָבער די עטלעכע הונדערט טויזנט שווייצאַריער מיט זייערע אייגענע שפּראַכן, אָדער דיאַלעקטן, ראָמאַנש און לאַדין, וועלן שוין מסתמא קיינמאָל דאָס ניט ווערן. פאַראַן צופיל פאַקטאָרן אין זייער געשיכטע וואָס וועלן צו דעם ניט דערלאָזן.

אויך רוים, אָדער שטח, שפּילט מסתמא אַ געוויסע ראָלע. ד״ה, דער גרעסערער אָדער קלענערער שטח פון דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע. דער דאָזיקער פאַקטאָר איז אָבער אַזוי ענג פאַרבונדן מיט פּאָליטישע געשעענישן — מלחמות, כאַראַקטער פון שכנישע פעלקער, אאַז״וו — אַז ס׳איז שווער אויסצוטיילן דעם דאָזיקן פאַקטאָר אפילו אין געדאַנק און פאַרשטיין געגוי ביי וואָסערע תנאים און אויף וואָסערע אופנים עס ווייזן זיך אַרויס מעלות און חסרונות אין דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אַ פאָלק. מיר דאַכט זיך אָבער אַז די קולטור־געשיכטע פון פעלקער באַווייזט ניט אַז דער דאָזיקער פאַקטאָר זאָל זיין גרויס אָדער וויכטיק.

אַנדערש איז מיט צייט. דער צייטלעכער אויסשפּרייט פון אַ פאָלקס עקזיסטענץ זאַמלט אָן כוחות אַליין צו ווערן ניט בלויז אַ פּאַסיווער פאַקט נאָר אויך אַן אַקטיווע טרייב־קראַפט. מען וועט מסתמא טענהן אַז צייט אַליין איז וויניק. וואָסער באַטרעף האָט סתם צייט? עס ווענדט זיך מיט וואָס די צייט איז אָנגעפילט. אוודאי, אָבער איך האָב טאַקע דאָ ניט אין זינען קיין ליידיקע אָדער אויסגעליידיקטע צייט. אַזאַ מין צייט איז אַן ענין פאַר פילאָסאָפיע, אָדער פאַר טעאָרעטישער פיזיק, און אפילו דאָרט מעג מען אויך האַלטן מיט לייבניצן וואָס זעט ניט קיין מעגלעכקייט אָפּצוטיילן צייט פון געשעענישן וואָס קומען פאָר אין איר, און ניט מיט ניוטאָנען וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן באַגריף פון אַן אַבסאָלוטער צייט.

מעגלעך אויך אַז אין אומפאַרמיטלטע איבערלעבענישן קען אַ מענטש דערשפּירן עפּעס אַזוינס וואָס בערגסאָן רופט אָן „ריינער דויער״. בכל אופן, ניט דאָס האָב איך אין זינען ווען איך רעד וועגן דעם צייטלעכן אַספּעקט אין דער געשיכטע פון פעלקער בכלל און פון יידן בפרט. דער עיקר האָב

איך דאַ אין זינען דאָס וואָס מיר, יידן, געהערן צו אַזאַ אויסגעפּורעמטן סאָציאַלן קיבוץ אַז כדי איינצוזאַפּן אין אונדזער באַוואוסטזיין דעם שווינד־לענדיקן מהלך פון אונדזער פאָלקישער עקזיסטענץ דאַרפן מיר פאַרשאַרפן ביז דער דינסטער שפּיציקייט אונדזער חוש פאַר אַ גראַנדיעזער צייט־פּער־ספּעקטיוו. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ, ווייט ניט אַלץ. וואָרעם פּונקט ווי די צאָל מיטגלידער פון אַ קיבוץ באַפּאַרבט מיט אַ באַשטימטער פּסיכישער קאָליר זיין אינהאַלטלעך לעבן אַזוי איז אויך צייט־פאַרנעם ניט בלויז אַ קוואַנטיטאַטיווער סכום, נאָר זיין עצם דויער באַהויכט זיך מיט אייגנשאַפטן, קוואַליטעטן און זיי גיסן זיך צונויף מיטן כאַראַקטער פון די טראַפּנס, די געשעענישן, וואָס פילן אָן זיין שטראָם. אַזוי ווערט געבוירן דער באַגריף פון „יידישער צייט", אַ צונויפגאָס פון ווייט פליסנדיקע כוואַליעס מיט כאַ־ראַקטעריסטישע פאַרבן וואָס זיי שפּיגלען פון זיך אַרויס אין זייער גאַנג.

וואָרעם וואָס מער געשעענישן עס פּאַקן זיך אַריין אין אַ צייט־אָפּשניט אַלץ מער אויסגעצויגן ווערט די צייט, און אַלץ מער שרומפּן זיך איין די געשעענישן גופא. אָבער וואָס מער צייט עס גיסט זיך אַריין אין אַ געשעעניש אַלץ מער צייטלאָז דערשיינט זי, אַלץ מער ווירקט זי מיט די מיסטישע כוחות פון אייביקייט. ווען עמיצער פון אונדז שטרייכט אונטער אַז מיר זענען אַן אַלט פאָלק, און לייגט שטאַרק דעם טראָפּ אויפן „אַלט", מעגן מיר זיך ריכטן, אַז ער וועט פאַרענדיקן זיין געדאַנק מיט „נצח ישראל". דער „אַלט" הערט אויף צו זיין אַ צייט־באַגריף, עס ווערט אַ קוואַליטעט פון אַ לעבן וואָס מיר דערפילן בלויז דעמאָלט ווען דער ריין פּערזענלעכער אָטעם שטעלט זיך אָפּ, ווען מיר ווערן „איינגעזאַמלט אין פאָלק". מיר דערפילן דעמאָלט דעם באַזונדערן טעם פון „יידישער צייט"

קאַרל מאַנהיים באַמערקט פאַרבייגייענדיק אַז צייט האָט אַ ווערט־באַ־שאַפנדיקע פונקציע. דאָס איז אַ טיפער אמת. מיר פילן דאָס אַזוי זיכער אין פּערזענלעכן לעבן. דאָס וואָס איז ניט לאַנג צוריק פאַרגאַנגען, וואָס עס געדענקט זיך קלאָר, איז דער פאַסיקסטער שטאָף פאַר אונדזערע געדאַנקען. אָבער דאָס וואָס עס געדענקט זיך קוים, ווייל עס איז צו ווייט אָפּגערוקט אין צייט, איז אַ לעבעדיקער קוואַל וואָס האַלט זיך אין איין באַנייען, און קיין שום דענקען אין דער וועלט איז אים ניט בכוח אויסצושעפּן. עס איז אַ קוואַל וואָס יעדער טראָפּן זיינער שפּריצט מיט אייביקע ווערטן, מיט טיף־געפילטע אמתן וואָס טראָגן אין זיך זייער זיכערקייט אָן שום ראיות. דאָס איז אַזוי אין פּריוואַטן לעבן, על אחת כמה וכמה אין לעבן פון אַ היסטאָרישן קיבוץ וואָס אין אים לעבט זיך אויס יעדער איינצלנער בלויז אויף אַזוי פיל אויף וויפיל ער קען פאַרשטעלן פון זיך די כראָנאָלאָגישע פאַקטן און אויפכאַפּן בלויז זייער ריטם, זייער שוואונג, זייער כסדרדיקן רויש אינעם שטראָם פון צייט.

דער געדאַנק אַז „ישראל אף על פּי שחטא ישראל הוא״ מעג זיין זייער ליבעראַל און איינשליסן אפילו שמד. עס וואָלט אָבער פּסיכיש אוממעגלעך געווען ווען ער זאָל אויך אַריינגעמען יענעם וואָס זאָגט „פאַרשימלטע פאַר־גאַנגענהייט״, און מיינט באמת וואָס ער זאָגט. וואָרעם דער וואָס זאָגט דאָס ניט ווי אַ רעטאָרישע פאָרמולע פון אַ מאָמענטאַלער אָפּאָזיציע, נאָר ווי אַ פּינקט־לעכן אויסדרוק פון אַן עכטער איבערלעכער איבערלעבעניש, האָט פאַר זיך איבערגעריסן דעם פאָדעם פון יידישער צייט און ער קען ניט האָבן קיין חלק און קיין נחלה אינעם כלל ישראל: ווייל זיי זענען פּשוט מער ניטאָ, ער האָט זיי בידים פאַרברענט. פאַר אים איז דאָס, אגב, שוין ניט וויכטיק. זיין סאָציאַלער „איך״ לעבט שוין מסתמא אינעם צייט־ריטם און אין די צייט־גרענעצן פון אַן אַנדער קיבוץ.

מיר דאַכט זיך, אַז עס איז ניטאָ קיין איין געדאַנק צווישן די אַלע רעזאָ־נירנדיקע אַרגומענטאַציעס ביי ר׳ סעדיה גאון אָדער ר׳ יהודה הלוי וואָס זאָל זיין אַזוי דורך און דורכיק יידיש ווי זייער איינשטעלן זיך פאַר דער מסורה ווי אַ באַרעכטיקטער אָנשפּאַר אין דער אַנטוויקלונג פון לעבנס־נאָרמען ביי יידן. לאָגיש איז דאָס זיכער דער שוואַכסטער פּונקט אין די פילאָסאָפישע געביידעס פון די דאָזיקעביידע גרויסע יידן. אָבער קיין שום פּרעציזע לאָגיק, אפילו פון די שאַרפסטע מוחות, קען ניט אויפרודערן דאָס עכט יידישע אין אונדז מיט אַזאַ קראַפט ווי אָט דער געדאַנק. זיי האָבן זיך אייגנטלעך איינגעשטעלט פאַר דער רעאַלער עקזיסטענץ פון אַ יידישער צייט ניט בלויז ווי אַן אָביעקטיווער פילם וואָס יידן זענען אירע פּאַסיווע צוקוקער, נאָר ווי אַן אַקטיווער טאָן־געבער וואָס טרייבט צו יידישע מעשים.

מיט יאָרן צוריק האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט עמעצן ציטירן נאַפּאָלעאָנס רוף צו זיין אַרמיי בעת דער עגיפּטישער קאַמפּאַניע: „פערציק יאָרהונדערטער קוקן צו אייך אַראָפּ פון די דאָזיקע פּיראַמידן״. איך געדענק שוין ניט ווער דער ציטירער איז געווען. אָבער עפּעס אַנדערש איז יאָ גע־בליבן אין מיין זכרון: גרויסע פאַרחידושטע אויגן, אַ קול ווי עפּעס פון אַ מיסטישער ווייטקייט, און אַן אָפּגעהאַקטע שטילקייט מיט אַ געבליבענעם עכאָ פון וועלטן וואָס לעבן אין ניט־דאָאיקע מקומות. פערציק יאָרהונדערטער, דאָס רייסט זיך אַריין אין דער נשמה מיט אַן אומגעהייערער קראַפט. נאַפּאָ־לעאָנס זאַץ איז אויך רעטאָריש טרעפלעך. וואָרעם „פיר טויזנט יאָר״ וואָלט ניט געטויגט. עס וואָלט געווען אַ צאָל ענלעכע טראָפּנס אויף אַ גלייכער ליניע. דאָס איז מאַטעמאַטישע צייט, הוילער סכום, אָן קוואַליטאַטיווע ווערטן. ווען מען זאָגט „פערציק הונדערט יאָר״ איז דאָס אַביסל בעסער, אָבער ניט בלויז צוליב דעם וואָס די ליניע איז לענגער. און דאָס, ווייזט אויס, גיט זיך שוין אויך איבער מיט אַ באַפאַרבונג פון מענטשלעכע ווערטן. וואָרעם „יאָרהונדערטער״ איז ווי אויפגעלאָפענע שטיקער אָנגעבערגלט מיט צייט.

די ליניע איז שוין ניט קיין גלייכע, עס איז אַ פאַרשיידן־פאָרמיקער זיגזאַג מיט שפיצן און טאָלן. אין אַזאַ צייט טראָגט יעדער אָפּשניט זיין ווערט, זיין קוואַליטעט. אָבער ווען אַ מענטש קען שטיין פּנים אל פּנים מיט פערציק יאָרהונדערטער וואָס זענען זיינע אייגענע, וואָס דער קיבוץ צו וועלכן ער געהערט האָט אַריינגעגאָסן און פאַרפערזענלעכט אין אים — ניט צו דער־גרונטעווען די טיפעניש צו וועלכער דאָס קען דערגרייכן.

אַזוי ווערט מיר לייכטער צו פאַרשטיין דעם רייך פונעם רעדנער, דעם למדן, מיט וועלכן איך האָב אָנגעפאַנגען. ער האָט געעפנט אַלע דאַמבעס וואָס טעגלעך לעבן שטעלט אויף אין אונדז, אַרום אונדז, און לויטערע יידישע צייט האָט גענומען זיך טראָגן, פליסן און פאַרפלייצן אַלע ברעגן, אַלע גרע־נעצן: אנשי כנסת הגדולה, סנהדרין, אביי ורבא, רמב״ם, רד״ק, רש״י, בעלי תוספות, אַ געדרייטער זיגזאַגישער שטראָם וואָס בלויז זיינע שפיצן כאַפּ איך אויף און אָטעם איין. איך זע ממש בחוש ווי יידישע צייט מאַרשירט מיט פון אָן אַן אָנהויב ביז אָן אַ סוף. ניט אַלעמאָל איז שווער מקנא צו זיין אַ ייד. אַמאָל פילט זיך אַז גאָט און לייט וואָלטן אונדז געמעגט מקנא זיין. מיר דערפילן דאָס דעמאָלט ווען דאָס ריין פּריוואַטע אין אונדז שטילט זיך איין אַ ווײַלע און הערט אויף צו מאָנען זיין שטענדיקן טעגלעכן צינז; ווען מיר לייזן זיך אויף אין שטראָם פון יידישער צייט און ווערן „איינגעזאַמלט אין פאָלק״.

(1944)

# קיום האומה

## גענעראַלן אַן זעלנער

וואָס אָפטער ס׳קומען אָן די שוואַרצע בשורות פון אונדזער איראָפּעאישן עמק הבכא, אַלץ מער זאַמלט זיך דער צער אויף פון אָן אַנדער, פון אַן אומדירעקטער זייט. וואָרעם נאָך איידער מען האָט געקאָנט דערזען געגוג בולטע סימנים פון דער קאַטאַסטראָפע וואָס גרייט זיך אויף אונדז פון דרויסן, האָט מען שוין געקאָנט דערפילן דעם מוראָדיקן קריזיס וואָס צעשטערט אונדזער פאַלקיש לעבן פון אינעווייניק. די טראַגישע אינערלעכע צעפאַלונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים דייטשישן יידנטום אין ביינצטן יאָרהונדערט, האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט, אין מזרח־איראָפּע, מיט אַלע סימנים פון אַ גייסטיקן חורבן, ביים סוף פון די צוואַנציקער און אין די דרייסיקער יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. אין מזרח איז נאָך צוגעקומען די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע וואו אייגענע ברידער האָבן מיט אַזאַ גרויליקער גרינטלעכקייט געהאָלפן אויסראָטן מיטן וואָרצל די ירושה פון דורות.

אין פּוילן האָבן טאַקע די פירנדיקע כוחות פון די פאַרשיידענע יידישע גרופּירונגען — נאָך אַלע טעראָר־אַקטן פון דער אַנטיסעמיטישער רעגירונג — דאָך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו בויען יידיש לעבן, יעדע לויט איר אייגענעם דרך. אָבער אין לעצטן סך הכל האָט זיך באַקומען זייער אַ טרויעריק בילד. אין אַ בוך וואָס ד״ר חיים אורמיאַן האָט פאַרעפנטלעכט אין תל־אָביב („המחשבה החנוכית של יהדות פולניה״), וואו עס ווערט איבערגעגעבן אַ באַריכט פון אַלע באַמיאונגען אויפן פעלד פון יידישן חינוך ביז 1936, ווערט דערציילט אַז אַלע יידישע שולן אין פּוילן, פון „אגודת ישראל״־שולן ביז ציש״אָ, פאַרמאָגן וויניקער פון אַ פינפטל (19 פּראָצענט) פון די יידישע תלמידים אין יענעם אומגליקלעכן לאַנד, און „דער איבערוועגנדיקער רוב ווערט דערצויגן אין אַ סביבה וואָס איז אינגאַנצן אַ פרעמדע, רעליגיעז, נאַציאָנאַל און שפּראַכלעך״ (זייט 177). פון די גרויסע מניעות וואָס דער מחבר האָט געהאַט ביים צונויפקלייבן די פאַקטן און די ציפערן קאָן מען אַפילו ניט זיין זיכער אין דער פּינקטלעכקייט פון די 19 פּראָצענט. אַחוץ דעם איז דער דאָזיקער ציפער אַליין ניט ביכולת צו דערציילן אַ סך וויכטיקע פּרטים פון דער לאַגע. אָבער ווי ווייט מען זאָל זיך מיט דעם אַלעם ניט רעכענען קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ טיפן אינערלעכן קריזיס וואָס האָט געדאַרפט אָנוואַרפן אַן אימה.

די לאַגע אין אַמעריקע איז אונדז צו גוט באַקאַנט מען זאָל דאַרפן

וועגן דעם מאריך זיין, כאָטש אויך דאָ, באַזונדערס דאָ, האָבן מיר די גרויסע טרייסט וואָס די אַקטיווע און באַוואוסטזיניקע צווישן אונדז האָבן אַ מעגלעכקייט צו בויען ברייט־פאַרצווייגטע ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס צו פאַרגיטיקן כאָטש טיילווייז דעם שאָדן פון די צעשטערנדיקע טענדענצן פונעם גייסטיקן קלימאַט. אָבער די טענדענצן גופא האָבן זיך געלאָזט פילן אומעטום. דער קריזיס איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, און דאָך האָט, ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק, אַ מאָדנע גלייכגילטיקייט אונדז אַזוי פאַרפאַנצערט אַז מיר האָבן פשוט ניט געוואָלט זען וואָס אַרום אונדז קומט פאָר. נעמט די גאַנצע ייִדישע פובליציסטישע און עסייאיסטישע ליטעראַטור פון אַרום פופצן יאָר צוריק, און איר וועט זעלטן, זעלטן געפינען דאָרט דעם מינדסטן אָפּרוף, שוין אָפּגערעדט פון אַ וויי־געשריי, אויף די אינערלעכע סכנות וואָס מיר לעבן איבער. די געפאַרן האָבן ממש געשטאַרט אין די אויגן אַריין און ס׳האָט געהערשט עפּעס אַן איינגעשפּאַרטע אומוויליקייט זיך אומצוקוקן.

אמת, עס זענען געווען יחידים וואָס האָבן פון צייט־צו־צייט געלאָזט הערן זייער קול, אָבער עס איז געווען אַ קול קורא במדבר. די אַטמאָספערע איז געווען אַזאַ, אַז עס האָט זיך געפאָדערט שיר ניט אַ העלדישע געוואַגטקייט צו שטערן די פאַרדעכטיקע רו פון אונדזער עולם, וואָס האָט ווייניק געזען און נאָך ווייניקער געוואָלט זען. טאָמער האָט עמעצער אויפגעהויבן זיין קול, האָט ער זיך געפילט אַזוי יוצא־דופנדיק אין אונדזער אומבאַזאָרגטער סביבה, אַז ער האָט זיין געשריי געמוזט איינוויקלען אין פיינער, זיידענער וואַטע, כדי עס זאָל פאַלן לייכט און ווייך, און אפשר דערמיט באַוועגן עמעצן צו באַמערקן די ריכטונג פון די בלאָזנדיקע ווינטן.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך די לאַגע היפּשלעך געביטן. די צאָל שטימען זענען געוואָרן מער און העכער און דרייסטער. די אַזוי־גערופענע גאָט־זוכער, און רעליגיע־זוכער, און פאָלק־זוכער, האָבן זיך דערשטופּט ממש צום פראָנט פון דער פּלאַטפאָרמע. אונדזער אינערלעכער קריזיס איז געוואָרן אַ פּראָבלעם וואָס מען מעג שוין פראַנק און פריי באַהאַנדלען אין דער עפנטלעכקייט. מען מעג שוין רעדן רייד, אויסדריקן געדאַנקען און רופן צו מעשים, וואָס מיט אַ קורצער צייט צוריק וואָלט יעדער ראַדיקאַלער „רב הכולל״ דאָס באַטראַכט פאַר אַ חוצפּהדיקער חילול ה׳וועלטלעכקייט. און דאָך איז דאָ פאַראַן איין מאָמענט וואָס מאַכט נאָך טיפער און פיינלעכער דעם צער.

שרייבער, דענקער, וואָרט־פירער האָבן אַ סך געשריבן און גערעדט וועגן דעם ענין. עס האָט זיך פאָרמירט אַ צד וואָס האָט באַוויזן באותות ומופתים, אַז דאָס הפקרדיקע אָפּרייסן זיך פון די ווערטן און סימבאָלן פון דער ייִדישער טראַדיציע איז איינע פון די וויכטיקסטע סימנים פונעם איצטיקן אינערלעכן קריזיס. ווי עס איז דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן האָבן די פאַרטרעטער פון אָט דעם צד ווייט ניט מסכים געווען צווישן זיך אי בנוגע

טעאָרעטישע אויסטייטשונגען, אי בנוגע פּראַקטישע פּרטים. אָבער וואָס איז שייך דעם עיקר — אַן אומקער צו דער יידישער טראַדיציע — אין דעם האָבן אַלע איינגעשטימט, און עס זענען געמאַכט געוואָרן אַ צאָל פּראַקטישע פּאָר־שלאָגן וואָס מען דאַרף קאָנקרעט טאָן. אָבער אַזוי לאַנג ווי די רייד זענען געווען הוילע רייד האָבן זיך געפונען הונדערטער, אפשר טויזנטער, פונעם ברייטערן עולם וואָס האָבן אין דעם דערזען אַ ריכטיקן צוגאַנג. נאָר גלייך ווי די רייד האָבן זיך געדאַרפט פאַרוואַנדלען אין מעשים, איז ניט געווען קיין איין געגעראַל וואָס זאָל קאָנען צושטעלן כאָטש עטלעכע מנינים זעלנער דורכצופירן די אויפגאַבע. אַזוי זענען מיר געבליבן אַקוראַט ביים פונקט וואו מען האָט אָנגעהויבן.

אויך דאָס איז אַ גענוג בולטער סימן פונעם אינערלעכן קריזיס וואָס מיר לעבן איבער, עפּעס ווי מיר וואָלטן פאַרלוירן די שליסלען צו אַן אַלטער, היימישער וועלט, און מיר קאָנען אירע טירן ניט עפענען. זענען מסתמא פאַראַן אַ סך סיבות צו דערקלערן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. אָבער אפשר איז אויך שולדיק אין דעם דאָס וואָס די מאמינים אינעם כוח פון דער יידישער טראַדיציע האָבן זיך ניט גענוג באַמיט קלאָר צו מאַכן מיט וואָסערע ספּעציפישע מאָטיוון מיר דאַרפן אָפּערירן אין איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט פון אונדזער פאָלק, און אין וואָס עס באַשטייט דער זינען און דער כאַראַקטער פון די מאָטיוון פאַר וועלכע מיר שטעלן זיך איין.

## די רעליגיעזע פאַרלעגנהייט

די אַלטע גריכן האָבן געשאַפן אומגעהייערע אוניווערסאַלע ווערטן פאַר וועלכע דאָס אייביק־מענטשלעכע אין אונדז וועט זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן דאַנקבאַר צו זיין. אָבער וואָס העכער און אוניווערסאַלער די ווערטן זענען געווען, אַלץ מער זענען זיי געוואָרן לאָקאַל־נאַציאָנאַל, אַלץ מער האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר יחסנים, און אַלע אַנדערע פעלקער פאַר באַרבאַרן. יעדער בר־דעת קאָן לייכט איינזען, אַז עס איז ניטאָ קיין לאָגישע סתירה צווישן די צוויי: אַז דער שכל איז מחייב עס זאָל אַזוי זיין. דער באַרימטער וויץ פונעם עניוותדיקן רב וואָס האָט ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען מען זאָל באַמערקן זיין עניוות, אָט דער וויץ איז באמת אַ גאַנץ געוויינטלעכע, פּשוטע זאַך. עס איז ניטאָ קיין שום סתירה צווישן טאָן אַ גוטע זאַך און וועלן מען זאָל עס ווי געהעריק אָפּשאַצן, אַפילו ווען די דאָזיקע גוטע זאַך איז עניוות. בכלל, דאָרט וואו מיר האָבן צוויי באַזונדערע זאַכן קאָנען זיי זיין פאַרבונדן אַזוי אַז דער לויף פון איינער פון זיי אין איין ריכטונג זאָל ווירקן אַז די צווייטע זאָל לויפן אין דער פונקט פאַרקערטער ריכטונג. דאָס קומט אייגנטלעך פאָר אין אַ מאַשין מיט צוויי געציינדלטע רעדלעך וואָס שטעקן איינס איבעם

אַנדערן. עס איז מערקווירדיק, אַז די אָנגעזעענסטע צוויי פעלקער פון אַלטערטום, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיטן קלאָרסטן און בולטסטן נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיין, גראָד אָט די צוויי — גריכן און יידן — האָבן געשאַפן די העכסטע אוניווערסאַלע ווערטן, דאָס אייביקע פאַרמעגן פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט. נאָך מער, בעת מיר קאָמפּלימענטירן די אַלטע גריכן אויפן סמך פון זייערע אַלגעמיין־מענטשלעכע ווערטן, קאָמפּלימענטירן מיר אויך — וואָס מיר באַמערקן גאָרניט — די לאָקאַלע גרענעצן אין וועלכע גריכישע מענטשן האָבן געמאַכט פון זיך אַ פאָלק. וואָרעם עס איז טאָקע מעגלעך אַז ווען ניט די גריכן וואָלטן אַנדערע אונדז געגעבן זייער קונסט און זייער פילאָסאָפיע. אָבער זיכער איז אַז ווען עס וואָלט קיין גריכיש פאָלק ניט געווען — מיט אַ נאַציאָנאַל־געשאַפענער אַטמאָספער וואָס קאָן אַרויסרופן אַזעלכע אויפטוען — וואָלטן מיר זיי אַזאַ ירושה ניט געהאַט צו פאַרדאַנקען.

ביי יידן גייט דאָס אַביסל ווייטער. די זעלביקע כוחות וואָס האָבן געשאַפן אַן אוניווערסאַלע גאָט־אידייע, און אַן עטיק וואָס גרייכט צו די ווייטסטע גרענעצן צווישן מענטש און מענטש, די זעלביקע כוחות האָבן אויך געשאַפן קאָנקרעטע פאַרמען — הלכה, מצוות, מעשיות — וואָס זענען דורכויס לאָקאַל־נאַציאָנאַל, כדי צו דערנענטערן זיך סימבאָליש צו יענע אוניווערסאַלע ווערטן. איז דעריבער קיין וואונדער ניט ווען אַלע וואָס שטרייכן אונטער בלויז אונדזערע עטישע, פילאָסאָפישע און ענלעכע אַלגעמיינע אידייען, מוזן ענדיקן דערמיט, אַז זיי דערוווייטערן זיך פון יידן צוליב זייער דערנענטערונג צו אַן אָפּגעבראָכענעם שטיק פון אַ גאַנצער יידישקייט. דאָס האָט געטראָפן מיט די רעפאָרמער, דאָס מוז טרעפן מיט אַלע פאַרקריסטלעכטע יידן. דאָס געשריי אַז מען דאַרף זיין יידן צוליב אַן „אידייע", טראָגט אין זיך גרויסע סכנות. וואָרעם די גרענעצן פון אידייען און די גייסטיקע גרענעצן פון פעלקער פאַלן זייער זעלטן צונויף. מען קאָן דעריבער אין נאָמען פון אידייען האָפן מחזיר למוטב צו זיין, מאָראַליש אָדער אינטעלעקטועל, איינצלנע מענטשן, אָבער גאָר אַן אַנדער צוגאַנג פאָדערט זיך אויף צו באַקרעפטיקן דאָס לעבן פון אַ פאָלק. אַ פאָלק איז ניט קיין פאָליטישע פאַרטיי, און ניט קיין סעקטע, און ניט קיין רעפאָרמאַטאָריע אויף צו פאַרריכטן איינצלנע צעבראָכענע נשמות. בכל אופן, דאָס איז ניט די מאָטיווירנדיקע פונקציע פון זיין לעבן, און ניט דאָס באַרעכטיקט זיין עקזיסטענץ.

אָבער געוויינטלעך רעדט מען ניט סתם אַזוי זיך וועגן אַן אידייע. עס ווערט אונטערגעשטראָכן אַז דער פירנדיקער מאָטיוו דאַרף זיין אַ גאַנץ באַשטימטע אידייע, די יידישע „רעליגיע", און דאָ שאַפט זיך פאַר אַזעלכע מענטשן אַזאַ פאַרפירערישע לאַגע פון וועלכער עס איז באמת שווער זיך אַרויסצופּלאָנטערן. עס שאַפט זיך דאָס וואָס מען וואָלט אפשר געקאָנט רופן

אַ „רעליגיעזע פאַרלעגנהייט״. אַ פאַרלעגנהייט איז דאָס דערפאַר, ווייל כאָטש מען הייבט נאַטירלעך אָן מיט די איצטיקע גייסטיקע באַדערפעניששן פון יידן — דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער ענין וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך — מוז אָבער די אַרגומענטאַציע אַוועקפירן אויף אַזעלכע וועגן וואו פון יידן איז שוין אַפילו קיין שאָטן ניטאָ. מען וואַנדערט אין אַ וועלט פון אַבסטראַקציעס און אַלגעמיינע ווערטן. די אָבער וואָס ווילן בשום אופן זיך ניט לאָזן אַראָפּ־שלאָגן פונעם יידישן „דרך הישר״, זענען געצוואונגען צו זינדיקן קעגן פּשוטער לאָגישער קאָנסעקווענץ.

אַזאַ צוגאַנג באַגעגענען מיר, למשל, ביי א. מענעסן. ער הייבט אָן דערמיט אַז רעליגיע איז זייער אַ דערהויבענער ענין. איך געהער דורכויס ניט צו די וואָס לייקענען דאָס אַפּ. אָבער פאַרוואָס איז זאָל אַזוי שטאַרק ווי טאָן וואָס יידן האָבן אויפגעהערט אָפּצוהיטן שבת, דאָס איז לחלוטין ניט געדרונגען פון זיין שטעלונג צו רעליגיע. עס לייגט זיך אויפן שכל אַז פון אַ רעליגיעזן שטאַנדפּונקט איז זייער געוואונטשן עס זאָל זיין ביי מענטשן אַ טאָג פון פיזישער רו, פון קדושה און פון רוחניותדיקער מעדיטאַציע. אָבער פאַרוואָס דווקא שבת? פאַרוואָס ניט זונטיק? אָדער מיטוואָך? לויט מענעסן קומט, דאַכט זיך מיר, אויס אַז דעם רו־טאָג פאָדערט ביי אים די רעליגיע בעת שבת איז זיין הנחה צום „פּינטעלע ייד״. אָבער איך פאַרשטיי ניט ווי אַזוי אַ מענטש קאָן אויף זיך נעמען דעם יאָך פון מצוות וואו איין טייל פון דער גאַנצער סיסטעם איז לחלוטין ניט מחייב די צווייטע, אָדער זי ציט אירע אָנהענגער אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג.

א. מענעס איז ווייט ניט דער איינציקער וואָס פאַרוויקלט זיך אין אַזאַ סתירה. דאָס ליגט שוין אין דער טבע פון דער רעליגיעזער פאַרלעגנהייט. אברהם גייגער האָט בשעתו געלאָזט וויסן, אַז אין דער אמתן וואָלט ער געוועזן דערפאַר מען זאָל אָפּשאַפן מצוות מילה, נאָר ער וועט ניט אַרויסטרעטן קעגן דעם אַזוי לאַנג ווי אַן אויטאָריטאַטיווע יידישע רעליגיעזע קערפּערשאַפט האָט דאָס ניט באַשלאָסן. אָבער פון שטאַנדפּונקט פון רעליגיע איז שווער צו פאַרשטיין צו וואָס מען דאַרף בכלל האָבן דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג פון אָרגאַניזירטע אינסטיטוציעס מיט פּראָפעסיאָנעלע אויטאָריטעטן; פאַר־וואָס געוויסע זינדיקע, שוואַכע מענטשן וואָס רופן זיך רבנים אָדער גלחים זאָלן האָבן די ממשלה איבערן רעליגיעזן געוויסן פון אַנדערע זינדיקע, שוואַכע מענטשן וואָס רופן זיך ראובן, שמעון, אָדער לוי. מען קאָן גיין נאָך אַביסל ווייטער און זאָגן, אַז דער באַגריף יידישע רעליגיע איז אַ סתירה אין זיך אַליין, דאָס הייסט, אַ סתירה אויב מען זאָל אָננעמען חיים גרינבערגס אומבררחמנותדיקן פּסק־דין אַז רעליגיע איז בטבע אַלגעמיין, איבער־נאַציאָנאַל, בקיצור, אַז דער אַבסטראַקטער באַגריף „מענטש בכלל״, און בלויז אַזאַ מין מענטש, דאַרף אין דער רעליגיעזער ספערע באַטראַכט ווערן ווי אַ קאָנקרעטע,

ממשותדיקע רעאַליטעט. ווארעם אויב מיר זאָלן דאָס אָננעמען, האָט דאָס מיט יידן, ווי יידן, לחלוטין ניט וואָס צו טאָן, און מען וואָלט געדאַרפט טראַכטן אַז בלויז על פי אומגליקלעכן טעות האָט זיך ביי אונדז יידן, ווי יידן, איצט אויפגעהויבן אַזאַ פראַגע, און גראָד אין פאַרבינדונג מיט די מוראַדיקע סכנות וואָס לויערן אויף אונדז פון אַלע זייטן. באמת, וואָס האָט רעליגיע, די איבער־נאַציאָנאַלע רעליגיע בכלל, צו טאָן מיט אַ ניט־איבער־נאַציאָנאַלער מענטש־לעכער גרופּע?

איך בין חושד אַז דער גאַנצער ענין איז לחלוטין עפּעס אַנדערש פון דעם ווי מען שטעלט אים געוויינטלעך פאָר. עס זענען פאַראַן אַ סך ענלעכקייטן צווישן די פאַרשיידנסטע רעליגיעס. אַלע זענען זיי פאַרבונדן מיט עטישע כללים, מיט הערשנדיקע איבערנאַטירלעכע באַשעפענישן, מיטן גלויבן אַז מען קען בייטן דעם סדר העולם דורך באַוואוסטזיניקער מענטשלעכער אָנ־שטרענגונג, א. אַ. וו., דאָך איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי רעליגיע, נאָר רעליגיעס, אין מערצאָל. מיר דאַכט זיך אַז דאָס נעמט זיך דער עיקר נישט פון די ריין דאָקטרינערישע אונטערשיידן, נאָר פון פאַרשיידענע פאָרמען אין שטייגער און אָרגאַניזאַציע וואָס וואַקסן אַרויס פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון די גרופּעס וואו די אָדער יענע רעליגיע געפינט איר אויסדרוק. וואָס עס זאָל נישט זיין דער אָנהויב פון אַ נייער רעליגיעזער דיסציפּלין איז אָבער איר אויסטיילן זיך ווי אַן אָנהאַלטנדיקע באַזונדערקייט פאַרבונדן מיט דער ראַם אין וועלכער אירע אָנהענגער פאַסן זיך אַריין. עס איז, פאַרשטייט זיך, זייער ריכטיק צו רעדן וועגן רעליגיע בכלל, פּונקט ווי פון מענטש בכלל, אָבער דאָס זענען לאָגישע קאַטעגאָריעס צו אָפּערירן מיט זיי אין געדאַנק, נישט קיין פולבלוטיקע פּסיכאָלאָגישע ווירקלעכקייטן.

עס ווערט אַלץ שווערער און שווערער צו רעדן וועגן רעליגיע, אין אייג־צאָל, אַפילו בלויז ביי יידן. דער ראַבּיי פון יוסטאָן, טעקסעס, וואָס זאָגט זיך אָפּ אָנצונעמען אין טעמפּל מיטגלידער וואָס היטן כשרות שטייט זיכער אַ סך נעענטער צו אַ קריסטלעכן אוניטאַריער ווי צום ליובאַוויטשער רבין. דער וואָס קומט היינט צו יידן רעדן וועגן רעליגיע קען מען באין אופן נישט וויסן וואָס ער מיינט סיידן ער דערקלערט דאָס מיט אַלע פּרטים. עס וועט אַפילו נישט העלפן ווען מען וועט אויף אַ קינסטלעכן אופן, ווי מען טוט עס געוויינט־ליך, אָפּרייסן אינהאַלט פון פאָרם און זאָגן אַז מען האָט בלויז אין זינען די רעליגיעזע אידייע וואָס נאָר זי אַליין קען זיין דער באַזיס פון יידישן קיום. ווארים עס איז נאָך אַלץ נישט קלאָר וואָס מען מיינט דערמיט ווען עס ווערט אָפּן נישט אַרויסגעבראַכט.

אויף ווי ווייט איך קען זיך דערמאָנען איז געווען בלויז איינער פון די שרייבער וואָס האַלט מיטן טראַדיציאָנאַליסטישן צד, וואָס איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרן אָנצואווייזן אויף דער אידייע וואָס ער האָט אין זינען. דאָס איז

י. באַבינסקי. ער רעדט גאַנץ קלאָר וועגן מציאות הבורא, בחירה חפשית, וועגן עטישן מאָנאָטעאיזם, א. אַ. וו. עס וואָלט זיך געלייגט אויפן שכל אַז די אידייען־פּאַרטיידיקער זאָלן באַבינסקיס געדאַנקען מאַכן פאַר אַן אויסגאַנג־פונקט פון אַ דעטאַלן וויכוח. מיינען זיי דאָס זעלביקע וואָס ער? מיינען זיי עפּעס אַנדערש? וואָס? אָבער מערקווערדיק, קיינער האָט, ווי ווייט איך גע־דענק, נישט אָפּגעשטעלט זיך אויף די דאָזיקע רייד. אַלע טענות און וואָרענונגען זענען געבליבן ביי צעשוואומענע פּאַראַלגעמיינערונגען וואָס זענען נישט בכוח אָנצורעגן אָדער באַפרוכטן. איך דערקלער דאָס דערמיט וואָס די רעליגיעזע „פּאַרלעגנהייט“, ווען עס קומט צו יידן, האַלט אָפּ די דאָזיקע בעלי טענה, וואָס זענען באמת וואַרעמע יידן מיט אַלע זייערע רמ״ח אברים, פון דורכטראַכטן זייערע אייגענע געדאַנקען ביזן לאָגישן סוף. אפשר זאָגט זיי אונטער דאָס געזונטע פאָרגעפיל אַז אַזאַ דרך וועט זיי מסתמא נישט צופיל דערנענטערן צו רעליגיע, אָבער זיכער דערווייטערן פון יידן, ווי יידן. וואָרעם אַפילו אין רעליגיעזער מעדיטאַציע קען זיך אַ מאָדערנער מוח בשום אופן נישט באַפרייען פון אַ ריין אינטעלעקטועלן אַנאַליז, און דאָס מוז בהכרח פירן צו די לאָגישע קאַטעגאָריעס פון רעליגיע בכלל. עס ווערט דעמאָלט געשאַפן אַ שפּאַלטונג צווישן רעליגיע און יידישקייט, און די גאַנצע וואָג ווערט אַוועקגעלייגט אויף דער ערשטער פון די צוויי.

קיום האומה

קיינער וועט זיך מסתמא היינטיקע צייטן נישט חידושן ווען אַ ייד וועט זיין באַזאָרגט, און זייער שטאַרק באַזאָרגט, וועגן דעם קיום פון אונדזער פאָלק. מיר זענען צו ראַציאָנאַל נישט צו האָבן קיין ספקות, און צו יידיש־עמאָציאָנעל צו בלייבן גלייכגילטיק. און דאָך, זאָל עמיצער אַוועקשטעלן קיום האומה גופא ווי אַ פאָרמולע פונעם איצטיקן קריזיס און ווי אַ וועק־רוף עפּעס צו טאָן, וועלן אַ סך אָפּשטויסן פון זיך די נאַטירלעכע איבערלעכע זאָרג און פרעגן: קיום, צוליב וואָס? סתם קיום, וועלן זיי טענהן, איז נישט יענער גייסטיקער שטאָף וואָס קען אויפברויזן די נשמה און טרייבן צו מעשים, ווער שמועסט נאָך ווען די מעשים פאָדערן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, אַפילו מסירת נפש. אויך אַזעלכע טענות זענען פאַר מיר קיין חידוש נישט. די וואָס קענען נישט פאַרטראָגן קיין „סתם קיום“ געפינען זיך אין אויסגעצייכנ־טער געזעלשאַפט, זיי דריקן אויס אַ גאַנץ קלאָרן אַספּעקט פון דער גאַנצער יידישער טראַדיציע. וואָרים מיר זענען לכתחילה געקומען אויף דער וועלט — אויף ווי ווייט אונדזער היסטאָרישער זיכרון קען אונדז דינען — נישט בלויז ווי אַ משפּחהדיקע „בני ישראל“, מיט אַלע פאַמיליע סענטימענטן וואָס דאָס

איז מחייב,נאָר אויך ווי אַ „ממלכת כהנים“, ווי אַ „גוי קדוש“, מיט אַ גרויסן גאָט אין הארצן. אָט די מערקווערדיקע ספּעציפיש יידישע קאָמבינאַציע פון סענטימענט און אידעאָלאָגיע איז תמיד ביי אונדז געווען אַ קוואַל פון באַגייסטערונג און הייליקער איינגעשפּאַרטקייט צו פאַרבלייבן יידן.

אַ פריינד האָט מיך אַמאָל געבעטן: „ווייזט מיר אין אונדזער גאַנצער טראַדיציאָנעלער ליטעראַטור, פונעם תנ"ך ביזן לעצטן מוסר ספר, כאָטש איין פאַל וואו אַ יידישער גדול זאָל בפירוש אונטערשטרייכן סתם קיום ווי אַ מאָטיוו אין אונדזער לעבן“. איך האָב מורא אַז ער איז גערעכט. איך האָב אַ קלאָר געפיל אַז מען וועט אַזעלכעס ניט געפינען, לכל הפחות ניט אָפן, ניט דירעקט, ניט בפירוש. פונדעסטוועגן שוואַכט דאָס ניט אָפּ מיין טיפסטע איבערצייגונג — כאָטש מיר געפעלט ניט דער אויסדרוק „סתם קיום“ — אַז דער דאָזיקער מאָטיוו איז דאָ, דורכויס דאָ, און טאַקע פונעם תנ"ך ביזן לעצטן מוסר ספר. ווען בלעם ווערט דורכגעדרונגען מיט דיכטערישן גייסט, און ער זעט יידן: „הן עם לבדד ישכון ובגויים לא יתחשב“, וואָסער פּרעכטיקע פאָרמולע דאָס איז פאַר דער באַגייסטערונג וואָס „קיום“ קען אַרויסרופן! איז דאָס הוילער קיום, אָן שום אידייאישן צומיש? ניין, דאָס קען ניט זיין, דאָס וואָלט געווען אַבסורד, פאַר יענער צייט אַוודאי און אַוודאי. הייסט עס אַז ווען פּסיכאָלאָגן דערציילן אונדז אַז דאָס רייסן זיך צו פרייהייט איז פון אייביק אָן איינגעוואָרצלט אין מענטשן, וואָלט מען זיך געדאַרפט וואונדערן פאַרוואָס ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט מען וועגן דעם אַזוי וויניק געהערט. אַמאָליקע צייטן האָבן זיך מענטשן מקריב געווען צוליב „אמת“, ניט צוליב „פרייהייט“. די אַנאַבאַפּטיסטן האָבן אין זעכצנטן יאָרהונדערט העלדיש געקעמפט און זענען גרויזאַם אומגעקומען, אָבער עס וואָלט זיי קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו זעגלען אונטער דעם לאָזונג „פרייהייט“, כאָטש אַזאַ געזעלשאַפטלעכער צושטאַנד וואָלט געמאַכט פּלאַץ, לכל הפחות, פאַר זייערע רעליגיעזע אידייען. ווען דזשאָרדאַנאָ ברונאָ איז פאַרברענט געוואָרן פאַר זיינע איבערצייגונגען האָט ער ניט געפילט אַז די קירך איז קעגן פרייהייט נאָר אַז זי איז קעגן דעם אמת. היינטיקע צייטן וואָלט אַן ערנסטער וויסנשאַפטלער פּשוט ניט געוואַגט זיך צו מאַכן פאַרן אויסדערוויילטן פאַרטרעטער פונעם ענדגילטיקן אמת. ער וואָלט העכסטנס געקענט זאָגן: „פאַרן אמת אַזוי ווי איך זע אים“. גיכער וואָלט ער זיך באַנוצט מיט אַ מער גענעראַליזירטער פאָרמולע: „פאַר דער פרייהייט צו זוכן דעם אמת“. געוויס האָבן מענטשן אַלעמאָל געוואָלט זיין פריי, אָבער די פאָרמולע דאָס אויסצודריקן איז געבונדן צו דער אַטמאָספער פון דער צייט און שפּיגלט אָפּ איר אַלגעמיינעם וועלטבליק. זי איז אַ פועל יוצא ניט פון אייביקע אינסטינקטן נאָר פון „שטאַרבלעכע“ באַדינגונגען פון וועלט, לאַנד, פאָלק. דאָס איז אַזוי אומעטום. דאָס איז אויך אַזוי ביי יידן.

יידן זענען פון סאַמע אָנהויב געווען אַ פאָלק וואָס האָט געלעבט מיט אַן אמונה. די פראַגע: וואָס איז געווען וויכטיקער? איז, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, אַן אַנטי־היסטאָרישע. די פראַגע גופא פירט צו אַ צעשפּאַל־טונג בעת דאָס וועגן וואָס זי פרעגט איז געווען אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט. אויב דער אמונה־עלעמענט זעט אָפּט אויס ווי דער וויכטיקער טייל, ווייל ער ווערט אָפּטער אונטערגעשטראָכן, איז דאָס צוליבן אומאויפהערלעכן, לײדנשאַפטלעכן, ברענענדיקן קאַמף קעגן עבודה זרה וואָס האָט פאַרנומען אַזאַ אומגעהײערן פּלאַץ אין דער עלטערער יידישער געשיכטע. אָבער ניט בלויז דאָס. עס זענען אויך געווען באַזונדערע לעבנס־תנאים אין יענער צייט וואָס האָבן דאָס אַרויפגעצוואונגען, וואָרעם אין אַ וועלט וואו פאָלק־באַוואוסטזיין געפינט זיך אויף אַ זייער פּרימיטיווער מדריגה האָבן יידן, וואָס זענען שוין געווען דורכ־געדרונגען מיט אַזאַ באַוואוסטזיין, דאָס בלויז געקענט אונטערשטרייכן דורך אָנווייזן אויף זייער באַזונדערן לעבנס־סטיל. פאַרשטייט זיך אַז דער גייסט פון יענער צייט, און פון אַ סך, אַ סך שפּעטער, האָט דורכויס געפאָדערט אַ רעליגיעזן ראַציאָנאַל צו דערקלערן יעדן פּרט פון דער נאַציאָנאַלער קולטור.

דער אויפקום פון קריסטנטום האָט אונדז ווייטער געטריבן צו פאַרשטעלן דעם מאָטיוו פון קיום האומה מיטן צודעק פון רייך רעליגיעזע אמתן. די ערשטע יידן־קריסטן האָבן געפונען זייער פּלאַץ אין יידישן לעבן פון יענער צייט פונקט ווי אַלע אַנדערע פּאַרטייען און טעאָריעס, און דאָגמעס, און מיינונ־גען וואָס האָבן דעמאָלט צעטיילט דאָס פאָלק. דער ריס איז געקומען ווען קריסטנטום האָט זיך פאַרנומען אויפן פּאָליטישן דרך, ווען עס זענען אָפּגע־וואָרפן געוואָרן די עיקרים פון דער יידישער קולטור־פורעם — מצוות מילה, שבת, פסח — און דער עיקר ווען די אויפגאַבע איז געוואָרן צו שאַפן אַן אַלגעמיינע סעקטע אָן שום פּאָליטישע גרענעצן, און דערמיט איז געשטעלט געוואָרן אין סכנה די עצם עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק. דאָ האָבן זיך יידן געמוזט אַנטקעגנשטעלן מיט דער גאַנצער קראַפט וואָס דער מאָטיוו פון קיום האומה האָט געקענט איינשפּאַנען. די קריסטלעכע שנאה צו אונדז איז נאַטיר־לעך כסדר געוואָקסן. אויב אין די ערשטע דריי עוואַנגעליעס איז נאָך פאַראַן אַ ביסל מיטגעפיל צום ווייטן יידישן ברודער, איז די פערטע עוואַנגעליע אָנגעזאַפּט מיט אומגעזעטיקטן האַס צו דער „סינאַגאָגע פונעם שטן”.

דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין נאָמען פון אַן אמתן משיח, פון אַ גאָטס זון, פון אַ נייער מיסטישער אויפפאַסונג פון אַ וועלט־דראַמע. איז דאָס במילא געבליבן דאָס איינציקע פעלד, דאָס ריין טעאָלאָגישע פעלד, פאַר יידן זיך צו פאַרטיידיקן. אין די וויכוחים וואָס די מיטעלאַלטערלעכע קירך האָט אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען האָט זיך על פי רוב געהאַנדלט וועגן אַזעלכע פראַגן צי משיח איז שוין טאַקע געקומען און צי געוויסע פּסוקים פון תנ״ך באַשטעטיקן דאָס. פון יענע וויכוחים לאָזט זיך דרינגען אַז אויב

ס'וואָלט זיך באַוויזן אַזאַ קריסטלעכע קירך וואָס איז פריי פונעם גלויבן אין יעזוסעס געטלעכקייט אָדער משיחישקייט, וואָלט מער ניט געבליבן קיין גרונט פאַרוואָס יידן, דער עיקר פרומע, געלערנטע יידן, זאָלן זיך מיט אַזאַ צוגאַנג ניט וועלן איבערבעטן. אָבער דער מאָטיוו פון קיום האומה דיקטירט עפּעס אַנדערש, און דאָס איז מנצח. די טעאָלאָגישע שטעלונג איז בלויז אַ מאָמענ־טאַלער שליח פון אַ לעבנס־דאָרשטיקן פאָלקס־געפיל.

מיר האָבן איצט אַ גאַנץ גרויסע צאָל חסידי אומות העולם וואָס העלפן אונדז פאַרשפּרייטן דאָס וואָס מען רופט רעליגיעזע טאָלעראַנץ. דאָס איז בלי ספק אַ דערגרייכונג וואָס איז פאַר אונדז אומגעהייער וויכטיק. אָבער מיר וואָלטן געדאַרפט פאַרשטיין וואָס דאָס באַטייט און ניט מיסרעפּרעזענטירן דעם ווערט דערפון. אין דער אמתן איז ניטאָ, און קען ניט זיין, אַזאַ זאַך ווי עכטע רעליגיעזע טאָלעראַנץ. איך מיין מיט דעם צו זאָגן אַז יענע טאָלע־ראַנץ קען ניט ליגן אויף דער זעלביקער פלאַך וואו עס לעבן די רעליגיעז־דאָגמאַטישע חילוקי דעות. וואָרעם עכטע טאָלעראַנץ באַשטייט דאָך ניט אין הוילן געדולד און אין העפלעכער באַציאונג צו אַ קעגנער. זי איז מחייב אַ ווייטע מעגלעכקייט אַז דער אַנדער צד קען זיין גערעכט; זי איז מחייב אַ שטענדיקע איבערשאַצונג פון די אייגענע ווערטן, און ספקות אין דער ענדגילטיקייט פון די אייגענע אמתן. אָבער דאָס איז דאָך אַקוראַט דער היפוך פונעם פּסיכישן צושטאַנד וואו עס וואָרצלט די רעליגיעזע דאָגמע. אַזאַ דאָגמע קען בלויז זען דעם אַבסאָלוטן אמת פונעם אייגענעם דרך, און די זינדיקייט און פאַלשקייט פונעם צד שכנגד. אַנדערש קען זי ניט זיין דאָס ווי זי איז. אין אַ געוויסן זינען איז רעליגיעזע טאָלעראַנץ אַן אינערלעכע סתירה, אָט פּונקט ווי מען וואָלט געזאָגט „באַגרענעצטע אומענדלעכקייט".

די רעליגיעזע טאָלעראַנץ וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן נאָך דער דרייסיק יעריקער מלחמה איז אין דער אמתן אַ מאָראַלע און אַ פּאָליטישע, ניט קיין רעליגיעזע. זי דריקט אויס דעם מאָראַלן שוידער וואָס שפיכת דמים רופט אַרויס, און אַ בילד פון דער איינציק־מעגלעכער פּאָליטישער אָרגאַני־זאַציע פון דער וועלט. אָבער פאַרן קיום פון רעליגיעס, וואָס ליגן אויפן שטח פון „אַבסאָלוט אמת" און „אַבסאָלוט פאַלש" איז דאָס ניט קיין גרויסע מניעה. וואָרעם יענער שטח קען זיך גאַנץ גענוג באַפרידיקן מיט דער פרייהייט צו פּרעדיקן, וועקן, רופן, מעורר זיין, און „עפענען די אויגן" פון אייגענע און פרעמדע. דאָס גיט אַ מעגלעכקייט צו האָבן פאַר זיך די גאַנצע וועלט, און דאָך לאָזן זי אויך פאַר אַנדערע.

גאַנץ אַנדערש, און אַ סך שווערער, איז עס ווען עס האַנדלט זיך וועגן טאָלעראַנץ אויפן פעלד פון פּאָלקישן שטייגער. דאָ האָבן מיר ניט צו טאָן מיט „אמת־פאַלש" נאָר מיט „אַזוי און אַנדערש". דאָ איז ניט שייך צו פירן וויכוחים, ווייל די זאַכן וואָס זענען אונדז ניחא און די וואָס זענען דערווידער

האָבן ניט קיין לאָגישן באָדן אויף וועלכן זיך אַוועקצושטעלן. דאָס געהערט צו דער ספערע פון ווילן, פון פאַרלאַנג, אָדער, ווי פסיכאָלאָגן וואָלטן דאָס גערופן, צום קאָנאַטיוון שטראָם פון דער נשמה. דאָ שפּילן אַ דעצידירנדיקע ראָלע געוואוינהייטן, זעלבסט־קאָנטראָל, באַוואוסטזיניקע גייסטיקע אָנשטרענגונג, ניט קיין שכלדיקע ראיות. דאָ איז ניט שייך צו שיקן שליחים איבער דער וועלט צו פּועלן אַז יעדער נאַציאָנאַלער „אַנדערש" זאָל ווערן ווי דער אייגענער נאַציאָנאַלער „אַזוי". מען שיקט ניט קיין מיסיאָנערן צו מאַכן מענטשן פאַר פראַנצויזן, שפּאַניער, א. אַז. וו.

ממילא קומט אויס אַז ביי נאַציאָנאַלע אונטערשיידן, אַנדערש ווי ביי רעליגיעס, מוז טאָלעראַנץ, אויב זי איז בכלל פאַראַן, ליגן אַקוראַט אויפן אייגענעם שטח וואו די אַנדערשקייטן שפּילן זיך פאַנאַנדער. וואָרעם דער רעליגיעזער מענטש, ביי דער העכסטער טאָלעראַנץ, קען אַלץ האַלטן אַז די גאַנצע וועלט איז זיין פלאַטפאָרם צו פאַרשפּרייטן די אַבסאָלוטע אמתן פון זיין גלויבן. אָבער דער נאַציאָנאַלער מענטש קען בלויז באַפרידיקן זיין טאָלעראַנץ־געפיל ווען ער איז אויפריכטיק מודה — און פירט עס דורך אין פּראַקטישן אויסלעבן זיך — אַז אַפילו אין זיין אייגענער נאַציאָנאַלער היים מעג אַן אַנדער פאָלקישע גרופּע באַגרענעצן דעם אויסשפּרייט פון זיין לעבנס־דרך. דאָס איז זיכער ניט קיין לייכטע פּסיכישע אויפגאַבע. מען דאַרף כסדר געדענקען אַז דער רעליגיעזער מענטש קען נעמען די גאַנצע וועלט פאַר זיך און דאָך לאָזן זי פאַר אַנדערע אין דער זעלביקער צייט; דער נאַציאָנאַלער מענטש לעבט אין אַן אַנדער סאָרט ווירקלעכקייט. וואָס מער ער לאָזט איבער פאַר אַנדערע אַלץ ווייניקער בלייבט פאַר אים. אויף אַזאַ אופן דאַרף ער בכלל פון זיך אויסראָטן דעם ווידערווילן צו יעדן סאָרט קולטורעלע אַנדערשקייט, כאָטש דאָס באַגרענעצט זיין אייגענעם עקספּאַנסיוון דראַנג.

פאַראַן גענוג פאַקטן אין דער וועלט וואָס באַווייזן אַז די מענטשלעכע טבע קען אויסגעצייכנט לעבן בשלום מיט אַזאַ מין טאָלעראַנץ, כאָטש עס איז ניט צו לייקענען אַז דאָס איז אַ שווערער פּראָצעס. מען דאַרף זיך דעריבער ניט חידושן ווען אַפילו צווישן די וואָס וועלן ניט מוותר זיין אויף קיין איין האָר פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ, זענען פאַראַן זייער אַ סך — איך מיין אַז דאָס רוב — וואָס קענען ממש ניט אַריבערטראָגן קיין קולטורעלע אַנדערשקייטן אין זייער לאַנד מצד אַזעלכע נאַציאָנאַלע גרופּעס וואָס ווילן פון זיך ניט אָפּווישן יעדן סימן פון אַן אייגענער פאָלקישער נשמה. ערשט ווען מיר האַלטן וואַך אין אונדזער באַוואוסטזיין דעם מאָטיוו פון קיום האומה קענען מיר קלאָר איינזען ווי באַגרענעצט עס איז די אויפגאַבע — פון שטאַנדפּונקט פון יידישן לעבן — וואָס די באַוועגונג פאַר רעליגיעזער טאָלעראַנץ שטעלט זיך. דאָס מאַכט זי בשום אופן ניט פאַר אומנייטיק, חס ושלום. אין דער איצטיקער טראַגישער צייט ליגן אין איר זיכער גרויסע

פאַרדינסטן. אָבער דאָס וואָס ביים צונויפקום מיט פאַרשטייער פון אַנדערע רעליגיעס שטרייכן יידן ניט אונטער אויף דעם פאָלקישן אינהאַלט פון אונדזער לעבן, דאָס איז ווידער אַ בולטער סימפּטאָם פון אונדזער איצטיקן אינערלעכן קריזיס.

אינעם קלימאַט פון דער היינטיקער צייט בכלל, און אין יידישן לעבן בפרט, איז דער מאָטיוו פון קיום האומה דאָס שטאַרקסטע געווער אין אונדזערע הענט. עס איז אונדזער חוב אַרויסצושיילן דעם דאָזיקן מאָטיוו פון דער גאַנצער טראַדיציע אונדזערער און טייטלען אויף אים מיט די פינגער. דאָס איז תמיד געווען אַן אומגעהייערער כוח אין אונדזער פאָלקישער עקזיסטענץ, כאָטש אָן קלאָרע פאָרמולעס. איצט איז געקומען די צייט ווען אויך די פאָרמולע דאַרף זיין אָפן און דירעקט, ווייל בלויז אויף אַזאַ אופן וועלן מיר זיך בעסער פאַרשטיין און העכער און טיפער אָפּשאַצן די ווערטן וואָס אונדזער פאָלק האָט געשאַפן פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

אַלץ וואָס מיר האָבן געשאַפן זינט דער השכלה באַוועגונג איז ניט געטריבן געוואָרן פון קיין נייע טעאָלאָגישע אַנטפּלעקונגען נאָר פונעם דראַנג צו וועלן לעבן ווי אַ פאָלק. אין אונדזער נייסטער געשיכטע איז ניטאָ קיין איין היסטאָרישע אָנשטרענגונג אין אונדזער ריין רעליגיעזער וועלט וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן, אין קרבנות און מסירת נפש פאַר אונדזער עקזיס־טענץ, מיט דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, און נאָך מער מיט חלוציות אין ארץ־ישראל. און דאָ איז דאָך זיכער געווען דער טרייבנדיקער מאָטיוו קיום האומה. ווען איך דערמאָן די פּיאָנערישע אַרבעט אין ארץ־ישראל האָב איך ניט אין זינען דווקא די נאַאיווע פילאָסאָפישע עקסטראַוואַגאַנצן פון יוגנטלעכע קעמפערישע אַטעאיסטן. איך נעם אַריין אין כלל די געטרייע פרומע יידן און זייער אויפבוי־אַרבעט אין ישוב. וואָרעם אויך ביי זיי איז דאָך די דאָזיקע אַרבעט אַ באַפעל פונעם אינערלעכן דראַנג צו וועלן לעבן ווי אַ פאָלק.

און דאָך איז ניט נייטיק אויסצומיידן די פראַגע : קיום, צוליב וואָס ? וואָסער כוח קען ליגן אין סתם קיום ? איך האָב מורא אַז די וואָס שטעלן אַזאַ פראַגע שרייבן צו אַן אומבאַרעכטיקטע גראָע נייטראַלקייט צום באַגריף „אומה", ממילא קומט ביי זיי אויס אַז „קיום" באַצייכנט אַ מין אָביעקטיווע פאַראַנענקייט פון אַ זאַך אָן שום שייכות צו איר אינערלעכן כאַראַקטער. אָבער גלאַט אַן עפּעס וואָס וואַלגערט זיך ערגעץ אין דרויסן, קען ניט אַרויסרופן קיין שמחה. זיכער איז ניטאָ דעריין קיין קוואַל פון נחת, פון עפּעס וואָס קען באַגייסטערן, טרייבן צו מעשים כדי עס זאָל ווייטער לעבן, דאָס הייסט זיך ווייטער וואַלגערן אינעם זעלביקן אָביעקטיוון דרויסן. אַזאַ געדאַנקען־גאַנג איז דורכויס אַ טעות. דער זינען פון „אומה" ליגט ניט אין הוילע צאָלן מענטשן וואָס שטעלן זי צונויף, אָדער וואָס באַצייכענען זיך מיט אַ געוויסן

איינהייטלעכן נאָמען פון אַ בשותּפותדיקן אָפּשטאַם. אַ סך פון אונדז זענען געבוירן געוואָרן אין אייראָפּע. פאַראַן מיסטיש געניײגטע מענטשן וואָס זעען עפּעס בשותּפותדיקס אין אַלע וואָס קומען פון יענעם קאָנטינענט. אָבער קיינער טראַכט ניט, איז זיכער ניט באַזאָרגט, וועגן „קיום האייראָפּע" ביי די אייראָפּעאיש־געבוירענע. אַן אומה איז אַ היסטאָרישע נעסט וואו ווערטן בריען זיך אויס, שטאַרבן, באַנייען זיך, מערן זיך, גייען איבער בירושה. קיום האומה קען ניט זיין עפּעס אַנדערש ווי דער קיום פון גייסטיקע פאַראַנענע און פּאָטענציעלע כּוחות וואָס כאַראַקטעריזירן די געשיכטע פון געגעבענעם פאָלק. ווען איך הער זינגען אַזאַ תּפילהדיק ליד ווי: „פאָרויס קריסטלעכע זעלנער, מאַרשירנדיק ווי אין מלחמה", טראַכט איך אַז דאָס איז ניט אין גייסט פון מיין יידישער אומה. אַזעלכע אויסדרוקן ווי „זעלנער" און „מאַרשירנדיק" און „מלחמה" זענען ניט פונעם סאָרט רעטאָריק וואָס וואָלט זיך אַריינגעפּאַסט אין אונדזער סידור. ווען איך זע ווי אַ פרומע און דבקותדיקע קריסטלעכע גרופּע רופט זיך „סאַלוויישאָן אַרמיי", און טוט זיך אָן אין זעלנערישע אוניפאָרמען, טראַכט איך אַז דאָס פּאַסט זיך לחלוטין ניט אַריין אינעם קולטור־פורעם פון מיין אומה. מיר איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן אַז אַ ר׳ ישראל סאַלאַנטער, למשל, זאָל באַצייכענען זיינע מוסרניקעס ווי אַן „אַרמיי". אָט אין אַזעלכע נעגאַטיווע, און אַנדערע פּאָזיטיווע, כאַראַקטער־שטריכן ווייזט זיך אַרויס די פּערזענלעכקייט פון אַן אומה. אַן אומה איז ניט קיין „סתם"־זאַך, און איר קיום קען ניט זיין קיין סתם־קיום.

וואָס מען זאָל ניט פאַרשטיין אונטער „יידישע רעליגיע" אָדער „אמונה" אָדער „דת", איז דאָס אַלץ אַ באַגריף וואָס באַגרענעצט, וואָס שליסט עפּעס אויס, פונעם אוצר ווערטן וואָס האָבן אָנגעפּילט אונדזער לעבן אויף דער לאַנגער נסיעה פון אברהם אבינו ביזן היינטיקן טאָג. דער באַגריף „אומה" מוז אַלץ איינשליסן, און נאָך מער, ער דריקט אויס ניט בלויז דאָס געוועזענע און פאַראַנענע נאָר אויך דאָס פּאָטענציעלע. וואָרום „קיום האומה" ווי אַ לעבעדיקער כּוח איז לאָגיש און פּסיכאָלאָגיש מחייב אַ גלויבן אין אונדזערע שאַפנדיקע מעגלעכקייטן וואָס ליגן אין אונדזער פאָלקישער שותּפות. אַפילו דער קילסטער אָביעקטיווסטער וויסנשאַפטלער וואָלט מיט אַ לייכט האַרץ געמעגט אָננעמען אַזאַ גלויבן ווען מיר פאַרגלייכן אונדזער קוואַנטיטאַטיוון פּלאַץ אין דער באַפעלקערונג פון דער ערד מיט אונדזער קוואַליטאַטיווער ראָלע אין דער וועלט־קולטור.

די וואָס נייטיקן זיך אין ראַציאָנאַלע אַרגומענטאַציעס איז ניטאָ קיין צו גרויסע שוועריקייט צו באַווייזן דעם ווערט פון אונדזער קיום, און ממילא, אַז מיר דאַרפן געטריי היטן אַלע עלעמענטן פון אונדזער טראַדיציע וואָס שטאַרקן, באַרייכערן און צירן אויס מיט שיינקייט אונדזער פאָלקישע שותּפות. פאַרשטייט זיך, אונדזער טראַדיציע איז געשאַפן געוואָרן אין פאַרשיידענע

צייטן, אונטער די פאַרשיידנסטע תנאים און גייסטיקע קלימאַטן. פאַראַן געגנוג פּרטים צווישן זיי וואָס מיר קענען בשום אופן ניט אָננעמען, וואָס קענען לחלוטין קיין פּלאַץ ניט האָבן אין אַ מאָדערן לעבן. פון שטאַנדפּונקט פון ריין רעליגיעזע סאַנקציעס זענען אַזעלכע פאַרעלטערטע טראַדיציעס אַ קוואַל פון צרות, פון שטענדיקע מחלוקתן, אַפילו פון אומאויפריכטיקייט און צביעות צווישן פאַרשיידענע טיילן פון אונדזער פאָלק וואו דער איינציק הערשנדיקער מאָטיוו איז דער רעליגיעזער. אויך די וואָס וואָלטן מסכים געווען צו זעגלען אונטער דער פאָן פון קיום האומה וואָלטן געמוזט האָבן פאַר זיך אַזאַ פּראָבלעם, אָבער פאַר זיי, ווען זיי וואָלטן אויך געווען אַ סינאַגאָגאַל־אָרגאַניזירטער קיבוץ, וואָלט לייכטער געווען צו געפינען אַן אויסוועג, און דאָך זאָל יעדער פּילן אין זיין גאַנצן גאַנג פון לעבן אַז „בתוך עמי אני יושב״, וואָס דאָס איז דאָך דער עיקר כל העיקרים ווען מען לאָזט זיך פירן פונעם ליכט פון קיום האומה.

## די רעליגיעזע ספערע

ווען עמעצער זאָל מיך אַליין צודריקן צו דער וואַנט מיט דער פראַגע: אָבער פאַרוואָס גייט אייך פאָרט אַזוי שטאַרק אין לעבן דער קיום פון יידישן פאָלק? קיין פולן צופרידנשטעלנדיקן ענטפער וועל איך סוף כל סוף ניט קענען געבן. איך וועל בלויז קענען זאָגן אַז דער ענין וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך דאָ — די יידישע אומה — געהערט ניט צו דער ספערע פון פרעגן־ענטפערן, נאָר פון אַזוי־איז עס. דאָס איז גאָר אַן אַנדער וועלט וואָס דאַרף גאָר אַנדערש אָפּגעשאַצט ווערן. אָבער די דאָזיקע וועלט איז אומגעהייער רייך און פאַרמאָגט זייער אַ סך בירגער פון דעם מין. ווען איר גייט ווייט גענוג מיט דער פראַגע „וואָס אַרט אייך״? וועגן וואָס עס זאָל ניט זיין, וועט איר מוזן צוקומען צו דער דאָזיקער וועלט וואו דאָס עצם פרעגן איז פאַר־פירעריש.

פרעגן און ענטפערן, דאָס געהערט צו דער ספערע פון וויסנשאַפט וואָס באַוועגט זיך אויף אַ לאַנגער קייט פון סיבות און פועלי־יוצאס. יעדע פראַגע וויל דערגיין צו וועלכער סיבה אַ געוויסער פועל־יוצא זאָל צוגעשריבן ווערן. ווען דאָס ווערט דערקלערט און עס ווייזט זיך אַרויס צו זיין ריכטיק דעמאָלט ווערט עס אַן אמת און אַ באַשטימטער פון ווייטערדיקן האַנדלען און טראַכטן. אָבער פאַראַן גרענעצן אַרום דער דאָזיקער ספערע, און אויף יענער זייט גרענעץ ליגט אַ גרויסע וועלט וואו דער פּוסק אחרון איז גאָר פון אַן אַנדער מין. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט ווערטן, מיט אָפּשאַצונגען פון גוטס און שלעכטס, פון גערעכט און אומגערעכט, פון שיין און מיאוס, פון אַלע קוואַ־ליטאַטיווע איבערלעבענישן וואָס מיר גייען דורך. דאָ געפינען מיר זיך אין

אַ וועלט וואו אַלץ איז טונקעלער, אָבער מיר זעען העלער; זאַכן האָבן על פּי שׂכל ווייניקער אָנהאַלט, אָבער מיר פילן זיך אין זיי זיכערער; די אמתן האָבן ניט קיין פעסטע ראיות זיך צו באַשטעטיקן, אָבער דער פּוסק אחרון אין אונדזער האַרצן הערשט מיט אומבאַגרענעצטער אויטאָריטעט.

זאָלן מיר אפשר דאָס אָנרופן די רעליגיעזע ספערע? עס קען קיין ספק ניט זיין אַז אויב מען קען עפּעס אין אונדזער פּסיכיש לעבן באַצייכענען מיט „רעליגיעזע ענערגיע", דעמאָלט שפּילט זיך פאַנאַנדער איר כוח אין אָט דער ספערע. קיום האומה לאָזט זיך פאַרשטיין געגנוג שׂכלדיק אויף אַ גאַנץ היפּשן מהלך, אָבער נאָך דעם קומען מיר אַריין אין דער ספערע וואו דאָס רעליגיעזע אין אונדז אָפּערירט, און מאָנט דעם געהעריקן צינז וואָס אַלע מוזן צאָלן, די אַטעאיסטן ניט ווייניקער ווי די גלוביקע. איז אויב עמעצער וועט וועלן באַשטיין אויף דעם אַז אויך דער מאָטיוו פון קיום האומה איז סוף כל סוף אַ רעליגיעזער מאָטיוו, וועל איך זיך וועגן דעם שטאַרק ניט שפּאַרן. איך וועל נאָך אַלץ פילן אַז איך געפין זיך אין זייער אַ חשובער געזעלשאַפט.

(1945)

# י ש ר א ל

מיט יאָרן צוריק האָב איך בייגעוואוינט אַ סטודענטן־פאַרזאַמלונג פון דער מנורה־געזעלשאַפט. דער פּרעזידענט פון קאָלעדזש, אַ באַקאַנטער געלערנטער אין יענער צייט, האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צום פאָרטראָג פון איינעם פון די יידישע סטודענטן, צו די לעבעדיקע וויכוחים נאָך דעם, און צו די פאַרהאַנדלונגען ביים סוף. ער איז די גאַנצע צייט געזעסן און געשוויגן. דער אויסדרוק אויף זיין פּנים האָט עדות געזאָגט, אַז עפּעס קומט אים אָן שווער זיך צו אָריענטירן, אַז עפּעס ראַנגלט ער זיך מיט קשיות, וואָס ער קאָן ניט פאַרענטפערן.

ווען די פאַרזאַמלונג איז געשלאָסן געוואָרן האָבן עטלעכע פון אונדז אים געפרעגט, וואָס זיין מיינונג איז וועגן דעם אַלעם, וואָס ער האָט געהערט. דאָס וואָס ער האָט געענטפערט האָט אי איבערראַשט אי געפּלעפט.

ער האָט אָנגעהויבן זייער צוריקגעהאַלטן מיט דער שטאַמלדיקער באַמערקונג, אַז ער איז ניט אין גאַנצן מסכים מיט די געדאַנקען פונעם פאָרטראָג און ממילא מיט די שפּעטערדיקע באַשלוסן פון דער פאַרזאַמלונג. דאָס וואָרט „באַשלוסן" האָט אונדז שטאַרק פאַרחידושט. מיר האָבן ניט געוואוסט וועגן קיין שום ספּעציעלע באַשלוסן, וואָס די פאַרזאַמלונג האָט געזאָלט אָננעמען. עס האָט זיך בלויז געהאַנדלט וועגן פּראָגראַמאַטישע מיטלען צו באַקרעפטיקן די אַרבעט פון דער געזעלשאַפט. אָבער שפּעטער איז פון זיינע רייד אַלץ קלאָר געוואָרן, צו אונדזער אָנגענעמער איבערראַשונג און פיינלעכער אומגעריכטקייט,ביידע צוזאַמען.

ער האָט ניט געקאָנט מסכים זיין מיטן געדאַנק פונעם פאָרטרעגער, אַז קריסטנטום איז געבויט אויף יידישע אידייען, וואָס זענען באַקאַנט געווען אין דער צייט פון בית שני. דאָס, האָט ער געהאַלטן, הייסט שטאַרק באַגרענעצן די יידישע פאַרדינסטן פונעם קריסטלעכן אויפטו. וואָס מער ער שטודירט די תנאימשע ליטעראַטור פון אַרום דער יעזוס־צייט געפינט ער, אַז קריסטנטום האָט בלויז געשאַפן אַן אייגענע פאָרמולירונג פון געוויסע יידישע געדאַנקען פון יענער צייט. ניטאָ קיין איין אָריגינעלע אידייע אין נייעם טעסטאַמענט, וואָס איז שוין פריער ניט געזאָגט געוואָרן פון יידישע חכמים. עס זענען זיכער פאַראַן פּרעכטיקע עמפאַטישע אויסדרוקן, וואָס שטרייכן זיי אונטער, אָבער סיִיוּוּי קומט יידן ניט קיין טיילווייזן קרעדיט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פונעם קריסטנטום, נאָר אַבסאָלוט דער גאַנצער קרעדיט.

אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט — האָט ער ווייטער געטענהט — איז ניטאָ קיין ענלעכער ביישפּיל, אַז אַ אידייע זאָל אָפּהאַלטן אַזאַ וואונדער־

לעכן נצחון ווי יידישקייט. אַז הוילער גייסט זאָל מיט אַזאַ גרינטלעכקייט קאָנען איינגעמען די וועלט באַווייזט עס בלויז אַז יידישקייט באַזיצט אַ געטלעכן כוח, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט.

אָבער מהאי טעמא קאָן ער בשום אופן ניט משיג זיין פאַרוואָס דער גרעסטער זיגער פון דער מענטשהייט זאָל זיך רק ווען אָפּזאָגן פון אַלע קאָנטינענטן, וואָס ער האָט פאַרנומען און מיט אַ מוראדיקער איינגעשפאַרטקייט זיך פאַרקליבן אין אַן אייגן קליינטשיק ווינקל וואו מען קאָן קוים אָטעמען. וואָסער זינען האָט עס? אַ קולטור, וואָס איז אַזוי ריזיק גרויס, אַז זי קאָן באַהערשן אַ וועלט, ווי קומט עס, וואָס זי וויל ניט אָננעמען די זעלביקע וועלט, וואָס זי האָט מיט אַזאַ גייסטיקער גבורה איינגענומען?

וואָס מער ער האָט, זאָגט ער, געלייענט די אַלטע יידישע פּאָסט־ביבלישע ליטעראַטור אַלץ מער האָט ער געפילט, אַז ער איז אַ ייד, אַז ער געהערט צו דער מאָראַלער ספערע, וואָס די אַמאָליקע יידישע חכמים האָבן אַזוי קלאָר אַרויסגעבראַכט, דעריבער ווען ער האָט געהערט דעם באַשלוס נאָך מער צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט פון דער מנורה־געזעלשאַפט, דאָס הייסט, זיך אָפּזונדערן אין דעם פּרט פון די קריסטלעכע סטודענטן, וואָס זענען דאָך, לויט דער פריערדיקער אויפפאַסונג, יידן, איז דאָס פאַר אים געווען אַ רעטעניש ניט צו פאַרשטיין. אָט דאָס האָט ער געמיינט מיטן „באַשלוס", דעם באַשלוס צו בלייבן יידן דווקא לויט דער יידישער דעפיניציע פונעם וואָרט.

דער פרעזידענט איז געווען אַ מענטש, וואָס אויף זיין ערלעכקייט האָב איך קיינמאָל קיין פלעק ניט געפונען; אַ מענטש מיט אַ זיידענער טאָלעראַנץ און אַ טיפישער מסיח לפי תומו. ער איז געווען אַן ערנסטער געלערנטער מיט אַן אומגעוויינטלעכן דאָרשט צו פאַרשטיין און צו זיין גערעכט. האָט ער זיך, ווייזט אויס, צופעליק אַריינגעלאָזט אינעם יידישן פלאָנטער ניט אַרויסצוקריכן. קיין חידוש איז דאָס ניט. יידן און יידישקייט זענען אַזאַ לאַבירינטישע ווירקלעכקייט, אַז מען קאָן זיך לייכט פאַרלירן און ממש געניזוקט ווערן. איך שטעל מיר פאָר, אַז אַזאַ מעשה איז אויך געשען מיט שלום אַשן ווען אָנשטאָט קינסטלעריש צו מאָלן האָט אים פלוצלונג אַ ביטערער יצר הרע אָנגערעדט צו טראַכטן און אַנאַליזירן. דער חילוק איז נאָר וואָס יענער געלערנטער האָט זיך דערשלאָגן צום קאָרידאָר פון לאַבירינט און פאַרלוירן דעם וועג אויף אַריין, בעת אַש געפינט זיך אינעווייניק און ס'האָט זיך אים פאַרהאַקט דער וועג אויף אַרויס.

גענוי ווי אַזוי מיר האָבן זיך אויסגעטעגהט מיטן פרעזידענט איז מיר שווער זיך צו דערמאָנען. ביי מיר איז געבליבן דער איינדרוק, אַז מיר זענען ניט געווען די שטאַרקערע אין דער אַרגומענטאַציע. איך געדענק בלויז, אַז איך אַליין בין געווען היפשלעך צערודערט פון די אומגעריכטע קשיות, און געזוכט מיט אַ שמייכל און מיט שטילע ווערטער זיך אַליין צו באַרואיקן

כדי צו האַלטן דעם שמועס אויף אַ קילער רעזאָנירנדיקער פלאַך. איך געדענק אויך, אַז די שוועריקייט איז געלעגן ניט אַזוי ווייט אין קאָנען איבער־צייגן איינער דעם אַנדערן, נאָר פשוט אין פאָרמולירן אויף אַ קלאָרן, לאָגישן אופן אין וואָס די חילוקי דעות באַשטייען, אָבער גראָד אין דעם, אין גענוי פאָרמולירן די שטעלונג, האָט זיך דעם נאַאיוו־שכלדיקן גוי בעסער איינגעגעבן ווי די יידן.

איצט, טראַכטנדיק וועגן יענעם וויכוח רעטראָספּעקטיוו, הויב איך אָן אַלץ מער איינצוזען וואו דער הונט ליגט באַגראָבן. עס איז שווער צו דערקלערן אַ גוי, וואָס עס צאַפּלט זיך ביי אַ יידן „אונטערן לעפעלע", ווען מען נעמט לכתחילה אָן גויאישע קאַטעגאָריעס אין טראַכטן וועגן אַזעלכע ענינים. יענער פּרעזידענט איז געווען קודם כל אַ ליבעראַלער, הויך־מאָראַלישער און אינטעלעקטועל־אָפּגעהיטער מענטש. דערנאָך איז ער געווען אַ געטריי־פרומער און זאָרגעוודיק־צוגעבונדענער צו דער פּראָטעסטאַנטישער לעבנס־פאָרם. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז געווען אַ טיף־לאָיאַלער אַמעריקאַנער טיפּ, פאַרוועבט אין גייסט פון זיין פאָלק און אין דער ציכטיקער דעמאָקראַטישער טראַדיציע. ווען עמעצער זאָל אַזאַ מענטשן נאָכגיין טריט ביי טריט און וועלן פאַרצייכענען אַלץ וואָס ער טוט אין רובריקעס פון נומער איינס, נומער צוויי און נומער דריי, וואָלט דאָס, פאַרשטייט זיך, געווען אוממעגלעך. מען קאָן דאָס לעבן ניט אַזוי קעסטלען און נומערירן מען זאָל קאָנען טייטלען מיטן פינגער וואו עס האַנדלט דער מענטש, ווען עס וויזט זיך דער פּראָטעסטאַנט און וואָס עס געהער דעם אַמעריקאַנער. אָבער דאָס איז זיכער געווען זיין אופן טראַכטן. די געשיכטע פון דער געזעלשאַפט פון וועלכער ער איז געווען אַ טייל און זיין וויסנשאַפטלעכע סאָציאָלאָגישע טראַדיציע האָבן צוגעוואוינט זיין געדאַנק צו טראַכטן אין טערמינען פון אַ געפּאַלמעסט לעבן. זיין שטאַט, מעסעטשוזעטס, איז געווען פון די ערשטע קאָלאָניעס זיך אָפּצורייסן פּאָליטיש פון אַ לאַנד, ענגלאַנד, מיט וועלכן זיינע אָבות זענען געווען נאַציאָנאַל און קולטורעל צונויפגעוואַקסן. די דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט האָט אָנגעפילט זיין אויג מיט אַ נייעם בליק אויף מענטש און מענטשלעכקייט. ער ווייס אויך פון אַ קאַמף פאַר אָפּזונדערן די קירך פונעם שטאַט, אַ קאַמף אין וועלכן זיינע פריערדיקע דורות זענען געווען אַזוי ליידנשאַפטלעך פאַרוויקלט.

דערצו דאַרף מען נאָך צורעכענען זיין וויסנשאַפטלעכע מעטאָדע, וואָס אַנאַליזירט, צעטיילט און צעפּיצלט דאָס מענטשלעכע לעבן אויף באַזונדערע חלקים. ואחרון חביב, די צאָלרייכע אינסטיטוציעס, וואָס באַוועגן זיך אין פאַרשיידענע ווינקלען פונעם לעבנס־געוועב: אַלגעמיינע קלובן, אַקאַדעמישע געזעלשאַפטן, קירכעס, פּאָליטישע אונטערנעמונגען, שטאַטלעכע אַנשטאַלטן —

דאָס אַלץ נעמט פאַנאַנדער דאָס לעבן אויף פאַרשיידענע טיילן, אויף וויפל דאָס איז בכלל מעגלעך.

ווען מען וויל מיט אינסטרומענטן וואָס זענען אָנגעשטעלט אין אַזאַ מין אָרקעסטראַלער האַרמאָניע אויסשפּילן דעם כאַראַקטער פון דער אייגנאַרטיקער ייִדישער „מוזיק”, מוז דערפון אַרויסקומען עפּעס וואָס קלעפּט זיך ניט, וואָס גרילצט. אָפט קומט דערפון אַרויס אַ קאָמישע סיטואַציע פונקט ווי אַ ווער־טערלעכע איבערזעצונג פון אַ פרעמדן אידיאָם.

וואָס מער מיר וועלן זיך אַריינטראַכטן אין די ספּעציפישע כאַראַקטער־שטריכן פון אונדזער מהות אַלץ קלענער וועט ווערן אונדזער חידוש פאַרוואָס די שכנישע פעלקער האָבן אונדז קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין. עס איז אויך נאַטירלעך, אַז מענטשן וואָס מען פאַרשטייט זיי ניט זאָל מען פאַר זיי מורא האָבן און אויסטראַכטן אויף זיי אַלדאָס בייז. נאָך ערגער איז וואָס מיר הייבן אָן צו ווערן אַ סוד אַפילו פאַר אונדזערע קינדער, פאַר אונדזער אייגן בלוט און פלייש. וואָרעם וואָס מער אונדזערע זין און טעכטער ווערן דערצויגן אין אַ קריסטלעכער אַטמאָספערע און זייערע מוחות אָפּערירן מיט אָנגענומענע סאָציאָלאָגישע קלאַסיפיקאַציעס, אַלץ מער ווערט פאַר זיי אונדזער פאָלקישער קיום אַ פּלאָנטער, ניט משיג צו זיין.

וואָס זענען מיר באמת: אַ פאָלק? אַ ראַסע? אַ רעליגיע? אַן עטנישע גרופּע? פּרובירט אַריינוואַרפן די דאָזיקע פראַגעס צווישן אינטעליגענטע ייִדישע יונגעלייט און איר וועט זען וואָסערע היציקע וויכוחים דאָס וועט אַרויסרופן. אָפט וועט איינער פון זיי טענהן מיט אומקאָמפּראָמיסלעכער זיכערקייט, אַז מיר זענען בלויז אַ רעליגיע, און גראָד וועט דאָס זיין אַזאַ וואָס פון ייִדישע דינים און מנהגים האָט ער בלויז געהערט, און גאָט איז ביי אים אַן אָפּגעלעבטער נאַרישער אַבערגלויבן, דאָך וועט ער אונטערשטרייכן, אַז ער איז אַ ייִד און ער בשום אופן ניט פילן די מינדסטע סתירה צווישן זיין אייגענעם אויפפיר און זיין אויפפאַסונג וועגן דעם כאַראַקטער פונעם קיבוץ מיט וועלכן ער אידענטיפיצירט זיך. וואָס זאָל ער נעבעך טאָן? וואָס איז ער שולדיק ווען אין דער קלאַסיפיקאַציע, וואָס ער פאַרמאָגט, אין אים קיין אַנדער ייִדיקער פּלאַץ, אַחוץ רעליגיע, פאַר ייִדן ניט געבליבן?

אַזוי האָט עס טאַקע אויך פאַרשטאַנען דער דערמאָנטער קאַלעדזש־פּרעזידענט. יענער האָט זיך אָבער געקאָנט דערלויבן צו זיין קאָנסעקווענט און פרעגן האַרבע קשיות. אויב, הייסט עס, איר, ייִדן, לעבט אויף דער וועלט ווי אַ באַזונדער איינס ווייל איר פאַרטרעט אַ באַשטימטע אידעאָלאָגיע, נו, האָבן מיר זי דאָך אָנגענומען, וואָס נאָך ווילט איר? מען קאָן דערויף ניט ענטפערן מיט אָנווייזן די פאַראַנענע אונטערשיידן צווישן די פּרינציפּן פון ייִדישקייט און קריסטנטום, וואָרעם מיר ווייסן דאָך, אַז ווען אַפילו די פעלקער זאָלן אָננעמען אַלע טעאָלאָגישע און עטישע אני מאמינס פון

תורה שבכתב און תורה שבעל פה וועלן יידישע יידן נאָך אַלץ וועלן בלייבן לעבן ווי אַ באַזונדער ייִדישע עדה.

גויים, לויט זייער לעבן און דענק־געוואוינהייט, האָבן אונדז אין בעסטן פאַל בלויז געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזעלכע וואָס האָבן זיך באַוואוסטזיניק אָרגאַניזירט מיט דער קלאָרער כוונה דורכצופירן אַ באַשטימטע פּראָגראַם. ממילא קאָן אונדזער עקזיסטענץ בלויז פאַרשטאַנען ווערן אין טערמינען פון ראַציאָנאַלע חשבונות. אמת, טשעכן, אָדער אונגאַרן, אָדער סערבן, קאָנען אויך ניט דערקלערן זייער צוזאַמענדיקייט מיט מאָטיוון פון שכלדיקע כוונות, אָבער זייער טעריטאָריעלע קאָנצענטראַציע איז דאָך אַ געגעבענער פאַקט, זעען זיך דעריבער ניט אָן די פּסיכישע פאַקטאָרן, וואָס שפּילן אַ ראָלע אין זייער צוזאַמענדיקייט. ביי יידן, וואו די פיזישע, אָדער טעריטאָריעלע, כאַראַק־טעריסטיק פעלט, און מיר זענען כסדר אָנגעוויזן אויף פּסיכישע כוחות, וואָס טרייבן אונדזער אויפהאַלט, שיקט זיך שוין צו פרעגן: פאַרוואָס? צוליב וואָס? וואָרים אויב עס איז ניטאָ קיין פיזישע ראַם — אַ לאַנד — וואָס לאָזט אונדז ניט פאַנאַנדערפאַלן, איז אונדזער קיום מסתמא אַ באַוואוסטזיניקער באַשלוס, וואָס מען קאָן דערקלערן על פּי שכל. אַזוי הייבט זיך אָן דער פלאָנטער פון פּרובירן דערקלערן דורך לאָגישע אַרגומענטן דאָס — דעם ייִדישן דראַנג צו לעבן — וואָס איז אין דער אמתן לחלוטין ניט קיין ראַציאָ־נאַלע קאַטעגאָריע. דער דאָזיקער פלאָנטער ווערט נאָך געפערלעכער צוליב דעם וואָס אין אונדזער שטענדיקן, געצוואונגענעם אויסטערנהן זיך מיט אונדזערע שכנים האָבן מיר אָנגעגעבן בלויז אונדזער אייגענע אידעאָלאָגישע ליניע, אַזוי צו זאָגן. עס איז אויסגעקומען, אַז די יידישע אמונה איז ניט בלויז אונדזער אַנטוויקלטער פּראָדוקט פון אַ שותפותדיק גייסטיק לעבן, נאָר אַ מין ספּעציעל פאַרטראַכטע „פּראָגראַם", וואָס איז די איינציקע באַרעכטיקונג פון אונדזער זיין אויף דער וועלט. אָבער ווען מען זעט לעבעדיקע יידן פירן אַ לעבעדיק לעבן וואַרפט זיך צו שטאַרק אין די אויגן, אַז מען קאָן דאָס ניט אויסשעפּן מיט רעזאָנירטע אידעאָלאָגישע מאָטיוון פון וואָסער סאָרט זיי זאָלן ניט זיין. דער סוף איז, אַז מען קאָן ניט געפינען אין די פאַראַנענע קלאַסיפיקאַציעס פון סאָציאַלע גרופּירונגען אַזאַ רובריק, וואָס זאָל אונדז באמת קאָנען אַרומנעמען. בלייבט די קשיא: ווער, וואָס זענען מיר? מיט וואָסערע קאַטעגאָריעס דאַרף מען זיך באַנוצן צו דערקלערן יידן?

אָט איז אַ פאָלק, וואָס האָט אַמאָל געלעבט אויף זיין לאַנד, צעשפּרייט געוואָרן, אי געצוואונגען, אי פריי־ווילליק, אין אַלע עקן וועלט, אָבער עס האָט געפילט, אַז אַלע לענדער פון אונדזער צעשפּרייטקייט זענען „גלות". דאָס געפיל פון גלות איז גאָרניט קיין פּשוטער עניין, אָבער קודם כל איז עס מחייב דריי וויכטיקע מאָמענטן, וואָס יידן האָבן תמיד אַזוי רירנדיק אויס־געדריקט: אַ געפיל פון אַ צוגעבונדנקייט צו אַן ערגעץ פון וואַנען מיר

שטאַמען, אַ געפיל און אַ גלויבן, אַז מיר לעבן איצט אין אַ מין צייטלעכער דערוויילִיקייט, און ווידער אַ טיפע אמונה, אַז ווען די צייט וועט קומען וועלן מיר זיך אומקערן אַהין וואו דער קרייז האָט זיך גענומען פאָרמירן.

ריין לאָגיש איז דאָך אוממעגלעך צו לעבן מיט אַ געפיל פון גלות אָן דעם שטענדיקן באַוואוסטזיין, אַז מיר זענען פון ערגעץ געקומענע, פון אַן „אמתן" ערגעץ. פונקט אַזוי איז פסיכאָלאָגיש אוממעגלעך, אַז דאָס זאָל ניט דערפירן צו אַ האָפענונג אויף גליקלעכערע צייטן, וואָס פאַר אונדז וועט דאָס אויך טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אומקער. ממילא קומט אויס, אַז אינעם גלות־געפיל ליגט אויך דער צונויפהאַלטנדיקער כוח פון אַ פיזיש לאַנד, כאָטש — אַנדערש ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער — בלויז אויף אַ פסיכישער פלאַך. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז דער דאָזיקער מאָדנער געמיש פון „פיזיק" און „פסיכיק" האָט אַריינגעבראַכט אַן אייגנאַרטיקן פאַקטאָר אין דער טבע פון אונדזער צוזאַמענדיקייט. אָבער וואָסער וואָרט אָדער פאָרמולע קאָן דעם דאָזיקן כאַראַקטער באַצייכענען?

די אמוראים פון בבל און אַלע שפּעטערדיקע, ביז די פוילישע לומדים פון איצטיקן יאָרהונדערט, האָבן זיך הייס מפלפל געווען וועגן אַלע הלכות פון דער משנה. אָבער זיי זענען לחלוטין ניט געווען מער אַריינגעטאָן אין די דינים, וואָס האָבן געהאַט אַ לעבעדיקן פּראַקטיש־רעליגיעזן ווערט ווי אין די וואָס זייער וויכטיקייט — אין היינטיקן לשון — איז בלויז געווען אַ היסטאָרישע. פאַר זייער לומדישן נייגער האָבן די הלכות וועגן בדיקת חמץ, למשל, ניט געשפּילט אויף אַ האָר קיין גרעסערע ראָלע ווי די צאָל־רייכע יורידישע באַשטימונגען אין שייכות צום קרבן פסח. מען קאָן ניט זאָגן, אַז דאָס איז פאַר זיי געווען אַ מין מעטאָדישער צוגאַנג צו אַן אָביעקט פון פערזענלעכער פאָרשונג, ווייל זיי האָבן דאָך דאָס אויך געמאַכט פאַר אַ מוז און פאַר אַ הערשנדיקער אַטמאָספערע אינעם חינוך פון די וואַקסנדיקע יידישע דורות. ווען קינדער לערנען היינט אין גמרא־חדר, אָדער אין דער ישיבה, די מסכתא פסחים פאָדערט זיך פון זיי אַקוראַט די זעלביקע ערנסטע התמדה אין ביידע ענינים, זיי לערנען געשמאַק אי די משנה, אַז דעם פערצנטן טאָג אין ניסן דאַרף מען בודק חמץ זיין, אי אַזאַ משנה ווי: „מען טאָר ניט בראָטן דעם קרבן פסח אויף אַ שפּיז און אויך ניט אויף בראָט־אייזנס". די ערשטע משנה איז פאַר זיי וויכטיק ווי אַן איצטיקער לעבעדיקער ענין; די צווייטע האָט ניט קיין שום שייכות צום אַרומיקן רעאַלן לעבן, אָבער זיי ווערן דערצויגן אין אַן אַטמאָספערע וואו די דאָזיקע נפקא מינה האָט ניט דעם מינדסטן ווערט. אויך דאָ, פונקט ווי פריער ביים „לאַנד", זעען מיר די זעלביקע כאַראַקטעריסטישע טענדענץ, כאָטש אויך אויף אַן אַנדער שטח און אין אַ גאַנץ אַנדער שאַטירונג, וואָס דערלאָזט ניט קיין צעטיילונג אויף „פיזיק" און „פסיכיק" אין דער גאַנצקייט פון יידישן קיום.

איך האָב אַמאָל מיט אַ געמאַכטער נאַאיוויטעט געפרעגט ביי אַן אַלט־מאָדישן ייִדן צי ער האַלט, אַז יידן זענען אַ פאָלק אָדער אַ רעליגיע. ער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ משונהדיקן בליק, עס האָט געקאָנט מיינען, אַז אָדער אים איז ניט קלאָר מיין פראַגע, אָדער אַז איך בין, ניט אויסגערעדט זאָל עס זיין, געררירט פון זינען. ער האָט אָבער ענדלעך אַרויסגעפּלאַצט: „אַ פאָלק, רעליגיע, וואָס גייט עס אייך אָן? און אַז מיר זענען יידן איז אייך ווייניק? פאַרן רבונו של עולם איז גענוג אַז מיר זענען יידן. איז עס פאַר מיר אויך גענוג. איר האָט מסתמא אַ גרינגן קאָפּ זיך אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע פוסטע זאַכן". ווען מען זעצט דאָס איבער אויף אַ מאָדערנעם לשון וועט עס באַטייטן, אַז ווען מען וויל יידן אַריינקוועטשן אין אַ וועלכער ניט איז סאָציאָלאָגישער קלאַסיפיקאַציע מוז מען פון זיי אַרויסקוועטשן דאָס ספּעציפישע פּינטעלע פון זייער אַנדערשקייט. דאָס בעסטע וואָס מען קאָן זאָגן וועגן יידן איז אַז זיי זענען יידן. קיין שום אַנדער באַצייכענונג וועט ניט העלפן זיי בעסער צו פאַרשטיין.

פּראָפעסאָר לוי גינזבערג זוכט אין דער הלכה צו דערגיין ווי אַזוי אַמאָליקע יידן האָבן געטראַכט וועגן די דאָזיקע ענינים. ער געפינט דאָס, אויף אַן אומדירעקטן אופן, אין צוויי הלכות: „ווען אַ ייד שמדט זיך ירשנט ער זיין פאָטערס אייגנס. ווען אַ גוי איז זיך מגייר ירשנט ער ניט זיין פאָטערס אייגנס, צי זיין פאָטער איז זיך יאָ מגייר צי ניט". פּראָפעסאָר גינזבערג וויל אין דעם זען אַ בליק, אַז די בלוט־קרובהשאַפט, וואָס בינדט אַ יידן צו זיין פאָלק, קאָן קיינמאָל ניט איבערגעריסן ווערן. אַזאַ אויסטייטש איז אָבער ניט קיין מוז. עס קאָן זיין, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ אידייע וואָס איז אַ סך סובטילער איידער „בלוט". מעגלעך, אַז דאָ ליגט דער געדאַנק, אַז ביי יידן איז יידישקייט אַ מיסטישע אייגנשאַפט, וואָס אָן דעם איז ביאָ־לאָגישע פאַרבינדונג בכלל ניט קיין יש. ממילא ווען אַ יידיש קינד ווערט געבוירן ביי אַ יידישן טאַטן זענען זיי פאָטער און קינד, מאַכט ניט אויס וואָס עס געשעט מיט זיי שפּעטער, אָבער ווען גויים ווערן יידן, אַפילו ווען זיי זענען פאָטער און קינד, קומען זיי צו אונדז ווי צוויי מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין קרובהשע שייכות צווישן זיך, ווייל די יידישקייט־אייגנשאַפט האָט זיי ניט פאַרבונדן אין דער צייט ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן.

די טענדענץ צו זען אין יידן אַ מיסטישן כוח, וואָס באַאיינפלוסט דעם גאַנצן דרך פונעם סדר העולם, איז זיכער ניט קיין יוצא מן הכלל אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור. סיי אין תנ"ך, סיי אין דעם וואָס מיר געפינען אין די ספרים ביז די סאַמע לעצטע פון די אחרונים, איז זיכער פאַראַן אַ סך מער בוכשטעבלעכקייט אין פאַרשיידענע בילדער און אויסדרוקן, וואָס היינטיקע צייטן זענען מיר געניגט זיי אויסצוטייטשן ווי פּאָעזיע און רעטאָ־ריק. אויפן פּסוק אין זכריה ב': „כי כארבע רוחות השמים פרשתי אתכם

נאום ה׳״, דרשנט ר׳ יהושוע בן לוי: „כשם שאי אפשר לעולם בלא רוחות, כך אי אפשר לעולם בלא ישראל״ (פונקט ווי עס קאָן ניט זיין קיין וועלט אָן ווינטן, אַזוי קאָן ניט זיין קיין וועלט אָן יידן). עס לייגט זיך גאַנץ גוט אויפן שכל, אַז ר׳ יהושועס „אי אפשר״ איז ניט קיין רעטאָרישע גוזמא נאָר טאַקע אַ פילאָסאָפישע איבערצייגונג. אַפילו ר׳ יהודה הלוויס באַרימטער זאָג, אַז יידן זענען דאָס האַרץ פון דער וועלט, איז אפשר אויך מער ווי אַ שטאַרקער פּאָעטישער אויסדרוק, און די „וועלט״ וואָס ער האָט אין זינען שעפּט זיך ניט אויס מיט דער פיזישער ווירקלעכקייט.

פון דעם אַלעם ווערט זיכער ניט לייכטער צו דעפינירן אין מאָדערנע סאָציאָלאָגישע טערמינען דעם כאַראַקטער פון דער היסטאָרישער יידישער שותפות, און די ריזיקע כוחות, וואָס האָבן תמיד געווירקט זי צו צעמענטירן. דער וואָס פּרובירט דאָס טאָן מוז זיך פאַרוויקלען אין סתירות פון וועלכע עס איז שווער זיך אַרויסצופּלאָנטערן.

מען קאָן דאָס באַמערקן ביי די ערשטע רעפאָרמער, ווען זיי האָבן געוואָלט אַריינפּאַסן די גאַנצע יידישקייט אין דער ראַם פון אַן עטיש־מאָנאָטעאיסטישער רעליגיע. אויף אַ קאָנפערענץ, וואו עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון מצות מילה, האָט איינער פון די פילאָסאָפיש־געשולטסטע צווישן זיי, האָלדהיים, געטענהט, אַז מילה איז בלויז אַ צייכן און אַ תנאי אין אַ טעאָקראַטיש־נאַציאָנאַלער יידישקייט, אָבער דער רעליגיאָ־אוניווערסאַליסטישער בונד איז דאָס לחלוטין ניט מחייב. ניט פון דער מילה־אָפּעראַציע ווערט אַ קינד אַ ייד, נאָר דורך דעם וואָס עס ווערט געבוירן ביי יידן. אַזוי טראַכט דער דייטש פון משהס גלויבן. אָבער אַזאַ מין אַרגומענטאַציע פּאַסט גיכער פּאַר אַן עקסטרעמען סעקולאַריסטישן נאַציאָנאַליסט, וואָס ביי אים ווערט נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט אַרויסגעשטעמפּלט פון דרויסן. וואָרעם אויב יידישקייט איז בלויז אַ רעליגיע, אַ סיסטעם פון אידייען און גלויבנס, דעמאָלט קאָן עס בלויז זיין אַ פּסיכישער פּראָצעס, וואָס מען קאָן אָננעמען און אויך בייטן. ווי אַזוי קאָן דער הוילער אַקט פון געבוירן ווערן מאַכן פון אַ קינד אַן עטישן מאָנאָטעאיסט?

איז אפשר בעסער זיך איבערצובעטן מיט יענעם אַלטמאָדישן יידן, וואָס האָט געפילט אינעם וואָרט „יידן״ אַלץ וואָס בינדט אונדז צונויף, און וואָס גיט אונדז די פּאָזיציע, וואָס מיר פאַרנעמען אין דער מענטשלעכער וועלט. יאָ, איך דערמאָן זיך, אַז אַפילו די באַצייכענונג „דאָס יידישע פאָלק״ איז אויך אַ נייער אויסדרוק. אויב איך האָב קיין טעות ניט איז ער ניט עלטער ווי דער אויפקום פונעם ציוניזם. עס איז מערקווירדיק, אַז די אַנטי־ציוניסטישע יידישע סאָציאַליסטן האָבן ביז גאָר דער לעצטער צייט אָפּגעוואָרפן מיט ווידערווילן דעם אויסדרוק „דאָס יידישע פאָלק״, כאָטש זיי האָבן זיך אַזוי הויך־שטימיק אידענטיפיצירט מיט דער קולטור, וואָס בלויז אַ פאָלק

קאָן באַשאַפן. זיי האָבן אויך גערעדט גאַנץ פריי וועגן ענגלישן, אָדער פראַנצויזישן פאָלק, כאָטש אויך דאָרט זענען פאַראַן קלאַסן מיט קלאַסן־קאַמף. קענטיק, אַז זיי האָבן ניט געפונען קיין גרייטן פּאַסיקן טערמין פאַר יידישער היסטאָרישער צוזאַמענדיקייט, און זייער אָריענטאַציע איז געווען אַזאַ, אַז ס׳איז זיי ניט שטאַרק געלעגן צו שאַפן דעם נייטיקן טערמין.

די אַלטמאָדישע יידן, די וואָס זענען נאָך טיף איינגעוואָרצלט אין דער עלטערער יידישער פאָלקסטימלעכקייט, זיי האָבן זיך נאָך ביז איצט ניט איבערגעבעטן מיט רופן זיך „יידיש פאָלק״. זיי פילן נאָך אַלץ אין דעם אפשר אַ באַרעכטיקטע פרעמדקייט. זיי לעבן אַזוי אינטענסיוו אונדזער היסטאָרישע אייגנאַרטיקייט, אַז זיי קאָנען ניט דערפילן זיך אַליין אין אַ נאָמען — פאָלק — וואָס איז חל אויך אויף אַנדערע.

ווייזט אויס, אַז אויב שוין יאָ אַ ספּעציעלן טערמין איז שוין גלייכער אים צו נעמען פון דער אייגענער הײם. אמת, אַזאַ טערמין קאָן דעמאָלט בלויז זיין אַ קאָנצענטרירטער סימבאָלישער נאָמען פאַר אַלץ וואָס יידן שטעלן מיט זיך פאָר. ער קאָן ניט דינען אין אַ פאַרגלייך מיט אַנדערע ענלעכע געזעלשאַפטלעכע פאָרמאַציעס. אָבער וואָס קאָן מען זיך העלפן ווען קיין ענלעכע זענען ניטאָ?

איך האָב אין זינען דאָס וואָרט „ישראל״. יאָ, ווי אָפּט אונדזער פאָלקס־טימלעכער יידיש ווענדט זיך צו „ישראל״ כדי אַרויסצולייגן די געהעריקע וואָג און דעם יידישן טראָפּ אויף סיטואַציעס וואו דאָס אינטים־אייגענע דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן. אַלע יידן צוזאַמען, ווי אַ יידישע געזעלשאַפט, זענען כנסת ישראל, כלל ישראל, כל ישראל, די באַזונדערע יידישע ישובים זענען תפוצות ישראל, בעת דער איינצלנער ייד, ווי אַ טייל פון יידישן כלל, איז רעב ישראל. דער וואָס נייגט אָפּ פון יידישן דרך איז אַ פּושע ישראל, אַן עוכר ישראל, און אונדזער פיינד איז אַ שונא ישראל. דאָס ווערטל: „אַ בת ישראל נייט מען ניט״, וויל אין אונדז דערוועקן וואַרעמע געפילן דורך דערמאָנען די אַלץ־אַרומנעמענדיקע אָנגעהעריקייט פון דער „בת״.

איז ווען מען זאָל מיך פרעגן: וואָס אַ שטייגער זענען יידן: אַ ראַסע? אַ פאָלק? אַ רעליגיע? אַן עטנישע גרופּע? וואָלט איך געענטפערט, אַז פון די אַלע פיר איז מיר שווער אויסצוקלייבן. איך קאָן בלויז זאָגן, אַז יידן זענען „אַ״ ישראל. איך וואָלט בלויז מוסיף געווען: דאָס איבעריקע גיי און לערן.

(1946)

# יידן, היינט

ווען איר געפינט זיך צווישן אַ סך מענטשן קוקט זיך צו גענוי צו זייערע פּנימער. אויב איר וועט ניט אַריינפאַלן אין אַ מיסטישער שטימונג, וועט דאָס זיין אַ סימן אַז איר זייט עפּעס ניט מיט אַלעמען. אַז מען קוקט פון אויבנאויף פאַרמאָגט אַ מענטשלעך פּנים עטלעכע געציילטע אָרגאַנען: שטערן, אויגן, נאָז, ליפּן, באַקן. בלויז עטלעכע געציילטע אָרגאַנען, און דאָך וויפל מיליאָנען מיליאָסן פּנימער עס זענען שוין געווען אויף דער וועלט, און, ווען איר רעכנט אַראָפּ געוויסע סאָרטן צווילינגען, איז יעדעס פּנים אַנדערש, אַן אייגנאַרטיקע אינדיווידועלע לאַנדשאַפט. דאָס פיזישע אויסזען איז אַנדערש, דער פּסיכישער איינדרוק איז אַנדערש, אַלץ איז אַנדערש, איז דען דאָס ניט איינס פון די גרעסטע וואונדער אין דער וועלט?

ווייזט אויס, אַז „פּנים" איז בלויז אַן אַלגעמיינער נאָמען, אַ גענעראַלי־זירטער באַגריף, וואָס זאָגט אונדז וויניק וועגן די ספּעציפישע מענטשלעכע געשטאַלטן אין וועלכע מיר זענען פאַראינטערעסירט. מענטשלעכע פּנימער ווערן געבוירן און שטאַרבן, האַלטן זיך אין איין איבערחזרן, און דאָך, אין דער אמתן, חזרן זיי זיך קיינמאָל, קיינמאָל ניט איבער.

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם אַלטן זייער אויבנאויפיקן געדאַנק, אַז געשיכטע חזרט זיך איבער. אין אַ געוויסן זינען איז דאָס בלי ספק ריכטיק. אַמאָל זענען געווען מענטשן, היינט זענען דאָ מענטשן. אַמאָל האָבן מענטשן געפירט מלחמות, היינט אויך אַזוי. אַמאָל האָבן מענטשן געגעסן, זיך פאַר־ליבט, חתונה געהאַט, געקינדלט, געזוכט פּרנסה, געשטאָרבן, היינט אַקוראַט דאָס אייגענע. אָבער וואָס לאָזט דאָס אונדז הערן? עס איז פּונקט ווי מען זאָל זאָגן, אַז אַ פאַטש איז „עפּעס", גוט־שבת איז אויך „עפּעס", און אַ לונג־און־לעבער איז ווידער „עפּעס". וואו איר גייט, ווען איר גייט, געפינט איר „עפּעס". איז דאָך, הייסט עס, פון דעם געדרונגען אַז „עפּעס" חזרט זיך איבער. יאָ, עפּעס חזרט זיך איבער, אָבער גראָד דאָס וואָס האָט אַ קנאַפּן ווערט פאַר אונדזער געדאַנק, דערצו נאָך אין אַ צייט ווען מיר שלאָגן זיך ממש קאָפּ אָן וואַנט צו געפינען אַ קאָנקרעטן וועג אין קאָנקרעטן לעבן. היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס זענען אָפט רייצנדיק מיט זייערע רעגנבויגן־פאַרבן, אָבער דאָס איז אויך ריכטיק וועגן יעדן זייפנבלאָז.

מען קאָן זייער גוט פאַרשטיין די, וואָס ביי זיי האָבן זיך איצט געעפנט אַלע קוואַלן פון השתפכות הנפש, וואָס זייער דערשלאָגן, אָדער פאַרוווירט געמיט, געפינט זיך איצט אינגאַנצן אונטער דער הערשאַפט פון זאָגן קדיש, אָדער זינגען דעם טרייסטנדיקן הלל פון „נצח ישראל לא ישקר". אַזעלכע

השתּפכותן קומען פון זיך אַליין ביי יעדן פון אונדז, און מיר דאַכט זיך, אַז קדיש און הלל בייטן זיך איינס מיטן אַנדערן אַפּילו ביים זעלביקן יידן אין פאַרשיידענע רגעס פון אַבלדיקן געמיט.

אָבער אונדזער גרויסער ידישער חוב איז איצט אָנצושפּיצן די לעצטע כוחות פון אונדזער חוש הראיה צו זען דאָס ספּעציפישע פּנים פון דער צייט; צו זען אַלע מעגלעכע, טליענדיקע כוחות וואָס רודערן זיך נאָך אין אונדז אַליין, און אויף וועלכע מיר קאָנען זיך אָנשפּאַרן. אויב עס איז ערגעץ־וואו פאַראַן אַ ליכט אינעם מאומדיקן חושך, וואָס רינגלט אונדז אַרום, קאָן מען דאָס בלויז אויף אַזאַ אופן דערבליקן. אַ סך גוטס קאָן אַרויסקומען פון שאַרף און בולט אַנאַליזירן די לאַגע אַפּילו ווען דאָס וויזט אונדז בלויז דעם טיפן תהום צו וועלכן מיר זענען איצט געקומען. וואָרים בלויז אין אַזאַ אַטמאָספער קאָן געבוירן ווערן דאָס וועגווייזערישע ליכט.

האָט זיך דער יצר־הרע פון וועלן זען, וואָס קלאָרער, וואָס שאַרפער, ממש דערפרייט אין מיר, ווען איך האָב געלייענט פּראָפעסאָר ראַווידאָוויטשעס אַרטיקל „לעבעדיק מאַכן די לעבעדיקע" („אייניקייט", יאַנואַר 1946). ער וויל „אַ יידישן קאָנסטרוקטיוון, שעפערישן רעאַליזם פריי אין גלייכער מאָס סיי פון אָפּטימיזם, סיי פון פּעסימיזם". איז דאָס זיכער דער ריכטיקער, דער איינציק ריכטיקער צוגאַנג. אָבער פּראָפעסאָר ראַווידאָוויטש וויס שוין פון פריער וואוהין דער צוגאַנג וועט פירן, און דאָס רופט אַרויס זייער אַן ערנסטן חשד, ווי בכלל ביי יעדן אַנאַליטישן צוגאַנג ווען מען וויס לכתחילה וואָס ער וועט אַרויסברענגען.

דער הויפּט־געדאַנק פונעם אַרטיקל וויל זאָגן: ערשטנס, אַז ס'איז פאַלש צו האַלטן אַז יידן זענען איצט אויפן שיידוועג; „כמעט יעדער דור אין אונדזער לאַנגער געשיכטע האָט זיך באַטראַכט ווי דער לעצטער דור, ווי דאָס לעצטע רינגעלע אין דער קייט פון די דורות. יעדער דור האָט געלעבט אונטער דעם שווערן דרוק פון געפיל און מורא, אַז דאָס איז דער סוף פון פאָלק ישראל, דער „קץ כל הדורות". כמעט יעדער גרויסער געלערנטער ביי אונדז, פון די צייטן פון די תנאים און אמוראים אאַ"וו, ביז אויפן היינטיקן טאָג, האָט זיך באַטראַכט ווי דער „קץ התורה", דער סוף פון גייסט און שאַפן פון פאָלק ישראל". פונדעסטוועגן האָבן אַלע אַ טעות געהאַט. ניט־געקוקט אויף אַלע אונדזערע צרות און פורעניותן לעבן מיר, שאַפן מיר, זענען מיר אַ פאָלק. האָבן מיר דאָך, הייסט עס, אַ בפירושע ראיה פון אַלע היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס, אַז די שכינה קאָן ניט שטאַרבן און ישראל וועט ניט בלייבן קיין אלמן.

צווייטנס איז וויכטיק אין זינען צו האָבן, אַז „די יידישע קיבוצים לעבן און עקזיסטירן אַוואו זיי לעבן און עקזיסטירן היינט, אַוואו זיי וועלן לעבן און שאַפן מאָרגן און איבערמאָרגן — צי אין ארץ ישראל, צי אין די

תפוצות ישראל — ניט אַלס טאָלערירטע אָרגאַניזמען, ניט מיטן „חסד״ פון די פעלקער, נאָר אויפן באַזיס פון פולער רעכט וואָס קאָן ניט גערויבט ווערן פון וועלכער ס׳איז גרופּע מענטשן; אַן עלעמענטאַר רעכט פון דער גרופּע צו זיין וואָס זי וויל, אויסצודריקן און צו שאַפן און זיך אַנטוויקלען ווי אירע אימאַנענטע כוחות דערלויבן און צווינגען איר. די דאָזיקע גרונד־רעכט — אָן וועלכער די וועלט בכלל קאָן קיין קיום ניט האָבן און צו קיין שלום ניט קומען — קאָן ניט באַשרענקט ווערן נאָר אויף איין יידישן קיבוץ, אָדער יידישן „צענטער״. זי גילט און מוז גילטן פאַר אַלע יידישע קיבוצים וואו זיי געפינען זיך״.

דער דריטער פּונקט, דער פּראַקטישער פאָרשלאָג, לייגט פאָר צו שאַפן אַ נייע באַוועגונג ביי יידן. וואָרעם „שטאַרקן דעם לעבנס־רצון, באַפעסטיקן די כלי־זין פון יידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ־קאַמף — קאָן נאָר אַ באַוועגונג וואָס גלויבט אין יידישן פאָלק אַלס אַזעלכן, וואָס גלויבט אין גאַנצן יידישן פאָלק וואו ער זאָל ניט זיין — קורץ, וואָס איר ערשטער אני מאמין, אָדער לכל הפּחות איינער פון די ערשטע, איז: אני מאמין בעם ישראל... אַזאַ באַוועגונג מוז געשאַפן ווערן ביי אונדז״.

פּראָפעסאָר ראַווידאָוויטש איז איינער פון די גאָר ערנסטע העבראַעישע שרייבער. דאָס וואָס ער ווינטשט יידן זאָל אונדז וואָס שנעלער מקוים ווערן. זיינע מיינונגען וועגן גלות, אָדער וועגן די תפוצות ישראל אין שייכות צו ארץ ישראל, זענען אונדז גוט באַקאַנט שוין פון לאַנג. אַזוי ווי דאָס איז אַ פראַגע ניט בלויז פון אַבסטראַקטן געדאַנק, נאָר האָט דער עיקר צו טאָן מיט פּראַקטישער טעטיקייט, מיט צופּאַסן זיך צו אַ לעבעדיקער, רעאַלער וועלט, איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס ער פאָדערט אַ ניכטערן, רעאַליסטישן צוגאַנג. אָבער ווען מען באַטראַכט זיין צוגאַנג, זיין אַנאַליז פון איצטיקן יידישן מצב, ווערט מען ממש נשתומם פון די זייער אומרעאַליסטישע אַבסטראַקציעס פון וועלכע ער ווערט באַהערשט.

נאָך מער, ער אַליין וואָרנט אונדז קעגן פּוסטן „סופּער־אָפּטימיזם״, קעגן דער „ביליקער נחמה״, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף לייכטזיניקן און לייכט־לעביקן בטחון, וואָס באַפרידיקט זיך מיטן גרינגן געמיט, אַז דאָך זענען נאָך אַלץ עלף מיליאָן פאַרבליבן. אָבער די דאָזיקע מליצהדיקע בטחון־רעטאָריק איז דאָך דער עיקר זינדיק דערמיט וואָס זי באַמערקט ניט איר נעווראָטישן אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט, און זי פאַרשליסט זיך אין די הימלען פון אויבנאויפיקע היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס. פּראָפעסאָר ראַווי־דאָוויטש גרענעצט זיך אָפּ טעאָרעטיש פון די דאָזיקע אָראַטאָרישע וועגווייזער, אָבער פּראַקטיש פאַלט ער אַריין אַקוראַט אינעם זעלביקן דרך.

קודם־כל, וועגן דער גלייכקייט פון אַלע תפוצות ישראל. זענען טאַקע אַלע יידישע קיבוצים „גלייך״? וואָס באַטייט „גלייך״? איז דאָס עטישע

גלייכקייט, לעגאַלע, נאַציאָנאַלע, וואָס? פאַר דער מלחמה איז דער יידישער ישוב אין ליטע געווען קלענער אין צאָל ווי אין פראַנקרייך, אָבער אומ־פאַרגלייכלעך העכער פון פראַנקרייך קוואַליטאַטיוו. וואָלטן מיר דעריבער געדאַרפט האַלטן, אַז אַ ליטווישער ייד מעג קוקן פון אויבן־אַראָפּ אויף זיין פראַנצויזישן ברודער, ווי אויף עפּעס אַ יידן מיט אַ קלענערן פּערזענלעכן ווערט? דאָס וואָלט באמת געווען אַן אוממאָראַלישע חוצפּה. ווער וואָלט דאָס געקאָנט באַרעכטיקן? אָדער לאָמיר זאָגן, אַז מיר קומען זיך צונויף אויף אַ יידישן וועלט־קאָנגרעס — אייגנטלעך אַזאַ באַוועגונג ווי פּראָפּ. ראַווידאָוויטש לייגט פאַר אַביסעלע צו שפּעט — וואָלט דען עמעצן איינגע־פאַלן, אַז מען זאָל אָוועקלייגן מער לעגאַלע וואָג אויף ליטווישע שטימען ווי אויף פראַנצויזישע? זיכער וואָלט דאָס מינדסטע דעמאָקראַטישע געפיל ניט דערלאָזט צו באַגיין אַזאַ עוולה. אָבער ווען איך וואָלט געזאָגט, אַז דער ליטווישער קיבוץ פאַרמאָגט גרעסערע, אינטענסיווערע יידישע שאַפונג־פּאָטענצן ווי דער פראַנצויזישער, אַז מען קאָן זיך אויף אים מער סומך זיין אַז ער וועט אַרויסווייזן מער יידיש־בויענדיקע גבורה, וואָלט איך אויף זיך גענומען דעם מוראַדיקן חטא פון אומגלייכער באַציאונג? אָבער דאָס איז דאָך געווען אַ נאַקעטער, אויגן־רייסנדיקער פאַקט. וואָלט דען בעסער געווען פאַר יידן אַזאַ בשורה טובה צו פאַרהוילן? אמת, אָט די פאַקטישע אומגלייכקייט וואָלט זיך נאַטירלעך אָפּגעשפּיגלט אין דער גאַנצער באַציאונג פון אַ יידישן וועלט־קאָנגרעס צו די דאָזיקע צוויי ישובים, אָבער דאָס יידישע שאַפנדיקע פאָלק וואָלט דאָך בלויז געוואונען פון דעם.

צו זאָגן אַז אַלע יידישע קיבוצים זענען גלייך איז ווי זאָגן אַז אַלע מענטשן זענען גלייך. דאָס קאָן בלי ספק זיין ריכטיק, אָבער עס ווענדט זיך וואָס מען האָט אין זינען. אַלע מענטשן זענען טאַקע גלייך, און דאָך האָט מען זיגמונד פרוידן אַרויסגעראַטעוועט פון היטלערס נעגל בעת אַנדערע ווינער יידן האָט די נאַצישע בעסטיע פאַרצוקט. אַלע מענטשן זענען טאַקע גלייך, אָבער קינסטלער, וויסנשאַפטלער, געזעלשאַפטלעכע פירער, דענקער, אַלע פילן זיי אַז דאָס פאָלק איז זיי שולדיק כבוד און וואוילזיין, בעת דער פּשוטער מענטש פון אַ גאַנץ יאָר מוז זיך באַגיין אַפילו אָן אַן איינציקן באַנקעט דורכן גאַנצן לעבן, און ער אַליין האַלט ניט אַז דאָס איז אַן עוולה.

די שווערסטע זינד פון די היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס באַשטייט אין איינגעשפּאַרטן פאַרקוקן די ספּעציפישע שטריכן פון היינטיקן וועלט־מצב בכלל, און פון יידן בפרט. אַזאַ בלינדער צוגאַנג דערלאָזט ממש ניט מען זאָל זען וואו דאָס אומגליק שטעקט און זוכן אַן אויסוועג. אָוודאי איז פּראָפּ. ראַווידאָוויטש גערעכט, אַז פּעסימיזם — אָפּטימיזם איז אַן אומגליק־לעכע צעטיילונג. זיכער, ביידע פאַרפירן אין פאַראַליזירנדיקער היסטאָריע

אָדער אין אַ מאָמענטאַלער שיכרות. מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס דאָס קאָן שוין אויפטאָן פאַר אונדז. דעריבער איז קודם כל וויכטיק מען זאָל איינזען דאָס פּנים פון דער וועלט אַרום, און פון אונדזער לאַגע אין איר, לויט די איצטיקע ספּעציפישע שטריכן און ניט לויט אויבנאויפיקע ענלעכקייטן צו פריערדיקע עפּאָכעס.

עס וואָלט צו ווייט פאַרפירט זיך געבוי אָפּצושטעלן אַפילו אויף די וויכטיקסטע כאַראַקטער־שטריכן פון דער איצטיקער צייט אין שייכות צו יידן. לאָמיר דאָ איבערגעבן, בקיצור, מאָמענטן וואָס האָבן ניט קיין גלייכן אין קיין שום פריערדיקער עפּאָכע פון דער יידישער געשיכטע.

די קאַטאַסטראָפע אין פּוילן. ווען מען זאָל אויף אַ ווײַלע אַרויסנעמען ארץ־ישראל, איז ביז 1939 דאָס יידישע פּוילן (און ליטע און רומעניע) געווען אַ ישוב מיט די העכסטע יידיש־שאַפערישע קוואַליפיקאַציעס, מיטן אינטענסיווסטן יידיש־פּאָלקישן לעבן, און מיט די רייכסטע פּאָטענציעלע כוחות צווישן אַלע יידישע קיבוצים אין דער גאַנצער וועלט. אין שכנות מיט דער אַלטער יידישקייט איז אין פּוילן געוואַקסן אַ רייכע מאָדערנע יידישע קולטור אין יידיש, אין העברעאיש און אויך אין דער לאַנד־שפּראַך. אָבער אַלע וויכטיקסטע פאָרשטייער פון דער היינטוועלטיקער יידישקייט האָבן אַליין געשטאַמט פון עלטערן יידישן דור, האָבן פון אים געצויגן זייער גייסטיקע יידישע יניקה. דער פאַקט, וואָס אָט די ביידע יידישע וועלטן האָבן געלעבט צוזאַמען, ניט געקוקט אויף אַלע ביטערע קאָנפליקטן צווישן זיי, האָט גע־ווירקט, אַז דאָס נייע פון היינט זאָל כסדר שטיין אונטערן איינפלוס פון די פּאָזיטיווע ווערטן וואָס דער נעכטן, און אַלע יידישע נעכטנס, האָבן געשאַפן.

אין פּוילן איז ניט פאַרגעקומען דאָס אומגליק וואָס האָט דעם יידישן גייסטיקן לעבן פאַרכאַפּט אין דער רוסישער רעוואָלוציע. אין רוסלאַנד האָט אַ באַוואוסטזיניק־קאָנטראָלירט מעסער אין איין שיינעם טאָג איבער־געשניטן דעם האַלדז פון דער גאַנצער אַמאָליקער יידישער וועלט. איז דער נייער דור געבליבן מיט אַ נעבעכדיק געשעפטל, אָן דעם קאָלאָסאַלן פאַרמעגן, וואָס טויזנטער יאָרן האָבן אַרײַנגעלייגט אינעם יידישן אוצר.

אין דער צייט ווען דאָס יידישע שפּאַניע איז אונטערגעגאַנגען מיט אַזאַ שרעקלעכן געוואַלט־מאָרד, איז שוין געווען גרייט אָן אַלטער איינגעוואָרצלטער ישוב אין מערב ווייטער צו שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדעם. ווער זאָל דאָס איצט טאָן? עס דאַרף געדויערן זייער אַ לאַנגע צייט אַז אַן אימיגראַנטן־ישוב — אַפילו בײַ די בעסטע אָביעקטיווע מעגלעכקייטן — זאָל זיין אַ גליקלעכער יורש פון אַזאַ עשירות.

דער גרעסטער יידישער קיבוץ אין דער וועלט, אַמעריקע, האָט אירע געלערנטע און מדריכים נאָך אַלץ געשעפּט פון מזרח־אייראָפּע. איצט וועלן מיר דאָ זיין אָנגעוויזן אויף זיך אַליין און מיר וועלן זיך, ווער וויס ווי

לאַנג, מוזן באַנוגענען מיט אַ נחות דרגאדיקער יידישער גייסטיקער פּירער־שאַפט. דער כוח פון פוילן האָט אונדז אַלעמען דאָ געשטאַרקט און דערהויבן. איצט איז דער ייד אין אונדז ווי איבערגעבראָכן געוואָרן, האַלב ייד, און האַלב יידישער בית־עולם.

סאָוועטישע יידן. פּראָפ. ראַווידאָוויטש דערמאָנט, אַז אין אַלע דורות האָבן יידן זיך געצאַפּלט פון שרעק אַז דער סוף וועט באַלד קומען, ער פאַרגעסט אָבער צו דערמאָנען וואָסער ריזיקער אויפהאַלטנדיקער כוח אָט די עצם צאַפּלעניש איז געווען. מען האָט זיך געשראָקן, האָט מען געוואָרנט, האָט די קהילה אַרויסגעגעבן תקנות, האָט מען אויפגערודערט יידישע הער־צער. אָבער ווען און וואו איז געווען אַזאַ צייט אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע ווען יידישע פּירער אַליין האָבן אָפן פּראָקלאַמירט, אַז יידישער קיום איז יאָ־יאָ, ניט־ניט?

אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז די באַפעלקערונג צעטיילט לויט זייערע נאַטירלעכע שפּראַכן און זיי האָבן אין דעם פּרט אויטאָנאָמישע רעכט, אָבער די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, די אמתע הערשנדיקע מאַכט, איז אָרגאַניזירט צוזאַמען, אַל־סאָוועטיש. קומט אויס, אַז כאָטש יידישע קאָמוניסטן אַרבעטן אין דער יידישער סביבה, קאָנען זיי אָבער ניט זיין יידיש אָריענטירט, ווייל דער אַלגעמיינער מלוכהשער כאַראַקטער פון זייער אַרבעט און זייערע אָרגאַ־ניזאַציע־פאָרמען דערלאָזן דאָס ניט. ווען, למשל, דער באַזוך פון יידישע קינדער אין די שולן (מיט יידיש ווי די אומגאַנג־שפּראַך) האָט כסדר געהאַלטן אין איין פאַלן, ווי האָבן אויף דעם רעאַגירט די דאָרטיקע יידישע טאָן־געבער? אין „עמעס" פון 9טן יאַנואַר, 1935, שרייבט זיך וועגן דעם: „אויב די שילער באַהערשן בעסער די רוסישע אָדער אוקראַינישע שפּראַך, אָדער ווען זיי באַהערשן אַפילו ערגער די רוסישע אָדער אוקראַינישע שפּראַך, נאָר זיי לעבן דורכויס אין אַ רוסישער אָדער אוקראַינישער סביבה, איז דורכויס צוועקמעסיק אַז די דאָזיקע שילער זאָלן גיין אין אַ רוסישער אָדער אוקראַיני־שער שול. שלעפּן אַזעלכע קינדער אין דער יידישער שול איז אַ גרויסער פּאָליטישער און אויך פּעדאַגאָגישער פאַרברעכן. קיין שום יידישיסטישע שטיק טאָר אין די אַלע פראַגן ניט דערלאָזט ווערן". אָבער „יידישיסטישע שטיק" זענען דאָך דאָרט אין דער אמתן „יידישע שטיק", ווייל קיין אַנדערע „שטיק" פאַר יידן זענען דאָך כמעט ניטאָ.

דער דאָזיקער יאָ־יאָ, ניט־ניט, דער „יאָ־ניטיזם", איז די אָפיציעלע ליניע וואָס ווערט דיקטירט פונעם הערשנדיקן קאָמוניסטישן יידישן „ראַבי־נאַט" אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז די איינציקע דערלויבטע יידישע אידעאָלאָגיע איז ניט צו האָבן קיין עגמת נפש פון גייסטי־קער יידישער געפאַלנקייט. איז ווען געווען אַזאַ צייט ביי יידן, אַז די איינציקע מאַכט־האָבער איבערן פאָלק, זיינען פירער און טאָן־געבער, זאָלן

זיין אָט־אַזעלכע „יאָ־ניטיסטן״? זאָלן נאָך פאַרקערט, סטראַשען יעדן איינעם וואָס האָט יאָ עגמת נפש פון אַ גייסטיקן יידישן חורבן?

אין זעלביקן נומער „אייניקייט״ וואו ראַווידאָוויטש פאַרעפנטלעכט זיין אַרטיקל, געפינט זיך אַ באַריכט וועגן „לעטלאַנדישע יידן אין סאָוועטן־פאַר־באַנד״, געשריבן פון איינעם ב. סלוצקי פון מאָסקווע. דאָרט ווערט געבראַכט אַ צוואה פון אַ יידישן זעלנער, און דער שרייבער גיט צו, אַז דאָס „כאַראַקטע־ריזירט בולט די שטימונג פון דער יידישער יוגנט וואָס האָט זיך אינגאַנצן געווידמעט דעם קאַמף קעגן בלוטיקן אָקופּאַנט״. אָט זענען עטלעכע זאַצן פון דער צוואה, געשריבן פון אַ געפאַלענעם זעלנער צו זיין מוטער: „איך שטאַרב פאַרן היימלאַנד, פאַרן קאָמוניזם... עס איז אַ שאָד צו שטאַרבן ביי 24 יאָר. נאָר אינעם איצטיקן קאַמף, ווען אויפן וואָגשאָל ווערן געשטעלט מיליאָנען לעבנס, גיב איך אויך אָפּ מיין לעבן... וואָס נאָך שרייבן? מאַמע, נעם זיך ניט צום האַרצן, איך בין ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער וואָס האָט געלייגט דעם קאָפּ פאַרן היימלאַנד. לעבן זאָל דער ס. ס. ר.־פאַרבאַנד און דער נצחון איבערן פיינט. קאָמוניסט פון לעטישן פאָלק, בינע לוריע״.

אָט דאָס איז די שטימונג פון דער יידישער יוגנט. אין לעטלאַנד, מסתמא עטלעכע מייל פונעם שלאַכט־פעלד, זענען טויזנטער פון זיינע ברידער, די טייערסטע צווישן אונדז, אויסגעשאָכטן געוואָרן, און ער פאַרגעסט אין דער לעצטער רגע פון לעבן אויסצודריקן די מינדסטע שייכות מיט זיי, אַפילו ווען ער שרייבט צו זיין מאַמען, אפשר אַ פאָלקסטימלעכע יידישע פרוי. איך האָב גאָרניט צום אידעאַליסטישן „לעטישן״ זעלנער, אַזוי האָט ער פאַרשטאַנען זיין חוב. ער לעבט אין אַזאַ אַטמאָספער. אָבער אַ יידישער שרייבער, אַ יידישער מורה דרך, ווייל דאָס ברענגען פאַר אַ ראיה פון יידישער שטימונג, און די היגע „אייניקייט״ דרוקט דאָס, ברענגט אַ מוסטער פון דעם ווי עס דאַרף פילן אַ לוריע אין דער איצטיקער גרעסטער חורבן־צייט פון אונדזער פאָלק. ווי קאָן מען געפינען אַנאַלאָגיעס צו דעם אין פריערדיקער יידישער געשיכטע? ווי באַפאַלט ניט אַ שרעק דעם וואָס לעבט אין אַ לאַנד וואו אַ ייד מעג זיך נאָך שרעקן?

אַזאַ מוראָדיקע אינערלעכע צעבראָכנקייט און אויסגעליידיקטקייט פון אַ ישוב איז ניט קיין נייעס אין דער יידישער געשיכטע. אָבער אין פאַר־שיידענע צייטן און לענדער איז געקומען דער קאָנטאַקט מיט אַנדערע לעבעדיקע יידישע קיבוצים און געהאָלפן אַריינבלאָזן כאָטש אַ פּיצעלע נשמה אינעם פאַרשטייפטן גוף, געראַטעוועט כאָטש אַ שארית הפליטה. אָבער דאָ האָבן מיר אַ ישוב — ערשט נעכטן אַזאַ רייכער באַזיצער פון אונדזער גייסטיקן האָב־און־גוטס — וואָס איז פּלוצלונג אָפּגעבערענט געוואָרן ביז די וואָרצלען און קיינער קאָן צו אים ניט צוקומען, און ער קאָן קיינעם קיין

האַנט ניט אויסשטרעקן. נאָך מער, דאָרטיקע יידן און יידישע פירער טאָרן עפנטלעך אַפילו קיין עגמת נפש ניט האָבן פון דעם. פאַרקערט, זיי זענען חושד אין אַלדאָס בייז אַ יידן וואָס דריקט יאָ אויס דעם מינדסטן צער. וואו, וואו אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע האָט דער גורל אויסגעגאָסן אויף אונדז אַזאַ גרויליקן צאָרן?

אַמעריקע. צום ערשטן מאָל אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע לעבט אַ גרויסער, דער גרעסטער, יידישער ישוב אָן אַ שום איינגעשטעלטער אָרגאַניזאַציע־פאָרם, אַ קהילה, וואָס זאָל אונדז פאַרטרעטן כלפי־חוץ, און זאָל צעמענטירן אונדזער יידישע צוזאַמענדיקייט כלפי פנים. מען דאַרף זוכן כלערליי תחבולות און פאָרטלען צו דערגיין וויפל יידן מיר האָבן אין לאַנד, אָדער אַפילו אין יעדער שטאָט, ניטאָ קיין אַלגעמיינער מוז, אַפילו ניט קיין מאָראַלער דרוק, אַז אַ ייד זאָל זיך ערגעץ־וואו רעגיסטרירן, זאָל זיך אידענטיפיצירן מיט זיין פאָלק.

אַ ייד קאָן אַוועקגיין פון אונדז אָן אַ „זיי־געזונט", קיין שמד איז מער ניט נייטיק; די גרענעצן צווישן אַריין און אַרויס זענען כמעט אינגאַנצן אָפּגעווישט. ווי גרויס איז דער פּראָצענט יידן אויף וועלכן מיר שפּאַרן זיך אָן אין אונדזערע בויטן, אין אונדזער שאַפנדיקן און בויענדיקן לעבן? קיינער ווייסט ניט. מיר זענען געוואָרן אַ פרייוויליקע פאַרבינדונג, אַ פליסנדיקע כוואַליע וואָס האָט ניט קיין כלי וואו צו פאָרמירן עפּעס אַ געשטאַלט.

ווער עס רעדט וועגן אינערלעכער פאָלקישער ענערגיע, וועגן אימאַנענטע נאַציאָנאַלע כוחות, פאַרגעסט, אַז אַפילו דער גרעסטער, גאָט־געבענטשטער מוזיקער קאָן ניט שפּילן ווי געהעריק אָן אַ פּאַסיקן אינסטרומענט. דער ווילן פון אַ פאָלק צו לעבן פאָלקיש איז ניט עפּעס אַ גייסטיק פאַרמעגן וואָס ווערט געגעבן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַזוי ווי אַ פּאַסיווע קופּערנע מטבע אין אַ טייסטער. פאָלקישער ווילן ווערט געבוירן יעדע מינוט לויט די תנאים פון לעבן, אונטערן דרוק פון סטימולירנדיקע כוחות. דער ווילן פון אַ פאָלק קאָן אויך שטאַרבן פונקט ווי אַ מענטש וואָס האָט ניט מיט וואָס זיך צו דערנערן. ביי אַ פאָלק איז דאָס קאָנקרעטע און אָנערקענטע פאָרמען פון אינווייניקסטער אָרגאַניזאַציע.

אָבער די ברכה פון פרייהייט אין אַמעריקע האָט אויך געשאַפן כאָטש אַ טיילווייזע פאַרגיטיקונג. מיר זענען דאָ פריי צו אָרגאַניזירן שולן, טעמפּלען, סעמינאַרן, אָרדנס, קלובן, פאַרלאַגן, ישיבות. יעדע פון זיי קאָן לייגן דעם טראָפּ אויף געוויסע קריטישע ווינקלען פון יידישן לעבן, וואָס ציט אַריין דאָס בעסטע, דאָס ענערגישסטע, דאָס באַוואוסטזיניקסטע וואָס מיר האָבן. דאָס אַליין שאַפט קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן צו שמידן און האַלטן לעבעדיק דעם פאָלקישן ווילן. דאָס האַלט צונויף די קלענערע מיעוטים, די זאַפטיקע

יידישע קוואַליטעט, וואָס מונטערט און וועקט און לאָזט ניט רוען די גלייכ־גילטיקע קוואַנטיטעט. דאָס שטעלט אַוועק אינעם פירנדיקן אויבן־אָן די יידן וואָס פאַרמאָגן דעם אויפרודערנדיקן טאַלאַנט פאַר „עגמת נפש". דער דאָזיקער פאַקט ווייזט אָן אַ ריכטונג פאַר אַ רעאַליסטישן צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון אונדזער ווייטערדיקן קיום.

ארץ־ישראל. די שווערד פונעם גורל הענגט אומברחמנותדיק איבער אונדזערע קעפּ. עס קאָן טרעפן, אַז ניט בלויז וועלן יידן ניט קריגן קיין אייגענע מלוכה אין ארץ־ישראל, נאָר אַפילו פאַר פרייער, אָדער באַגרע־נעצטער, אימיגראַציע וועלן די טויערן פונעם ישוב בלייבן פאַרשלאָסן. וואָס וועט זיין דעמאָלט? אויך דעמאָלט וועט ארץ־ישראל זיין דער קוואַליטאַטיוו־לעבעדיקסטער צענטער וואָס מיר פאַרמאָגן איצט. ווען ארץ־ישראל וואָלט ניט געווען מער אייגענע היים ווי אַמאָל ליטע, למשל; ווען עס וואָלט ניט געווען קיין שום גרונט צו האָבן וועלכע עס איז היסטאָרישע תביעות אויף ארץ־ישראל, וואָלט דאָס אויף אַ האָר ניט געביטן די פּשוטע, פּאַקטישע, רעאַלע לאַגע. לאָמיר פאַרגעסן אויף אַ מינוט די גאַנצע ציוניסטישע אַרגו־מענטאַציע, לאָמיר איגנאָרירן אַלע רעליגיעזע, מיסטישע און פּסיכישע צוגע־בונדנקייטן צו ארץ־ישראל. לאָמיר בלויז זען די זאַך ווי זי איז, אַ האָר ניט מער.

ניטאָ קיין ישוב אין דער וועלט, וואו יידן ווייזן אַרויס אַזאַ אינטענסיוו שאַפעריש לעבן, אַזאַ טיף, רירנדיק און מאַנענדיק פאָלקיש לעבן ווי אין ארץ־ישראל. די פאַקטן זענען אַזוי בולט, די מאַניפעסטאַציעס פון יידישן היים־געפיל, פון יידישער קיום־תאווה, פון יידישער קאָלעקטיווער אָנשטרעב־גונג, זענען אַזוי אויגן־רייסנדיק קלאָר אין ארץ־ישראל, אַז קיין שום אַנדער לאַנד אין דער וועלט קאָן זיך דערמיט ניט פאַרגלייכן. איך פאַרשטיי ניט ווי אַזוי אַ מענטש מיטן מינדסטן חוש פאַר לעבעדיקע רעאַליטעטן קאָן דאָס פאַרזען. בלויז פאַנאַטישע איינגעשפּאַרטקייט אָדער עפּעס אַ מיסטי־פיצירטע מעטאַפיזיק קאָן זיך אַרויסדרייען פון די דאָזיקע ממשותדיקע, רעאַלע פאַקטן. זיכער טאָר מען דאָס ניט פאַרקוקן ווען מען האָט אין זינען אַ רעאַליסטישן צוגאַנג.

פאַראַן אַזעלכע וואָס טענהן: פון וואַנען ווייסט איר אַז אַזוי וועט דאָס בלייבן? זייער אַרגומענטאַציע לאָזט זיך פאָרמולירן אַזוי: פון וואַנען ווייסט איר וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען? עס קאָן דאָך זיין אַז אין אַנדערע לענדער זאָל פאַר אונדז ווערן אַנדערש, דאָס הייסט, בעסער? עס קאָן דאָך אויך זיין אַז אין ארץ־ישראל זאָל ווערן אַנדערש, דאָס הייסט, ערגער? מילא, איך בין ניט קיין גרויסער מאמין אין היסטאָרישע געזעצן, קאָן איך נאַטירלעך דערלאָזן דעם געדאַנק פון די פאַרשידנסטע מעגלעכקייטן. אָבער פאַרוואָס די מעגלעכקייטן זאָלן תמיד זיין בעסער פאַר אַנדערע לענדער און ערגער

פאַר ארץ־ישראל, אַזאַ געדאַנק, האָב איך מורא, שטאַמט ניט פון אַ ריינער, אומשולדיקער היסטאָריאָסאָפּישער השערה. אַחוץ דעם, אויב מען איז זיך סומך אויף דעם וואָס עס קאָן זיין, איז דאָך קיין שיעור ניטאָ צו דעם וואָס עס קאָן זיין נאָך יעדן פאַרווירקלעכטן „קאָן זיין".

יידן קאָנען אונטערגיין. עס איז אויך זייער אומרעאַליסטיש צו וועלן היינטיקע צייטן אַריינגיסן בלויז אינעם אַנעמישן אָרגאַניזם פון אונדזער פאָלק דורך עפּעס אַן אַבסטראַקטן פּרינציפּ פון לעגאַלער אָנערקענונג, ווי ראַווידאָוויטש טוט עס, אַז יידן לעבן אומעטום אויפן באַזיס פון רעכט, ניט מיטן כוח פון טאָלעראַנץ. אַזעלכע רייד געהערן צו די אוראַלטע צייטן פון פאַר 1939. איצט קלינגט דאָס ווי אַ לועג לרש. פון אַלע יידישע יאָמער־טאָלן, און פון אַלע גויאישע פּאַפּירלעך שרייט צו אונדז אַרויס די אומפאַר־מיידלעכע לעקציע, אַז ניט רעזאָלוציעס, און קאָנסטיטוציעס, און דעקלאַ־ראַציעס, און געזעצן, נאָר דאָס זיין אַ פּאַקטישע מינאָריטעט, אַרומיקער סאָציאַלער דרוק, און די אַלגעמיינע אַטמאָספער פון אַ לאַנד, פון אַ וועלט, זענען די דעצידירנדיקע פאַקטאָרן. אַחוץ דעם, האָט בכלל קיין שום זינען ניט צו בויען יידישן קיום אויף אַ פּרינציפּ וואָס זיין דורכפירונג ליגט ניט אין אונדזערע הענט, בפרט נאָך איצט ווען מיר זעען באַשיינפּערלעך ווי די הענט פון דער וועלט צערייסן אַזוי אומברחמנותדיק די פאַרשעמטע שטיקלעך פּאַפּיר פון אַטלאַנטיק טשאַרטער.

היינט דאַרפן מיר בולט שילדערן די לאַגע, און אָנווייזן אויף אַלע איצטיקע, רעאַלע, פאַראַנענע מעגלעכקייטן. מען דאַרף וואָרענען, טייטלען מיטן פינגער אויף אַלע מכשולים און סכנות. מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז אַ סך נוצלעכער צו באַפרייען יידן פון דער וואָרעמער, אָבער אָפּנאַרערישער, האָפענונג פון נצח ישראל. וואָרעם עס איז אַ ברוטאַלער היסטאָרישער פאַקט אַז יידן קאָנען אונטערגיין.

אין די לעצטע יאָרן פון בית־שני איז אויפגעגאַנגען אַ גרויסער און לעבעדיקער יידישער ישוב אין אַלעקסאַנדריע. וואו איז ער אַהינגעקומען? עס איז ניט באַקאַנט אַז עמיגראַציע אָדער געוואַלט־מעשים זאָלן אים האָבן אומגעבראַכט. יידן האָבן זיך פּשוט אויסגעמישט מיט דער איבעריקער באַ־פעלקערונג. ער איז אונטערגעגאַנגען. לויט די חשבונות פון אַ פראַנצויזיש־יידישן היסטאָריקער זענען אין רוים, אין ערשטן יאָרהונדערט, געווען אַרום 60־50 טויזנט יידן. אויך דאָרט זענען ניט באַקאַנט קיין קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן, אָדער עמיגראַציע, וואָס האָט דעם ישוב ניט געלאָזט זיך אַנט־וויקלען מיט אַ נאַטירלעכן וואוקס ווי די איבעריקע באַפעלקערונג. אין 19טן יאָרהונדערט איז אין איטאַליע געווען בלויז אַרום 20־30 טויזנט יידן. דער צענזוס פון 1921 גיט אָן 47,825, און דאָס נעמט שוין אויך אַריין די יידן

פון די עסטרייכישע געגנטן, וואָס זענען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַנעקסירט געוואָרן פון איטאַליע.

יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַזעצן אין ענגלאַנד, אונטער קראָמוועלן, מיט אַ דריי הונדערט יאָר צוריק. היינט, דערציילט דער יידישער היסטאָריקער סעסיל ראָט, ציט דער גרעסטער רוב ענגלישע יידן זיין יחוס ניט מער ווי ביז צו די אימיגראַנטן פונעם סוף פונעם 19טן יאָרהונדערט. וואו איז אַהינגעקומען דער רוב פון גאַנצע יידישע דורות ענגלישע יידן פון אַרום דריי הונדערט יאָר צייט? זיכער קאָן מען דאָס ניט דערקלערן מיט פּאָגראָמען, געצוואונגענעם שמד, אָדער עמיגראַציע. פּשוט, זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. יאָ, יידן קאָנען אונטערגיין. היינט, ווען שמד ווערט אַלץ מער און מער איבעריק פאַרן אַוועקגייער, איז אויסגעוואַקסן אַ סכנה, פאַר אונדזער פאָלק וואָס די גאַנצע יידישע געשיכטע ביז איצט האָט פון דעם זייער ווייניק געוואוסט. עס ווערט פּשוט שווערער צו זאָגן ווער עס איז אינווייניק און ווער איז דרויסן. מען קאָן היינט זיין מיטן שפּיץ פון אַן אָפּגעטראָגענעם שוך ביי אונדז, אַמאָל אַפילו נאָך ווייניקער ווי מיט אַ שפּיץ פון אַ שוך, און מיטביידע פיס ערגעץ אַנדערש, און דאָך איז שווער צו שאַפן וועלכע עס איז קריטעריע אָפּצוטיילן אַזאַ מין יידן פון די סאַמע נאָענטסטע, אינווייניקסטע און באַוואוסטזיניקסטע. די אינערלעכע דעמאָראַליזאַציע וואָס דאָס שאַפט, איז איינע פון די גרעסטע יידישע סכנות פון דער איצטיקער צייט.

שלילת הגלות. ווי אַ פילאָסאָפיע פון יידישער געשיכטע איז שלילת הגלות תמיד געווען דער געדאַנקען־גאַנג פון דער גאַנצער טראַדיציאָנעלער יידישקייט. אויף דעם איז דאָך אייגנטלעך געבויט דער חלום פון גאולה, פון משיח. אָבער דאָס איז גראָד געווען אַ פּאָזיטיווער, שאַפנדיקער כוח אין יידישן לעבן. אין נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט דער זעלביקער געדאַנק פון שלילת הגלות געפירט צו דער רעפאָרם־באַוועגונג. וואָס מען זאָל ניט האַלטן וועגן דער דאָזיקער באַוועגונג, אָבער קיינער קאָן ניט לייקענען איר פּאָזיטיוון ווערט אין יענער צייט, און אין יענעם קרייז וואָס זי האָט צוגעצויגן. רעפאָרם האָט כסדר געטענהט, אַז יידישקייט אין איר עלטערער פאָרם גייט אונטער, דאָס הייסט, אַז אויב מען קאָן אין גלות ניט אויפהאַלטן דעם קיום פון אַ געזונטן עם ישראל, מוזן מיר איינגיין אויף אַ קליינטשיק קיומל פון אַ „בני דת משה“.

עס וואָלט געווען היסטאָריש אומגערעכט צו זאָגן, אַז ציוניזם האָט מיט זיך געבראַכט די אידייע פון שלילת הגלות. אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע האָבן די ציוניסטן אָנגענומען אַ פּאָזיטיווע אַרבעטס־פּראָגראַם פאַרן גלות. צווישן די צוויי וועלט־מלחמות האָבן זיך די ציוניסטן גאָרניט וואָס צו שעמען מיט זייער קולטור־אַרבעט אין פּוילן אין ליטע,

למשל, לגבי די פּרינציפּיעלסטע גלותיסטן. אין אַמעריקע זענען די פּועלי ציוניסטן און די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן געווען די ערשטע צו בויען יידישע שולן פאַרן ראַדיקאַלן קרייז, בעת די פּרינציפּיעלע גלותיסטן זענען געקומען שפּעטער, און האָבן תמיד געהאַט אויסצושטיין אַן איינגעשפּאַרטע אָפּאָזיציע מצד די מענטשן פון זייער לאַגער.

שלילת הגלות מוז ניט זיין דווקא קיין נעגאַטיווער כוח, און די אינטענסיווקייט פון אַזאַ געפיל איז פּשוט אָפּהענגיק פון אַ געגעבענער וועלט־לאַגע און פון אונדזער מצב אין איר. אַפילו די וואַרעמסטע ציוניסטן, אָדער טעריטאָריאַליסטן, מוזן פאַרשטיין אין דער פּראַקטיק — מאַכט ניט אויס וואָס זיי טראַכטן אין פילאָסאָפישע אָדער סענטימענטאַלע רגעס — אַז אַן אָפּגעשוואַכט יידיש לעבן אין די תפוצות ישראל מוז אויך אָפּשוואַכן די מעגלעכקייטן אויפצובויען אַן אייגענע היים. זיי פאַרשטייען דאָס און באַשטע־טיקן דאָס מיט זייערע מעשים.

דער אמתער קריטישער צעשייד־פּונקט איז ניט צווישן די וואָס שטרעבן צו אַן אייגן לאַנד און די גלותיסטן נאָר צווישן די עגמת־נפש־יידן און די „יאָ־ניטיסטישע" יידן. עס איז אונדזער אומגליק וואָס פּאָליטישע געשעענישן האָבן די דאָזיקע מענטשן אַנדערש גרופּירט, פאַלש גרופּירט. איז לאָמיר ניט נעמען פאַר אומגוט און לאָמיר ניט פאַרדענקען די וואָס צאַפּלען זיך אין שרעק אַז מיר שטייען איצט אויף אַ שייד־וועג. וואָרעם אַזאַ ריזיקע צאָל יידן וואָס זענען טויט־גלייכגילטיק צו אונדזער גורל ווי אַ פאַלק, אָדער שטייען אונטערן איינפלוס פון פאַרפירערישע „יאָ־ניטיסטן", אַפילו מיט יידיש אויף די ליפּן, דאָס איז אַ נייער מין סם וואָס אונדזער היסטאָרישער גורל איז איצט געצוואונגען צו טרינקען.

עס איז ניט נייטיק אונטערצושטרייכן די וויכטיקייט פון אַלע תפוצות ישראל. די עגמת־נפש־יידן שאַצן דאָס אָפּ אויסגעצייכנט, אַפילו ווען דער צער פון שוואַרצע טעג פירט זייער געדאַנק צום אויסדרוק פון שלילת הגלות. די אַנדערע יידן קאָנען אַלץ זאָגן, און אַלץ טאָן, ווייל סייווי איז עס „יאָ־ניט". עס וואָלט געווען אַ גרויס היסטאָריש פאַרדינסט ווען עמעצער זאָל זיך דערטראַכטן צו אַ פאָרמולע וואָס זאָל אַוועקשטעלן יידישע צעטיילט־קייט אויפן ריכטיקן קריטישן פּונקט, וואָס זאָל שטאַרקער צעמענטירן אַלע עגמת־נפש־יידן אין דער איצטיקער צייט פון חורבן, אַלע יידן וואָס זענען אין דער ערשטער שורה יידיש־אָריענטירט, וואָס דער יידישער קיום איז זייער ערשטער אויסגאַנגס־פּונקט אין יידישער טעטיקייט.

ווי גרויס עס זאָלן ניט זיין די היסטאָרישע מניעות, פיל איך, אַז די נאָענטסטע יאָרן וועלן אויף אונדז אַרויפצווינגען אָט אַזאַ איבערגרופּירונג פון יידישע כוחות. דעמאָלט, אויב דאָס וועט ניט ברענגען די גאַנצע גאולה, וועט דאָס אָבער ברייטער עפענען אונדזערע אויגן מיר זאָלן אומעטום, אין אַלע תפוצות ישראל, בעסער זען דעם וועג צו איר.

(1946)

# יידישע צייט

ווען עמעצער רופט היינט אויס, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט אַלץ בשלום אַריבערלעבן, ווייל עס איז אייביק, ווייל עס טראָגט אין זיך די ברכה פון „נצחיות״, ווייל עס וועט ניט און טאָר ניט אונטערגיין, ווען מיר הערן היינט אַזעלכע וואַרעמע און טרייסטנדיקע רייד, זענען מיר זיכער צופרידן, פון די גוטע כוונות פונעם רעדנער. מיר ווייסן אַז דאָס איז אַן ערלעכער ווּאונטש און זענען דאַנקבאַר דערפאַר. אָבער סיווּוי איז דאָס ניט מער ווי שיינע רעטאָריק, אַפילו ווען זי קומט פון טיפן האַרצן. וואָרעם אין יענעם מאָמענט גיט זיך דער רעדנער ניט אָפּ קיין קלאָרן חשבון וועגן דעם זינען וואָס ליגט אינעם באַגריף „אייביק״. פאַר אים איז גענוג, אַז אייביק איז אַ סך, זייער אַ סך, אַז דאָס קאָן זיך ציען דורות און דורות, און דאָס דערווייטערט, שטויסט אָפּ, די מורא פאַרן סוף וואָס פילט אָן מיט שרעק דאָס מענטשלעכע האַרץ.

אַחוץ דעם ליגט אַזאַ מיסטישער צויבער אין די ווערטער „אייביק פאָלק״, אַז מען ווערט פון זיי אַליין פאַרכאַפּט און מען פאַנגט אויך די הערצער פון אַנדערע וואָס הערן זיי. דער מאָדערנער ייד וואָס רעדט אַזעלכע רייד לעבט, ווי מיר אַלע, אַ געשפּאָלטן לעבן. ער באַנוצט ווערטער טיילמאָל ווי סימבאָלן פון אַ בוכשטעבלעכער רעאַליטעט און אַן אַנדערש מאָל ווי אַן אויסדרוק פון ווּאונטשן, האָפענונגען, בילדלעך־אויסגעדריקטע געפילן. ער ווערט באַגייסטערט פונעם רייצנדיקן טיף־קלאַנג וואָס ציטערט אויף אין ביאַליקס „איך בין צו אייך פון גאָט געשיקט״, און פאַרגעסט אָפּט אַז דאָס איז גאָר אַנדערש פונעם נביאס „כה אמר ה׳״. ביי די נביאים זענען פּאָעזיע און ווירקלעכקייט ניט געווען קיין צוויי באַזונדערע וועלטן פון מענטשלעכער דערפאַרונג. ביים אַמאָליקן נביא האָט זיין אומבאַגרענעצטע אמונה אים געוויזן אַן אָביעקטיווע רעאַליטעט וואָס צינדט אָן זיין פאַנטאַזיע. דער היינטיקער פּאָעט פאַרשאַרפט בלויז דעם אויסדרוק פון זיין סוביעקטיוון צושטאַנד דורך דער סימבאָליק פון אָביעקטיווע זאַכן און געשטאַלטן.

אַזוי איז עס אויך מיט דער „אייביקייט״ פונעם יידישן פאָלק. עס ליגט ניט אין דעם קיין איבערצייגונג וואָס איז געבויט אויף לאָגישע חשבונות. עס איז ניט קיין אויסבראָך פון גלויביקייט, ווען דאָס האַרץ עפנט זיך און גיט זיך איבער מיט אומבאַגרענעצטן פאַרטרויען דער ממשלה פון אַן אוני־ווערסאַלן, אַלמעכטיקן כוח און זיינע גאָט־זיכערע הבטחות. גיכער איז דאָס אַ תפילה, אַ מין השתפכות הנפש און אַ נאַציאָנאַלע ברכה מיר זאָלן זיך עלטערן ביז „הונדערט און צוואַנציק יאָר״ — אייביק. דער הויפּט־סימן פון דער היינטיקייט, דער מאָדערנקייט, וואָס ליגט אין אַזאַ „אייביק״ איז דאָס

וואָס זיין ווענדונג איז דורכאויס צו דער צוקונפט, בעת די ראשונים אונדזערע, ווען זיי האָבן איבערגעלעבט דעם געדאַנק און דאָס געפיל פון „נצח ישראל״ האָט זיך דאָס געצויגן דער עיקר צום אַמאָל, דער צייט ווען גאָט האָט פאַרשניטן אַ בונד מיט זיין פאָלק.

די פריערדיקע דורות האָבן דעם „אייביק״ איבערגעלעבט ווי אַן איינציק־מעגלעכן, אַן איינציק־דענקבאַרן פאַקט. ביי זיי איז דאָס ניט געווען קיין געפיל וואָס קומט בלויז אין באַשטימטע מאָמענטן ווי אַ רעאַקציע צו גרויסע יסורים, אָדער ווי אַן אויסדרוק פון אַ דערהויבענער רגע. דאָס איז געווען זייער יידישער אויסגאַנג־פונקט; מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן דער ייד אין זיי. עס איז געווען ביי זיי אַזוי נאַטירלעך, אַז עס איז זעלטן געקומען צו זייער באַוואוסטזיין. עס האָט געהערט ביי זיי צו דער קאַטעגאָריע פון יענע באַשיינפערלעכע זיכערקייטן וואָס נייטיקן זיך ניט אין קיין ספּעציעלער עלית נשמה מען זאָל זיי דערפילן.

דאָס איז געווען די ספּעציפישע צייט־ספערע פון יידישן לעבן. אַזוי האָט זי זיך — אָן שום באַזונדערן טראָפּ, אָן שום סטיליסטישער אָרנאַמענטיק — איבערגעגעבן פון דור צו דור. די גאַנצע אַטמאָספערע פון חדר האָט געשמעקט מיט דער ספּעציפישער לופט פון יידישער צייט, גאָר אַן אַנדער מין צייט צו וועלכער מיר זענען געוואוינט אין מאָדערנעם דענקען. עס איז קוים מעגלעך אָפּצושאַצן וואָסער מעכטיק געווער דאָס איז געווען אין אונדזער פּסיכישן געראַנגל פאַרן קיום פון פאָלק.

די קריסטלעכע צייטרעכענונג איז צעשפּאָלטן אויף צוויי העלפטן. דער פונקט ביי וועלכן זי הייבט אָן איז אין מיטן צווישן די צוויי. ממילא צעטיילן זיך ביי איר די וועלט־געשעענישן אויף צוויי באַזונדערע צייט־שטראָמען: פאַר קריסטוסן און נאָך קריסטוסן. דער קריסטוס־אינצידענט איז אַ לעצטער אַקט פון אַ לאַנגן צייט־אָפּלויף און דער אָנהייב פון אַ נייעם. די צייט פון פאַר קריסטוסן לויפט אויף צוריק, די צייט נאָך קריסטוסן לויפט פאָרויס. דער קריסטוס־פונקט איז אַ צעשייד־וועג וואָס צעטרייסט אויף באַזונדערע טיילן און ריכטונגען דאָס אומצעטיילעוודיקסטע וואָס איז אונדז באַקאַנט — צייט. וואָרעם מיר באַנעמען צייט ווי אַן איינציקייט, ווי אַן אַלץ־איינשליסנדיקן מעדיום פון געשעענישן.

דעם יידישן טראַדיציאָנעלן באַוואוסטזיין איז אַזאַ צייט־רעכענונג אינגאַנצן פרעמד. דעריבער איז אויך אַנדערש די ראָלע פונעם יידישן פאָלק — אין דער טראַדיציאָנעלער אויפפאַסונג — ווי אַ וועלט־געשעעניש.

די יידישע צייט הייבט זיך אָן מיט בריאת העולם. דאָס איז דער אָנהייב פון אַלץ, אויך פון צייט גופא. אַלץ וואָס פאַר דעם איז תוהו ובוהו. אין דער רגע ווען עפּעס הייבט זיך אָן בכלל, ווערן מיר די עדות פון פאַרצייכנטן וועלט־רעקאָרד. דער דאָזיקער רעקאָרד הייבט זיך אָן מיט דעם, אַז גאָט

האָט באַשאַפן די וועלט, אָבער אַ גאָט וואָס, אַחוץ זיין אוניווערסאַלקייט, האָט צו אונדז זייער אַ נאָענטע, פאָלקיש־אינטימע שייכות. גאָט איז, נאַטירלעך, אַ סך מער ווי „ייד", אָבער אָן „ייד" וואָלט ער, אין דער טראַדיציאָנעלער מענטאַליטעט, געווען אַביסל ווייניקער פון גאָט. וואָרעם „גאָט, די תורה און ישראל זענען איינס"; אַזוי שנעל ווי גאָט באַשאַפט אַ וועלט, און עס עפנט זיך דער שטראָם פון צייט, איז שוין ישראל ממילא פאַראַן.

הײנטיקע צייטן דערציילט מען אונדזערע קינדער, אַז אברהם איז געווען דער פאָטער פון יידישן פאָלק, אָדער דער ערשטער ייד. מילא, „פאָטער פון יידישן פאָלק" איז זיכער אַ מאָדערנע באַצייכענונג. דער רבי האָט דאָך אינגאַנצן ניט געוואוסט פון אַזאַ אויסדרוק ווי „דאָס יידישע פאָלק". אָבער איך בין כמעט זיכער, אַז אויך „ערשטער ייד" איז אין חדר ניט געבוירן געוואָרן. אַזאַ פאָרמולע געהערט שוין צו אַ מענטשן וואָס לעבט אין גאָר אַן אַנדער אינטעלעקטועלער ספערע, אַ ספערע וואו געשעענישן ווערן צעטיילט אויף באַזונדערע צייט־פונקטן און עס ווערט שוין נייטיק צו באַשטימען גענוי ביי וועלכן פונקט עס הייבט זיך אָן „ייד", דער ערשטער ייד.

אין דער טראַדיציע האָט אברהם ניט געקאָנט זיין קיין ערשטער ייד, ווייל שוין נח איז געווען אַ צדיק, און אַ צדיק קאָן בלויז זיין אַ ייד, סיידן ער ווערט בפירוש אַנדערש קוואַליפיצירט. אין דער מערת המכפלה רוען צוזאַמען מיט די אָבות און אמהות אויך אדם און חוה. דאָס ספּעציפישע אין אברהמען איז ניט באַשטאַנען אין דעם וואָס ער איז בכלל געווען אַ ייד, נאָר דערין וואָס ער איז געווען אַ ייד פון אַ העכערער מדרגה. די ווערטער, וואָס ווערן דערמאָנט ביי אברהמס טויט, „זקן ושבע" האָט מען געטייטשט: „אַלט אין מצוות און זאַט אין מעשים טובים". איבערגעבנדיק ווי לאַנג אברהם האָט געלעבט שטייט אין חומש: „מאת שנה ושבעים שנה וחמש שנים". פאַרוואָס ווערט דער דאָזיקער ציפער ניט געגעבן צוזאַמען? מאַכט רש"י: „זיינע הונדערט יאָר זענען געווען ווי זיבעציק, די זיבעציק ווי פינף, אָן זינד". ער איז ניט געווען קיין ערשטער כראָנאָלאָגיש, נאָר אַ גייסטיק־העכערער, אָדער העכסטער, אין פאַרגלייך מיט די וואָס זענען געווען פאַר אים.

אַנדערש וואָלט די טראַדיציע דאָס ניט געקאָנט תופס זיין. זי וואָלט ניט געקאָנט לאָזן אַ וועלט אָן יידן פון אדם הראשונען ביז אברהמען. דאָס וואָלט אַריינגעשטעלט אונדזער פאָלק אין באַשטימטע צייט־גרענעצן. עס וואָלט דערלאָזן די מעגלעכקייט אַז יידן זענען בלויז אַ צופאַל, אַ מין זייטיקער פּראָדוקט פון הויפּט־געשעענישן, און ניט קיין אָרגאַנישע מאַניפעסטאַציע פונעם סדר העולם. אַזאַ בליק וואָלט זיך ניט געקאָנט צוקלעפּן צו אונדזערע פאַרגאַנגענע דורות, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ דירעקטע אָפּלייקענונג פון

דער ספּעציעלער שייכות וואָס צווישן גאָט, דעם אמתן בעל־הבית פון דער וועלט און אַלץ וואָס אין איר, און זיין אויסדערוויילט פאָלק.

די זעלביקע מענטאַליטעט האָט אויך געפירט צום געדאַנק, אַז אין דער תורה איז ניט שייך פריער אָדער שפּעטער. די גמרא ברענגט אַ צאָל פאַלן וואו כראָנאָלאָגישער סדר ווערט אין דער תורה ניט אָפּגעהיט. דאָס ווערט דערקלערט דערמיט וואָס די תורה רעכנט זיך בכלל ניט מיט אַזעלכע זאַכן. כדי ניט אָפּצוטרעטן צו־ווייט פון שכל הישר זאָגט די גמרא (פסחים ו'), אַז בעת עס האַנדלט זיך וועגן צוויי ענינים ווערט כראָנאָלאָגישע סעקווענץ ניט אָפּגעהיט אין דער תורה, אָבער בנוגע פּרטים פון זעלביקן ענין ווערט דאָס יאָ אָפּגעהיט. רש״י באַנוצט זיך מיט דער אַרגומענטאַציע פון דער גמרא און פאַרענטפערט ענלעכע קשיות אויפן זעלביקן אופן. אויפן פּסוק „ויגוע יצחק״ (בראשית ל״ה כ״ט) ברענגט רש״י אַ חשבון צו באַווייזן, אַז יצחקס טויט איז פאָרגעקומען מיט צוועלף יאָר נאָך מכירת יוסף. היינט פאַרוואָס שטייט דאָס אין חומש פריער? דערויף ענטפערט רש״י, אַז „אין מוקדם ומאוחר בתורה״; אין דער תורה איז ניט שייך קיין פריער־שפּעטער. פּונקט אַזוי פאַרענטפערט רש״י דאָס וואָס די מעשה פון עגל הזהב ווערט אין חומש דערציילט ערשט נאָכן מאַכן דעם משכן (שמות ל״א, י״ח), כאָטש לויטן חשבון איז דאָס פאָרגעקומען אַ סך פריער. ווען אונדזערע חכמים וואָלטן געפילט, אַז זייער ענטפער דריקט אויס אַ חסרון, אַ כראָנאָלאָגישע אָפּגעלאָזנקייט, וואָלטן זיי זיכער ניט מוציא שם רע געווען אויף דער תורה. זיי וואָלטן לייכט געקאָנט געפינען אַן אַנדער תירוץ וואָס זאָל, חס ושלום, ניט פאַרמינערן די שלימות פונעם ספר הספרים. אָבער זיי האָבן זיכער ניט געפילט, אַז אין דעם שטעקט אַ פּגם. ניט אַז דאָס איז אַ מעלה, נאָר אַז די תורה האָט קיין שייכות ניט צו דער פּרעציזער צעטיילונג פון צייט. פריער, שפּעטער, למאי נפקא מינה? אין דער תורה זענען וויכטיק די געשעענישן גופא, ניט דער סדר אין וועלכן זיי זענען פאָרגעקומען. אָבער בנוגע די געשעענישן אַליין זענען זיי דאָך אַלע גלייך אין ווערט און וויכטיקייט. וואָרעם פאַרוואָס דאַרף מען בכלל זיין אָפּגעהיט אַוועקצושטעלן פאַקטן אין זייער ריכטיקער צייטלעכער אָרדענונג? אַחוץ אַזעלכע פאַלן ווען דאָס איז נייטיק צוליב פּשוטער פאַרשטענדלעכקייט, נעמט זיך עס פון דעם וואָס מען האַלט אַז אַלץ וואָס קומט שפּעטער איז אַ פּועל־יוצא פון דעם וואָס קומט פריער. ממילא, ווען מען היט אָפּ דעם ריכטיקן סדר זעט זיך אַרויס דער אמת פון די געשעענישן גופא. אָבער דאָס איז לחלוטין ניט חל אויף אַ גייסט־צושטאַנד וואָס זעט זאַכן אַנדערש, וואָס זעט אין אַלע דערשיינונגען אַ דירעקטע און גלייך־ליניקע אַרויסשטראַלונג פון איין איינציקן געטלעכן צענטער. אין אַזאַ פאַל קאָן פריער־שפּעטער זיין בלויז באַקוועמלעכקייט פון דערציילערישן גאַנג, אָבער צום ענין גופא האָט עס אַ קנאַפּע שייכות.

געוויסע שטריכן פון אַזאַ בליק זענען אפשר כאַראַקטעריסטיש פאַרן טיפערן רעליגיעזן באַוואוסטזיין בכלל. אָבער ביי אונדז, וואו דאָס איז אַזוי אָרגאַניש און אַזוי לײדנשאַפטלעך פאַרבונדן מיט דער זאָרג פאַר קיום האומה, ברענגען די דאָזיקע ספּעציעלע פונקציעס אַריין אַ קענטיקע באַזונדערקייט אינעם יידישן צייט־באַגריף. אַ באַגריף מיט וועלכן אונדזערע פריערדיקע דורות האָבן זיך אַזוי שטאַרק אויסגעצייכנט.

עס זענען פאַראַן אַ סך אופנים אויף וועלכע מיר קאָנען באַנעמען צייט. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף צוויי סאָרטן צייט וואָס זענען באַזונדערס וויכטיק פאַר אונדזער ענין. ווען מיר לאָזן פאַרביילויפן פאַר אונדזער געדאַנק אַ ריי געשעענישן אין דער דרויסנדיקער וועלט, זעען מיר קודם כל ווי זיי טראָגן זיך אויף די כוואַליעס פון צייט, פון פונקט צו פונקט. וועלן מיר דאָס רופן אָביעקטיווע צייט, אַ צייט וואָס מיר נעמען אויף בעת מיר קוקן אויף זאַכן אין דרויסן. אין אַזאַ מין צייט איז שווער אונטערצושיידן צווישן די געשעענישן גופא און דעם צייט־שטראָם אין וועלכן זיי באַוועגן זיך. עס איז כמעט אוממעגלעך אָפּצוטיילן איינס פונעם אַנדערן, און ווען מיר טראַכטן וועגן באַשטימטע אָביעקטיווע צייטן טראַכטן מיר באמת וועגן די געשעענישן, דאָס איינציקע וואָס אונדזער פּסיכיק קאָן אויפכאַפּן. ווען מיר זאָגן „אַלטער־טום" קאָנען מיר אינזינען האָבן די אנשי כנסת הגדולה, אָדער די אָלימפּישע שפּילן, אָדער די מלחמות פון אַלעקסאַנדער מוקדון. ווען מיר זאָגן „מיטל־עלטער" קאָנען מיר מיינען די פעאָדאַלע לאָרדן, אָדער די אינוואַזיעס פון די באַרבאַרן, אָדער די קרייץ־טרעגער. אויף וויפיל מיר האָבן אין זינען אַ באַשטימטע עפּאָכע, צייט, שטעלן מיר זיך אָפּ אויף די געשעענישן וואָס זענען אין איר פאָרגעקומען, און אויף דעם אופן אויף וועלכן די באַוועגונג פון די דאָזיקע געשעענישן האָט זיך אָפּגעשפּילט.

אַנדערש איז סוביעקטיווע צייט. ווען מיר פאַרמאַכן די אויגן און לאָזן אונדזער דמיון איינזאַפּן זיך אַליין, פילן מיר, אַז מיר געדויערן, אַז מיר פאַרמאָגן אַ מין שטענדיקע, לעבעדיקע אָנהאַלטעוודיקייט. דאָ זענען ניטאָ קיין געשעענישן און ניט קיין באַוועגונג פון זאַכן, פאַקטן. דאָ איז אַלץ רואיק, פּאַסיוו, אָבער עס איז אָנגעפילט מיט דער עקזיסטענץ פון אַ תוך. די צייט איז דאָ ניט צעטיילט אויף שעהן, רגעס, זי ווייס ניט פון קיין פריער און שפּעטער, זי איז איין לאַנגע אויסגעצויגענע איצטיקייט, זי פאַרמאָגט אין זיך די גלאַטע מאָנאָטאָנקייט און די קאָנטינואיטעט פון אַן אויסגעשפּרייטן וואַסער־שפּיגל וואָס ציט זיך — ווער ווייס פון וואַנען? ווער ווייס וואוהין?

רעדנדיק וועגן דעם צייט־באַגריף בכלל האַלט עדינגטאָן, אַז פון אָט דעם געפיל פונעם אייגענעם דויער נעמט זיך דאָס וואָס מיר דערשפּירן אין צייט עפּעס אַ מיסטישע פאַרהוילנקייט. באמת, פאַרן פילאָסאָפישן גע־

דאַנק איז תמיד פונקט אַזוי שווער געווען צו פאַרשטיין רוים ווי צייט, און דאָך, אין אונדזער אומפאַרמיטלטן איינדרוק פון די ביידע איז פאַראַן אַ גרויסע נפקא מינה. רוים איז עפּעס פּראָסטער, מאַטעריעלער און טראָגט אין זיך עפּעס אַ קאַלטקייט. צייט איז עפּעס דינער, וואַרעמער, סודותדיקער. מעגלעך, אַז עדינגטאָן איז גערעכט. אין שטילער קאָנטעמפּלאַציע פילן מיר טאַקע אַז מיר געדויערן — צייט, אָבער מיר פילן ניט די אויסגעשפרייטקייט פון אונדזער פיזישן אָרגאַניזם — רוים.

אָט די סוביעקטיווע צייט דערפילן מיר בלויז ווען אונדזער בליק רייסט זיך אַריין אינווייניק, אין דער אייגענער נשמה. אַזוי שנעל ווי דער דרויסן פאַרכאַפּט אונדזער אויג, צערינט דער דאָזיקער סאָרט צייט ווי אַ רויך. מיר באַוועגן זיך דעמאָלט אינעם שטראָם פון אָביעקטיווער צייט, וואָס צעבייט דאָס גאַנצע אויף קלענערע און גרעסערע שטיקער — געשעענישן, וואָס האַלטן זיך אין איין באַוועגן פאָרויס פון פונקט צו פונקט.

דער טראַדיציאָנעלער ייד האָט אַריינגעבויט זיין יידישקייט טיף אין זיין פערזענלעכן לעבן אַריין. ביי אים האָט זיך דאָס זיין בכלל כמעט אינגאַנצן אידענטיפיצירט מיט זיין אַ ייד. דאָס פערזענלעכע געבוירן ווערן איז באַגריסט געוואָרן מיט תורה, חופּה ומעשים טובים, און די אבלים נאָך טויט האָט מען געטרייסט צוזאַמען מיט אַלע „אבלי ציון וירושלים״ — דאָס הייסט, מיט יידן בכלל. און צווישן געבוירן ווערן און טויט איז כמעט ניט געבליבן קיין פּיצל ליידיקער שטח צווישן דעם יידן פאַר זיך און דעם יידן פאַר יידן. די אידענטיפיקאַציע איז אָפט געווען אַזוי פולשטענדיק, אַז אַרייב־דרינגען אין זיך אַליין, אין אייגענעם פערזענלעכן תוך, איז געווען אַקוראַט דאָס זעלביקע ווי אַריינאָטעמען די לופט פון יידן און יידישקייט, און סוביעקטיווע צייט האָט זיך אינגאַנצן אידענטיפיצירט מיט יידישער צייט.

דער ביבלישער „נצח ישראל״ איז זיכער ניט קיין הוילע רעטאָרישע גוזמא, און ניט, ווי מיר דאַכט זיך, עפּעס אַ גרעסטע־מעגלעכע סומע פון פאַראַנענער צייט, אַ פאַרטראַכטער מאַטעמאַטישער סכום, נאָר אַן אויס־דרוק פון נאַטירלעכן דויער־געפיל, וואָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. וואָרעם מאַטעמאַטישע אומענדלעכקייט ווערט אויפגענומען ווי אַ ליניע וואָס ציט זיך אָן אַ גרענעץ, האָט קיין ברעג ניט. פאַראַן אַנדערע צאָלן וואָס ענדיקן זיך יאָ ערגעץ־וואו, אָבער גראָד דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ סכום וואָס האָט קיין סוף ניט. אָבער אין דויער־געפיל איז דער גאַנצער באַגריף פון אַ סוף בכלל ניט שייך, ווייל מיר קאָנען בלויז פילן, אַז מיר האַלטן אָן, מיר פילן אָבער ניט, און קאָנען ניט פילן, די מעגלעכקייט פון אַ סוף.

מיר ווייסן, נאַטירלעך, אַז מיר וועלן שטאַרבן, און דער טויט, ווייסן מיר, איז אין אַ גאַנץ באַשטימטן זינען אַ סוף. אָבער מיר ווייסן דאָס בלויז, פילן עס קאָנען מיר ניט. מיר ווייסן עס, ווייל מיר זעען בחוש ווי מענטשן

שטאַרבן, ענדיקן זייער פיזישע עקזיסטענץ. וואָלטן מיר געקאָנט זען מיט די אייגענע אויגן אַז פעלקער ענדיקן זיך פונקט ווי איינצלנע מענטשן, וואָלט די דאָזיקע אינפאָרמאַציע זיכער געמאַכט אַ סך שווערער דעם וועג, אַז אונדזערע עלטערן זאָלן קאָנען באַנעמען די אייביקייט פון יידישן פאָלק אויף אַ ניט־רעטאָרישן אופן. אָבער אָן דעם דאָזיקן שטער, און ביי די ספּעציעלע גייסטיקע אַנטוויקלונגען אינעם אויפקום פון יידישן פאָלק־באַוואוסטזיין, האָט דער אַריינבליק אין יידישן לעבן געקאָנט אַרויפציען אויף זיך דעם כאַראַקטער פון סוביעקטיווער צייט. דאָס דאָזיקע פאָלקישע צייט־געפיל איז נאָך מער נייטיק געוואָרן, און דעריבער באַזונדערס פאַרשאַרפט געוואָרן, אין דער גלות־עפּאָכע. ווייל אַחוץ אַלע אַנדערע אייגנשאַפטן קאָן אַזאַ געפיל אויך עפענען קוואַלן פון טרייסט און האָפענונג וואָס זייער וואַרעמ־קייט פאַרוויגט און מילדערט די יסורים פון גלות־לעבן.

מהאי טעמא איז פאַר די טראַדיציאָנעלע דורות אונדזערע ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי יידישע געשיכטע. אין פאָלקסטימלעכן יידיש, וואָס די דאָזיקע דורות האָבן געשאַפן, איז אַפילו ניטאָ קיין וואָרט פאַר דאָזיקן באַגריף. וואָרעם „היסטאָריע״, אָדער דאָס איצטיקע „געשיכטע״, זענען אַלץ נייע ווערטער וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע וואו פונעם געזונטן גלות־יידן איז געבליבן בלויז אַ בלאַסער שאָטן. דאָס זענען נייע ווערטער פאַר נייע יידן וואָס האָבן אָנגעהויבן צו קוקן אויף זייער פאָלק פון דרויסן, דורך דיברילן פון אָביעקטיווער צייט, אינעם ליכט פון היסטאָרישע פּראָצעסן, פון געשיכטע.

וואָרעם געשיכטע איז פאַרצייכנטע אַנטוויקלונג, וואוקס אָדער פאַנאַנ־דערפאַל. עס איז אַ באַריכט פון סאָציאַלער באַוועגונג פון איין ריכטונג אין אַ צווייטער. צייט מוז דעריבער ווערן צעטיילט אויף תקופות, עפּאָכעס, לויטן אויפקום אָדער אונטערגאַנג פון אינסטיטוציעס, געזעלשאַפטלעכע באַ־ציאונגען, געדאַנקען־סיסטעמען, שטייגער פון לעבן. אָבער אין סוביעקטיווער צייט, אומאָפּהענגיק פון דעם וואָס אַ מענטש טראַכט וועגן זיך אין מאָמענט פון שכלדיקן רעפלעקטירן, דערפילט ער בלויז דאָס דויערן פון דעם וואָס ער איז, ניט פון דעם וואָס ער איז געוואָרן. דער גאַנצער באַגריף פון ווערן האָט אין אַזאַ וועלט קיין פּלאַץ ניט. ווען יידן האָבן דאָס דאָזיקע צייט־געפיל אַריבערגעטראָגן אויפן יידישן פאָלק בכלל האָבן זיי דערוויי־טערט פון זיך יעדע מעגלעכקייט צו זען דאָס פאָלק, אָדער דאָס סאַמע אינערלעכע פון פאָלקישן זיין, אין טערמינען פון היסטאָרישע באַגריפן.

דער ייד וואָס איז געזעסן אין בית המדרש אין לובלין אָדער וואַרשע און געלערנט משניות האָט בשום אופן ניט געפילט, אַז די טעמעס פון דער משנה וואָס זענען נאָענט צו זיין אַרומיקן פּראַקטישן לעבן זאָלן אים זיין אינטערעסאַנטער ווי יענע טעמעס וואָס האָבן בלויז אַ שייכות צו דער

בית־המקדש־צייט. ער האָט געשמאַק געלערנט, אַז „אין דער נאַכט פון פערצנטן טאָג אין ניסן איז מען בודק דעם חמץ ביי דער ליכטיקייט פון אַ ליכט". דאָס איז פאַר אים, נאַטירלעך, געווען אַ לעבעדיקער ענין. אָבער עס האָט אים אַ האָר ניט ווינציקער אינטערעסירט די משנה, אַז דעם „קרבן־תמיד" האָט מען „געשאָכטן אין דער שעה אַכט און אַ האַלב און מען האָט אים מקריב געווען אין דער שעה ניין און אַ האַלב". זיין געשמאַק אין לערנען האָט אַ ברעקל ניט געליטן דערפון וואָס אין זייער לעבן האָט ער קיין שום שייכות ניט געהאַט צו קרבנות. וואָרעם ער האָט די עפּאָכעס פון יידישן לעבן געזען ווי איינס, אָן אַן איבעררייס, אַלע אינעם זעלביקן תוך וואָס דאָס דויער־געפיל ברענגט אַרויס.

רעדנדיק וועגן דער מסכתא פסחים איז כדאי צו דערמאָנען די פאַר־טיילונג פון ווייטע און נאָענטע טעמעס וואָס באַהאַנדלען אין דער משנה די דינים וועגן פסח. אַרום און אַרום פאַרמאָגט די מסכתא 89 משניות, פון זיי האָבן אַרום 32 פּראָצענט (29) צו טאָן מיט חמץ, סדר, תפילות, און אַרום 68 פּראָצענט (60) גיבן זיך אָפּ מיט קרבנות, כהנים, בית המקדש, ירושלים. עפּעס ענלעכס געפינט זיך אין אַנדערע מסכתות. דאָך האָט דאָס ניט געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס וואָס איז ווייט און ניט לעבעדיק גענוג פאַרן יידן פון לובלין אָדער וואַרשע. זיי האָבן ניט געמאַכט דעם מינדסטן אונטערשייד אין ענינים פון יידישקייט צי דאָס האָט צו טאָן מיט דער איצטיקער צייט אָדער מיט לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן.

געשיכטע איז בטבע אַ טעטיקייט וואָס באַשרייבט פּראָצעסן וועגן וועלכע מענטשן פון דער געגעבענער צייט האָבן ניט געוואוסט, אָדער ניט געמעגט וויסן. מיט אַזאַ הנחה קאָן די טראַדיציאָנעלע יידישע פּסיכיק בשום אופן ניט שלום מאַכן. אינעם סוביעקטיוון צייט־געפיל זענען אַבסאָלוט אַלע יידן פערזענלעך געשטאַנען אונטערן באַרג סיני, און ניט בלויז די יידן פון דער צייט פון מתן תורה, נאָר אויך די נשמות פון אַלע יידן פון אַלע שפּעטער־דיקע צייטן, ריכטיקער, אַלע יידן וואָס קאָנען איינגעשלאָסן ווערן איר דער דויער־צייט פון יידישן פאָלק.

די וואָס מיינען, אַז די נפקא מינה צווישן דעם און דעם מאָדערנעם היסטאָרישן קוק ליגט בלויז אין דער עלטערער אומקריטישער גלויביקייט זעען די זאַך פון אויבן־אויף, דרינגען ניט אַריין אין די פאַרשיידענע פּסי־כישע צושטאַנדן וואָס זענען דאָ דער עיקר. די טענדענץ אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט דאָס פון וואָס מיר האָבן זיך דערווייטערט, און די מורא פאַר די אמתן וואָס שוועבן אין דער וועלט פון העכערע אַבסטראַקציעס, דערלאָזט ניט מיר זאָלן דערזען דאָס פולע גייסטיקע געשטאַלט פונעם טראַדיציאָנעלן יידן. יענער ייד האָט טאַקע ביי יידן ניט געזען קיין געשיכטע, אָבער די יידישע צייט מיט וועלכער ער האָט געאָטעמט האָט אים געמאַכט פאַרן

קרעפּטיקסטן אינסטרומענט אינעם געראַנגל, אַז עס זאָל זיין אַ יידישע געשיכטע.

אינעם פאָלקסטימלעכן יידיש פעלן ניט בלויז די טערמינען פאַר היסטאָרישע באַגריפן, עס זענען ניט פאַראַן די ווערטער פאַר דער פונדאַמענטאַלסטער צעטיילונג פון צייט: אַמאָל, איצט און שפּעטער. יידישע שרייבער וואָס באַמיען זיך, דאָרט וואו עס איז נאָך מעגלעך, ניט צו דערווייטערן מאַמע־לשון פון דער מאַמעס לשון, געפינען זיך אין אַ פאַרלעגנהייט ווען עס קומט צו די דאָזיקע דריי באַגריפן. וואָרעם „פאַרגאַנגענהייט" און „קעגנוואַרט" און „צוקונפט", אַלע דריי טראָגן אויף זיך די אָפּקילנדיקע סימנים פון „זאַגראַניטשנע" ווערטער. ווי לאַנג מיר באַנוצן זיי שוין, און ווי אָפט, און דאָך זענען זיי נאָך אַלץ ניט קיין היימישע געסט ביי אונדז וואָס קאָנען אַריינקומען אין הויז אָן אַ פריערדיקער מעלדונג. טייל שרייבער העלפן זיך אַרויס מיט רעטאָריק: נעכטן, היינט און מאָרגן, אָבער אַזעלכע שפּראַכלעכע באַפוצונגען פאַסן זיך דאָך ניט אומעטום אַריין, שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס זיי זענען בכלל ניט קיין גענעראַליזירטע צייט־באַגריפן.

טייל העלפן זיך אַרויס מיט העברעאיש: עבר, הוה, עתיד, אָבער זיי געהערן אין העברעאיש אויך ניט צום אַלטן קוואַל. אַפילו „עתיד" וואָס ווערט שוין באַנוצט אין תלמוד כמעט אין מאָדערנעם זינען, איז דאָס אָבער בלויז „כמעט", ווייל דאָרט האָט עס גיכער דעם טייטש פון אַ קאָנקרעטן שפּעטער אײדער פון אַן אַבסטראַקטער צוקונפט. בכל אופן, די דאָזיקע דריי ווערטער וואָס קומען צו אונדז ניט פון אַמאָליקער לומדות, נאָר אונטערן איינפלוס פונעם מאָדערנעם העברעאיש, האָבן זיך נאָך דערווייל אין יידיש ניט איינגעבירגערט. זיכער קאָן מען זיי ניט צורעכענען צום פאָלקסטימלעכן יידיש.

אַזוי, מיטן סוביעקטיוון צייט־געפיל, אויסגעשפּרייט אויפן גאַנצן יידישן פאָלק האָט געלעבט און געווירקט דער טראַדיציאָנעלער ייד. דאָס איז געווען איינער פון די פאַרבאָרגענע אינסטרומענטן וואָס האָבן אים געהאָלפן בייקומען די גיפטיקייט פון דער אַרומיקער שנאה, האָט אָנגעפילט מיט עקשנותדיקער זיכערקייט זיין געיאָגט און געפּלאָגט לעבן, און געמונטערט זיין חלום פון גאולה.

(1946)

# יידישקייט פון אונדזער צייט

### 1. אָפּשטאַם־יידישקייט

אין דער זייער אומנחתדיקער לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט איז זיכער אַ פאַרגעניגן צו הערן אַ טרייסט־וואָרט, אָבער אַ דין וחשבון קומט אויך צונוץ. עס איז גוט צו לאָזן אונדזער בליק זיך אָנזאַפּן מיט דער ריט־מישער האַרמאָניע פון די צייכענונגען אויף דער פאָרהאַנג. אָבער דער וואָס שאַרט אין גאַנצן אַוועק די פאָרהאַנג און צווינגט אונדז צו קוקן ווייטער באַגייט, דאַכט זיך, אויך קיין עוולה ניט. דאָס זען, און זען וואָס מער,, איז די גרויסע פּריווילעגיע פון רייפער דערוואַקסנקייט. פאַר יידן איז אַזאַ קלאָרער חוש הראיה ניט אַלעמאָל אַ נחת אָבער תמיד אַ חוב. איז קוקן מיר אַזוי אין די ווינקלען פון דער אייגענער היים און זעען וואָס עס ווילט זיך און וואָס עס ווילט זיך זייער שטאַרק ניט.

געוועזן אַמאָל צייטן ווען „אַרויסגיין" פון יידישן פאָלק און „אַריינגיין" אין אַן אַנדער פאָלק איז פאָרגעקומען דורך דער קירך. דאָס איז געטאָן געוואָרן ווי אַן עפנטלעכער אַקט, באַגלייט מיט אַ געהעריקן צערעמאָניאַל — שמד. האָבן מיר תמיד געוואוסט ווער עס „גייט אַרויס", און די אַלע אויבער־טענער וואָס מיר האָבן אַריינגעלייגט אין וואָרט „שמד" האָבן קלאָר אָנגע־וויזן אונדזער באַציאונג צו דעם. היינט זענען מיר געקומען צו אַ לאַגע אַז מען קען אַוועק פון יידן אָן אַ זיי־געזונט, און ווען מען דערוויסט זיך דערפון איז ניט בלויז וואָס מען ווינטשט ניט דעם אַוועקגעגאַנגענעם אַ גליקלעכן שליטוועגס נאָר מען האַלט אים נאָך פאַר אַן איבוווייניקסטן בלויז דערפאַר וואָס ער שטאַמט פון יידן. די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק איז, ווי שוין באַמערקט, אַ גורלדיקער פאַקט אין הייגטצייטיקער יידישער געשיכטע.

דאָס קומט איצט פאָר אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויף אַזאַ ריזיקן פאַרנעם אַז דער פאָלקישער טויט פונעם גאַנצן יידיש־סאָוועטישן ישוב ווערט שוין איצט באַטראַכט ווי אַ נאָענטע מעגלעכקייט אפילו פון סאָוועטישע אָנהענגער און פריינד. אויב זיי נעמען זיך ניט צו שטאַרק צום האַרצן דערפון לאָזט זיך דאָס אויך גאַנץ גוט פאַרשטיין. זיי זענען קודם כל פאַראינטערעסירט צו באַווייזן די מעלות פון סאָוועטישן רעזשים. דאָס איז בלי ספק אַ רעכט וואָס קיינער טאָר פון זיי ניט אַוועקנעמען. עס איז בלויז אַ פאַרדראָס וואָס זיי זוכן דאָס אַזוי אומחנעוודיק צו פאַרשטעלן מיט אַזעלכע פּריקרע אָפּנאַרערישע מיטלען. אַנדערע האָבן מסתמא ניט ווילנדיק באַקומען די נייגונג אויטאָמאַ־טיש צו פאַרמאַכן זייערע יידישע אויגן כדי די פרייד מיט די גוטע סאָוועטישע בשורות זאָל חס ושלום אויף אַ האָר ניט צעשטערט ווערן. דאָס

ווירקט אַז זיי זאָלן כסדר אַריבער־שרייען דאָס פאַרבליבענע „קול דממה דקה" פון זייער געוויסן דורך אונטערשטרייכן, וואָס דער אמת איז, אַז יידן האָבן דאָרט אַלע רעכט פּונקט ווי די אַנדערע בירגער, אַז מען באַשטראָפט פאַר אַנטיסעמיטיזם, אַז יידן פאַרנעמען הויכע שטעלעס אין אינדוסטריע, וויסנ־שאַפט, פּאָליציי, מיליטער, פּאָליטיק אאַז"וו. אויף אַזאַ אופן ווערט טאַקע דערגרייכט וואָס דערמיט ווערט געהויבן דער נאָמען פונעם סאָוועטישן רעזשים, אָבער וואָס הערט זיך עפּעס מכוח יידישן תכלית? וואָס זענען די טענדענצן פון דער יידיש־פּאָלקישער שותפות אין יענעם לאַנד, וואָס זענען די מעגלעכקייטן, וואָס ווערן יידן דאָרט געגעבן, אַז דאָס געוועב פון אונדזער קיום זאָל ניט צעריסן און צעדריבלט ווערן?

אויך דאָס זענען די סאָוועטישע אָנהענגער מחויב צו באַרירן, אָבער זיי נוצן עס אויס אַזוי אַז דאָס גיט זיי ווידער אַ געלעגנהייט צו זינגען אַ לויב צו זייער ערשטער ליבע. אמת, זאָגן זיי, דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן זעט זיך דאָרט קנאַפּ וואָס אָן, ווייל די רעגירונג באַזאָרגט אַלץ פאַר אַלע בירגער. דערפאַר אָבער שפּאַרן יידן אָן אין די העכסטע שפּיצן פון אַלסאָוועטישן לעבן, און פילן זיך גלייך מיט אַלעמען. אָט אַזוי קומען זיי ווידער צוריק צו דער ערשטער אַרגומענטאַציע וואָס האָט קודם כל אין זינען די מעלות פונעם רעזשים.

מיט אַזעלכע יידן איז ניט שייך זיך אויסצוטענהן. ווייזט אויס אַז די נאָרמאַלע יידישע לעבנס־תאווה האָט זיך ביי זיי אין גאַנצן אויסגעשעפּט, און זיי זענען גרייט מקריב צו זיין דאָס וואָס גייט זיי אָן ווייניקער פאַר דעם וואָס האָט אין גאַנצן פאַרשלונגען זייערע קעפּ און הערצער. אָבער מען קען ניט פאַרבייגיין דעם פאַקט וואָס אויף אַ סך וואַרעמע יידן אין היגן פרייען קיבוץ מאַכן אַזעלכע צופרידענע רייד אַ קוים פאַרשטענדלעכן איינדרוק. ניט נאָר מאַכט מען שלום מיטן געדאַנק אַז אין מזרח־אייראָפּע — אין יענער קוואַליק־רייכער יידישער מזרח־אייראָפּע — פאַרווירקלעכט זיך אַ לעבן פון צעוואָרפענע יחידים פון יידישן אָפּשטאַם, נאָר אַז אָפּשטאַם אַליין איז אַ ניי־געבוירענע פאָרם פון פּאָזיטיווער יידישקייט. עס קומט אויס אַז דאָס הוילע געבוירן ווערן ביי יידישע עלטערן איז אין זיך גופא אַ מין נאַציאָנאַלער אַקט. היינט אויב צו דער דאָזיקער זיכערער אויך־מיר פּאָל־קישער עקזיסטענץ קומט נאָך צו אַבסאָלוט גלייכע רעכט, און פאַר אַנטי־סעמיטיזם באַשטראָפט מען נאָך אויך, איז דאָך מה טובה אוהליך יעקב.

אמת, כדי צו ראַטעווען דעם כבוד פון זייער ערשטער ליבע דערציילן די ענטוזיאַסטישע סאָוועטישע פריינד עפּעס וועגן די דאָרטיקע יידן, וואָס קען אונדז דאָ דערשרעקן. עס קומט אויס אַז אין דער אמתן האָבן יידן אַ געלעגנהייט ווייט אַריבערצושטייגן די גרענעצן פון נאַקעטער אָפּשטאַם־יידישקייט. זיי וואָלטן געקענט דאָס יידישע לעבן אָרגאַניזירן און עס אָנפילן

מיט אַ רייכן אינהאַלט, נאָר זייער אַבסאָלוטע פרייהייט האָט זיי אַזוי פאַר־כאַפּט אַז קיינער פון זיי וויל דאָס גאָרניט. די מעגלעכקייטן בעטן זיך ממש ביי זיי: זייט יידן און דערציט אייערע קינדער אויך דאָס צו זיין, אָבער זיי ווילן פון דעם ניט הערן. דאָס מערקווערדיקסטע איז וואָס אַ סך היגע באמת וואַרעמע יידן האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון אָט דעם מוראדיקן פזמון. זיי גיסן אפילו אויס זייער גאַנצן צאָרן אויף אונדזערע סאָוועטישע אָפּשטאַם־ברידער פאַר דער דאָזיקער בגידה. מען גיט זיי דאָך אַלע מעגלעכקייטן צו זיין קולטורעל מיט פעלקער גלייך, און זיי נעמען בידים און וואַרפן דאָס אָפּ.

מען קען ניט פאַרדענקען יענע וואָס פאַלן אַריין אין עצבות צוליב דעם. געוואַלד, וואָס איז פון אונדז געוואָרן? ערשט נעכטן זענען דאָך רוסישע יידן געווען אַזאַ אומאויסשעפּלעכער לעבעדיקער קוואַל, און איצט ווילן זיי ניט אַנדערש ווי אויסהויכן די נשמה אין אָפּשטאַם־יידישקייט. דאָס וואָלט באמת געווען ניט צו פאַרשטיין ווען עס זאָל זיין אמת. צום גליק איז דאָס אַ שרעק־לעכער בילבול אויף יידן, און זאָל דאָס זיין דאָס ביסל טרייסטנדיקע ליכט אין דער דאָזיקער פינצטערער בשורה.

מיט עטלעכע חדשים צוריק האָבן אָנגעהויבן קומען שיפן קיין אַמעריקע וואָס האָבן געבראַכט טיילן פון אונדזערע מאַרטירער־פּליטים פון יענער זייט ים. אין ניו־יאָרקער האַפן האָבן זיי באַגעגענט ניט בלויז פריינד און משפחה, נאָר אויך פאָרשטייער פון פאַרשיידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס. דאָס אָרגאַ־ניזירטע יידישע פאָלק פון אַמעריקע האָט זיי אָפּגעגעבן אַ האַרציקן שלום עליכם ביי זייער קומען. מיר האָבן זיי אויפגענומען און זיך געפרייט מיט זיי ווי ברידער מיט ברידער. מיר האָבן זיי געגעבן צו פילן אונדזער לעבעדיקע פאָלקישע שותפות.

ווער האָט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויפגענומען די פּוילישע פּליטים ווען זיי זענען אין 1939 אין טויט־אַנגסט געלאָפן פונעם היטלער־גיהנום? ווער איז זיי דעמאָלט, פון סאָוועטישן יידישן פאָלק, אַנטקעגנגעקומען מיט ברויט און וואַסער? אין „יידישער קעמפער" איז אַנומלטן געווען געדרוקט אַ קאָ־רעספּאָנדענץ פון איינעם פון די פּוילישע פּליטים. ער איז איצט אין ארץ־ישראל, אָבער אין 1939 איז ער געלאָפן פון פּוילן און זיך דערשלאָגן ביז קאַווקאַז. דאָרט האָט מען אים אָנגעוויזן אויף אַ פאָרשטייער פון אַ פּליטים־קאָמיטעט צו וועלכן ער דאַרף זיך ווענדן. אָבער ער גיט צו אַז דאָס איז געווען די איינציקע שטאָט וואו די רעגירונג האָט דערלויבט אַזאַ קאָמיטעט צו פונקציאָנירן. איז דאָס געווען דער ווילן פון יידן, אָדער פון דער רעגי־רונג וואָס דערלאָזט ניט אַז יידן זאָלן לעבן אָרגאַניזירט פאַר זייערע אייגענע געזעלשאַפטלעכע צוועקן?

אַלע אונדזערע שליחים וואָס זענען לעצטנס געקומען פון פּוילן האָבן געבראַכט גרוסן פון די פּוילישע פּליטים וואָס קערן זיך איצט אום פון

סאָוועטן־פאַרבאַנד. עס זענען פאַראַן עטלעכע סיבות פאַרוואָס זיי ווילן פאַר־לאָזן רוסלאַנד און קומען צוריק קיין פוילן. אָבער איין סיבה ווערט פון אַלעמען דערמאָנט: עס בענקט זיך זיי נאָך יידן, נאָך יידיש לעבן. לאָמיר ניט פאַרגעסן אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן הונדערטער טויזנטער, וואָס געפינען זיך אין אַ לאַנד מיט אַ ישוב פון נאָך הונדערטער טויזנטער יידן. איז דאָס אַלץ ניט געווען גענוג אַז זיי זאָלן קענען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויסבויען פאַר זיך אַ שותּפותדיק יידיש לעבן? דאָס וואָלט דאָך פאַר זיי געווען ממש אַ היילונג פאַר זייערע מאַוימדיקע וואונדן.

אַרום דער זעלביקער צייט איז אין אַמעריקע פאָרגעקומען ממש אַן אויפלעבונג ביי די אַנגעפּאַרענע ליובאַוויטשער חסידים מיט זייער רבין, און ביי אַנדערע פרומע יידן פונעם גאַר אַלט־פרענקישן שניט. ווי גרויס איז זייער צאָל? מסתמא קיין צענדליקער טויזנטער אויך ניט. די ריזיקע פּראָ־יעקטן וואָס זיי האָבן דאָ דורכגעפירט איז אַלעמען גוט באַקאַנט, כאָטש אַמעריקע איז אַזאַ אומגינסטיקער באָדן פאַר עקסטרעמער דבקותדיקער פרומ־קייט. אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע האָבן זיך אין די לעצטע יאָרן באַזעצט יידן פון פאַרשיידענע סאָרטן, קרייזן, טיפּן, און אַלע האָבן מיט אָנ־שטרענגונג געשאַפן אַ שטיקל קולטורעל לעבן פאַר זיך יעדער אויף זיין אופן. דאָס איז דאָך אייגנטלעך דאָס נאַטירלעכסטע פאַר יעדן היסטאָרישן קיבוץ אַז זייער פיזישער צונויפטרעף זאָל נויטווענדיק פירן צו אַ פילפאַרביק צו־זאַמענלעבן. איז עס ניט קיין זינדיקער בילבול אויף אונדזערע סאָוועטישע ברידער צו זאָגן אַז מען גיט זיי אַלע מעגלעכקייטן נאָר זיי ווילן ניט?

הרב אהרן פּעטשעניק איז אין 1940 געווען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און אַרויסגעגעבן אַ ביכל וועגן זיין רייזע. רעדנדיק וועגן דער שול אין מאָסקווע זאָגט ער: „די שול האָט אַ חזן אָבער ניט קיין רב, ווייל אַ רב האָט שוין אַ שייכות מיט רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע". אָבער די שול האָט אַ פירער וואָס „האָט אויך די פונקציעס פון אַ רב". דאָס איז אַ געוויסער טשאַברוצקי. אָט דער במקום רב האָט געהאַלטן אַ דרשה יום־כּיפּור פאַר הזכרת נשמות. עס איז ווערט מען זאָל די דרשה איבערגעבן אות באות:

„רבותי, מיר האַלטן איצט ביי הזכרת נשמות, ווען מיר דאַרפן דער־מאָנען אונדזערע ליבע און טייערע וועלכע זענען פון דער וועלט אַוועקגע־גאַנגען. געוויינטלעך איז עס זייער שמערצלעך אַז מען פאַרלירט די נאָענטע מיט וועלכע מען איז געווען אַזוי פיל יאָרן צונויפגעבונדן און צוזאַמענגע־וואַקסן. עס טרעפן אויך פאַלן ווען די נאָענטע שטאַרבן ניט מיט קיין נאַ־טירלעכן טויט, נאָר דורך אָנשטעקונג, דורך קראַנקהייטן וועלכע ווערן אי־בערגענומען פון אַנדערע, ניט ווייסנדיק אפילו ווי אַזוי. איז זעלבסטפאַר־שטענדלעך אַז אַזעלכע פאַרלוסטן זענען אַ סך שמערצלעכער, אַ סך באַדוי־ערנסווערטער. דעריבער איצט, בעת מיר דאַרפן דערמאָנען די נשמות פון

די פאַרשטאָרבענע, דאַרפן מיר באַשליסן מיר זאָלן אָנשטרענגען אַלע קרעפטן צו פאַרמיידן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. מיר זענען דאָ פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, און ספּעציעל ביי אַזאַ געלעגנהייט דאַרפן מיר אָפּהיטן אַלע סאַניטאַרישע כּללים, זיך האַלטן פּולשטענדיק ריין, ניט שפּייען אויף דער פּאָדלאָגע און ניט שנייצן די נעז און דורך דעם וועלן מיר פאַרהיטן פון אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן און ממילא פון דעם אַז מיר זאָלן דאַרפן מיט טרויער און שמערץ דערמאָנען די פאַרלוסטן״.

הרב פּעטשעניק גיט צו אַז דערמיט האָט טשאַברוצקי „אויסגעפילט די פונקציעס פון אַ רב אָן רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע״. דער מחבר פאַרגעסט אויך ניט צו דערמאָנען, אַז די דאָזיקע דרשה פאַר יזכור איז געהאַלטן געוואָרן „אויפן זעלבן פּלאַץ פון וואַנען הרב מאַזע האָט גערעדט״.

מען קען, דאַכט זיך, ניט זאָגן אַז סאָוועטישע יידן האָבן אַלע מעגלעכקייטן ווען זיי מוזן אַריבערטראָגן אַזאַ מין יידישקייט און אַזאַ מין לומדות. נאָך ערגער איז ווען מען דערמאָנט זיך אַז דאָס איז געווען אין 1940. די סאָוועטישע יידן זענען דעמאָלט געווען לעבעדיקע עדות פון גרעסטן יידישן חורבן וואָס האָט זיך אַזוי גרויליק צעיאָמערט פון די אָנגעלאָפענע פּליטים. האָט דער בעל־דרשן אין יענער היסטאָרישער צייט ניט געקענט געפינען קיין אַנדער טעמע ווי „ניט שפּייען אויף דער פּאָדלאָגע״? אָבער די דאָזיקע שרעקלעכע אחריות קען מען שוין אויף טשאַברוצקי׳ס אָרעמע פּלייצעס ניט אַרויפוואַרפן. וואָרעם אין זעלביקן ביכל ווערט דערמאָנט ווי דער דאָזיקער איד האָט ממש מיט מסירת נפש געבראַכט אתרוגים קיין לעמבערג, ווי ער האָט געהאָלפן דורכפאָרנדיקע פּליטים אויפן וועג קיין יאַפּאַן. אָבער וועגן דעם האָט מען מסתמא ניט געטאָרט רעדן. עס איז געווען די צייט פונעם פּאַקט מיט היטלערן.

עס איז ממש אַ הימלשרייענדיקע עוולה מצד אויפריכטיקע יידן וואָס פאַרביטערן אונדז מיט דער פאַלשער בשורה אַז די סאָוועטישע יידן האָבן אַלע מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען אַ יידיש לעבן נאָר ס׳איז מער ניטאָ קיין איין איינציקע גרופּע צווישן זיי וואָס וויל דאָס. און אויב ביים ניי־געבוירענעם דור — דעם דור וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין אַזאַ פּוסטן יידישן חלל — זאָלן זיך טאַקע געפינען ווייניק וואָס ווייסן, אָדער ווילן עפּעס וויסן, וועגן יידן און יידישקייט, ווער וועט זיך אונטערשטיין אַרויפצוואַרפן אויף יידן די אחריות פאַר דעם?

אין בּיראָ־בּידזשאַן, זאָגט מען, איז פאַראַן אַן אויטאָנאָמער ישוב פון כמה וכמה צענדליקער טויזנטער יידן, אין דער צייט ווען דער דאָזיקער ישוב בויט זיך איז פאָרגעקומען דער גרעסטער חורבן אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע. אָבער מיר האָבן ניט געהערט אַז דאָס יידישע בּיראָ־בּידזשאַן זאָל זיך אָפּרופן אויף דעם מיט אַ וואָרט, מיט אַן אות, מיט אַ קלאַנג. אין

משך פֿון די אַלע מיאומדיקע יאָרן האָבן זיי עפּנטלעך ניט אויסגעדריקט די מינדסטע שייכות מיטן ייִדישן פֿאָלק וואָס זיינע ווײ־געשרייען האָבן געלעכערט די הימלען פֿון אַלע קאָנטינענטן, פֿון אַלע לענדער. זיי האָבן ניט אָנגעבאָטן אַפֿילו אויף אַ סימבאָלישן אופֿן זיך משתתּף צו זיין אין אונדזער צער. אין זייער נאָמען האָט עמעצער געעפֿנט זיינע ליפּן אין ניו־יאָרק, אין מאָסקווע, אָבער זיי אַליין, דורך עפֿנטלעכע אָרגאַנען, האָבן קיין פֿינגער ניט אויסגעשטרעקט צו אונדזער פֿאָלק אין די טעג פֿון לוויה און שבעה.

ווילן זיי דאָס ניט, איז צווישן זיי ניטאָ קיין איין איינציקע גרופּע וואָס זאָל דאָס פֿילן און וועלן? וואָס ווייסן זיי וועגן אונדז בכלל? מען דאַרף ניט האָבן קיין צו רייכע פֿאַנטאַזיע צו קענען ענטפֿערן אויף די דאָזיקע פֿראַגעס אַפֿילו ווען מען קען ניט קריגן קיין גענויע ידיעות פֿון דאָרטיקן ישוב. קענטיק אַז זיי האָבן ניט די מינדסטע מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ קוואַליטאַטיוו ייִדיש לעבן, און ממילא צו בלייבן אַ טייל פֿון אַ לעבעדיק ייִדיש פֿאָלק. מיר קענען וועגן זיי בלויז רעדן אין סטאַטיסטישע טערמינען: אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל מענטשן פֿון ייִדישן אָפּשטאַם וואָס פֿאַשען אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל חזרים.

אָבער, ווי געזאָגט, זענען אויך פֿאַראַן אַזעלכע צווישן אונדז וואָס פֿאַר זיי האָט אָפּשטאַם־ייִדישקייט דאָך אַ פּאָזיטיוון ווערט. עפּעס אויף אַ מיסטישן אופֿן זעען זיי אין דעם אַ יש וואָס קען זיך האַלטן, און נאָך אפשר געבן פּראָצענט פֿאַר אונדזער פֿאָלקישן אוצר. איינער איז זיך סומך אויף אַ פּסוק, אויף אַ מאמר חז״ל, אַ צווייטער פֿאַרענטפֿערט אַלץ מיט אַ קיילעכדיקן עפּיגראַם אָדער סתּם מיט פּערפֿומירטער רעטאָריק, און אַזוי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער דעליקאַטער וואָגשאָל פֿון אונדזער דור דאָס אויסגעהוילטע געוויכט פֿון אָפּשטאַם־ייִדישקייט.

## 2. עיר־מקלט ייִדישקייט

קיינער איז ניט מחויב צו האָבן אַ סך אמונה אין פּרווידס טעאָריעס כּדי צו זען אַז ער איז געווען אַ גאון הדור. ער האָט אַנטדעקט וועלטן אין דער מענטשלעכער נשמה וואָס אַ באַשרייבונג פֿון דער פּסיכישער ווירקלעכקייט קען זיי מער ניט אויסמיידן. אָבער דאָס וואָס ער האָט דאָרט געזען, און ווי אַזוי ער האָט עס אויסגעטייטשט, דאָס קען אַרויסרופֿן די ווייטגייענדיקסטע חילוקי דעות.

אין די ערשטע יאָרן פֿון זיין קאַריערע האָט ער, צו זיין גרויסן עגמת־נפֿש, אויסגעפֿונען אַז ער ווערט פֿאַרלאָזן און אויסגעמיטן פֿון זיינע פֿריינד, פֿון די מיטגלידער פֿון זיין פּראָפֿעסיע. ניט נאָר האָט מען מיט אים ניט איינגעשטימט, נאָר זיינע טעאָריעס האָבן מענטשן אָפּגעשטויסן פֿון אים. ער איז

געבליבן אַליין, אָן פריינד. דאָס האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען דריי הויפּט־פאַקטאָרן.

ער איז געקומען אין אַ צייט ווען דאָס פילאָסאָפישע ספּעקולירן איז באַ־טראַכט געוואָרן ווי פּוסטע בטלנות, און דאָס אָפּערירן מיט גייסט און גייס־טיקע כוחות האָט געהייסן ווילדער אַבערגלויבן, אַן אומקער צו „מיטלעל־טער״. דאָס איז געווען אַ צייט ווען ערנסט העקל האָט זיך געוויצלט: „לויט דער קריסטלעכער תורה איז גאָט אַ רוקנביייניקע באַשעפעניש געמאַכט פון גאַז, אָבער עס איז ניטאָ אַזאַ חיה״. ווען פרויד איז אַרויסגעקומען מיטן געדאַנק אַז עס איז פאַראַן אַן אייגנאַרטיק פּסיכיש לעבן, און דווקא מיט אַ „דופק״, האָט עס ניט געקענט אימפּאָנירן די וואָס האָבן געהאַלטן אַז אָדער עקזאַקטע וויסנשאַפט וואָס ווייס בלויז פון אַ מאַטעריעלער וועלט — אַזוי האָט מען דעמאָלט געטייטשט — אָדער מיר גייען צוריק צו עין־הרע־אָפּשפּרע־כער און בעלי־מופת.

צווייטנס, זיינע טעאָריעס וועגן דער אומגעהייערער ראָלע פון סעקסועלן לעבן. פרויד האָט געמיינט אַז ער האָט דערזען גרויסע אמתן ווען ער האָט צוגעשריבן מענטשן אַזעלכע מאָדנע סעקסועלע טרייב־כוחות, אַז עס האָט ממש שאָקירט. דריטנס, נו, יאָ, דריטנס, איז ער צו די אַלע צרות נאָך געווען אַ זון פון אחינו בני ישראל. אין ווין זענען געווען גענוג אַזעלכע וואָס האָבן אים דאָס בשום אופן ניט געקענט מוחל זיין.

עס איז געווען אַ מערקווערדיקע שייכות צווישן דעם ערשטן פאַקטאָר און דעם דריטן. דער אמת איז אַז פרויד אַליין האָט זיך געהאַלטן פאַר זייער ווייט פון פילאָסאָפיע. אין דעם פּרט איז ער געווען אַ טיפּיש קינד פון זיין צייט. אויך ער האָט געמיינט אַז דאָס וואָס מען זעט ניט אינעם קליניק האָט אַ קנאַפּן ווערט, און געהאַט די אילוזיע אַז דאָס וואָס ער זעט איז טאַקע אָביעקטיווער קליניש פאַקט. ער האָט געפּילט אַז וויסנשאַפט דאַרף זיך דערווייטערן פון אַבסטראַקטן טעאָרעטיזירן. אמת, ער האָט געבויט דאָס מענטשלעכע נשמה־לעבן אויף אַן אייביקן שטופּ־שטויס פון גייסטיקע כוחות, אָבער ער האָט דאָס אַלץ אויסגעשטעלט אַזוי ווי אַ קאָמפּליצירטע מאַשין מיט פאַרפּלאָנטערטע דראָטן, שרייפלעך, שפּרינגפעדער, מאָטאָרן, רעדלעך אאַז״וו. בקיצור, דאָס גאַנצע בילד זיינס איז קאָנסטרויאירט אַקוראַט לויט מאָדעל פון אַ פיזישער מאַשין וואו די באַזונדערע טיילן זענען די איינציקע באַשטי־מער פונעם כאַראַקטער פונעם גאַנצן.

די שוואַכקייטן פון אַזאַ מין אויפפאַסונג זעען זיך אַרויס באַזונדערס בולט אין דעם וואָס אַזאַ גאון האָט בשום אופן ניט געקענט דערפילן די טיפסטע אַלץ־אַרומנעמענדיקעווירקלעכקייט פון גייסטיקן לעבן — דאָס רע־ליגיעזע. ער האָט העכסטנס אין דעם געקענט זען אַ קראַנקהייט, אַ „צוואַנג־נייראָז״. ממילא, ווען מען האָט אים געגעבן צו פילן אַז ער איז אַ ייד האָט

ער זיך בלויז געקענט איבערבעטן מיטן פאַקט, אָבער ניט מיט די טרייסטנ־דיקע עלעמענטן וואָס ער וואָלט געקענט דערזען אין יידישע ווערטן, אין דער גייסטיקער דערהייבונג וואָס ער וואָלט אין זיי געקענט געפינען. ער האָט זיין טיף־רעליגיעזע נאַטור פאַרשלאָסן אין זיין פּערזענלעכער, מוראדיק־איינגעשפּאַרטער אמת־זוכעניש, האָט ער אינעם ייד־צייכן, וואָס מען האָט אים געצוואונגען ניט צו פאַרגעסן, געקענט זען בלויז יענעמס אומגערעכטע פאַראַכטונג, אָבער אין זיך אַליין האָט ער פאַרמאָגט צו ווייניק צו מאַכן פונעם צייכן אַן עמבלעם פון חשיבות און עלית נשמה.

בנוגע די ערשטע צוויי פאַקטאָרן האָט ער פונדעסטוועגן געקענט גע־פינען אַ גרויסע מאָראַלע באַפרידיקונג. עס איז פאַראַן אַזאַ לויטערער תענוג אינעם באַוואוסטזיין אַז מען ליידט ווייל מען זוכט דעם אמת. האָט דאָס מסתמא צוגעגעבן אַ מין העכער־וועלטיקע קאָליר צו דער עצבות פון זיין עלנט און פאַרלאָרנקייט. אָבער ליידן צוליב אַ הוילן, בייטראַלן, גאָרנישט זאָגנדיקן, גאָרנישט מיינענדיקן פאַקט — יידישקייט, דאָס פאַרמאָגט אין זיך עפּעס פונעם ציענדיקן פּיין פון אַן אומזיניקן צאָן־ווייטיק, אַ ברוטאַלע אָפּקומעניש אָן שום שכר, אָן שום האָפענונג אויף שכר.

אָבער פרויד איז געווען ניט בלויז אַ גרויסער זוכער נאָר אויך אַ גרויסער געפינער. האָט אים דאָ אויך זיין טיפקייט כאָטש טיילווייז אַרויסגעהאָלפן. אין 1926, ווען ער איז אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר, האָט דער ווינער בני ברית פאַרייך, וואו ער איז געווען אַ מיטגליד, איינגעאָרדנט אַ פייערונג לכבוד דער דאָזיקער געלעגנהייט. פרויד איז דעמאָלט געווען קראַנק, האָט ער צוגעשיקט אַ בריוו וואו ער האָט דערקלערט אַז ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן די בני ברית ווייל בעת ער איז געווען אָפּגעזונדערט און פאַרלאָזן האָט ער געזוכט מענטשן מיט מאָראַלער חשיבות וואָס, ניט געקוקט אויף זיינע געוואַגטע טעאָריעס, זאָלן זיי אים אַרויסווייזן פריינדשאַפט. אָבער אויך דאָס וואָס זיי זענען געווען יידן איז פאַר אים געווען אַ מעלה: „דאָס וואָס איר זייט יידן איז פאַר מיר נאָך בעסער געווען ווייל איך אַליין בין אַ ייד, און עס האָט מיר תמיד אויס־געזען ניט בלויז אַ הרפה נאָר פשוט אַן אומזין דאָס אָפּצולייקענען. דאָס וואָס מיך האָט געבונדן צו יידישקייט — איך מוז עס מודה זיין — איז ניט געווען מיין אמונה, עס איז אויך ניט געווען נאַציאָנאַלער שטאָלץ. וואָרעם איך בין תמיד געווען אַן אומגלייביקער ,דערצויגן געוואָרן אָן רעליגיע... און איך האָב זיך תמיד באַמיט צו אונטערדריקן נאַציאָנאַליסטישן ענטוזיאַזם, ווען נאָר איך האָב דערפילט אַ נייגונג דערצו, ווי עפּעס וואָס איז שעדלעך און אומגערעכט. וואָרעם עס האָבן מיך אָפּגעשראָקן די וואָרנענדיקע ביישפּילן פון די פעלקער צווישן וועלכע מיר יידן לעבן‟.

מיר קענען זיך לייכט פאָרשטעלן אַז „נאַציאָנאַליסטישער ענטוזיאַזם‟ ביי אַ ווינער יידן פון זיין קרייז האָט בלויז געקענט מיינען אַקטיווע און

באַוואוסטזיניקע אָנגעהעריקייט צו זיין פאָלק. מילא, אויך דאָס איז אים ניט געפעלן געוואָרן. היינט אויב ניט אמונה און ניט פאָלק, וואָס האָט אים פאַרט געקענט צובינדן צו יידן? אויף דעם ענטפערט פרויד: „אָבער עס זענען נאָך געבליבן גענוג אַנדערע זאַכן וואָס האָבן מיך באַפעלעריש צוגע־צויגן צו יידישקייט און יידן: אַ סך טונקעלע עמאָציאָנעלע כוחות וואָס זענען נאָך קרעפטיקער מיט דעם וואָס עס איז זיי אַזוי שווער צו באַנעמען דורך ווערטער, און אויך אַ קלאָר באַוואוסטזיין וועגן דער אינערלעכער אידענ־טישקייט, די היימלעכקייט וואָס קומט פון זעלביקן גייסטיקן צונויפשטעל. צו דעם איז נאָך באַלד צוגעקומען די איינזעעניש אַז בלויז מיין יידישער נאַטור דאַרף איך דאַנקען פאַר צוויי שטריכן וואָס אָן זיי וואָלט דער שווערער וועג פון מיין לעבן ניט געקענט אויסקומען. ווייל איך בין אַ ייד בין איך געווען פריי פון אַ סך פאָראורטיילן וואָס שטערן אַנדערע בעת זיי באַנוצן זייער שכל, און ווי אַ ייד בין איך גרייט געווען צו פאַרנעמען מיין פלאַץ אויף דער זייט פון דער אָפּאָזיציע און זיך אָפּזאָגן פון גוט־ברודערישקייט מיט דער ,קאָמ־פאַקטער מאַיאָריטעט' ".

דאָס איז, בלי ספק, אַן אַנטפּלעקנדיקער דאָקומענט פון זייער גרויסן ווערט. ער איז וויכטיק ניט בלויז מיט דעם וואָס ער דערציילט אונדז וועגן דעם יידן אין פרוידס פערזענלעכקייט נאָר אויך וועגן זיין קוק אויף דער יידישער פסיכיק בכלל. אָבער מיך אינטערעסירט דאָ אַן אַנדער מאָמענט אויף וועלכן עס לוינט ניט וויניקער זיך אָפּצושטעלן.

איך נעם אָן אַז פרויד דערציילט זיינע איבערלעבענישן אין ריכטיקן כראָנאָלאָגישן סדר. לכתחילה האָט ער אין זיין פאַרשטויסנקייט געזוכט אַ וואַרעמע געזעלשאַפט, און ער האָט דאָס געפונען צווישן יידן, אין בני ברית. אויף אַזוי ווייט איז ניט פאַראַן קיין שום פאָזיטיווער ווערט אין דעם וואָס די געזעלשאַפט באַשטייט פון יידן. פון רעליגיע און פאָלק האָט פרויד ניט געהאַלטן. היינט וואָס קען אים ציען צו יידן? אָבער פאַר אַ מענטשן פון פרוידס קאַליבער איז וויניק צו ווערן געפירט פון פאָזיטיווע ווערטן. ער מוז אויך זיין באַוואוסטזיניק וועגן זיי. האָט ער ביסלעכווייז אויסגעפונען ערשטנס, „טונקעלע עמאָציאָנעלע כוחות" און „אינערלעכע אידענטישקייט", און אַחוץ דעם אויך אַנדערע זאַכן אין זיין כאַראַקטער וואָס נעמען זיך דערפון וואָס ער איז אַ ייד.

לכתחילה, הייסט עס, האָט ער בלויז געפונען אַן עיר־מקלט ביי יידן, אָבער דערנאָך האָט ער איינגעזען אַז דאָס איז ניט בלויז אַן ענטפער אויף דעם וואָס אַנדערע האָבן זיך פון אים דערווייטערט, נאָר אַז דאָס זיין מיט יידן האָט פאַר אים אויך אַ ווערט אין זיך אַליין. זיין עיר־מקלט יידישקייט האָט אין זיך אַריינגעזויגן אַ נשמה און אָנגעהייבן צו לעבן אויפן אייגענעם חשבון. אמת, אַ יידישע נשמה אָן רעליגיע און אָן פאָלק, זעט אויס צו זיין

אַביסל צו דין, צו שפּינוועבסדיק, אַז זי זאָל קענען האָבן אַ קיום אין אַ לעבן פון שווערע נסיונות. אָבער אַן עפּעס איז עס פּאַרט, און פון אַ יידישן שטאַנד־פּונקט אַ געווינס, כאָטש עס איז שווער צו פאַרגעסן דעם פאַקט אַז אַפילו אַזאַ פיגור ווי זיגמונד פרויד האָט זיך ניט איינגעגעבן אויסצואַרבעטן אַ סטימולירנדיקן, לעבעדיקן מאַטעריאַל פון די יידישע עלעמענטן וואָס ער האָט אין זיך אַנטדעקט.

אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי פרויד זענען אַ זעלטנקייט, אָבער עיר־מקלט יידן האָבן מיר היינט איבער געַנוג. זיי קומען צו אונדז, לעבן מיט אונדז, ווייל אַלע אַנדערע טירן זענען פאַר זיי פאַרהאַקט. מען לאָזט ניט צו זייער נאַציאָנאַליזם פאַרן פרעמדן פאָלק, קומען זיי אַהיים און לאָזן אויס צו אונדז זייער אינטערנאַציאָנאַליזם. זיי זוכן ניט, און זענען ניט מחויב צו געפינען ביי אונדז, קיין ספּעציפישן גייסטיקן אינהאַלט, ווערן מיר פאַר זיי טאַקע בלויז אַן עיר־מקלט, אַ פיזישער און געזעלשאַפטלעכער שטח זיך פרייער צו באַוועגן. אָבער כדי זיי זאָלן זיך פילן באמת פריי גייטיקן זיי זיך אין אַן אַטמאָספער מיט וואָס ווייניקער יידישער זאָרג. דאָס העכסטע וואָס זיי קענען דערלאָזן איז קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און צדקה. אַזוי ווערט פון עיר־מקלט יידן אַן עיר־מקלט יידישקייט. אַ יידישקייט וואָס איר טרייסט איז אַז זי איז צו קליין זיך אַליין צו זען, און איר טרויער — זי איז צו גרויס זיך צו באַהאַלטן פון אַנדערע.

עס איז אָפט אָנגעוויזן געוואָרן אַז מיר ליידן פון צופיל אַנטלויפער ביי אונדז, פון אַזעלכע וואָס קענען מער ניט אַריבערטראָגן אונדזער מצב צווישן די פעלקער און ראַטעווען זיך דורך יעדן מעגלעכן שפּעלטל. אמת, דער עול הגלות פאַלט צו שווער אויף אונדזער דור. אָבער אַ סך ערגער איז אונדז פון די וואָס בלייבן אין דער היים בלויז דערפאַר ווייל זיי קענען ניט אַנטלויפן, אָדער פון די וואָס קומען צוריק, אין זייער איינציק־געבליבענעם עיר־מקלט. זיי העלפן אויסליידיקן אונדזער וועלט דורך אָנפילן זי מיט דער קאַלטער פרעמדקייט פון עיר־מקלט יידישקייט.

## 3. נביאימשע יידישקייט

אַנומעלטן איז אין באָסטאָן פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די אַרבעטער־רינג שולן. טייל פירער פון די שולן האָבן אָנגעוויזן ווי נייטיק עס איז אַריינ־צוברענגען אין די שולן מער יידישן אינהאַלט, מער מצוות מעשיות פון דער יידישער טראַדיציע. שפּעטער האָט זיך באַוויזן אַן אַרטיקל פון איינעם פון די דעלעגאַטן מיט בייסיקער איראָניע און רוגזא אַנטקעגן דער דאָזיקער טענדענץ. ער האָט געטענהט אַז אַזאַ דרך קען פירן צו ציצית, פאות, מקווה, און, ווער ווייס וואָס נאָך. ער האָט ניט אָנגעוויזן ווי אַזוי אַזעלכע מצוות און

מנהגים קענען, לאָמיר זאָגן, דערנענטערן די דריטע וועלט־מלחמה, אָדער פירן צו אַנדערע מענטשלעכע אומגליקן. דאָך האָט ער אַרויסגעוויזן אַ געוואַלטיקע ביטערקייט אַנטקעגן דעם טראַדיציאָנעלן שטייגער.

פונדעסטוועגן האָט ער אין זיין פיינעם זעלבסט־קאָנטראָל ניט געפּסלט יידישע דערציאונג בכלל. פאַרקערט, פון יידישע שולן האַלט ער דווקא יאָ, און איינס פון די לימודים וואָס געפעלן אים גאָר באַזונדערס איז די „נביאים". וואָרעם די עטיק פון די נביאים איז, ווי מיר ווייסן, אַ שם דבר, און עס איז ניטאָ קיין מורא אַז ישעיה אָדער ירמיה זאָל חס ושלום פאַרפירן צו דער אַלטער יידישקייט. דאָס איז געוויינטלעך דער איינדרוק, און ער איז אַזוי אַלט און פאַרוואָרצלט אַז ווער עס וויל זיך דערווייטערן פון יעדער פּאָזיטי־ווער פאָרם פון יידישן לעבן איז זיך סומך אויף די נביאים.

די רעפאָרמער האָבן ביי זייער אויפקום אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט צווישן דער יידישקייט פון די נביאים און פון תלמוד, אָדער דער רבנישער יידישקייט. דאָס וואָס זיי האָבן געזאָגט וועגן תלמוד האָט אָפט געקלונגען ווי אַ באַ־שטעטיקונג פון קלאַסיש־אַנטיסעמיטישן נוסח. די נביאים האָבן געזאָלט האַלטן אַז גאָט וויל ניט קיין קרבנות. ווען מען היט זיך אָפּ פון גנבה, גזלה, בקיצור, ווען מען לעבט לויט די פּרינציפּן פון גערעכטיקייט איז דאָס אַלץ וואָס אַן אמתער ייד דאַרף. נאָך מער, זיי זענען געווען אוניווערסאַליסטן, און יידן זענען ביי זיי קיין יחסנים ניט געווען. אויף די אַלע זאַכן זענען זיכער פאַראַן פסוקים וואָס קיינער קען ניט פאַרזען.

פונדעסטוועגן, דאַכט זיך מיר, אַז אומשולדיקע ראַדיקאַלן ווערן ממש פאַרפירט דורך דער איינזייטיקער רעקלאַמע וואָס מען האָט געגעבן די נביאים. אמת, מען שטעלט זיי אַוועק אויף זייער אַ הויכן פּעדעסטאַל, אָבער ווען מען מאָלט זיי ווי אַלגעמיינע מאָראַל־פּרעדיקער, וואָס האָבן קיין אַנדער שייכות צו יידן ניט געהאַט, איז דאָס ממש אַ זינד קעגן זיי און זייער יידישקייט.

דאָס וואָס די נביאים האָבן געזאָגט, און מיט עקסטאַטישער באַגייסטערונג אויסגעדריקט, וועגן גערעכטיקייט און אומגערעכטיקייט, איז באַקאַנט און וויט פאַרשפּרייט. אָבער זיי האָבן נאָך אַ סך זאַכן געזאָגט און געפּאָדערט. מעגלעך אַז דאָס וועט ניט געפינען קיין חן אין די אויגן פון די וואָס האַלטן זיי בלויז פאַר עטישע אוניווערסאַליסטן, אָבער עס איז שוין העכסטע צייט מען זאָל די נביאים איינמאָל פאַל אַלעמאָל דעמאַסקירן.

זיי האָבן געדונערט און געשטורעמט אַנטקעגן ווועלן איבערבעטן גאָט מיט קרבנות פון אָקסן, און שעפּסן און בעק, אָבער עס איז דאָך קלאָר וואָס זיי האָבן געמיינט. זיי האָבן ניט געקענט דערלאָזן מען זאָל דורך קרבנות וועלן פאַרדעקן זינד, פאַרברעכן און אויסגעלאַסנקייט. אָבער דערפון איז לחלוטין ניט געדרונגען אַז זיי זענען געווען קעגן קרבנות בכלל. זיי האָבן

געוואָלט אַז די קרבנות זאָלן געבראַכט ווערן מיט אַ ריין האַרץ, מיט ערלעכער, אינערלעכער הרטה. עס וואָלט, למשל, געווען לעכערלעך צו האַלטן אַז די נביאים זענען געווען קעגן יום־טובים, כאָטש ישעיה (א, 14) און עמוס (ה, 21) דערקלערן אַזוי קאַטעגאָריש אַז גאָט וויל קיין יום־טובים ניט. זיי האָבן נאַטירלעך געמיינט אַז יום־טובים וואָס ווערן אוממאָראַליש דורכגעפירט, אָדער פון אוממאָראַלישע מענטשן, ווערן ניט אָנגענומען פון גאָט. וואָרעם גאָט וויל קודם כל אַ ריין האַרץ.

אין דער באַרימטער חסידישער לעגענדע וואָס אַש האָט באַאַרבעט אין „דאָרפס צדיק" ווערט דערציילט ווי אַ פּאַסטעך האָט זיך פאַרגעסן און געטאָן זיין אַרבעט אין יום־כּיפּור. ווען ער האָט זיך געכאַפּט איז שוין געווען צו שפּעט; ער איז שנעל געלאָפן אין שול פון נאָענטסטן ישוב, און געקומען צו נעילה. זיין גרויס עגמת נפש און חרטה — דאַוונען האָט ער ניט געקענט — האָט ער אויסגעדריקט אין אַ באַדויערדיקן פייף. אַ בת קול האָט דעמאָלט אָנגעזאָגט אַז דער דאָזיקער פייף האָט גיכער דערגרייכט די שערי רחמים איידער די תפילות פון די מתפללים. חסידות האָט תמיד געלייגט דעם טראָפּ אויף כוונה, וואָס אָן דעם האָט דער פאָרמעלער ריטואַל קיין ווערט ניט. פונדעסטוועגן וואָלט געווען, דאַכט זיך, היסטאָריש אומפּינקטלעך ווען מען זאָל פון דעם וועלן דרינגען אַז חסידישע רביים האָבן ניט געהאַלטן פון דאַווענען נאָר פון פייפן.

ביי די נביאים געפינט מען אויך גאַנץ קלאָרע פּאָזיטיווע שטעלונגען צום ענין קרבנות. ווען זכריה רעדט וועגן דעם גרויסן דערלייזנדיקן „יענעם טאָג" זעט ער אַז: „און יעטוועדער טאָפּ אין ירושלים און אין יהודה וועט זיין הייליק צו גאָט פון צבאות, און אַלע וואָס ברענגען אַ שלאַכטאָפּפער וועלן קומען און נעמען פון זיי, און קאָכן אין זיי" (י"ד, 21). נאָך קלאָרער און דירעקטער מאָלט דאָס בילד מלאכי: „און אָנגענעלייגט וועט זיין ביי גאָט דער קרבן פון יהודה און ירושלים ווי אין די טעג פון אַמאָל, און ווי אין די פאַרצייטיקע יאָרן" (ג, 4).

אָבער קרבנות איז בלויז איין מאָמענט פונעם לעבנס־שטייגער פון יענער צייט, גראָד אַזאַ וואָס ווערט היינטיקע צייטן באַטראַכט מיט גרויס ווידערווילּיקייט. אָבער פאַראַן אויך אַנדערע פרטים, וואָס געהערן לחלוטין ניט צו דער מאָראַלער קאַטעגאָריע, פּונקט ווי ציצית און תפילין, למשל, און דאָך האָבן די נביאים אָן זיי בשום אופן ניט פאַרגעסן. ישעיה וואָרנט: „טוט אייך אָפּ, טוט אייך אָפּ, גייט אַרויס פון דאָרטן, אומריינס זאָלט איר ניט אָנרירן; גייט אַרויס פון איר מיט, רייניקט אייך, איר טרעגער פון די כלים פון גאָט" (נ"ב, 11). ווען עמוס רעכנט אויס די פאַרברעכן פון ישראל שטרייכט ער אונטער: „און איך האָב אויפגעשטעלט פון אייערע זין פאַר נביאים, און פון אייערע יונגעלייט פאַר נזירים; צי איז דאָס ניט אַזוי, קינדער

פון ישראל ? זאָגט גאָט, אָבער איר האָט געמאַכט טרינקען די נזירים וויין" (ב, 11־12). דער אַמאָליקער באַגריף פון „אומריינס", אָדער דער איינפיר פון נזירות, און די זינד פאַר אַ נזיר צו טרינקען וויין, דאָס געהערט זיכער ניט צו „סאָציאַלער גערעכטיקייט" וואָס בלויז מיט דעם, מאַכט מען דעם איינדרוק, האָבן זיך אָפּגעגעבן די נביאים.

אויך דאָס אָפּהיטן שבת, ד״ה, די פאָרמעלע געזעצן און געבאָטן פון שבת, האָבן די נביאים ניט אויסגעמיטן צו דערמאָנען און אונטערצושטרייכן. ישעיה לאָזט וויסן די פרעמדגעבוירענע ווי אַזוי זיי קענען ווערן אייגענע ביי יידן : „איטלעכער וואָס היט אָפּ שבת אים ניט צו פאַרשוועכן, און האַלט זיך אָן מיין בונד, זיי וועל איך ברענגען צו מיין הייליקן באַרג און וועל זיי דערפרייען אין מיין הויז פון געבעט. זייערע בראַנדאָפּפער און זייערע שלאַכטאָפּפער וועלן זיין צו באַוויליקונג אויף מיין מזבח" (נ״י, 6־7). דאָ האָבן מיר שוין אי דעם פאָרמעלן שבת, אי די פאָרמעלע קרבנות.

ריידנדיק וועגן שבת איז כדאי צו דערמאָנען נאָך אַ פּסוק פון ישעיה. אין דער תורה ווערט אָנגעזאָגט, אַז „אַ צעדריקטער אָדער אַ פאַרשניטענער אין די שאַנד־גלידער זאָל ניט קומען אין דער עדה פון גאָט" (דברים, כ״ג, 2). אַז עס זענען אָבער געקומען אַ סך מלחמה־געפאַנגענע וואָס דער שונא האָט מסרס געווען, טרייסט דער נביא : „וואָרעם אַזוי האָט גאָט געזאָגט אויף די סריסים וואָס היטן מיינע שבתים און ווילן אויס דאָס וואָס איך וויל, און האַלטן זיך אָן מיין בונד : זיי וועל איך געבן אין מיין הויז און אין מיינע מויערן אַן אָנדענק און אַ נאָמען, בעסער פון זין און פון טעכטער ; אַן אייביקן נאָמען וועל איך זיי געבן וואָס וועט ניט פאַרשניטן ווערן" (ישעיה, נ״ו, 4־5). ער האָט ניט באַהאַנדלט מיט אַ לייכט האַרץ אַ געזעץ פון דער תורה דערפאַר וואָס עס איז ניט קיין ריין עטישע פאָדערונג. ער האָט אויך ניט צוגעזאָגט די סריסים אַז סתם מאָראַל און גערעכטיקייט וועט זיין דער תנאי פאַר זייער אַריינגענומען ווערן אין דער עדה פון גאָט. ער האָט געפאָדערט זיי זאָלן אָפּהיטן כללים און געזעצן פון גאַנצן יידישן שטייגער וואו עס גייען אַריין די פאַרשיידנסטע עלעמענטן פון מענטשלעכער און פאָלקישער דיסציפּלין. קענטיק אַז די נביאים זענען געווען ניט בלויז אידייען־פּרעדיקער, נאָר גאַנצע, פולע יידן, און שטרענג געהיט אויך די „ציצית און תפילין" פון זייער צייט.

די אוניווערסאַלע אידייען פאַר וועלכע די נביאים האָבן זיך איינגעשטעלט זענען נאָך אַליך אַ ליכט און אַ האָפענונג ביי יידן פונקט ווי ביי די בעסטע קינדער פון דער גאַנצער מענטשהייט. דאָס האָט זיי אָבער ניט געשטערט צו זען אין זייער פאָלק אַ פירנדיקן כוח וואָס אים איז באַשערט, דווקא ווי אַ פאָלק, אויסצוליייזן די וועלט : „אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבאות, אין יענע טעג וועט געשען, אַז אָנגעמען וועלן צען מענטשן פון אַלערליי לשונות

פון די פעלקער, אָננעמענדיק דעם ברעג קלייד פון אַ יידן, אַזוי צו זאָגן: לאָמיר גיין מיט אייך, וואָרעם מיר האָבן געהערט אַז גאָט איז מיט אייך" (זכריה, ח, 23). אַפילו ווען יידן ליידן מער פון אַנדערע שטאַמט עס אויך פון דעם וואָס זיי פאַרנעמען אַ באַזונדער חשוב אָרט אין סדר העולם. זאָגט עמוס אין גאָטס נאָמען: „נאָר אייך האָב איך דערקענט פון אַלע משפחות פון דער ערד, דערום וועל איך זיך רעכענען מיט אייך פאַר אַלע אייערע זינד" (ג, 2). און דורך מלאכין זאָגט גאָט צו ישראל: „איך האָב אייך ליב געהאַט, זאָגט גאָט, און איר זאָגט: מיט וואָס האָסטו אונדז ליב געהאַט? איז ניט עשו יעקבס אַ ברודער? זאָגט גאָט: פונדעסטוועגן האָב איך יעקבן ליב געהאַט, און עשון האָב איך פיינט געהאַט און געמאַכט זיינע בערג אַ וויסטעניש און זיין נחלה פאַר מדבר־שאַקאַלן" (א, 2, 3).

פון דעם אַלעם איז קודם כל געדרונגען אַז צו זוכן אַ היתר ביי די נביאים אויף צו דערווייטערן זיך פון קאָנקרעטע יידישע אויסדרוק־פאָרמען און פון אַקטיווער פאָלקישער צוגעבונדנקייט, איז אַ פאַרפירערישער דרך. סיי פאַר רעפאָרמער, סיי פאַר אַ געוויסן טיפּ ראַדיקאַלן איז דאָס פּשוט אַ מקח טעות. די רעפאָרמער קען דאָס נאָך אַריינפּלאָנטערן אין וואַרעמער נאַציאָנאַלער יידישקייט. פאַר יענעם טיפּ ראַדיקאַלן איז דאָס נאָך ערגער, וואָרעם די נביאים אָן גאָט זענען קיין נביאים ניט, פּונקט ווי יענע ראַדיקאַלן מיט גאָט זענען קיין ראַדיקאַלן ניט.

די נביאימשע יידישקייט איז פּשוט אַ פאַלשע פאָרמולע וואו אַ חשובער עמבלעם ווערט אויסגענוצט פאַר אַ פרעמדער פירמע. מיר דאַכט זיך אַז ווען די וואָס שטייען כסדר אויף אונדזער שוועל מיט פסוקים פון די נביאים אויף די ליפּן, ווען זיי וואָלטן געקומען טאַקע צו די נביאים גופא אַרויסצו־קריגן דעם הכשר אויף זייער יידישקייט, וואָלט ישעיה מסתמא זיי אָפּגעשטעלט מיט אַ ציטאַט פון זיך אַליין (א, 12): „אַז איר קומט זיך ווייזן פאַר מיר, ווער בעט דאָס פון אייך מיינע הויפן צו טרעטן?"

## 4. קאַטאַלאָגישע יידישקייט

די יידן וואָס שטייען ביי אונדז אויף דער שוועל און אַרבעטן זיך אויס אַ מין שוועל־יידישקייט האָבן פאַר זיך אַ שווערע פּראָבלעם. זיי וואָלטן געוואָלט, אַז זייער יידישקייט זאָל טעכניש זיך אַרויספאַרבעטן צום פאָרטל פון אַ דריי־טיר וואו די זעלביקע באַוועגונג וואָס פירט אַריין זאָל אויך קענען פירן אַרויס און מיט דער זעלביקער לייכטקייט. אָבער די יידן וואָס האָבן זיך אַביסל אַראָפּגעגליטשט פון די אינעווייניקסטע רעלסן און ווילן דורכויס בלייבן אינווייניק, אויך זייער פּראָבלעם איז אַ גאַנץ האַרבע, און זיי זוכן פאַרשיידענע תחבולות ווי אַזוי זייער ציל צו דערגרייכן. דאָ האָבן מיר צו

טאָן מיטן אַזוי־גערופֿענעם יידיש־וועלטלעכן לאַגער, וואָס פֿון זיי האָבן מיר אַ סך געהערט וועגן זייערע שווערע דילעמעס און אָנגעשטרענגטע זוכענישן. צווישן די אַלע געדאַנקען און פֿאָרשלאָגן וואָס זענען געקומען פֿונעם דאָזיקן צד האָט זיך לעצטנס באַוויזן אַ יידישקייט מיט אַ נייעם נאָמען — „אינטעגראַלע“.

כאָטש אַ נאָמען איז אפשר ניט אַזוי געוואַלדיק וויכטיק דאָך לוינט זיך אויף דעם אָפּשטעלן. די סאָציאָלאָגיע פֿון נאַציאָנאַליזם האָט, ווי יעדע וויסנשאַפֿט, אויסגעאַרבעט אַ קלאַסיפֿיקאַציע פֿון די פֿאָרמען אין וועלכע נאַציאָנאַליזם דריקט זיך אויס. איינע פֿון די דאָזיקע פֿאָרמען טראָגט דעם אָנגענומענעם נאָמען „אינטעגראַלער נאַציאָנאַליזם“. אַהער געהערן אַזעלכע ווי באַרעס, מאָראַ, וואָלפֿגאַנג מענצעל, און אַ ריי איטאַליענער, די אָנהענגער פֿון קומענדיקן פֿאַשיזם. אינטעגראַליזם ווי אַ נאַציאָנאַלע שטימונג און שטעלונג האָט דעריבער זייער ניט קיין געהויבענע רעפּוטאַציע. איז טאַקע אַ חידוש פֿאַרוואָס מען האָט אויסגעקליבן אַ העסלעכן נאָמען וואָס קען פֿירן צו געפֿערלעכע טעותן און אומזיסטע צרות.

יאָ, די „אינטעגראַלע יידישע קולטור“ אָדער „אינטעגראַלע יידישקייט“ טראָגט אין זיך גאָר אַן אַנדער אינהאַלט, אָבער איך קען ניט פֿאַרשטיין וואָסער שייכות ער האָט צו די טראַגישע פּראָבלעמען פֿונעם גייסטיקן יידישן לעבן אין אונדזער צייט. עס ליגט ניט מי יודע וואָסער בייקייט אינעם געדאַנק אַז אַלץ וואָס יידן, ווי יידן, האָבן געשאַפֿן אין אַלע צייטן אין לענדער איז יידישע קולטור. ממילא איז גענוג אויסצורעכענען אַ לאַנגן קאַטאַלאָג ספֿרים און מחברים און זיי צושרייבן צום יידישן פֿאַרמעגן. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפֿון? צו וואָס איז דאָס מחייב? פֿון דעם איז בלויז געדרונגען אַז אויב עמעצער וועט וועלן שאַפֿן אַ האַנטבוך וואָס זאָל אַרומנעמען די גאַנצע יידישע קולטור, וועט ער זיך דאַרפֿן באַנוצן מיטן גאַנצן קאַטאַלאָג פֿונעם תנ״ך ביזן לעצטן שרייבער אין אייראָפּע, אַמעריקע און ארץ־ישראל. ווער לייקנט דען אין דעם? און צו וואָס קען בכלל פֿירן אַזאַ מין קאַטאַלאָגישע יידישקייט אַ חוץ אַרויסגעבן ביכער?

עס איז מיר צו אָפֿט אויסגעקומען בייצוואוווינען אסיפֿות וואָס ענדיקן זיך מיטן באַשלוס אַרויסצוגעבן אַ שריפֿט און עפּעס אַ פֿאַרלאַג אַרויסצוגעבן ביכער. עס קומט אויס אַז אונדזערע אינערלעכע פּראָבלעמען קענען אין גאַנצן פֿאַרענטפֿערט ווערן דורך שרייבן ביכער, פֿאַרשפּרייטן ביכער, לייענען ביכער. אָבער אויב פֿונעם עם הספֿר וועט ווערן אַן עם הבוך וועט אַלץ בלייבן ווי געווען. וואָרעם די הויפּט נפֿקא מינה צווישן אַ ספֿר און אַ בוך באַשטייט אין דעם וואָס אַ ספֿר איז אויף צו לערנען כדי עפּעס צו טאָן, און אַ בוך איז אויף צו לייענען כדי עפּעס צו וויסן, אָדער סתם הנאה צו האָבן. ווען אַלע יידן וועלן אָנערקענען דעם פּאָזיטיוון ווערט פֿונעם אינהאַלט פֿון

אַלע יידישע קאַטאַלאָגן, וועט עס אַלץ ניט זיין מער ווי אָנערקענען, און ס'וועט נאָך אַלץ בלייבן ניט פאַרענטפערט: געוואַלד, וואו נעמט מען אויף שבת?

נאָך ערגער איז די הנחה אַז דער גאַנצער טראַגישער קלעם פון אונדזער גייסטיקן מצב באַשטייט אין דעם וואָס אין צעהיצטן פאַרטיי־קאַמף באַקומט זיך דער איינדרוק אַז עס איז ניט פאַראַן גענוג אָנערקענונג פאַר די יידישע ווערטן וואָס זענען טייערביים אַנדערן צד, מילא וועגן קאָמוניסטן איז אָפּגערעדט. זייער עקזיסטענץ שטיצט זיך לחלוטין ניט אויף עפּעס אַן אייגענער שטעלונג צו ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען. זייער הסכמה אָדער ניט־הסכמה איז אָפּהענגיק אָן אַ „ליניע" וואָס נעמט ניט אירע דירעקטיוון פון יידישע נויטן. וואָס זשע פאַר אַ שייכות האָבן זיי צום אינערלעכן יידישן לעבן? אָבער ביי די אַנדערע, ביי די אינטעליגענטערע צווישן זיי, וועט איר אין רואיקע מאָמענטן לייכט קענען פּועלן זיי זאָלן אָנערקענען דעם נאַציאָנאַל־היסטאָרישן ווערט פון יידיש, פון העברעאיש, פון ארץ־ישראל, פון חוץ־לארץ, און פון גאַנצן קאַטאַלאָג ווערק און שרייבער פון אַלע דורות. צוליב דעם לוינט זיך באמת ניט צו שאַפן אַ פילאָסאָפיע פון יידישער קולטור.

אונדזער יידישקייט איז אָרעם, פאַרלאָזן, אויסגעליידיקט, אַפילו די ברייטערלעכסטע אחדות פון די אַלע וואָס געפינען זיך אין זעלביקן מצב וועט קיין איין וואַרעמען טראָפּן ניט אַריינגיסן אין דאָזיקן ליידיקן חלל. אונדזער פּראָבלעם איז ניט ווי אַזוי צו טראַכטן וועגן שרייבער און ווערק, וועגן לאַנד און שפּראַך, וועגן דעם קענען זיין די ווייטסטע חילוקי דעות אָן שום שאָדן פאַר דער פולבלוטיקייט פון אונדזער פאָלקישן קיום. דער עיקר איז ניט ווי אַזוי צו טראַכטן, און וועמען אָדער וואָס געהעריק אָפּצושאַצן כדי צו „אָנערקענען", נאָר אויסצואַרבעטן אַ בליק אויף יידישקייט וואָס זאָל זיין פאַרבונדן מיט טאָן, מיט קאָנקרעטע אופנים פון אויפפיר, מיט ממשותדיקע אויסדרוק־פאָרמען וואָס זאָל שטילן אונדזער דאָרשט צו לעבן ווי יידן. די וואָס האָבן ניט אַזאַ דאָרשט וועלן סיי ווי בלייבן דרויסנדיקע, מאַכט ניט אויס וועמען אָדער וואָס זיי וועלן „אָנערקענען". אָבער די וואָס האָבן יאָ אַזאַ דאָרשט וועלן בלויז זיך אַליין פאַרפירן ווען זיי וועלן אַ פּראַקטישע אחדות־לאָזונג, פאַר ספּעציעלע געזעלשאַפטלעכע צוועקן, אילוזאָריש פאַרשטעלן ווי אַ פּאָזיטיווע פילאָסאָפיע פון אַ קאַטאַלאָגישער יידישקייט.

(1946)

# אָן אַ ברירה

עס איז אַ טיפער ווייטיק צו טראַכטן אַז דער מזרח־אייראָפּעאישער ייד האָט ניט דערלעבט צו הערן די וואַרעמע אָפּשאַצונגען אויף זיין חשבון וואָס הערן זיך איצט אין אונדזערע קרייזן. זינט דער השכלה האָט ער פון די „מאָדערנע“, די „היינטיקע“ קיין גוט וואָרט וועגן זיך ניט געהערט. זיין פרומקייט, טראַדיציאָנעלע אויסגעהאַלטנקייט, האָט אַרויסגערופן בלויז חוזק און ווידערווילן, זעלטן ווען עס האָט עמעצער פון די וואָס האָבן זיך אָפּגעפרעמדט פון אים געזען אין זיין לעבן עפּעס אַ שאָטן פון די גרויסע יידישע ווערטן וואָס ווערן איצט, נאָכן חורבן, אַנטפּלעקט. חסידות, די גרויסע שאַפונג פונעם מזרח־אייראָפּעאישן יידן, האָט אין מאָדערנעם קרייז געהאַט אַן אומגליקלעך מזל אַפילו נאָך דעם ווי ער האָט עס דערהויבן קינסטלעריש, אַפילו נאָך דעם ווי חסידישע ניגונים האָבן זיך געהערט אַרום די טישן פון פּרינציפּיעלער אַפּיקורסות, אַפילו דאָרט וואו אויף דער ריין־פילאָסאָפישער פלאַך האָט מען זיך דערלויבט אַרומצורינגלען יענע יידן מיט גאַנץ וואַרעמע סופּערלאַטיוון.

שטריימל, פּאות, לאַנגע בערד, זענען געווען בילדער פון וועלכע מען שאָקלט זיך אָפּ, וואָס דערוועקן שנאה. די גרעסטע צאָל אַקטיאָרן, ווען זיי האָבן געשפּילט אַזאַ טיפּ, האָבן ממש ניט געקאָנט אָפּהאַלטן זיך פון שאַרזשירן, פון מאַכן נידעריק און לעכערלעך דאָס וואָס איז אין פריערדיקע דורות געווען הייליק. נאָך ביז היינט גלויבט די טעאַטער־טראַדיציע, אַז לידלעך וואו פרומע יידן, חסידים, ווערן דערמאָנט, מוז דאָס זיין בלויז אויף צו שפּאָטן פון זיי און זיי שענדן. דער מגושמדיקער אופן פון חוזק וואָס דריקט זיך אויס אין פּאַסקודנעם צונויפפּאָרן חסיד מיט שיקסע, דאָס איז דאָך אַלעמען גוט באַקאַנט. די גאַנצע פרומע וועלט, די טיפּישע מזרח־אייראָפּעאיש יידישע וועלט, האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ ווילדע, פּרימיטיווע אויסטראַכטעניש פון אַ שונד־ראָמאַן. נאָך שווערער איז געווען דאָס צו פאַרשטיין ווען מען דערמאָנט זיך, אַז די אויסטראַכטער זענען געווען טאַקע די קינדער פון יענע דורות יידן וואָס האָבן געזאָלט אָנפילן דאָס גאַנצע יידישע לעבן מיט ווילדקייט און נאַרישקייט.

און פּלוצלונג אַ חורבן. יענער ייד, און די היים, וואָס ער האָט דורך הונדערטער יאָרן געבויט, ביידע זענען מער ניטאָ. יענער ייד איז תמיד געווען דער אָביעקט פון דער אַרומיקער, בלוטיקער יידן־שנאה, און אין אונדזער צייט פון ניט צו גרויסער פריינדשאַפט ביי זיינע קינדער און אייניקלעך, אָבער ווען דער חורבן האָט אים פאַרשלונגען האָבן די זעלביקע קינדער

און אײניקלעך, װאָס האָבן געהאַט דאָס מזל צו בלײַבן, אַנגעהױבן אַנטפּלעקן אַ נײַעם מענטשן און אַ נײַעם ייִדן אינעם פּאַרטיקולערן זײַדן.

עס קאָן קײן ספק ניט זײַן, אַז אין אַ סך װאָס מיר זאָגן הײַנט װעגן דעם מזרח־אײראָפּעאישן ייִדן איז פֿאַראַן גאַנץ געגוג ראָמאַנטישע פֿאַרב. אָבער ראָמאַנטישע באַציאונג צו יעדן „אַמאָל איז געװען" באַשטײט דאָך קודם כּל אין דעם װאָס זי רײניקט אױס דאָס זע־פֿעלד פֿון אײבערשטע שטויביקע, אָפּט צופֿעליקע טראָפּנס, און װערט פֿאַרכאַפּט פֿון די לאַנג־אָטעמדיקע, טיפֿע שטראָמען װאָס ציִען זיך פֿון די גרונטן. און װיפֿיל מען זאָל ניט אַראָפּרע־כענען פֿון דער סענטימענטאַל־ראָמאַנטישער באַציאונג, אַפֿילו פֿון דער נאַטיר־לעכער װײכקײט װאָס אבֿלות הױכט פֿון זיך אַרױס, בלײַבט נאָך אַלץ איבער גענוג װאָס װײַזט אָן, אַז דער אַזױ־גערופֿענער װעלטלעכער דור האָט גרינטלעך איבערגעשאַצט די װערטן װאָס ער האָט צוגעשריבן דעם מזרח־אײראָפּעאישן ייִדן. אפֿשר דער שטאַרקסטער אױסדרוק פֿון אָט דער נײַער אָפּשאַצונג ליגט טאָקע אינעם אױסדרוק „מזרח־אײראָפּעאישער ייִד".

מיר האָבן געװאוסט פֿון רוסישע ייִדן, פּױלישע, ליטװישע, גאַליציאַנער, רומענישע, אָבער איצט האָבן מיר דערפֿילט, אַז מיר נײטיקן זיך אין אַן אײנהײטלעכן נאָמען פֿאַר זײ אַלע; אַז זײ שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ גאַנץ ספּעציעלן טיפּ און אַן אײגנאַרטיקן כּוח אין דער ייִדישער געשיכטע. זײער לעבן האָט אױסגעדריקט אַ ביטערן געראנגל פֿאַר ייִדישן קיום װאָס האָט לחלוטין קײן גלײַכן ניט צװישן אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן. מיר האָבן דערזען און דערפֿילט די דורכדרינגענדיקע הערלאיק ניט בלױז אין זײער נעמען אױף זיך אַלע חומרות פֿון די תּרי"ג מצװות, נאָר אױך אין זײער פּאַסיװן װידערשטאַנד צו די נסיונות און די פּורעניות װאָס די אַרומיקע שכנים האָבן אַרױפֿגעצװאונגען. אַפֿילו אינעם אײנגעבױגענעם קאָפּ, אַפֿילו אינעם מה־יפֿית טאַנץ, װיפֿיל גרײטקײט צו צאָלן דעם מענטשלעך־שװערסטן צינז פֿאַר דעם אײגענעם, אינעװײניקסטן ייִדישן שטאָלץ. עס איז אַ ייִדישע לעבנס־פֿילאָזאָפֿיע בכּלל, אַ װעג װאָס געפֿינט אין פֿײן דעם זינען פֿון לעבן. עס איז אַ לעבנס־כּוח װאָס איז סוף־כּל־סוף בײגעקומען אַלע מניעות פֿון קלענסטע נגישות ביז בלוטיקע שחיטות. בלױז פֿולער פֿיזישער אומקום דורך בײזן געװאַלט האָט אים געקאָנט מנצח זײַן — דער מזרח־אײראָפּעאישער ייִד.

עס איז קײן חידוש ניט, װאָס מיר, באַלאָדענע מיט שטײן־שװערער זאָרג פֿאַר ייִדישן קיום, װאָס אונדזער ביטערע צײַט װאַרפֿט אַרױף, זאָלן נישטערן אין די געבליבענע אוצרות פֿון מזרח־אײראָפּעאישער ייִדישקײט דעם סוד װי אַזױ דאָס צו דערגרײכן. אָבער װאָס מער מיר זוכן, געפֿינען אױס, און שטעלן אױף דאָס גאַנצע פֿולע בילד פֿון יענעם לעבן, אַלץ מער און זיכערער װערט קלאָר, אַז עס װאָלט געװען אַבסורד צו טראַכטן

אַז מען קאָן היינט, אין אונדזערע באַדינגונגען, דאָס רעפּראָדוצירן. ניט זיין דעטאַלן לעבנס־פּיר, ניט זיין תמימותדיק לעבנס־געפיל, ניט זיין אינדזלדיקע אַריינגעטאָנענקייט אין די אייגענע ד׳ אמות, דאָס, און ענלעכע מאָמענטן פון זיין לעבן, קאָנען ניט רעפּראָדוצירט ווערן. דאָס זענען זאַכן וואָס ממילאדיק גייסטיק לעבן פּראָדוצירט. ווען עס זענען ניטאָ די כוחות און די ספּעציפישע מיטלען וואָס זאָל עס פּראָדוצירן, איז שוין צוליב דעם גופא ניטאָ ווער עס זאָל אַקוראַט רעפּראָדוצירן.

אָבער דעם מוז־געפיל צו לעבן ווי אַ פאָלק, דאָס האָט ער אין פולער פולקייט איבערגעגעבן בירושה. דאָס לעבט אין אונדז און לאָזט ניט אָפּ. גליקלעכערוויז לעבט עס אין אונדז צוזאַמען מיט געבליבענע פונקען און פייערן פון די פלאַמען וואָס ער האָט געצונדן. יאָ, מיר קאָנען זיין לעבן אַקוראַט ניט קאָפּירן, אָבער אָפּלערנען קאָנען מיר אַ סך, און וויסן וואָס צו טאָן אויף וויפיל די געבליבענע כוחות לאָזן טאָן, דאָס קאָן מען אויך. דער עיקר איז אונדזער חוב צו פאַרטיפן זיך אין די אַלגעמיינע, ברייטערע פונ־דאַמענטן אויף וועלכע ער האָט זיין לעבן געבויט.

וואָס מער מיר קלייבן זיך פאַנאַנדער אין די טיילן פון זיין פּסיכישן צונויפשטעל, אַלץ מער אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַזאַ אַנדערשדיקע מענטאַ־ליטעט וואָס רירט אָן די טיפסטע שיכטן פון אינטעלעקטועלן און עמאָציאָנעלן לעבן. מיר ווייסן, למשל, אַז יידיש לעבן און שאַפן איז געווען זיין טעגלעך ברויט; אַז אים האָט פאַרכאַפּט אַלץ, פון דער ערשטער פּרשה פון בראשית ביז די רייד פון אַ לעצטן פּוסק אָדער מוסר־ספר, דאָך איז דער באַגריף יידישע געשיכטע אים געווען פרעמד. דאָס עצם באַנעמען צייט און צייט־געשעענישן ביי יידן, איז ביי אים געווען אַנדערש ווי ביי אונדז. זיין קוק אויפן יידישן פאָלק, וואָס איז געווען מער געלעבט ווי געקוקט, האָט גע־שטראָמט פון אַן אַנדער לעבנס־געפיל, ווי דאָס איז ביי אונדז. ממילא האָט ער אויפגעבויט אַן אַטמאָספערע פון יידישע געדאַנקען און יידישע מעשים וואָס ערשט איצט דערזעען מיר זייער אייגנאַרטיק געשטאַלט, און זייער אומגעהויערן ווערט פאַר אונדזער פאָלקיש לעבן, אָבער אפשר ניט ווייניקער וויכטיק איז איינצוזען אַז ער האָט אַרויסגעבראַכט פון זיך אַזאַ פּסיכישע מאַטעריע וואָס האָט פון אים געמאַכט אַ יידן אָן אַ ברירה.

דער הלכה׳שער גייסט וואָס האָט געצאַמט און געטריבן אין איין פאָרויס־געזעענער ריכטונג דאָס גאַנצע יידישע לעבן, איז בלויז דירעקט געווען ריין יידישער אויסדרוק, אומדירעקט האָט ער פאַנאַנדערגעוויקלט מאָראַלע כוחות וואָס מען קאָן קוים אָפּשאַצן. דער זאַפט וואָס מאַכט בכלל מעגלעך אַז דאָס מאָראַלישע אין מענטשן זאָל וואַקסן, שטאַמט פון אַ דיסציפּלינירט לעבן, פון איינגעשטעלטע כללים, וואָס מען האַלט העכער פון זיך אַליין, און פון די מאָמענטאַלע נויטן וואָס שטויסן אונדז אַראָפּ צום אייגענעם אָרגאַנישן

לעבן, און צווינגען אונדז צו זיין קרענקלעך אַריינגעטאָן אין זיך אַליין. דאָס מאָראַלע פּנים פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער סביבה איז אונדז צו גוט באַקאַנט. נאָך גרעסער ווערט אונדזער חידוש און נאָך מער באַוואונדערן מיר דעם כוח פון שולחן ערוכדיקע סיגים, ווען מען דערמאָנט זיך ווי עס האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון די ניט־יידישע שכנים אין דער זעלביקער צייט.

אָבער אַנדערש איז, ווען די דאָזיקע רעגולירנדיקע באָרמען גייען צו ווייט, ווען זיי ווערן פאַרגליווערטע כללים וואָס טראָגן זיך איבער ווי אַ טויטער מאַטעריאַל פון דור צו דור. עס בלייבט אויף זיי דעמאָלט העכסטנס אַ הייליקע סאַנקציע, און ווי סתירותדיק זיי זאָלן ניט זיין צו עלעמענטאַרע לעבנס־באַדערפענישן, קאָנען זיי נאָך אַלץ דינען ווי אַ מיסטישער רייץ פאַר אויס־נעמלעכע, אַסקעטישע נאַטורן. דער פּשוטער מענטש איז צו שוואַך צו טראָגן אויף זיך אַזאַ דיסציפּלין. אָבער ביי יידן האָט די זעלביקע טראַדיציע וואָס האָט אַזויפיל געפורעמט לויט פּיקסירטע נאָרמען, אויך געלייגט דעם טראָפּ אויף דער וויכטיקייט פון מנהגים, די ניי־אויפקומענדיקע נאָרמען וואָס דאָס פאָלקישע לעבן האָט אַרויסגערופן.

אמת, אַן איינגעשטעלט און רעגולירט לעבן דערלאָזט ניט אַז נייע פאָרמען זאָלן צו ווייט אָפּנייגן פונעם סיסטעמאַטישן שטייגער אין וועלכן עס דריקט זיך אויס דאָס אייגנאַרטיקע פאָלקישע געשטאַלט. אָבער דאָך טוט דער מנהג אויף צוויי זאַכן: ער עפנט אַ וועג פאַר שאַפערישער באַנייאונג, און ער באַהויכט די ניי־געשאַפענע נאָרם מיטן אַקסיאָמאַטישן גייסט פונעם דין. די באַשטעטיקונג אַז „אַזוי איז מען זיך נוהג" איז פּונקט אַזאַ ענדגילטיקער ענטפער אויף אַלע קשיות ווי אַ פעסטגעשטעלטער דין פון אַ פּוסק אחרון. אויף אַזאַ אופן ווערן די פרייערע ניט־הלכהשע עלעמענטן באַהערשט פון הלכהשן גייסט, אַ גייסט וואו די צאָם און די גרענעצן זענען אינעווייניקסטע, און ווערן ניט געפילט ווי אַרויפגעצוואונגענע פון דרויסן.

די יידישע רעליגיעזע פילאָסאָפיע האָט געמוזט קומען צום אויספיר, אַז דעם מענטשנס ווילן איז פריי. שוין דער פאַקט וואָס עס זענען פאַראַן מצוות און עבירות, שכר ועונש, דאָס מוסרן אַז אַ מענטש זאָל זיך אויסקלייבן דעם ריכטיקן וועג, שוין דאָס אַליין איז דאָך מחייב אַז מען האָט אַ פרייע ברירה זיך אויסצוקלייבן. אַלע יידישע טעאָלאָגן, ר' סעדיה גאון, ר' יהודה הלוי, רמב"ם, ראב"ד, אאַ"וו, האָבן אייגנטלעך אָנגעהויבן מיט דער דאָזיקער הנחה. זיי האָבן בלויז געדאַרפט אויסגלייכן די סתירה צווישן דעם געדאַנק פון אַ פרייען ווילן און דעם גלויבן אַז גאָט ווייס אַלץ אין פאָרויס, וואָס דאָס באַטייט דאָך אַז אַלץ איז שוין פון פאָרויס באַשטימט און קיין פרייע ברירה איז ניטאָ.

דער טראַדיציאָנעלער ייד האָט דירעקט אָדער אומדירעקט געמוזט לעבן מיט דער הנחה פון אַ פרייען ווילן. דאָס ליגט ווי אַ לאָגישער מוז אין

מאָנאָטעאיסטישן רעליגיעזן דענקען. אָבער אַ לעבנס־שטייגער האָט ער געשאַפן וואָס האָט אָט די פרייהייט אַרומגערינגלט מיט אומגעגעזעענע גרענעצן און אין דער זעלביקער צייט געצונדן אַ באַגייסטערונג פאַרן פרייען אויסקלייב ניט צו דערלאָזן קיין ברירה וואו יידישקייט שטייט אין קאָן. דער געשאַפענער מנהג ווערט ניט בלויז סאַנקציאָנירט, נאָר אַפילו געשטעלט העכער פונעם דין. דאָס ברייטערט אויס דעם שטח פון נאָרמירטן לעבן וואו יעדער וואַרפט זיך אונטער מיט אַ געפיל אַז דאָס איז דער בעסטער וועג וואָס אַ מענטש דאַרף זיך אויסלייבן.

דער גאַנג פון נאָרמירן דאָס אַלגעמיינע לעבן ביי יידן זעט זיך קלאָר אַרויס אין צענדליקער פלעצער פון תלמוד. דאָס יידישע שפריכוואָרט „אַ מנהג ברעכט אַ דין", איז אייגנטלעך אַ פינקטליכע איבערזעצונג פון „המנהג מבטל הלכה", וואָס געפינט זיך אין ירושלמי (בבא מציעא י"א; יבמות י"ב). דער ענין דרך ארץ, וואָס ווערט אַזוי אָפט דערמאָנט אין תלמוד אינעם זינען פון געוויינטלעכן מענטשלעכן אויפפיר, און וואו אַזויפיל כללים ווערן אָנגע־וויזן, באַווייזט די אָנשטרענגונג צו נאָרמירן אַלע מעגלעכקייטן וואָס קומען אויף און פאַרגייען, און זענען הלכהש ניט פיקסירט.

שוין דאָס וואָס עס זענען פאַראַן צוויי מסכתות, דרך ארץ רבה און דרך ארץ זוטא ווייזט אָן אויף ווי ווייט אידעאַלע נאָרמען און באַציאונגען פון געוויינטלעכן אומגאַנג זענען געהאַלטן געוואָרן פאַר וויכטיק. אָבער אין דרך ארץ זוטא איז פאַראַן אַ שטעל וואָס באַציט זיך אויפן ענין מנהגים: „זאָל אַ מענטש ניט זיין וואַכעדיק צווישן די וואָס שלאָפן, אָדער שלאָפן צווישן די וואָס זענען וואַכעדיק, אָדער וויינען צווישן די וואָס זענען פריילעך, אָדער פריילעך צווישן די וואָס וויינען. זאָל ער ניט זיצן ווען אַנדערע שטייען, אָדער שטיין ווען אַנדערע זיצן, אָדער לערנען תנ"ך ווען אַנדערע לערנען משנה, אָדער משנה ווען אַנדערע לערנען תנ"ך... זאָל אַ מענטש ניט אָפּ־שיידן זיך פונעם אויפפיר און מנהגים פון די וואָס רינגלען אים אַרום". די טענדענץ צו שאַפן גלייכמאָסיקייט אין אויפפיר האָט געשאַפן דעם טיפּ ייד, וואָס איז דאָס וואָס ער איז, ווי אַ מין אייביקע באַשערטקייט, וואָס פילט אין זיך אַזאַ געבענטשטע העכערקייט איבער יעדן אַנדערן מעגלעכן וועג וואָס פירט אַוועק פון יידישן דרך.

ווען מיר גייען אַוועק פונעם פעלד פון עטיקעט, אָדער אַלגעמיינער העכערער מאָראַל, און דערנעענטערן זיך צום מנהג וואָס באַשטימט אונדזער יידישע צוגעבונדנקייט, דעמאָלט ווערט די נאָרם ניט קיין עצה טובה, אָדער אַ ליכט פון חכמה, נאָר אַ פאָלקישער חוב אין וועלכן די טראַדיציע קלאַמערט זיך. דער „וכך נוהגין" פון די שפּעטערדיקע פוסקים לייגט אַוועק אַ שטעמפּל פון ענדגילטיקער סאַנקציע, דער כוח פון מנהג זיך איינצוואָרצלען אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ הלכה למשה מסיני, קאָן מען זען אינעם אַלגעמיין־

אָנגענומענעם איינפיר פון שלאָגן כפּרות ערב יום־כּיפּור, און אַ סך, אַ סך מער אינעם מנהג פון ניט גיין אין בלויזן קאָפּ, וואָס דער טראַדיציאָנעלער ייד פילט דאָס ווי עס וואָלט געווען אידענטיפיצירט מיטן טיפסטן עיקר אין יידישקייט.

אַזוי האָט די טראַדיציע אויסגעאַרבעט אַזאַ קולטור־געוועב וואו פילאָ־סאָפיש איז דער ווילן פריי, אָבער פסיכאָלאָגיש איז ער — אין שייכות צו יידישקייט — געבונדן צום גייסט און פורעם פון פאָלקישן לעבן, אָן אַ ברירה. ריכטיק באַמערקט צינבערג, רעדנדיק וועגן דייטשלאַנד, אין זיין „געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן" (באַנד 5 ז, 86): „די אָפטע רדיפות און גירושים האָבן געשטאַרקט דעם ווונטש וואָס טרייער און זיכערער אָפּצוהיטן די מנהגים פון זייערע אָבות, זיי ליב מאַכן פאַר זייער דור און זייערע קינדער דורך האַרציקן מוסר, דערפאַר זעען מיר טאַקע, אַז ווי פריער אין 15טן י"ה, אַזוי ווערט אויך אין 16טן און 17טן י"ה, געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע ליטעראַטור פון „מנהגים" — ביכער וואו עס ווערן על פּי רוב באַשריבן די מנהגים פון די עלטערע קהילות, ווי שפּייער, וואָרמס, רעגנסבורג, פראַנקפורט ד'מיין, א"א".

דער מזרח־איראָפּעאישער ייד האָט געשאַפן אַ וועלט וואָס האָט אים מיט ריזיקע כּוחות געהיט פון קאָנען איבערלעבן אַן אינערלעכע ברירה צו זיין אַנדערש. די פילאָסאָפיע פון פרייען ווילן, וואָס דערמיט האָט ער גע־אָטעמט אין דער זעלביקער צייט, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט און פאַרטיפט דעם דאָזיקן אומבאַוואוסטזיניקן פסיכישן פּראָצעס. וואָרעם אויב דער ווילן איז פריי, קאָן די האַרטנעקיקע יידישע אויסגעהאַלטנקייט ניט געזען ווערן אין ליכט פון ספּעציעלע תנאים וואָס טרייבן אין אַזאַ ריכטונג, נאָר ווי אַ פרייער אויסקלייב פונעם איינציק־מעגלעכן, איינציק־דענקבאַרן וועג. קיין אַנדער ברירה איז פשוט ניטאָ. דאָס ווערט אַזוי רירנדיק אויסגעדריקט אינעם באַרימטן זאָג: „ווען גאָט וואָלט באַצאָלט מיט גיהנום פאַר מצוות און מיט גן־עדן פאַר עבירות, וואָלט איך אַלץ אויסגעקליבן מצוות". אַזוי קאָן בלויז רעדן אַ ייד וואָס זעט ניט קיין ברירה. ממילא האָט ער געפילט אין דער קלענסטער אַנדערשקייט — אָנטאָן גויאישע קליידער, אָננעמען גויאישע מאַ־ניערן, אַ פרעמד לשון, זאַכן וואָס זענען ניט פאַרווערט על־פּי־דין — אַן אַקט פון פעלשן אין דער אייגענער היים.

און כאָטש אַ גאַר גרויסע צאָל פון זיינע קינדער און אייניקלעך האָט אָפּגעוואָרפן אַזוי פיל — טייל אַפילו יעדן שמץ, און דערצו נאָך מיט פּאַטאַ־לאָגישער בייזקייט — פון דער טראַדיציע, פונדעסטוועגן איז נאָך אַלץ גאַנץ גרויס די ירושה פון אָן־ברירההדיקער יידישקייט וואָס דער נייער דור אין מזרח־איראָפּע האָט געירשנט. אַפילו דער נייער צוגאַנג צו שפּראַך, יידיש און העברעאיש — אַ צוגאַנג וואו פון טראַדיציאָנעלן מנהג איז געוואָרן אַ

מאָדערנער דין — איז אויך אַ סימן פון אַן אָן־ברירהדיקן גייסט וואָס אַזוי פיל פון אונדז האָבן אין אונדזערע וויגל־יאָרן איינגעאָטעמט. וואָרעם צו זיין יידן אָן דעם פיינלעכן געפיל פון אַ גרייטער וואָגשאָל לעבן זיך, נאָר מיט דער ניט־טראַכטנדיקער נאַטירלעכקייט פון אַן איינציקן מעגלעכן וועג, דאָס איז די פסיכישע אַטמאָספערע וואָס אונדזערע פריערדיקע דורות האָבן געשאַפן אין און אַרום זיך, און איז טיפּיש מזרח־אייראָפּעאיש.

דעריבער, דאַכט זיך מיר, אַז איינער פון די מאָסן צו באַשטימען אונדזער איצטיקן פסיכישן מצב, איז אויך וויפיל די אָן־ברירהדיקע נאַטירלעכע יידישקייט געפינט אויסדרוק אין אונדזער לעבן. די דאָזיקע מאָס דאַרף מען קודם כל אָנווענדן אויף יידישע טעטיקייטן וואָס קאָנען גיין אונטער דער רובריק מלאכת קודש, איך מיין יענע, וואָס האָבן צו טאָן מיט שאַפן און פאַרשטאַרקן יידישע קולטור־ווערטן. אין אָקטאָבער־נומער „קאָמענטערי״ רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן דער יידישער היסטאָריקער סעסיל ראָט: „איר דאַרפט מיר פאַרגעבן וואָס איך בין ערדיש, אפשר גראָב. אָבער מען דאַרף אוודאי ניט דערמאָנען די לייענער פון „קאָמענטערי״ אַז אַפילו אַ יידישער שרייבער דאַרף לעבן, און אַז אַפילו אַ יידישער שרייבער איז גענוג בעל־גאווה צו ווען האָבן אַ נאָמען. פון אָט דעם שטאַנדפּונקט בין איך זיכער באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער ווען איך האָב פאַרלאָזן מיין לכתחילהדיקע ריכטונג אין פאָרשונג און שרייבן איבער אַלגעמיינער געשיכטע... מיין אַריינקומען אין יידישן פעלד, וואָס האָט צו מיר אַזוי שטאַרק אַפּעלירט, איז געווען פון דער זייט פון פאַרזיכערונג אומגליקלעך״. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב זיך לאַנג ניט געקאָנט באַפרייען פונעם איינדרוק וואָס די דאָזיקע רייד האָבן אויף מיר געמאַכט.

לאָמיך גלייך באַמערקן, אַז דעם שרייבער אַליין פאַרשטיי איך אויסגע־צייכנט, און קאָן זיך אַפילו סימפּאַטיש באַטייליקן אין זיין עגמת נפש. ווי עס זעט אויס וואָרעמט אים אַפילו ניט דאָס טרייסטנדיקע באַוואוסטזיין אַז ער האָט עפּעס געגעבן זיין פאָלק, אָדער דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע, וואָס קאָן זיין כאָטש אַ טיילווייזע פאַרגיטיקונג. אין אַזאַ לאַגע איז טאַקע אַן אומזיסטער קרבן צו פאַרלאָזן די ריזיקע ענגלישע וועלט, מיט אַלע אירע מאַטעריעלע און געזעלשאַפטלעכע מעגלעכקייטן, און זיך איינשליסן אינעם קליינעם יידישן ווינקל. ער האָט, הייסט עס, געהאַט אַ ברירה און זי אָן אויסרעכענונג דורכגעלאָזן. ווי פּיינלעך דאָס מוז זיין.

אָבער איך האָב אין די דאָזיקע רייד אויפגענומען אַ טרויעריקן יידישן גרוס פון דער צייט, און דאָס האָט זיך געלייגט אַזוי שווער אויף מיין געמיט. פון אַ סך נענטערע אַרום אונדזער פאַמיליע־טיש האָב איך שוין אַזעלכע רייד געהערט; טייל מיט דער ברירה דעם יידישן טיש צו פאַרלאָזן, אַנדערע מיט דער האַרבער וואָרענונג אַז אָט־אָט, און זיי וועלן זיך מיט אונדז

געזעגענען; נאָך אַנדערע מיטן אומעטיקן באַדויער וואָס צופיל פרעמדע טירן זענען פאַר זיי פאַרשלאָסן. אַביסל צו אָפּט האָב איך אין היינטיקן דור באַגעגנט דעם שוואַכן יידן מיט דער שטענדיקער ברירה אין האַרצן און אויף די ליפּן. דאָס איז אַן עדות אויף אַ ביטערן גייסטיקן מצב אין וועלכער עס צאַפּלט זיך אונדזער צעבראָכענע וועלט. אין אַזעלכע מאָמענטן ווערט מען אינערלעך געשטאַרקט, און עס צינדט זיך אָן אַ באַנייט האָפענונג, ווען מען הערט זיך צו נאָכאַמאָל צו דער מעשה וואָס עס דערציילט אונדז דער מזרח־אייראָפּעאישער ייד, דער ייד אָן אַ ברירה.

(1948)

# דאָס יידישע היים־געפיל

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן פּסיכאָלאָגן דורכגעפירט אַ קאָנקורס צווישן געליטענע פונעם היטלער־רעזשים. די באַטייליקטע אין קאָנקורס האָבן געדאַרפט שרייבן אויף דער טעמע: „מיין לעבן אין דייטשלאַנד פאַר און נאָך דעם 30טן יאַנואַר, 1933״. צוויי הונדערט מענטשן, על פּי רוב יידן, האָבן זיך באַטייליקט. טייל פון די באַשריבענע פאַקטן און איבערלעבענישן זענען ד׳ערנאָך דורכגעגאַנגען אַ גרינטלעכן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. פון די אַלע געדאַנקען און פּראָבלעמען וואָס דער אַנאַליז האָט אַרויסגעבראַכט האָט מיך, אין אַן אומגעריכטן מאָמענט, פאַרטשעפּעט איין פּרט וואָס האָט מיך שפּעטער נאָכגעיאָגט און ניט אָפּגעלאָזן.

דאָס איז ניט געווען קיין נייע אַנטדעקונג, אָדער עפּעס אַ פאַרכאַפּנדיקער שטריך אין דער מענטשלעכער נאַטור. עס האָט זיך גראָד גערעדט וועגן זייער אַ געוויינטלעכער, טאָג־טעגלעכער כאַראַקטעריסטיק. ווען איך טראַכט איצט וועגן דעם דאַכט זיך מיר אַז דאָס האָט דער ייד אין מיר אַ צאַפּל געטאָן און מיך ניט אָפּגעלאָזט.

באַטראַכטנדיק די פאַרשיידענע פאַקטאָרן וואָס ווירקן אויף מענטשן אין דער צייט פון אַ קאַטאַסטראָפע דערמאָנען זיי אויך דעם צויבער פון דעם וואָס איז שוין פון פריער באַקאַנט און נאָענט. דאָס זאָגן זיי וועגן די וואָס האָבן זיך אומגעקערט קיין דייטשלאַנד נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט אַ געלעגנהייט צו אַנטלויפן. אַ פרוי, אַן אָנפירערין פון אַ פּליטים־קאָמיטעט אין דער שווייץ, שרייבט וועגן אַ יונגן יידישן אַקטיאָר וואָס איז דאָרט געווען, און באַשלאָסן צוריק צו פאָרן קיין דייטשלאַנד נאָך דעם ווי ער האָט באַקומען אַן אויסזיכט אויף אַ שטעלע. זי שרייבט: „אומזיסט האָט מען אים דערמאָנט זיינע אייגענע מעשיות פון צרות און פורעניות בעת ער איז געקומען אין דער שווייץ; אומזיסט האָט מען אים אָנגעוויזן די סכנות ווען ער וועט זיך אומקערן קיין דייטשלאַנד, דער יונגער אַקטיאָר איז געווען ווי אין אַ כישוף. מיט עטלעכע שעה שפּעטער איז ער געווען אויף דער באַן וואָס האָט אים געפירט קיין דייטשלאַנד״. עס האָט אים, אַ חוץ אַלעמען, געצויגן אַהיים, צו דעם וואָס איז שוין באַקאַנט פון פריער. אָבער פאַרוואָס זאָל דאָס באַקאַנטע זיין אַזוי צוציענדיק? די שרייבער באַקלאָגן זיך, אַז דאָס איז אַ ניט־באַאַרבעט פעלד אין פּסיכאָלאָגיע, און זיי מוזן דאָס פעסטשטעלן ווי אַ פאַקט אָן אַ דערקלערונג. אָבער דאָ הייבט זיך אויף נאָך אַ פראַגע: דעם אַקטיאָר האָט געצויגן אַהיים, קיין דייטשלאַנד, איז דאָס טאַקע אַקוראַט דאָס זעלביקע ווי דאָס רייסן זיך צו דעם וואָס איז באַקאַנט און נאָענט? איז נאָענט און היים פּסיכאָלאָגיש דאָס זעלביקע?

עס דערמאָנט זיך מיר אַ רירנדיק בילד פון וועלכן איך האָב אַמאָל שעהען לאַנג ניט געקענט מיינע אויגן אַוועקרייסן. אָנקומענדיק אויף אַ זומער־פּלאַץ האָב איך באַמערקט אַז איבער דער דרויסנדיקער טיר ביים אַריינגאַנג אין מיין צימער געפינט זיך אַ נעסט פון וועספּן. ווי מיר ווייסן איז אַ שטאָך פון די דאָזיקע אינסעקטן ניט קיין געשמאַקע זאַך. האָב איך זיך אָנגעגורט מיט די נייטיקע תכסיס מלחמה און אַראָפּגעריסן די נעסט. האָט זיך אָנגע־הויבן אַ בייזער גערודער. די קליינע, אומרואיקע באַשעפענישן האָבן גענומען פליען אין אַלע ריכטונגען אַרום דעם אָרט וואו עס איז אַמאָל געווען זייער היים מיט אַזאַ ווילדער זשומעריי, אַזוי ווי זיי וואָלטן געדאָרשט נאָך נקמה. עס איז געוואָרן אַ סכנה צוצוקומען נאָענט צו זיי. אַזוי איז אַוועק אַ שעה, צוויי, אַ גאַנצער טאָג, זייער צאָרן האָט זיך אַלץ ניט איינגעשטעלט. מען האָט געשפּריצט אויף זיי גיפטיקע פליסיקייטן אָבער קיין ראַדיקאַלער ענטפער איז דאָס אַלץ ניט געווען. די אויפגערודערטע מחנה איז געוואָרן קלענער און קלענער, עס זענען אָבער אַלץ געבליבן עטלעכע פון די אומגליקלעכע קרבנות וואָס זענען כסדר געקומען אויף „קבר אבות" און געקלעפּט צו די נישטיקע איבערבלייבעכצן פון זייער צעשטערטער היים. אויפן דריטן טאָג זענען נאָך אַלץ געקומען עטלעכע פליענדיקע באַזוכער, און ווי יתומים, אויסגעמאַטערטע פון טרויער און געוויין, האָבן זיי זיך שטיל געטראָגן אַהין, צוריק און פאַרשוואונדן. עס האָט אויסגעוויזן אַזוי ווי זיי וואָלטן אַ לעצטן בליק געטאָן און זיך אויף אייביק געזעגנט.

עפּעס האָב איך דערפילט אַ חרטה אויף דער עוולה וואָס איך בין באַ־גאַנגען קעגן זיי. וואָס מער זיי האָבן אַרויסגעוויזן זייער עקשנותדיקע געטריישאַפט אַלץ טיפער איז אין מיר געוואָקסן אי דאָס געפיל פון חרטה, אי די באַוואונדערונג פאַר דער רירנדיקער איבערגעבנקייט צו אַן אַמאָליקער היים וואָס איז חרוב געוואָרן. און אפשר האָב איך געזען היים וואו פאַרן וועספּ איז דאָס געווען בלויז נעסט. און דאָס איז מסתמא ניט די זעלביקע זאַך. בכל אופן איז דאָס איינער פון די גאָר ניט זעלטענע מאָמענטן ווען מיר דערפילן מיט אַזאַ זיכערקייט אַז מענטש און אינסעקט — איין גאָט האָט זיי ביידע באַשאַפן.

זאָאָ־פּסיכאָלאָגן הערן ניט אויף צו זוכן די קונציקסטע מיטלען אויסצו־פאָרשן ווי אַזוי בעלי־חיים קענען טרעפן אַהיים אויף אַ שטח פון צענדליקער מיילן, אַפילו הונדערטער מיילן. מען ווייס בלויז אַז פייגל, וואָס מען מאַכט זיי בלינד צוליב עקספּערימענטאַלע צוועקן, קענען זיך ניט אומקערן אין זייערע נעסטן. דאָך איז דאָס אַליין ניט גענוג מען זאָל פאַרחידושט ווערן. איין עקספּערימענטירער האָט אַוועקגענומען 1500 פייגל פון זייערע היימען אויף אַ שטח פון 500 קילאָמעטער, ער האָט זיי אָפּגעלאָזן אין מיטן ים, כדי עס זאָל ניט בלייבן קיין לאַנד־סימן וואָס זאָל קענען ווייזן דעם וועג. אין

צוויי טעג אַרום האָבן 300 געטראָפן זייער וועג אַהיים, די איבעריקע האָט מען געפונען אין פאַרשיידענע נאָענטע און ווייטע לענדער.

אמת, 1200 האָבן דעם וועג פאַרלוירן, אָבער ווי אַזוי איז געשען דער נס מיט די 300? נאָר דאָס איז ניט די איינציקע פראַגע. ניט קלענער איז דאָס וואונדער פאַרוואָס עס זאָל אַזוי ציען צו דער אַמאָליקער היים, אָדער נעסט, אַפילו ווען מען האָט אין איר קיין האָניק ניט געלעקט. פאַרוואָס זאָל דאָס באַקאַנטע, בלויז מיטן כוח פון זיין באַקאַנט, האָבן אַזאַ געוואַלטיקע אַטראַקציע? אַ סברה אַז דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער שטריך ביי די העכערע פאָרמען פון לעבן.

ביי באַשעפענישן וואָס פאַרמאָגן שוין אַן אָנהויב פון אַ נערוון־סיסטעם ווייזט זיך מסתמא אַן עלעמענטאַרער אויסדרוק פון לעבן אין דעם וואָס זיי זוכן אַן אָנהאַלט, אָריענטאַציע, ראַטעווען זיך פון דער צעפלאָסענער פאָרמלאָזיקייט פונעם צעשפּרייטן אַרום און טוליען זיך צו דעם וואָס אַלע פּרטים פון זיין געבוי און זיין טבע זענען דורך באַקאַנטשאַפט געוואָרן אַ וועלט אויף וועלכער מען מעג זיך פאַרלאָזן. עס הייבט זיך אָן מיט זיין באַקאַנט, עס גייט איבער צו אַ נעסט, אַ נאָרע, אַ בינשטאָק, אַ טויבנשלאַק, אַן אייגן ווינקל, אַ היים, און נאָך עפּעס נעענטערס און וואַרעמערס וואָס האָט, דאַכט זיך מיר, נאָך קיין פּאַסיקן נאָמען ניט.

וואָרעם צווישן אַלע פאָרמען פון צוגעבונדנקייט צו עפּעס אַ פיזישן פּונקט אין דער וועלט און אַ היים איז פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד. ביי אַלע אַנדערע באַשעפענישן ליגט דער טראָפּ אויף דער פאָרמירטער סטרוקטור, דער באַשטימטער זאַך אָדער פּונקט וואָס וועקט און האַלט אויף די צוגעבונדקייט. ביי מענטשן איז די היים געוויינטלעך אַ צוגעקומענע אינסטיטוציע, אַ נייע אָרגאַניזאַציע פון לעבעדיקער טעטיקייט. אַ היים איז אַן אָרגאַניזם וואָס בינדט צונויף דורות אין אַ גייסטיקן געוועב, וואָס שאַפט און פאַרוואָרצלט טראַדיציע.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ, ווייט ניט אַלץ, ווען עס קומט צו מענטשן. אַזוי האָב איך אַנומעלטן גענומען טראַכטן בעת איך האָב געלייענט אין ווייצמאַנס ביאָגראַפיע דאָס קאַפּיטל וואו ער שטעלט זיך אָפּ אויפן זעקסטן קאָנגרעס מיטן אוגאַנדע־פּראָיעקט. גראָד די פאָרשטייער פון ליידנדיקע רוסישע יידן האָבן געשטימט קעגן דעם פּראָיעקט. אָנגעזעענע פירער פון דער באַוועגונג האָבן געוויינט, אַ יונגע פרוי האָט אין פּראַנצויזיש שרעקלעך באַליידיקט הערצלען. דער חלום פון אַ היים איז געשטאַנען אין סכנה. איז ארץ־ישראל פאַר יידן טאַקע אַ היים, אָט דער זעלביקער סאָרט היים ווי די וועגן וועלכער מיר האָבן ביז איצט גערעדט? ווי אַזוי קען מען אָנרופן מיטן נאָמען היים אַ פּלאַץ וואו די מענטשן, וואָס זייער היים דאַרף עס זיין, האָבן דאָרט קיינמאָל ניט געלעבט? אַזאַ היים פאַרמאָגט דאָך ניט דעם ערשטן

תנאי וואָס גייט אַרייַן אין אַ דעפיניציע פונעם וואָרט היים, דאָס געפיל פון פאַמיליאַריטעט דורך פיזישער נאָענטקייט.

דאָס האָט מיר אַרויפגעבראַכט אויפן זינען אַ שמועס מיט אַ יונגנמאַן פון ארץ־ישראל. ער איז קיין סאבראַ ניט געווען. בסך־הכל עטלעכע יאָר געווען אין לאַנד, אָבער ער איז זייער גוט באַקאַנט געווען מיט אַלע פרטים פונעם ישוב, און נאָך מער געווען באַגייסטערט פאַר יעדן אויפטו. האָט ער מיר דערציילט אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן מיטן באַזונדערן חן פון עכטער התלהבות און נאַאיווער איבערטרייבונג אין זיינע אָפּשאַצונגען. אָבער ביס־לעכווייז איז מיר גליטשיק פאַרביי געשוואומען זיין גערדיכטע אינפאָרמאַציע, און איך בין ווי צוגעשמידט געוואָרן צו די ספּעציעלע אַקצענטן און ווערטער אין זיין לשון.

אַז אַ ייד פון ארץ־ישראל זאָל ריידן פונעם לאַנד מיטן לשון אונדזער, אייגן, מיין, דאָס איז תמיד געווען אַ גאַנץ געוויינטלעכע זאַך. אָבער ניט אַלעמאָל בין איך געווען זיכער אַז דאָס איז געווען אַן אומפאַרמיטלטער אויס־דרוק פון אַן אינעווייניקסטער איבער'לעבעניש. טיילמאָל האָט זיך געדאַכט אַז דאָס איז אַ מין לעצטער טראָט אין אַן אינטעלעקטועלן פּראָצעס: אַזוי ווי מיר נעמען דאָך אָן אַזאַ און אַזאַ הנחה, ממילא קומען מיר צו דער מסקנא אַז דאָס לאַנד איז טאַקע אונדזער, אייגן, מיין. דער עיקר האָט זיך געקענט אַזוי דאַכטן ווען דאָס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן ביי עפנטלעכע געלעגנ־הייטן. עס האָט טיילמאָל אויסגעזען גיכער צו זיין אַן ענטפער אויף אַ מעגלעכער פראַגע איידער אַ נאַטירלעכער אויסדרוק פון אַן אומבאַמערקטן פסיכישן פּראָצעס.

אָבער דאָ איז געזעסן פאַר מיר אַ יונגערמאַן וואָס האָט אויף אַ רייִן־פּריוואַטן אופן איבערגעגעבן זאַכן מיט שמועסרישער געמיטלעכקייט. ווי יונג ער איז געווען האָט ער אַלץ אין גלות געלעבט אַ סך לענגער, דערצו נאָך די ערשטע יאָרן פון לעבן, איידער אין ארץ־ישראל. ער איז געקומען פון אַ לאַנד וואו טויזנט יאָר הינטער אים האָבן יידן געשאַפן און געפלאַנצט יידיש לעבן, וואו יעדעס ווינקל האָט געקוקט צו אים — צום גוטן אָדער צום שלעכטן — מיט איינגעזעסענער פאַמיליאַריטעט. ער איז געפאָרן אין אַ לאַנד וואָס אַלע זיינע ווינקלען זענען ביי אים בלויז געווען פסוקים פון תנ"ך. מיט זיינע פיזישע אויגן האָט ער זיי קיינמאָל ניט געזען. די אָנגענומענע שפּראַך האָט ער רעכט ניט געקענט, כאָטש זי איז אים זייער טייער געווען, דאָס לאַנד פון וועלכן ער איז אַוועק איז געווען אַ טייל פון זיין לעבן און פונעם לעבן פון זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס. דאָס לאַנד וואוהין ער איז געקומען איז — אַ חוץ עפּעס וואָס איז ניט ממשותדיק געניוג אַז מען זאָל עס קענען שפּירן מיט די חושים — געווען אַ שטיק אידעאָלאָגיע, געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, בלויז שטרעבונג, חלום.

און דאָך האָט ביי אים יעדע באַוועגונג און יעדעס וואָרט אויסגעדריקט אַזאַ פולע פּערזענלעכע אידענטיפיקאַציע מיט דער לאַנדשאַפט פון ארץ־ישראל, מיט יעדן באַרג און טאָל, מיטן יעדן פּיצל נאַטור און לעבן אינעם לאַנד, אַזוי ווי עס וואָלט געווען די אומנאַטירלעכסטע פּערווערסיע זיי צו צעטיילן. דאָס וואָס עס קומט איצט פאָר אין מדינת ישראל איז ניט צו באַשרייבן, ניט צו דערציילן, מיטן שכל ניט משיג צו זיין. איך מוז אָבער מודה זיין אַז אַפילו דער דאָזיקער גרויסער נס פון נסים איז ניט בכוח פון מיר צו פאַר־שטעלן דעם וואונדערלעכן וואונדער פון יענעם פאַרכאַפּנדיקן היסטאָרישן היים־געפיל פון וועלכן דער דערמאָנטער יונגערמאַן איז בלויז געווען איין קליינער, עפּיזאָדישער אויסדרוק. ניין, אויב היים באַטייט דאָס וואָס מיר פאַרשטייען געוויינטלעך אונטער דעם דאָזיקן וואָרט, קען דאָס בשום אופן ניט דערקלערן די שייכות צווישן יידן, גלות־יידן, און ארץ־ישראל.

זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל הער איך אָפט אַן אויסדרוק פון אַ חשד אַז דאָס דאָזיקע געפיל וועט זיך מוזן בייטן. אָט דער געדאַנק זעט אויס צו זיין געשטיצט אויף דער הנחה אַז די אַריינגעטאָנקייט אין פּאָליטישן ישראל, וואָס וועט נאָך לאַנג זיין שאַרף אָנזעעוודיק אין אַלע גלות־לענדער, וועט מיט דער צייט פאַרבלאַסן אונדזער טיפיש היים־געפיל צום היסטאָרישן ארץ־ישראל. ווען דאָס זאָל זיין אַ מוז וואָלט עס געווען אַן אומגליקלעכע בשורה פאַר אַלע יידישע ישובים אין חוץ־לארץ. מיר דאַכט זיך אָבער אַז די גאַנצע אַנטוויקלונג פונעם ישוב גייען ניט אין דער ריכטונג פון אַ מין „גייטראַלן" טעריטאָריאַליזם. עס איז נאַטירלעך, אַז אין איצטיקן מאָמענט זאָל ליגן דער טראָפּ אויף די באַלדיקע, שרייענדיקע נויטן פון אונדזער פאָלק, אָבער אויף אַלץ וואָס דאָרט איז געטאָן געוואָרן ליגט דער חותם פון שאַפנדיקן המשך וואָס וועט האַלטן וואַך דאָס היסטאָרישע היים־געפיל צו ארץ־ישראל אין אַלע תפוצות ישראל.

עס וואָלט געווען אַ גאַנץ גערעכטע טענה ווען מען זאָל זאָגן, אַז דאָס וואָרט היים, בעת מען רעדט וועגן אַ פאָלק, איז בלויז אַ פּאָעטישער אויסדרוק, אַ רעטאָרישע פיגור. וואָרעם בוכשטעבלעך איז דאָס אַ פאַמיליע־אינסטיטוציע וואָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. ביי אַ פאָלק ווערט די צוגעבונדנקייט צום אייגענעם לאַנד ניט גערופן היים־געפיל נאָר פּאַטריאָטיזם. דאָך קלינגט דאָס דאָזיקע וואָרט פרעמד, כמעט קאָמיש, ווי אַ באַצייכענונג פון אונדזער טראַדי־ציאָנעלער באַציאונג צו ארץ־ישראל. נעמט, למשל, אַזעלכע דריי היסטאָרישע פיגורן וואָס אַלע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַזאַ געוואַלטיקער ליבשאַפט צו ארץ־ישראל, אַזעלכע ווי, כאָפּן מיר אָן, ר' יהודה הלוי, משה מאָנטעפיאָרע, ר' שמואל מאָהילעווער, אַלע פון פאַרשיידענע עפּאָכעס, לענדער, יעדער מיט אַן אייגענעם אויסדרוק פון זיין פאַרקניפּטקייט מיט ארץ־ישראל, אָבער דאָס וואָרט פּאַטריאָט קלעפּט זיך ניט צו קיין איינעם פון זיי. פאַרוואָס?

פּאַטריאָטיזם איז, ערשטנס, אַן עמאָציאָנעלע באַציאונג צו אַ פּאַרצווייגטער סיסטעם, אַ מלוכה, צו אירע פּאָליטישע, סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און קולטור־רעלע אינטערעסן. דאָס פיזישע לאַנד איז בלויז דער געאָגראַפישער שטח אויף וועלכן די גאַנצע סיסטעם פונקציאָנירט. די תאווה צו ארץ־ישראל אין משך פון דער גאַנצער גלות־געשיכטע האָט דאָך זיכער ניט צו טאָן מיט דעם אַלעם.

צווייטנס, איז אַ פּאַטריאָט אַ מענטש, וואָס איז אַליין פאַרוויקלט אין דער סיסטעם, וואָס איז אים אַזוי טייער. ער איז געבוירן געוואָרן אינעם לאַנד, זיין גאַנץ לעבן איז דאָרט פאַרמירט געוואָרן. ער טוליעט זיך צו אַ נעסט וואָס איר נאָענטקייט האָט אים געוואַרעמט, וואָס האָט אים תמיד געשיצט, אים פאַרזאָרגט מיט אַן אָנהאַלט אין לעבן. אויך דאָס האָט דאָך ניט געקענט זיין קיין פאַקטאָר אינעם יידישן רייסן זיך צו ארץ־ישראל.

דריטנס, פּאַטריאָטיזם ווערט דער עיקר גענערט פון איצטיקער, לויפיקער, רעאַלער געשיכטע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אינעם לאַנד וועלכן דער פּאַטריאָט שענקט זיין ליבע און געטריישאַפט. אָט דער מאָמענט פון רעאַלער איצטיקייט האָט בכלל קיין חלק ניט געהאַט אין וועקן ביי יידן אַ היים־געפיל צו ארץ־ישראל. נאָך מער, די יידישע טראַדיציע נאָך פאַרן גלות האָט די חזקה אויף ארץ־ישראל ניט געבויט אויף אַן איצטיקער צייט, אַן איצטיק לעבן פון אַן איצטיקן דור. פון דער צייט פון די אבות האָבן מיר איבערגענומען אַז „צו דיין זאָמען וועל איך געבן דאָס דאָזיקע לאַנד". אין אַלע שפּעטערדיקע צייטן ווייס דער תנ"ך בלויז פון אַ לאַנד וואָס איז צוגעזאָגט „אייערע עלטערן". ס'איז אָדער די צוקונפט אָדער די פאַרגאַנגענהייט; די אַקטועלע איצטיקע צייט גייט ניט אַריין אין רעכט־באַוואוסטזיין אין שייכות צו ארץ־ישראל. אַפילו אין בראשית ווערן שוין ביידע דערמאָנט. יעקב גיט איבער יוספן אַז גאָט האָט זיך צו אים באַוויזן און געזאָגט: „זע, איך וועל דיך פרוכפּערן און וועל דיך מאַכן פאַר אַ געזעמל פעלקער, און איך וועל געבן דאָס דאָזיקע לאַנד צו דיין נאָמען נאָך דיר פאַר אַן אייביקן אייגנטום" (ויחי, מח, 4). מיט זיבעצן פסוקים ווייטער שטייט: „און ישראל האָט געזאָגט צו יוספן: זע, איך שטאַרב; אָבער גאָט וועט זיין מיט אייך און ער וועט אייך אומקערן צו דעם לאַנד פון אייערע עלטערן". די טראַדיציע האָט ניט גענומען צו הילף דעם כוח פון אַ לעבעדיקער ממשות פון אַן איצטיקער צייט כדי שטאַרקער צו מאָטיווירן די צוגעבונדנקייט פון יידן צו ארץ־ישראל. בנוגע דעם איצטיקן אָפּשניט פון צייט איז ארץ־ישראל בלויז געווען די פאַרקער־פּערונג פון אַ צענטראַלער הייליקייט, וואָס איז דאָך בלויז אַ פּסיכישע, ניט קיין פיזישע רעאַליטעט, און איר פונדאַמענט איז אַלץ אַ גרויסע געשעעניש פון אַמאָל, אַמאָל, אין ווייטן עבר.

די יידישע געשיכטע האָט זיך געלאָזן אויף אַ פּסיכאָלאָגישן עקספּערימענט

וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין רעקאָרדירטן לעבן פון דער גאַנצער מענטשהייט. איז מעגלעך — בלויז מיטן כוח פון סביבה און דערציאונג — אויפצוהאַלטן אַ היים־געפיל אָן אַ רעאַלער היים? איז מעגלעך דאָס אויפצוהאַלטן אין פולער אינטענסיווער שאַרפקייט איבערן גאַנצן אומגעהייערן שטח פון זעקס און זעכציק דורות? ניטאָ קיין מיושבדיקער פסיכאָלאָג וואָס וואָלט געקענט צוריקהאַלטן זיין סקעפּטישן שמייכל ווען מען זאָל אים זאָגן אַז דאָס איז מעגלעך. אָבער ווי זאָגט אונדזער פאָלקסווערטל: איר זעט דאָך.

עס זעט אויס אַז אַלע העכערע באַשעפענישן זענען באַשאָנקען מיט אַ צוגעבונדנקייט צו אַ פיזישן אָריענטאַציע־פּונקט אין דער וועלט. דער פאַר־שפּרייטסטער אויסדרוק פון דעם איז דאָס צאַרטע געפיל צו דער אייגענער נעסט וואָס וואַרעמט מיט איר נאָענטקייט און אינטימקייט. איך שטעל מיר פאָר אַז דער אומקער קיין דייטשלאַנד פונעם פריער־דערמאָנטן יידיש־דייטשן שוישפּילער איז דיקטירט געוואָרן פון אָט אַזאַ מין נעסט־געפיל.

היים־געפיל. כאָטש עס געהערט צו דער זעלביקער אַלגעמיינער קאַטע־גאָריע, איז פון אַן אַנדער מדרגה. עס איז ווייניקער געבונדן צו דער פיזישער רעאַליטעט און שפּרייט זיך אויס לענגער אין צייט. עס נעמט אין זיך אַריין די עמאָציאָנעלע פאַמיליע־שייכות וואָס שטייגט אַריבער די לעבנס־גרענעצן פון די מיטגלידער ביז דעם רירנדיקן מענטשלעכן מנהג פון גיין אויף קבר אבות.

די יידישע עמאָציאָנעלע שייכות צו ארץ־ישראל זעט אויס צו זיין געבויט אויפן עלעמענטאַרן מענטשלעכן היים־געפיל, איז אָבער געשטיגן צו אַזאַ שווינדלענדיק הויכער מדרגה וואָס האָט ניט קיין גלייכן צווישן מענטשן און פעלקער. אַוודאי וואָלט גוט געווען ווען מיר האָבן אַ באַזונדערן טערמין פאַר אַזאַ אייגנאַרטיקן היסטאָרישן פאַקט און פסיכישער איבערלעבעניש. אַזוי ווי אַזאַ וואָרט איז ניטאָ מוזן מיר זיך באַנוגענען מיטן אויסדרוק היים־געפיל. מען דאַרף אָבער אַלע מאָל צוגעבן דעם אַדיעקטיוו „יידיש" כדי מען זאָל וויסן וואָס מען מיינט.

(1949)

# אהבת ישראל

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָבן עטלעכע יידישע געלערנטע געפירט אַ וויכוח וועגן אַ פונדאַמענטאַלן צוגאַנג וואָס איז נייטיק ביים שרייבן אויף טעמעס פון דער יידישער געשיכטע. איינער פון זיי, א. מענעס, האָט פאָרמולירט דעם דאָזיקן צוגאַנג מיט דער פראַזע „אהבת ישראל", ד"ה, אַ יידישער היסטאָריקער דאַרף אַליין האָבן אַ וואַרעמע נאָענטקייט צו די ווערטן וואָס דער גאַנג פון יידישן לעבן האָט אַרויסגעבראַכט, אַנדערש קען זיין אַרבעט אַ סך פאַרזען, אָדער, אין בעסטן פאַל, קען זי זיין ניט מער ווי אַ פאַרעווע כראָניק וואָס איז בלינד צום עיקר. ד"ר יעקב שאַצקי האָט גע'טענה'ט אַז פאַרקערט, אהבת ישראל הייסט צו זיין אַן אַדוואָקאַט פאַר יידן אָבער ניט קיין היסטאָריקער פון יידן. אַזאַ צוגאַנג איז אַ צעשטערנדיקער, ניט קיין שאַפנדיקער כוח אין געשיכט־שרייבונג. געשיכטע דאַרף זיין אָביעקטיוו, זיך פאַרלאָזן אויף דאָקומענטירטער גבית עדות פון פאַקטן, פון אמת; סענטימענטן קענען בלויז אַראָפּפירן פון וועג.

דער אויסדרוק אהבת ישראל איז פאַרוואָרצלט אין חסידישער טראַדיציע און פאַרמאָגט אַ וואַרעמען פאָלקסטימלעכן חן. עס דערמאָנט אונדז אָן אַזעלכע באַרימטע פערזענלעכקייטן ווי ר' משה לייב סאַסאָווער אָדער ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער. אַזאַ סינאָנימישער אויסדרוק ווי „פּאָזיטיווע באַציאונג" איז קאַלט און באַזיצט ניט קיין מיטרייסנדיקע קוואַליטעט. אָבער גראָד דאָ איז די וואַרעמקייט ניט קיין מעלה, ווייל פאַרפירעריש. איין שרייבער האָט דערקלערט זיין מיינונג אינעם דערמאָנטן וויכוח, אַז געשיכטע דאַרף האָבן בלויז ליבע צום אמת, ניט צו ישראל אָבער עפּעס אַנדערש. ממילא זענען אהבת ישראל און אהבת האמת אַוועקגעשטעלט געוואָרן ווי קאָנטראַסטן. אויך דאָס איז מעגלעך, אָבער דאָס האָבן די צונהענגער פון אהבת ישראל זיכער ניט געמיינט. מענעס, למשל, זאָגט בפירוש אַז ערשט זיין צוגאַנג פירט צום אמת, ווייל אָן אהבת ישראל ווערט מער פאַרדעקט ווי אַנטפּלעקט.

שוין דאָס וואָס דער וויכוח איז געבראַכט געוואָרן צו דער מדרגה פון פאַרביטערטער פּאָלעמיק איז גענוג ראיה אַז דער אויסדרוק איז פאַרפירעריש. אהבת ישראל קען מאַכן דעם איינדרוק פון „מיין פאָלק, גערעכט אָדער אומגערעכט", פון איינשטעלן זיך פאַר עפּעס אַנשטאָט עס צו פאָרשן, פון זוכן אַ זכות אויף אַ פאָלק וואָס טראָגט דעם עול פון גלות, אַנשטאָט פון פאַרשטיין און אָפּשאַצן די אַנטוויקלונג פון אַ קולטור. אָבער דאָס האָט בלויז אַ שייכות צו די אויבער־טענער וואָס ליגן אינעם אויסדרוק. גאָר אַנדערש, און אַ סך ערנסטער, זעט אויס דער גאַנצער וויכוח ווען מיר באַנעמען זיין טיפערן זינען.

אפשר וועט ניצלעך זיין מיר זאָלן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר טאַקע פונעם דערמאָנטן ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער. אַלעמען איז באַקאַנט דער אַנעקדאָט פונעם פורמאַן וואָס האָט געשמירט די רעדער בעתן דאַווענען. ר׳ לוי יצחק האָט גראָד דאָ געזען אַ געלעגנהייט מלמד זכות צו זיין אויף יידן: „אַפילו ווען זיי שמירן די רעדער דאַווענען זיי אויך״. מיר הערן די מעשה און שמייכלען. פאַרוואָס? דאָס איז געבויט אויף צוויי מאָמענטן. ראשית, ווייסן מיר, אַז דאָ רעדט זיך וועגן אַ וועלט וואו דאַווענען איז אַזוי געוויינטלעך ווי עס וואָלט געקומען בדרך הטבע. אין דעם איז ניטאָ קיין שום פאַרדינסט, פונקט ווי אין עסן אָדער זיך באַשיצן פון שלעכטן וועטער. שנית, ווייסן מיר, אַז בשעתן דאַווענען טאָר מען ניט טאָן קיין מלאכה. היינט אויב אַ ייד אַרבעט ווען ער דאַוונט איז דאָך דאָס הוילע זינד. ממילא זענען ר׳ לוי יצחקס רייד בלויז די טענה פון אַן אַדוואָקאַט וואָס וויל ראַטעווען זיין קליענט דורך פשטלדיק אַריינטייטשן צדקות אינעם חטא גופא.

דער מעדאַל האָט אָבער אַן אַנדער זייט אויך. נאָך אַלעמען ווער ווייס נאָך ווי דער אויבערשטער אַליין אַז דאַווענען איז גאָר ניט קיין דרך הטבע־זאַך; אַז עס זענען פאַראַן געגוג מענטשן, אויך יידן, וואָס דאַווענען ניט. ר׳ לוי יצחק האָט אויך געקענט מיינען אַז אין זיין פסק־דין באַנוצט זיך דער רבונו של עולם מיט די מאָדערנסטע וויסנשאַפטלעכע מיטלען, מיט דער פאַרגלייך־מעטאָדע. דער פורמאַן האָט זיך דאָך אין זיין שווערער האָרעוואַניע אין גאַנצן געקענט אָפּזאָגן פון דאַווענען, פונקט ווי אַנדערע טוען עס. היינט אויב ער האָט אָנגעטאָן טלית און תפילין כאָטש ער האָט געדאַרפט אָפּגעבן זיין צייט אויף שמירן די רעדער, האָט ער זיך דאָך מוסר נפש געווען פאַר אַ מצווה און איז ממש אַ צדיק אין פאַרגלייך מיט די פושעים וואָס ווילן בכלל ניט וויסן פון יידישקייט. אַזוי האָט דער באַרדיטשעווער, דורך זיין פאָזיטיווער באַציאונג צו יידן, אַרויסגעהויבן אַן אמת וואָס אַ ריין אָביעקטיווער בליק אויפן „דאָקומענט״ גופא וואָלט אים בשום אופן ניט געקענט דערזען. די וואָס קוקן אויף דעם אַנעקדאָט ווי אויף אַ קונציקן איינפאַל פון אַ תמימותדיק־כיטרען אַדוואָקאַט וואָס איז פאַרשיכורט פון אהבת ישראל, באַווייזן בלויז דערמיט ווי טיף באַגראָבן דאָ ליגט אַ פשוטער אמת וואָס דער אָביעקטיווער מאַטעריאַל אַליין מאַניפעסטירט אים ניט.

קיין שום בר־דעת וועט פאַרשטייט זיך ניט גרינגשעצן די וויכטיקייט פון גרינטלעכער דאָקומענטאַציע אין היסטאָרישער פאָרשונג. מען דאַרף אָבער אויך ניט פאַרגעסן די סכנות וואָס זענען פאַרבונדן מיטן גלויבן אַז מען קען דאָקומענטן לאָזן רעדן פאַר זיך אַליין. אַרכיוו־דאָקומענטן קענען זיין זייער וויכטיק. אָבער אויך גאַרניט־זאָגנדיק, אָדער סתם טשיקאַווע. זיי קענען אויך זיין בלויז פאַראיינצלטע מאָמענטן וואָס מען טאָר ניט גענעראַלי־זירן, זיי קענען אויך זיין פשוט פאַלש.

אין זיינע געמיטלעכע שמועסן וועגן יידישער געשיכטע דערציילט אונדז עפּעס גאָטהאַרד דויטש וואָס קען דינען ווי אַ גוטערביישפּיל פון דעם ווי מען דאַרף זיין אַמאָל געוואָרנט מיט דאָקומענטן: „איך בין מקנא מענטשן וואָס זענען זיכער וועגן די סיבות צוליב וועלכע ר׳ אליעזר בן הורקנוס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם. איך קען אַ מענטשן וואָס מען האָט אים אָפּגעזאָגט פון אַ צדקה־אַנשטאַלט צוליב אַן ערנסטן מאָראַלן חטא, אָבער אָפיציעל האָט ער רעזיגנירט, ווייל זיין רעליגיעז געוויסן האָט ניט געקענט פאַרטראָגן אַז קינדער אונטער זיין השגחה זאָלן שרייבן אין שבת״. און דאָס איז נאַטירלעך דער פאַרבליבענער דאָקומענט. (1)

געשולטע היסטאָריקער ווייסן, פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע סכנות זענען פאַראַן און אַז מען דאַרף זיך היטן פאַר זיי. אָבער ערשטנס זענען זיי מענטשן און קענען ניט אַלעמאָל קאָנטראָלירן זייער פאַרויסיקן איינשטעל, און, צווייטנס, ווען מיר זאָלן אַפילו אויסמיידן די מאָמענטן פון פּשוטער פאַלשקייט זענען פאַראַן אַנדערע וואָגיקע פאַקטאָרן וואָס מאַכן פונעם אידעאַל פון פול־שטענדיקער אָביעקטיווקייט און היסטאָרישער פאָרשונג פאַר זייער אַ נאַאי־ווער, אַפילו אומגעזונטער, איינרעדעניש. בכל אופן, דער ענין איז אַ סך ערנסטער ווי מען קען אין פלוג מיינען.

אַפילו אין עקזאַקטע וויסנשאַפטן איז אַן אומבאַרעכטיקטע גוזמא צו זאָגן אַז מען קען זיך אין גאַנצן פאַרלאָזן אויפן אָביעקטיוון מאַטעריאַל, אין יענעם פאַל וועט עס הייסן אויף די רעזולטאַטן פון עקספּערימענטן. אָט וואָס איינשטיין זאָגט וועגן דעם: „עס איז ניטאָ קיין אינדוקטיווע מעטאָדע וואָס קען פירן צו פונדאַמענטאַלע באַגריפן אין פיזיק. דער פאַקט אַז מ׳האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען איז דער עיקרדיקער פילאָסאָפישער פעלער פון אַ סך פאָרשער אין ניינצנטן יאָרהונדערט. דאָס איז מסתמא געווען די סיבה פאַרוואָס די מאָלעקולן טעאָריע און מאַקסוועלס טעאָריע זענען באַפעסטיקט געוואָרן ערשט גאַנץ שפּעטלעך. דאָס לאָגישע דענקען איז על פּי בויט דעדוקטיוו; עס שטיצט זיך אויף היפּאָטעטישע באַגריפן און אַקסיאָמען״. (2) אָבער וואָס מער מען דאַרף צוגעבן עפּעס וואָס דער מאַטעריאַל אַליין באַזיצט ניט, עפּנט זיך שוין אַ וועג פאַר כלערליי איינפלוסן וואָס שטאַמען ניט בלויז פון דעם וואָס די זאַך איז אַזאַ זאַך, נאָר אויך פון דעם וואָס דער מענטש איז אַזאַ מענטש.

פאַרשטייט זיך אַז מען קען קוים מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן די עקזאַקטע וויסנשאַפטן און יענע פעלדער וואָס האָבן צו טאָן מיטן גאַנג פון מענטשלעכן לעבן. די פּסיכאָאַנאַליטיקער האָבן גאַנץ פרי איינגעזען אַז כדי צו טרעפן אין פּינטל ביים אַנאַליזירן אַ פּאַציענט דאַרף דער אַנאַליסט אַליין אַנאַליזירט ווערן און אויסגעפינען זיינע אייגענע „שוואַכקייטן״, אייגנשאַפטן, קאָמפּלעקסן. אויב ער וועט ניט דערפון אויסגעהיילט ווערן, וועט ער, לכל הפּחות — אַזוי איז מען זיך משער — עס קענען אַראָפּרעכענען פון זיין טענדענץ צו באַפאַרבן

אויף אַ געוויסן אופן דעם פּאַציענטס אָפּרופן. וואָס מער מיר דערנענטערן זיך צו דער טבע פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, אַ פעלד וואָס אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָגן האָבן זייער אינטענסיוו געפאָרשט אין די לעצטע יאָרן, אַלץ מער מוז מען זיך דערוויטערן פונעם געדאַנק אַז ס׳איז מעגלעך אַ היסטאָריאָגראַפיע וואָס ווערט ניט באַפאַרבט פון די ספּעציעלע אינטערעסן, אייגנשאַפטן און כלערליי סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס פונעם היסטאָריקער. אַנדערש קען דאָס ניט זיין, אויב מיר האָבן אין זינען ניט כראָניק, ניט קיין זאַמלונג אַנעקדאָטן, נאָר אַן אָרגאַניזירטע גאַנצקייט.

דער געדאַנק אַז דאָס איז מעגלעך, אַז אָביעקטיווע געשיכט־שרייבונג איז ניט בלויז אַן אידעאַל נאָר קען טאַקע דורכגעפירט ווערן ווען מען באַנוצט נאָר די ריכטיקע מעטאָדן, איז אַ ירושה פונעם נייַנצנטן יאָרהונדערט, דעם יאָרהונדערט פון דער מאַשין־טעאָריע. אַ מאַשין, ווי מיר ווייסן, איז אַזאַ טיפּ אָרגאַניזירטע סיסטעם וואו אַלע טיילן זענען לכתחילה איינגעשטעלט אַרויסצוברענגען, אין לעצטן סך הכל, איין באַשטימטן פּראָדוקט, אויב געוויסע באַדינגונגען ווערן ווי געהעריק אָפּגעהיט. אַ גוטער מעכאַניקער קען לייכט פאַרשטיין דעם שכל פון אַ מאַשין, קען פאָרויסזאָגן וואָסערע פּראָדוקטן זי וועט אַרויסברענגען אונטער געוויסע תנאים, אויב ער וועט זיך באַקענען מיט די טיילן פון וועלכע זי באַשטייט און דעם אופן אויף וועלכן זיי אַרבעטן צוזאַמען. אויב מענטשלעך צוזאַמען־לעבן געהערט צו אָט דעם מאַשין־טיפּ דעמאָלט דאַרף דער היסטאָריקער אויסגעפינען די פאַקטן און געשעענישן אַזוי ווי זיי זענען פאָרגעקומען אין דער אמתן, ד״ה, ער דאַרף, ווי יעדער מעכאַניקער, זיך באַקענען מיט די טיילן פון דער מאַשין כדי ער זאָל קענען אָנווייזן פאַרוואָס אירע פּראָדוקטן זענען פון איין סאָרט אָדער פון אַן אַנדערן. אמת, געשעענישן און פאַקטן זענען ניט אַזוי פּשוט ווי שרייפלעך און רעדלעך און מען קען ניט אַזוי לייכט דערזען זייערע פאָרמען און דעם שטאָף פון וועלכן זיי זענען צונויפגעשטעלט. אָבער אויב דער מאַשין־טיפּ איז אין פּרינציפּ דער זעלביקער, דאַרף מען בלויז מער זוכן, נישטערן, דערגראָבן זיך צו פאַרוואָרפענע באַהעלטענישן כדי אויפצודעקן דעם אמת.

דער אידעאַלער מאָדעל פון אַ היסטאָריאָגראַפיע וואָס שטיצט זיך אויף ערשטע קוואַלן און דערשלאָגט זיך צו אומבאַקאַנטע מאַטעריאַלן פון אַן עפּאָכע כדי צו באַקומען אַ רעאַל בילד פון איר אויסזען, איז נאָך אַלץ די אַרבעט פונעם באַרימטן היסטאָריקער לעאָפּאָלד פאָן ראַנקע פון נייַנצנטן יאָרהונדערט. ער ווערט אויך באַצייכנט ווי דער פאָטער פון מאָדערנער היסטאָריאָגראַפיע. זיינע פאַרדינסטן זענען אומגעהייער גרויס, און מען מעג זאָגן אַז די צוויי־דריי דורות היסטאָריקער נאָך אים זענען דירעקט און אומ־דירעקט זיינע תלמידים. אָבער אין דער אָריגינעלקייט פון זיין צוגאַנג און

אין דער גרינטלעכקייט פון זיין פאָרשונג איז אויך פאַראַן אַן אילוזיע וואָס קען פאַרבלענדן.

די בערג אָפיציעלע און אומאָפיציעלע דאָקומענטן, און די מיטצייט־לעכישע דירעקטע און אומדירעקטע מאַטעריאַלן, גיבן דעם איינדרוק אַז זיי פאַרפיקסירן אַ מין פינקטלעכע פאָטאָגראַפיע פונעם לעבן פון דער באַשרייבענער צייט. עטלעכע טרעפלעכע קאָמענטאַרן פון אַ גרויסן אַמעריקאַנער היסטאָריקער וועלן אונדז העלפן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין דעם ענין. זאָל מען מיר מוחל זיין דעם צו לאַנגן ציטאַט, איך פיל אָבער אַז די לעקציע איז זייער אַ נייטיקע.

ווי דער פרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער היסטאָרישער געזעלשאַפט האָט טשאַרלז בירד רעפערירט ביי איר צונויפקום אין 1933 אויף דער טעמע: „געשריבענע געשיכטע ווי אַן אַקט פון גלויבן". (3) נאָך עטלעכע קריטישע באַמערקונגען וועגן די וואָס רעדן צו לייכט וועגן „וויסנשאַפטלעכער געשיכטע" און „וויסנשאַפטלעכער מעטאָדע" זאָגט ער:

יעדער וואָס שטודירט געשיכטע ווייס אַז זיינע קאָלעגן זענען אין זייער אויסקלייבן און אויסדרדן מאַטעריאַלן געווען אונטערן איינפלוס פון זייערע איינזייטיקייטן, פאָראורטיילן, גלויבנס, פאַרליבטקייטן, אַלגעמיינער דערציאונג און דערפאַרונגען, ספּעציעל די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע.

דער היינטצייטיקער געדאַנק וועגן געשיכטע זאָגט זיך אָפּ דעריבער פונעם באַגריף, וואָס האָט געהערשט ביי די סכאָלאַסטיקער אין דער צווייטער העלפט פון נייצנטן יאָרהונדערט און אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן, פונעם באַגריף אַז עס איז מעגלעך צו באַשרייבן די פאַרגאַנגענע צייט אַקוראַט ווי זי איז באמת פאָרגעקומען . . . דער אויפטוער פון דעם, ראַנקע, אַ דייטשישער קאָנסערוואַטאָר, שרייבנדיק נאָכן שטורעם און דראַנג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז געווען מיד פון אַ געשיכטע וואָס מען האָט געשריבן צוליב די צילן פון רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע, אָדער וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַזאַ גייסט . . . אַ געשיכטע וואָס ווערט געשריבן קאַלט, געבויט אויף פאַקטן, און זעט אויס צו זיין אומגעשטערט פון דיליידנשאַפטן פון דער צייט קאָן זיין צום בעסטן צוגעפּאַסט צו די וואָס האָבן ניט געוואָלט מען זאָל זיי אויפרודערן.

ווי קראָטשע און הענסי האָבן באַוויזן איז די אַזוי־גערופענע נייטראַלע אָדער וויסנשאַפטלעכע געשיכטע געקומען צו אַ קריזיס אין איר דענקען נאָך איידער דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט איז געגאַנגען צו ווייט . . .

דעריבער, ווען אַ היסטאָריקער שרייבט געשיכטע איז עס ביי אים, וויסנדיק אָדער ניט וויסנדיק, אַן אַקט פון גלויבן אין שייכות צו אָרדענונג און באַוועגונג . . . דאָס אויסקלייבן און אַראַנזשירן פאַקטן אין שייכות צו אַ גרויסן היסטאָרישן שטח, פון לאָקאַלער אָדער וועלט־געשיכטע, פון אַ ראַסע אָדער אַ קלאַס, ווערט נויטווענדיק קאָנטראָלירט פונעם איינגעשטעלטן צוגאַנג וואָס לעבט אינעם מוח פונעם אויסקלייבער און אַראַנזשירער. דער דאָזיקער איינגעשטעלטער צוגאַנג איז כולל זאַכן וואָס ער האַלט אַז זיי זענען נייטיק, זאַכן וואָס ער האַלט אַז זיי זענען מעגלעך, און זאַכן וואָס ער האַלט פאַר געוואונטשן.

קראָטשע, ווי מיר ווייסן האָט זיך שטאַרק קעגנגעשטעלט דעם געדאַנק

אַז עס איז מעגלעך פולשטענדיקע אָביעקטיוויטעט אין היסטאָריאָגראַפיע, אין זיין בוך וועגן דעם ענין, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט מיט יאָרן צוריק, שרייבט ער וועגן די היסטאָריקער וואָס האַלטן אַז מען דאַרף איבערגעבן פאַקטן אַזוי ווי זיי זענען פאָרגעקומען, ניט משפטן זיי, בלויז זיי פאַרצייכענען מיט געהעריקער דאָקומענטאַציע. לויט זיי, שרייבט ער, קומט אויס: „אויב דער ציל איז דער ריינער, ניט צוגעפוצטער אמת, דאַרף מען זיך אָפּהאַלטן פון יעדן פסק־דין. אָבער דאָס הייסט אַזוי ווי מיר וואָלטן געזאָגט, אַז כדי ריכטיק צו זען אַ בילד וואָס איז שלעכט באַלויכטן דאַרף מען אויסלעשן יעדעס ליכט און קוקן אויף דעם אין דער פינצטער". ([4]) אַביסל ווייטער פאָרמולירט קראָטשע מיט באַזונדער קלאָרקייט זיין שטעלונג צו די אויפגאַבעס פון היסטאָריאָגראַפיע:

צו פּראַקטיצירן געשיכטע הייסט פשוט צו משפטן אָדער צו פילאָסאָפירן וועגן געשעענישן. האָבנדיק פאַר זיך אַזאַ ציל איז ניט מעגלעך צו פאַרבלייבן אַריינגעטאָן אין די געשעענישן און דירעקט זיך באַטייליקן אין זייער פאָרמירונג און אינעם קאַמף פון פאַרטייען (אַפילו ווען דער קאַמף איז מיט וואָרט און שריפט), עס איז אויך ניט מעגלעך צו שטיין אין דרויסן און באַוועגן זיך ווי אין אַ חלל. עס איז נייטיק אַדורכצוגיין דורך זיי, צו פילן זייער שטויס־קראַפט און די יסורים וואָס זיי פאַרשאַפן, כדי צו שטיין איבער זיי, זיך אויפהייבן איבער פיין צו משפט און וויסן. ([5])

ווען בירד זאָגט אַז דאָס איז היינט דער אָנגענומענער קוק אויף היסטאָריאָגראַפיע שטיצט ער זיך אויף גאַנץ גרויסע נעמען, ער פאַרגעסט אויך ניט קאַרל מאַנהיימס שיטה, די סאָציאָלאָגיע פון וויסן, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ רושם מיט איר אָפּלייקענען די קלאַסישע נאַאיווע פאָרשטעלונג וועגן דער אָביעקטיווקייט פונעם פאַקט בעת אַ מענטשלעכע האַנט באַשרייבט אים. ער האָט אָבער זיכער ניט געקענט מיינען אַז די היפּוכדיקע שטעלונג האָט אין גאַנצן ניט קיין פאַרטיידיקער. ווען מען נעמט די אַמאָליקע נאַאיווע שטעלונג, מיט שטאַרק באַפאַרבטע רעזערוואַציעס, האָט זי נאָך אָנגעזעענע געלערנטע וואָס שטעלן זיך פאַר איר איין. איך וויל ספּעציעל באַרירן איינעם פון די חשובסטע צווישן זיי, ווייל ער שטרייכט אונטער איין אַספּעקט פון דער פּראָבלעם וואָס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט.

פּראָפ. מאָריס מאַנדלבוים, אין זיין וויכוח מיט טשאַרלז בירדן, ווייזט אָן אַז ביים שרייבן געשיכטע זאָגט בירד פונקט דעם היפּוך פון דעם וואָס ער זאָגט ביים פילאָסאָפירן וועגן היסטאָריאָגראַפיע. אין ערשטן פאַל רעדט ער וועגן אַ נייטיקער היסטאָרישער פאָרשונג וואָס קען זיין אָביעקטיוו, רעאַליסטיש, זאַכן קענען באַשריבן ווערן פּינקטלעך „אויף אַן אופן וואָס קומט צו נאָענט צו עקזאַקטער וויסנשאַפט". אָבער ווען ער פילאָסאָפירט וועגן דעם כאַראַקטער פון היסטאָריאָגראַפישן מאַטעריאַל לייקנט ער אַז דאָס איז מעגלעך. מאַנדלבוים דערציילט ווייטער, אַז ער האָט אַנאַליזירט אַ צאָל

געשיכטע־ביכער און געפונען די זעלביקע זאַך. היסטאָריקער שרייבן אַזוי ווי זיי וואָלטן ניט געהאַט דעם מינדסטן ספק אַז אי זייער מאַטעריאַל, אי דער סדר פון די געשעענישן און פאַקטן, אי דאָס געשטאַלט וואָס קומט אַרויס דערפון, איז אַ קאָפּיע פון דעם וואָס איז באמת פאָרגעקומען. (*)

מאַכט ניט אויס ווי די היסטאָריקער אַליין וועלן אויף דעם ענטפערן. דאָס איז סיי ווי אַ לאָגישע סתירה. אָבער פּסיכאָלאָגיש איז דאָס ניט בלויז פאַרשטענדלעך נאָר עס קען גאָר אַנדערש ניט זיין. עס ליגט אין דעם פאַר־שיידענעם כאַראַקטער, אין די פאַרשיידענע שייכות־סיסטעמען וואָס באַהערשן אַ מענטשנס גייסט אין די דאָזיקע צוויי פאַרשיידענע טעטיקייטן. דער היס־טאָריקער האָט פאַר זיך דאָקומענטן, באַריכטן, גבית עדות, דירעקטע און אומדירעקטע ראיות, בנוגע פאַקטן פון דער צייט און דעם פלאַץ וואָס ער באַהאַנדלט. אויב ער איז געניג אָפּגעהיט וועט ער אויסלאָזן אַלץ וואָס קען ניט באַשטעטיקט ווערן לויט די בעסטע מעטאָדן אין וועלכע ער איז געשולט. לעבט ער אין אַ וועלט פון לויטער פּאָזיטיווע, באַשטעטיקטע, ידיעות, אַזוי שניידט זיך אויס פאַר אים אַ קלאָר־געצייכנטע, זיכערע ראַם, וואָס נעמט דאָס אַלץ אַרום. דער איינדרוק פון זיין היסטאָריאָגראַפישער אַרבעט אַז אין איר איז ער אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט דער ווירקלעכקייט, אַזאַ איינדרוק איז אומפאַרמיידלעך, אין דער אמתן, אָן אַזאַ געפיל קען מען פשוט ניט שרייבן קיין געשיכטע.

אָבער אין מאָמענטן פון פילאָסאָפישן חשבון הנפש, ווען מען קוקט אויף דער דאָזיקער אַרבעט פון אויבן און מען דערזעט זי אין איר גאַנצקייט, ווי אַ טייל פון עפּעס וואָס איז אַזוי שווינדלענדיק גרויס, ווייט און קאָמפּלי־צירט, דעמאָלט שטעלט מען זיך אַליין צום משפט. דער היסטאָריקער וואָס פאַרמאָגט דעם חשק פאַר טיפערע מעדיטאַציעס, וואָס פאַרמאָגט דאָס וויסן, די אינטעלעקטועלע כוחות און די מאָראַלע אימפּולסן דורכצוגיין אַזאַ פּסיכישן פּראָצעס, קומט אַריין אין אַ נייער וועלט און דערזעט זיין אייגענע אַרבעט אין אַן אַנדער ליכט. ער דערזעט אַז אַזוי ווי עס איז אוממעגלעך אויסצושעפּן אַלע פאַקטן פון אַן עפּאָכע, מוז דער היסטאָריקער מאַכן אַ סעלעקציע. ווער, וואָס, דיקטירט די דאָזיקע סעלעקציע? דאָס קען שוין בטבע ניט געטאָן ווערן פון היסטאָריאָגראַפיע נאָר פון היסטאָריאָסאָפיע, פון אויסטייטשן, פון אַרויסטראָגן אַ משפט וועגן דעם וואָס ס'איז וויכטיק און וואָס אומוויכטיק, וואָס ס'האָט אַ נאָענטע שייכות צום געשטעלטן פּלאַן און וואָס ס'איז זייטיק, יוצא דופנדיק.

דאָס אויסגעלאָזענע קען זיין פון דריי סאָרטן: דאָס אומוויכטיקע, אָדער דאָס וואָס זעט אויס צו זיין אַ יוצא מן הכלל, דאָס אין וואָס מען קען ניט זיין זיכער, און דאָס וואָס וואַרפט זיך סתם ניט אין די אויגן. אָבער אין אַלע דריי פאַלן האָבן מיר צו טאָן מיט עפּעס וואָס פעלט, און מען קען אַפילו ניט

וויסן אויף ווי ווייט און אויף וואָסערע אופנים דאָס צעדרייט און צעשטערט דאָס בילד פון דער גאַנצקייט. עס עפנט זיך אַ וועג פון ספקות, קשיות; מען דערזעט ווי קליין עס איז דער שטח פון דעם וואָס איז דאָ לגבי דעם חלל פון דעם וואָס פעלט. אין זיין שרייבן געשיכטע לעבט דער היסטאָריקער אין אַ וועלט פון געגעבענע פאַקטן, פון לאָקאַלע פלוסן און אויסרוף־צייכנס; אין זיין היסטאָריאָסאָפישער ראָלע לעבט ער אין אַ וועלט פון העכערע אַלגע־מיינע באַגריפן, פון אוניווערסאַלע מינוסן און פרעג־צייכנס. בלויז אַזוי קענען מיר פאַרשטיין בירדס דעפיניציע אַז געשיכטע איז דער „געדאַנק וועגן דער כאַר־גאַנגענער ווירקלעכקייט". בלויז דער געדאַנק, אָבער ניט קיין שפיגל פון דער ווירקלעכקייט גופא.

דער דערמאָנטער מאָריס מאַנדלבוים, וואָס שטעלט זיך איין פאַרן געדאַנק פון אָביעקטיווקייט אין געשיכט־שרייבונג, זאָגט אָבער אויך: „טייל השערות וואָס יעדער היסטאָריאָגראַף נעמט אָן, קומען צו אים, ווי כ'האָב אָנגעוויזן, פון קוואַלן וואָס היסטאָריאָגראַפיע נעמט ניט אַרום". (ז) וואָסערע קוואַלן זענען דאָס? פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט שוין צו טאָן אין גאַנצן מיט דער פּערזענ־לעכקייט פונעם היסטאָריקער, זיין דערציאונג, סביבה, דערפאַרונג אאַז"וו. אָבער דאָס אַליץ איז דאָך אין זיך אַליין שוין גענוג אַז די אָביעקטיוויטעט פון אַ היסטאָריקער, אַפילו ווען ער האָט די בעסטע און ערלעכסטע כוונות, זאָל זיין זייער אַ רעלאַטיווע.

אַחוץ די דאָזיקע טעאָרעטישע מניעות זענען פאַראַן אַ סך פשוטע שטרויכלונגען וואָס שטעלן אַוועק דעם היסטאָריקער פאַר זייער שווערע נסיונות. ער איז אַ מענטש מיט גרויסע יצר הרעס ווי מיר אַלע, און ניט אַלע קען מען אַזוי לייכט בייקומען. קודם כל וואָלט ער געוואָלט אַרויסקומען מיט עפּעס נייס, מאַכן אַן איינדרוק מיט זיין אַנדערשקייט. אויב עס געלינגט אים אויסצוגראָבן עפּעס אַ דאָקומענט וואָס, ווי אים דוכט זיך, שטיצט זיין נייעם טעזיס איז ער ממש גליקלעך. דאָס פאַרבינדט זיך מיטן איבערגעטריי־בענעם צוטרוי וואָס ער האָט צום דאָקומענט און די מסקנות וואָס ער דרינגט פון אים אַרויס.

ווען עס וואָלט, למשל, געווען מעגלעך אַז יידן זאָלן היינט אַרענדירן צערקוועס ביי גויאישע פּריצים, ווי עס איז געווען, לויט געוויסע מיינונגען, אין זעכצנטן יאָרהונדערט אין אוקראַינע, וואָלט מען נאַטירלעך געוואָלט וויסן צי אַזוינס איז טאַקע געשען. מען וואָלט דאָס פאַרענטפערט דורך אומגעפער אַזעלכע אינפאָרמאַציעס: וויפל יידן האָבן אַרענדירט גיטער ביי פּריצים? וויפל פון זיי האָבן איינגעשלאָסן אויך קירכעס? וויפל האָבן דאָס געטאָן באונס און וויפל ברצון? אאַז"וו. דאָס וואָלט געווען דער וועג פון אַ געשיכט־לעכן סאָציאָלאָג. און אויב ער וואָלט דערזען אין זיין טאַבעלע עפּעס אַ בישטיקן ציפער פאַר דעם וואָס ער זוכט, וואָלט ער באַשלאָסן אַז אַזאַ טענדענץ

איז ביי יידן ניטאָ. אויב מען וואָלט אים געבעטן דאָס צו מאַכן מער פּאָפּולער, וואָלט ער מוסיף געווען אַז אַקטן וואָס זענען גאָר פּיזיש מעגלעך וועלן תמיד פּאָרקומען אין לעבן פון אַ געזעלשאַפט וואָס שליסט איין טויזנטער אָדער מיליאָנען. עס קען ניט זיין קיין סאָציאַלע דערשיינונג אויף הונדערט פּראָצענט יאָ, אָדער אויף הונדערט פּראָצענט ניט. די פראַגע מוז לכתחילה פאַרשטאַנען ווערן פון שטאַנדפּונקט פון רעלאַטיווער אָפּטקייט. ווען אַ היסטאָריקער שרייבט וועגן לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן קען ער, פאַרשטייט זיך, ניט אָנווענדן אַזאַ מעטאָדע, וואַקסט ביי אים אויס אַ דאָקומענטן־אמונה וואָס גרענעצט זיך אָפּט מיט אַבערגלויבן.

זיין אויסקלייב פון מאַטעריאַל ווערט אויך באַווירקט פון דער הערשנדי־קער מאָדע, וואָס איז זייער שטאַרק פאַרשפּרייט אין אינטעלעקטועלן לעבן. ווער וואָלט זיך געקענט ריכטן אַז מען זאָל קענען אַריינברענגען עקאָנאָמישע אויסטייטשונגען אין דער באַרימטער מחלוקה צווישן ר׳ יעקב עמדין און ר׳ יונתן אייבעשיץ אין אַכצנטן יאָרהונדערט? אָבער — מען האָט געפונען אַ „דאָקומענט״. אין 1937 האָט דער דראָפּסי קאַלעדזש אַרויסגעגעבן אַ בוך, יעקב עמדין, פון מאָרטימער י. קאָהען. (⁸) איז דאָרט פאַראַן אַ קאַפּיטל וואָס שטעלט זיך אָפּ אויף די קריגערייען צווישן אָרעם און רייך אין יענער קהלה. פון דאָרט דאַרף אויסקומען אַז די רייכע, די פּרנסים, האָבן געהאַלטן מיט ר׳ יעקב עמדין; פאַר די אָרעמע איז דער גערעכטער צד געווען דער רבי ר׳ יונתן. דער מחבר האָט מסתמא ניט געקענט געפינען גענוג מאַטעריאַל דאָס צו באַווייזן. שילדערט ער קודם כל די צעטיילונג צווישן רייך און אָרעם אין דער דרייענדיקער קהילה פון האַמבורג, אַלטאָנאַ און וואַנדסבעק, און ציטירט אַ שטעל פון עמדינס מגלת ספר וואָס זאָגט אַז די מחלוקה נעמט זיך דערפון וואָס אייבעשיץ וויל אונטערגראָבן די מאַכט פון די פּרנסים. פאַר־קערט, ווערט ציטירט אַ שטעל פון יערות דבש, וואָס גיט איבער אַ דרשה פון רבין ר׳ יונתן. אין יענער דרשה שטראָפט ער די מגידים וואָס רעדן אַ סך פון מצוות שבין אדם למקום, אָבער זיי האַלטן זיך אָפּ פון טענות קעגן גזלה, שווינדל, אאַז״וו. אַז אָרעם און רייך זאָלן זיך פאַרבינדן מיט פאַרשיידענע צדדים, אַפילו אין ענינים וואָס האָבן לחלוטין ניט קיין עקאָנאָמישן תוך, דאָס לאָזט זיך פּסיכאָלאָגיש זייער לייכט פאַרשטיין. אָבער אין די דרייסיקער יאָרן איז די עקאָנאָמישע אויסטייטשונג פון געשיכטע געוואָרן אַ פאַרשפּרייטע מאָדע אין אַמעריקע, ממילא איז גלאַט נייטיק אַריינצוברענגען דעם עקאָנאָ־מישן מאָמענט אין אַ בוך, אַזוי ווי דאָס וואָלט עפּעס אויפגעקלערט דעם תוך פון דער מחלוקת.

דאָס איז נאָך אָבער ווייניק. דער יידישער געלערנטער סאָלאָמאָן צייטלין שרייבט די הקדמה. אָט וואָס ער זאָגט:

ד״ר קאָהען איז צום גליק אין זיין טעזיס ניט געגאַנגען אויפן אָנגענומענעם

וועג אויסצוטייטשן די מחלוקה, נאָר ער האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם געדאַנק אַז די מחלוקה וועגן קמיעות איז געווען אַ מין מאַסקע. אין דער אמתן איז דאָס, לויט זיין מיינונג, געווען אַ קאַמף צווישן צוויי קלאַסן פאַר דער הערשאַפט איבער דער קהילה, די אָרעמע קלאַסן האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן די פירערשאַפט פון דער קהילה, בעת די רייכע האָבן געקעמפט אויפצוהאַלטן זייער פירערשאַפט. יונתן אייבעשיץ איז געווען דער פאַרשטייער פון די אָרעמע קלאַסן, בעת די רייכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום יעקב עמדין.

מען ווערט ממש איבערראַשט ווי אַזוי מען קען פונעם געגעבענעם מאַטעריאַל אַרויסדרינגען אַז די גאַנצע מחלוקה איז געווען בלויז צו פאַרדעקן אַן עקאָנאָמישן, אָדער סאָציאַלן קערן. אָבער אין די דרייסיקער יאָרן איז דאָס געווען אָנגענומען ווי דער מאָדערנער אופן פון טראַכטן. די ציטירטע שטעלן פון די צוויי ספרים זענען זייער שוואַכע און אומפאַרלאָזלעכע עדות וועגן דעם עיקר הענין. אין געשיכט־שרייבונג דאַרף מען זיך לכל הדעות אַ סך מער אונטערגאַרטלען ווען מען האָט די אַמביציע צו גיין אויף בייע וועגן. אָבער אַפילו ציטאַטן, נאָך ניט באַנוצטע, מאַכן דעם איינדרוק פון געפונענע דאָקומענטן, און אַ דאָקומענט טראָגט עפּעס אויף זיך דעם חותם פון „אַט זעסטו דאָך".

איצט קען מען שוין פאַרשטיין פאַרוואָס דער מחבר גיט דעם איינדרוק אַז די באַשולדיקונג קעגן רבין ר' יונתן (אַז ער איז אַן אָנהענגער פון שבתי צבי) איז געווען אַ בילבול. אמת, קאָמפּעטענטע פאָרשונג איז גענייגט צו באַשטעטיקן די דאָזיקע באַשולדיקונג, אָבער דאָס האַרץ לאָזט ניט. וואָרעם אויב ר' יונתן איז געווען דער פאַרטרעטער פונעם אָרעמאַן אין זיין קאַמף קעגן דעם רייכן תקיף, היינט ווי האָט ער געקענט זיין אומגערעכט אין דער מחלוקה מיט ר' יעקב עמדין וואָס האָט פאַרטראָטן די מאַכט פון די פּרנסים?

עס איז ניט נייטיק צופיל אונטערצושטרייכן אויף וויפל דער אויסקלייב פון היסטאָריאָגראַפישן מאַטעריאַל הענגט אָפּ ניט בלויז פונעם אָביעקטיוון בילד פון דער באַשריבענער עפּאָכע נאָר אויך פונעם צוגאַנג, פון דער שטעלונג און פון די צאָלרייכע פּערזענלעכקייט־פאַקטאָרן פונעם היסטאָריקער. דאָס איז צו גוט באַקאַנט. דאָך ווערט ניצלעך זיין אויפצונעמען אַזעלכע פאַקטן פנים אל פנים.

ש. דובנאָוו און ד"ר רפאל מאַלער, יעדער פון זיי האָט באַשריבן די היסטאָרישע מחלוקה צווישן די חסידים און זייערע קעגנער. דובנאָוו איז קודם כל פאַראינטערעסירט אין די אַלגעמיינע פאַקטן פונעם קאַמף. מאַלערן גייט אין באַוויזן דעם פאַקטאָר פון קלאַסן־קאַמף אין דער מחלוקה. די וואָס האָבן געפירט דעם קאַמף קעגן די חסידים זענען, אין דער ערשטער שורה, געווען די גרויסע מאַסן אונטער מתנגדישער פירערשאַפט. אין דעם איז אויך געווען פאַרוויקלט דער קליינער שיכט משכילים, די פאַרוועלטלעכטע גייסטיקע אַריסטאָקראַטיע וואָס איז בדרך כלל געווען פאַרבונדן מיט אַן עקאָנאָמיש

העכערן קלאַס. ווען מען באַטראַכט די דאָזיקע מלחמה אין איר גאַנצקייט האָט ניט קיין שום זינען צו פאַרמישן דאָס מיט קלאַסן־קאַמף. אָבער אַז מען לאָזט איבער די חסידים אין זייער אַלגעמיינעם מאַסן־כאַראַקטער און פון זייערע קעגנער שיילט מען אַרויס אַזאַ קליינעם שיכט ווי די פאַרשטייער פון די גאַליצישע משכילים, דעמאָלט לאָזט זיך גיכער אַריינטייטשן קלאַסן־קאַמף. דאָס טוט טאַקע ד״ר רפאל מאַלער.

פון די כתבי ר׳ נחמן קרוכמאַל, וואָס ש. ראַווידאָוויטש האָט רעדאַקטירט, ציטירט דובנאָוו אַ זאַץ, אין קראָכמאַלס אַ בריוו פון 1816, אַז די חסידישע סעקטע „האָט איצט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, איז זי געוואָרן גרויס ביי זיך גאָר אַ שרעק, און דער אויבערשטער זאָל אונדז ראַטעווען פונעם גערודפטן וואָס איז געוואָרן אַ רודף״. [9] פונעם זעלביקן בוך גיט איבער מאַלער, אויך פון קראָכמאַלס אַ בריוו צו אַ פריינד, אַז „דער חסידיזם האָט זיך פאַרשפּרייט בלויז אין אַזעלכע קליינע שטעטלעך ווי מאָסט און צווישן די דאָרפס־יידן אין די קאַרפּאַטן״. נאָך מער, שרייבט מאַלער, איז כאַראַקטעריסטיש קראָכ־מאַלס אויפמונטערונג צו זיין פריינד ער זאָל זיך ווייטער פאַרנעמען מיט בילדונג: „די השכלה וועט אים אַריינפירן אין דער וועלט פון יידישע נגידים און פירשטן; ווייט פון די ביטערע אָרעמעלייט״. [10]

לויט דובנאָוון איז קראָכמאַל געווען צווישן די נרדפים, לויט מאַלערן צווישן די רודפים. ביידע דערמאָנען אַז חסידים האָבן פאַרבערנט די ביכער פון קראָכמאַלס אַ פריינד. ביי דובנאָוון דערוועקט דאָס מיטגעפיל צו קראָכ־מאַלן, אָבער מאַלער איז אויפגעקאָכט פון אַזעלכע רייד ווי „יידישע נגידים און הערשנדיקע פירשטן, ווייט פון די ביטערע אָרעמעלייט״ און ער רופט אויס: „דער דאָזיקער בריוו רעדט נישט נאָר וועגן דער סאָציאַלער סטרוקטור פון די חסידים, נאָר אויך וועגן דער שייכות צווישן השכלה, פלוטאָקראַטיע און הערשנדיקן אַבסאָלוטיזם״. דער דאָזיקער אַרגומענט פאַרלירט זיין כוח ווען מען דערמאָנט זיך אַז אין יענער צייט איז אָרעמאַן, קבצן, געווען אַ סינאָנים פון פּראָסטקייט, פון המון־עם, פון די וואָס האָבן ניט קיין אינטע־לעקטועלע וואָג און קיין געזעלשאַפטלעכן ווערט מיט וועלכן מען דאַרף זיך רעכענען. דאָס ווערט אין גאַנצן באַשטעטיקט פון קראָכמאַלס פריערדיקע ווערטער וואָס ד״ר מאַלער אַליין ציטירט, אַז חסידות פאַרשפּרייט זיך בלויז אין קליינע שטעטלעך און ביי דאָרפס־יידן. דאָס איז אַ קוק פון אַ גייסטיקן אַריסטאָקראַט און זעט אויס ניט צו פאַרוויקלען קיין שום עקאָנאָמישן מאָמענט. היינטיקע צייטן, ווען די קלאַסן־צעטיילונג איז אַ סך שאַרפער, וועט, אַפילו אין דירעקטן קלאַסן־קאַמף, קיין קאַפּיטאַליסט ניט איינפאַלן אונטערצושטרייכן די אומוויכטיקייט פון די וואָס קעמפן קעגן אים דורך רופן זיי אָרעמעלייט.

צווישן די יידישע היסטאָריקער פון אונדזער דור זענען אויך פאַראַן אַזעלכע וואָס דאַרפן אויסשטיין גאַנץ באַזונדערע, און זייער שווערע נסיונות

ביים שרייבן יידישע געשיכטע. איך מיין די וואָס האָבן אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו רעליגיע בכלל, אָדער אַן אַקטיוו־פייַנטלעכע באַציאונג צום יידישן רעלי־גיעזן לעבן, מחמת זייער צו נאָענטער קרובהשאַפט צו אָט דעם לעבן. ווען אַזאַ מענטש רירט זיך צו צו פרומע יידן — און אַמאָליקע צייטן זענען דאָך די אַנדערע געווען זייער קליין אין צאָל — ווי קען מען זיך ריכטן ער זאָל זיי פאַרשטיין? ער זאָל זיי קענען זען ווי געהעריק? ער זאָל ניט פאַרקוקן דאָס וואָס מען האָט געדאַרפט אַרויסהייבן, און פאַרקערט, אונטערשטרייכן דאָס וואָס איז ווייניקער כאַראַקטעריסטיש? איך שטעל מיר פאָר אַז לעסינג ראָזנוואַלד וואָלט געקענט אָנשרייבן, אויב ער וואָלט עס נאָר געוואָלט, אַ געשיכטע פון ציוניזם וואו זיין פערזענלעכע שטעלונג זאָל ניט אַרויסשפּרינגען פון יעדן זייטל, אפשר אין גאַנצן ניט. דאָך וואָלט געווען אַ מורא דאָס אים צו געטרויען. ער וואָלט זיכער געקענט געבן אַ רעלאַטיוו־אָביעקטיווע כראָניק, פאַרצייכענען דאַטעס, ווען געשעענישן זענען פאָרגעקומען, ערלעך איבער־געבן פאַקטן, אָבער ניט קיין געשיכטע. אַפילו מיט די בעסטע כוונות וואָלט ער מסתמא, גאָר ניט טראַכטנדיק, עפּעס פאַרזען, אָדער עפּעס וואָלט ער פאָרמולירט אַזוי אַז עס וואָלט זיך באַקומען גאָר אַן אַנדער זאַך.

לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל. שאול גינזבורג איז געווען אַ היסטאָריקער פונעם סאָרט וואָס קראָטשע רופט כראָניקער. ער דערציילט, און באַמיט זיך צו בויען זיין דערציילן, אויף דעם זיכערסטן מאַטעריאַל, וואָס ער קען קריגן. זייַנע פאַרדינסטן אויפן דאָזיקן פעלד זענען אַלגעמיין אָנערקענט. אָבער אָט שרייבט ער וועגן דעם באַרימטן חסידישן רבין ר׳ ישראלטשע רוזשינער. ער דערציילט זאַכן, אַלץ מיט עולעכער פּינקטלעכקייט, אָבער דערווייל מאַכט ער אַ פאַרבייגייענדיקע באַמערקונג:

אַ גרויסער פּסיכאָלאָג, קענער פון דער מענטשלעכער נאַטור, האָט ר׳ ישראל גוט געוואוסט אַז קיין זאַך מאַכט ניט אַזאַ איינדרוק אויף דעם אומוויסנדן עולם ווי לוקסוס, גלאַנץ. ער האָט אין רוזשין אויסגעבויט אַן עכטן פּאַלאַץ, און זיין גאַנצער לעבנס־שטייגער איז געווען אַ מאַגנאַטישער. ([11])

עס קען זיין אַז דאָס אַלץ איז ריכטיק בנוגע דעם רוזשינער; אַז זיין מאַגנאַטיש לעבן נעמט זיך פון זיין געפיל אַז דאָס וועט מאַכן אַ גרויסן איינדרוק אויפן פּראָסטן עולם. אָבער אין די מאַטעריאַלן האָט דאָס גינזבורג זיכער ניט געפונען; דער רוזשינער אַליין האָט אָנגעגעבן גאָר אַנדערע, אַ סך אַיידע־לערע סיבות, פאַר זיין מלכותדיקער לעבנס־פאָרם. גינזבורג האָט געקענט נעמען זיין אויסטייטש בלויז פון זיין אייגענעם משכילישן קוק.

ווען מיר האָבן צו טאָן מיט יידישע היסטאָריקער דערוועקט ביי מיר דער לעצטער היציקער וויכוח וועגן אהבת ישראל אַ שטיקל חשד. אַז אהבת ישראל קען פירן צו גוזמאות און איינזייטיקייט פון וועלכער געשיכט־שרייבונג דאַרף זיך היטן, אין דעם קען קיין ספק ניט זיין, אָבער איך בין חושד אַז די טענות קעגן דעם דריקן ניט אויס אַזוי ווייט די אומצופרידנקייט מיט איינ־

זייטיקייט בכלל ווי מיט דער דאָזיקער ספּעציפֿישער איינזייטיקייט. אַנדערש וואָלט געווען שווער צו פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס אַנדערע „אהבהס" האָבן ביי אונדז אַזאַ גערודער ניט אַרויסגערופֿן.

נעמט, למשל, אהבת פּראָלעטאַריאַט וואָס איז אַ קינד פֿון אהבת קלאַסן־קאַמף. דאָס האָט געקענט דערפֿירן אַזאַ היסטאָריקער ווי ד"ר רפאל מאַלער צום געדאַנק אַז דאָס לעבן אין געטאָ אונטער די נאַציס קען מען ערשט ריכטיק דערזען אין ליכט פֿון קלאַסן־קאַמף וואָס האָט אפֿילו דעמאָלט ניט אויפֿגעהערט. ([11]) פֿאַרשטייט זיך אַז דאָס ווערט געשטיצט אויף אַרכיוו־מאַטעריאַלן, דאָס זענען דעם קדוש רינגלבלומס נאָטיצן וועגן וואַרשעווער געטאָ. ווי ווייט איך ווייס האָבן זיך בלויז צוויי יידישע שרייבער אָפּגערופֿן אויף דעם, א. מענעס אין ניו יאָרקער פֿאָרווערטס און יוסף וואָלף — אַן עד ראיה פֿון יענע גרויליקע טעג — אין פּאַריזער קיום. ([13]) ווייטער האָבן קיין שום אומצופֿרידנקייט ניט אַרויסגערופֿן אַזעלכע אומגלויבלעכע רייד פֿון אַ יידישן היסטאָריקער וואָס זיין באַזונדער מין „אהבה" האָט אים דערפֿירט צו אַ פֿאַנאַטיזם וואָס דערוועקט ממש רחמנות, אָט פּונקט ווי אַ מענטש וואָס האָט פֿאַרלוירן די כוחות זיך צו באַלאַנסירן.

עס איז פּשוט צו שטוינען ווען מען דערמאָנט זיך צו וואָסער דעמאָראַליזאַציע די דאָזיקע „אהבה" האָט געפֿירט, אויך ווי ווייט זי האָט אונטערגעגראָבן די עלעמענטאַרע אחריות אין געשיכט־שרייבונג און אין היסטאָרישן דענקען. דער יידישער היסטאָריקער ט. הייליקמאַן שטעלט זיך אָפּ אויף דער טעאָלאָגישער סיסטעם פֿון דער קבלה, איר פֿאַנטעזיזם, איר סיסטעמאַטיזירן, צעטיילן און אַוועקשטעלן דעם סדר פֿון די צען ספֿירות, אאז"וו. ווי קען מען דערקלערן דעם גענדאַנקען־גאַנג פֿון דער קבלה און איר היסטאָרישע ראָלע? וועגן דעם גיט הייליקמאַן איבער לאַפּאַרגס אויסטייטשונג מיט דער פֿולסטער הסכמה. לויט דער דאָזיקער דערקלערונג:

האָט די קבלה, און די וועלכע האָבן זי אויפֿגענומען, פֿילאָסאָפֿיש אויסגעדריקט די הערשערישע באַדערפֿעניש פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער בורזשואַזיע פֿון איר צייט. זי האָט געשטרעבט צו פֿאַרניכטן די זעלבסטשטענדיקייט פֿון די פּראָווינצן, צום אָפּשאַפֿן די קאָרפּאָראַטיווע פּריווילעגיעס, צום איינשטעלן אַלגעמיינע איינסן פֿון מאָס און וואָג. די יידן אַלס האַנדלס־פֿאָלק, דער עיקר, האָבן אויף דער שפּראַך פֿון מיסטיק אָפּגעשפּיגלט די דאָזיקע באַדערפֿעניש. ([14])

דער זעלביקער היסטאָריקער איז אויך פֿאַראינטערעסירט מסביר צו זיין פֿאַרוואָס חסידות האָט אַזוי שטאַרק געהאַלטן פֿון דינען גאָט מתוך שמחה און זיך געוואָלט דערווייטערן פֿון אַסקעטישע מנהגים. אָט ווי אַזוי ער דערקלערט דאָס:

פֿאַר אונדז איז וויכטיק פֿעסטצושטעלן די געזעלשאַפֿטלעכע באַדייטונג פֿון דער נעגאַטיווער באַציאונג פֿונעם חסידיזם צום אַסקעטיזם. אַסקעטיזם איז שטענדיק געווען איינס פֿון די שטאַרקסטע געצייג פֿון די הערשנדיקע קלאַסן אויף צו אונטערדריקן די נידעריקע. ([15])

לאָמיר די דאָזיקע מוסטערן פאַרענדיקן מיט אַ פּאַראַגראַף פון אַן אַנדער יידישן היסטאָריקער פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד:

די תלמודיסטן האָבן זיך געווײַנטלעך באַשעפטיקט מיט זייער לערנען אינדי־ווידועל, זיי קומען זיך צונויף מערסטנטייל צוליב אַ דיספּוט. אַזאַ פאָרם פון גייסטיקער טעטיקייט איז אַן אָפּשפּיגלונג פון אינדיווידואַליזם און פון עקאָנאָמישער קאָנקורענץ וואָס האָט געהערשט אין לעבן פון יענעם קלאַס פון וועלכן די לומדים זענען דאָס רוב אַרויסגעקומען. קאַלטבלוטיקייט, טרוקענער עגאָאיזם, וואָס האָבן געהערשט אין די סאָציאַלע פאַרהעלטנישן, זענען איבערגעגעבן געוואָרן אויך אין גייסטיקן געביט. ([16])

איך געדענק ניט אַז די דאָזיקע „אהבה״, וואָס האָט זיך אַזוי אָפּט באַנאַ־רישט, און נאָך ערגער, זאָל האָבן אַרויסגערופן אַזעלכע פּראָטעסטן ווי אהבת ישראל. לויט מײַן השערה נעמט זיך דאָס דערפון וואָס די שטרעבונג צו אָביעקטיוויטעט — זיכער די גרעסטע מעלה אין היסטאָריאָגראַפיע — קען אויך, ווי יעדער הייסער באַגער, פירן צו ניט־קלענערע חסרונות.

אין יידישער היסטאָריאָגראַפיע באַגעגנט מען ניט זעלטן — היינט אַ סך ווייניקער ווי אַמאָל — דאָס וואָס מען רופט אַפּאָלאָגעטיק. עס איז ניט צו לייקענען אַז עס זענען פאַראַן אַפּאָלאָגעטישע השתפכותן וואָס זענען ממש אָפּשטויסנדיק פון צופיל זיסקייט. אַזאַ זאַך קען אויך זײַן שעדלעך און מען דאַרף זיך פון איר דערווײַטערן. דאָך איז מיר אַ חידוש די באַציאונג צו אַפּאָלאָגעטיק בכלל מצד געשולטע יידישע היסטאָריקער. עס וואָלט געווען נאַטירלעך זיי זאָלן זאָגן אַז אומקאָנטראָלירטע גוזמאות, לשם זאָגן גוטס, איז ניט קיין געשיכטע, כאָטש מען קען גאַנץ גוט פאַרשטיין אַז אין דער לאַגע אין וועלכער עס לעבט דאָס יידישע פאָלק האָט אַזאַ ליטעראַטור אַ באַשטימטע פונקציע. נאָך לייכטער איז צו פאַרשטיין די מאָראַלע אימפּולסן פון יענע וואָס באַפרידיקן זיך מיט אַזאַ מין שרייבן. אַזאַ טאָן וואָלט געווען אַ סך מענטשלעכער, אַפּאָלאָגעטיק וואָלט בשום אופן ניט געוואָרן קיין זידלוואָרט און מען וואָלט אײַנגעזען איר פּלאַץ אין יידישן לעבן.

אָבער, דער עיקר, מוז טאַקע אַפּאָלאָגעטישע ליטעראַטור באַשטיין פון סענטימענטאַלע גוזמאות? איז ניטאָ קיין אַפּאָלאָגעטיק וואָס באַמיט זיך צו זײַן דורכויס רעאַל־אמתדיק און האָט דעריבער פּאָזיטיווע היסטאָריאָגראַפישע פאַרדינסטן? לאָמיר נעמען די פאַרשונגען וואָס האָבן באַוויזן די פאַלשקייט פון די פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון. דער אויסגאַנג־פּונקט איז זיכער געווען אַן אַפּאָלאָגעטישער, צו פאַרטיידיקן יידן קעגן אַ בילבול. אָבער די רעזולטאַטן, מיין איך, זענען אָביעקטיוו־אמתע און די פאַרשונגען גופא האָבן אויך פאַר־דינסטן פון שטאַנדפּונקט פון אַ היסטאָריקער.

אַ חוץ דעם איז ניט אַלעמאָל לײַכט צו ציען אַ ליניע צווישן אַפּאָלאָגעטיק און ערנסטער פאָרשונג. לויט ליבמאַן הערשס אַרבעט וועגן פאַרברע־כערישקייט ביי יידן און ניט־יידן אין פּוילן קומט אויס אַז יידן זענען אַביסל

„בעסער". אַז איר ווילט קענט איר דאָס אָנרופן אַפּאָלאָגעטיק, ניט געקוקט אויף די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן וואָס ער באַנוצט. נאָך מער וואָלט מען דאָס געקענט זאָגן ווען מען ווייס אַז לויט זיין גאַנצער שטעלונג צו יידן און יידישקייט דאַרף הערש זיין זייער צופרידן פון זיינע רעזולטאַטן.

פונדעסטוועגן דאַרף מען ניט פאַרדענקען היסטאָריקער בכלל, און יידישע בפרט, פאַרוואָס אַפּאָלאָגעטיק איז ביי זיי אַזוי שטאַרק דיסקרעדיטירט, ווייל אַ מלמד־זכותניק קען גיך פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סענטימענטאַלן פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס דאָס איז אונטערן כבוד פון אַ מענטשן מיט פאַרשערישע צילן. ביי יידן, מיט אַ לאַנגער געשיכטע וואָס באַשטייט פון האַלטן זיך אין אין ראַטעווען, איז נאַטירלעך עס זאָל אויסוואַקסן אַ געדיכטע אַפּאָלאָגעטישע ליטעראַטור. אַ יידישער היסטאָריקער קען דעריבער פילן שטאַרקער, כדי אָנצוהאַלטן זיין נאָמען אין דער פּראָפעסיע, אַז ער דאַרף זיך אויסהיטן פונעם מינדסטן שאָטן פון אַ חשד אַז ער איז חלילה ניט גענוג־אָביעקטיוו, אַז ער וויל, חס ושלום, סתם געפינען אַ זכות אויף יידן.

ביי טייל איז די מורא פאַר אַזאַ חשד אַזוי גרויס אַז זיי לאָזן זיך אויפן ערשטן, בעסטן, זיכערן אויסוועג. ווען ער וועט זיך נאָר אָפּהאַלטן פון אונטערשטרייכן ביי יידן וואָס מען האַלט פאַר אַ מעלה; ווען ער וועט דאָס, פאַרקערט, אָפּפרעגן ווען אַנדערע טוען עס, דעמאָלט קען מען אויף אים זאָגן וואָס מען וויל, אָבער אין דער דיסקרעדיטירטער, פאַרשאָלטענער אַפּאָלאָגעטיק קען מען אים זיכער ניט באַשולדיקן. דאָס רופט אַרויס ביי אַזאַ יידישן היסטאָריקער אַ מין נעגאַטיוון נייטראַליזם צו יידן, ד״ה, לאָמיר אָביעקטיוו פאַרשן אַלץ וועגן יידן און זען ווי ווייט ניט אמת עס זענען די מעלות וואָס מען שרייבט זיי צו.

די דאָזיקע געדאַנקען זענען מיר געקומען אויפן זינען ווען איך האָב געליינענט ד״ר שאַצקיס אַרטיקל וואו ער מאַכט אַ מין סך הכל פונעם דערמאָנטן וויכוח וועגן אהבת ישראל: „דער טויט פון יידישן אינטעלעקטואַליזם". מיך האָט דער עיקר פאַרטשעפּעט איין פּאַראַגראַף אין יענעם אַרטיקל:

> שרייבט אַ ראַבינער פון מינעאַפּאָליס אין אַ בוך וועגן יידן אין דער דאָזיקער שטאָט אַז די אימיגראַנטן זענען געווען כולו לומדים, ווייל עס איז שווער צו געפינען אין דער אַלטער היים אַ יידישע שטוב אָן אַ ספר. און אָט די דאָזיקע „קולטור" נעבעך, האָבן זיי דאָ אין אַמעריקע פאַרלאָרן. ווייזט אים אָן אַ קאָמפּעטענטער היסטאָריקער (אָסקאַר העגדלין אין קאָמענטאַרי, פעברואַר 1950) אַז אין די יאָרן 1899—1909 האָבן 25 פּראָצענט פון יידן־אימיגראַנטן, עלטער פון 14 יאָר, ניט געקענט ניט לייענען, ניט שרייבן, אַפילו מיט „דראַבנע אותיותלעך".

מילא, דער ראַביי זאָגט ניט אַז אַלע יידן זענען געווען כולו לומדים, דאָס איז, פאַרשטייט זיך, בלויז איראָניע. ער זאָגט אָבער יאָ אַז „עס איז ניט געווען קיין יידישע היים אין מזרח־אייראָפּע וואָס האָט ניט פאַרמאָגט כאָטש איין יידישן ספר". איז דאָס ניט ריכטיק? זענען געווען יידישע היימען

אָן אַ חומש, אָן אַ סידור? אונדז האָט זיך תמיד אויסגעוויזן אַז דאָס קען מען גאָרניט אָפּפרעגן. האָבן מיר אַלע געלעבט אין אַ פאַרבלענדעניש? זאָלן מיר זאָגן אַז בנוגע דעם פונקט איז אַלץ וואָס מען קען דרינגען פון יידישן פאָלקלאָר, אַלץ וואָס עס באַשרייבט יידישע עטנאָגראַפיע, אַלץ וואָס עס לאָזט אונדז הערן די יידישע ליטעראַטור, איז דאָס אַלץ שקר וכזב? עס לייגט זיך עפּעס ניט אויפן שכל, אָבער אָט זעסטו דאָך, אַ בפירושער דאָקומענט, 25 פּראָצענט, ד״ה, פון יעדע פיר יידן האָט איינער פון זיי קיין עברי ניט געקענט. טאַקע שווער צו גלויבן, אָבער אַ דאָקומענט איז ניט קיין שפּילכל.

פּראָפ. הענדלין איז זיכער אַ קאָמפּעטענטער אַמעריקאַנער היסטאָריקער, ער איז אָבער ניט גענוג באַקאַנט מיטן יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע, איז ניטאָ קיין סיבה ער זאָל נשתומם ווערן פון אַזעלכע ציפערן. אַנדערש, וואָלט ער אפשר אויסגעפונען אַז די אימיגראַציע באַאַמטע, וואָס האָבן גע־זאַמלט די פאַקטן, האָבן נאַטירלעך איינגעשלאָסן אויך פרויען. ווי גרויס עס איז געווען דער פּראָצענט פרויען צווישן יענע יידישע אימיגראַנטן ווייס איך ניט, אָבער ווער לייקנט דען אַז זייער ווייניק מיידלעך זענען געגאַנגען אין חדר, אָדער האָבן אויף אַן אַנדער אופן געלערנט די קליינע אותיותלעך אין יענע יאָרן? מעגלעך אַז מען קען נאָך געפינען נאָך פאַקטאָרן אין יענע סטאַ־טיסטישע טאַבעלעס וואָס דערלאָזן ניט מען זאָל אָפּלייקענען די הערשנדיקע איבערצייגונג. אָבער אויף ד״ר שאַצקין איז מיר אַ חידוש, ווי קען ער אַזוי לייכט אָננעמען אַז דאָס וואָס האָט זיך אַזוי ממשותדיק געוואָרפן אין די אויגן אַזוי לאַנג און אַזוי פיל יידן פון אַלע סאָרטן איז פשוט ניט־געשטויגן ניט־געפלויגן? אין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, דאַרף מען מודה זיין, זענען אַזעלכע מסקנות גאַנץ מעגלעך און מען טאָר זיי ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, נאָר ווי שיקט זיך עס מען זאָל זיי אָננעמען אַזוי פאַרבייגייענדיק און מיט אַזאַ לייכט געמיט? איך זע אין דעם בלויז איינס: ווי ווייט די שרעק פאַר אַפּאָלאָ־געטיק און איר נעגאַטיווער נייטראַליזם קען פאַרפירן און גובר זיין אַ מענטשן מיט אַזאַ רייכער היסטאָריאָגראַפישער שולונג.

ווי געזאָגט, געפעלט מיר לחלוטין ניט די פאָרמולירונג אהבת ישראל ווי אַ פּרינציפּ אין היסטאָריאָגראַפיע. די פראַזע רופט אַרויס אַסאָסיאַציעס וואָס זענען לגמרי ניט פאַסיק אין אַ פאָרשערישער אָריענטאַציע. דער נאָמען אהבת ישראל קאָן דערלאָזן מען זאָל זיך איינשטעלן פאַר נאַרישקייטן, פאַר שעדלעכער באַרימעריי און פאַר ביטול צו אַנדערע קולטורן. אָבער עס ליגט פאָרט אין דעם אַ קערן וואָס מען דאַרף אַרויסהייבן.

דער העכסטער אידעאַל אין יעדער פאָרשונג איז, און דאַרף זיין, איבערגעבן פאַקטן און פאַרבינדן פאַקטן לויט ווי עס דיקטירט דער פאָרגע־נענער מאַטעריאַל, אָן שום זייטיקער פאַראינטערעסירטקייט. עס איז אַן אידעאַלער ציל דאָס צו דערגרייכן, עס איז אַן ערשטע מאָראַלע פאָדערונג

צו היטן דעם דאָזיקן וועג. אמת, אין געשיכטע מוז מען זיך באַנוגענען מיט אַ סך, אַ סך ווייניקער ווי דעם אידעאַלן ענד־ציל, אָבער וואָס מער אַ היסטאָריקער הערט זיך צו צו זיין וויסנשאַפטלעך געוויסן און צו זיין מאָראַלער אחריות; וואָס מער ער אַרבעט ניט בלויז אויף זיין מאַטעריאַל נאָר אויך אויף זיך אַליין; וואָס מער אים גראָט אָפּצושוואַכן זיינע פּער־זענלעכע נייגונגען וואָס רייסן זיך צו באַפאַרבן זיינע רעזולטאַטן, אַלץ גערעכטער און גאַנצער איז דאָס בילד וואָס ער ברענגט אַרויס, אַלץ זיכערער איז די אינטעלעקטועלע ראַם וואָס ער בויט אויס אַרום דער דראַמע פון געשעעניש.

אין וויסנשאַפטלעכער מעטאָדיק זענען פאַראַן פאַרשידענע מיטלען צו פאַרשטאַרקן די אָביעקטיווע גילטיקייט פון רעזולטאַטן. אָבער אַ חוץ דעם, און בפרט אין היסטאָריאָגראַפיע, זענען פאַראַן אויך אינערלעכע כוחות וואָס קאָנען אין דעם אַ סך העלפן. איינער פון די דאָזיקע כוחות איז אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו די פונדאַמענטאַלע ווערטן פונעם לעבן וואָס מען באַהאַנדלט. זאָל דאָס אַ ביישפּיל קלאָר מאַכן.

עס זענען פאַראַן אַ סך צענדליקער אַרטיקלען און מאָנאָגראַפיעס וועגן חדר. צווישן זיי זענען פאַראַן בלויז געציילטע וואָס האָבן אַ גוט וואָרט צו זאָגן וועגן דער דאָזיקער אינסטיטוציע. די איבעריקע מאָלן אַ שוואַרץ בילד. אין אַ סך פאַלן כאַפּט ממש אָן אַ גרויל צו לייענען. אָבער אָט האָט ניט לאַנג צוריק דער ייוואָ אַרויסגעגעבן אַ בוך פון יחיאל שטערן. ווען איר לייענט וואָס שטערן האָט צו דערציילן באַקומט איר אַ וואַרעם, רירנדיק בילד. ווי אַזוי דערגרייכט ער דאָס? אפשר דורך פאַרלייקענען די שאָטן־זייטן? חס ושלום. ער מאָלט אַ פול בילד מיט אַלע פּרטים. איר זעט די אָרעמקייט, שמוציקייט, צעבראָכענע שויבן פאַרשטעקט מיט שמאַטעס, טומל, ווילדע שטיק. ער שטעלט זיך באַזונדער אָפּ אויף די שטראָף־מעטאָדן, וואָס קאָנען קיין נחת ניט פאַרשאַפן. ער באַשרייבט אַפילו מיט געניויע פּרטים דאָס באַרימטע „פּעקל", אַ שרעקלעכער אופן צו באַשטראָפן ־קינדער, וואָס ווען מען קוקט מיט היינטיקע אויגן קאָן עס בלויז דערוועקן גרויל און עקל. מיר דאַכט זיך, אַז ער גיט אונדז די שוואַרצע פלעקן אַ האָר ניט ווייניקער ווי־די וואָס זענען אין חדר לויטער שלעכטס. מען דאַרף אויך געדענקען, אַז דאָס באַשרייבט ער זיין אייגן לעבן. ווי אַזוי איז ביי אים פאָרט דער לעצטער סך הכל אַזוי ליב און וואַרעם?

שטערנס עטנאָגראַפישע אַרבעט ווערט געטריבן אי פונעם מאָראַל־וויסנשאַפטלעכן סטימול צו געבן אַ פול, אָביעקטיוו בילד, אי פונעם לכתחילה־דיקן פּאָזיטיוון איינשטעל אַז דאָס חדר האָט געמוזט שאַפן גרויסע דערציערישע ווערטן צו באַפרידיקן די גייסטיקע נויטן פון אַ רייכן לעבנס־שטייגער. דאָס צווייטע האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם חשק צו באַלייכטן די פאַרשיידענע

אַספּעקטן פונעם בילד. ממילא האָט ער געגעבן אַ שלל מיט פּרטים: לערן־מעטאָדיק, לידער, שפּילערייען, פאַרשיידענע אַטראַקציעס פון קינדער־לעבן, ימים־טובים, שטיפערייען, אאַז״וו. די טונקעלע זייטן זענען דעריבער ניט אָפּגעזונדערט, נאָר אַ טייל פון אַ גאַנצקייט, און דאָס גאַנצע איז אַזוי אַנדערש אַז עס דערלאָזט ניט מען זאָל מעסטן די פּרטים, וואָס זענען איצט אויס דורכויס נעגאַטיוו, מיט די מאָסן פון היינטיקע מאָדערנע דרכים אין דער־ציאונג. בקיצור, שטערנס פולע עטנאָגראַפישע שילדערונג היט אונדז אָפּ פונעם פונדאַמענטאַלן פעלער צו באַטראַכטן פּרטים פון אַמאָליקן לעבן לויטן סטאַנדאַרד פון היינט.

אַמאָליקע צייטן זענען קריסטלעכע מיסיאָנערן געווען די, וואָס האָבן באַשריבן דאָס לעבן פון פּרימיטיווע שבטים. דעמאָלט האָבן די דאָזיקע עטנאָגראַפן געזען בלויז „ווילדע מענטשן". זייער ערשטער צוגאַנג האָט ניט דערלאָזט זיי זאָלן אַנדערש זען. היינט, לייענט אַ באַריכט פון אַן אַנטראָפּאָ־לאָגישן פאָרשער וועט איר פאַרשטיין פאַרוואָס ער האָט אַרויסגעוואָרפן דאָס וואָרט ווילדע פון זיין וויסנשאַפטלעכן וואָקאַבולאַר. דער אַנטראָפּאָלאָג גייט צו לכתחילה מיט דער פּאָזיטיווער אָפּשאַצונג אַז די קולטור צו וועלכער ער רירט זיך צו פאַרמאָגט גרויסע ווערטן און פאַרדינסטפולע עלעמענטן אין די באַדינגונגען אין וועלכע זי לעבט. זיין אויפגאַבע איז דאָס אויפצודעקן און ניט לאָזן זיך פאַרפירן פון דעם וואָס אין אָנהייב קוקט עס אים אויס אַזוי מאָדנע, אַזוי פונדאַמענטאַל אַנדערש. אויף וויפל מער דאַרף מען דאָס זאָגן וועגן יידן וואָס זענען דאָך זיכער ניט קיין פּרימיטיווער שבט און האָבן זיך זיכער ניט וואָס צו שעמען מיט זייער קולטורעלער עשירות אין אַלע צייטן.

קומענדיק צוריק צו אונדזער אייגענעם ווייַנגאָרטן מוז מען מודה זיין, אַז די מורא פאַר אַפּאָלאָגעטיק האָט זיכער איר געזונטן, וויסנשאַפטלעכן גרונט. קיינער וועט ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם מאָראַלן געבאָט מען זאָל זיך באַמיען צו זיין וואָס נאָענטער צום אמת. אָבער, ווי געזאָגט, ליגט אין דער דאָזיקער מורא אויך די סכנה זיך צו דערווייטערן פון אמת. דער בעסטער אויסוועג, דאַכט זיך מיר, איז קיינמאָל ניט צו אַנטלויפן פון די מעלות וואָס יעדער חסרון פאַרמאָגט און זיין שטענדיק געוואָרנט אַנטקעגן די חסרונות וואָס ליגן אין יעדער מעלה.

(1951)

1) Gotthard Deutsch, *Scrolls*, 1917, Vol. 1, 165.
2) Albert Einstein, *Out of My Later Years*, 1950, 78.
3) Charles Beard, "Written History as an Act of Faith," *American Historical Review*, Jan., 1934, Vol. 39.
4) Benedetto Croce, *History*, Trans. Sylvia Sprigge, 1941, 181.

5) *ibid.*, 183.

6) Maurice Mendelbaum, "Casual Analysis in History," *Journal of the History of Ideas*, Jan., 1942.

7) *ibid.*, 46.

8) Mortimer J. Cohen, *Jacob Emdin, a Man of Controversy*, 1937.

9) געשיכטע פון חסידיזם, **צווייטער באַנד, 1933 326.**

10) דער קאַמף צווישן השכלה און חסידיזם אין גאַליציע, **1942, 15—16.**

11) היסטאָרישע ווערק, **ערשטער טייל, תרצ״ז, 1937.**

12) **„די פאָרשונג פון דער מאַרטיראָלאָגיע אויף נייע וועגן״**, יידישע קולטור, **פעב., 1942.**

13) **„מה ענין שמיטה אצל הר סיני״**, קיום, יולי—**אויגוסט, 1949.**

14) געשיכטע פון דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג פון די יידן אין פוילן און רוסלאַנד, **ערשטער טייל, מאָסקווע, 1926, 226.**

15) **דאָרט, 238.**

16) **י. סאָסיס,** די געשיכטע פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען אין XIX י״ה, **מינסק, 1929.**

# טראַדיציאָנאַליזם

## היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס

קיינער וועט זיך ניט חידושן פאַרוואָס די זאָרג פאַר קיום האומה האָט אין די לעצטע יאָרן אָפט אַרויסגערופן רייד פון טיפן עגמת נפש. געוויינלעך פאַרבינדט מען דאָס מיט די גרויליקע פאַקטן פונעם דריטן חורבן אונדזערן, אָבער ווען מען הערט זיך צו צו די אומעטיקע מחשבות, וואָס זענען אין די דאָזיקע יאָרן אַרויסגעבראַכט געוואָרן, זעט מען אַז דער טראַגישער אומקום פון יידישן מזרח־איראָפּע איז בשום אופן ניט די גאַנצע מעשה. עס האָט איך זייער אַ סך צו טאָן מיטן יידישן פּנים און די יידישע כוחות פון די געבליבענע יידישע ישובים אין חוץ לארץ. כמעט אין אַלע אומעטיקע רייד האָב איך געהערט אַ רעטאָרישע ווענדונג צו די אומגעקומענע: „אויף וועמען לאָזט איר אונדז איבער?“ עפּעס, הייסט עס, איז פאַראַן אין געבליבענעם יידישן לעבן וואָס שרעקט, וואָס יאָגט אָן שווערע וואָלקנס אויפן מאָרגנדיקן טאָג. איז דאָס בלויז אַ מאָמענטאַלער אָנפאַל פון יאוש וואָס נעמט זיך פון דער גרויסער טראַגעדיע? איז אין דעם פאַראַן אַ ניכטערע אָפּשאַצונג פון די פּערמאַנענטע פאַקטאָרן אין דער איצטיקער לאַגע?

אין אַזאַ סיטואַציע איז זייער נאַטירלעך פאַר מענטשן זיך צו צעטיילן אויף אָפּטימיסטן, פּעסימיסטן און אַזעלכע וואָס זוכן אַ צווישנדיקע פּאָזיציע. יעדער צד גראָבט אויס וואָס טיפער און ברייטער די קוואַלן פון וואַנען ער קאָן שעפּן די אינפאָרמאַציע, אָדער די געדאַנקען, וואָס באַשטעטיקן זיין בליק. איך וויל דאָ, בלויז פאַרבייגייענדיק, אָנרירן איין סאָרט אַרגומענטאַציע אויף וועלכער אַלע צדדים זענען זיך סומך, אָבער דער עיקר די וואָס זענען גענייגט אין דער אָפּטימיסטישער ריכטונג. איך האָב דאָ אין זינען די היסטאָרישע אַנאַלאָגיע, די טענה אַז אין אַלע צייטן זענען פאָרגעקומען געשעענישן וואָס זענען ענלעך צו דעם וואָס מיר זעען איצט. עס זענען פאָרגעקומען קאַטאַסטראָפעס פון דרויסן און צעפאַלונג פון אינעווייניק; עס איז געווען אַ זעלבסטשטענדיקע ארץ ישראל און אַ חוץ לארץ פּונקט ווי היינט; אַלטע ישובים זענען אונטערגעגאַנגען און נייע זענען אויפגעקומען; עס זענען געווען יידן באָענטע און שטאַרק דערווייטערטע, אויך אַזעלכע וואָס האָבן אונדז איבערגעלאָזט אין מיטן שלאַכטפעלד און אַנטלאָפן צום שונא; געווען פרומע יידן און אַפּיקורסים. נאָך מער, כמעט אין יעדן דור, אין די צייטן פון די תנאים און אמוראים, פּונקט ווי היינט, זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך געשראָקן אַז ס'איז געקומען דער סוף, ניטאָ מער קיין האָפענונג פאַרן פאָלק ישראל. פונדעסטוועגן, אָט זעט איר דאָך.

אָן היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס קאָן זיך קיין היסטאָריקער ניט באַגיין, מען רעדט שוין ניט פון די וואָס ווילן רק געפינען אין מענטשלעכער געשיכטע שטענדיקע און פעסטע געזעצן פונקט ווי די עקזאַקטע וויסנשאַפטן; פאַר זיי זענען אַזעלכע אַנאַלאָגיעס ממש אַ פאַך־קראַנקייט. אָבער אָן היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס קאָן מען דאָך בכלל ניט מאַכן קיין שום גענעראַליזאַציע, קאָן מען פון געשיכטע קיין שום זאַך ניט לערנען. דעריבער ווערן היינט אַזוי אָפט איבערגעחזרט פאַרשיידענע געשעענישן אין יידישער געשיכטע וואו מען קאָן געפינען אַ שייכות צו דער היינטיקער צייט. אַזוי הערט מען וועגן גלות בבל און שיבת ציון; וועגן ר׳ יוחנן בן זכאי און יבנה; וועגן דער מיסטישער פאַרבינדונג צווישן גירוש שפּאַניע און דער אַנטדעקונג פון אַמע־ריקע, וואָס ביידע זענען פאַרגעקומען אין זעלביקן יאָר; וועגן דעם אויפבלי פון חסידות נאָך דער טרויעריקער, אינערלעכער צעשטערונג וואָס עס האָט געבראַכט די שבתי־צבי באַוועגונג, אאַ״וו. די אַלע זאַכן דאַרפן זיין אַ טרייסט, אָדער אַן אויפקלערונג פון דעם אויף וואָס מען מעג זיך ריכטן אין היינטיקן טאָג.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַלע אַנאַלאָגיעס זענען פאַראַן געוויסע ענלעכקייטן וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן. על פי רוב זענען אָבער די ענלעכקייטן אַזוי אויבנאויפיק אַז דאָס וואָס מען וויל פון זיי אַרויסדרינגען פאַרלירט כמעט יעדן זינען. אין אַלע קאַטאַסטראָפעס וואָס זענען געקומען פון דרויסן האָט מען יידן געפּייניקט, באַרויבט, געשאָכטן. אין דעם פּרט איז די ענלעכקייט זייער שטאַרק, אָבער דער פאַקט וואָס אין שפּאַניע, למשל, האָט מען יידן געגעבן אַ ברירה, זיי האָבן זיך געקאָנט שמדן, בעת די נאַציס האָבן אַזאַ ברירה ניט געגעבן, בייט גרינטלעך דעם כאַראַקטער פון דער טראַגעדיע, און ווייזט גאָר אַן אַנדער דרויסן, אַן אַנדער וועלט אין וועלכער מיר לעבן, סיי צום שלעכטן, סיי צום גוטן.

יידיש־לעבן איז דורכגעגאַנגען אַ טיפע אינערלעכע איבערקערעניש פאַר אונדזערע אויגן. אַחוץ דעם זענען מיר אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַזאַ ראַם וואָס בייט אין אַ גרויסער מאָס דאָס בילד פון אינעווייניק. דאָס שטעלט אין ערנסטער סכנה יעדע פאָרויסזאָגונג וואָס איז געבויט אויף פאַרגלייכן מיט פריערדיקע עפּאָכעס. לאָמיך אַרויסנעמען פון אַ גרעסערער רשימה כאָטש צוויי פונדאַמענטאַלע אַנדערשקייטן דאָס צו אילוסטרירן. דאָס ערשטע וואָס איך האָב אין זינען איז דער פאַקט וואָס אין צוגאָב צו דעם וואָס מיר האָבן מער ניט קיין אָנגענומענע אויטאָריטעט צו סאַנקציאָנירן רעליגיעזע און שטייגער׳שע נאָרמען, איז צוגעקומען דאָס וואָס אונדזער גאַנצע פאָלקישע שותפות מוז זיך בויען פון אָנהייב ביזן סוף אויף אַבסאָלוטער פרייוויליקייט. די ראָלע פון דער מלוכה־סאַנקציאָנירטער יידישער קהילה איז וואויל באַקאַנט. זי האָט באַפעסטיקט און געהויבן אי די איינהייטלעכקייט, אי דאָס אָנגעהע־

ריקייט־באַוואוסטזיין וואָס קאָן ניט נאָרמאַל פונקציאָנירן אָן אַ פּאַסיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם. אין באַדינגונגען פון אַבסאָלוטער פּריוויליקייט מוז געבוירן ווערן קאָפּריזנע אָפּנייגונגען און עס פעלט די לופט וואָס באַלעבט דאָס געפיל פון קאָלעקטיווער אחריות. עס איז שווער זיך אויסצומאָלן וואָסער איינפלוס דאָס קאָן האָבן אויפן ווייטערדיקן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע אין חוץ לארץ.

און אָט איז דער צווייטער פּונקט. אחד העם האָט געשריבן אין 1902, אין פאַרבינדונג מיט גאָר אַן אַנדער ענין, וועגן אַ הויפּט־כאַראַקטעריסטיק וואָס ער געפינט ביי יידן. קיין שום פאָלק, שרייבט ער, פאַרמאָגט ניט אַזוי־פיל מענטשן ווי מיר, וואָס זענען געקומען צו דער מדרגה פון אַ סך לומדות צוזאַמען מיט פולשטענדיקן אומוויסן אַפילו פונעם אלף־בית פון דער אַלגעמיינער קולטור. אַזעלכע זענען געצוואונגען צו פאַרריכטן דעם דאָזיקן פעלער ערשט ווען זיי וואַקסן אויס און האָבן אַ מעגלעכקייט איינצוזאַפּן אין זיך אַלגעמיינע בילדונג. מיר געדענקען נאָך די דאָזיקע לאַגע צו גוט. כמעט די גאַנצע ליטעראַטור, אויף יידיש און העברעאיש, איז געשאַפן געוואָרן פון די וואָס האָבן פריער באַקומען ברייטע יידישע ידיעות אין חדרים און ישיבות און ערשט שפּעטער, אַ סך שפּעטער, זיך גענומען צום אַלגעמיינעם וויסן. די זעלביקע זענען געוואָרן די פירער פון אַלע אונדזערע באַוועגונגען, פאַרן יידישן פאָלק זענען אין אָט דעם „אומנאָרמאַלן" אַנטוויקלונגס־גאַנג געלעגן אומגעהייערע פּאָזיטיווע ווערטן. איך קאָן מיר ניט פאָרשטעלן אַזאַ בלינדקייט וואָס זאָל דאָס ניט זען.

איצט האָט זיך דאָס רעדל פולשטענדיק איבערגעדרייט, מיט איין גרויסן חילוק. דער הייַנטיקער יידישער דור ווערט קודם כל באַזאָרגט מיט גרינטלעכער אַלגעמיינער בילדונג. אָבער זיין יידיש וויסן, אַפילו דער מיעוט וואָס באַקומט אַזאַ וויסן, איז אַזוי שפּיץ־מעסערדיק קליין, דין, נישטיק, אַז עס בלייבט ליגן אויף דער אויבערפלאַך ווי אַ דריבנער שטויב וואָס דער מינדסטער ווינט קאָן אָוועקבלאָזן, עס פאַרמאָגט ניט קיין וואָרצלען וואָס זאָלן אַריינוואַקסן אינעם עמאָציאָנעלן אָרגאַניזם און שאַפן אַ יידישע גאַנצקייט פון אַלע טיילן פון דער נשמה. עס איז איבעריק אונטערצושטרייכן אַז דאָס באַטייט אַ טיפע און ווייטגייענדיקע ענדערונג אינעם כאַראַקטער און אין דער אינטענסיווקייט וואָס יידישע פאָלקישקייט איז בכוח פון זיך אַרויסצוברענגען. דעריבער, ווען מען וויל פאַרויסזען וואָס יידן וועלן טאָן מאָרגן־איבערמאָרגן — און מען בויט דאָס אויף דעם וואָס יידן, אין אַן אויבנאויפיק־ענלעכער לאַגע, האָבן געטאָן נעכטן־אייערנעכטן — פאַרגעסט מען אַריינצורעכענען אין חשבון אַז ניט בלויז האָט זיך די וועלט געביטן, נאָר אויך אַז די יידן זענען ווייט, ווייט ניט אַקוראַט די זעלביקע.

דאָך מוז מען מודה זיין, אַז בנוגע דעם נאַקעטן חשק צו בלייבן יידן

— אויף וואָסער אופן ער זאָל זיך ניט אויסדריקן — זעט ער אויס ביי אונדז צו זיין קרעפטיקער און דויערנדיקער ווי ביי אַנדערע עטנישע גרופּעס וואָס געפינען זיך ניט אין זייער נאַציאָנאַלער היים. דאָ, אין אַמעריקע, לאָזט זיך דאָס פאַרגלייכן אויף אַ גאַנץ קלאָרן אופן. אמת, דער ענין איז נאָך ניט גענוג אויסגעפאָרשט און מען האָט נאָך ניט געשאַפן קיין מער־ווייניקער אָביעקטיווע מאָס דאָס צו מעסטן. דאָך, פון די פאַקטן וואָס זענען אונדז באַקאַנט, איז דערוויילע אַזאַ איינדרוק שטאַרק באַרעכטיקט. אגב, האָט עמעצער געהערט אַז ביי אַנדערע עטנישע גרופּעס אין אַמעריקע זאָל שטיין ערנסט די פּראָבלעם פון קיום האומה אַזוי ווי ביי אונדז?

עס איז געוועזן ביי אונדז אַ פּרואוו דעם ענין צו ראַציאָנאַליזירן. מען האָט אָנגעוויזן, אַז ביי אַנדערע איז פאַראַן אַ נאַציאָנאַלע היים וואו דאָס לעבן פון פאָלק איז פאַרזיכערט, ממילא אַרט זיי ווייניקער וואָס זיי וועלן דאָ פאַר־שווינדן ווי אַן עטנישע באַזונדערקייט. ביי אונדז אָבער (ביז 1948) אויב מיר גייען דאָ אונטער בלייבט פון אונדז בכלל קיין זכר ניט, ממילא האָט די לאַגע אונדז געוועקט צו זאָרגן פאַר אונדזער פאָלקישן קיום.

מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז זינט ארץ ישראל איז געוואָרן מדינת ישראל — אויף וויפל מען קאָן בכלל עפּעס דרינגען פון אַזאַ קורצער צייט — האָט זיך ביי אונדז ניט געוויזן קיין שום שאָטן פון אַ סימפּטאָם וואָס זאָל די דאָזיקע אומגליקלעכע השערה באַשטעטיקן. עס לייגט זיך גיכער אויפן שכל אַז די גאַנצע טעאָריע איז אויסגעזויגן פון פינגער. עס זענען אפשר געווען פאַלן ווען איינצלנע יידן האָבן ראַציאָנאַליזירט זייער אַנטלויפעריי אויף אַזאַ מין אופן, אָבער דאָס האָט ניט קיין שייכות צו די מאָטיוון וואָס שטאַרקן אָדער שוואַכן אָפּ די צעמענטירטקייט פון פאָלקישער שותפות אין חוץ לארץ.

## קיום האומה

פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס זיי איז די גאַנצע פאָרמולע „קיום האומה" ניט שטאַרק צום האַרצן. זיי האַלטן אַז די דאָזיקע פאָרמולע לאָזט אויס דער עיקר, די נשמה, וואָס בלויז אויף דעם דאַרף מען לייגן דעם טראָפּ. וואָרעם קיום, סתם קיום, צוליב וואָס? צוליב וועלכע גייסטיקע ווערטן?

אין דער אמתן איז אין דער דאָזיקער טענה פאַראַן אַ פּשוטער, לאָגישער טעות. ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן עפּעס אַ פיזישע זאַך, דעמאָלט קאָן עקסיסטענץ בלויז מיינען איר פיזישע פאַראַנענקייט אין דער וועלט. אָבער כדי פון מענטשן זאָלן ווערן אַ גרופּע, אַ פאָלק, מוז זיין אַ געוויסער גייסטיקער שטאָף וואָס האַלט זיי צונויף. קיום האומה קאָן דעריבער ניט מיינען קיין אַנדער זאַך ווי דער קיום פונעם גייסטיקן שטאָף וואָס מאַכט פון

אַ געוויסער צאָל מענטשן אין דער וועלט אַ יידישע אומה. אַחוץ דעם, אויף ווי ווייט מיר קענען מענטשן ווייסן מיר אַז זיי אַליין האָבן אַ קנאַפּע ידיעה וועגן דעם כאַראַקטער און דעם אינהאַלט פון אָט דעם סאָציאַלן צעמענטיר־שטאָף וואָס ווירקט אין זייער פּסיכיק. ווען אַ ייד — אַפילו דער גרעסטער תלמיד־חכם — דערקלערט פאַרוואָס אים ווילט זיך דווקא זיין אַ ייד, איז נאָך דערפון לחלוטין ניט געדרונגען אַז זיינע רייד שפּיגלען אָפּ ריכטיק די אימפּולסן פון זיין נשמה. עס קאָן זיין, אַז ער האָט דאָס פּשוט אויסגעטראַכט כדי איינצושטילן די שטענדיקע מאָנונגען פונעם שכל.

נאָך מער, די גאַנצע פראַגע „פאַרוואָס?" צווינגט פּשוט צו שטעלן די פערד פאַרן וואָגן, ממילא לייגט מען אַרויף די לאַסט פון שלעפּן ניט אויף דער ריכטיקער זאַך. עס האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן אַז אַ ייד זאָל באַשליסן ביי זיך צו זיין אַ ייד ערשט נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעפונען און באַרעכטיקט דעם אַפּעלירנדיקן פאַרוואָס. געוויינלעך קומט עס פאַרקערט: צום ערשטן איז מען אַ ייד, שפּעטער ווערט מען מער ייד, דערנאָך וויל מען זיין אַ ייד, און צום סוף — אויב עפּעס פאָרקעט אונטערן לעפעלע — בויט מען אויס אַ ראַציאָנאַל פאַרוואָס מען איז און מען וויל דאָס וואָס מען איז און מען וויל׳ סייווי.

דער יידישער ווילן צו לעבן פאָלקיש איז ניט קיין פּועל יוצא פון אַ פאַרגעבענער ברירה. דאָס לעבן גיט ניט אַזאַ ברירה. אַפילו דער וואָס פרעגט „פאַרוואָס?" גיט אויך קיין ברירה ניט. זיין פראַגע זאָגט שוין פאָרויס אַז דער ענטפער קאָן בלויז זיין אין איין ריכטונג: פאַרוואָס יאָ. אין דער מעגלעכקייט פון אַ „ניט" איז ער לחלוטין ניט פאַראינטערעסירט.

יעדער מעגלעכער שכלדיקער ענטפער אויף דער פראַגע צוליב וואָס מען דאַרף האָבן אַ יידיש פאָלק אויף דער וועלט — קיום האומה — פּויפּט אַבסאָלוט אין ערגעץ ניט. אַפילו די קאָלאָסאַלסטע פאַרגאַנגענע פאַרדינסטן זענען לאָגיש לחלוטין ניט מחייב אַז דאָס פאָלק וואָס האָט זיי געשאַפן וועט עמעצן אַ טובה טאָן דערמיט וואָס עס וועט אייביק בלייבן לעבן. מיר מעגן זיך זיכער גרייסן מיט דער מאָראַל־אידייע וואָס אונדזער אמונה און אונדזער גאַנצע קולטור דריקט אויס אויף אַזאַ רירנדיקן אופן. עס איז אָבער לחלוטין ניט געדרונגען אַז גרויסע אידייען מוזן דווקא האָבן אַ פאָלק וואָס זאָל זיין זייער שליח. אָט האָט קריסטנטום איבערגענומען אַ סך פון אונדזער גייסטיקער עשירות, מאָדיפיצירט, אַרויסגעבראַכט גרויסע געדאַנקען און גרויסע פּער־זענלעכקייטן, אָבער פאָרט אָן דער הילף פון אַ ספּעציעל פאָלק וואָס זאָל זיין דער איינציקער באַשערטער טרעגער פון דעם אַלעם. פאַרקערט, ביי קריסטן איז דאָס גופא אַ שטיק גרויסקייט: אוניווערסאַליזם אַנטקעגן פאַרטיקולאַריזם.

מען קאָן אַפילו אין גאַנץ קאַלטער ניכטערקייט טענהן, אַז ווען מען

באַרעכנט ווי קליין עס איז דאָס יידישע פאָלק אין צאָל, און די שווערע תנאים אונטער וועלכע עס האָט על פּי רוב געלעבט, מוז מען באַוואונדערן דעם סכום טאַלענט און שעפערישקייט וואָס עס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן. עס קאָן דעריבער זיין, אַז די לופט פון דער יידישער קולטור־ספערע, און מעגלעך אויך דער גייסט וואָס ווערט געבוירן אין יידישער צוזאַמענדיקייט, פאַרמאָגט אין זיך באַזונדערע כוחות צו סטימולירן קרעאַטיוויטעט. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז אפילו ווען דאָס זאָל זיך אַרויסווייזן צו זיין ריכטיק, וואָלט אַלץ געווען שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַזאַ ניכטערער חשבון זאָל קאָנען אַרויסרופן די מוראדיקע צערודערונג ווען דער קיום האומה איז אין סכנה. אַזאַ מין בוכהאַלטעריע מאָטיווירט קיינמאָל ניט קיין אימפּולסיווע סאָציאַלע פּראָצעסן.

פאַרשטייט זיך, מען קאָן אויך זיך סומך זיין אויף מיסטישע אַנונגען, ווי עס טוט ר׳ יהודה הלוי אין זיין כוזרי. דעמאָלט ווערט שוין אַ קאַרדינאַלער פאַקטאָר אינעם דאַזיקן פּראָצעס ניט בלויז יידישע שאַפונג, ניט בלויז אַ געוירשנטע יידישע אידייע, נאָר אויך קאָנקרעטע יידן. דאָס יידישע גרופּירטע לעבן פון אַלע צייטן ווערט דעמאָלט „דאָס האַרץ פון דער וועלט״. דער דאַזיקער בליק זעט אין יידישער עקזיסטענץ אַן אויסדרוק פון געטלעכער אַנטפּלעקונג און אַ מאַניפעסטאַציע פון אַן אוניווערסאַלן זינען, אָבער אין דעם דריקט זיך אויס אַן אַרגומענטאַציע על פּי אמונה, ניט על פּי שכל. ממילא קאָן שוין קיין רייד ניט זיין וועגן עפּעס באַווייזן אָדער עמעצן איבערצייגן.

די גאַנצע טרחא צו דערקלערן יידישן קיום, און די כוחות וואָס טרייבן דערצו, דורך דער רעאַליזאַציע פון אַ יידישער שליחות, קאָן, האָב איך מורא, ניט פאַרענטפערן שכלדיק די עיקר פּראָבלעם. עס איז גאָרניט נייטיק צו זיין מחולק מיט אַ היסטאָריאָסאָפיע וואָס שטרייכט אונטער די אומגעהייערע ראָלע פון יידישער עטיק, פון מאָנאָטעאיזם, פוןביידע צוזאַמען. דאָס זענען אידייען וואָס זייער וויכטיקייט ווי פאַקטאָרן אין מענטשלעכן לעבן איז שווער אָפּצופרעגן. אָבער יידן שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין סתם־מענטש רעליגיע, אָדער סעקטע, נאָר אַ פאָלק, וואָס דאָס איז גאָר אַן אַנדערע סאָציאַלע פאָרמאַציע. אַ פאָלק איז דורכגעדרונגען מיטן געפיל און באַוואוסטזיין אַז דאָס איז די נאַטירלעכע, פאַרענדיקטע, סאָציאַלע גאַנצקייט, וואָס פון אַזעלכע באַשטייט די מענטשלעכע וועלט. אַלע גרופּירונגען וואָס פאַרטרעטן אידייען, אינטערעסן, נויטן, שטרעבונגען, די אַלע ווערן געפילט ווי טיילן, און אין אַלע זייערע וועגן און מאָנונגען דריקן זיי אויס זייער טייל־כאַראַקטער. אָבער אַ פאָלק פילט זיך ווי אַן אינעווייניק־אויסגעוואַקסענע, פאַרענדיקטע, גייסטיקע פערזענלעכקייט. אַ מלוכה קאָן אַרומנעמען אַ סך פעלקער, אָבער זי איז דעמאָלט בשום אופן ניט קיין העכערע גאַנצקייט, נאָר אַ טעכנישער

אַפּאַראַט, וואָס דאַרף אָפּעררן פאַר דער טובה פון די נאַטירלעכע פאָלקישע איינסן וואָס שטעלן זי צונויף.

ווען מיר וואַרפן אַ בליק אויף אַרומיקע יידן און יידישע טעטיקייטן, קאָן מען געפינען גענוג אַזעלכע וואָס דריקן אויס שאַרף און בולט זייער באַצווינגענדיקן חשק בייצוקומען מניעות און לעבן ווי אַ פאָלק, אָבער מען קאָן זיכער ניט באַווייזן אַז ספּעציעלע אידייען שפּילן ביי זיי אַ דעציזירנדיקע ראָלע אין דעם פּראָצעס. בכלל אַן אידייע וואָס רירט ניט אָן טאָג־טעגלעך לעבן איז אַ צו דינער אינטעלעקטועלער מאַטעריאַל; ניט פון אַזאַ שטאָף ווערן אויסגעאַרבעט די טרייב־מאָטיוון אין אימפּעטיקע סאָציאַלע פּראָצעסן. דער חשק צו פאַרבלייבנדיקער יידישער שותפות מוז, לויט די שווערע שטרויכלונגען וואָס ער דאַרף בייקומען, פליסן פון טיפערע קוואַלן ווי די צו וועלכע אינטעלעקטועלע אינסטרומענטן קאָנען לייכט צוקומען. אַז אַזאַ חשק איז דאָ — ווי גרויס אָדער ווי קליין עס זאָל ניט זיין דער שטח וואו ער פאַרנעמט אַ צענטראַלע פּאָזיציע — איז אַ באַשיימפּערלעכער פאַקט, וואָס איז בלי ספק אַ טייערער קאַפּיטאַל מיט וועלכן עס איז אונדז געגעבן געוואָרן צו אָפּעררן.

ווי אין אַלע אַזעלכע פּסיכישע פּראָצעסן איז צונויפהאַלט אַליין אַ מעכאַ־ניזם וואָס פּראָדוצירט טרייב־כוחות פאַר זיין אייגענעם קיום. אויב קיין באַזונדערע מניעות זענען ניטאָ, איז דאָס אין זיך גופא אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר. אָבער אין משך פון יידישן היסטאָרישן לעבן איז אונדז אַריינגעוואַקסן גענוג ברען־מאַטעריאַל וואָס קאָן אויפפלאַקערן און וואַרעמען ווען פּאַסיקע מאָטיוון צינדן אים אָן. לאָמיך זיך דאָ באַנוגענען מיט דריי אַזעלכע מאָמענטן.

קודם כל אונדזער יחוס־געפיל, דער פּרעסטידזש וואָס שטאַמט פון אונדזער וועלט־אָנערקענטער אויבנאָניקער פּאָזיציע און אונדזער צושטייער צו דער מאָראַלער קולטור פון דער מענטשהייט. איך רעד פון אונדזער יחוס־געפיל, ניט פון אונדזער וויסן וועגן דעם, ניט פון אונדזער באַוואוסטזיניקער אָפּשאַצונג פון באַשטימטע יידישע אידייען. איך האָב דאָ ניט אין זינען קיין לומדות, אָדער אַן אינטעלעקטועלן דין וחשבון בכלל; דאָס וואָס איך האָב אין זינען קאָן איינשליסן אויך יידן וואָס האָבן קיינמאָל קיין פּרשה חומש ניט געלערנט, וואָס קענען אַפילו קיין עברי ניט. די זעלביקע וועלט וואָס האָט אונדז אַרומגערינגלט מיט אַזויפיל שנאה האָט אויך תמיד אַרויסגעהויבן די גרויסקייט פון תנ״ך, פון דער נביאישער מאָראַל, דאָס אויפטועריש פאַרדינסט אין דער אמונה פון אחדות הבורא. דאָס איז דער יידישער יחוס־בריִיו, וואָס אַז מען דערמאָנט די דאָזיקע גרויסע מענטשלעכע אוצרות, פילט יעדער ייד אַז דאָס דערמאָנט מען אים, אָדער עפּעס וואָס האָט אַ ספּעציפישע שייכות, אַן אייגענע היים־שייכות, צו אים.

דאָס דאָזיקע פאַרוואָרצלטע יחוס־געפיל האָט מעגלעך געמאַכט אַז דער

אַמאָליקער אונטערטעניקער, פֿאַרהפקרטער, מה־יפית זינגענדיקער, יידישער אַרענדאַטאָר זאָל אין האַרצן מבטל זיין כעפרא דארעא דעם אַלמעכטיקן פּריץ וואָס האָט געוועלטיקט איבער אים. דאָס דאָזיקע געפיל ברענגט אויך אַריין אַ נייטיקע אויפמונטערונג אינעם גרויען עקזעמפּלאַר פון אונדזער פֿאָלק און באַפּאַרבט אים מיט אַ חשיבות וואָס מאַכט אַביסל ליכטיקער דאָס יידישע פון זיין לעבן. איך האָב אָפּט דעם איינדרוק, אַז טייל צווישן אונדז, וואָס פּראָטעסטירן אַזוי ענערגיש קעגן יעדן אויסדרוק און יעדן זינען פון „אתה בחרתנו", טוען דאָס ווי אַן אַקט פון אונטערשטרייכנדיקער עניוות וואָס מאַכט לייכטער זייער משא ביים אַרויפקלעטערן אויף אַ פּראָגרעסיוון שטאַנדפּונקט. אַזעלכע דריקן אויס זייער פֿאַרבאַהאַלטענעם „אתה בחרתנו" דורך זייער עניוותדיקן מוותר זיין אויף דעם.

דער צווייטער מאָמענט איז אונדזערע צוזאַמענדיקע ליידן. דער כוח פונעם דאָזיקן פֿאַקטאָר אין צונויפגיסן דעם „איך" מיטן „מיר", איז וואויל באַקאַנט. אָבער דאָ דאַרף מען לייגן דעם טראָפּ ניט בלויז אויפן צעמענטירנ־דיקן כוח פון קאָלעקטיווע צרות, נאָר דער עיקר אויפן פֿאַקט וואָס די יסורים שטאַמען פון אַ מענטשלעכער האַנט, ניט סתם אַזוי פון נאַטור־קאַטאַסטראָפֿעס, און אַז מיר פילן זיך ווי דער אומשולדיקער, געגרעכטער צד אינעם דאָזיקן פּראָצעס. דאָס פילן זיך אומגערעכט באַעוולהט דורך עמעצן, צעטיילט פֿאַר אונדז די מענטשלעכע וועלט אויף פֿאַרשאָלטענע און געבענטשטע מאָראַלע ווערטן, און פילט אָן יעדעס ווינקל פון אינערלעכן חלל מיטן אייגענעם העכערן ווערט און מענטשלעכער חשיבות.

ווען די אומגערעכטע עוולות שניידן זיך אַריין אין קריטישע מאָמענטן פון לעבן, און גיסן זיך אויס גלייכצייטיק אויף אַלע די מיט וועלכע מיר זענען קרובהשאַפֿטלעך פֿאַרבונדן — און גראָד אויף דער גייסטיקער ליניע פון דער דאָזיקער פֿאַרבינדונג — ווייל מיר זענען אַלע יידן — דעמאָלט ווערט טיפער און אינטענסיווער די סאָציאַלע קראַפֿט פונעם קאָלעקטיוו; ענגערע צוזאַמענדיקייט ווערט אַן אָנציענדיקער דאָרשט וואָס זוכט אַלץ מער מיטלען זיך צו שטילן. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער זעלביקער קריזיס האָט אַ פֿאַרקערטע ווירקונג אויף די וואָס ביי זיי איז די קרובהשאַפֿטלעכע אידענטיפֿיקאַציע שוואַכער. אַזעלכע איילן זיך צו אַנטלויפן און זוכן אַן ענגערע סאָציאַלע פֿאַרבינדונג דאָרט וואו מען קאָן די סכנה אויסמיידן.

דער דריטער מאָמענט אויף וועלכן איך וויל דאָ אָנווייזן איז: צייט. אמת, אין מענטשלעכן לעבן איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי הוילער צייט־חלל וואָס איז ניט אָנגעפילט מיט באַשטימטע געשעענישן, ניט אין דער צייט וואָס זיי האָבן פֿאַרנומען, אָדער זינט זיי זענען פֿאַרגעקומען. אָבער פּונקט ווי מען רעדט וועגן דער אייגנגעבוירנקייט פון אייגנשאַפֿטן, כאָטש ביי באַשעפֿענישן זענען אייגנשאַפֿטן תמיד, אַפילו אין דער עמבריאָנישער צייט געבונדן מיט

סביבה, אַזוי לאָזט זיך זען די ווירקונג פון הוילן צייטלעכן דויער אויף דער פאַרמירונג פון מענטשלעכן אָפּרוף. ווען מיר רעדן וועגן געשעענישן פון אַמאָל, פון פאַרצייטן, שאַפט די צייט־כאַראַקטעריסטיק אַ באַזונדערן טעם אויפן גומען. אַזעלכע ווערטער ווי אַמאָל, פאַרצייטן, טראָגן אין זיך אַן עמאָציאָנעלע קוואַליטעט וואָס איז אין גאַנצן אַנדערש ווי ביי ווערטער פון מאָמענטאַלער צייט, ווי למשל, היינט, איצט, אַאַז״וו. דער תהילים־דיכטער זעט גאָטס גרויסקייט אין דעם וואָס ער קאָן אַזוי לייכט באַהערשן ווייטע שטרעקעס צייט: „וואָרעם טויזנט יאָר איז אין דיינע אויגן ווי דער נעכטיקער טאָג״. אויף דער פראַגע וואָס צייט איז אַזוינס האָט פּיטאַגאָראַס געענטפערט: „צייט איז די נשמה פון אונדזער וועלט״.

דאָס זיין אַ ייד, דאָס פילן אין זיך די אָנגעהעריקייט צום כלל ישראל, איז איינגעטונקען אינעם כישוף פון צייט. די געשעענישן אינעם לעבן פון די אָבות, יציאת מצרים, מתן תורה, מדבר — עס איז אַלץ אַזוי ווייט־אַנדערש, אַזוי וועלט־פאַרשיידן, פון דעם וואָס רינגלט אונדז איצט אַרום, בלויז די פעדעם פון ווייטער צייט ציען זיך צו אונדז און ציען אונדז אַריין און שאַפן פאַר אונדז אַזאַ וואַרעמע אינטימקייט אין דער ווייטער עכאָדיקער פאַרוואָרפנ־קייט. מען קאָן דאָס אַרויסברענגען אינעם זאָג אַז מיר זענען מזרע אברהם, יצחק ויעקב; אַז מיר זענען געשטאַנען צוזאַמען ביים באַרג סיני; מען קען דאָס פאָרמולירן אויף אַ סך אַנדערע רעטאָרישע אופנים. איינצלנע יידן וועלן דאָס אויסדריקן ביי די פּאַסיקע געלעגנהייטן דורך באַוועגונג און מימיק; אינסטיטוציעס וועלן דעם זעלביקן קאָנטעקסט אַרויסהייבן דורך סימבאָלן און פייערלעכע אַקטן — אינעם גאַנג פון צייט נעמען מיר אויף דעם היל־כיקסטן אָפּקלאַנג פון די שטילסטע טריט וואָס קאָנען דערגיין צו אַ מענטש־לעכער נשמה.

די יידישע טראַדיציע פאַרקערפּערט אין זיך אַ סך גייסטיקע כוחות, און זיי אַלע נעמט אַרום דער כוח פון צייט און העלפט פאָרמירן אַן אייגנאַרטיקע יידישע גאַנצקייט, אַן אָרגאַניזם וואָס באַרייכערט זיך אַליין מיט אינערלעכע כוחות צו וואַקסן און זיך צו שטאַרקן. אַ פאָלק וואָס די גרעסטע העלפט פון זיין ביז־איצטיקער געשיכטע איז אַ לעבן אין גלות; אַ פאָלק וואָס אַפילו אין דער צייט פון זיין לעבן אין אייגענעם לאַנד האָבן אַזוי פיל פון זיינע קינדער געפירט אַ יידיש שאַפנדיק לעבן אין דרויסן פון זיינע היים־גרענעצן; אַ פאָלק וואָס איז אַזוי אָפט געווען געצוואונגען צו בייטן לענדער, שפּראַכן, און פאַרשיידענע פעדעם פון זיין שטייגער, און האָט דאָך אָפּגעהיט מיט מסירת־נפשדיקער זאָרג די גאַנצקייט פון זיין גייסטיק געוועב — ביי אַזאַ פאָלק האָט טראַדיציע געמוזט שפּילן אַ לעבנס־וויכטיקע ראָלע אין אויפהאַלטן זיין קיום. אין יידישער טראַדיציע איז שאַרף אָנזעעוודיק דער קאָלעקטיווי־

זירנדיקער כּוח פון צייט וואָס האָט אויך פאַרטיפט און דערהויבן דעם כּוח פון דער טראַדיציע.

## טראַדיציאָנאַליזם

וועגן די אונטערשיידן צווישן יידישקייט און דער קריסטלעכער רעליגיע איז פאַראַן זייער אַ רייכע ליטעראַטור. ניטאָ קיין פּינטעלע אין די דאָזיקע צוויי גייסטיקע בנינים וואָס דער אַנאַליז רירט ניט אָן. די דינסטע שפּיצן פון דער פיינסטער דיאַלעקטיק נעמען דורך דאָגמעס, גלויבנס, מאָראַל, מנהגים, דינים, פאָרמולירונגען, פּרינציפּן, ביז די ווייטסטע מעטאַפיזישע פּראָבלעמען. די אָפּטסטע כאַראַקטעריסטיק וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן איז, אַז די יידישע אמונה איז אַ געזעץ־רעליגיע, אַ לעגאַלע סיסטעם, בעת די קריסטלעכע איז אַ רעליגיע פון גלויבן, פון פּערזענלעכער דערלייזונג. די דאָזיקע פאָרמולע פונעם אונטערשייד איז ניט בלויז די אָפּטסטע נאָר אויך די עלטסטע. דער נייער טעסטאַמענט רעדט מיט בייזקייט וועגן דעם יידישן לעבנס־אופן וואָס איז מיט אַזוי פיל פּרטים געזעצלעך נאָרמירט. עס רעדט אויך וועגן דעם, גראָד מיט אַ סך ליבע, יאָזעפוס פלאַוויוס אין זיין קעגן אַפּיאָנען. ער באַווייזט די גרויסע מעלות פון דער יידישער געזעצגעבונג און וועגן די הויכע ווערטן וואָס זי אַנטהאַלט אין זיך אין שייכות צום טאָג־טעגלעכן לעבן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַלע רעליגיעס, אַלע קולטורן, פאַרמאָגן אין זיך סיי די עלעמענטן פון געזעצלעכער נאָרמירונג, סיי די עלעמענטן פון אינערלעכער גייסטיקער רייניקונג. דאָך מוז מען מודה זיין אַז צווישן יידישקייט און קריסטנטום איז דער אונטערשייד, טעאָרעטיש, לכל הפּחות, אַ ריכטיקער. ביי אונדז איז הלכה אַן עיקר, פּונקט ווי פּערזענלעכע דערלייזונג איז אין דער קריסטלעכער רעליגיע. וואָס ווייטער עס ציט זיך דער גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, אַלץ גרעסער ווערט די ראָלע פונעם למדן, בקי, חריף, דער וואָס איז אַן אויפטוער ביים קלאָר מאַכן דעם דין, אָדער דעם נאָרמירנדיקן אָנזאָג פון פאַרהייליקטע טעקסטן. ביי קריסטן איז די הויפּט־פיגור דער הייליקער, דער מענטש פון מידות און אויפפיר וואָס סימבאָליזירן גאָט־באַהעפטונג, יענע־וועלטיקייט.

אין קאָנקרעטן גאַנג פון יידישן „לעגאַליסטישן מידת הדין" איז דער וועג געווען אַביסל אַנדערש ווי די פרעמדע שכנים האָבן געדרונגען. אינעם אַריינפיר צו זיין תלמודישע אַנטאָלאָגיע זאָגט ק. מאָנטעפיאָר: „אָבער עס איז היפּשלעך מאָדנע וואָס דורך ניינצן יאָרהונדערטן איז ביי דער גרעסטער צווישן די רעליגיעס פון דערלייזונג, דער גיהנום געווען מער רעאַליטעט און אַ שרעק פאַר אירע אָנהענגער איידער ביי די פון דער רעליגיע פון

הלכה״. דווקא ביי אונדז זאָגט די גמרא אַז: „אַ רעגנדיקער טאָג איז ווערט מער ווי תחית המתים, ווייל אַ רעגן איז גלייך פאַר די צדיקים און פאַר די רשעים, אָבער תחית המתים איז בלויז פאַר די צדיקים״. דאָס באַווייזט בלויז, אַז בנוגע לעבנס־סיסטעמען איז ניט שייך צו רעדן וועגן לאָגישער קאָנסעקווענץ, אַפילו ווען מען זאָל אָננעמען אַז ביי יידן וואָלט אַזאַ אויסגע־האַלטענע ליניע געדאַרפט פירן דורכויס צו אַ מעכאַנישן לעגאַליזם.

אפשר וועט דער אונטערשייד צווישן יידישקייט און דער קריסטלעכער רעליגיע אונדז קלאָרער ווערן ווען מיר וועלן אים צופירן צו די פאַרשיידענע קאָנקרעטע תנאים ביי וועלכע יעדע פון די צוויי האָט געדאַרפט לעבן. וואָרעם דער גרעסטער, באַשיימפּערלעכסטער חילוק צווישן די צוויי באַשטייט, ווי דאָס האָט נאָך אונטערגעשטראָכן דאָן יצחק אברבנאל, אין דעם וואָס די ערשטע, יידישקייט, דאַרף באַדינען דעם היסטאָרישן גאַנג פון גאַנצן לעבן פון אַ קאָנקרעטער, געפורעמטער, סאָציאַלער גרופּירונג, אַ פאָלק. דאָס פאָלק איז אין זיך אַליין די לעבעדיקע אייגן־געשאַפענע ירושה פונעם דאָזיקן גאַנצן לעבן, בעת די צווייטע, קריסטנטום, איז לכתחילה געקומען אַריינצודרינגען בלויז אין געוויסע גייסטיקע טיילן פון מענטשן וואָס וואָרצלען מיט די אַנדערע טיילן זייערע אין די ברייט־אַרומנעמענדיקע שטחים פון זייערע נאַציאָנאַלע קולטורן.

עס איז נאַטירלעך פאַר דער פאַרצווייגטער פאָלקישער אָרגאַניזאַציע, אין איר נאָענטן קאָנטאַקט מיט מענטשלעכע באַציאונגען אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אַז זי זאָל אַנטוויקלען אַ לעגאַליסטישע מענטאַליטעט. די נויט אויס־צואַרבעטן אַ שטענדיקן אויסגלייך־מעכאַניזם צווישן מענטש און מענטש, צווישן סאָציאַלע צדדים און איינפירן, צווישן מענטש און העכערע כוחות פון וועלכע ער פילט זיך באַהערשט — די דאָזיקע שטענדיקע נויט אין אָרגאַניזירטן פאָלקישן לעבן מוז פירן צו דער גענעראַליזירטער אָנונג, צו אַ מענטאַליטעט, וואָס שפּירט אַז מען מוז פורעמען אַלע סאָרטן מענטשלעכע שייכותן לויט פעסטגעשטעלטע נאָרמירנדיקע פּרינציפּן און כללים.

די יידישע תורה מוז אַרומנעמען אַלע אַספּעקטן פון לעבן, ווייל זי אַליין איז אַן אויסדרוק פון גאַנצן לעבן פון אַ באַשטימט פאָלק. די תורה זאָגט אָן: „אַז אַ מאַן וועט גנבענען אַן אָקס, אָדער אַ שעפּס, און וועט אים שעכטן, אָדער ער וועט אים פאַרקויפן, זאָל ער באַצאָלן פינף רינדער פאַר אַן אָקס און פיר שאָף פאַרן שעפּס״. די זעלביקע תורה דאַרף זיך אויך אָפּרופן אויף סאָציאַלע און מאָראַלע פּראָבלעמען: „זעקס טעג זאָלסטו טאָן דיין אַרבעט און אויפן זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען, כדי עס זאָל רוען דיין אָקס און דיין אייזל, און עס זאָל אָפּאָטעמען דער זון פון דיין דינסט, און דער פרעמדער״. אָבער אויך דאָס איז ניט גענוג פאַר אַ פאָלק. אַן אַנדער שטח פון לעבן פאַרלאַנגט נאָרמען אויף אַ העכערער פלאַך: „און אין אַלץ וואָס איך האָב

אײך אָנגעזאָגט זאָלט איר זײַן אָפּגעהיט; און דעם נאָמען פֿון פֿרעמדע געטער זאָלט איר ניט דערמאָנען. עס זאָל פֿון דײַן מויל ניט געהערט װערן". אַ רעליגיע האָט ניט קײן שײכות צום ערשטן אָנזאָג; װאָלט זיך אױך געקאָנט באַגײן אָן דעם צװײטן; בלױז דער דריטער ליגט אין גאַנצן אין אירע גרענעצן.

די דאָזיקע דרײַ נאָרמען זענען ניט בלױז אַנדערש מיט די אָפּשניטן פֿון לעבן װאָס זײ באַרירן; זײ אונטערשײדן זיך אױך אין פּרט פֿון דער דעטאַלער קאָנקרעטקײט מיט װעלכער זײ װערן אַרױסגעבראַכט. קרימינעלע געזעצגעבונג פֿאָדערט אַזאַ באַלדיקע פֿעסטשטעלונג אין פּרטים װאָס סאָציאַלע געזעצן קאָנען צוקומען צו זײ ערשט נאָך אַ װײַטערדיקער אַנטװיקלונג. די באַשטימונג „פֿינף רינדער פֿאַר אַן אָקס" זאָגט דעריבער קלאָרער װאָס צו טאָן אין אַ געגעבענער סיטואַציע, װי למשל, דער אַלגעמײנער אָנזאָג צו רוען דעם זיבעטן טאָג, װײַל עס קומט אױס גענױער צו דעפֿינירן װאָס מען מײנט מיט „רוען". אָבער סײַװי, אַ גרופּע, אַ פֿאָלק װאָס האָט, אָדער פֿילט אַז עס איז נאַטירלעך עס זאָל האָבן, איבער זיך די פֿולע יורידישע דעה איז פּשוט געצװאונגען אײַנצושטעלן זײַן לעבן דורך אַ ברײטער יוריספּרודענץ, דאָרט װאו די גאַנצע צעטײלונג פֿון רעליגיעז און סעקולער איז ניטאָ, שפּרײט זיך אױס אַזאַ סיסטעם אױפֿן גאַנצן ניט־דיפֿערענצירטן לעבן. משנה און תּלמוד האָבן נאָך דעטאַלער אונטערגעשטראָכן די דאָזיקע התחײבותן אין לעגאַלע טערמינען, און אױף אַזאַ אופֿן האָבן זײ פֿאַרפֿיקסירט אַ טראַדיציע פֿון אַן אײגנאַרטיקן כאַראַקטער װאָס איז — לכל הפּחות אין אירע װיכטיקסטע מאָמענטן — אַן אױסדרוק פֿון דער נשמה פֿונעם פֿאָלק.

דער קריסטלעכער כעס אױף די פּרושים לאָזט זיך גאַנץ גוט פֿאַרשטײן. די לעגאַליסטישע מענטאַליטעט, די שטרענגע יורידישע דיסציפּלין, דער גאַנצער דרך פֿון די פּרושים, האָט געמוזט זײַן פֿרעמד און װידערװיליק יענע װאָס האָבן אַפּעלירט בלױז צו געװיסע גײַסטיקע איבערלעבונגען, גראָד אַזעלכע װאָס װאָרצלען אין דער ניט־אױסגעפֿורעמטער, פֿאַרשאָטנטער ספֿערע פֿון השתּפּכות הנפֿש, עליית נשמה און טעאָלאָגישער דאָגמאַטיק. פֿאַר די פּרושים איז געשטאַנען אַן אױפֿגאַבע צו האַלטן אין קלאָר־באַשטימטע ראַמען די קאָנקרעטע, סעגמענטירטע פֿאַרקומענישן און באַציאונגען פֿון אַ היסטאָריש־פֿאָרמירט לעבן. רעדנדיק װעגן די אַלע הלכות, סיגים, איסורים, דערקלערט אײַזיק הירש װײס אין זײַן דור, דור ודורשיו, אַז זײער ציל איז געװען צו באַפֿעסטיקן די ייִדישע אמונה דורך שטאַרקן דעם פֿאָלק־פּרינציפּ און צו באַפֿעסטיקן דאָס פֿאָלק מיט דער הילף פֿון דער אמונה. די הױפּט־מניעה בײַם פֿאַרשטײן די צילן פֿון די פּרושים איז געװען דאָס, װאָס אין עצם האָבן זײ גערעדט די זעלביקע שפּראַך װאָס דער צד שכּנגד, זײ האָבן באַנוצט רײן־רעליגיעזע טערמינען, אין נאָמען פֿון רײן־רעליגיעזע פֿאַנקציעס. אַנדערש

האָט עס, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט זיין אין יענער צייט, אַ צייט ווען פאָלקישע און רעליגיעזע הנחות זענען ניט געווען צעטיילט און די רעליגיעזע סאַנקציע איז געווען דאָס איינציקע אויף וואָס מען האָט זיך געקאָנט סומך זיין.

דער כאַראַקטער פון דער יידישער טראַדיציע, וואָס אויף איר באַזירן איז אויסגעוואַקסן די לעגאַליסטישע מענטאַליטעט, איז געווען אַזאַ אַז אין איר איז תמיד קענטיק ניט בלויז אַן אויסדרוק פון אַ באַשטימטער אמונה, נאָר אויך די זאָרג פאַרן קיום פון פאָלק. רעדנדיק וועגן גלות בבל זאָגט אייזיק הירש ווייס: „די פריערדיקע נביאים האָבן זיך אַלע געהאַלטן מער אין די גרענעצן פון אַלגעמיינע פרינציפן און אידייען. מיט די פרטים פון דרויסנדיקע רעליגיעזע פאָרמען האָבן זיי זיך ווייניק וואָס אָפּגעגעבן. אין גלות אָבער האָבן זיי דווקא יאָ אָנגעהויבן זיך שטאַרק צו פאַראינטערעסירן מיט די פרטים און ביים פאַרשן די תורה איז דאָס ביי זיי כמעט געוואָרן דער הויפּט־ציל... דעריבער דאַרף אונדז ניט חידושן וואָס אין גלות האָבן זיי אָנגעהויבן שטאַרק מדקדק צו זיין אין אַלע פרטים פון די מצוות".

היינטיקע צייטן איז פונעם גאַנצן, ריזיקן געוועב פון לעגאַלע נאָרמען, פון די מצוות מעשיות, וואָס די טראַדיציע האָט אויסגעאַרבעט, ניט צופיל פאַרבליבן ביי יידן וואָס לעבן אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער מאָדערנער וועלט. אָבער דאָס וואָס איז פאַרבליבן ווייזט אַרויס אַ כוח צו לעבן אויפן אייגענעם חשבון, און געפינט זיין באַרעכטיקונג אין זיך אַליין. פאַרוואָס היטן אָפּ אַזעלכע יידן די יידישע ימים־טובים? פאַרוואָס צינדן זיי ליכט פרייטיק־צו־נאַכטס? פאַרוואָס ווילן זיי אַזוי שטאַרק אַז זייערע קינדער זאָלן וויסן וועגן ידישקייט? פון די אַלע ענטפערס וואָס ווערן געגעבן איז פאַראַן בלויז איינער, וואָס מען הערט צום אָפטסטן, וואָס זעט אויס צו זיין דער דירעקטסטער אויסדרוק פון דער פסיכישער איבערלעבונג: ווייל אַזוי פירן זיך יידן, ווייל איך בין אַ ייד, ווייל דאָס איז לויט דער יידישער טראַדיציע. אַזאַ ענטפער איז ניט רעליגיעז און ניט ראַציאָנאַל מאָטיווירט, אָבער די פאָלקישע מאָטיווירונג איז גענוג שטאַרק ווי אַ ווירקעוודיקער פאַקטאָר, אַז זי זאָל די טראַדיציע פאַרוואַנדלען אין טראַדיציאָנאַליזם, אַ קריטעריע און אַ פרינציפּ אין יידישן אויפפיר.

אין די טעמי המצוות קאָן זיין אַ רעליגיעזע סיבה, אַ ראַציאָנאַלע אָדער אַ ריין־טראַדיציאָנעלע. אין דער עלטערער מענטאַליטעט האָט זיך די רעליגיעזע און טראַדיציאָנעלע, אָדער היסטאָרישע, געפילט ווי איין איינציקע צונויפגעגאָסענע איבערלעבונג. אָבער עס ווערט אַלץ מער קלאָר, אַז ווען דער גייסט פון דער צייט צעטיילט די דאָזיקע צוויי, און די רעליגיעזע סיבה פאַרלירט איר מאָנענדיקע קראַפט, באַקומט דער טראַדיציאָנעלער פרינציפּ אַליין דעם כוח פון אַ סאַנקציאָנירנדיקער אויטאָריטעט.

טראַדיציאָנאַליזם ליגט אין גאַנצן ניט אויף דער ליניע וואו עס ווערט

געפֿירט די מחלוקת צווישן רעליגיע און סעקולאַריזם. די טענדענץ צו סעקולאַריזירן דאָס יידישע לעבן באַשטייט אין דערוווייטערן זיך פֿון אַלץ וואָס איז היסטאָריש געבונדן צו אַן אמונה אין אַן איבערנאַטירלעכן סדר, און פֿון אינסטיטוציעס און פֿונקציעס וואָס אַזאַ גלויבן האָט אַרויסגערופֿן. דאָס פֿירט צו פּראָבלעמען, קודם כל, אַלגעמיינע פֿילאָסאָפֿישע פּראָבלעמען, וואו עס קאָן ניט זיין קיין פּשרה צווישן די צוויי צדדים. דער טראַדיציאָנאַליסט קאָן, אָבער מוז ניט, נעמען קיין שטעלונג אין די דאָזיקע מעטאַפֿיזישע וויכּוחים לטובת איין מיינונג אָדער אַ צווייטער.

אַחוץ דעם, סעקולאַריזם און רעליגיע זענען ביידע אין זייער כאַראַקטער פֿילאָסאָפֿיש נאָרמאַטיוו; זייער הויפּט־עובדא איז אונדז צוצורעדן פֿון וואָסערע אויסדרוקן פֿון יידישקייט מיר דאַרפֿן, על פּי טעאָריע, אָדער דאָגמע, האַלטן און פֿון וואָסערע ניט. סעקולאַריזם, למשל, קאָן מסכּים זיין מיט פֿייערן חנוכּה, אָבער וועט זיך שטאַרק אָפּגרענעצן פֿון יום־כּיפּור. רעליגיע, ווידער, וועט ניט בלויז אַ סך מער אַרויסהייבן יום־כּיפּור, נאָר וועט אויך אַנדערש מאָטיווירן חנוכּה. פֿאַר טראַדיציאָנאַליזם איז ניט וויכטיק די טעאָרעטישע, טעאָלאָגישע מאָטיווירונג, נאָר די היסטאָרישע איינגעוואָרצלטקייט און איצ־טיקע פֿאַרשפּרייטקייט פֿון אַן איינפֿיר. פֿון אַזאַ שטאַנדפּונקט זענען אַלע מער־פֿאַרשפּרייטע יידישע פֿייערונגען און איינפֿירן גלייך וויכטיק, ווייל זיי דריקן אויס דעם קאָלעקטיוון לעבנס־פֿאַרלאַנג פֿון אונדזער פֿאָלקישער שותּפֿות; עס ליגט אין זיי אַ הויפּט־מאָטיוו וואָס גייט דורך די גאַנצע אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער טראַדיציע.

אַנטקעגן דעם דאָזיקן בליק ווערט אַרויסגעשטעלט אַ טענה וואָס זעט אויס צו זיין זייער ערנסט, וואָרעם אויב טראַדיציאָנאַליזם רעכנט זיך ניט מיט דער טעאָרעטישער מאָטיווירונג וואָס שטייט הינטער דער טראַדיציע, קומט אויס אַז עס פֿאַרשווינדט יעדער זינען פֿון דעם וואָס מען טוט. סיי סעקולאַריזם, סיי רעליגיע שטרייכן אונטער די וויכטיקייט פֿון אַן אינערלעכן זינען. למשל, סעקולאַריזם קאָן דערלאָזן, אַפֿילו פֿאָדערן, מען זאָל פֿייערן פּסח, ווייל דאָס איז אַן אָנדענק נאָך אַ גרויסער יידיש־היסטאָרישער געשעע־ניש. אָבער ער וועט זיך אָפּזאָגן פֿון, כאַפּן מיר אָן, מאַכן קידוש, ווייל קידוש איז אַ באַציאונג וואָס דריקט אויס אַ באַשטימטע רעליגיעזע איבערצייגונג פֿון וועלכער דער סעקולאַריסט מעג ניט האַלטן. מחמת דעם זעלביקן טעם וועט דער רעליגיעזער ייד זען אין קידוש יענעם אינערלעכן זינען, וואָס אָן דעם האָט קיין שום צערעמאָניאַל קיין ווערט ניט. דער טראַדיציאָנאַליסט וועט זיכער האַלטן מיטן רעליגיעזן יידן בנוגע דער וויכטיקייט פֿון קידוש, אָבער קאָן זיין נייטראַל צו דער רעליגיעזער מאָטיווירונג. היינט וואָסער זינען קאָן האָבן פֿאַר אים דער גאַנצער צערעמאָניאַל?

לאָגיש זעט דאָס אויס צו זיין אַ שטאַרקע טענה, נאָר צום גליק קאָן אַ

מענטש בלויז דענקען לאָגיש, ווען ער שטרענגט זיך אָן, אָבער אין לעבעדיקן לעבן וועט קיין אָנשטרענגונג אויך ניט העלפן. מיר לעבן ניט לאָגיש נאָר פּסיכאָלאָגיש. ווי אַזוי קאָן אַ ליטעראַרישער מפונק פילן דעם הייליקן ציטער בעת ער זינגט זיין נאַציאָנאַלע הימנע? דער טעקסט איז על פּי רוב זייער שוואַכע און גראָע פּראָזע, דאָך ווערט פון דעם ניט געמינערט איר אַפּעליר־קראַפט. אַקוראַט דאָס זעלביקע קאָן מען זאָגן וועגן דער מעלאָדיע. וואָסער זינען האָט אַ קאָלירט שטיקל סחורה ווען עס ווערט פּראָקלאַמירט ווי דער נאַציאָנאַלער פלאַג? וואָסער זינען האָט אַ קאַפּיטל תהלים פאַר פרומען יידן וואָס ווייס ניט קיין פירוש המילות?

אין די וויכטיקסטע מאָמענטן פון לעבן זענען ביי אונדז ווערטער, מעשים און באַציאונגען סימבאָלישע אויסדרוקן פון געפילן, שטימונגען און אָפּשאַצונגען פון ווערטן וועגן וועלכע מיר גיבן זיך זעלטן אָפּ אַ קלאָרן דין וחשבון. אויך אין רעליגיעזן לעבן איז פּסיכאָלאָגיש אומדענקבאַר אַז יעדער באַזונדער אַקט זאָל גיין צוזאַמען מיטן טעאָלאָגישן באַוואוסטזיין וואָס מאָטיווירט אים. אַפילו ביי די גרויסע רעליגיעזע פּערזענלעכקייטן, וואָס אַ וויכטיקער טייל פון זייער לעבן איז אָפּגעגעבן צו מיסטישער קאָנטעמפּלאַציע, קומט דאָס ניט פאָר צו אָפט. געוויינטלעך ווערט יעדער איינגעשטעלטער אַקט אַ נאָרמאַלע רוטין פון אַ לעבנס־שטייגער און נייטיקט זיך ניט אין קיין שום ספּעציעלע סטימולן כדי מען זאָל אים דורכפירן. דער אַקט האָט דעם כאַראַקטער פון אַ ווערט אין זיך אַליין, וואָס אָן דעם ווערט געשטערט די גאַנצקייט פון לעבן. דער קלאָרער באַנעם פון אַ זינען ליגט דעמאָלט אין דער אַלגעמיינער פּסיכישער רעאַליטעט פון וועלכער דער פאַראיינצלטער אַקט איז אַ טייל און אַ סימבאָלישער אויסדרוק.

דאָס זעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן דעם טראַדיציאָנאַליסטישן צוגאַנג צו מצוות מעשיות. פאַראַן געניג בפירושע כוונה אינעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ. דער ייד וואָס האַלט אַז ער דאַרף זיך „אויפפירן יידיש", ווייל ער איז אַ ייד, ווייל ער וויל זיין אַ ייד צווישן יידן, ווייל מען דאַרף האַלטן טייער אונדזער ירושה, אאַז"וו, אין דעם הערט זיך קלאָר דער אימפּולסיווער דראַנג צו קיום האומה. דאָס איז די אַלגעמיינע מאָטיווירונג, יעדער באַזונדער אַקט קאָן דעמאָלט געפילט ווערן ווי אַ סימבאָל וואָס דריקט אויס דעם אַלגעמיינעם זינען. אויב עמעצער וואָלט געוואָלט אָפּפרעגן די פּסיכישע מעגלעכקייט פון אַזאַ פּראָצעס, וואָלט מען אים פּשוט געקאָנט ענטפערן: אָט זעסטו דאָך. וואָרעם אין אַלע קרייזן, אַפילו צווישן די פּשוטע יידן פון אָרטאָדאָקסישן פליגל, קאָן מען היינטיקע צייטן זייער אָפט הערן אַ ריין־טראַדיציאָנאַליסטישע דערקלערונג ווען מען פרעגט פּראַגעס וועגן יידישקייט.

## דאָס רעליגיעזע אין טראַדיציאָנאַליזם

איך האָב פריער באַמערקט, אַז טראַדיציאָנאַליזם באַוועגט זיך אין גאַנצן ניט אויפן שטח וואו עס קומט פאָר די מחלוקה צווישן רעליגיע און סעקולאַריזם. דאָך מוז מען מודה זיין, אַז אין דאָזיקן פרט איז דער ענין ניט אַזוי פשוט. טעאָרעטיש איז ניטאָ קיין סתירה צווישן טראַדיציאָנאַליזם און אַ סעקולאַרן קוק אויף יידן און יידישקייט, אָבער עס איז פאַרט פאַראַן אַ שיכט אינעם רעליגיעזן ייד־געפיל וואָס טראַדיציאָנאַליזם איז אין זיך כולל, און דערמיט ווערן די צוויי אינטימער דערנענטערט צווישן זיך.

טראַדיציאָנאַליזם איז מחייב אַן עמאָציאָנעלע צוגעבונדנקייט צום יידישן זיין וואָס, וויפל מיר זאָלן עס ניט ראַציאָנאַליזירן, בלייבט נאָך אַלץ אַן עודף וואָס שטייגט אַריבער די פאַקטן, וואָס פאַסט זיך ניט אַריין אין קיין שום סכעמע פון הוילע פאַקטן. ווען מיר נעמען צוזאַמען סיי די פאַקטן, סיי דעם עודף, דערהערן מיר אינעם ייד־געפיל אַן עכאָ פון די העכסטע שפּיצן פון אַן אוניווערסאַלער מאָראַל; מיר ווערן דורכגענומען מיטן ליכט פון מאַרטי־רערשאַפט וואָס שפּרייט אויס אַ ספערע פון הייליקייט, פון יראת הרוממות; מיר ווערן אַ פונקט צו וועלכן עס ציען זיך ריזיקע שטרעקעס צייט, ווייט און ווייטער, און נאָך ווייטער, אויף ביידע זייטן פון צייט־לויף, פון דער פאַר־שוואונדענער האַלב־פאַרגעסנקייט אויף יענער זייט האָריזאָנט ביז די זעאונגען פון אחרית הימים. ווען מיר רעכענען פון דעם אַראָפּ דעם עמאָציאָנעלן עודף, ווען מיר נעמען, אַזוי צו זאָגן, בלויז דעם מאַטעריעלן שטאָף פון וועלכן די אַלע זאַכן באַשטייען, קאָנען מיר אין דעם זען ניט מער ווי אַ צאָל פאַקטן, פיזישע אָדער פסיכישע.

וואָרעם אויף וויפל זיי זענען נאַקעטע פאַקטן קאָנען זיי בלויז זיין פאַר אונדז אַ צאָל אויסגעשטעלטע פונקטן אין דמיון, אָדער אין זכרון. כדי זיי זאָלן זיין אַנהאַלטנדיקע פאַקטאָרן אין גאַנצן אינעווייניקסטן לעבן דאַרפן מיר זיי אָנקליידן מיט אַ זינען און אַ ווערט. איך זאָג אַז מיר דאַרפן זיי אָנקליידן, ווייל וויפל מיר זאָלן ניט קוקן אויף פאַקטן, קאָנען מיר אין זיי אַזעלכע אייגנשאַפטן ניט זען. מיר ווייסן, אַז דער טראַדיציאָנאַליסט האָט אין זיך געפילן און טוט זאַכן וואָס סוף כל סוף שטאַרקן זיי דעם כוח פון יידישער עקסיסטענץ. וואָסערע סיבות רופן דאָס ביי אים אַרויס? זיכער ניט דער הוילער פאַקט וואָס ער שטאַמט פון יידישע עלטערן; זיכער ניט די ידיעות וואָס ער האָט וועגן יידן; זיכער ניט די רוטין פון זיין יידישן אויפפיר, סיידן זיי האָבן פאַר אים אַ געהויבענעם זינען און געפינען זיך אויף די העכערע מדרגות פון זיין ווערטן־סכעמע. ערשט דעמאָלט פילט ער אַז ס'איז גוט אַזוי, אַז ניט צו פירן זיך אַזוי וואָלט געווען נידעריק, שלעכט.

אויף אַזוי ווייט שטייגן מיר בשום אופן ניט אַריבער די גרענעץ פון נאַטירלעכע, פסיכישע פּראָצעסן וואָס זענען אונדז וואויל באַקאַנט. מיר

געפינען זיך נאָך אַלץ אויפן שטח וואָס קאָן זיך אַריינפּאַסן אין מעכאַנישער געזעצלעכקייט. אמת, מיר האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע פּסיכישע זאַכן ווי ווערטן, דאַרפן מיר בלויז שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז אַ מענטש איז בטבע אַ ווערט־שאַפנדיקע און אַ זינען־שאַפנדיקע מאַשין. ווען דערמיט וואָלט זיך אַלץ פאַרענדיקט, וואָלט זיך דאָ געדאַרפט אָפּשטעלן די גאַנצע חקירה. איז אָבער די מעשה וואָס דער טראַדיציאָנאַליסט האַנדלט אין דער אמתן גאַנץ אַנדערש אין זיין באַציאונג צו יידישקייט. עס קומט ביי אים אויס, אַז ניט ער שאַפט דעם זינען און דעם ווערט, נאָר אַז זיי ליגן דאָרט, אין יידישן פאָלק, אין יידישקייט.

נאָך מער, ווי מיר ווייסן איז זייער מעגלעך אַז אַ ייד זאָל ניט זיין צו שטאַרק באַגייסטערט פאַר די יידן וואָס ער קען, וואָס ער זעט, פון וועלכע ער הערט, פאַרקערט, ער קאָן זיין ביטער־קריטיש צו אַלע קאָנקרעטע יידן, און דאָך האָבן אַ האַרץ פול מיט ליבשאַפט פאַרן יידישן פאָלק, פאַר אַ יידישער אַבסטראַקציע וואָס איז הוילע אידייע. די האַנדלונג איז אַזאַ, אַזוי ווי דאָס וואָלט ניט געווען בלויז אַן אינגעווייניקסטע איבערלעבונג, נאָר אַן אָפּשאַצונג פון אַ דרויסנדיקער רעאַליטעט.

אַנדערש קאָן עס דאָך ניט זיין. וואָרעם כדי צו דערפילן די הויכע מדרגה פון אַ ווערט, און זיך לאָזן פירן פון זיין באַפעלערישן כוח, מוז מען אים זען ווי אַן אמת אין זיך אַליין, עפּעס וואָס איז ניט אָפּהענגיק פון די צופעליקע נייגונגען פון אַ מענטשן, עפּעס וואָס איז ניט קיין פערזענלעכער עמאָציאָנעלער קאַפּריז. בקיצור, עס דאַרף זיין אַ פּאָזיטיווער כוח וואָס קומט צו אונדז פון ערגעץ אַ דרויסן, אַן אָביעקטיווער רעאַליטעט. דער פאַקט וואָס אין דער באַציאונג צו יידישער טראַדיציע איז מען ניט אַליין, מען טרעפט זיך פּנים אל פּנים מיט אַ גרויסן כלל וואָס רופט זיך אָפּ אויף אַן ענלעכן אופן, דאָס פאַרשטאַרקט נאָך מער דאָס אומפאַרמיטלטע געפיל אַז דאָס יידישע אין אונדז, וואָס איז שוין איצט אויף דער מדרגה פון אַ יידישער אידייע, איז אַ הויכער מאָמענט אין אוניווערסאַלן סדר פון ווערטן.

אויב ווערטן געהערן צו אַן אָביעקטיווער רעאַליטעט, איז דאָס אַ רעאַליטעט פון אַ העכערער מדרגה, ד״ה, אַן אוניווערס צו וועלכן די וויסנשאַפט קאָן קיינמאָל ניט צוקומען. וואָרעם וויסנשאַפט קאָן זיך בלויז שטיצן אויף געשפּירטע, אָדער ראַציאָנאַל־דערגרייכטע פאַקטן. אָבער די פאַקטן אין זיך גופא מאַניפעסטירן ניט די עקסיסטענץ פון ווערטן. פאַקטן אין זיך גופא זענען ניט בעסער אָדער ערגער, ניט שענער אָדער מיאוסער, ניט מאָראַליש אָדער אוממאָראַליש. אמת, די אַלע קוואַליטעטן פילט יעדער מענטש, פון־דעסטוועגן קאָן אַפילו די פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט, וואָס האָט דורכויס צו טאָן מיט מענטשלעכע געפילן, אויך ניט צוקומען צו יענער רעאַליטעט, אויף וויפל מיר באַנעמען זי ניט ווי אַן אינערלעכע איבערלעבונג, ניט קיין פיקציעס

וואָס אַ פּסיכישע מאַשין האָט פּראָדוצירט, נאָר ווי אַן אָביעקטיווע געשעעניש. אָבער ווערטן שפּילן דאָך אַ דעצידירנדיקע ראָלע אין אונדזער לעבן; ווען מיר שטייען פאַר אַ קריטישער ברירה צווישן יאָ און ניין זענען ווערטן דער צד המכריע. קומט אויס, אַז דער דאָזיקער אוניווערס, כאָטש מען קאָן צו אים מיט די געוויינלעכע נאַטירלעכע מיטלען ניט צוקומען, האָט צו אונדז אַן אינטימע שייכות, ער קערעוועט, דיקטירט, באַפעלט און באַשטימט ענדגילטיק אונדזער האַנדלונג. אָבער דאָס איז דאָך ניט עפּעס אַנדערש ווי די גוט־באַקאַנטע גאָט־אידייע. גייענדיק מיט אָט דעם דרך לאָזט זיך שוין זאָגן, אַז די צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק נעמט זיך פון דער הויכער ווערט־מדרגה אויף וועלכער גאָט האָט אונדז אַוועקגעשטעלט.

איז טראַדיציאָנאַליזם דאָס אַלץ מחייב? ניין, בשום אופן ניט. צו האַנדלען אַזוי ווי אַזאַ אָביעקטיווע רעאַליטעט וואָלט באמת עקסיסטירט איז ניט די זעלביקע זאַך ווי אָננעמען אַז זי איז טאַקע דאָ. אין מאָמענט פון האַנדלונג איז, פאַרשטייט זיך, קיין חילוק ניטאָ צווישן די צוויי. ביים אָפּריכטן דעם פּסחדיקן סדר, למשל, פילן ביידע, סיי דער טראַדיציאָנאַליסט, סיי דער פרומער ייד, אַז אַזוי דאַרף זיין, אַזוי איז גוט, אַזוי דאַרף טאָן אַ ייד. ביידע גיבן דעם זעלביקן ענטפער אויף דער באַפעלערישער פאָדערונג פון אַ העכערן ווערט. ביידע טוען עס ווי אַ נאַטירלעכע רוטין אין לעבן, ניט רעפלעקטירנדיק וועגן די העכערע מאָטיווירנדיקע טעמים וואָס שטייען הינטער דעם. דער חילוק שווימט אַרויס ווען אַ געלעגנהייט ברענגט צום באַוואוסטזיין די פראַגע „פאַרוואָס?“

אין זייער צייט פון דער האַנדלונג האָבן ביידע זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון אַ העכערער, באַפעלערישער רעאַליטעט. וואָרעם דער גאַנצער כוח פונעם „אַזוי ווי“ באַשטייט דאָך אין דעם וואָס ער פונקציאָנירט ווי אַן „איז“. ביים פרומען יידן איז דאָס באַוואוסטזיין דאָס זעלביקע סיי בעת דער האַנדלונג, סיי אין מאָמענט פון נאָכטראַכטן. אין ביידע פאַלן ווערט ביי אים ניט אָפּגעפרעגט די עקסיסטענץ פון דער העכערער רעאַליטעט. ביים טראַדיציאָנאַליסט קאָן שוין זיין אַ ויתרוצו צווישן די צוויי פּאָזיציעס. פילאָסאָפירנדיק, קאָן ער זיך כאַפּן אַז דער „אַזוי ווי“ איז אין דער אמתן אַן אילוזיע, אָדער ער קאָן בלייבן ביי ספקות און שטענדיק וויגן זיך אַהין און צוריק. דאָ זעט מען אַז צווישן טראַדיציאָנאַליזם און רעליגיע, וואָס זענען פריער געווען אַזוי נאָענט איינס צום אַנדערן, איז, אין מאָמענט פון זוכן מאָטיוון, אויסגעוואַקסן אַן ערנסטע גרענעץ וואָס מען קאָן אַזוי לייכט ניט אַריבערשפּאַנען. אין דעם פאַל קאָן בלויז גלויבן זיין דער וועגווייזער. וואָרעם אַ רעאַליטעט צו וועלכער מען קאָן ניט צוקומען מיט די נאַטירלעכע מיטלען פון זוכן און פאָרשן — כאָטש עס איז זייער שווער אָן איר אויס־צוקומען ווען מען וויל זיך אַרויספּלאָנטערן פון די שוועריקייטן אין וועלכע

מיר זענען פאַרוויקלט — אַזאַ רעאַליטעט קאָן מען בלויז דערגרייכן דורך אמונה. עס איז בלי ספק ריכטיק אַז גלויבן איז פאַרוויקלט אין אַלץ וואָס מיר טוען; פונדעסטוועגן, ווען עס קומט צו סיסטעמאַטישער אמונה איז דאָס אַ פּראָצעס פון בייקומען שווערע, אינטעלעקטועלע נסיונות. עס הענגט אָפּ ניט בלויז פונעם אינטואיטיוון אויפבליץ אָנצופילן מיט אַ פּאָזיטיוון יש דעם חלל צו וועלכן די אָנשטרענגונגען פונעם שכל קאָנען ניט צוקומען. עס זענען פאַראַן אַנדערע פאַקטאָרן מיט וועלכע מען דאַרף זיך שטאַרק רעכענען.

אין זיינע שווערע ראַנגלענישן מיט זיך אַליין האָט אויגוסטין געזאָגט: „אמונה איז דער גלויבן אין דעם וואָס מען זעט ניט, און דער שכר פאַר דעם איז צו דערזען דאָס אין וואָס מען גלייבט". אָבער די גרייטקייט פון אַזאַ שכר הענגט אויך אָפּ פון דער סאָציאַלער סביבה און דעם קולטורעלן קלימאַט אין וועלכן מען לעבט. פאַרשטייט זיך, אַ גרויסע ראָלע שפּילן אין דעם אויך די גייסטיקע אייגנשאַפטן פון אַ פערזענלעכקייט.

קומענדיק צוריק צו אונדזער ענין, לאָזט זיך פאַרשטיין אַז אויב טראַדיציאָנאַליזם און רעליגיע זענען אַזוי נאָענט צווישן זיך אין האַנדלונג, זאָל, אונטערן דרוק פון צייט און סביבה און פערזענלעכער איינזעעניש, אָפּט פאָרקומען אַן אַריבערגאַנג פון איין מדרגה צו דער צווייטער. דער אַריבערגאַנג פון דער רעליגיעזער צו דער טראַדיציאָנאַליסטישער מאָטיווירונג איז אונדז וואויל באַקאַנט. אָבער אויך דאָס פאַרקערטע איז מעגלעך. ווי עס זעט אויס, אַנטוויקלט זיך אַ צייט־גייסט ביי וועלכן דאָס וועט נאָך מער מעגלעך זיין. דאַרפן מיר אָבער פון דעם קיין עגמת נפש ניט האָבן. אויב עס איז פאַראַן אַ מאָמענט ווען מיר זענען מחויב צו טראַכטן פונעם שטאַנדפּונקט צי עס איז גוט פאַר יידן, איז דאָס לכל הדעות דער דאָזיקער מאָמענט. דער איבערגאַנג פון דער טראַדיציאָנאַליסטישער צו דער רעליגיעזער מאָטיווירונג אין יידישן שטייגער איז זיכער ניט שלעכט פאַר יידן. גליקלעכערוויז איז אויך גוט צו געדענקען, אַז עס ליגט ניט חלילה אין דעם קיין שום אַלגעמיין־מענטשלעכע סכנה.

(1952)

# און אַז דיין זון וועט דיך פרעגן

### די פראַגע וועגן פראַגעס

דער שרייבער פון דער לעצטער פרשה פון דער סדרה בוא האָט זיך קענטיק ניט געוואָלט באַנוגענען מיט אַ ריין־סעקרעטאַרישער פונקציע. ער האָט טאַקע פאַרצייכנט וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן אין די דראַמאַטישע מאָמענטן צווישן רבונו של עולם, משהן און די בני ישראל. אָבער ער האָט זיך אויך געשטעלט גאַנץ קלאָרע דערציערישע אויפגאַבעס. ער האָט געפילט אַז קינדער זענען אַן אַנדער קלאַס וואָס פאַר זיי דאַרף מען זאָרגן באַזונדער. ווען ער האָט פאַרשריבן: „און גאָט האָט געזאָגט צו משהן אַזוי צו זאָגן: הייליק צו מיר יעטוועדער בכור... — פון אַ מענטשן ביז אַ בהמה זאָל געהערן צו מיר", ווען ער האָט דאָס פאַרשריבן איז אים איינגעפאַלן, אַז קינדער וועלן דעם דאָזיקן איינפיר לחלוטין ניט פאַרשטיין. האָט ער צוגעגעבן: „און עס וועט זיין אַז דיין זון וועט דיך פרעגן שפּעטער אַהין, אַזוי צו זאָגן: וואָס איז דאָס? זאָלסטו זאָגן צו אים: מיט אַ שטאַרקער האַנט האָט אונדז גאָט אַרויסגעצויגן פון מצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט. און עס איז געווען אַז פרעה האָט זיך איינגעשפּאַרט קעגן אונדז אַוועקלאָזן, האָט גאָט געהרגעט יעטוועדער בכור אין לאַנד מצרים, פון אַ בכור פון אַ מענטשן ביז אַ בכור פון אַ בהמה". דאָס, האָט ער מסתמא געפילט, וועט שוין באַרואיקן דעם יונגן דור.

אין דער אמתן איז דאָס אַ האַלבע דערקלערונג: עס גיט בלויז צו פאַרשטיין פון וואַנען דער איינפיר נעמט זיך היסטאָריש, אָבער ניט פאַרוואָס דער רבונו של עולם וויל דווקא אַז אויך איצט זאָל דער בכור אויסגעטיילט ווערן ווי אַ הייליקער אָביעקט. ווי ווייניק מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף קינדערס ידיעות וואָלטן זיי פונדעסטוועגן געקאָנט אָנווייזן, אַז ניט אַלע זאַכן וואָס האָבן אַמאָל געשפּילט אַ באַשטימטע ראָלע האָט גאָט געהייסן אַז מען זאָל זיי אויך שפּעטער אויסטיילן אויף אַן ענלעכן אופן. גאָט האָט, למשל, ניט פאַרבאָטן צו עסן עפּל ווייל די דאָזיקע אומגליקלעכע פרוכט, ווי מען נעמט אָן, האָט געשפּילט אַזאַ פאַררעטערישע ראָלע, וואָס צוליב דעם ליידן מיר עד היום הזה. און אויב מכת בכורות איז געווען אַזוי אַנטשיידנדיק, איז דאָך יציאת מצרים גופא דאָס אַוודאי געווען. דאָך האָט גאָט אונדז ניט געגעבן קיין ספּעציעלן ריטואַל וואָס זאָל דראַמאַטיזירן דעם אַרויסמאַרש פון מצרים ווי אַן אָנדענק פון יענער צייט. אַמאָליקע גרויסע געשעענישן זענען אַזוי רייך אין צאָל, אַז דער בורא עולם האָט דאָך געמוזט מאַכן אַ געוויסע סעלעקציע. היינט אויב אויסקלייבן, פאַרוואָס דווקא די בכורים?

אָבער יענעם שרייבער איז, ווייזט אויס, אַפילו ניט איינגעפאַלן אַז די קינדער וועלן אַזוי ווייט פאַרקריכן מיט זייערע קשיות. אים אַליין האָט מסתמא קיינמאָל ניט געאַרט אַזאַ קלאָץ־קשיה, פאַרוואָס יידן דאַרפן טאָן אַזוי ווי יידן טוען. ער האָט בלויז געוואָלט וויסן די מעגלעכע כוונה וואָס קאָן ליגן הינטער דעם. ער האָט זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן אַז קינדער וועלן פרעגן עפּעס אַנדערש. האָט ער זיך דעריבער באַנוגנט מיט אָנווייזן די היסטאָרישע ווענדונג פונעם איינפיר.

ווען מיר קומען צו דער הגדה של פסח, האָבן מיר שוין גאָר אַן אַנדער צייט, אַנדערע יידן מיט אַנדערע קינדער. אויך דאָ שטעלט זיך פאָר דער שרייבער אַז עס וועלן זיין קשיות, אָבער ער באַהאַנדלט דעם ענין אויף גאָר אַן אַנדער אופן. ראשית כל, גיט ער פיר טיפּן און דריי סאָרטן קשיות; צווייטנס, גיט ער אויך זיין אייגענעם קריטישן קאָמענטאַר דורך די ספּעציעלע נעמען מיט וועלכע ער רופט די קשיות־פרעגער: חכם, רשע, תם, שאינו יודע לשאול. דאָס איז שוין אַ מער סוביעקטיווער און אומטאָלעראַנטער שרייבער. טאָמער פרעגט מען ניט די פראַגע אַזוי ווי אים איז ניחא, ווערט ער בייז און רופט אָן דעם פרעגער מיט אַ זייער אומקאָמפּלימענטאַרן נאָמען. דער אונטערשייד צווישן דעם חכם און דעם רשע איז דאָס וואָס דער ערשטער וויל בלויז דערגיין די כוונה הינטער דעם איינפיר, אָט פונקט ווי די פריער־דערמאָנטע פראַגע אין חומש; דער צווייטער רעדט שוין אין גאַנצן ווי אַ דרויסנדיקער, צו וואָס מען דאַרף דאָס אין גאַנצן, וואָס די כוונה זאָל ניט זיין. אָט די פרעמדקייט — לכם ולא לו — איז שוין אין זיך גופא אַ סימן אַז דאָס רעדט אַ רשע. אַזוי האַלט דער שרייבער, און מסתמא זענען געווען געװנוג פאַלן אין יענער צייט וואָס האָבן דעם שרייבער דערצאָרנט און ער האָט זיין כעס ניט געקאָנט גובר זיין.

היינטיקע צייטן האַלטן מיר שוין אַ סך ווייטער. דער שטח פון קשיות־פרעגעריי האָט זיך אויסגעשפּרייט פונעם שפּיץ ביזן גרונט. יעדער ענטפער רופט אַרויס נייע קשיות, און מען דאַרף גאָרניט האָבן קיין באַזונדער גע־וואַגטקייט צו צילן אַפילו אינעם סענסיטיווסטן פּינטל אַריין. עס האָט זיך אַמאָל אָנגעהויבן מיט: „צו וואָס דאַרף מען אָפּגיסן נעגל־וואַסער אין דער פרי?" אָבער פּאַמעלעך האָט זיך שוין די פראַגע־סקאַלע צוגערוקט צו: „צו וואָס דאַרף מען אָפּהיטן וועלכן ניט איז אויסדרוק פון יידישקייט? צו וואָס מוז דאָס אַ ייד זיך דווקא אידענטיפיצירן מיט יידן? פאַרוואָס זאָלן יידן בכלל זיך איינשפּאַרן צו לעבן ווי אַ באַזונדערע עדה אין דער וועלט?"

אַ ייד וואָס איז טראַדיציאָנעל געבונדן וועט זיכער האָבן גרויס עגמת נפש פון דעם וואָס אַזעלכע פראַגעס קומען בכלל אויפן זינען. אָבער אויב ער איז אַ מאָדערנער מענטש, און אים איז נאָענט דער ווערט פון אינטעלקטו־עלער באַלאַנסירטקייט, וועט ער בשום אופן ניט פועלן ביי זיך צו באַליידיקן

אַן אַנדער יידן מיט רשע אויב ער וועט פרעגן אַזעלכע קשיות. פאַרקערט, ער קאָן פילן אַז ער וואָלט אפשר פאַר זיך אַליין געדאַרפט האָבן דעם אמתן תירוץ מספיק אויף אַט די ווייט-גייענדיקע פראַגעס. נאָך מער, ער קאָן זיך אָנהייבן חידושן פאַרוואָס אים אַליין האָבן קיינמאָל אַזעלכע קשיות ניט געאַרט. אַט אַזוי טראַכטנדיק קאָן ביי אים אויפשווימען דער געדאַנק אַז זוכן אַ דירעקטן תירוץ איז אפשר ניט אַלע מאָל דער ריכטיקער וועג צו פאַר־ענטפערן אַ פראַגע, אַמאָל איז בעסער אָנצוהייבן מיט די פאַרבאָרגענע און פאַרוואָרפענע וואָרצלען פון וועלכע די פראַגע שפּראָצט אַרויס.

ביסלעכוויז ווערט קלאָר, אַז דאָס פרעגן גופא איז ניט בלויז אַן אינטעלעקטועלער פּראָצעס, נאָר אויך אַן עמאָציאָנעלער; לכל הפּחות דאַרף זיין אַ געוויסער עמאָציאָנעלער הינטערגרונט כדי מען זאָל פרעגן קשיות. וואָרעם עס איז דאָך ידוע, אַז ניט וועגן אַלץ פרעגן מיר; אַז עס זענען פאַראַן זאַכן וואָס בלויז משוגעים און פילאָסאָפן פרעגן וועגן זיי: פאַרוואָס? פאַר־ווען? וכדומה. היינט אויב אַזוי, וואָס דאַרפן זיין די תנאים ביי וועלכע מענטשן ווערן אומרואיק, וואָס רעגן זיי אָן צו פרעגן פראַגעס?

## דאָס געגעבענע און דאָס אָנגענומענע

מיר הייבן אָן אונדזער קאַריערע אין דער וועלט מיט עפּעס וואָס ווערט געגעבן פאַרטיקערהייט און מיר וואַקסן אין אַ ספערע וואו מיר זאַפּן אין זיך איין דאָס אָנגענומענע, אויך אַזוי פאַרטיקערהייט. מיר געטרויען נאַאיוו אַלץ וואָס די איינדרוקן פון אונדזערע חושים דערציילן אונדז, כאָטש פילאָ־סאָפישע בטלנים און פשוטע גריבלער קאָנען פרעגן אַ סך קשיות וועגן דעם אמת פון די דאָזיקע איינדרוקן. קינדער נעמען אויף און נעמען אָן די שפּראַך וואָס מען גיט זיי איבער, אָבער פון די אַלע קשיות וואָס זיי פרעגן, ווען זיי זענען שוין דאָס בכוח צו טאָן, פאַלט זעלטן ווען איין אַ קינד צו פרעגן פאַרוואָס עס באַנוצט אַזעלכע ווערטער פאַר די און די זאַכן אָבער ניט קיין אַנדערע. עס איז די טבע פונעם געגעבענעם און דעם אָנגענומענעם אַז זיי גיבן ניט קיין ברירות פון וואָס אויסצוקלייבן. זיי גיבן זיך איבער ווי דאָס איינציק-מעגלעכע, ווי דאָס איינציק-פאַראַנענע. עס קאָן זיך האַנדלען וועגן אַזאַ עלעמענטאַרער זאַך ווי שפּראַך, אָדער הלבשה, אָדער אַביסל אידעלערע זאַכן, ווי מאַניערן, ביז צו מאָראַלן אויפפיר, סאָציאַלע סימבאָלן אָדער אידייען.

אַפילו ווען דאָס אָנגענומענע שטעלט זיך ניט פאָר ווי דאָס איינציק־פאַראַנענע, גיט זיך עס איבער מיט אַן איינציקייט-געפיל אין אַן אַנדער זינען. פאַראַן געענוג קינדער אין דער וועלט וואָס הערן ניט קיין אַנדער שפּראַך, אַחוץ די פונעם אייגענעם פאָלק, ביז אין ווייטן דערוואַקסענעם לעבן אַריין. ממילא איז זייער שפּראַך די איינציק־פאַראַנענע. אָבער אויך יידישע קינדער

פון די פריערדיקע דורות האָבן ניט געפרעגט קיין קשיות פאַרוואָס מיר רעדן יידיש, כאָטש זיי האָבן גאַנץ פרי אין לעבן געהערט אַן אַנדער שפּראַך פון גויאישע שכנים. זיי האָבן, ווייזט אויס, איבערגענומען יידיש ניט בלויז ווי אַ סכום ווערטער דורך וועלכע זיך אויסצודריקן, נאָר אויך ווי אַ ספּעציפישע שפּראַך וואָס איז דער קען־צייכן פונעם קיבוץ צו וועלכן זיי געהערן. עס איז, הייסט עס, איינציק פאַר דער געגעבענער פאָלקישער ספערע.

דאָס כאַראַקטעריסטישע אין אַ פאָלק איז דאָך דאָס וואָס עס האָט אַ סך אַזעלכע סימנים דורך וועלכע עס גיט צו פילן די אייגענע עקסיסטענץ און יעדער איינער פון פאָלק פילט אַז ער דריקט אויס זיין פאָלקישע אָנגע־העריקייט דורך די דאָזיקע סימנים. די סימנים הייבן זיך אָן מיט אויסדרוקן פון אַ מער מעכאַנישן כאַראַקטער, ווי הלבשה, מאכלים, אָדער שפּילעריי, און זיי ציען זיך ווייט, ווייט ביז צו אָנגענומענע גלויבנס, באַציאונגען און עטישע פּרינציפּן. למשל, דער טראַדיציאָנעלער יידישער עקל צו שפיכת דמים, אָדער די הויכע אָפּשאַצונג פון „רחמנים בני רחמנים“. עס איז אייגנטלעך אַ סקאַלע פון כלערליי ווערטן אויף פאַרשיידענע מדרגות. ביים אונטערשטן ברעג געפינען זיך די לייכטערע געוואוינהייטן, מנהגים, וואָס עס איז בעסער אַז יאָ, אָבער עס איז ניט קיין גרויסער חטא ווען ניט. אויפן אייבערשטן שפּיץ געפינען מיר שוין אַזעלכע באַציאונגען און איינפירן וואָס דרינגען אַריין אין דער טיפעניש פון הארצן, וואָס אָן זיי פילט מען ווי מען וואָלט זיך אָפּגעריסן פון וואָרצל. די לעצטע וואָלט מען געקאָנט רופן פסיכישע אַבסאָלוטן, דאָס הייסט, אַזעלכע ווערטן וואָס אין מאָמענטן פון פולער אינטעלעקטועלער ניכטערקייט קאָן מען זיי פאַרגלייכן מיט אַנדערע קולטורן וואו זיי שפּילן קיין ראָלע ניט, אָדער די זעלביקע ראָלע. דעמאָלט איז זייער ווערט פאַר אונדז בלויז אַ רעלאַטיווער. אָבער דאָרט וואו זיי פאַרנעמען דעם אייבערשטן שפּיץ פון דער סקאַלע, דאָרט פילט מען אַזוי ווי דער ווערט זייערער וואָלט געווען אַן אַבסאָלוטער, אַז אָן זיי לייזדיקט מען אויס דעם זינען פון דעם וואָס מען איז. ברית מילה, למשל, איז ביי יידן אַזאַ מין אַבסאָלוטער ווערט וואָס נעמט אַרום דאָס גאַנצע פאָלק. אמת, מיט איבער הונדערט יאָר צוריק האָבן די דייטשישע רעפאָרמער געפירט הייסע וויכוחים וועגן דעם רעליגיעזן מוז פונעם דאָזיקן איינפיר. אָבער סיי די קעגנער פון ברית מילה, סיי די גלייכגילטיקע זענען געבליבן ביי טעאָריע. אין דער פּראַקטיק האָט קיינער ניט געוואַגט צו וועלן די מצוה אָפּשאַפן, בלויז אין דער איצטיקער צייט האָבן מיר אַ יידישן כוח וואָס האָט בפירוש אָפּגעשאַפט די דאָזיקע פאַרהייליקטע מצוה ביי יידן, דאָס זענען די יידישע קאָמוניסטן, דער עיקר אין זייערע פאָטערלענדער. אָבער זיי האָבן עס דאָך ניט געטאָן צוליב עפּעס אַן אַנדער בליק אויף יידישקייט; זיי האָבן זיך בכלל אויס־געשלאָסן פון יידישן כלל.

פּסיכישע אַבסאָלוטן קאָנען האָבן אַ שייכות צו רעליגיעזער סימבאָליק, אָדער אַ געפילטן אידענטיפיקאַציע־צייכן מיטן פאָלק, אָבער אויך אין שייכות צו ווערטן וואָס האָבן אַ ראַציאָנאַלן גרונט. דער עקל צו שפיכת דמים איז פון דעם מין. דער דרך ארץ פאַר תורה קאָן אויך אַרײַנגערעכנט ווערן אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע. די ווערטן וואָס זענען מער פון מעכאַנישן אָדער פונעם צופעליקן סאָרט, וועגן זיי איז ניט שייכות צו פרעגן קשיות, זיכער ניט קיין ערנסטע פראַגעס. זיי רירן ניט אָן קיין שטח פון דער אינטעלעקטועלער ספערע, סיידן אפשר אין דער נייגעריקייט צו וועלן וויסן דעם אָפּשטאַם. צו דערגיין וואָס עס איז דער טעם פונעם מנהג צו עסן קרעפּלעך ביי געוויסע יום־טובדיקע געלעגנהייטן, באַטייט ניט אַז דער פאַרלאַנג צו היטן דעם דאָזיקן מנהג איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַזאַ מין פראַגע שטאַמט ניט פון קיין ספקות אינעם מנהג. אָבער די באַציאונג צו שפיכת דמים אָדער תורה, דאָ קאָנען שוין זיין פראַגעס און ספקות פון גאָר אַן ערנסטן סאָרט. זייער וויכטיקע אַספּעקטן פון דער דאָזיקער באַציאונג ליגן אין סאַמע צענטער פון אַ פּולסירנדיקער אינטעלעקטועלער וועלט. דאָך וועלן אויך אין דעם פּרט קיין ערנסטע פראַגעס ניט אויפשווימען דאָרט וואו די באַציאונג האָט זיך אין פאָלק דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ פּסיכישן אַבסאָלוט. ווי זאָגט יענער ייד: „אייערע טענות קעגן דאַוועגען קאָנען טאַקע זיין גערעכטע, אָבער דאַוועגען דאַרף מען דאָך". ביי אים האָט זיך דאָס דאַוועגען דערהויבן צו דער מדרגה פון אַן עלעמענטאַרער נויט, פון אַ פּסיכישן אַבסאָלוט.

די ווערטן וואָס הייבן זיך אַרויס פון דער גאַנצער סקאַלע פון שטייגער־לעבן, פונעם לייכטסטן מנהג ביזן העכסטן אַבסאָלוט, באַצווינגען אונדז מיט די כוחות פונעם מענטשלעכן כלל אין וועלכן מיר זענען געבוירן געוואָרן און אין וועלכן אונדזער לעבן האָט זיך פאָרמירט. די גרופּע צו וועלכער מיר געהערן און מיט וועלכער מיר אידענטיפיצירן זיך, גיט אונדז וואָג און מאָס צו באַשטימען די ראָלע און די וויכטיקייט פון יעדן פּונקט אין טאָג־טעגלעכן אויפפיר. גרופּעס זענען פאַראַן אַ סך און פאַרשיידענע סאָרטן. אָבער דאָס פאָלק איז יענע גרופּירטע מענטשלעכע געזעלשאַפט וואָס איז די רייכסטע אין פּסיכישן פאַרנעם. דאָס פאָלק שליסט אין זיך איין אַלע אַנדערע פאָרמען און אינהאַלטן פון גרופּירטן לעבן און שטייגט זיי אַלעמען אַריבער. עס שאַפט אַן עמאָציאָנעלע געבונדנקייט דורך אַ רייכער סימבאָליק, פאַר פּער־זענלעכן גורל, און אַ געוועב פון אַן איינהייטלעכער מעשה וואָס ציט זיך איבער צייטן און דורות און שטילט אין יעדן פון זיינע איינצלנע גלידער דעם פאַרלאַנג צו זיין עפּעס אין זיך אַליין און עפּעס מער אין דער זעלביקער צייט.

דאָס פאָלק ווערט ביי יעדן מיטגליד פון פאָלק אַן אינערלעכע איבער־

לעבעניש און אַ ווייטע אַבסטראַקציע, אַ טייל פונעם סוביעקט און דאָך אַן אָביעקט אָן וועלכן עס איז גוט זיך אָנצוהאַלטן, ווייל דורך דעם קאָן מען זיך גיכער באַלאַנסירן און זיך אָנזאַפּן מיט מער אינערלעכער זיכערקייט.

דאָס פאָלקישע איז דעריבער אַ באַגריף וואָס איז אין גאַנצן אַנדערש איידער דאָס נאַציאָנאַלע. וואָרעם דאָס וואָס איז נאַציאָנאַל ווערט פאַרשטאַנען ווי דער היפּוך פון אוניווערסאַל. נאַציאָנאַל איז אַ מין סינאָנים פון לאָקאַל, פון עפּעס וואָס ליגט אין די גרענעצן, און האָט בלויז אַ שייכות צו די אינטערעסן, פון אַ באַשטימטער גרופּע. אָבער ניט דאָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ווען מיר רעדן וועגן פאָלקישן. עס קאָן אויך זיין לאָקאַל, אָבער עס מוז אַזוי ניט זיין, ווייל עס רירט אָן גאָר אַן אַנדער אַספּעקט פון גרופּירטן לעבן. אין אַלטערטום זענען די גריכן און די יידן געווען די צוויי פעלקער מיטן שאַרפסטן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, אָבער די ווערטן וואָס זיי האָבן געשאַפן — די גריכישע חכמה און די יידישע מאָראַל — זענען געווען די סאַמע אוניווערסאַלסטע אין כאַראַקטער. דאָס פאָלקישע באַציט זיך מער אויף די ווערטן וואָס קאָנען אין פאַרנעם אַריבערשטייגן אַלע גרענעצן פון געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען. אַזעלכע ווערטן זענען פאַקטיש לאָקאַל לויט זייער אויפקום און זיי ווייזן אויך דעם כאַראַקטער פון דער גרופּע ביי וועלכער זיי זענען אויפגעקומען, אָבער אינהאַלטלעך קאָנען זיי אויסדריקן דאָס גרויס-מענטשלעכע און גראָד אין דעם קאָנען ליגן זייערע באַצווינגנדיקע כוחות.

אַ מענטש וואָלט פּסיכיש ממש דערשטיקט געוואָרן ווען זיין לעבנס-געפיל וואָלט געמוזט ליגן איינגעקלאַמערט אין די ד׳ על ד׳ פון די געציילטע יאָרן וואָס זענען אים באַשערט. אַ באַשעפעניש מיט אַ צייט-חוש וואָס רייסט זיך דורך די צאַמען פון מיליאָנען נעכטנס און מיליאָנען מאָרגנס, מיט אַ היסטאָריש געפיל וואָס צווינגט אים זיך צו זען ניט מער ווי אַן איינצלנעם עפּיזאָד אין אַן אומבאַגרענעצטער וועלט-מעשה, ווי ביטער וואָלט אים געווען ווען די ממשותדיקע רעאַליטעט וואָס ער קאָן איבערלעבן וואָלט געווען בלויז דאָס אייגענע אָפּגעריסענע פּיצל היינט וואָס ציט זיך פון זיין פּערזענלעכן וויגל ביז זיין פּערזענלעכן קבר. אָט דאָס תאווהדיקע רייסן זיך אויסצודריקן אין זיך עפּעס מער, די טיפע הנאה פון דערשפּירן דעם אייגענעם פּאָדעם אינעם ווייט-אויסגעשפּרייטן סאָציאַלן, גייסטיקן, אין צייט-געוועב פון אַן עפּעס מער, אָט דאָס ווערט באַפרידיקט קודם כל אינעם אידענטיפיצירן זיך מיט פאָלק.

דאָס פרעגנדיקע געמיט

דאָס אָנגענומענע איז דער פונדאַמענט פון אַקטיוון לעבן. עס וואָלט געווען שווער צו מאַכן די מינדסטע באַוועגונג ווען מען וואָלט ניט פאַרמאָגט

די אינערלעכע פאַרזיכערונג אַז אַזוי דאַרף געטאָן ווערן. ספקות, ווען זיי גייען צו ווייט, פאַראַליזירן. עס איז ניט קיין זעלטנקייט צו באַגעגענען מענטשן, דער עיקר צווישן אינטעלעקטועלע גריבלער, וואָס זענען ממש ליידנשאַפטלעכע סקעפּטיקער אין געדאַנק. אָבער מיט בסדרדיקן סקעפּטי־ציזם אין מעשים קאָן מען בכלל ניט לעבן. עס איז כאָטש גוט וואָס די כראָנישע גריבלער פאַרגעסן זיך אַז מעשים זענען אין זיך כולל געוויסע טעאָרעטישע הנחות, ממילא וואַרפן זיי אָפּ זייערע ספקות אין דער פּראַקטיק ביי יעדער זאַך וואָס זיי טוען.

אָבער סייווי איז ביי מענטשן גרויס געגוג דער שטח פון ספקות, קשיות, אומזיכערקייטן, און אינעם שטענדיקן אינערלעכן געשריי: „מאין יבוא עזרי?" פילט מען זיך אָנגעוויזן אויף די כוחות פונעם שכל אונדז אין דעם צו העלפן. לכל הפחות באַנוגנט מען זיך מיט קלאָרקייט, אויב עס איז שווער צו דערגרייכן עפּעס מער. אין דעם פּרט, ווי אין אַלע אַנדערע פּרטים, זענען מענטשן זייער פאַרשיידן. ביים דורכשניטלעכן מענטשן באַמערקט מען על פּי רוב אַז עס ווערט אים קלאָר ווען עס איז אים גוט. אַנדערע, מער געשולטע, זיי ווערט גוט ווען עס איז זיי קלאָר, אָבער אַלע זוכן מיר מעטאָדן, אַפילו פאַרטלען, צו דערזען איינגעשטעלטן סדר און קלאָרקייט אינעם פאַרוויקלטן געפלאָנטער וואָס שלינגט אונדז איין. דער אָנהייב אין דער דאָזיקער ריכטונג איז דורך פרעגן קשיות און זוכן תירוצים.

דער געמיט־צושטאַנד ביי וועלכן מיר זענען גענייגט צו פרעגן, אָפּפרעגן, איבערפרעגן, האָט טיפּישע כאַראַקטער־שטריכן, אָבער די צילן וואָס די פראַגעס באַדינען קאָנען איינגעטיילט ווערן אין דריי קלאַסן: אַזעלכע וואָס זענען אויסן בלויז פאַרווײַלונג, אַזעלכע וואָס זוכן פּראַקטישע נוצן, און אַזעלכע וואָס שטרעבן זיך איינצושאַפן אַן אַלגעמיינע אָריענטאַציע אין דער רעאַלער אָדער אין דער געדאַנקלעכער וועלט.

דער ערשטער סאָרט איז אונדז אַלעמען זייער גוט באַקאַנט. דאָס זענען רעטענישן, קונצן, אינטעלעקטועלע גימנאַסטיק, פאַרענטפערן אַ מדרש פּליאה, פּשטלעך וואָס ווילן צונויפפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, באַווייזן אַז צוויי מאָל צוויי איז זיבן, אאַז״וו. דער ציל איז דאָ שפּילעריי, פאַרווײַלונג, און ניט מער. אויך דער צווייטער קלאַס, וואָס זוכט פּראַקטישע נוצן, נייטיקט זיך ניט אין קיין שום דערקלערונגען. דאָס זענען פראַגעס וואָס ווילן דערגיין ניצלעכע אינפאָרמאַציע, אַזעלכע וואָס האָבן על פּי רוב אַ באַלדיקן ווערט אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

דער דריטער קלאַס, וואָס האָט אַ שייכות צו אַלגעמיינער אָריענטאַציע, איז נאַטירלעך דער וויכטיקסטער פון שטאַנדפּונקט פון ווייטערע און העכערע צילן. עס הייבט זיך אָן מיט פראַגעס וואָס ווילן אויסגעפינען די שייכותן פון סיבה און פּועל יוצא צווישן זאַכן. ווען עס קומט צו דערשיינונגען אין

מענטשלעכן לעבן, דריקט זיך עס אויך אויס אין פראַגעס וועגן אָפּשטאַם. פאַרוואָס טוען מיר אַזוי און אַזוי? פון וואַנען שטאַמט אַזאַ און אַזאַ מין איינפיר? דאָס באַוואוסטזיין אַז זאַכן זענען ניט אָפּגעריסן אין זיך אַליין, אַז עס זענען פאַראַן סיבות וואָס שטייען הינטער דעם און אַז סיבות פירן צו באַשטימטע פועל יוצאס, דאָס דאַזיקע באַוואוסטזיין פירט דערצו אַז מיר זאָלן ניט בלויז ווילן זען וואָס עס קומט פאָר, נאָר עס אויך ווילן פאַרשטיין. אָבער פאַרשטיין באַטייט אָפּט צו כאַפּן די געבונדנקייט מיט פריער און מיט שפּעטער.

אַן אַנדער שאַטירונג פון זעלביקן מין פראַגעס קומט פאָר דעמאָלט ווען מיר ווילן אויסגלייכן סתירות. מיר קאָנען, למשל, פאַרדרייען די פינגער אויף אַזאַ אופן אַז ווען מען רירט זיי דעמאָלט אָן מיט אַ דינער זאַך וויזט זיך אויס אַז עס זענען פאַראַן צוויי זאַכן. דאָס אויג זאָגט אונדז אָבער אַז מיר האָבן בלויז איין זאַך. אַזוי ווי בײדע קאָנען דאָך ניט זיין אמת, זוכט מען די סיבה דערפון. אין יידישן טראַדיציאָנעלן לערנען קומט פאָר אַזוי אָפט די שווערע אינטעלעקטועלע האָרעוואַניע אויסצוגלייכן סתירות צווישן פאַרשיידענע פסוקים אין דער תורה אָדער מאמרי חז״ל. אַזוי ווי לויט יענער מענטאַליטעט קאָנען דאָך אַזעלכע סתירות ניט געמאָלט זיין, דאַרף מען זיי אויסגלייכן על פּי שכל דורך פאַרשיידענע אויסטייטשונגען וואָס שטעלן פעסט די סיבה פונעם איינדרוק אַז עס איז אַ סתירה.

אין די דאָזיקע צוויי פאַלן האָבן מיר צו טאָן מיט אַ פּראָצעס וואָס איז מער אָדער ווייניקער פּאַסיוו. עס איז אַ פראַגע פון באַנעמען זאַכן בעסער, זען זיי אין ריכטיקן ליכט, פאַרשטיין. עס פאָדערט זיך ניט אַז מיר זאָלן עפּעס בייטן אין טראַכטן אָדער האַנדלען. עס איז בלויז אַן אינטעלעקטועלע אויפפרודערונג וואָס ווערט איינגעשטילט דורך אַ פּאַסיקער דערקלערונג. עס זענען אָבער פאַראַן אָריענטאַציע־פראַגעס וואָס גייען אַביסל ווייטער. זיי רייסן זיך צו אַן איבערשאַצונג פון דעם וואָס מיר האָבן געטראַכט אָדער געטאָן ביז איצט. זיי פירן צו אַ געוויסער פאָרם פון אַקטיוון האַנדלען. אָט די זענען שוין אַ סך ערנסטער לויט די רעזולטאַטן צו וועלכע זיי קאָנען פירן.

דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט פראַגעס וואָס דריקן אויס אַ מעגלעכקייט אַז מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון טיף־איינגעוואָרצלטע, אָנגענומענע הנחות אין סאָציאַלן לעבן. פאַרוואָס, למשל, זאָלן די נאָרמאַלע געזונטע מענטשן פון אַ געזעלשאַפט דאַרפן אויסהאַלטן שפּיטאָלן מיט אומהיילבאַרע משוגעים און קראַנקע? פאַרוואָס זאָל מען אַזעלכע פּאַציענטן ניט אומברענגען? אויב עס איז ניט פאַראַן קיין זיכערע ביאָלאָגישע ראיה אַז חתונות צווישן נאָענטע מיטגלידער פון אַ פאַמיליע קאָן פירן צו אומנאָרמאַלע קינדער, פאַרוואָס זאָל זיין אַ געזעץ אַז אַ ברודער טאָר ניט חתונה האָבן מיט זיין שוועסטער,

אַ פּאָטער מיט זיין טאָכטער? איך האָב אַמאָל געהערט היציקע וויכוחים וועגן די דאָזיקע פּראָבלעמען צווישן סטודענטן ביי אַ קורס אין סאָציאָלאָגיע. טייל זענען אַזוי שאַקירט געוואָרן פון די פראַגעס אַז דאָס לשון איז ביי זיי אָפּגענומען געוואָרן. אַנדערע האָבן זיך גלייכגילטיק צוגעהערט. געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן הייס פאַרטיידיקט זייער שטעלונג קעגן דער אָנגענומענער „היפּאָקריטישע מאָראַל". עס איז מסתמא געווען אַ שמץ פון בראַוואַדאָ און אויך לאָגישע גימנאַסטיק אין דער דאָזיקער פאַרטיידיקונג. זיכער האָט ניט אויסגעזען, אַז די דאָזיקע יונגעלייט זענען גרייט דורכצופירן אין דער פּראַקטיק דאָס וואָס זיי האָבן געשטיצט טעאָרעטיש. עס איז אָבער געווען פּונקט אַזוי זיכער אַז ביי זיי אין געדאַנק האָט זיך געעפנט אַ ברירה וואָס פריער האָט זייער איינגעזויגענע מאָראַל עס בשום אופן ניט דערלאָזט, ניט געהאַלטן אַפילו פאַר דענקבאַר.

די ערשטע טריט פונעם אַמאָליקן ישיבה־בחור אויפן וועג פון אַפּיקורסות האָט זיך אויך געוויינטלעך אָנגעהויבן מיט דערלאָזן טעאָרעטיש די פרייע ברירה אָפּצופרעגן געוויסע איינגעשטעלטע, פונדאַמענטאַלע דרכים אין דער יידישער לעבנס־סיסטעם. ער האָט גענומען פרעגן קשיות, כאָטש ער אַליין האָט זיך געפירט לויט אַלע פּאָדערונגען פון דער טראַדיציע. בלויז די אָנגענומענע זיכערקייט איז ביי אים צעטרייסלט געוואָרן. ער האָט דערזען אַ ברירה וואו פריער איז געווען בלויז איין איינציקע, מעגלעכע ריכטונג, די ריכטונג פון אַן אַרומגעצאַמטן פּסיכישן אַבסאָלוט.

אויף אַזוי ווייט האָבן מיר צו טאָן מיט פראַגעס וואָס עפענען טירן בלויז אין טעאָריע. לכתחילה איז דאָס ניט מער ווי אַ האַלבע ברירה. די געעפנטע מעגלעכקייט גייט ניט ווייטער ווי טראַכטן אין אַ נייער ריכטונג וואָס איז פריער געווען פאַרמאַכט. אָבער עס זענען פאַראַן פראַגעס, אויפן העכסטן שטאַפּל פון דער לייטער, וואָס דריקן אויס אַ פולע ברירה. זיי ווייזן אַן אַריבערגאַנג אין טראַכטן און אין האַנדלען צו אַזאַ שטייגער פון לעבן וואָס וואַרפט אָפּ דאָס וואָס איז אָנגענומען און פאַרהייליקט אין דער פאָלקס־קולטור פון וועלכער זיי שטאַמען.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָ זענען פאַראַן פאַרשיידענע מדרגות. ניט אַלע מאָמענטן אין פאָלקישן אויפפיר, אַפילו ניט אַלע עיקרים, זענען גלייך אינעם געפיל פון אַבסאָלוטקייט מיט וועלכן מען נעמט זיי אויף. און ניט יעדער עיקר שפּילט די זעלביקע ראָלע אין פאַרשיידענע צייטן און אונטער פאַרשיידענע לעבנס־תנאים. ביי יידן זענען תמיד געווען מענטשן מיט ספקות, געפרעגט קשיות און האָבן אָפּגעטראָטן פון די אָנגענומענע דרכים. אלישע בן אבויה איז זיכער ניט געווען דער איינציקער אין זיין צייט צו וואַגן עפנטלעך עובר צו זיין אויף לאַוון פון דער תורה. חיווי הבלכי האָט מיט זיינע אַפּיקורסישע מיינונגען געמוזט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק, אַנדערש

וואָלט אַזאַ גדול הדור ווי ר׳ סעדיה גאון ניט געהאַלטן פאַר וויכטיק זיך קעגנצושטעלן זיינע טענות. דער רמב״ם האָט זיך אין זיין מורה נבוכים געווענדט צו אַ דור וואָס פילאָסאָפישע חקירות האָבן געשטעלט אין סכנה די גאַנצקייט פון יידישקייט. די דייטשישע רעפאָרמער האָבן אָפּגעפרעגט די עיקרדיקסטע מצוות מעשיות אין וועלכע דאָס יידישע אמונה־לעבן האָט זיך קאָנקרעטיזירט, כאָטש זיי האָבן זיך שטאַרק געהאַלטן ביי דער יידישער רעליגיע ווי אַ טעאָלאָגישע סיסטעם.

אָבער דעם סאַמע שפּיץ פון אַזעלכע אָריענטאַציע־פראַגעס פאַרנעמט יענער מאָמענט וואָס רירט אָן דעם עצם קיום פון דער יידישער עדה ווי אַ באַזונדערע אייגנס צווישן מענטשלעכע גרופּירונגען. ווארעם דאָ איז שוין ניט די פראַגע וועגן אַהין אָדער אַהער, דאָס הייסט, מיט וועלכער רעליגיעזער אָדער אידייאישער שאַטירונג זיך צו אידענטיפיצירן, אין די ראַמען פון יידישער גאַנצקייט, וואָס דאָס איז אייגנטלעך דער זינען פון יעדער רעפאָרם ביי יידן אין אַלע צייטן, נייך, דאָ איז ניט די פראַגע וועגן אַהין אָדער אַהער, נאָר וועגן אינעווייניק אָדער דרויסן, אָדער צו וואָס מען דאַרף בכלל האָבן אַ יידישן אינעווייניק. דאָס איז ניט קיין אַפּיקורסות; דאָס איז שוין אַ קאַטעגאָריע פון גאָר אַן אַנדער מין.

אַלע דערמאָנטע פראַגעס זענען קלאַסיפיצירט געוואָרן לויט זייערע פאַרשיידענע איינהאַלטלעכע סימנים. אָבער פונקט אַזוי זענען אויך פאַרשיידן די פּסיכישע כוחות וואָס רופן זיי אַרויס. די הנאה פון פאַרווײלונג איז נאַטירלעך אַנדערש פון דער נויט וואָס טרייבט צו פּראַקטישע נוצן. די נייגעריקייט וואָס זוכט שייכותן פון סיבה און פּועל יוצא פאַרמאָגט אַן אַנדער כאַראַקטעריסטישן רייץ ווי דער פאַרלאַנג זיך צו פאַרשאַפן אַן אָריענטאַציע־פּונקט אין סאָציאַלן לעבן. אין לעצטן פאַל קומען מיר צו אַ מדרגה וואו דער פרעגער גייט דורך אַ פּראָצעס פון אַ נייער סאָציאַלער אידענטיפיקאַציע. די פראַגע איז דעמאָלט ניט קיין אָנשטרענגונג קלאָר צו מאַכן, אָדער אויסצוגלייכן, אַן אינטעלעקטועלע שוועריקייט, נאָר דירעקט אויס אַ פּסיכישע איבערלעבעניש וואָס ווערט פאָרמולירט אין דער פאָרם פון אַ פראַגע. עס איז אַ פּסעוודאָ־פראַגע וואָס אַ דירעקטער ענטפער קאָן קיינמאָל ניט טרעפן אין פּינטל.

### פראַגעס וועגן יידישקייט

דאָס געגעבענע איז דער מאַטעריאַל מיט וועלכן מיר הייבן אָן אונדזער אינדיווידועלע פּסיכישע עקסיסטענץ. מיר זענען באַשאַנקען מיט אינסטרו־מענטן וואָס נעמען אויף איינדרוקן אַזוי ווי זיי ווערן אונדז געגעבן און מיר רופן זיך אָפּ אויף זיי. די איינדרוקן זענען דאָס געגעבענע, דער גרונט־שטאָף

מיט וועלכן מיר אָפּערירן. אין סאָציאַלן לעבן הייבן מיר אָן מיט אַן אַנדער מין שטאָף, מיט דעם וואָס עס איז אָנגענומען אין דער דערוואַקסענער וועלט. אָבער עס איז ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ דערוואַקסענע וועלט בכלל. מענטשן זענען צעטיילט, און דאָס וואָס איז אָנגענומען ביי איין טייל איז ניט אַלעמאָל חל אויף דער צווייטער. ניט אַלע מענטשן רעדן די זעלביקע שפּראַך, פאַרנעמען זיך מיטן זעלביקן סאָרט פאַרווייַלונג, זענען דורכגעדרונגען מיט די זעלביקע גלויבנס, האָבן דעם זעלביקן קוק אויף דעם וואָס איז פּאַסיק און אומפּאַסיק, אָדער האָבן ליב די זעלביקע מאכלים. די ברייטסטע שטחים וואָס זענען כולל טיף־פאַרוואָרצלטע אַנדערשקייטן געפינט מען צווישן פאָלק און פאָלק, די נאָענטסטע עלטערע מענטשן וואָס רינגלען געוויינטלעך אַרום דאָס וואַקסנדיקע קינד געהערן צום זעלביקן פאָלק. ממילא איז דאָס אָנגענומענע פאָלקיש אין כאַראַקטער. פאָלקיש ווערט אויך דאָס וואָס איז אַפילו אַלגעמיין מענטשלעך, אָדער וואָס איז גלייך ביים רוב פעלקער, ווייל מיר האָבן עס לכתחילה גענומען, אָנגענומען, פונעם פאָלקישן קוואַל. מיר האָבן דאָס געפיל, אַז דערמיט ווערן מיר איינס מיט דער נאָענטער סביבה און די, ווי געזאָגט, באַשטייט דאָך געוויינטלעך פון מענטשן פון זעלביקן פאָלק. עמאָציאָנעל דריקט זיך דאָס אויס אין דעם וואָס מיר רופן לאָיאַליטעט, געטריישאַפט, אַ פאָרם פון זאָרג און איבערגעגעבנקייט צום אייגענעם איך וואָס איז געוואָרן ברייטער, וואָס נעמט אַריין אויך אַנדערע מענטשן צו וועלכע מיר פילן זיך געבונדן, ווייל דאָס אָנגענומענע נעמט אונדז אַלעמען אַרום.

דאָס געפיל פון געטריישאַפט איז אי ווייניקער, אי מער ווי דער חוב אָפּצוהיטן די פּרטים פון פאָלקישן דרך. וואָרעם די דאָזיקע פּרטים זענען דיסציפּלינירנדיק אין כאַראַקטער. זיי סטימולירן, האַלטן צוריק, קאָנטראָלירן. עפּעס ווילט זיך טאָן, אָדער ניט טאָן, און אויף ביידע ליגט דער פאַרבאָט פון דעת הקהל, אָדער מיר דאַרפן זיך ראַנגלען מיט דער אינערלעכער שטים פון געוויסן וואָס פאָדערט מיר זאָלן אָפּהיטן די אָנגענומענע נאָרמען. אַמאָל איז דער יצר הרע שטאַרקער און מיר זינדיקן. עס קאָן זיין, אַז דאָ האָבן געוויסע אָרגאַנישע נויטן ניט געלאָזט זיך בייקומען, אָדער וויכטיקע פערזענלעכע אַמביציעס האָבן אונדז געצוואונגען צו מאַכן „אַ שטאָך אין שבת אַרייך". איז גוט וואָס מיר לעבן איבער די דאָזיקע אינערלעכע ראַנגלענישן. זיי דערהייבן אונדז מאָראַליש און פאַרשאַפן די אחריות־געפילן צו זיך אַליין, צו אַלע אַרומיקע און צו אומפּערזענלעכע ווערטן. פון דעם שטאַנדפּונקט שטייען די דאָזיקע פּרטים העכער ווי הוילע אַלגעמיינע געטריישאַפט צום כלל, ווייל אָן זיי וואָלט ניט געבליבן קיין צעמענטיר־שטאָף צו שאַפן דעם כלל און עס וואָלט מער ניט געווען וועמען געטריי צו זיין.

אַלגעמיינע געטריישאַפט, לאָיאַליטעט, איז אויך מער, אַ סך מער, ווי

דאָס חוב־געפיל אָפּצוהיטן די איינצלנע געבאָטן פון אָנגענומענע נאָרמען. לאָיאַליטעט פאַרדעקט ווי מיט אַ שלייער די קאָנקרעטע איינצלנע פּינטעלעך פונעם קולטור־רעפּערטואַר און שאַפט דורך דעם איין גלאַטע, קיילעכיקע גאַנצקייט און דערהויבט דאָס גאַנצע צו דער מדרגה פון אַן אַלץ־אַרומנעמענ־דיקער אַבסטראַקציע. ערשט אין דער אַבסטראַקציע פילט זיך אַ מענטש אויסגעלייזט פון אַ מין ערדישקייט וואָס איז אַזוי קליין אין די ענגע ד׳ אמות פון צייט און אָרט. אַ מענטש פילט זיך אַזוי פיל גרעסער און גערעכטער ווען ער קאָן זאָגן: „מיר גייט ניט וועגן דעם אָדער יענעם, דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ פּרינציפּ פאַר וועלכן איך שטעל זיך איין״. די ראָלע פון אַבסטראַקטע פּרינציפּן, אַזעלכע ווי פאַמיליע־געטריישאַפט, פּאַטריאָטיזם, איז אונדז אַלעמען צו גוט באַקאַנט.

אַ דייטשישער פילאָסאָף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, געאָרג קריסטאָף ליכטנבערג, האָט אַמאָל אויסגערופן מיט אַ ביטער האַרץ: „עס איז זייער מאָדנע וואָס מענטשן זענען אַזוי וויליק זיך צו שלאָגן פאַר זייער רעליגיע און אַזוי אומוויליק צו לעבן לויט אירע געבאָטן״. עס איז ניטאָ קיין איין מענטשלעכע גרופּירונג וואָס מען זאָגט ניט וועגן אירע מיטגלידער אַקוראַט די זעלביקע זאַך. אַלגעמיינע לאָיאַליטעט ווערט וואַך, צינדט זיך אָן, פון יעדן פאַלקישן סימבאָל, אַפילו ווען מען זינדיקט קעגן די געבאָטן וואָס ער פאָדערט אָפּצוהיטן. דאָס איז אַ פאַקט אין מענטשלעכן פּסיכישן לעבן וואָס טוט אויף פיל גוטס אַז מיר זאָלן אים באַדויערן, אַפילו ווען די סתירה צווישן די באַציאונגען צום קאָנקרעטן און צום אַלגעמיינעם מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק און טוען אָפּט שטאַרק וויי.

אָבער עס איז קלאָר, אַז לאָיאַליטעט שטאַמט ניט פון אַ באַוואוסטזיניקער טעאָרעטישער איבערצייגונג, נאָר פון רעאַלן לעבן אין שותפות מיט אַנדערע, מיט אַ סאָציאַלער איינס וואָס איר כוח ליגט אין אַן אָנגענומענעם דרך אין לעבן, אַ דרך וואָס איז אַ פּועל יוצא פון היסטאָרישער און איצטיקער צוזאַמענדיקייט אין באַוואוסטזיין און אין קאָנקרעטן אויסדרוק. יעדער איינצל־נער אידענטיפיצירט זיך מיט די גרופּעס וואָס זענען דאָס סאָציאַלע געשטאַלט פונעם פערזענלעכן לעבן זיינעם. מען קאָן נאַטירלעך זיין אַריינגעטאָן אין טראַכטן וועגן דער מענטשהייט בכלל, וועגן אידעאַלן וואָס זענען אויסן צילן פאַר דער וועלט בכלל, אָבער עס איז אוממעגלעך זיך צו פילן פערזענלעך אידענטיפיצירט מיט סתם מענטשהייט, ווייל עס פעלט דער רעאַלער לעבנס־שטאָף, די גרופּירטע מענטשן וואָס שאַפן די פאַרבינדונג. די מענטשהייט קאָן זיין אַ געדאַנק, אַ שטרעבונג, אַן אָביעקט פון אַן אידעאַל, אָבער פערזענלעכע אידענטיפיקאַציע איז איינע פון אונדזערע אינטימסטע איבערלעבענישן וואָס קאָן געבוירן ווערן בלויז דעמאָלט ווען די פאַרבינדונג איז ניט בלויז מיט

אידייען נאָר אויך מיט מענטשן וואָס לעבן אין אַ געוויסער קאָנקרעטער שותּפות.

מיר אידענטיפיצירן זיך מיט אַ סך גרופּירטע איינסן וואָס דריקן אויס פאַרשיידענע אַספּעקטן פון אונדזער לעבן. אָבער פאָלק איז אַזוי ברייט־פאַרנעמיק און רירט אָן אַזעלכע טיפע וואָרצלען, אַז וואָס מער מיר ווערן באַוואוסטזיניק וועגן דעם און פילן בולט אין זיך דעם אָטעם פון היסטאָרישן פאָלקישן לעבן, אַלץ שטאַרקער וואַקסט אין אונדז אַן איבערגעגעבנקייט, אַ ליבשאַפט, אַ זאָרג, אַ האָפענונג, וואו די ליניע צווישן דעם אייגענעם איך און דעם פאָלקישן ניט־איך ווערט שאָטנדיק און פאַרווישט.

דאָס נאָענטסטע צו דער יידישער אידענטיפיקאַציע איז די אידענטי־פיקאַציע פון אַמעריקאַנער יידן מיט אַמעריקע. אונדזער פאַרבינדונג מיטן גורל פון לאַנד, אונדזער אַריינוואַקסן אין אַלץ וואָס אַמעריקאַנער קולטור שטעלט מיט זיך פאָר, פירט נאַטירלעך צו אַזעלכע געפילן. דאָס ווערט נאָך קערנדיקער אין דער איצטיקער צייט ווען אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אין דער וועלט אַן עמפאַטישע אידעאָלאָגישע פּאָזיציע, דעמאָקראַטיע קעגן דיקטאַטור. גראָד איז דאָס אויך אַ פּאָזיציע וואָס דורך פאַרטיידיקן זי באַשיצן מיר די לעצט־געבליבענע מעגלעכקייט פון אַ יידיש לעבן אין חוץ לארץ. אָבער כאָטש עס זענען פאַראַן קלאָרע באַריר־פּונקטן צווישן ביידע אידענטיפיקאַציעס, פאַרנעמט אָבער יעדע פון זיי אַ באַזונדערן שטח. עס איז אייגנטלעך דער אונטערשייד צווישן די ברייט־פאַרצווייגטע אינטערעסן פון דער פּאָליטישער נאַציע און דעם אינטימערן שטראָם פונעם היסטאָריש־פאָלקישן שטאַם וואָס פליסט אין אַ מענטשלעכער פּערזענלעכקייט.

ביי אונדז פירן די ספּעציפישע יידישע איבערלעבענישן צו כלערליי פראַגעס; אַלע, פאַרשטייט זיך, פונעם מין וואָס זוכט זיך בעסער צו אָריענטירן אין דער דאָזיקער וועלט. עס פאָדערן זיך אָבער פאַרשיידענע אופנים צו רעאַגירן אויף זיי, אָדער אַפילו זיי צו פאַרשטיין.

ריין־אינטעלעקטועלער נייגיר — די פאָדערונגען פונעם שכל צו זוכן שייכותן פון סיבה און פועל יוצא — וועט פירן אַפילו דעם וואַרעמסטן יידן צו וועלן וויסן דעם טעם פון דינים און מנהגים. די וואָס וועלן זיך באַפרידיקן מיט דעם וואָס אַזוי שטייט אין דער תורה, אָדער די וואָס פאַר זיי וועט זיין גענוג די ראַציאָנאַלע דערקלערונג אַז דער איינפיר איז אַן אָנדענק נאָך אַ היסטאָרישער געשעעניש, אַזעלכע שטעלן מיט זיך קיין פּראָב־לעם ניט פאָר. זייערע פראַגעס זענען ניט קיין סימפּטאָם פון אָפּגעקילטקייט, אָדער דערווייטערטקייט, נאָר פאַרקערט, אַ פאַרלאַנג צו פאַרשטאַרקן מיטן שכל דאָס וואָס זיי האָבן סייווי געטאָן אויס אַנדערע מאָטיוון.

אַביסל האַרבער איז די לאַגע ווען עס קומט צו סימבאָלן פון אידייען. למשל, ר׳ שמשון רפאל הירש, דער שאַפער פון דער נעאָ־אָרטאָדאָקסיע אין

דייטשלאַנד, דערקלערט אין איינעם פון זיינע באַרימטע נײַנצן בריוו, דעם סימבאָלישן כאַראַקטער פון די מצוות מעשיות. ספירה דריקט אויס דעם געדאַנק אַז די נשמה באַלעבט דעם גוף און אַז מען דאַרף האָבן געזעצלעכע באַגרענעצונגען צו רעגולירן פרייהייט; חנוכה און פורים סימבאָליזירן די אידייע אַז גאָט איז פאַר אונדז אין גלות דאָס וואָס ער איז געווען פאַר אונדזערע אָבות, אאַז״וו. בנוגע שבת גיט ער צו: „אַ סך קליינע פּרטים, וואָס אונדזערע חכמים רופן טעכניש מלאכה, וואָלטן מיר זיי פאַר אַזעלכע ניט פאַררעכנט, און דאָך, אַפילו די נישטיקסטע און אומוויכטיקסטע צווישן זיי, האָבן זייערע סיבות און באַשטימטע כוונות״, דאָס הייסט, זיי קאָנען אַלע דערקלערט ווערן ווי סימבאָלן פון הויכע אידייען.

פאַר אַ היינט־צייטיקן רעזאָנירנדיקן יידן — אַפילו אַזעלכן וואָס איז דורכויס מסכים מיט די אידייען גופא — איז דאָס אַלץ ניט קיין תירוץ מספיק. ראשית, פאַרוואָס זאָל עס זיין אַ מוז אויסצודריקן אידייען סימבאָליש? פאַראַן גענוג אידעאַלע שטרעבונגען וואָס מיר זאָגן זיי אַרויס ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן און האַלטן דאָס פאַר גענוג. והשנית, אויב יאָ סימבאָלן, פאַרוואָס דאַרף מען דווקא זיי נעמען פון דער טראַדיציע, פאַרוואָס איז ניט גענוג אויסצוטראַכטן פאַר זיך אייגענע? לאָגיש זענען דאָס זייער ריכטיקע טענות, אויב דער פרעגער איז אַ יחיד און דער ענטפער איז געווענדט צו אים פּער־זענלעך. מען קאָן נאַטירלעך ווייטער זאָגן וועגן דער לעצטער טענה, אַז פּסיכאָלאָגיש וועלן די סימבאָלן פאַרלירן זייער כוח אויב יעדער ייד וועט פאַר זיך אַליין שאַפן אַן אייגענע פאָרם, ניט געקוקט אויף דער שיינקייט, פּאַסיקייט און קרעפטיקייט פון דער דאָזיקער פאָרם. דאָס איז דורכויס ריכטיק, אָבער דעמאָלט דאַרף שוין דער טראָפּ ליגן ניט אַזוי ווייט אויפן סימבאָל גופא ווי אויף דעם וואָס ער איז געוואָרן אַן אָנגענומענער סימבאָל. דאָס אָנגענומענע שפּרייט זיך אויס אין צוויי ריכטונגען, אין דער ריכטונג פון צייט און אין דער ריכטונג פון סאָציאַלן שטח. אין ערשטן פאַל האָבן מיר צו טאָן מיט דעם וואָס מען רופט טראַדיציע. דער איינפּיר קומט צו אונדז ווי אַ ירושה פון דורות, פון אַ ווייט־געצויגענער מענטשן־קייט וואָס איז פיזיש מער ניטאָ. אָבער וואָס אין דער טראַדיציע איז וויכטיק איר פאַראַנענ־קייט. צוליב דעם אַליין איז דער איינפּיר נאָך שפּירעוודיקער. עס ליגט אין דעם אַ מין הייליקע אַטראַקציע פון צייט וואָס איר איבער־פּערזענלעכער כוח אינעם מענטשן איז ממש אין לשער.

די צווייטע ריכטונג פונעם אָנגענומענעם איז זיין פאַרנעם און איינ־געוואָרצלטקייט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויך פון דעם לאָזט זיך פילן אַ השפעה מיט וועלכער קיין שום לאָגישע כוחות קאָנען זיך ניט פאַרגלייכן. ווען מיר טראַכטן אין טערמינען פון ביידע ריכטונגען צוזאַמען, קאָן מען קלאָר איינזען אַז דער רייץ פונעם אָנגענומענעם לאָזט זיך בשום אופן ניט

דערקלערן לויט די כללים פון לאָגישן רעזאָנירן. און דאָך וועט יעדער פּרואוו צו ראַציאָנאַליזירן יידישקייט מוזן צוקומען צו אַט דעם פּונקט וואָס איז בטבע ניט ראַציאָנאַל אין כאַראַקטער. אויב אַזוי, איז קיין אַנדער עצה ניטאָ סיידן מען זאָל אַרויסהייבן אויך טעאָרעטיש די מיסטישע — אויב איר ווילט, רעליגיעזע — קוואַליטעט פונעם אָנגענומענעם, וואָס זעט אויס צו זיין אַזוי ערדיש, אַזוי אומשולדיק — סעקולער. איך זאָג אויך טעאָרעטיש, ווייל אין דער פּראַקטיק, ווי מיר ווייסן עס פון אייגענעם לעבן, איז דער כוח פונעם אָנגענומענעם, מיט געהעריקע קוואַליפיקאַציעס, אַזוי טיף באַצווינגענדיק אַז עס פאָדערט זיך אַ סך דרייסטקייט אים גובר צו זיין.

## פראַגעס וועגן יידן

מען קאָן זייער איבערצייגנדיק אַרגומענטירן מיט געזונטן לאָגישן שכל לטובת די הויכע מעטאַפיזישע אידייען און עטישע אידעאַלן וואָס יידישקייט באַזיצט. אָבער מען קאָן בשום אופן ניט אויפבויען קיין ענלעכן לאָגישן בנין צו באַרעכטיקן די פאַרשיידענע סימבאָלישע פאַרקערפּערונגען פון די דאָזיקע אידייען און אידעאַלן. דאָ מוז מען סוף כל סוף אָנקומען צום זייער ניט־לאָגישן אַרגומענט, אַז אַזוי האָבן יידן היסטאָריש אויסגעאַרבעט זייער לעבנס־דרך. דער וואָס אידענטיפיצירט זיך, און וויל זיך אידענטיפיצירן, מיט יידן האָט קיין אַנדער ברירה ניט ווי צו טאָן דאָס וואָס עס איז אָנגענומען ביי יידן. דאָס האָט אַ שייכות צו ריין־סעקולערע ווערטן, ווי שפּראַך אָדער פאָלקישער מוזיק, פּונקט ווי צו רעליגיעזע איינפירן ווי כשרות אָדער אַ מזוזה אויף דער טיר. דער סאָציאַלער פאַקט פון אָנגענומענקייט און די אינדיווידועלע איבערלעבעניש פון אידענטיפיקאַציע־געפיל זענען און מוזן זיין דער פּוסק אחרון. די דאָזיקע צוויי מאָמענטן זענען פאַר יידן פון דעם סאָרט פּסיכישע אַבסאָלוטן וועגן וועלכע עס איז ניט שייך צו פרעגן פראַגעס. וואָרעם אַ פראַגע, ווען זי ווערט דיקטירט פון אַן ערנסטער אומזיכערקייט, איז דאָך מחייב אַ גרייטקייט צו האַנדלען לויט די לאָגישע קאָנסעקווענצן, וואָס זיי זאָלן ניט זיין. אָבער פּסיכישע אַבסאָלוטן זענען דאָך אַבסאָלוט דערפאַר, ווייל זיי גיבן ניט קיין אינערלעך־געפילטע פרייע ברירה.

היינטיקע צייטן, בעוונותינו הרבים, האָט זיך היפשלעך געמערט די צאָל יידן וואָס זייערע פראַגעס בלייבן ניט ביי די גרענעצן פון יידישקייט. זיי ווילן אויך האָבן — זיכער דאָס לעצטע וואָס מען קאָן וועלן האָבן — אַ ראַציאָנאַלן גרונט פאַרן קיום פון יידן: צו וואָס דאַרף מען האָבן אַ יידישע איינס אין דער וועלט? צו וואָס דאַרף מען האָבן יידן ווי אַ פאָרם פון מענטשלעכער צוזאַמענדיקייט, אין וואָסער זינען דאָס זאָל ניט זיין? אַזאַ מין פראַגע קאָן

נאַטירלעך ניט פאַרענטפערט ווערן מיטן כוח פון טראַדיציע, פון אָנגע־נומענקייט, ווייל די פראַגע גופא ווייזט אַז דעם פרעגער איז אַזאַ כוח שוין ניט צו נאָענט. פסיכאָלאָגיש איז דאָס אויך פאַרבונדן מיטן פאַקט וואָס ביי אַזאַ מין פרעגער איז דער ווילן זיך צו אידענטיפיצירן מיט יידן ניט מער קיין פאַקטאָר אין זיין לעבן.

מען קאָן אויף דעם אויך ניט ענטפערן דורך אָנווייזן די שיינקייט און גרויסקייט פון יידישקייט. לאָמיר זאָגן, אַז דער דאָזיקער בעל דבר וועט דורכויס מסכים זיין אַז מאָנאָטעאיזם, מיט דער עטישער באַפאַרבונג, איז זייער אַ דערהויבענער אמת; אַז גאָט ווי אַן אַבסטראַקציע, ווי אַ ריינע אידייע וואָס מען קאָן אים און מען טאָר אים אַפילו ניט פאָרשטעלן אין אַ קאָנקרעט געשטאַלט, איז אַן אויפטו וואָס האָט קיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן גייסט. מען קאָן אָננעמען דעם דאָזיקן קוק, אַפילו זיך באַ־גייסטערן מיט אַלץ וואָס הערמאַן קאָהען זאָגט מיט אַזוי פיל פאַטעטישער איבערצייגונג וועגן די דאָזיקע ענינים, און פאָרט בלייבן אַ מאָנאָטעאיסט, אָבער ניט קיין ייד. דער קריסטלעכער געלערנטער ר. טראַווערס הערפאָרד שטעלט זיך קעגן דער גאַנצער קריסטלעכער טראַדיציע אין זיין פאַרטיידיקן די פרושים און אַנדערע וויכטיקע מאָמענטן אין יידישקייט, אָבער ניט ער איז, און ניט מיר האַלטן אַז ער איז, אַן אינעווייניקסטער ביי יידן. אַקוראַט אַזוי קאָן מען אָננעמען מיט אויפריכטיקער באַגייסטערונג די גרויסקייט פון דער גריכישער אָדער אַנגלאָ־סאַקסישער קולטור און ניט דרינגען פון דעם אַז מען דאַרף זיין אַן אבר פון פאָלקישן אָרגאַניזם וואָס האָט די קולטור געשאַפן.

אַפילו יידישקייט קאָן מען ניט אויפבויען אויף אַ פונדאַמענט פון לויטערן שכל, על אחת כמה וכמה וועגן עס האַנדלט זיך וועגן געבונדנקייט צו יידן. עס איז אונדז גוט באַקאַנט, אַז אַזאַ גדול ווי משה מענדעלסאָן האָט זיך פאַר־וויקלט אין גרינטלעכע סתירות דורך זיין ריין־שכלדיקן צוגאַנג. אַנדערש קאָן עס ניט זיין. אין באַרימטן וויכוח מיטן גלח לאַפאַטער דערקלערט מענדעלסאָן: „אַנדערע פעלקער קאָנען בייטן זייערע געזעצן לויט צייט, אומשטענדן, באַדערפענישן און באַקוועמלעכקייטן, אָבער מיר האָט גאָט אַליין די געזעצן געגעבן, זאָל איך, שוואַכע בריאה, מיך אונטערשטעלן צו בייטן די דאָזיקע געטלעכע געזעצן לויט מיין איינרעדעניש?” אַזאַ אַרגומענ־טאַציע איז זיכער ווייט פון לאָגישע ראיות. אָבער דאָ האָט ביי אים גענומען די אויבערהאַנט דער טיפער און וואַרעמער ייד וואָס ער איז געווען. ער האָט ניט געקאָנט דורכגיין דעם גאַנצן שטח וואו לאָגישע קאָנסעקווענצן האָבן אים געקאָנט פירן, ווייל אויף אַ באַשטימטן פונקט האָבן זיינע פסיכישע אַבסאָלוטן פאַרמאַכט פאַר אים טיר און טויער און אים קיין פרייע ברירה ניט געגעבן.

דער וואָס קאָן באַרעכטיקן דעם יידישן קיום בלויז ווען ער וועט געפינען אַ ראַציאָנאַלן גרונט דערפאַר — און פילט אין זיך די פולע, פרייע ברירה צו פסקענען אויף ניין אויב ער וועט אַזאַ ניט געפינען — ביי אַזאַ יידן שטאַמט דאָס דאָזיקע רעזאָנירן ניט פון אַ לאָגישן נאָר פון אַ פּסיכאָלאָגישן פּראָצעס. עס איז אַ פּראָצעס פון אידענטיפיצירן זיך מיטן אידיאָם פון אַן אַנדער פאָלקישער קולטור. דער עצם געדאַנק צו זוכן אַ לאָגישן טעם פאַר דער עקסיסטענץ פון אַ פאָלק איז מחייב אַז פעלקער קומען אויף לויט אַ פּריוווילעקן אָפּמאַך צווישן מענטשן כדי דורכצופירן אַ באַשטימטע פּראָגראַם, אַזוי ווי, למשל, אַ פּאָליטישע פּאַרטיי. אָבער דאָס איז דאָך באַשיינפּערלעך פאַלש. אַזאַ ייד ווי אַרטור קעסטלער, וואָס פרעגט אָפּ די עקסיסטענץ־באַרעכ־טיקונג פון יידן אין חוץ לארץ, קאָן דאָס טאָן בלויז דערפאַר ווייל ער אידענטיפיצירט זיך איצט אין גאַנצן מיט דער ענגלישער לעבנס־פאָרם. לאָגיש וואָלט ער די פראַגע וואָס ער שטעלט יידן, אויך געקאָנט שטעלן די ענגלענדער. צו וואָס דאַרף די וועלט ענגלענדער? פראַנצויזן? אַמעריקאַנער? עס קלינגט ווי אַ בטלנישע חקירה ווען מען פרעגט אַזעלכע פראַגעס וועגן אַנדערע פעלקער. קעסטלער קאָן זיכער אַזוי ניט טראַכטן וועגן זיינע ענגלישע שכנים ווי ער טראַכט וועגן די יידישע. דער באַגריף ענגלענדער איז פאַר אים איצט געוואָרן דער ממילאדיקער קוואַל פונעם געגעבענעם און דעם אָנגע־נומענעם, די וועלט וואָס איז זיין אויסגאַנג־פּונקט און וועלכע עס איז ניט שייך אָפּצופרעגן. מיט יידן האָט ער זיין אידענטיפיקאַציע — אויב זי איז ביי אים אַמאָל געווען — איבערגעריסן, און דאָס איז דער רעאַל־פּסיכישער מאָטיוו פון דער כמו־לאָגישער טענה.

פאַרשטייט זיך, אַז אונדזער לאַגע אין חוץ לארץ, אין גלות, שאַפט די טרויעריקע מעגלעכקייט אַז מען זאָל קאָנען שטעלן צום יידישן קיום אַזעלכע פאָדערונגען וואָס וואָלטן געקלונגען ווי סתם פשטלען זיך ווען מען ווענדט זיי אָן אויף אַנדערע פעלקער. דער דאָזיקער אונטערשייד איז אין אונדזער צייט נאָך שאַרפער געוואָרן, ווייל דאָס אידענטיפיקאַציע־געפיל ביי יידן איז איצט געצוואונגען צו זיין מער אָנגעשטרענגט־באַוואוסטזיניק ווי ביי פריער־דיקע דורות.

אידענטיפיקאַציע מיט פאָלקיש לעבן וואַקסט געוויינטלעך פון זיך אַליין, ממילאדיק, אָן שום וויסן אַז מען פאַרמאָגט עס אין זיך. בלויז אין קריטישע מאָמענטן, ווען עס טרעטן אַרויס אויף דער סצענע קאָנפליקטן צווישן פרעמדס און אייגנס, ערשט דעמאָלט ווערן מיר באַוואוסטזיניק פונעם געפיל פון פאָלקישער אָנגעהעריקייט. ווען יידן האָבן געלעבט אין אַ מער אָדער ווייניקער פאַרמאַכטער אייגענער וועלט, איז דאָס געפיל געווען מער פאַר־באָרגן און ממילאדיק אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָבער איצט, ווען די מחיצה צווישן אונדז און דעם הערשנדיקן פאָלק איז דין און דורכזיכטיק, ווען

אַנדערשקייטן וואַרפֿן זיך מער אין די אויגן, דעמאָלט צווינגט זיך אַריין אין סאַמע צענטער פֿון באַוואוסטזיין דער פֿאַקט פֿון אונדזער יידישן זיין.

ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן ווייזט זיך אַרויס בולט די נפקא מינה צווישן אָפֿענער און פֿאַרבאָרגענער אידענטיפֿיקאַציע. כמעט ביי יעדן צופֿעליקן צונויפֿטרעף פֿון באַוואוסטזיניקע יידן וועט דער שמועס זיך אַריינקירעווען אין דער אייביקער יידישער טעמע. עס הייבט זיך אויף די דערעסנדיקע פֿראַגע וואָס יידן זאָלן טאָן, ווי זיי זאָלן זיך פֿירן, צי עס איז גוט וואָס יידן האָבן דאָ און דאָרט אַזוי אָדער אַנדערש געטאָן, אאַז״וו. און אָט איז אַזאַ פֿאַקט פֿון ממילאדיקער, אומבאַוואוסטזיניקער אידענטיפֿיקאַציע. אין זשורנאַל קאָמענטערי פֿון לעצטן פֿעברואַר האָט פּראָפֿ׳ דוד דייכעס פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַ סך וויכוחים. מילא, די הויפּט־טעמע פֿונעם אַרטיקל אינטערעסירט מיך דאָ ניט. אָבער פֿאַרבייגייענדיק שרייבט ער דאָרט: „איך האַלט זיך פֿאַר אַ פֿולן בירגער פֿון דער מערבדיקער וועלט מיט טיפֿער לאָקאַלער צוגעבונדנקייט צו מיין געבוירן־לאַנד... צי יידן זענען אַ ראַסע, אָדער אַ פֿאָלק, אָדער אַ רעליגיעזער קיבוץ, האָט מיך שוין לאַנג אויפֿגעהערט צו אַרן. איך ווייס, אַז מיט אַ פּערזענלעכן יחוס און ירושה ווי יעדער מענטש האָט, בין איך אַ מענטש, און איך בין פֿאַר־אינטערעסירט אין דער מענטשהייט״. ער ווייסט, זאָגט ער ווייטער, אַז לויט אַנדערע מיינונגען מוז ער זיך דערקלערן ווי אַ מיטגליד פֿון אַזאַ אָדער אַן אַנדער גרופּע, אָבער ער זאָגט זיך אָפּ דערפֿון קאַטעגאָריש. עס איז גוט צו געדענקען אַז פּראָפֿ, דייכעס האָט פֿאַרלאָזט אַמעריקע ווייל ענגלאַנד, זיין היים, איז אים נענטער. ווי ער זאָגט, פֿילט ער זיך אויך טיף געבונדן צו זיין געבוירן־לאַנד, וואָס דאָס קאָן דאָך ניט באַטייטן עפּעס אַנדערש ווי דאָס פֿאָלק און די קולטור פֿון יענעם לאַנד. זיין פּראָפֿעסיאָנעל לעבן באַשטייט אין באַרייכערן די קולטור־ווערטן פֿון ענגלישן פֿאָלק, און דאָך דאַכט זיך אים אַז ער געהערט ניט צו קיין שום גרופּע. ער איז בלויז פֿאַראינטערעסירט אין דער אַבסטראַקציע וואָס רופֿט זיך מענטשהייט. יאָ, זיין דערווייטערן זיך פֿון יידן איז גענוג קלאָר, פּונקט ווי עס איז קלאָר זיין אידענטיפֿיקאַציע מיט ענגלאַנד און ענגלישקייט. דער פֿאַקט וואָס ער פֿאָלגט געטריי דעם באַפֿעל פֿון אַ גרופּע, וואָס אים דוכט זיך אַז ער ווייס גאָרניט פֿון זיין אָנגעהעריקייט צו איר, באַווייזט בלויז די גבורה פֿונעם אידענטי־פֿיקאַציע־געפֿיל ווען עס אָפּערירט אין ממילאדיקער פֿאַרבאָרגנקייט.

אַ ייד וואָס דער קיום פֿון אונדזער פֿאָלק באַאומרואיקט אים ווייל אים איז ניט קלאָר די ספּעציעל־אויסגעטיילטע יידישע פֿונקציע אויף דער וועלט, אַזאַ יידן מעג מען זיכער חושד זיין אַז ער וויל ראַציאָנאַליזירן זיין שידוך מיט אַן אַנדער פֿאָלק. ער איז זיך משדך מיט אַ פֿאָלק וואָס עקסיסטירט בדרך הטבע, אַזוי צו זאָגן, וואָס זיין קיום ליגט בכלל ניט אין די ראַמען

פון דער פראַגע: פאַרוואָס? אַוודאי איז גוט אַזאַ יידן קלאָר צו מאַכן, אַז זיין פראַגע בנוגע אונדז איז דורכויס פאַרבונדן מיטן תירוץ וואָס ער האָט שוין געפונען ערגעץ אַנדערש: אַז עס איז בלויז אַ בלענדנדיקע אילוזיע ווען ער מיינט אַז בעת ער רייסט איבער זיין ספּעציעלע פאַרבינדונג ווי אַ ייד מיט יידן, פאַר יידישע צילן, מיט יידישע געזעלשאַפטלעכע אחריותן, ווערט דער פלאַץ פאַרנומען פון אַן אידענטיפיקאַציע מיט ניט מער און ניט ווייניקער ווי די מענטשהייט בכלל. אָבער על פי רוב וועט דאָס אַליין ווייניק וואָס העלפן. דער דרוק פון אַרומיקן קולטור־לעבן און די אילוזיע־בויענדיקע לאַגע אין וועלכער אַזאַ ייד געפינט זיך, וועט אים מאַטערן מיטן געפיל אַז ביי אונדז איז קליין, באַגרענעצט, ענג. דער איינציקער וועג איז דעריבער ניט בלויז צו אַרגומענטירן, נאָר צו באַרייכערן אונדזער לעבן אַזוי אַז די רעאַלע און אילוזאָרישע ענגשאַפט זאָל פאַרלירן אירע געגנאַטיווע כוחות.

בכל אופן איז די לאַגע היינט אַנדערש ווי אַמאָל, ניט דערפאַר וואָס עס איז גרעסער די צאָל פון די וואָס פרעגן ניט בלויז וועגן יידישקייט נאָר אויך וועגן יידן — דעם לעצטן פסיכישן אַבסאָלוט וואָס באַפּאַנצערט אונדזער קיום — נאָר אויך אין דעם וואָס אַפילו די איינגעוואָרצלטע יידן פילן ניט מער קיין חטא אין שטעלן אַזעלכע פראַגעס, אָדער אין אויסדריקן אַזעלכע ספקות. דער בעל הגדה האָט דעם אָפּגעפרעמדטן געוואָרפן אין פנים אַריין „רשע". דער רשב"א, פון דרייצנטן יאָרהונדערט, האָט געלייגט אין חרם אַריין די יונגעלייט וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט פילאָסאָפישע חקירות. היינט, וויפל מיר זאָלן דאָס ניט באַדויערן, נעמט אונדז דורך די עכטקייט פון אַ פרעגנדיק געמיט. מיר קאָנען אַפילו ניט צוגיין מיטן קוק פון אויבן אַראָפּ וואָס ליגט אינעם אָנזאָג: „ודע מה שתשיב לאפיקורס". די מעלה דערפון באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס אַליין ווערט אַ פאַקטאָר אין אויסברייטערן אונדזער לעבנס־בליק, אין אָפּשוואַכן דאָס געפיל אַז ביי אונדז איז אַלץ אַזוי פראָווינציעל און קליין און ענג.

דעריבער, אַז דיין זון וועט דיך פרעגן, לאמור, אַזוי צו זאָגן: „צו וואָס דאַרף מען האָבן אַ יידיש פאָלק אויף דער וועלט?" זאָלסטו אים ענטפערן ווי אין פרק שטייט, אַז צען נסים זענען געשען אונדזערע עלטערן אין בית המקדש. דער צענטער נס איז געווען אַז עס האָט ניט געטראָפן איינער זאָל זאָגן צום אַנדערן: „מיר איז ענג דאָס אָרט צו נעכטיקן אין ירושלים". לאָמיר זיך אַלע באַמיען אַז אויך היינט, און ביי אונדז, זאָל דער דאָזיקער נס געשען.

(1952)

# אָרטאָדאָקסיע אויפֿן שיידוועג

מיר האָבן זיך אַלע געוווינט אָנגעהערט און אָנגעלייענט וועגן די אַמאָליקע יום־כּיפּור בעלער און וועגן ראַדיקאַלע היצקעפּ וואָס האָבן אין יענע יאָרן באַליידיקט און אַטאַקירט פֿרומע יידן אין די ימים נוראים. די וואָס האָבן געלייענט וועגן די אַלע זאַכן מיט גרויס פֿאַרדראָס האָבן מסתמא זיך שוין לאַנג באַרואיקט. זיי האָבן שוין זיכער אויסגעפֿונען אַז די אַלע רייד און קלאַנגען זענען געוואַלדיק מגזם די פֿאַקטן. אַוודאי זענען געווען פֿאַלן ווען פֿאַרפֿירטע בחורים האָבן אין אַנטי־רעליגיעזער שיכּרות זיך באַנוצט מיט גראָבקייט און פֿיזישן אָנפֿאַל צו צעשטערן די „גאָט־פֿעסטונג" וואָס, לויט זייער מיינונג, האָלט אָפּ די סאָציאַלע גאולה שלמה. אָבער דאָס זענען געווען איינצלנע, ספּאָראַדישע אויסברוכן וואָס כאַראַקטעריזירן לחלוטין ניט דעם כאַראַקטער פֿונעם קאָנפֿליקט. די מחלוקה האָט זיך בדרך כּלל אויסגעדריקט אין וואָרט און שריפֿט, און, דער עיקר, דורך פֿולער אָפּגעזונדערטקייט פֿון די צדדים. זיי האָבן אַזוי ווי אַריבערגעשריגן איינער קעגן צווייטן איבער אַ הויכער מויער.

אָבער אויב די ראַדיקאַלע, אָדער „וועלטלעכע", האָבן יאָ אַמאָל געזינדיקט קעגן די פֿרומע יידן, האָבן זיי דאָס שוין לאַנג פֿאַרגיטיקט, אַ סך מער ווי פֿאַרגיטיקט דורך אַ געביטענער באַציאונג, אַ באַציאונג פֿון אָפּשאַצונג און רעספּעקט צום טראַדיציאָנעלן שטייגער ביי וועלכן די פֿרומע האַלטן זיך מיט אַזאַ רירנדיקער צוגעבונדנקייט. די דאָזיקע באַציאונג איז ניט געווען בלויז אַ פּועל יוצא פֿון טאָלעראַנץ, פֿון אַ העפֿלעכן צוגאַנג צו אַלץ וואָס איז אַנדערש. עס האָט אין דעם זיך אויך אַרויסגעוויזן דער בליק אַז יידישע פֿרומקייט האָט איר אייגענעם פּאָזיטיוון ווערט וואָס גיט צו כּוח דעם אָנגאַנג פֿון יידישן לעבן.

עס הערשט דער איינדרוק אַז די דאָזיקע באַציאונג מצד די וועלטלעכע צו דער יידישער אָרטאָדאָקסיע איז אויפֿגעקומען גאַנץ שפּעט, ערשט אַרום דער צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָס איז לחלוטין פֿאַלש. אונדזער ליטעראַטור האָט געוווינט ראיות צו באַווייזן אַז די שקלא וטריא צווישן די וועלטלעכע וועגן אַ פּאָזיטיווער באַציאונג צום יידישן רעליגיעזן לעבן האָט זיך שוין קלאָר געלאָזט הערן נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער גאַנצער ענין איז געוואָרן זייער אַקטועל ווען עס האָט זיך געעפֿנט די ערשטע „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע" שול (1910). חיים ליבערמאַן, וואָס איז דעמאָלט געווען פֿאַרבונדן מיט דער דערמאָנטער שול, האָט אויף אַ קאָנפֿערענץ רעפֿערירט וועגן דער פּאָזיטיווער ראָלע וואָס די יידישע רעליגיע דאַרף שפּילן אין דער יידישער שול. דער רעפֿעראַט איז שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדער

בראָשור, און, ווי ווייט איך קען זיך דערמאָנען, האָט ער אַרויסגערופֿן מער רעזערווירטע הסכּמה ווי דורכויסיקע קעגנערשאַפֿט.

אין ערשטן נומער פֿון זשורנאַל אונדזער קינד (אַפּריל 1924), אַרויסגעגעבן פֿון דער דעמאָלט-עקזיסטירנדיקער קולטור-ליגע, שרייבט שלמה בערקאָוויטש: „מיר קומען צו דער פֿראַגע וועגן גאָט. וואָס זאָל געטאָן ווערן מיט גאָט וואָס האָט זיך אַזוי ברייט פֿאַנאַנדערגעשפּרייט אין די יידישע לעגענדעס אַז איר קאָנט קיין טריט ניט מאַכן ניט אָנשטויסנדיק זיך אויף אים. זאָלן מיר אים אויסמיידן אָדער איבערלאָזן? פֿאַר מיר קאָן דער ענטפֿער זיין נאָר איינער. מיר טאָרן פֿון גאָט ניט אַנטלויפֿן, נאָר אים מקרב זיין און מאַכן אים נעענטער צו די קינדער".

נייך, דער קוק וואָס זעט אַ פּאָזיטיוון כּוח אין יידישער רעליגיעזע ווערטן איז אין וועלטלעכן קרייז ניט אויפֿגעקומען ערשט אין די לעצטע יאָרן. עס איז אָבער ריכטיק אַז לעצטנס האָט זיך דער דאָזיקער בליק מער פֿאַרשפּרייט, געוואָרן דער פּוסק אחרון פֿון די, דעם רוב, וואָס לאָזן זיך אין גאַנצן באַצווינגען פֿון צייט-גייסט, און דאָס קענטיקסטע וואָס וואַרפֿט זיך אין די אויגן איז די הנאה צו באַצייכענען וועלטלעכע אידייען מיט ווערטער וואָס שטאַמען פֿון דער רעליגיעזער וועלט. דער אַלטער טערמין „יידישקייט" איז געוואָרן אַ סינאָנים פֿון דער נייער "יידישער קולטור"; ציטירן אַ פּסוק אָדער אַ מאמר חז"ל איז שוין מער ניט קיין אַקט פֿון בטלנות; דער נאָמען פֿון אַ יידישן גאון טראָגט שוין אין זיך ניט ווייניקער חשיבות ווי דער נאָמען פֿון אַ ניט-יידישן גדול. און נאָך עפּעס דאַרף מען צוגעבן, אונדזער פּראַקטישע, ערדישע צייט-ליטעראַטור האָט זיך ביסלעכווייז אָנגענומען מיט אַ „גרינגן קאָפּ", און פֿאַרגינט זיך טיילמאָל צו באַרירן די טעמע רעליגיע, רעליגיע בכּלל, כאָטש דער טראָפּ ליגט נאָך אַלץ אויף יידישער רעליגיע און יידישקייט. בקיצור, דאָס וואָס האָט זיך לעצטנס באמת געביטן איז ניט אַזוי ווייט אין דער באַציאונג צו יידישער פֿרומקייט נאָר עס איז פֿאָרגעקומען אַן אינערלעכע דערנענטערונג, אויב ניט צו איר קאָנקרעטן אויפֿפֿיר איז צו געוויסע אמתן וואָס דער דאָזיקער אויפֿפֿיר דריקט אויס.

מען קען אויך פֿאַרשטיין די טרייב-כּוחות וואָס האָבן דערצו געבראַכט. קודם כּל, וועגן דער טעמע רעליגיע, רעליגיע בכּלל, וואָס איז געוואָרן מער אָנשטעקיק אין וועלטלעכן קרייז. דאָס איז בלי ספק אַ פּועל יוצא פֿון דער איבערקערעניש אין דער אַלגעמיינער קולטור-וועלט. די וויסנשאַפֿט האָט זיך אַלץ מער פֿאַררוקט אין אַן אייגענעם אוניווערס, און אירע ענטפֿערס קענען מער ניט צוקומען גראָד צו יענעם ריזיקן וועלט-שטח וואָס ציט זיך מיט אַזאַ שטעכיקער דירעקטקייט צום מענטשלעכן האַרצן. ממילא האָט רעליגיע ווידער גענומען אויפֿרודערן אינערלעכע גייסטיקע נייטן. מיר זענען היינט צו נאָענט צו דער אַלגעמיינער לופֿט פֿון דער וועלט אַז מיר

זאָלן ניט מיטגעריסן ווערן מיטן אימפּעט פון אַזאַ באַצווינגענדיקן שטראָם.

דאָך איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען אַז בעת אין ענגליש־יידישע אויס־גאַבעס גייען ניט אַראָפּ פון סדר־היום די פילאָסאָפישע און טעאָלאָגישע פּראָבלעמען פון דער רעליגיעזער איבערלעבונג, ווערט זי אין אונדזער ליטע־ראַטור באַרירט בלויז פאַרבייגייענדיק און דאָס אויך, על פי רוב, אין טערמינען פון לירישן השתפכות הנפש. איך קען זיך דערמאָנען בלויז זייער אַ קליינע צאָל ערנסטע באַטראַכטונגען וועגן דעם גאָט־באַגריף, אָדער די אַנדערע באַגריפן וואָס די רעליגיעזע איבערלעבונג איז מחייב.

אָבער וועגן דער יידישער רעליגיע, יידישקייט, און די טראַדיציאָנעלע פאָרמען אין וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, דאָס יאָ, דאָס האָבן מיר לרוב. קענטיק אַז אונדז האָט מער צערודערט דער קריזיס אין דער אייגענער וועלט און דאָס האָט אויך געווירקט אַז אַ סך פון אונדז זאָלן קוקן ניט בלויז מיט רעספּעקטפולער באַציאונג נאָר אויך מיט נאָענטקייט אויף דער שטייגער־וועלט פון אונדזערע אָרטאָדאָקסישע ברידער.

אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין. די וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער יידישקייט בלויז דורך שפּראַך און שפּראַכלעכע ווערטן האָבן שוין אין די דרייסיקער יאָרן געמוזט דערפילן די סכנה וואָס שטעקט אין זייער פּאָזיציע. דאָס וואָלט געווען אמת וועגן העברייאיש פּונקט ווי וועגן יידיש. אָבער די מעלה פון העברייאיש, פון העברייאיזם, איז וואָס ער איז אינטים פאַרבונדן, אין גלות, מיטן טראַדיציאָנעלן יידישן שטייגער, און וואָס ער איז פּאַקטיש אַן אויסדרוק פון אַ העכערן, מער־אַרומנעמיקן אידעאַל, ארץ ישראל. אָבער יידיש, יידישיזם, מיטן צוטשעפּ פון אַ נעגאַטיווער אידייע, וועלטלעכקייט, ד"ה ניט־רעליגיע, קען בלויז שאַפן אַ חלל אין וועלכן עס ווערט אַלץ פאַר־וואַסערט און איינגעזאַפּט אין דער ליידיקייט. דער חלל זאַפּט איין אַפילו די שפּראַך גופא וואָס האָט אים געשאַפן.

עס איז קיין חידוש ניט וואָס דער וועלטלעכער שפּראַך־ייד, האָט אינעם פרומען יידן דערזען אַן עכטערן און מער דויערנדיקן אויסדרוק פון פאָלקישן זיין. ער האָט אין אים אויך געקענט דערזען עפּעס מער, וואָס כאָטש ער אַליין קען דעם דאָזיקן דרך ניט אָננעמען קען ער אָבער אין דעם דערפילן אַ געזונטן אָנשפּאַר פאַר ווערטן וואָס זענען אים טייער.

וואָרעם ווען מען פאַרגלייכט יידישקייט על פי לשון און יידישקייט על פי דין וואַרפן זיך אין די אויגן, אויפן סאַמע ערשטן קוק, צוויי טיפע אונ־טערשיידן. שפּראַך איז אַ בריק אין סאָציאַלע באַציאונגען אָבער מוז ניט זיין קיין פאָרם פון ריין פּערזענלעכן אויסדרוק. איינער רעדט, דער צווייטער הערט; איינער שרייבט, דער צווייטער לייענט. אַז מען געפינט זיך אין אַ געזעלשאַפט וואָס באַנוצט זיך מיט אַ פרעמד לשון, רעדט מען, אויב מען קען, אויף דער פרעמדער שפּראַך. אָבער אַ פרומער ייד, אין וואָסער חברותא

ער זאָל ניט זיין, ווען עס קומט אָן די ריכטיקע צייט זונדערט ער זיך אָפּ און דאַוונט מנחה. שפּראַך דאַרף האָבן שותפים, פּאַרהייליקטער שטייגער וואַקסט אַריין אין דער נשמה ווי אַ פּערזענלעכע לעבנס־פֿאָרם.

אַ מענטש באַנוצט געוויינטלעך אַ באַשטימטע שפּראַך אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן ווייל זי איז ביי אים דער נאָענטסטער און בעסטער אינסטרו־מענט זיך אויסצודריקן. ער איז דערביי גאָרניט מקריב, פּאַרקערט, ער באַפֿרידיקט דערמיט זיין נאַטירלעכן פֿאַרלאַנג זיך צו באַנוצן מיט אַ שפּראַך־סיסטעם וואָס איז ביי אים די היימישסטע, די באַקוועמסטע. אָבער פֿרומע יידישקייט איז אַ דיסציפּלין וואָס באַגרענעצט, וואָס פֿאָדערט צו נעמען אויף זיך, אין נאָמען פֿון גייסטיקע צילן, ערנסטע אומבאַקוועמלעכקייטן. אַז מען קען ניט עסן וואו עס מאַכט זיך, אַז מען טאָר ניט פֿאָרן שבת און יום־טוב, בכלל, דאָס אָפּהיטן די טויזנטער חומרות וואָס פֿרומקייט איז מחייב — בפרט נאָך ווען מען דאַרף זיך צוליב דעם אַרויסשיילן פֿון דער גאַנצער סביבה אין וועלכער מען לעבט — דאָס שטעלט אַוועק אַ שטענדיקע אויפֿגאַבע זיך צו צוימען און באַצווינגען. אין אַ צייט ווען קיין שום פֿאָרם פֿון יידישקייט טראָגט זיך מער ניט מיטן אייגענעם, אינערלעכן אימפּעט אויף אַזאַ לייכט־נאַטירלעכן אופֿן ווי ביי אַמאָליקע דורות, ווערט מען טיף גערירט פֿון אַזאַ פֿאַרפּערזענלעכטן דרך פֿון יידישן אויסדרוק, אַפֿילו ווען דער אייגענער גאַנג איז אין גאַנצן אַן אַנדערער. שוין אָפּגערעדט דערפֿון וואָס רעליגיעזע פֿרומקייט, בפרט די צו וועלכער עס טוליעט זיך די תמימות פֿון דער אייגענער קינדהייט און יוגנט, צינדט אָן דאָרשטן, אי סענטימענטאַלע, אי מעטאַפֿיזישע.

אָבער די פֿרומע מטבע האָט אויך אַן אַנדער זייט וואָס גיט שוין אַ סך ווייניקער נחת און רופֿט אַרויס טיפֿע זאָרג. ניטאָ קיין איין צד אין יידישן רעליגיעזן לעבן וואו עס הערשט אַזוי פֿיל פּירוד הלבבות און קנאה־שנאה ווי אין אָרטאָדאָקסישן סעקטאָר. יידישע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטי־טוציעס וואָס האָבן צו טאָן מיט אַלע סאָרטן יידן פֿאַרזיכערן אַז דאָס ערגסטע איז צו האַנדלען מיט דער אָרטאָדאָקסיע, און וואָס עקסטרעמער אַלץ ערגער. זיי וועלן לייכט עובר זיין אויף די עלעמענטאַרסטע כללים פֿון אמת און ערלעכקייט ווען דאָס וועט העלפֿן אַרויסקריגן מער מאַטעריעלע נוצן פֿאַר זייערע אינסטיטוציעס. ביי זיי איז פֿאַראַן די פֿאַרשוווענדערישסטע דופּלי־קאַציע. צוליב אַ קוצו־של־יוד קען מען ניט גיין צוזאַמען און מען דאַרף זיך לאָזן אויף זייער אומפֿרומע דרכים צו פֿאַרזאָרגן באַזונדערע בודזשעטן.

אין די צייטונגען קען מען טרעפֿן אַנאָנסן פֿון ישיבות און אַנדערע פֿרום־רעליגיעזע אינסטיטוציעס וואָס רופֿן אַרויס אַ רעוואָלטירנדיק געמיט. פֿאַראַן געוויסע גראָבהויטיקע, געשמאַקלאָזע רייכע יידן וואָס פֿאַר זייערע נדבות זענען זיי, ווייזט אויס, גליקלעך מען זאָל זיי באַצאָלן מיט העסלעכער

עפנטלעכער חניפה. די חשובע ישיבות האַלטן זיך דעריבער ניט אָפּ פון דרוקן אַנאָנסן, און דווקא מיט די פאָטאָגראַפיעס פון די מנדבים, צו באַגריסן זיי ביי פאַרשיידענע נאַרישע, אָדער ענג־פּערזענלעכע געלעגנהייטן. אָט האָט זיך איינער פון די מנדבים אומגעקערט פון פלאָרידע, אַ צווייטער האָט זיך איבערגעקליבן אין אַ נייער דירה, ביי אַ דריטן איז געבוירן געוואָרן אַן איינִיקל. פון די יחסנותדיקע אונטערשריפטן אין די אַנאָנסן שרייט אַרויס אַ ביטערע חרפה: זו תורה וזו שכרה? פאַרוואָס זאָלן די וואָס זענען באַרופן צו היטן דעם כבוד פון דער תורה זי לאָזן זינקען צו אַזאַ מדרגה?

עס איז ניטאָ קיין איין סעקטאָר אין יידישן לעבן פון וועלכן מען הערט זיך אָן פון אַזוי פיל דעמאָראַליזאַציע און געפאַלנקייט. פאַרשטייט זיך אַז אַ קרייז וואָס איז אַזוי צעטיילט און צעפּיצלט, מיט אַזאַ שנאת מות צווישן זיך, קען מען ניט זאָגן אַז איין גרופּע זאָל טראָגן אחריות פאַר דער צווייטער. אָבער דאָס טרויעריקסטע איז אַז די וואָס זייערע גרויסע, גאוניִשע און הייליקע פּערזענלעכקייטן האָבן באַדעקט מיט אייביקן כבוד די גאַנצע יידישע געשיכטע פאַרמאָגן איצט ניט קיין גדול בתורה פון אַזאַ שיעור קומה אַז זיין קלאַפּ אין טיש זאָל זיך הערן און אויפטרייסלען. ווייזט אויס אַז אונדזער אָרטאָ־דאָקסיע, דער עיקר פון עקסטרעמען טיפּ, קען זיך פּשוט קיין עצה ניט געבן, האָט זיך אין גאַנצן פאַרלוירן, אין גלות אַמעריקע.

אָבער אין אַמעריקע, וואָלט מען געקענט זאָגן, איז עס אַ פראַגע פון צייט. ווען עס וועט אויסוואַקסן אַ הי־געבוירענער דור עכט־פרומע יידן וועט זיך אפשר די לאַגע בייטן. יעדער איינער וואָס אים איז טייער די געזונטקייט פון אונדזער קיום וועט זיכער באַגריסן מיט פרייד אַ ריין־תורה־דיקע יידישע אָרטאָדאָקסיע וואָס אָן איר וועט בלייבן אַ טרויעריקער חלל אין דער נייטיקער פילפאַרביקייט פון אַ באַפעסטיקט יידיש לעבן. דערווייל אָבער רופט אַרויס אַ סך זאָרג דער אינערלעכער מצב פון אונדזערע פרומע ברידער אין אַמעריקע. בלויז אין אַמעריקע? ניין, די יידישע אָרטאָדאָקסיע איז געשטאַנען פאַר אַ סך אַ האַרבערן נסיון אין ארץ ישראל, און לײדער פאַרענדיקט אַזוי טרויעריק אַז די זאָרג פאַר איר מאָרגעדיקע ראָלע אין לעבן פון פאָלק הייבט אָן צו ווערן ערנסט ביז טיפער אומרו.

אין אַ גרינטלעך־פאַרטראַכטער אַרבעט וואָס ד״ר ישעיהו ליבוביץ, אַ פירער אין „עובד הדתי" פון דער הסתדרות, האָט פאַרעפנטלעכט אין בטרם, באַמיט ער זיך צו באַווייזן אַז די גאַנצע הלכה, פון סאַמע אָנהייב ביז די לעצטע פּסוקים, איז ניט געבויט אויף אַ לעבן אין אַ רעאַל־עקזיסטירנדיקער יידישער מלוכה. זי אַנטוויקלט זיך אין אַ קלימאַט פון אַן אידעאַליזירטער מלוכה אין עבר, אָדער פון אַן אויסגעפאַנטאַזירטער אין דער צוקונפט. דאָס מוז פירן צו אַ טיפן רעליגיעזן קריזיס אין מדינת ישראל, ווייל די וואָס שטייען אויפן באָדן פון דער תורה האָבן ניט געשאַפן קיין רעליגיעז־

סאַנקציאָנירטן לעגאַלן אינסטרומענט מיט וועלכן מען זאָל קענען אָפּערירן אין אַ רעאַלער, ערדישער, איצט־עקזיסטירנדיקער מלוכה.

דאָס איז זיכער ניט סותר דעם געדאַנק אַז תנ״ך, תלמוד און די נאָך־תלמודישע ליטעראַטור פאַרמאָגן גענוג מאַטעריאַל וואָס אויף אים קען מען בויען קאָנקרעטע געזעצלעכע נאָרמען פאַר דער פירונג פון אַ זעלבסטשטענדיק פּאָליטיש לעבן אין דער היינטיקער צייט. אַזעלכע ביכער ווי דאָס זאַמלבוך דת ישראל ומדינת ישראל אָדער ד״ר שמעון פעדערבושס גרינטלעכע אַרבעט משפט המלוכה בישראל באַווייזן דאָס גאַנץ קלאָר. אָבער זיכער איז אַז אַזאַ יורידישע סיסטעם וואָס זאָל ווייזן ווי אַזוי צו פירן על פי תורה אַ רעאַלע מדינה מיט אַלע פּרטים, מיט אַן ענטפער אויף די טאָג־טעגלעכע נויטן וואָס דאָס לעבן און די זיכערקייט פון אַ סאָוועוערענער מדינה רופן אַרויס, דאָס האָט אַזאַ פּאַרטיי ווי, למשל, „אגודת ישראל“ געדאַרפט אויפבויען נאָך איידער זי איז געוואָרן אַ פּאָליטישע פּאַרטיי אין לאַנד מיט אַ דעה אין כנסת.

די פרומע יידן אין ארץ ישראל פאַרמאָגן גענוג גאונים, וואונדערלעכע לומדים און טיף־איבערגעגעבענע יידן. זיי זענען אַלע געקומען פון לענדער וואו יידישקייט האָט זיך שטילערהייט געשטיצט אויפן באַשיינפּערלעכן פאַקט וואָס דער שבת־גוי האָט צו שמירת שבת, צום גאַנצן שולחן ערוך, קיין שייכות ניט געהאַט. האָט דער שבת־גוי פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג, אויך פאַר פרומע יידן, באַזאָרגט די באַנען, די וואַסער־פירונג, דאָס עלעקטרישע ליכט, אַפילו אין דער פּריוואַטער פרומער היים אַראָפּגענומען די לייכטער פון טיש, אָפּגעקויפט דעם חמץ ערב פסח, אאַ״וו. וואָס זאָל מען טאָן אין מדינת ישראל ?

ווי עס איז איצט, באַנוגנט זיך דער פרומער ייד דערמיט וואָס גאָט האָט אים געבענטשט מיט יידישע שבת־גויים, און ער איז מחויב שטילערהייט, אויב ער האָט גאָט אין האַרצן, צו דאַנקען דעם זינדיקן פאַר זיינע זינד. דאָס איז דאָך זייער אַ געפערלעכער אויסוועג פאַרן וואוקס פון תורה־יידישקייט אין ישראל. עס קומט אויס אַז אויסמיידנדיק צוצופּאַסן די תורה צו אַ מלוכה־לעבן פאַר אַלע יידן האָט די אָרטאָדאָקסיע באַשלאָסן צו אוזור־פּירן די תורה בלויז פאַר איין כיתה און שטיצן אומדירעקט אַן אַנדער כיתה פון „פושעי ישראל“, וואָס מיט זייער הילף זאָלן די תורה־יידן קענען לעבן און היטן די תורה. אָבער אויב אַזוי ווי קען אַזאַ פרומע פּאַרטיי זיין פאַרטראָטן אין כנסת וואָס מוז דאָך זאָרגן פאַר אַלע יידן ? דאָס איז ניט קיין געוויינט־לעכע סתירה. עס ליגט אין דעם אַ פיינלעכע אוממאָראַלישקייט. די יידן פון דער נטורי קרתא האָבן זיך געראַטעוועט פון אַזאַ סתירה דורך דעם וואָס זיי ווילן טאַקע ניט די מדינה, זיי האַלטן אַז איר סאַמע עקזיסטענץ איז אַ חטא מות. אָבער אי זיין אַ טייל פון דער רעגירונג, אי דופען אויף דעם וואָס אַנדערע, זינדיקע, טוען די אַרבעט וואָס מאַכט מעגלעך איר סאַמע

עקזיסטענץ, דאָס טראָגט אין זיך אַ ביי־טעם, ניט אַזוי לייכט צו פאַרטראָגן.

די טרויעריקסטע דעמאָנסטראַציע פונעם שווערן מאָראַלן מצב פון דער אגודת ישראל־אָרטאָדאָקסיע האָט זיך באַוויזן אין דער ווילדער מהומה אַנטקעגן דעם געזעץ פון „שרות נשים״, דעם נאַציאָנאַלן דינסט פון פרויען. דאָס געזעץ איז פאַרמולירט געוואָרן אַזוי אַז סיי אין די אַרבעטן גופא, סיי די באַדינגונגען ביי וועלכע זיי דאַרפן דורכגעפירט ווערן, איז ניטאָ קיין שום סירכא וואָס צוליב דעם זאָלן פרומע פרויען זיך דאַרפן פון דעם אָפּזאָגן אין פּריוואַטן לעבן. דער חילוק איז נאָר וואָס די אַרבעט וועט דאַרפן געטאָן ווערן לטובת די אינטערעסן פון פאָלק און ניט צוליב פּערזענלעכע נוצן.

מילא, די לומדים — און מען דאַרף בשום אופן ניט זיין מסופק, ניט אין זייער ערלעכקייט, ניט אין זייער גרינטלעכער לומדות — האָבן אַנדערש געפּסקנט. אָבער צוויי האַרבע קשיות לאָזן ניט רוען. אויב דאָס איז דער דין איז עס דאָך אַ דין פאַר אַלע יידישע פרויען. פאַרוואָס איז די זייער אומחנעוודיקע מלחמה געפירט געוואָרן בלויז לטובת די „פרומע מיידלעך״? ווי האָבן תורה־יידן געקענט איינגיין אַז מיט זייער אָפענער באַשטעטיקונג זאָל דער פּסק־דין פון דער תורה חל זיין בלויז אויף די טעכטער פון דער אייגענער כיתה אָן שום זאָרג פאַרן רוב יידישע טעכטער פון לאַנד?

נאָך שווערער איז צו פאַרשטיין דעם פסיכישן צושטאַנד פון די פּוסקים. אין דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון דער הלכה זענען באַקאַנט די צוויי טיפּן, דער מחמיר, דער שטרענגער פּוסק — יקוב הדין את ההר, זאָל דער דין דורכשניידן דעם באַרג. עס איז אויך פאַראַן דער מקיל, דער וואָס איז גענייגט צו מער מילדקייט, וואָס באַמיט זיך מער צו געפינען אַ היתר. אַ דין דאַרף מען טייטשן און דער טייטשער הענגט אָפּ ניט בלויז פונעם געדרוקטן טעקסט נאָר אויך פונעם כאַראַקטער פון זיין נשמה. ביידע, מחמיר און מקיל, האָבן זייערע גרויסע פאַרדינסטן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. אָבער דער לעצטער האָט אין דער יידישער געשיכטע געלאָזן אַ בילד פון רירנדיקער יידישער מענטשלעכקייט ווען ער האָט געדאַרפט פּסקענען אין אַ קריטישן מאָמענט אין לעבן פון אַ יחיד אָדער קהל. פאַרוואָס זענען די פרומע לומדים גראָד אין פאַל פון „שרות נשים״ — וואָס וועגן דעם איז ניטאָ, און עס קען דאָך ניט זיין, קיין אַבסאָלוטע קלאָרקייט אין דער הלכהשער ירושה — געווען אַזעלכע אומקאָמפּראָמיסלעכע מחמירים?

זיי באַטייליקן זיך דאָך אין דער רעגירונג, זענען מיט־באַלעבאַטים פון אַ לאַנד וואָס איז אין אַ צושטאַנד פון שעת חירום, אַרומגערינגלט מיט שונאים פון אַלע זייטן. עס איז שווער צו גלייבן אַז אין אָט דער זייער גע־שפּאַנטער לאַגע זאָלן זיי ניט פילן, אַז עס איז זייער חוב צו העלפן ממשותדיק. איז טאַקע געווען אַזוי שווער צו געפינען אַ היתר פאַרן פאַרגעשלאָגענעם

— איצט דורכגעגאַנגענעם — געזעץ אינעם דויערנדיקן פּיקוח נפש פֿון דער מדינה?

מיר דאַכט זיך אַז דער שולדיקער איז דאָ די שבת־גוי פּסיכאָלאָגיע. זיי ווייסן אַז די נויט איז גרויס, אַז דאָס לאַנד נייטיקט זיך אין שוץ און הילף פֿון אַלע יונגע מענטשן וואָס זענען פֿיזיש בכוח דאָס צו טאָן. אָבער זיי האָבן אויך מקבל געווען בירושה אַז אַזעלכע זאַכן געהערן צום „שבת־גוי", און זאָל ער, דער שבת־גוי, אָדער די שבת־גויעס, אויסלייזן די פֿרומע טעכטער. די שבת־גוי פּסיכאָלאָגיע האָט דורות־לאַנג באַווירקט די ייִדישע פֿרומקייט, איז געוואָרן אַ טייל פֿון איר, אין אַ געוויסן זינען, איר סינאָנים. כדי גובר צו זיין די אינערציע פֿון דער דאָזיקער ירושה, אויף וויפֿל זי האָט ניט געקענט פּאָרויסזען די לעבנס־נייטיקע עלעמענטן פֿון אַ היינטצייטיק מלוכה־לעבן, פֿאָדערט זיך אַ רעוווידירטער שולחן ערוך וואָס, ניט אָפּטרעטנדיק פֿון טראַדיציאָנעלע עיקרים, זאָל צופּאַסן דעם אָרטאָדאָקסישן דרך צו די רעאַלע נויטן פֿון מדינת ישׂראל. אָבער דערויף, ווייזט אויס, פֿעלט כוח און ווייט־זעענדיקע היסטאָרישע אַחריות.

מען קען טראַכטן פֿון נאָך אַ וועג. ניט קענענדיק אויסגלייכן די סתירה וואָס צווישן הלכה און מלוכה, בלייבט איבער אינגאַנצן צו אַנטלויפֿן פֿון די פּאָליטישע געמאַרקן, מיט זייערע מאָנענדיקע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, און איינפֿירן ביי זיך אַ רעזשים פֿון צוריקגעצויגענער סעקטאַנטישקייט. אוודאי וועט דאָס אויפֿרייסן אַ טויטנדיקע וואונד אין דער היסטאָרישער מיסיע פֿון דער ייִדישער טראַדיציע, אָבער קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ.

עס איז פּיינלעך צו זען וויפֿל צאָרן און שׂנאה די אגודת ישׂראל רופֿט אַרויס צו זיך מצד דער ניט־פֿרומער מאַיאָריטעט אין מדינת ישׂראל. עס איז ניט ווייניקער פּיינלעך צו זיין עדות פֿון דער קנאַפּער דעה וואָס עס האָבן די ערלעכע פֿירנדיקע פּערזענלעכקייטן פֿון דער גלות־אָרטאָדאָקסיע אויף דער דעמאָראַליזאַציע אין זייער סביבה. באַזונדערס טוט עס וויי יענע, וואָס כאָטש זיי אַליין זענען דורכויס ניט נאָענט צום אָרטאָדאָקסישן דענקען, געהערן אָבער ביי זיי די פּראָבלעמען פֿון רעליגיע און ייִדישער טראַדיציע צו די דברים העומדים ברומו של עולם. אַ ייִדישע וועלט אָן דער סביבה פֿון עכטער, טראַדיציאָנעלער ייִדישער פֿרומקייט וואָלט געווען אָן אָנווער ניט אָפּצושאַצן. מיר קענען בלויז בעטן גאָט אַז די וואָרטפֿירער און מנהיגים אין יענעם לאַגער זאָלן ניט צוהעלפֿן בידים עס זאָל קומען דערצו.

(1953)

# אין אַ שמחת־תורה נאַכט

מיר האָבן באַשלאָסן צו באַזוכן וויליאַמסבורג אין דער נאַכט פון שמחת־תורה. דאָרט האָט דער ייד פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע געבויט זיין היים. דאָרט קען מען זען די שמחה מיט דער תורה און מען קען אַריינאָטעמען אין זיך דעם זינגען פון אַן אומגעוויינלעכן יום־טוב. זענען מיר, דריי אירע, געגאַנגען און געזען. שולן, בתי־מדרשים, ישיבות האָבן זיך געוויגט אין טענץ און געזאַנג ביז ווייט נאָך האַלבער נאַכט. באַקאַנטע פסוקים, לידער אין לשון קודש און יידיש האָבן זיך כוואַליעדיק געטראָגן איבער טאַנצנדיקע רעדלעך אין עקסטאַטישער פרייד מיטן רבונו של עולם און זיין תורה. אויף דער גאַס זענען געגאַנגען בנעימותדיק, אָדער זיך יום־טובדיק געאיילט, כיתות יידן אין טראַדיציאָנעלן חסידישן טראַכט. עס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן לאַנגע, הדרת־פּנימדיקע בערד, שטריימלעך, געפלאָכטענע פאות, זיידענע קאַפּאָטעס און האַנט־באַוועגונגען וואָס האָבן עפּעס געזאָגט און נאָך מער געדרשנט.

מיינע מיטגייער זענען לכתחילה פאַרכאַפּט געוואָרן פון די באַרוישנדיקע ניגונים, פון די התלהבותדיקע פּנימער, וואָס האָבן אין זיי בענקשאַפטלעך אויפגערודערט אַ לאַנג־אָפּגעקילט לעבן. נאָר דער שר וואָס איז ממונה איבער ראַציאָנאַלע מחשבות האָט זיי געטריבן זיך צו ווערן אַנטקעגן דער וואַקסנ־דיקער באַגייסטערונג. שטילערהייט האָבן זיי, ווי צו זיך, גענומען מורמלען אַז פאָרט, פאָרט, לא זו הדרך; אַנדערע צייטן, היינט, אַן אַנדער לאַנד, אַן אַנדער לעבן. האָבן זיך זייערע פּנימער גענומען מיניען צווישן ליכט און שאָטן. אָט האָט ביי זיי אויפגעבליצט אַ פונק פון חסידישער התעוררות און באַלד האָט זיך פאַרצויגן אַ סקעפּטישער שמייכל. צווישן די קנייטשן פון שטערן האָט עפּעס געציטערט מיט פאַריתומטער אומזיכערקייט.

ביסלעכווייז איז דאָס קווענקלען זיך צוגעשוואומען צו אַן אָפענעם פּראָ־טעסט ווען עס האָבן זיך באַוויזן קליינע יינגלעך מיט ברייטע, סאַמעטענע יאַרמולקעס און לאַנגע, צעשויבערטע פאות. דאָ האָבן מיינע מיטגייער שוין ניט געקענט אויסהאַלטן: „ניין, דאָס איז אוממעגלעך; דאָס איז דאָך ווילד". „ווי קומט דאָס אַהער?" „עס איז דאָך אַ חרפּה".

עס איז מיר געוואָרן שטאַרק פּריקרע אויסצוהערן אַזאַ קאַטעגאָרישן פּסק־דין. פאַרוואָס? פאַרוואָס? אין נאָמען פון וואָסערע עטישע, סאָציאַלע, אָדער אַנדערע מאָטיוון האָבן מיר אַ רעכט צו וואַרפן אַזאַ פאַרביטערטן אומחן אויפן דאָזיקן טראַכט? עס דאַכט זיך אַז גיכער וואָלטן מיר מיט מער האַרצי־קייט געדאַרפט אָפּשאַצן דאָס וואָס מענטשן שטעלן זיך איין מיט אַזאַ אידעאַלער פעסטקייט אַנטקעגן אַלע באַפעלן פון דער אוניפאָרמירנדיקער אַרומיקער

סביבה, און דווקא אין נאָמען פון אידעלע מענטשלעכע וויזיעס און נאָרמען.

אַביסל שפּעטער האָב איך, לויט דער באַרימטער סאָקראַטישער פּייאיקייט, אויסגעדרייט דאָס רעכטע אויג עס זאָל קענען אַריינקוקן אין אייגענעם לינקן אויג אַריין. דעמאָלט, מוז איך מודה זיין, האָט אַ שאָקירנדיקער חידוש מיך אַרומגענומען. איך האָב דערשפּירט אַז דאָס וואָס איך האָב פריער געטראַכט איז געווען בלויז אַן אויסגעאַרבעטע אינטעלעקטועלע שטעלונג, אַ שטעלונג וואָס לאָזט זיך גאַנץ פּרעציז פאָרמולירן אין פיינע, געטאָקטע רייד. אָבער אין האַרצן, אין עפּעס אַ געפיל וואָס עס ווילט זיך פאַרן אייגענעם מוח באַהאַלטן, האָב איך דערשנאַפּט אין זיך אַ פאַרדעקטן ווידערווילן אַנטקעגן יענעם אויסגעטיילטן הילוך מיט די לאַנגע, צעשויבערטע פּאות. מיינע פריערדיקע מיטגייער זענען שוין מיט מיר ניט געווען, דאָס ליכט פון דער שמחת־תורהדיקער פרייד איז שוין געווען פאַרלאָשן. געבליבן איז בלויז אַ געראַנגל צווישן צוויי לעבנס אין איין מענטשן, עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ קידער־ווידער צווישן אַ פעסט־געבויטער שכלדיקער שטעלונג און אַן אומ־מאָטיווירטן געפיל־צושטאַנד.

אַזאַ, ווייזט אויס, איז שוין די התנהגות פון רבונו של עולם. אַ מלחמה צווישן מלוכות ענדיקט זיך פריער אָדער שפּעטער; אַ מלחמה אין אייגענעם האַרצן פלאַקערט אויף, צעפלאַמט זיך, צאַמט זיך איין, נעמט טליען, אָבער שטילט זיך ניט איין. אפשר וועט אַמאָל זיין שלום אויף דער וועלט; אין אייגענעם האַרצן, קיינמאָל ניט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין דער ביבליאָ־טעק. לעבן אַ ביכער־שאַנק, מיט די פּנימער צו די ביכער, זענען געשטאַנען צוויי קאַטוילישע נאָנעס. זיי זענען געווען הויך, שלאַנק, מיט ברייטע שוואַרצע קליידער, ווי לאַנגע אַרומנעמענדיקע דעקעס, וואָס האָבן זיך געצייגן ביזן דיל. צוליב דער שוואַרצקייט פון די קליידער האָבן נאָך בולטער אַרויסגעשטאַרצט די ווייס־באַדעקטע קעפּ. ווען זיי האָבן זיך באַוואויגן האָט מען באַמערקט די מעטאַלענע בילדער פונעם געקרייציקטן נוצרי וואָס זענען געהאַנגען אויף קייטלעך ביי דער זייט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי צוויי אויפגע־שטעלטע טרומנעס מיט ווייסע טורעמלעך פון אויבן. ווען זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש לייענען, האָבן זיי ניט געלייענט מיט די אויגן נאָר געמורמלט שטילערהייט. עס האָט אַרויסגעקוקט אַ יענע־וועלטיקע פאַרשלאָסנ־קייט פון די שטיקלעך פּנים וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון אַ ווייסער ענג־איינהילנדיקער ראַם. די לייענער פוןביידע זייטן טיש האָבן זיך אַביסל אָפּגערוקט כדי צו געבן מער פּלאַץ די אוימגעוויינטלעך ברייטע ראַנדן פון זייערע ווייסע מיצן.

עפּעס אַן איינגעהאַלטענע געדריקטקייט האָט זיך געפילט ביי די לייע־נער אַרום טיש, אָבער ניט דער מינדסטער סימן פון ווידערווילן, אָדער פון

עפּעס אַ פֿאַרביטערטער מחשבה קעגן די אומהיימלעכע געסט. איך אַליין האָב ווידער פּרובירט די סאָקראַטישע קונץ פֿון לאָזן איין אויג אַריינקוקן אין צווייטן און זיך דערגראָבן צו געפֿילן וואָס איך האָב מער ניט געדאַרפֿט באַהאַלטן פֿון מיין אָפֿענער, רעזאָנירטער שטעלונג. פֿאַראַן אַ יראת הכבוד — טאָקע יראה און כבוד — פֿאַר די וואָס נעמען אויף זיך פּרייוויליק די שווערע חומרות פֿון דרויסנדיקער אַנדערשקייט און די האַרבע אומבאַקוועמ־לעכקייטן פֿון אַ שטרענגער דיסציפּלין. דער יראת הכבוד דרינגט טיפֿער ווען די אַנדערשקייט סימבאָליזירט אַ וועלט פֿון גייסט, אַן אַריינגעטאָנקייט אין מאָראַלע געפֿילן און מעטאַפֿיזישע רעיונות. אין איצטיקן פֿאַל קומט נאָך צו דער איבעווייניקסטער ציטער פֿאַרן מיסטישן עלעמענט, פֿאַר דעם וואָס לויערט פֿון דער וויטנס אויפֿן טאָג־טעגלעכן לעבן.

ביי אונדז יידן, פֿאַר די וואָס אויף זיי איז געפֿאַלן די שרעק פֿון דער קאַטוילישער גייסטלעכקייט אויף יענער זייט ים, וועלן אפֿשר רעפּרעזענ־טאַנטן פֿון דער קירך אַרויסרופֿן בייזע און אָפּשטויסנדיקע אַסאָציאַציעס. פֿאַראַן צווישן אונדז אַזעלכע וואָס קענען זיך דערפֿון קיינמאָל ניט באַפֿרייען, אפֿילו ווען זיי לעבן שוין אין אַמעריקע צענדליקער יאָרן. אפֿשר איז אַ שמץ דער־פֿון געבליבן ביי אונדז אַלעמען, כאָטש דאָ, אין לאַנד, האָט די סיבה דערפֿון שוין לאַנג געדאַרפֿט זיין אַן אויסגעוועפּטע. אָבער די דאָזיקע אַסאָציאַציעס זענען אַ באַזונדער ענין, און עס דאַרף ניט זיין שווער זיי אויסצושיילן פֿון דער פֿראַגע וואָס ווערט דאָ באַהאַנדלט.

סיי ווי, דער הילוך פֿון די קאַטוילישע נאָנעס איז זיכער ניט ווייניקער אַנדערש, ניט ווייניקער אַלטפֿרענקיש, ניט ווייניקער געבונדן צו אַנדערע צייטן און לענדער, ווי מיר קענען עס געפֿינען ביי אונדזערע חסידישע ברי־דער פֿון וויליאַמסבורג. היינט פֿאַרוואָס זאָל אין אונדזער יידישן פֿאַל זיין אַ קלאָרער, אָפֿענער, אָדער פֿאַרבאָרגענער, ווידערווילן, און אין קריסטלעכן פֿאַל זאָל אפֿילו קיין סימן ניט זיין דערפֿון?

אַמאָליקע יאָרן פֿלעגן מיר דאָ זען כינעזער מיט די ברייטע קליידער און לאַנגע צעפּ. פֿון צייט צו צייט באַגעגענען מיר אינדיער מיט די לאַנגע כאַ־לאַטן און טורבאַנען אויף די קעפּ. זיכער לעבט פֿאַר אונדז דאָס בילד פֿון די אמתע אַמעריקאַנער, די אינדיאַנער, מיט די קאָלירטע פֿעדערן און דעם דעקאָראַטיוון, פֿאַרביקן טראַכט. קוקנדיק אויף זיי קענען מיר אַמאָל שמייכ־לען גוטמוטיק פֿון דער מאָדנעקייט. טייל קענען אפֿשר האָבן אַ געפֿיל אַז דאָס איז נאַאיווע קינדישקייט. אָבער ווידערווילן? חס ושלום. ניטאָ קיין שאָטן דערפֿון. היינט פֿאַרוואָס זאָלן מיר זיין אַזוי דערווידערדיק געשטימט קעגן דער אַלטמאָדישער יידישער הלבשה? ווי לאָזט זיך דאָס דערקלערן?

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט אַז נאָך אַ געהעריקן ישוב הדעת

זאָל דאָס עמעצער וועלן באַרעכטיקן לאָגיש אָדער מאָראַליש. געוויינטלעך נעמט מען דאָס אויף זיך ווי אַ חטא, נאָר מען דערקלערט דאָס מיט דער ביטערער קללה פון „זעלבסטהאָס". מיר האָבן, הייסט עס, אַ פּיינטלעכע באַציאונג צו דעם דווקא דערפֿאַר ווייל עס איז אונדזערס. דער ערשטער וואָס האָט פֿאַרשפּרייט דעם באַגריף זעלבסטהאָס איז געווען דער געלערנטער און קדוש טעאָדאָר לעסינג אין זיינס אַ בוך מיטן זעלביקן נאָמען. עס קומט אויס אַז סיי אונדזער פֿאָלקישע טבע, סיי די תנאים פון אונדזער לעבן צווינגען אונדז זיך אַליין פיינט צו האָבן. יעדער מינדסטער חסרון, וואָס ביי אַנדערע זעען מיר אים כמעט ניט, אָדער קענען אים לייכט פֿאַרגעבן, וואַקסט אויס אין אונדזערע אויגן ווי אַ וועלט־אומגליק ווען מיר געפֿינען אים ביי יידן. פֿאַראַן געגוג ביישפּילן וואָס אין פּלוג באַווייזן זיי דעם אמת פון אַזאַ טעאָריע. דער פריערדיקער ביישפּיל פונעם קוק אויף ווילימאַסבורגער יידן, קען מען מיינען, באַשטעטיקט דעם אמת פון אַזאַ מין געדאַנק.

אין די פערציקער יאָרן האָט אין אַמעריקע פֿאַרשפּרייט דעם דאָזיקן געדאַנק קורט לעווין. מיר איז דאָס תמיד געווען אַ גרויסער חידוש. קורט לעווין איז געווען איינער פון די טיפסטע פּסיכאָלאָגן פון אונדזער צייט. ער איז געווען שאַרף און אָריגינעל אין זיין אַנאַליז. אָבער דער באַגריף „זעלבסט" אין זעלבסטהאָס ווערט באַנוצט אויף אַ צו לויזן, אומקריטישן אופן. שנאה צו זיך אַליין, דאָס הייסט, צו געוויסע שטריכן, געוואוינהייטן, אָדער אייגנשאַפטן, וואָס מען אידענטיפיצירט מיטן אייגענעם איך, איז ניט קיין בייעס אין פּסיכישן לעבן, אָבער דאָס איז לאָוו דווקא אין אונדזער פֿאַל. אויב אַ ייד האָט פיינט אַ געוויסן יידישן הילוך קומט דאָס פֿאַר דעמאָלט ווען ער אַליין איז פריי דערפון, ער פֿאַרבינדט דאָס ניט מיט זיין פערזענלעכן איך אָדער מיט דער יידישקייט אין וועלכער ער וואַרצלט. ממילא דריקט ער דערמיט אויס אַ שנאה צו עפּעס וואָס איז דערווייטערט פון אים, וואָס איז אים פרעמד. אַזאַ מין ווידערווילן קען מען שוין אין קיין שום זינען ניט רופן זעלבסטהאָס. מען מוז אָבער מודה זיין אַז דער זעלביקער ייד וואָס קען ניט פֿאַרטראָגן געוויסע שטריכן ביי יידן, שטריכן וואָס זענען ניט זיינע — זענען אפשר קיינמאָל ניט געווען זיינע, — וועט אַרויסווייזן אַ מער גוטמוטיקע, אַ פֿאַרגעביקע באַציאונג ווען ער וועט ענלעכע שטריכן אָנטרעפן ביי ניט־יידן. מיר קענען אַרויסדרינגען פון דעם אַ גאַנץ פּראַקטישן מוסר השכל ווען מיר וועלן זיך דערגראָבן צו די סיבות דערפון.

קודם כל, די פֿאַרשאַרפטע סענסיטיווקייט צו די חסרונות פון אייגענע. אַז מען וויל קען מען אין דעם זען אַ פּשוטע אויסגערעכנטקייט. אַלע די וואָס געפֿינען זיך אין דרויסן צווינגען אַרויף אויף די אינעווייניקסטע אַ געוויסע מיט־שולדיקייט אין די חסרונות פון יעדן פון זיי. ניט בלויז וואַרפט

מען אויף די עלטערן די חסרונות פון זייערע קינדער, נאָר מען טוט דאָס זעלביקע צו מענטשן פון יעדער גרופּירטער קאַטעגאָריע פאַר די זינד פון יעדן מיטגליד אירן. היינט אויב „כל ישראל ערבים זה בזה" איז אַן אָנגענומענער פּרינציפּ ביי ניט־יידן, איז דאָך נאַטירלעך אַז יעדער ייד דאַרף זיך באַזונדער שרעקן פאַר יידישע חטאים.

אַזוי קומט אויס על פּי חשבון, כאָטש מיר וויסן אויסגעצייכנט אַז אין אַזעלכע פאַלן קומט אונדזער סענסיטיווקייט מיט אַן אימפּולסיווער פּלוצלונגקייט, ניט ווי אַ פּועל יוצא פון אַ בוכהאַלטערישן חשבון. עס שטאַמט, אין דער ערשטער שורה, ניט פון דער אחריות וואָס דרויסנדיקע לייגן אויף אונדז אַרויף פאַרן גאַנצן כלל צו וועלכן מיר געהערן, נאָר פון דער נאַטירלעכער פאַראינטערעסירטקייט איבעם גוטן נאָמען פון דער געזעלשאַפטלעכער קאַטעגאָריע אין וועלכער מיר רעכענען זיך אַריין. ווען מיר באַמערקן ענלעכע שטריכן ביי פרעמדע קענען מיר זיי באַטראַכטן סתם ווי געגעבענע פאַקטן, וואָס מען קען אויסטייטשן אויף פאַרשיידענע אומשולדיקן אופנים, און דערמיט פאַרענדיקן. פּונקט אַזוי טוען מיר דאָך מיט אַנדערע פאַקטן פון וועלט און לעבן. אָבער די וועלט פון אייגענע האָט אַ נענטערע, קריטישע שייכות צו שטאַרקן אָדער אָפּשוואַכן די פּערזענלעכע לעבנס־פּאָזיציע אין די אויגן פון זיך אַליין. דאָ טרייבט אונדז שוין אַן אינערלעכע נייגונג צו קוקן אויף זאַכן ניט ווי אויף סתם פאַקטן, נאָר אויף ווי ווייט זיי זענען גוט אָדער שלעכט, שיין אָדער מיאוס. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר דאָ צו טאָן מער מיט זעלבסטליבע ווי מיט זעלבסטהאַס; מיר שאַצן אָפּ דעם אויפפּיר פון די אַרומיקע מיט וועלכע מיר פילן זיך צוזאַמען גרופּירט, אויף ווי ווייט עס איז אַ פּאַסיקע פּאָזיטיווע עקספּאַנסיע, באַפעסטיקונג, אָדער צעשטערונג, פון די אָנגענומענע מאָראַלע און עסטעטישע ווערטן וואָס שפּילן אַ באַשטימענדיקע ראָלע אין אייגענעם לעבן.

ביי יידן קומט נאָך צו אַ ספּעציעלער פאַקטאָר וואָס מען טאָר ניט פאַרזען. ווי אַ פאָלק האָבן מיר זיך היסטאָריש אויסגעהאָדעוועט אין אַ קולטור וואָס באַוועגט זיך צווישן צוויי ברעגן פון גוטס און שלעכטס, מצוות און עברות, זינד און תשובה. פון דער ערשטער סדרה אין בראשית ביז דער לעצטער מוסר־דרשה פון אַן אינספּירירנדיקן מגיד אָטעמען מיר אין אַ ספערע פון שטענדיקן מאָראַלן פּראָטעסט, פון מחזיר למוטב זיין, פון מתקן זיין די וועלט במלכות שדי. זאָגן יידן מוסר פאַר אמתע, אָדער אויסגעדוכטע, חטאים טראָגט אין זיך די עכטקייט פון אַ דורכגעפירטער פאָלקישער שליחות. עפּעס פילט מען זיך מער ייד ווען מען איז דאָ און דאַרט ניט שוה בשוה מיט יידן. די דאָזיקע טענדענץ וואָס האָט זיך היסטאָריש איינגעוואָרצלט אינעם גייס־

טיקן שטייגער פון אונדזער פאָלק פאַרלייכטערט דעם וועג און פאַרשאַרפט די מיטלען אין דער קריטישער באַציאונג צו יידן.

וואָלטן אַזעלכע פּראַצעסן זיך געהאַלטן בלויז ביי אַ לאָגישן חשבון און דורכגעטראַכטן שכל וואָלטן היינטיקע מוסר־זאָגער געקענט איינזען אַז זיי האָבן זיך אייגנטלעך אַראָפּגעגליטשט פון דער היסטאָרישער יידישער ליניע. ווארעם דער היסטאָרישער יידישער פּראָטעסט איז געווען געווענדעט אין נאָמען פון אַ הויכן אַבסטראַקטן אידעאַל וואָס קיין אומה ולשון קען צו אים ניט דערגרייכן, אָבער וואָס יידן זענען באַרופן אים צו רעאַליזירן. גאַנץ אַנדערש איז דער מאָטיוו אין דער היינטיקער צייט. איצט קומט פאַר דער פּראָטעסט דערפון וואָס טייל פרומע יידן נעמען ניט אָן געוויסע דרכים פון דער ניט־יידישער וועלט, און דאָס זעט אויס ביי די פּראָטעסטירער ווי אַ שטיק ווילדקייט וואָס איז נידעריק און מיאוס. בקיצור, היינטיקע צייטן איז די באַמערקטע אַנדערשקייט וואָס איז דערווידער, ניט קיין אָפּקערן זיך פון אַ העכערן אידעאַל, נאָר אַן אָפּבייג פון אַן איינגעשטעלטער נאָרם אין דער ניט־יידישער וועלט.

ווי געזאָגט ווערן אַזעלכע באַציאונגען און געפילן ניט אויסגעאַרבעט מיט פּאָסיקע לאָגישע כלים. זיי קומען ווי אַן אויסדרוק פון אַ מאָמענטאַלער איבערלעבונג. אָבער ווען מיר ווערן, אין קילן ישוב הדעת, באַקאַנט מיט זייער טבע קען מען מיט אַ בעסערער צוגרייטונג באַגעגענען די סכנות וואָס אין דעם שטעקט.

איך געדענק קלאָר די צייט ווען איך האָב געזען באַוואונדערנדיקע שיינ־קייט אין ספּאָדיק, שטריימל, באָרד, פּאות, זיידענער קאַפּאָטע, גאַרטל. אַ היפּ־שע דאָזע פון דער באָרד־שיינקייט איז נאָך ביז איצט פאַרבליבן אין מיינע אויגן. בנוגע אַלע איבעריקע זענען מיינע באַציאונגען צו זיי געוואָרן אָדער בלאַס אָדער ווי צו עפּעס וואָס איז עקזאָטיש — דערווייטערט. פאַרשטייט זיך, עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צי מען זעט זיי אין גאַס, וואו זיי שיילן זיך אויס אַזוי אויסטערליש־שאַרף פון דער גאַנצער אַרומיקייט, צי מען קוקט אויף זיי אין זייער אייגענער שול־וועלט וואו זיי זענען אַ סימבאָלישער אויס־דרוק פון העכערע איבערלעבונגען. אָבער דאָ איז די מאָס שוין ניט קיין עסטעטישע, און די אַטראַקציע שטאַמט פון גאָר אַן אַנדער אוניווערס.

סיי ווי קען מען דאָ געפינען אַן אויסגעצייכנטע ראיה ווי שטאַרק מיר ווערן באַווירקט פון סאָציאַלע פאַקטאָרן בעת מיר פּסק׳ענען צי זאַכן זענען שיין אָדער מיאוס. אונדזער היינטיקע דערנענטערונג צו דער אַרומיקער וועלט־קולטור, וואָס רירט אָן די קלענסטע פּרטים פון טאָג־טעגלעכן לעבן, האָט געווירקט מיט אַ דעצידירנדיקער קראַפט אויף אונדזערע עסטעטישע

אַפּשאַצונגען. ביי אַזאַ לאַגע איז אויסגערונען ניט בלויז דער כוח נאָר אפילו דער עצם זינען פון אַ באַזונדער יידישער דרויסנדיקער פאָרם.

פון דער אַנדער זייט וועלן לייכט פאַרשטיין אַלע די וואָס האָבן אַ פּאָזי־טיווע באַציאונג צו יידן און יידישקייט אַז ס׳איז גוט אַזוי, ס׳איז גוט פאַר יידן, ווען עס לעבט צווישן אונדז אַזאַ גרופּע ווי דאָס חסידישע וויליאַמס־בורג. זיי האָבן אַ קנאַפּע מגע ומשא מיט דער אַרומיקער קולטור־וועלט, זיי האַלטן אויף מיט פלאַמיקער איינגעשפּאַרטקייט אַן אייגן יידיש לעבן, אַ לעבן וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט טראַדיציאָנעלן שטייגער און זיי דריקן דאָס אויס ניט בלויז אינהאַלטלעך נאָר אויך אין דער דרויסנדיקער פאָרם וואָס איז פּונקט אַזוי אַ טייל פון דער געירשנטער טראַדיציע.

עס קומט פאָר גאַנץ אָפט אין לעבן פון יעדן מענטשן ווען מאָמענטאַלע באַציאונג און אינטעלעקטועלע שטעלונג גייען ניט בלויז אין אַנדערע ריכ־טונגען, נאָר זענען סותר איינס ס׳אַנדערע. דאָס איז דאָך פאָרגעקומען בעת דעם באַזוך אין וויליאַמסבורג. אין אַזעלכע מאָמענטן איז גוט צו האָבן שוין פון פריער צוגעגרייט אַלע אַרגומענטן, אַלע מאָטיוון און אַלע פאַקטאָרן וואָס שפּילן אַ ראָלע אין אונדזער אינערלעכן קאָנפליקט. דעמאָלט וועלן מיר זיך אפשר ניט אַזוי לייכט לאָזן בייקומען פון די קריטעריעס וואָס מיר האָבן איינגעזאַפּט אין זיך פון דער מאָדערנער אַרומיקער וועלט. מיר וועלן דעמאָלט אויך פאַרשטיין אַז ריין־מאָראַליש זענען מיר מחויב ניט צו דערלאָזן אַז אין אַזעלכע מאָמענטן זאָלן די דערמאָנטע קריטעריעס אָפּהאַלטן אַ נצחון איבער אונדז.

אין יענער שמחת תורה־נאַכט האָב איך געהערט אַ סך ניגונים און לידער. איין יידישער פערז פאַרדינט מען זאָל אים ציטירן:

עולם הבא איז אַ גוטע זאַך.
לערנען תורה איז אַ בעסטע זאַך.
וואַרפט אַראָפּ דעם יאָך,
לערנט נאָך און נאָך.
עולם הבא איז אַ גוטע זאַך.

אַ יידיש־קענער וועט מסתמא טענהן אַז סיי גראַמאַטיש, סיי לאָגיש, לאָזט זיך ניט זאָגן אַז לערנען תורה איז אַ „בעסטע זאַך". איך קען זיכער ניט מיינען אַז יענע יידן ווייסן מער, אָבער עס איז ביי מיר קיין ספק ניט אַז אין דעם פּרט פילן זיי בעסער. ווען מען שטעלט זיך אַוועק אין די פיר ווענט פון זייער אינעווייניק קען מען דאָס אפשר אויך זאָגן וועגן דעם שטריימל מיט די פּאות.

(1953)

# טראַדיציע און גלויבן

די ווערטער טראַדיציע און טראַדיציאָנאַליזם ווערן כסדר באַנוצט ווי סינאָנימען. דאָס רופט אַרויס אַ צעמישעניש, ווייל דאָס ערשטע, טראַדיציע, דריקט אויס באַשטימטע אַקטן, בעת דאָס צווייטע, טראַדיציאָנאַליזם, ווייל אונטערשטרייכן אַן אידייע וואָס דרינגט אַרויס פון די דאָזיקע אַקטן. איך האָב זיך דעריבער ביי אַ פריערדיקער געלעגנהייט אָפּגעשטעלט אויף דער טעאָרעטישער זייט פונעם באַגריף טראַדיציאָנאַליזם, כאָטש איך האָב זיך באַמיט צוצוגעבן אַ באַזונדערן קניטש.

מיר לעבן אין אַ צייט ווען דער ווייט־גרעסטער רוב פּרטים פון דער טראַדיציע — וואָס באַשטייט פון אַן אַ שיעור דינים, מנהגים, אאַז״וו, — וויגן זיך אויף דער וואָגשאָל פון יאָ און ניין. ווען מען זאָגט היינט אויף עמעצן אַז ער איז, למשל, אַ שומר שבת, איז דערפון לחלוטין ניט געדרונגען אַז ער היט טאַקע באמת אָפּ אַלץ, אָדער אפילו דאָס וויכטיקסטע, וואָס דער שולחן ערוך זאָגט אונדז וועגן שבת. דאָס לעבן וואָס מיר פירן היינט, די מאָדערנע באַדינגונגען וואָס רינגלען אונדז אַרום, מאַכן זייער שווער, טייל־מאָל ממש אוממעגלעך, זיך צו האַלטן ביי דער פאַרהייליקטער טראַדיציאָנעלער סיסטעם וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַנדערע צייטן און ביי לחלוטין אַנדערע לעבנס־באַדינגונגען.

עס זיינען פאַראַן, פאַרשטייט זיך, פרום־אידעאַליסטישע יחידים וואָס נעמען אויף זיך די ביטערסטע אומבאַקוועמלעכקייטן אַבי ניט עובר זיין אויף אַן ערנסטן לאוו. אָבער אפילו אין אַזאַ פאַל איז שווער צו גלייבן אַז מען קען דאָס פיזיש דורכפירן, אַזוי ווי מען האָט עס געקענט טאָן אינעם אַמאָ־ליקן שטעטל מיט אַ צוויי־דריי דורות צוריק.

די רעפאָרמער האָבן לכתחילה אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גאַנצן עול פון די מצוות מעשיות, אָבער זיינען לעצטנס צוריקגעקומען צו די מאָנונגען פון דער טראַדיציע. האָבן זיי געשאַפן אַ ספּעציעלע אינסטאַנץ וואָס פאַר־נעמט זיך מיט אויסאַרבעטן פאָרמען און אינהאַלט פון צערעמאָניאַלן און סימבאָלישע אַקטן אין טראַדיציאָנעלע ראַמען. זיי זענען, הייסט עס, געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז בלויז מיטן גאָט־גלויבן אין האַרצן און מיט תפילות אויף די ליפּן קען מען ניט בלייבן אָרגאַניש באַהאַפטן מיטן יידישן לעבן. די קאָנסערוואַטיוון, וואָס ביי זיי איז טראַדיציע אַן עיקר כל העיקרים, ראַנג־לען זיך שוין צענדליקער יאָרן אַרומצורינגלען דאָס יידישע לעבן פון אַמע־ריקע — זאָל זיין בלויז זייערע אייגענע קאָנגרעגאַציעס — מיט אַ הלכה־שער קייט. זיי זענען נאַטירלעך גרייט אויף פּשרות, זיי פאַרגעסן ניט אין

וואָסער וועלט און ביי וואָסערע באַדינגונגען מיר לעבן. אָבער די מורא־דיקע פּראָבלעמען וואָס דער דאָזיקער צוגאַנג רופט אַרויס שטעלן אַוועק שטרויכלונגען וואָס לאָזן זיך ניט בייקומען. די אָרטאָדאָקסן זענען די קלענ־סטע אין צאָל, און ווערן אַלץ קלענער, כאָטש זיי זענען זייער קעמפעריש און שרייאיק אין זייערע פאָדערונגען. ביי זיי, ביים רוב פון זיי, זעט זיך ממש אַ תהום צווישן רייד און מעשים. די ווערטער זענען די הייליקסטע, די וואָס טראָגן אין זיך דעם ציטער פון אייביקער רוחניות. די פאָדערונג איז תורה־יידישקייט וואָס איז גאַטירלעך מחייב צו אַלץ וואָס איז אונדז באַקאַנט פונעם נאָענטן פרומען עבר. אָבער אין לעבן, אין פּראַקטישע מעשים, זענען זיי געצוואונגען צו זיין אַ סך קלענערע מקפּידים אין ענינים פון איסור והיתר. דאָס נעמט זיך ניט, חס ושלום, פון צביעות. איך האָב דאָ אין זינען יידן מיט ערלעכע פרומע כוונות, די אַנדערע גייען מיך בכלל ניט אָן. אָבער דער פאַקט וואָס ביי זיי ווערט אַלץ גרעסער דער תהום צווישן די הייליקע ווערטער און די וואָכעדיקע מעשים נעמט זיך פשוט פון אַ לעבן אין צוויי וועלטן, אַ וועלט אין דמיון און אַ וועלט אין רעאַליטעט, וואָס זענען ניט שוה בשוה צווישן זיך.

אָט די טאָפּלטקייט, ניט בלויז צווישן ווערטער און מעשים נאָר אפילו צווישן מעשים און מעשים, האָט זיך היפּשלעך באַפעסטיקט אין יידישן אויפפיר. איינער וועט אָפּהיטן מיט אַלע פּרטים אַז אין זיין היים זאָל קיין ברעקל חמץ ניט זיין אין די אַכט טעג פּסח, אָבער אין גאַס, וועט ער זאָגן, קען מען זיך ניט העלפן; אין דער קאַפעטעריע מוז ער עסן חמץ. אַמאָל איז פאַרקערט, בפרהסיא, עפנטלעך, וועט עס אים שאָקירן ווען מען וועט ביי אַ שבת־צונויפקום שרייבן, אָדער עובר זיין אויף אַנדערע קלענערע און גרעסערע לאווין מדאורייתא צי מדרבנן, אָבער אין די ד׳ אמות פון זיין פּריוואַטקייט וועט ער זיך גאַנץ פריי דערלויבן דאָס צו טאָן. בנוגע יידיש־קייט אַנטוויקלען זיך באַזונדערע קריטעריעס פאַרן עפנטלעכן און פּריוואַטן לעבן, און עס איז גאָרניט לייכט צו זאָגן צי דאָס זענען רעזולטאַטן פון אַ פאַרבייגייענדיקער ערדציטערניש, אָדער אפשר אַ סימן פון אַן אָנקומענ־דיקער שטענדיקייט. די גמרא זאָגט אַז דאָס וואָס די חכמים האָבן געאסרט צוליב „מראית עין" טאָר מען ניט טאָן אפילו „בחדרי חדרים". עס קען זיין אַז אונדזער היינטיקע יידישקייט וועט אין זיך אַריינבנעמען אויך עפּעס אַזוינס וואָס וועט זיך שטעלן קעגן דער לעצטער העלפט פונעם מאמר; אויב אַזוי וועלן זיך אויף אַ גאַנץ כשרן אופן שאַפן צוויי באַזונדערע סטאַנדאַרדן בנוגע געוויסע פּרטים פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט, איינער פאַרן עפנטלעכן לעבן און אַן אַנדערער פאַר דער פּריוואַטער היים.

איז דאָס אַלץ נאָך ווייניק, האָט זיך לעצטנס די זאָרג פאַרן יידישן טראַ־דיציאָנעלן אויסדרוק אויך באַזעצט אינעם וועלטלעכן קרייז. אמת, ביי אַ היפּ־

שער צאָל פון יענעם קרייז אין אַמעריקע איז לאַנג שוין געווען נאָענט צום האַרצן די מצווה פון „וששנתם לבניך ודברת בם”, מען דאַרף, הייסט עס, לערנען מיט קינדער, דערציילן זיי מיט געהעריקער דרך־ארץ׳דיקער באַציאונג וועגן די זאַכן וואָס טראַדיציאָנעלע יידישקייט נעמט אַרום. אָבער איצט איז שוין געקומען צו רייד ניט בלויז וועגן לערנען מיט קינדער, נאָר אויך וועגן דעם וואָס מען דאַרף אַליין מקיים זיין.

פאַרשטייט זיך, אַז ביי די וועלטלעכע, וואָס האָבן אַמאָל אין גאַנצן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול, טראָגט דער ענין גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. בעת ביי אַנדערע יידן איז די פראַגע וואָס מען זאָל אַראָפּוואַרפן פון דער טראַדיציאָנעלער משא, איז ביי די וועלטלעכע די האַרבע שאלה וואָס מען זאָל צוריק אויפהייבן פונעם אַראָפּגעוואָרפענעם. בקיצור, מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ געוואַלדיק פאַרפלאָנטערטער לאַגע, אַ צעמישעניש וואָס נעמט אַרום אַלע טיילן פאָלק, אַן איבערגאַנג־צייט פון איין היסטאָרישער עפּאָכע אין אַ צווייטער, מיט אַלע טרויעריקע, קאָמישע און רעטענישדיקע קאָנסעקווענצן וואָס דאָס איז מחייב.

דער אויפהאַלט פון טראַדיציאָנעלע עלעמענטן, אָדער פון טראַדיציע בכלל, אין יידישן לעבן איז געוואָרן גאָר אַ חשובער און אַ האַרבער ענין. אמת, דער צוגאַנג, און די כוונות וואָס שטייען הינטער דעם, זענען ניט, קענען ניט זיין, ביי אַלעמען גלייך, אָבער דאָס וואָס איז גלייך ביי אַלעמען, איז דער קריזיס וואָס טראַדיציאָנעלער יידישער אויפפיר גייט איצט דורך און די אָנערקענונג אַז דערין שטעקט אַ סכנה פון גאָר אַן ערנסטן כאַראַקטער.

ווייזט אויס אַז אונדזער טראַדיציע איז גענוג רייך און פילפאַרביק אין זיך אַליין אַז מען זאָל זי קענען באַטראַכטן אומאָפּהענגיק פון די קוואַלן פון וועלכע אירע פאַרשיידענע פּרטים שטאַמען, און דערפון זיך דערשלאָגן צו אידייען וואָס זאָלן אונדז פירן אויף ווייטער. אַ געדאַנקען־גאַנג וואָס פאַרשטייט די וויכטיקייט פון דער טראַדיציע און וויל ווייזן אַ וועג פאַר נייטיקע ענדערונגען, אַזאַ געדאַנקען־גאַנג האָב איך באַצייכנט מיטן נאָמען טראַדיציאָנאַליזם. האַלטנדיק, ווי געזאָגט, אַז די טראַדיציע קען באַטראַכט ווערן אין זיך אַליין, אָן שום ווענדונג צו אירע היסטאָרישע רעליגיעזע אַסאָציאַציעס, האָב איך אין גאַנצן אויסגעמיטן די מאָמענטן פון אמונה פון דער טראַדיציאָנאַליסטישער סכעמע. אויף אַזאַ אופן קענען שוין אין דער באַטראַכטונג אַריינגענומען ווערן אויך די וועלטלעכע וואָס זעען אין דער טראַדיציע אַ כוח צו שטאַרקן דעם יידישן קיום, לאָזנדיק אָן אַ זייט דעם גאָט־עלעמענט וואָס איז אין איר היסטאָריש פאַרוויקלט.

אָט ביי דעם פּונקט קומט אַרויס ש. גיגער מיט האַרבע טענות. ער שטעלט מיר („טראַדיציע און טראַדיציאָנאַליזם”, טאָג, 30טן יאַנואַר) קשיות: „ווי קאָנען מענטשן וואָס זענען ניט רעליגיעז, ניט גלייביק, טאָן אָדער נאָכ־

טאָן זאַכן וואָס זייער מקור איז גלויבן, אמונה?" אָבער ש. ניגער גייט נאָך אַביסל ווייטער. איך האָב געשריבן אַז די יידישע פייערונגען און איינפירן דריקן אויס דעם קאָלעקטיוון לעבנס־פאַרלאַנג פון אונדזער פאָלקישער שותפות. דערויף שרייבט ניגער: „פאָלקישער שותפות צווישן טראַדיציאָנעלע יידן און יידן וואָס זענען ניט מער ווי טראַדיציאָנאַליסטיש, איז אַ שותפות צווישן צוויי ניט גלייכע צדדים, און שוין דערפאַר אַליין איז זי ניט פאָלקיש, און עס איז ניט קיין שותפות". בקיצור, ניגער זעט אין דעם וואָס איך לייג פאָר אַז דאָס איז ניט קיין „טראַדיציע, נאָר בפירוש אַ סוראָגאַט פון טראַדיציע, אַ כמו־טראַדיציע אָדער דאָס וואָס מען רופט טראַדיציאָנאַליזם". די דאָזיקע רייד זענען אַ טיפּישער אויסדרוק פונעם פאַרפירערישן יצר הרע צו מאַכן פאַרפּלאָנטערטע זאַכן איינפאַך און דורך דעם ווערט מען פאַרבלענדט און מען קען שוין ניט דערזען די דעליקאַטע שפּרינגפעדער פון דער אמתער מאַשינעריע.

.2

ווען מען הייבט אָן צעטיילן מענטשן, אָדער יידן, אויף גלייביק און אומ־גלייביק באַגייט מען אַ פעלער וואָס עס קען זיין שווער צו פאַרריכטן. אַוודאי קען דאָס זיין מער־וויניקער ריכטיק ווען מיר נעמען פון איין זייט, כאַפּן מיר אָן, דעם בעל־שם, און דערנאָך גיט מען אַ האַסטיקן לויף איבער הונ־דערטער טרעפּן ביז מען קומט, לאָמיר זאָגן, צו בנימין פייגנבוים. דעמאָלט האָבן מיר פאַר זיך אַ שאַרף־שניידיקן קאָנטראַסט צווישן פערזענלעכקייטן און וועלטן. אָבער ווען מיר נעמען אַריין אין חשבון דעם רוב מנין ורוב בנין, די גרויסע מאַסע צווישן די צוויי עקסטרעמען, דעמאָלט איז גלייביק־אומגלייביק זייער ניט קיין געראַטענע פאָרמולע. עס זענען פאַראַן אַזויפיל מדרגות צווישן די צוויי, און אַזאַ אומבאַמערקלעכער איבערגאַנג פון איין מדרגה צו דער צווייטער, אַז עס קען גאָר קיין רייד ניט זיין פון אַ שאַרפער צעטיילונג.

דער פרומער ייד צווישן אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָט געפאַסט יום־כיפור, אָפּגעהיט כשרות, ניט געגאַנגען אין בלויזן קאָפּ, און זיך גע־קליידט אין יידישן טראַכט. זיינען די אַלע זאַכן געווען גלייך פאַרבונדן מיטן זעלביקן מין גלויביקייט? מיט דער זעלבער מדרגה פון גלויביקייט? מיט גלויביקייט בכלל? איז גלויביקייט — ווי מען פאַרשטייט עס געוויינטלעך — טאַקע די בעסטע דערקלערונג פאַר איינטיילן מענטשלעכע מעשים אויף מצוות און עבירות?

די טענדענץ צו פאַראיינפאַכן קאָמפּליצירטע פּראָצעסן זעט זיך בולט אַרויס ביים אפּיקורוס וואָס באַמיט זיך צו פאַרשטיין די „מאַטעריעלע" אינ־טערעסן וואָס פירן צו פרומקייט. אַ פרומער ייד, הייסט עס, איז אַזאַ וואָס

פירט אָן אַ מין „קלאַסן־קאַמף“ מיט דער הילף פון מצוות און מעשים טובים צו פאַרזיכערן זיך אַ גליקלעכע מערכה אויף יענער וועלט. דורך יעדער מצווה לייגט ער אַוועק אין דער באַנק פונעם עולם האמת אַ געוויסע סומע, וואָס דערפון דאַרף זיך אָנזאַמלען אַלץ מיט וואָס מען וועט אים מזכה זיין אין גן עדן. דעריבער, זאָגט דער ראַציאָנאַלער אפיקורוס, איז ביים פרומען יידן גאָר קיין אידעאַליזם ניטאָ; עס איז אַ פשוטע אויסרעכענונג; ער פאַר־טיידיקט די אינטערעסן פון זיין „לעבן“ וואָס וועט זיך אָנהייבן נאָכן סוף פון די הונדערט און צוואַנציק יאָר.

דעם דאָזיקן אַריטמעטישן באַגעם פון גלויביקייט האָבן מיר זייער אָפט געהערט, און דאָס איז בלויז אַ וואולגאַרע פאָרם פונעם געדאַנק אַז טראַדי־ציאָנעלער אויפפיר איז בלויז דעמאָלט עכט, אומגעפעלשט, אָדער פריי פון אימיטאַציע, ווען יעדער עלעמענט זיינער ווערט דיקטירט פונעם אַבסאָלוטן צוטרוי צו אַן איבערלעכער איבערלעבונג אַז אַזוי האָט גאָט געבאָטן — גלויביקייט. מהאי טעמא איז אויך צו פאַרשטיין פאַרוואָס דער דערמאָנטער אפיקורוס איז אַזוי איבערגעאיילט חושד צו זיין אַז דער רעפאָרמירטער ראַביי איז אַ צבועק ווען ער רעדט וועגן רעליגיע און אמונה. ווי קען דען אַ מענטש זיין ערלעך אין זיינע רעליגיעזע דרשות ווען מען ווייס אַז ער איז מחלל שבת בפרהסיא? דער ראַביי שטראָפט זיין עדה אין נאָמען פון יידיש־קייט און אַליין לייגט ער ניט קיין תפילין, איז דאָס ניט די שטאַרקסטע ראיה אַז ער איז אַ היפאָקריט? דער דענק־פּראָצעס וואָס דער אפיקורוס גייט דורך זעט אויס צו זיין לאָגיש אויסגעהאַלטן. ער ווייסט אַז ער האָט זיך דערווייטערט פון דער יידישער רעליגיע, פון גלויביקייט, און ער דריקט עס אויס דערמיט, צווישן אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס ער איז מחלל שבת און לייגט ניט קיין תפילין. ממילא, אויב דער ראַביי האָט אויך אַזאַ נעגאַטיווע באַציאונג צו שבת און צו תפילין מוז עס דאָך זיין צוליב דעם וואָס אויך ער האָט זיך אָפּגעריסן פון דער יידישער אמונה.

אַזאַ צוגאַנג וואָס זעט אין טראַדיציאָנעלן אויפפיר ניט אַ סאָציאַל־סטימולירטע סיסטעם פון סימבאָלישן אויסדרוק, נאָר בלויז אַ צאָל דירעקטע איבערלעבונגען פון גלויביקייט אין דער פאָרם פון ריטועלע אַקטן, אַזאַ צו־גאַנג מוז זינדיקן קעגן די פשוטסטע אמתן וואָס וואַרפן זיך אונדז אין די אויגן. פאַראַן גבית עדות פון אויסנעמלעכע מיסטישע פערזענלעכקייטן וועגן דירעקטע באַציאונגען מיט משיחן, מיט אליהו הנביאן אָדער מיטן רבונו של עולם אַליין. אַזעלכע פאַקטן — און מען קען ניט לייקענען אין דער מעגלעכקייט פון אַזעלכע איבערלעבונגען — געהערן צו דער פּאַטאָלאָגיע אָדער פּאַראַ־פּסיכאָלאָגיע, אָבער זיי האָבן ניט די מינדסטע שייכות צום געוויינטלעכן רעליגיעזן דורכשניט.

ווען דער געוויינטלעכער פרומער ייד וואָלט דירעקט איבערגעלעבט

גלויביקייט ווי אַן איינציק מאָטיווירנדיקן כוח אין זיין יידישקייט־אויסדרוק, וואָלט דער משומד אים געדאַרפט זיין נעענטער ווי דער כופר בעיקר. מיטן משומד פאַראייניקט אים לכל הפחות דער גאָט־גלויבן, וואָס מיט זיין נאָמען איז דאָך דורכגעדרונגען כמעט יעדער אַקט פון זיין לעבן. פונדעסטוועגן איז פאַר אים שמד אַזאַ מאוימדיקע איבערלעבונג, אַ לעבנס־טראַגעדיע. בעת כפירה שטייגט ניט אַריבער די גרענעצן פון ערנסטן עגמת נפש.

די ערגסטע זינד פון די וואָס פאַראייניקן די שייכות צווישן אמונה און טראַדיציע באַשטייט אין אַ זייער באַקאַנטן לאָגישן פעלער. ווען זיי פאַרגלייכן די פרומע מיט די טראַדיציאָנאַליסטן, נעמען זיי די ערשטע, די פרומע, פון די פריערדיקע דורות אינעם מזרח־אייראָפּעאישן שטעטל. די פולע, איזאָלירטע, יידישע עקסקלוסיווקייט פון יענער צייט שלאָגט אָן דעם טאָן פון דער איינציק־מעגלעכער עכטקייט, בעת דער צווייטער צד ווערט גענומען פונעם איצטיקן אַמעריקע. אָט דאָס פאַרגלייכן צווי פאַרשיידענע וועלטן פון צוויי פאַרשיידענע צייטן, דערצו נאָך מיט דער נאַאיווער איינ־רעדעניש אַז ביי יענע יידן איז יעדער אַקט פון טראַדיציע געווען דער פועל יוצא פון גלויביקייט, פירט נאַטירלעך צום פסק דין וואָס זעט ביי די ערשטע דאָס עכטע און ביי די צווייטע דאָס פאַבריצירטע. ווען דער פאַרגלייך וואָלט געווען מיטן רוב אַמעריקאַנער שול־יידן, מיט די רעפאָרמער, די קאָנסער־וואַטיווע, אפילו דעם רוב פון די אָרטאָדאָקסן, ווער שמועסט נאָך מיט די טעאָרעטיש־סעקולאַריזירטע רעקאָנסטרוקציאָניסטן, דעמאָלט וואָלט שוין די נפקא מינה געווען אַ סך קלענער, און די קעגנשטעלונג גלויביק־אומגלויביק, אין שייכות צו טראַדיציאָנעלע פייערלעכקייטן, וואָלט שוין געהאַט אַ סך וויניקער זינען. דערביי זאָל געזאָגט ווערן אַז זינט די פראַגע טראַדיציע־טראַדיציאָנאַליזם איז אויפגעקומען הערט מען כסדר דעם אָפּשלאָגנדיקן אַרגומענט אַז מען קען ניט מקיים זיין קיין טראַדיציאָנעלע מצוות סיידן מען טוט עס אַקוראַט אין דער פאָרם און מיט דער כוונה פונעם אַמאָליקן שטעטל מיט אַ פופציק יאָר צוריק אויף יענער זייט ים. בלויז דאָרט איז איינמאָל פאַר אַלע מאָל פאַרחתמעט געוואָרן דאָס וואָס איז עכט, ניט געפעלשט, און וואָס קען האָבן אַ האַפט. אָפט ווערט מען ממש געפּלעפט פונעם חידוש ווי אַזוי מען קען אַזוינס זאָגן בעת יעדעס וואָרט, יעדעס אות, פון די דאָזיקע טענות ווערט ביזן גרונט אָפּגעלייקנט אין איצטיקן לעבעדיקן, רעליגיעזן, יידישן לעבן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש אַז דער אויסדרוק „רעליגיעזער ייד" איז אויפגעקומען אינעם אידיאָם פון דער היינטיקער צייט. אָבער וואָס באַטייט עס? וואָס מיינט מען ווען מען זאָגט אַז פלוני בן פלוני איז אַ רעליגיעזער ייד? מען מיינט אַז דער דאָזיקער ייד גייט אין שול, היט אָפּ כשרות, און נאָך אַזעלכע זאַכן. צי דער ייד איז אַ מאמין צי ניט, דאָס שפּילט ניט די

מינדסטע ראָלע אינעם אַקט פון באַצייכענען אים פאַר אַ רעליגיעזן יידן. עס קען עמעצן איינפאַלן צו זאָגן אַז טראַדיציאָנעלע מעשים זענען שוין ממילא אין זיך כולל אמונה, דעריבער איז ניט נייטיק דאָס אַרויסצוהייבן, אָבער מיר הערן צו אָפט זייער ניט־אמונהדיקע רייד פון שול־יידן, און עס וואָלט געווען צו נאַאיוו אָנצונעמען אַז היטן געוויסע פרטים פון טראַדיציאָנעלן שטייגער איז שוין ממילא אַן אויסדרוק פון אַ גלויביק געמיט.

.3

מיט אַרום אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק האָט דער סאָציאָלאָגישער דענקער קאַרל מאַנהיים געמומען אַנאַליזירן אַ סיטואַציע אין מענטשלעכן געדאַנק וואָס איז שוין גאַנץ לאַנג באַקאַנט. אַזעלכע ווערטער ווי מענטאַליטעט, צייט־גייסט אד״ג, ווילן אונז זאָגן אַז אַ חוץ די אינערלעכע געזעצן וואָס באַהערשן דאָס מענטשלעכע דענקען זענען נאָך פאַראַן אַנדערע כוחות וואָס באַשטימען ווי אַזוי מיר זאָלן טראַכטן וועגן זאַכן, וואָס מיר זאָלן אָננעמען פאַר אמת און פאַר אָביעקטיוו פעסטגעשטעלט. מיר ווייסן אַז דאָס לעבן אין אַ באַשטימטער עפּאָכע, אין געגעבענע לעבנס־תנאים, און אין דער ספערע פון באַשטימטע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע קרייזן, האָט אַ סך צו טאָן מיטן אופן אויף וועלכן מיר אַרבעטן אויס אונדזערע געדאַנקלעכע הנחות. די אויפגאַבע איז דעריבער צו כאַפּן די געזעצן לויט וועלכע דער געדאַנק פונקציאָנירט אונטער דער ווירקונג פון די דערמאָנטע פאַקטאָרן. אָט דאָס ווערט אָנגערופן די סאָציאָלאָגיע פון וויסן.

קאַרל מאַנהיים הייבט אָן זיין ווערק אידעאָלאָגיע און אוטאָפּיע אויף אַזאַ אופן: „דאָס דאָזיקע ווערק פאַרנעמט זיך מיט דער פּראָבלעם וועגן דעם ווי אַזוי מענטשן טראַכטן אין דער אמתן. דער צוועק פון די דאָזיקע אַרבעטן איז אויסצופאָרשן ניט ווי אַזוי דאָס דענקען ווערט פאָרגעשטעלט אין לערנביכער איבער לאָגיק, נאָר ווי אַזוי עס פונקציאָנירט פאַקטיש אין עפנטלעכן לעבן ווי אַן אינסטרומענט פון קאָלעקטיווע מעשים״. קיינער קען ניט לייקענען אַז אַזאַ צוגאַנג טראָגט אין זיך גרויסע טעאָרעטישע הבטחות. ווען מען מאַכט די געהעריקע רעזערוואַציעס וועגן די מעגלעכקייטן פון גרויסע שאַפנדיקע פּערזענלעכקייטן, וועגן די קרעאַטיווע מאָמענטן אין יעדן מענטשן, וועגן אינדיווידועלע אָפּנייגן, אאַ״וו, ליגט בלי ספק אַ גרויסער אמת אין דער סאָציאָלאָגיע פון וויסן.

פון די דאָזיקע געדאַנקען ביז אַ סאָציאָלאָגיע פון גלויבן איז דער מהלך גאָר ניט קיין גרויסער; אין דער אמתן זיינען אָט די צוויי זייער ענג פאַרבונדן צווישן זיך. די פונדאַמענטאַלע הנחות פון וועלכע דאָס וויסן שפּראָצט אַרויס זיינען אָפט געבויט אויף וואונטש און צוטרוי וואָס כאַראַקטעריזירן

די מענטשלעכע נאַטור. דאָס איז טאַקע דער קוואַל וואָס פון אים פליסן אַרויס די פאַרשיידענע מדרגות פון מענטשלעכן גלויבן, סיי די אינפאַנטילע איינרעדענישן, סיי די רייפערע געאַנטע מאַניפעסטאַציעס פון אַ העכערער רעאַליטעט.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָ דאַרף מען מאַכן די געהעריקע רעזערוואַציעס פונקט ווי מען דאַרף עס טאָן אין דער סאָציאָלאָגיע פון וויסן. אָבער ווען מען טוט דאָס אַלץ, און מען רעכנט עס אַראָפּ פון צעטל, זעט מען קלאָר און בולט אויף ווי ווייט פאַרשיידענע פאָרמען און מדרגות פון גלויביקייט זענען פאַרבונדן מיט עפּאָכע, צייטגייסט, באַדינגונגען און ספּעציעלע געשעענישן. דאָס וואָס איז געווען עכטער גלויבן אין איין עפּאָכע אָדער סביבה, קען זיין בלויז פאַנטאַסטישע נאַאיוויטעט אין אַן אַנדער צייט און ביי אַנדערע באַדינגונגען.

די גמרא דערציילט וועגן תנאים וואָס האָבן געטראָפן אליהו הנביאן, און מעשות פון „גילוי אליהו" האָט מען דערציילט וועגן גרויסע חסידישע רביים ביז אין דער לעצטער צייט. היינט, און אין אַמעריקע, זענען דאָס העכסטנס רירנדיק־שיינע מעשיות. איינער פון מיינע רביים אין גמרא־חדר האָט געהאַט אַ פּאַראַליזירטן פוס. איינמאָל האָט ער דערציילט זיינע תלמידים אַ מעשה נורא ווי אַזוי דאָס איז צו אים געקומען. ער האָט געוואוסט אַז דער שד קטב מרירי האָט אַ גרויסע שליטה אויפן בית עולם. דעריבער, ווען ער איז תשעה באב געגאַנגען אויף קבר אבות האָט ער זיך שטאַרק געהיט פאַרן שד'ישן מזיק. האָט זיך אים, מעשה שטן, פאַרגלוסט אַרויפצוקריכן אויף אַ הויפן לויזע ברעטער. איז כהרף עין אָנגעקומען קטב מרירי, האָט אים דערלאַנגט אַ וואָרף צווישן די צעשאָקלטע ברעטער און פאַרטיק. ער ווייסט אפילו פאַרוואָס עס איז אים געקומען אַזאַ האַרבער עונש, אָבער סיי ווי איז אים באַשערט געווען נאָכצושלעפּן אַ פוס ביזן סוף פון לעבן. מיר האָבן דעמאָלט אויפגענומען די מעשה מיטן רעאַליטעט־געפיל פון אַ צייטונג־באַריכט. היינטיקע צייטן, ווען אַ קינדערגאָרטן־לערערין זאָל דערציילן אין קלאַס אַזאַ מעשה וואָלט זי זיך געמעגט ריכטן אויף אַ כיטרע־אַפּיקורסישן שמייכל אויף די פּנימער פון אירע קליינע צוהערער. דער פונדאַמענטאַלער חילוק צווישן אַמאָל און היינט רייסט ממש די אויגן. ער באַשטייט ניט, ווי געזאָגט, אין דעם וואָס אַמאָל האָט גלויביקייט מאָטיווירט יעדן פּרט פון דער טראַדיציע. ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיק וואָלטן לאָקאַלע מנהגים ניט געווען אַזאַ וויכטיקער ענין ווי דאָס האָבן אָנערקענט די גרעסטע פוסקים. אַ סך אַנדערע מאָמענטן אין דער טראַדיציע וואָלטן ניט געווען צו פאַרשטיין. דער חילוק ליגט אויף גאָר אַן אַנדער שטח.

זאָל אונדז די גמרא אַרויסהעלפן. מיר ווייסן אַז אין די מחלוקתן צווישן די בית־הלל און די בית־שמאי בלייבט די הלכה על־פּי־רוב ווי די בית־

הלל האָבן געפּסקנט. דאָס אַליין וואָלט דאָך געדאַרפט זיין גענוג צו וויסן וועך פון די צוויי עס איז גערעכט אין באַשטימטע געגעבענע פאַלן. אויב עס בלייבט נאָך אַלץ אַ קשיא וועך פון די צוויי עס איז פאַרט גערעכט, קען דאָס בלויז מיינען, גערעכט לויט אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן קוק פון אַ העכערן, מעטאַפיזישן פּוסק אחרון. דערויף דערציילט די גמרא אַז עס איז אַרויס אַ בת־קול און געזאָגט: „אלו ואלו דברי אלקים חיים״. סיי די און סיי יענע זענען די רייד פונעם לעבעדיקן גאָט.

אין פלוג דריקט אויס דער דאָזיקער געדאַנק אַ האָפענונגסלאָזע סתירה. ווי קענען די רייד פון אַן איינציקן לעבעדיקן גאָט זאָגן אי אַזוי, אי אַנדערש? מען קען דאָס אָבער פאַרשטיין אינעם זינען אַז אַלץ וואָס אויטענטישער יידישער גייסט ברענגט אַרויס, ניט אַריינגייענדיק אין די קאָנסעקווענצן פון קאָנ־קרעטע פרטים און קאָנקרעטע סיטואַציעס, נעמט זיך פון איין איינציקן העכסטן קוואַל. ווען מען בייט טערמינען און פילאָסאָפיע, איז דאָס אַקוראַט אַזוי ריכטיק אויך אין וועלטלעכע ענינים וואו דאָס געפיל פון לאָיאַליטעט איז פאַרוויקלט. דער פּסק־דין פונעם סופרים קאָורט, למשל, ווערט טאַקע באַשטימט לויט דער מיינונג פונעם רוב ריכטער, אָבער ביי לאָיאַלע בירגער ווערן די מיינונגען פון אַלע ריכטער דיקטירט פונעם גייסט פון דער קאָנסטיטוציע, אָדער פון דער אַבסטראַקציע וואָס מען רופט „אַמעריקאַנער גערעכטיקייט״.

מיט אַ צוויי דורות צוריק האָט דער דורכשניטלעכער ייד אויף יענער זייט ים נאָך געלעבט אין אַן אַטמאָספערע וואו די יידישע „אַלצקייט״ האָט אויך איינגעשלאָסן אין זיך די טבע פונעם גאַנצן סדר־העולם, און דער גורל פון דעם אַלעם איז געלעגן אין די הענט פון דער געטלעכער השגחה. דער שכל איז מחייב אַז „אַלץ״ באַשטייט פון די פרטים וואָס גייען אין דעם אַריין. אָבער דער שכל איז ניט בלויז אַ קריכער נאָר אויך אָפט אַ פאַרפירער. אין לעבן גופא ווערן די טיילן און דאָס גאַנצע ניט דווקא מאָטיווירט אויפן זעלביקן אופן, ווי דאָס האָט אַזוי פיין אויסגעדריקט דער בת־קול אין שייכות צו בית־הלל און בית־שמאי.

דער צוגאַנג פונעם אַמאָליקן יידן צו אַלץ אין דער וועלט, און אָוודאי צו דער יידישער טראַדיציע, איז פאַרגעקומען אין אַן אַטמאָספערע פון אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער גאָט־גלויביקייט. אָבער ווען עס איז געקומען צו פרטים — און דאָ האָב איך דורכויס אין זינען דעם דורכשניט, ניט די אויסנעמלעכע — האָט דער עיקר געשפּילט אַ ראָלע דער מאָטיוו פון זיין אַ ייד צווישן יידן, פון דערציאונג און סביבה וואָס האָט דאָס אָוועק־געשטעלט און איינגעוואָרצלט ווי אַ קריטעריע צו באַשטימען דעם דרך הישר אין יידישער אויפפיר. צוליב דעם טאַקע איז, פון איין זייט, מעגלעך געוועזן זיך צו מאַכן אַ היתר אויף אָפּווייכונגען און, פון דער אַנדער זייט,

צו זיין שטרענג אָפּגעהיט אין פאַרשפּרייטע מנהגים וואָס האָבן, לכל הדעות, ניט געהאַט די מינדסטע שייכות צו די נאָרמען וואָס די אויטענטישע טראַ־דיציע האָט איינגעשטעלט. אָבער פאַרשטייט זיך, אַלץ איז דעמאָלט געווען באַהויכט מיט דער הערשנדיקער לופט פון אַלגעמיינער גלויביקייט.

אין די איצטיקע סעקולאַריזירטע ציַיטן איז מער ניטאָ יענער גלויבן אין דער געטלעכער השגחה וואָס נעמט אַרום ווי אַ צודעק די יידישע אַלצקייט אינעם זין ווי איך האָב דאָס וואָרט פריער באַנוצט. דאָס מאָדערנע לעבן, סיי ביי יידן, סיי אין דער אַרומיקער וועלט, איז מער דעפּאַרטמענטאַ־ליזירט. יעדע טייל געהערט צו אַן אַנדער קאַטעגאָריע פון פּראַקטיק און טעאָריע. פּראַקטיש לעבן, קונסט, וויסנשאַפט, רעליגיע, דאָס זענען אַלץ פאַרשיידענע וועלטן וואָס יעדע נייטיקט זיך אין אַן אַנדער צוגאַנג און אַנדערע דערקלער־סיסטעמען. דערצו לעבן מיר ניט מער אין אַזאַ אָפּגעזונדערטער שטייגער־וועלט ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. דאָס אַלץ, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע שטריכן אין דער אַמעריקאַנער סביבה, פאַרשטאַרקן אַ וויט־גרייכנדיקע צעטיילונג אין דענקען און אין פּראַקטישן צוגאַנג אויף פאַר־שיידענע פעלדער פון לעבן. עס איז דעריבער צו פאַרשטיין אַז אויך ביי אונדז יידן זאָל פאָרקומען אַ ריס צווישן דעם אַלגעמיינעם רעליגיעזן וועלט־געפיל און די ספּעציעלע עלעמענטן וואָס שטאַמען פון אונדזער היסטאָרישער פאָלקישער שותפות; אַז די פּסיכישע מאָטיווירונג וואָס וועקט באַגייסטע־רונג פאַר דער יידישער עטיק זאָל זיין פון אַן אַנדער שאַטירונג ווי דאָס דיקטירט צו בענטשן ליכט פרייטיק צו נאַכטס.

איז ווי אַזוי קען מען אויסגעפינען געניַיער וואָסערע ענדערונגען צייט און סביבה האָבן מיט זיך געבראַכט ביי יידן? ווי אַזוי קענען מיר זיך דערוויסן צי עס האָט נאָך בכלל אַ זינען צו רעדן וועגן דער ראָלע פון דער יידישער טראַדיציע מיט די טערמינען וואָס מיר האָבן באַנוצט אין אונדזערע קינדער־יאָרן? זיכער וועלן מיר קנאַפּ וואָס דערגיין ווען מיר וועלן זיך דערגערן בלויז מיטן שטאָף פון אונדזער זכרון. עס וואָלט שוין צייט געווען זיך צו לאָזן אויפן איינציקן וועג, אַרויסצוגיין אין גאַס און זען ווי אַזוי יידן, רעליגיעזע יידן, לעבן. איז טאַקע ריכטיק, ווי ניגער וויל האָבן, אַז אין זייער דורכפירן די מצוות מעשיות שטיצן זיי זיך אויף טעאָלאָגישע הנחות?

ראַביי שולוויס וויַיזט אַן (ריקאָנסטראַקשאָניסט, 20טן נאָוו., 1953) אַז צווישן רעליגיעזע יידן ווערן ריטואַלן און צערעמאָניעס ניט באַטראַכט ווי עפּעס וואָס נעמט זיך פון אַן אָנגענומענער גלויביקייט „נאָר גיכער ווי אַן אָפענע מאַניפעסטאַציע פון יידישער אידענטיפיקאַציע און לאָיאַליטעט". ראַביי גאָרדיס דריקט אויס אַן ענלעכן געדאַנק ווען ער דערקלערט אַז דאָס קאָנקרעטע אויספירן די מצוות מעשיות איז אַ סך מער פאַרשפּרייט ווי די

רעליגיעזע אמונה מיט וועלכער זי איז פאַרבונדן. ער גיט נאָך צו אַז אין יידישקייט איז עס תמיד אַזוי געווען (דאָס אַמעריקאַנער־יידישע יאָרבוך, 1950).

אַלע בתי תפילה ווערן פול ביזן אויג ווען עס קומט צו הזכרת נשמות. ביים דערמאָנען די נשמות פון די פאַרשטאָרבענע ווערט געזאָגט אַז די נשמה זאָל זיין „צווישן די נשמות פון אברהם, יצחק און יעקב; שרה, רבקה, רחל און לאה, און מיט די אַנדערע צדיקים און צדקניות וואָס אין גן־עדן, אָמן". פרעגט זיי, די אַלע וואָס קומען מיט אַזאַ פרומער פינקט־לעכקייט צו די דאָזיקע געלעגנהייטן, פרעגט צי זיי זענען אַזוי נאַאיוו־גלויביק ווי די פריערדיקע ווערטער זיינען מחייב. אויב מיר זאָלן אָננעמען אַז אַזאַ מין גלויביקייט איז ביים רוב היינטיקע שול־יידן כמעט ניטאָ — און עס וואָלט געווען קאָמיש צו טראַכטן אַנדערש — דאַרף מען זוכן אַן אַנדער דערקלערונג פאַרוואָס זיי זענען אַזוי אָפגעהיט אין קומען צו הזכרת נשמות.

ניט בלויז ספּעציעלע פייערלעכע געלעגנהייטן נאָר אפילו דאַווענען, וואָס סיי דער טעקסט, סיי דער העכערער זינען, איז אין פלוג אַן אויסדרוק פון אָנגענומענע טעאָלאָגישע הנחות, ווערט היינטיקע צייטן ראַציאָנאַליזירט — און דווקא פון פאַרשטייער פון דער רעליגיעזער יידישער געזעלשאַפט — און עס ווערט דערפון גיכער מענטש־יידישקייט, ייד־יידישקייט אײדער גאָט־יידישקייט. די וואָס קוקן זיך צו נעענטער צו דער יידישקייט פונעם היגן יידישן לעבן באַמערקן דעם גאַנג פון אַ פּראָצעס וואָס איז אינגאַנצן אַנדערש ווי ביי פריערדיקע דורות. די נאָענטע פאַרבינדונג צווישן גלויביקייט און שטייגער־יידישקייט ווערט דינער, לויזער, אַמאָל אינגאַנצן אָפגעמעקט, און דער מאָטיווירנדיקער כוח ווערט דער דאָרשט אויסצודריקן דאָס געפיל פון אָנגעהעריקייט. די גע׳ירשנטע סימבאָליק פון אַט דעם אויסדרוק גיט צו זיכערקייט און זאַפטיקייט דער דאָזיקער פּאָעטישער איבערלעבונג.

4

זאָל מען נאָר קיין טעות ניט מאַכן. איך מיין בשום אופן ניט צו זאָגן אַז אומגלויביקייט פאַרשטאַרקט זיך. פאַרקערט, דער אַטעאיזם פון עטלעכע צענדליק יאָר צוריק שטאַרבט אָפּ, און איצט איז שוין פון אים קיין סך ניט געבליבן. אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישע איז וואָס יידישער אויפּפיר ציט ניט זיין יניקה פון בייע מעטאַפיזישע רעיונות. די רעפאָרמער האָבן זיך דערנענטערט צו יידישע צערעמאָניאַלן ניט ווייל זיי זענען געוואָרן מער גלויביק נאָר ווייל זיי זענען געוואָרן מער יידיש. דאָס וואָס די יידישע יוגנט האָט זיך מער דורכגענומען מיטן מעטאַפיזישן דענקען פון דער הייג־

טיקער צייט, האָט ניט צוטאָן דערמיט וואָס זיי זענען געוואָרן מער טראַדי־ציאָנעל־יידיש נאָר דערמיט וואָס זיי זענען געוואָרן מער פילאָסאָפיש־גלויביק. ביידע זענען אמת, און עס איז נאַטירלעך אַז עס זאָל קענען זיין אַ קעגנ־זייטיקע ווירקונג צווישן זיי, אָבער דער גאַנג פון איין צד ווערט ניט געטריבן דורך די כוחות פונעם צווייטן.

אין אַזאַ לאַגע געווינט מען גאַנץ ווינציק דערפון וואָס מען מאַכט זיך לייכט, ווי ניגער טוט עס, מען גיט אַ צעטייל יידן אויף גלויביק און אומגלויביק, און מען אָפּערירט מיט אַן אַרגומענטאַציע וואָס שטאַמט פון גאָר אַן אַנדער וועלט און גאָר אַן אַנדער צייט. ווען מען לעבט מיט יידן, פּשוטע יידן, פון דער איצטיקער צייט דערזעט מען אַז אַזאַ צעטייל־ליניע וואָלט געווען צו־דין, טיילמאָל אינגאַנצן אויסגעטראַכט. מען זעט באַשיינפּערלעך אַז זיך האַלטן ביי פּרטים פון דער טראַדיציע איז מער ניט קיין פּועל יוצא פון אַ טעאָלאָגישער גלויביקייט אפילו ביים רוב שול־יידן.

זיכער, ווען מען וועט ביי אַזעלכע יידן וועלן דערגיין וואָס זיי טוען וועלן זיי דערקלערן אַז דערמיט זענען זיי מקיים דאָס וואָס עס פאָדערט פון זיי די יידישע רעליגיע. עס איז ניטאָ קיין אַנדער נאָמען פאַרן פאַרלאַנג אָפּצוהיטן הזכרת נשמות, למשל. אויך דער דרוק פון דער אַטמאָספערע אין אַמעריקע טרייבט מיט כוח צו אַ רעליגיעזער טערמינאָלאָגיע אין אַזעלכע פאַלן. איך זע ניט קיין גרויסן חטא אין דעם אַז אַ באַוואוסטזיניקער טראַ־דיציאָנאַליסט זאָל באַנוצן דעם זעלביקן טערמין כדי מען זאָל אים פאַרשטיין, כדי מען זאָל ניט מיינען אַז ער זאָגט זיך אָפּ פּרינציפּיעל פונעם אַקט, בעת אין דער אמתן האַנדלט זיך ביי אים גאָר וועגן דעם מאָטיווירנדיקן אויסגאַנג־פּונקט. דערפאַר אָבער פאַרמאָגט ער די גרויסע מעלה וואָס זיין יידישקייט קען האָבן אַ צוטריט צו יענע וואָס זענען פילאָסאָפיש אומרעלי־גיעז, אָבער פאַרמאָגן אַ שטאַרק געפיל פון אָנגעהעריקייט. די צאָל פון אַזעלכע איז גאָר ניט קליין. אָבער לאָמיך אָנווייזן אויף נאָך איין מאָמענט אין לעבן פון רעליגיעזן סעקטאָר.

פריץ א. ראָטשיילד גיט איבער אַ באַריכט פון דער יערלעכער פאַר־זאַמלונג פון דער קאָנסערוואַטיווער ראַבינישער אַסעמבלי (קאָנעטיקוט, נאָוו., 1953). ער דערציילט דאָרט וועגן די וויכוחים אַרום בייטן די הלכה כדי זי צוצופּאַסן צו אַמעריקאַנער באַדינגונגען. דערביי באַמערקט ער: „די פראַגן וועגן קאָמבינירן טראַדיציע מיטן לעבן, אויפהאַלטן און בייטן, דע־פינירן די פּראָבלעם אָבער פאַרענטפערן זי ניט, ווייל די פראַגע איז איצט: וויפיל בייטן, און וויפיל טראַדיציע?" איז עס ניט זייער אַ סעקולערער, אַן „אומגלויביקער" צוגאַנג צום גאַנצן ענין? דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז וואָס ביי די וועלטלעכע, די „אומגלויביקע", שטייט אַקוראַט די זעל־ביקע פראַגע, כאָטש אַנדערש אַקצענטירט: וואָס אָננעמען פון דער טראַדיציע,

וואָס און ווי אַזוי בייטן? דער אונטערשייד צווישן די צוויי, וואָס איז אין דער פּראַקטיק גוואַלדיק גרויס, איז אָבער טעאָרעטיש גאַנץ קליין; בכל אופן — ווען מיר האָבן אין זינען דעם דורכשניטלעכן יידן פוןביידע צדדים — איז זיכער ניט גלויביקייט די צענטער־ליניע.

אָט אַזוי באַווייזט זיך פאַר אונדז דער ייד וואָס איז שטאַרק געהיט ניט צו עסן קיין חמץ אין פּסח, אָבער ער טוט עס ווייל „אַזוי דאַרף זיך פירן אַ ייד", ניט ווייל ער פילט אין דעם אַ באַפעל פון גאָט. ער טראַכט אפשר וועגן גאָט — היינטיקע צייטן פאַרשטאַרקט זיך די דאָזיקע נייגונג — אָבער ער איז שטאַרק מסופק צי גאָט האָט בכלל אין זינען אַזעלכע זאַכן. אין בעסטן פאַל איז ער דורכויס גלייכגילטיק צו דער פראַגע וועגן דער שייכות צווישן גאָט און פּרטים פון דער טראַדיציע. אַז מען וויל קען מען אַזאַ יידן זאָגן מוסר; מען קען אים אויפוואַרפן אַז זיין האַלטן זיך ביי מצות, כשרות, ליכט־בענטשן, אד"ג, איז ניט „עכט". אָבער וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? לעבעדיקע פאַקטן איז בעסער צו דערקלערן, אויב מען קען, בפרט ווען זיי טראָגן אין זיך אַ פּאָזיטיוון ווערט. ווינציקסטנס דאַרף מען אָנערקענען זייער עקזיסטענץ, זיי אַנאַליזירן, און אויפבויען אַ טעאָריע וואָס אין איר ליכט זאָל מען קלאָר דערזען זייער מעגלעכן פּאָזי־טיוון צושטייער.

דאָס האָט אָבער אויך צו טאָן מיט זייער וויכטיקע פּראַקטישע פראַגעס וואָס עגבערן אין מוח פון אַזוי פיל יידישע פירער פון פאַרשיידענע צדדים: וויפיל טראַדיציע? ווי ווייט קענען גיין ענדערונגען? וואָס זאָל זיין דער פּרינציפּיעלער צוגאַנג צום גאַנצן ענין? ווי דערגרייכט מען אַ פּאַסיקע פּשרה צווישן טראַדיציע און לעבן?

איך האָב זיך באַמיט צו געפינען אַן אָנווייזונג אויף אַן אויסוועג, לכל הפּחות פאַר יענע פונעם אַזוי־גערופענעם וועלטלעכן קרייז וואָס האָבן שוין באַנומען אַז יידישע טראַדיציע איז זייער אַ וויכטיקער ענין. איך האָב פּרו־בירט צו אַנאַליזירן די לאַגע און אַרויסזאָגן געדאַנקען אין פאַרשיידענע צייטן, און לעצטנס זיי פאָרמולירט אונטער „טראַדיציאָנאַליזם" (אידישער קעמפער, פּסח, תשי"ב). דער טראַדיציאָנאַליסטישער געדאַנקען־גאַנג וויל האָבן אַז ווען מען זאָל אין דער טראַדיציע אונטערשטרייכן ניט איר גאָט־מאָטיווירטע אָריענטאַציע נאָר זי האַלטן דורכויס ייד־מאָטיווירט, דאַרף עס אין עצם ניט שטערן צו נעמען פון איר אַן אינהאַלטלעכע גאַנצקייט אויף וויפיל עס איז מעגלעך אין די באַדינגונגען פון אַמעריקאַנער לעבן. פאַרשטייט זיך אַז דער „עונג שבת" וואָס מען זעט אָפּט ביי די וועלטלעכע איז נאָר אַן אָנהייב, און גיט בשום אופן ניט קיין בילד פון דעם וואָס טראַדיציאָנאַליזם איז מחייב, אָדער קען מחייב זיין. פּראַקטיש־דורכגעפירטע צערעמאָניאַלן האָבן צו טאָן מיט פּשרות, צופּאַסונגען, אָדער אַ פּרואוו עפּעס דורכצופירן

בהדרגה. דאָס וויכטיקסטע איז צו געדענקען אַז אין יעדער שול, אין יעדער סינאַגאָגע, אין יעדן טעמפּל קען מען ממש אָנטאָפּן מיט די הענט דעם טראַדיציאָנאַליסטישן הינטערגרונד, כאָטש די אָפיציעלע רייד זענען אַנדערע. דאָס לאָמיך אַקצענטירן מיטן שטאַרקסן טראָפ, איז ניט קיין צביעות, חס ושלום. די טעאָלאָגישע רייד זענען אין זיך גופא אַן איינגעוואָרצלטע טראַדיציע. עס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן אַז ווען אונדזערע פילאָסאָפיש־געשולטע ראַביים און טעאָלאָגן פאַרטיפן זיך אין מחשבות וועגן גאָט — מיטן אויסנאָם פון אָרטאָדאָקסישע רבנים פון אַלטן שניט — הערט מען אויף צו פילן אַז עס איז פאַראַן אַן אינטימע שייכות צווישן זיי און יידן, ווי יידן. דערמאָנט זיך ווי אַנדערש עס איז געווען ביי די פילאָסאָפירנדיקע חסידישע רביים וואָס ביי זיי איז גאָט געווען ניט ווייניקער יידיש ווי ייד איז געווען געטלעך. און זאָל מען באַר ניט זאָגן אַז ס'איז ניטאָ געגנוג עכט־איבערגעלעבטע אמונה צווישן היינטיקע ערנסטע ראַביים. עס איז פאַרגע־קומען גאָר עפּעס אַנדערש. די ליבע צווישן גאָט און דעם קאָנקרעטן טראַדיציאָנעלן יידישן שטייגער האָט אויפגעהערט צו זיין אַזוי אינטים ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. ביידע האָבן אָנגעהויבן צו לעבן אַביסל מער אומ־אָפּהענגיק איינער פונעם צווייטן. אַז דאָס האָט צו טאָן מיט די אַמעריקאַנער באַדינגונגען קען מען ניט לייקענען. די דערנענטערונג צווישן יידן און ניט־יידן; די נויט צו וועקן וואָס מער טאָלעראַנץ, און ממילא אָפּצוטעמפּן אונטערשיידן צווישן רעליגיעס; דאָס פּראָקלאַמירן און אַקצענטירן אַ יידיש־קריסטלעכע טראַדיציע — דאָס אַלץ, און נאָך אַנדערע מאָמענטן, האָט גע־מוזט שאַפן אַ מחיצה צווישן דעם גאָט אין וועלכן ביידע רעליגיעס האָבן אַ חלק, און „די פאַרשיידענע וועגן צו קומען צו אים", וואָס זענען שוין, ווייזט אויס, ניט אַזוי תוכיק.

טראַדיציאָנאַליזם האַלט, פאַרשטייט זיך, אַז טראַדיציע לשמה איז שוין גאָר אַ תוכיקער ענין. אויב אַזוי הייבט זיך אויף די אַלטע קשיה: וואָס איז דער ציל פון דעם אַלעם? צו וואָס די גאַנצע טירחה? ווען איך וועל ענטפערן: „קיום האומה", וועלן טייל פילן, און ניגער בתוכם, אַז עס שטייט גאָר ניט אַן אַזאַ יחסן ווי דאָס יידישע פאָלק זיך מטפל צו זיין מיט אַזעלכע נישטיקע קלייניקייטן. די אַלע, האָב איך מורא, האָבן אַזאַ הנאה זיך צו פאַרלירן אין דער ווייכקייט פון אַבסטראַקטע רעיונות אַז זיי שרעקן זיך פאַרן איינדרוק — זייער אַ פאַלשן איינדרוק — אַז קיום האומה איז ערדישע גשמיות אָן שום העכערן תכלית. איך שטעל מיר פאָר אַז אַ פאַרליבטער בחור וואָלט אויך געקענט מיינען אַז עס איז אַ פּחיתות הכבוד אויסצוטייטשן זיין פאַטעטישע ליבע ווי אַ פונקציע פון ביאָלאָגישער שליחות, אַ מין „קיום האומה" פון אַן אַנדער סאָרט. איך בין חושד אַז ניגערס שטעלונג צו דער אידייע פון קיום האומה, ווי אַ פונקציע פון דער טראַדיציע, נעמט זיך פונעם

געפערלעכן טעות אַז קיום ביי אַ פאָלק איז דאָס זעלביקע ווי אויפהאַלטן די עקזיסטענץ פון אַ שטיין, אַ פלאַנץ אָדער אַ באַשעפעניש, בלויז ווייל עס איז שווער, אויס געוואוינהייט, זיך אָפּצורייסן דערפון.

איך האָב שוין עטלעכע מאָל די זעלביקע פראַגע באַרירט און וויל זיך ניט איבערחזרן, אָבער עס דאַרף זיין קלאָר אַז איך שרייב ניט צו די כוונה פון קיום האומה אפילו צו די וואָס זענען מקיים די מצוות פון דער טראַדיציע ריין־טראַדיציאָנאַליסטיש. דער דירעקטער מאָטיוו איז „ווייל אַזוי פירן זיך יידן". די דאָזיקע פראַזע הערט מען געגוג, און דווקא אין רעליגיעזע קרייזן. אַז דאָס באַטייט קודם כל אַ געפיל פון אָנגעהעריקייט צו אַבאַשטימטן כלל, אַ פאַרלאַנג צו זיין איינס מיט אים און ניט קיין אַנדער מעטאַפיזישע פונקציע — קען מען הערן אין די אָפטע ווענדונגען פון עלטערן צו יידישע לערער פון אַלע סאָרטן מיט זייער בליק אויף דער יידישער דערציאונג פון זייער קינד: „מיר ווילן בלויז ער זאָל קענען, אפילו ווען ער וועט דאָס קיינמאָל ניט באַנוצן, זאָל ער וויסן אַז ער איז אַ ייד". אַוודאי קען קיום האומה ניט מיינען אַז דאָס איז, אָדער קען זיין, די אָפענע כוונה פון אַ יידן בעת ער באַצאָלט דעם חוב וואָס זיין יידישקייט מאָנט פון אים. דאָס קען זיין בלויז דער העכערער, ווייטערער ציל פון אַ כוח וואָס — כדי זיך ניט צו פלאָנטערן אין אַבסטראַקטע חקירות — קען מען אים אָנרופן רעטאָריש שר האומה.

און ווען מיין פריינד ניגער קאָמענטירט אויף אַן אַנדער פונקט אין מיין געדאַנקען־גאַנג באַווייזט ער נאָך בולטער דעם פעלער פון ניט דערקענען דעם געהויבענעם גייסטיקן שטאָף וואָס ליגט אינעם דאַרשט נאָך קיום האומה, דערצו נאָך ווען מיר האָבן אין זינען די געשיכטע און די געשאַפענע ווערטן פון דער יידישער אומה. איך האָב אָנגעוויזן אַז אפילו אינעם טראַדיציאָנאַליסטישן בליק זענען פאַראַן עלעמענטן וואָס ווען מען זאָל זיי באַנעמען אין זייער טיפערן מהות געהערן זיי צו דער רעליגיעזער קאַטעגאָריע, דעריבער איז מעגלעך אַן איבערגאַנג פון אַ טראַדיציאָנאַליסטישער צו אַן אָפענער רעליגיעזער מאָטיווירונג. איך שטרייך נאָך אונטער, אַז דאָס וואָלט ניט געווען שלעכט פאַר יידן. ניגער זעט אין דעם אַ געפיל, אַ מין ווידוי פון מיין זייט, אַז טראַדיציאָנאַליזם איז אַ צו שוואַכער מאַטעריאַל.

צום גליק האָט ניגער ניט אינגאַנצן געטראָפן. פון מיינע רייד איז געדרונגען — דעם עיקר זאָג איך גאַנץ אָפן — גאָר עפּעס אַנדערש. טראַדיציאָנאַליזם איז געבויט אויפן פאַקט אַז גאָר אַ סך יידן פירן דורך מאָנונגען פון דער טראַדיציע צוליב דעם ווערט וואָס פאַר זיי האָט די טראַדיציע גופא, אָן שום אַנדערע באַוואוסטזיניקע מעטאַפיזישע צילן. אָבער סיי ווי האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט עפּעס וואָס יידן טוען ווייל זיי פילן אַן אינערלעכע באַפעלערישע פאָדערונג צו דינען העכערע ווערטן. אָט דאָס איז אַן עכטע

רעליגיעזע קאַטעגאָריע וואָס, ווי דער שטייגער איז, טראָגט אין זיך די זאָמען פון אַ ווייטערדיקן גאַנג אין אַזאַ ריכטונג. אמת, די לאָגישע סכעמע פון טראַדיציאָנאַליזם איז דאָס ניט מחייב, און אין דעם פאַל איז דער געדאַנק בלויז מיינס אַ פּערזענלעכער בליק. אָבער טראַדיציאָנאַליסטיש־גערעדט איז דאָך סיי ווי ניטאָ קיין סתירה, שוין אָפּגערעדט פון ווידערווילן, צו אַזאַ רעליגיעזן אויפשפּראָץ. איז שוין דעריבער פאַראַן אַ מעגליכקייט אַז פּסיכאָ־לאָגיש, אויב ניט לאָגיש, זאָל טראַדיציאָנאַליזם פירן דערצו. נאָר צי יאָ, צי ניין, בלייבט נאָך אַלץ אַ גרויסער כוח אין דער טראַדיציע גופא פאַר אַלע יידן וואָס ווילן זיין איינס מיטן פאָלק.

אָבער מיר פאַלט איין חשד וואָס איך וויל ניט פאַרבאַהאַלטן. אין מיינע פריערדיקע טענות דערמאָן איך אָפט דאָס וואָרט גאָט, אַ וואָרט וואָס ווערט ניט באַנוצט אינעם אַרטיקל וואָס קעגן אים איז מיין פּאָלעמיק געווענדט. עס ווייזט אויס אַזוי ווי ניגער וואָלט זיך ניט געפילט דרייסט צו דערמאָנען גאָטס פּערזענלעכן נאָמען, האָט ער באַשלאָסן זיך צו באַנוצן מיטן נאָמען פון דער פירמע — רעליגיע, רעליגיעז; דאָס איז מער גענעראַליזירט און, ווידעראָמאָל, לייכטער. נאָר עס איז פּשוט שווער צו זאָגן גענוי וואָס דאָס באַטייט. עס קען מיינען יענע אוניווערסאַלע, טעאָלאָגישע פאַראַנענקייט, די קרוין פון רעליגיעזן דענקען. עס קען אָבער אויך מיינען גאַנץ פּשוט אַ געפיל־אָנגעלאָדענער ווענד־פּונקט אין אונדזער גרויסער ירושה, אָדער אַ סימבאָלישער פיגור וואו עס קומען זיך צונויף אונדזערע טיפערע איבער־לעבונגען וואָס די טראַדיציע רופט אַרויס. אויב דאָס צווייטע איז ריכטיק, דעמאָלט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונדזער געירשנטן שטייגער, איז דאָס גאַנץ נאָענט צו די געדאַנקען וואָס שטיצן זיך אויפן רעאַלן יידישן לעבן פון דער איצטיקער צייט. איך האָב אַ שטאַרקן חשד אַז אויך מיין פריינד ניגער איז ניט־ווילנדיק געכאַפּט אין טראַדיציאָנאַליזם.

(1954)

# דאָס געביטענע יידישע פאָלק

דער תהום צווישן אַמאַליקע און איצטיקע יידן ווערט אַלץ ברייטער און טיפער; די סימנים פון ענלעכקייט ווערן אַלץ מער פאַרמעקט, שווער צו דערקענען. אין משך פון אַ צוויי־דריי דורות איז ביי אונדז פאָרגעקומען אַזאַ גרינטלעכע איבערקערעניש אַז ממש עס שווינדלט פאַר די אויגן ווען מען נעמט זיך מאַכן אַ סך־הכל. מען קען אָנווייזן גענוג בולט׳ע אונטערשיידן אין יידישן לעבן צווישן די צייטן פון פומבדיתא און וואָלאָזשין; גענוג שאַרף, אפשר שאַרפער, זענען די אַנדערשקייטן צווישן די צייטן פון די בעלי־התוספות אין צפון־מזרח־פראַנקרייך, אַרום דעם 11טן און 12טן יאָרהונדערט, און דער אַזוי־גערופענער גאָלדענער עפּאָכע אין שפּאַניע אַרום דער זעלביקער צייט. אָבער דורך יענע אַלע צייטן, לאַנג ווי דער יידישער גלות, קען אפילו אַ בליִנדער אָנטאַפּן די פולע יידישע אידענטיטעט צווישן די נאָענטע און ווייטע ישובים, די לעבעדיקע קרובישע שייכות צווישן די תפוצות פון פאַרשיידענע לענדער און צייטן.

היינט איז אַנדערש. טאַטע און זון האָבן גענומען לעבן אין גראָער דערווייטערטקייט, אַז קוים־קוים איינער קען דערזען דעם צווייטנס שאָטן: צווישן זיידן און אייניקל איז אויסגעוואַקסן אַזאַ תהום וואָס עס איז שוין זייער שווער אים אַריבערצושפּרייזן. דער יידישער וואָרצל איז ביים אייניקל געוואָרן עלאַסטיש, אויסגעצויגן, און אַזוי דין אַז דאָס האַרץ ציטערט פאַר יעדן ווייטערדיקן טראָט.

ווען מען קוקט אויף די צוויי סאָרטן יידן פון דרויסן איז, פאַרשטייט זיך, זייער לייכט צו דערזען דעם וועלט־אונטערשייד וואָס צווישן זיי. עס איז אַ חילוק אין קליידער, אין אויסזען, אין שפּראַך — אפילו ווען ביידע רעדן יידיש — אין מאַנירן, אין שטייגער־לעבן, אין וואָס ניט? אַ מענטש פון אַן אַנדער פאָלק וואָלט זיך מסתמא ניט געקענט אָנשטויסן אַז די דאָזיקע צוויי טיפּן האָבן אַ קרובישע שייכות צווישן זיך. עס איז גענוג צו געבן אַ קוק אויפן יידן פונעם ניו־יאָרקער וויליאַמסבורג, אָדער אויף אַ טיפּישן פאָרשטייער פון אגודת ישראל, אָדער נטורי־קרתא, און גלייך לעבן אים אַוועקשטעלן זיין אַמעריקאַנער אייניקל, כדי צו האָבן אין פלוג דעם זעלביקן איינדרוק.

די פּרטים פון דער דאָזיקער לאַגע זענען שוין גענוג אָפט באַהאַנדלט געוואָרן סיי אין דער קינסטלערישער, סיי אין דער פּובליציסטישער ליטעראַטור און איז יעדן פון אונדז גאַנץ גוט באַקאַנט. די אונטערשיידן צווישן די דערמאָנטע טיפּן קען מען באַשרייבן לויט הונדערטער, אפשר טויזנטער

פּרטים. מיר האָבן דאָך דאָ צו טאָן מיט צוויי באַזונדערע וועלטן, אַנדערע פאָרמען פון לעבן און אויפפיר, אַן אַנדער צוגאַנג צו גוטס און שלעכטס, שיין און מיאוס.

אָבער עס איז שווער אויפצוכאַפּן דאָס גאַנצע בילד פון דער גרינט־לעכער איבערקערעניש אין די לעצטע צוויי־דריי דורות ווען מיר צעפּיצלען דעם איינדרוק אויף קליינע און קלענערע פּרטים; ווען מיר פּאַלמעסן דאָס גאַנצע אויף באַזונדערע טיילן. ווען מיר טייטלען, למשל, אויפן פאַקט אַז ביי אַמאָליקע יידן האָט די גאַנצע מענטשלעכע באַפעלקערונג, פונעם דרייצנטן יאָר אָן, געלייגט תפילין, בעת היינט איז דאָס מער־ווייניקער אַ זעל־טנקייט, קען קיין ספק ניט זיין אַז דער דאָזיקער פאַקט וואַרפט זיך אין די אויגן, און מען דערזעט ווי גרויס עס איז דער מהלך צווישן די צוויי סאָרטן יידן. פאַרשטייט זיך אַז דאָ קען זיך ניט רעדן בלויז פונעם רייבעם, פיזישן אַקט פון לייגן תפילין. מיר אַלע ווייסן אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט גייסטיקע צושטאַנדן, באַציאונגען, וועלט־צוגאַנג, און אַנדערע אַזעלכע איי־דעלע מאַטעריעס.

דאָך ווען מען לייגט דעם טראָפּ אויף איינצלנע אַקטן איז שווער דעמאָלט אַרומצוכאַפּן די גאַנצקייט פון וועלכער דער איינצלנער פּרט איז בלויז אַ טייל. מען קען דעמאָלט אויך ניט אַרויסזען דעם אונטערשייד אין דער אַלגעמיינער מענטאַליטעט וואָס דאָס איז אַן עיקר אויף וויפיל עס דריקט זיך אויס אין אַנדערע מאָמענטן פון פּראַקטישן לעבן.

אפשר וועלן מיר קענען בולט'ער דערזען דעם אונטערשייד צווישן דעם יידן פון נעכטן און דעם היינטיקן יידן ווען מיר וועלן זיי באַטראַכטן פון שטאַנדפּונקט פון דער פּסיכישער ראַם אין וועלכער זיי האָבן איינגעפּאַסט זייער יידיש טראַכטן און זייערע יידישע מעשים, אָדער אין ליכט פון אַ ברייטערן לעבנס־צוגאַנג וואָס רירט ניט בלויז אָן דאָס יידישע, נאָר אויך דאָס אַלגעמיינע אינעם מענטשן.

דעם יידן פון נעכטן איז קיינמאָל ניט געקומען אויפן געדאַנק צו פאַר־מולירן זיין יידישע גלות־עקזיסטענץ ווי אַ מינדערהייט, דאָס הייסט אַז ער איז אַ מיטגליד פון אַ גרופּע וואָס איז קלענער אין צאָל ווי די גויאישע שכנים וואָס רינגלען זי אַרום. אַוודאי האָט ער געוואוסט אַז דאָס איז אַ פאַקט, פונקט ווי ער האָט געוואוסט אַ סך אַנדערע פאַקטן. אָבער עס איז אים ניט איינגעפאַלן צו דערזען זיין אומגליק, אויף וויפיל ער האָט געהאַלטן גלות פאַר אַן אומגליק, אינעם הוילן פיזישן פאַקט פון אַ קליינער צאָל פּנים אל פּנים מיט אַ גרויסער צאָל.

וואָרעם „מינדערהייט" אָדער „קליינע צאָל" איז אַ ריין־פיזישע, אָדער מאַטעמאַטישע, קאַטעגאָריע. אָבער יענער ייד האָט בלויז געקענט קוקן אויף זיין לעבן דורך מאָראַלע ברילן. יידן ליידן ניט פון אַ מערהייט קעגן

זיך, איז ביי אים אויסגעקומען, נאָר פון אומגערעכטיקייט, פון שנאת־חינם, פון רשעים. דאָס באַוואוסטזיין פון זיין אין אַ מינדערהייט קען העכסטנס אַרויסרופן דאָס געפיל פון „ליידער, ליידער", פון רייגעם באַדויער, ווייל אין דעם זענען ניטאָ קיין זינד און קיין זינדיקע, ניט פרעמדע, ניט אייגענע. ווען מען איז אַ מינדערהייט קען מען ניט מתפלל זיין און וויינען פאַר גאָט אַז „צוליב אונדזערע זינד זענען מיר געוואָרן אַ מינדערהייט". אַז מען זעט אין יידן אַ קוואַליטאַטיווע אויסצייכענונג, איז שוין ניט אַזוי וויכטיק זייער קוואַנטיטאַטיווער אַראָפּפאַל, וואָס ליגט אין באַגריף מינדערהייט.

אין דער אמתן האָט יענער זיך גאָר ניט געקענט זען ווי אַ מינדערהייט. אין זייער אייגענער היים, אין זיין יידישן קוואַרטאַל, אין דער יידישער גאַס, איז ער געווען דורכויס אַ מערהייט. אמת, דאָס איז געווען אַ קוואַרטאַל, ניט קיין לאַנד, עס איז געווען אַ קאָלאָניע אין יענעמס טעריטאָריע. אָבער דאָס איז געווען יענעמס בלויז לויט געזעץ און מאַכט, אָבער עס איז דורכויס געווען אייגנס לויט מערהייט אויף יענעם ספּעציעלן פּונקט.

יענע יידן האָבן געהאַט בלויז געשעפטלעכע, און בכלל עקאָנאָמישע, שייכותן מיט דער מערהייט פון לאַנד; זיי זענען אָבער געווען אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פּאָליטיש, סאָציאַל און קולטורעל, מיט אַן אייגענעם שטייגער, אייגן לשון, אייגענע רעליגיע, אייגענע קעמפנדיקע צדדים. דאָס אַלץ האָט ניט דערלאָזן קיין איינדרוק בלויז פון אַן אייגענער מינדערהייט און אַ פרעמדער מערהייט. עס איז אַ סך מער געבליבן פאַרוואַרצלט די באַציאונג פונעם אייגענעם אמת קעגן דרויסנדיקן ליגן, דעם אייגענעם צער קעגן דעם דרויסנדיקן שווערן דרוק, די אייגענע פרידלעכקייט קעגן דעם דרויסנדיקן מלחמה־דאַרשט.

היינט הערן מיר אויף שריט און טריט אַז מיר זענען אַ מינדערהייט. אַלץ אַרום האָט זיך געביטן און אונדזער אייגענע מענטאַליטעט האָט זיך אינגאַנצן געביטן. די מחיצה צווישן דער יידישער און גויאישער וועלט איז געוואָרן דינער, אָפּט בלויז ווי אַ דינער וואַל. אין דער אמתן איז היינט שוין באַלד אינגאַנצן ניטאָ קיין גויאישע וועלט; זי איז געוואָרן אַ ניט־יידישע וועלט. ממילא פילט זיך וויניקער אַרויס די שווער־אָנגעצויגענע שפּאַנונג פון גלות און עס שווימט אַרויס מיט גראַציעזער נייטראַלקייט דאָס רואיקערע געפיל אַז מיר זענען אַ מינדערהייט.

דער איבערגאַנג פון „גלות" צו „מינדערהייט" וואַרפט אויך אַ העל פּסיכאָלאָגיש ליכט אויף די הייסע וויכוחים וואָס האָבן אויפגעקאָכט אין די לעצטע יאָרן אין שייכות צום גלויבן אין „אתה בחרתנו". דאָ גייט ניט וועגן איינשטעלן זיך לטובת איין צד אָדער אַ צווייטן. דער עצם פאַקט וואָס מען האָט זיך מיט אַזאַ היץ גענומען מפלפל זיין וועגן דער געירשנטער אמונה, אַז מיר האָבן עפּעס אַ ספּעציעלע שייכות צום רבונו־של־עולם,

דאָס אַליין שטרייכט אונטער די געביטענע פּסיכאָלאָגישע לופט אין וועלכער מיר לעבן.

ווארעם אויף וויפיל דאָס געדריקטע יידישע לעבן ווערט געזען אין ליכט פון גערעכט קעגן אומרעכט, געפּייניקטע קעגן פּייניקער, דעמאָלט ווערט דער עצם ענין פון אַזאַ וועלט פאַרשטאַנען בלויז אין מאָראַלע קאַטעגאָריעס. דעמאָלט איז אויך נאַטירלעך אַז די גערעכטע און געפּייניקטע זאָלן זיך זען נעענטער צו גאָט, צום אל רחום וחנון, ווי די אומגערעכטע און די פּייניקער. דאָס אתה בחרתנו געפיל פאַסט זיך דעמאָלט אַריין אויסגעצייכנט אין דער ראַם פון אונדזער היסטאָרישער רעליגיעזער הנחה אַז מיר זענען אַן אויסדערוויילט פאָלק. ווען די אַרומיקע באַדינגונגען פון אונדזער עקזיסטענץ און דער צייטגייסט אין וועלכן מיר לעבן, האָבן זיך אַזוי געביטן אַז מיר האָבן זיך דערזען גיכער ווי אַ מינדערהייט איידער ווי אַ פאָלק אין גלות, מיט אַלע מאָראַלע אויבערטענער וואָס גלות שליסט אין זיך איין, דעמאָלט פאַרלירט דער אתה־בחרתנו־געדאַנק זיין אינערלעכע פּסיכישע אויטאָריזאַציע, און די מסורה וואָס האָט אונדז דורכגעדרונגען מיט דער דאָזיקער אידייע ווערט שוין פאַרוואַנדלט אין אַן אינטעלעקטועלער פּראָבלעם מיט חילוקי־דעות און אַרגומענטירנדיקע צדדים.

דער חילוק צווישן „גלות״ און „מינדערהייט״ ברענגט אויך צו פּראַקטישע רעזולטאַטן וואָס לאָזן זיך פילן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. וואָרעם גלות־געפיל איז מחייב אַ שטענדיקע ציטערניש פאַרן קיום פונעם טראַדיציאָנעלן געשטאַלט וואָס מיר שטעלן מיט זיך פאָר. ממילא פירט דאָס צו אַן אינערלעכער יידישער עקשנות, אַן איינגעשפּאַרטן ווילן ניט אָפּצוטרעטן פונעם אייגענעם וועג, ניט לינקס און ניט רעכטס. דאָס פירט נאַטירלעך אויך, אין אַ קלענערער צאָל פאַלן, צו ווייטע עקסטרעמען פון איבערגעטריבענער פרומקייט און אַ פאַרלאַנג זיך אינגאַנצן אָפּצורייסן פון דער לעבעדיקער וועלט וואָס רינגלט אונדז אַרום.

דער היפוך פון דער דאָזיקער מענטאַליטעט איז פאַרבונדן מיט מינדערהייט־געפיל. דאָ ווערט אַלץ שאַרפער דער פאַרלאַנג זיך צוצופּאַסן צו דער מערהייט, אָפּצואווישן אין זיך וואָס מער סימנים פון אַנדערשקייט, צו דערפילן זיך אין אַ פאַרלעגנהייט אַפילו ווען אַנדערע יידן שיילן זיך צופיל אַרויס מיט אינערלעכע אָדער דרויסנדיקע שטריכן פון דער אַרומיקער סביבה. דאָס פירט אויך אין געוויסע פאַלן צום פאַרקערטן עקסטרעם, צו פאַרגויאישן אַלץ וואָס קען זיך אַרויסווייזן מיט אַ יידישן אָנבליק, צו פאַרבאַהאַלטן בחדרי־חדרים דאָס יידישע אין זיך.

עס האָט זיך אויך געביטן דער אַלגעמיינער צוגאַנג צום לעבן ווי אַן אויפגאַבע וואָס מיר זענען באַרופן דורכצופירן. דער אַמאָליקער ייד האָט געפילט אַזוי ווי ער וואָלט שטענדיק געשטאַנען פאַר שווערע נסיונות;

אַז ער איז לכתחילה געקומען אויף דער וועלט צו נעמען אויף זיך פונקציעס וואָס מען דאַרף צוגיין צו זיי בדחילו ורחימו. די וואָרענונג פון „דע לפני מי אתה עומד“, מיט וועלכער די שול האָט אויפגענומען אירע דאַוונער, האָט טאַקע געהאַט אַן אויסדריקלעכע רעליגיעזע ווענדונג, אָבער אין דער אמתן האָט אין דעם געשטעקט דער תמצית פון יענעם יידנס אַלגעמיינער לעבנס־פילאָסאָפיע. אין דער שול האָט די דערמאָנטע וואָרענונג אָנגעזאָגט: ווייס אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט; ווי אַ לעבנס־פילאָסאָפיע בכלל דריקט אויס יענע וואָרענונג די טיפע, קריטישע ערנסטקייט וואָס דאַרף באַשטימען דעם צוגאַנג צו אַלץ אין לעבן. אין דעם זינען ליגט אין דער וואָרענונג דער געדאַנק: ווייס: אַז אַלץ וואָס דו טוסט ווערט אַ כוח אינעם גורל פון דער וועלט, אָדער גאָר בקיצור, ווייס אַז דאָס לעבן איז ניט קיין שפּילכל.

אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן האָט דעם דאָזיקן געדאַנק פאָרמולירט דער רבי ר׳ בונעם פון פּשיסכע. ער האָט אַמאָל געזאָגט אַז אַ מענטש דאַרף תמיד זיך פאָרשטעלן אין זיין געדאַנק אַז עמעצער שטייט הינטער אים מיט אַ האַק אין דער האַנט גרייט אים אָפּצוהאַקן דעם קאָפּ. אויב, האָט ער ווייטער געזאָגט, אַ מענטש האָט ניט אַזאַ פאָרשטעלונג איז אַ סימן אַז זיין קאָפּ איז שוין אַן אָפּגעהאַקטער. אויף וויפיל עס איז בכלל פאַראַן אַ פעסטע צעשייד־ליניע צווישן רעליגיע און ניט־רעליגיע אין העכערן רעיון, איז לייכט צו זען אַז די דאָזיקע פאָרמולע שטייגט ווייט אַריבער אַלע גרענעצן וואָס צווישן רעליגיעז און סעקולער. עס איז אַן אַלגעמיינער צוגאַנג צום לעבן מיטן ציטער פון „הנני העני ממעש“; דאָס לעבן איז אַ שווערע, ערנסטע און גורלדיקע אונטערנעמונג.

עס איז לייכט אויפצוכאַפּן די גרויסע פאַרדינסטן פון אַזאַ לעבנס־פילאָסאָפיע פאַר אַ פאָלק אין גלות. עס דערהייבט די חשיבות פון אייגענעם גייסטיקן לעבן; עס ברענגט אַריין אין דער אייגענער עקזיסטענץ דעם פאַר־כאַפּנדיקן רייץ פון אַ צוקונפט־ווענדונג. וואָרעם אַן ערנסטער צוגאַנג צום לעבן מוז בהכרח אַרויסוואַקסן פון אַ געפיל פונעם היסטאָרישן כאַראַקטער פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, עס שיינט דערויף אַ מין הייליק ליכט פון „אַמאָל איז געווען“ און דריקט אויס אַ שפּירנדיקן אָנזאָג פון אַ צייט וואָס וועט קומען. דאָס איצטיקע לעבן — אין ערנסטן רעיון — מוז זען אין זיך דעם ווערט פון אַ רגע וואָס איז פאַרוועבט אין דער אייביקייט.

אָט דער ווערט און די חשיבות וואָס דער ייד פון נעכטן האָט אויפגע־נומען אין לעבן האָט ער אָוועקגעשטעלט ווי אַ סטאַנדאַרד פאַר זיינע קינדער און קינדס־קינדער. אַזאַ אָנזאָג ווי: „עס פּאַסט ניט פאַר אַ יידיש קינד“ — וואָס היים און חדר האָבן באַנוצט ווי אַ קאָנטראָלירנדיקן כוח אין יידישער דערציאונג — איז אַן אָריגינעלע אָפּשאַצונג פון יענעם יידן וועגן דער

הויכער מדרגה וואָס דאַרף דיקטירן אונדזער אויפפיר כדי ניט סותר צו זיין די ראָלע וואָס אונדז איז באַשווערט אינעם גייסטיקן אוניווערס. עס פּאַסט ניט, הייסט עס, פאַר אַ יידיש קינד זיך אָפּצוגעבן מיט צעלאָזנקייט, נאַרישקייטן, ווייל מיר, יידן, האָבן אַ צו ערנסטע שליחות אין לעבן, און מיר דאַרפן זען אַז אונדזערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן אין אַזאַ אַטמאָספערע וואָס זאָל זיי צוגרייטן צו טאָן די דאָזיקע שליחות.

אָבער די תנאים פון לעבן האָבן אַרומגערינגלט דעם היינטיקן יידן מיט אַנזאָגן פון אַן אַנדער מין און מיט אָנרעגונגען וואָס פירן אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג. אויפן אָרט פון אַמאָליקן בית־המדרש און לערנען תורה איז איצט אויפגעקומען די לייכטע שפיל, די פאַרביישוועבנדיקע פאַרווייליונג. עס וועט זיכער קיין גוזמא ניט זיין צו זאָגן אַז אויב די זאָרג און אַרבעט פאַר פרנסה פאַרנעמט די גרעסטע טייל פון היינטיקן יידנס צייט, שטייט אויפן צווייטן פּלאַץ, אין שייכות צום פאַרנעם אין צייט, די הנאה פון פאַר־ווײַלונג, בכלל אַלע פאָרמען פון לייכטן צייט־פאַרטרייב. ראַדיאָ, טעלעוויזיע, מואווי, טעאַטער, קאָנצערט, קאָרטן־שפּיל, ספּאָרט, וואַקאַציע, בקיצור, „גוד־טיים" וואָס געדיכטער, וואָס פעטער, אויף ווי ווייט מעגלעכקייטן קענען דערלויבן. דאָס איז דאָך אַזוי ווייט, אָפּט דער היפּוך, פון דעם וואָס ביים אַמאָליקן יידן האָט געהאַט אַ טעם, אַ „יידישן טעם". דאָס איז דאָך געבויט אויפן פּרינציפּ אַז דאָס לעבן איז דווקא יאָ אַ שפּילכל.

איינס פון די פונדאַמענטאַלסטע אונטערשיידן צווישן די לעבנס־שטייגערס ביי פאַרשיידענע פעלקער דריקט זיך אויס אין די פאָרמען פון פאַרברענ־גען די פרייע צייט, די טעטיקייטן וואָס דער געגעבענער קולטור־גייסט האַלט פאַר ווינטיק און ווערטפול אַז מען זאָל פרייוויליק מיט זיי אויספילן דעם חלל פון דער צייט וואָס בלייבט איבער נאָך דעם ווי די אוטיליטאַרע התחייבותן זענען שוין פאַרזאָרגט. דאָס גייסטיקע פּנים פון אַ לעבנס־שטייגער לאָזט זיך היפּשלעך דערקענען לויט דער ריכטונג פון די איבהאַלט־לעכע אויפגאַבעס וואָס מען נעמט אויף זיך פרייוויליק דורכצופירן אין דער פרייער צייט. אין דעם פּרט שפּרייט זיך אויס ממש אַ תהום צווישן דעם יידן פון נעכטן און זיין אייניקל פון היינט. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז די דאָזיקע גרונט־פאַרשיידענע סאָציאַלע און קולטורעלע אַטמאָספערעס רופן אַרויס צום לעבן אַנדערע מענטשלעכע טיפּן; זיי אונטערשיידן זיך ניט בלויז אין זייער יידישער אָריענטאַציע, נאָר אויך בנוגע אַלגעמיין־מענטש־לעכע שטריכן.

כדי עס זאָל זיך נאָך בולט'ער אַרויסשניידן דאָס בילד פונעם געביטע־נעם יידישן פאָלק, לאָמיך אַרויסהייבן כאָטש נאָך איין פונקט. לאָמיר אָננעמען אַז דער פאַרגלייך צווישן זיידן און אייניקל וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָ, האָט אין געדאַנק אַן אייניקל וואָס איז, פונקט ווי דער זיידע, דורכויס

רעליגיעז, סיי אין געדאַנק, סיי אין טראַדיציאָנעלן אויפפיר. דאָך וועט ניט נייטיק זיין זיך צו באַוואָרענען מיט אַ סך ראיות צו באַווייזן אַז צווישן די צוויי טיפּן איז נאָך אַלץ פאַראַן אַ טיפער יידיש־רעליגיעזער אונטערשייד. דאָס איז אַזאַ באַשיינפערלעכער פאַקט אַז ער וואַרפט זיך אין די אויגן יעדן איינעם. די יידיש־רעליגיעזע פאָרמען פון נעכטן און אייערנעכטן און, על־פי־רוב, די פון היינט, שטעלן מיט זיך פאָר אַנדערע מינים מוזיק און אַנדערע סאָרטן וועלט. אָבער איך האָב אין זינען איין ספּעציפישן מאָמענט אין רע־ליגיעזן יידישן לעבן וואָס האָט דעם כוח פון אַן אַלגעמיינעם פאַקטאָר ביים אַרויסברענגען צוויי באַזונדערע יידישע טיפּן.

דאָס יידישע רעליגיעזע לעבן איז אין פריערדיקע דורות געווען רע־ליגיע, קולטור, לעבנס־שטייגער און נאָך עפּעס, יאָ, עפּעס אַזוינס וואָס מען וואָלט געקענט רופן אַ „פּאָליטישע" פּראָגראַם, אַ סעריע התחייבותן וואָס זייער ציל — חוץ צו שטילן די ריין־רעליגיעזע דאָרשטן — איז אויך געווען צו דערגרייכן אידעאַלע פאָרמען און מעגלעכקייטן פאַרן לעבן פון יידישן פאָלק — „יעדער אונטער זיין ווייַנשטאָק און זיין פייגנבוים און קיינער וועט זיך ניט שרעקן, וואָרעם דאָס מויל פון גאָט פון צבאות האָט גערעדט".

דאָס איז אין אַ געוויסן זינען אַ פּאָליטישע פּראָגראַם, און ווי אין אַזעלכע פּראָגראַמען איז דאָ אויך געווען אַ מינימום און אַ מאַקסימום, אָדער מיטלען און צילן. די מיטלען זענען געווען מצוות און מעשים טובים — אָדער אַנדערע מער נסתר'דיקע מיטלען וואָס עס האָט אויסגעשפּונען קבלה, שפּעטער אויך חסידות. דער אָנגעצייכנטער גרויסער ציל איז, פאַרשטייט זיך, געווען משיח, גאולה, וואָס פון דעם האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעהערט די ממשותדיקע יידישע גאולה, אַ פאָלק וואָס וועט אויסגעלייזט ווערן פון אַן איצטיקן אומגליקלעכן צושטאַנד.

אָט דער „פּאָליטיש־אידעאָלאָגישער" פאַקטאָר, אויב מען קען עס אַזוי אָנרופן, אין דער יידישער רעליגיעזער איבערלעבונג האָט צוגעגעבן אַ רעאַליסטיש־יידישע קאָליר דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן מיסטישן שטאָף וואָס אָטעמט אין יעדער רעליגיעזער איבערלעבונג. דערמיט האָט זיך גע־שאַפן אַזאַ אינטים געוועב פון ייד־מענטש וואָס דאָס איז געווען איינער פון די כאַראַקטעריסטישע סימנים פונעם אַמאָליקן יידישן טיפּ.

היינט איז פאַראַן אַ טענדענץ אין אַלע צווייגן פון יידישן רעליגיעזן לעבן אַרויסצושיילן בלויז מעטאַפיזישע הנחות וואָס ציען זיך צו אַן אוניווער־סאַלער געטלעכקייט. ביסלעכווייז האָט זיך אויסגעגראָבן אַ צעטיילונג צווישן ייד און מענטש. ווען מען הערט זיך איצט צו צו די רעליגיעזע וויכוחים ביי יידן איז ווערט צו באַמערקן אַז וואָס מער מאָדערנע יידישע טעאָלאָגן דערנענטערן זיך צו גאָט אַלץ מער דערווייטערן זיי זיך, לכל הפחות אין טעאָרעטישער אַרגומענטאַציע, פון יידן.

ווי מיר זעען, האָבן זיך יידן היפּשלעך געביטן אין די לעצטע צוויי־דריי דורות. אַוודאי זענען נאָך געבליבן עלעמענטן פון אונדזער גרויסער טראַדיציאָנעלער ירושה, כאָטש מען דאַרף שטאַרק נישטערן זיי צו געפינען, ווייל זייערע אויסדרוק־פאָרמען האָבן זיך אַזוי שטאַרק געענדערט. אָבער דער אַמאָליקער ייד האָט איבערגעלאָזן אַזאַ אוצר זכרונות פון זיך, אַזאַ אומגעהייערע ליטעראַרישע ירושה און אַזאַ טיף־גראָבנדיקן איינדרוק אין אונדזער פּסיכיק, אַז ער ווערט ביי אונדז דער מוסטער פון יידן בכלל, פון יידישן טראַכטן, יידישע מידות און יידישן צוגאַנג צו וועלט און לעבן. אפילו ווען מיר רעדן וועגן יידישן אויפטו אין די באַדינגונגען פון שווערן גלות, באַנוצן מיר רייד וועגן יידן בכלל, כאָטש אונדזער ווענדונג איז דאָך באַשיינפּערלעך בלויז צו די יידן פון אַמאָל.

דאָס פירט צו שווערע טעותן און פאַלשע רעזולטאַטן אין אונדזער דענקען. דאָס קען אויך ווערן ערנסט־פאַרפירעריש ווען מיר ווילן זיך באַמיען אויפצודעקן דעם פאַרהאַנג וואָס פאַרשטעלט דעם טאָג פון יידישן מאָרגן. כדי ניט געשטרויכלט צו ווערן איז גוט מיר זאָלן תמיד געדענקען אַז בעת מיר אַנאַליזירן דעם יידישן ווילן און די יידישע אינערלעכע כוחות, לאָמיר ניט גענעראַליזירן, ניט אויסמישן אין איין הויפן דעם זיידן פון אַמאָל מיטן אייניקל פון היינט. נאָך אין די צייטן פון דער גמרא האָט מען געוואוסט אַז „אויב די ראשונים זענען ווי מלאכים זענען מיר ווי מענטשן, אויב די ראשונים זענען ווי מענטשן זענען מיר ווי חמורים״. דאָס וואָלט זיכער ניט געווען קיין ריכטיקע פאָרמולע ווען מיר זאָלן וועלן אויסמאָלן דעם אונטערשייד צווישן די זיידעס און די אייניקלעך פון דער היינטיקער צייט. אָבער שאַרפע, בולט׳ע אַנדערשקייטן זענען בלי ספק פאַראַן און מען טאָר זיי ניט פאַרגעסן אין אונדזער צוגאַנג צו די יידישע אויפגאַבעס פון לויפיקן טאָג.

(1954)

# מידת הרחמים

אין דער תנ״כישער טראַדיציע ווערט גאָט פאָרגעשטעלט אי ווי אַ נוקם ונוטר — אל קנא ונוקם, אי ווי אַ גאָט וואָס צייכנט זיך אויס מיט רחמנות אויף זיינע באַשעפענישן — אל רחום וחנון. מען געפינט אַפילוביידע אייגנשאַפטן אויסגערעכנט אין זעלביקן פסוק (שמות ל״ד): „גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער און לייטזעליקער גאָט, איינגעהאַלטן אין צאָרן און רייך אין גענאָד און טריישאַפט; ער האַלט גענאָד ביזן טויזנטסטן גליד, ער פאַר־טראָגט זינד און פאַרברעכן און חטאים, נאָר שענקען שענקט ער ניט; ער רעכנט זיך פאַר די זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער און מיט די קינדס־קינדער, מיטן דריטן און מיטן פערטן דור״.

ווען מען זאָגט אַז „ער רעכנט זיך פאַר די זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער״ — און דאָס קאָן דאָך בלויז מיינען אומשולדיקע קינדער, אַנדערש זענען דאָך די זינד זייערע אייגענע — איז דאָס אַ נאַטירלעך גרינט־לעכע אָפּלייקענונג פון דער פריערדיקער כאַראַקטעריסטיק פון גאָטס מידה אַז „ער פאַרטראָגט זינד און פאַרברעכן און חטאים״. וויפל מען זאָל דאָ ניט ווען אַריינטייטשן און אַרויסטייטשן, זעט עס אַלץ אויס ווי אַ שרייאיקע סתירה וואָס לאָזט זיך ניט פאַרגלעטן. קענטיק אַז ביידע אייגנשאַפטן וואָרצלען אין דער מענטשלעכער פסיכיק, און די וואָס האָבן ביידע אייגנשאַפטן צו־געשריבן צו גאָט, האָבן דערמיט בלויז באַשטעטיקט דעם כלל אַז „דברה תורה בלשון בני אדם״, וואָס מען קאָן פאַרטייטשן, אַז די תורה רעדט מיטן לשון פון דער מענטשלעכער טבע. מיר שרייבן צו גאָט אייגנשאַפטן וואָס מיר אַליין באַזיצן, אייגנשאַפטן וואָס אָפט איז איינע אַן אָפּלייקענונג פון דער צווייטער.

אין דער אמתן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מענטשן, האָבן מיר דאָ ניט צו טאָן מיט קיין עכטער סתירה. וואָרעם אויב אַ מענטש, למשל, איז אי אויסגערעכנט, אי אימפולסיוו, איז ער דאָס ביי אַנדערע געלעגנהייטן וואָס שטעלן מיט זיך פאָר גאָר אַנדערע וועלטן אין זיין פסיכישער נאַטור. ער איז טאַקע אויסגעהאַלטן אין ענלעכע סיטואַציעס, אָבער עס איז ניט שייך צו זיין אַקוראַט דער זעלביקער אין גאָר אַן אַנדער לאַגע, וואָס דאָרט איז דער מענטש גאָר אַן אַנדער מענטש. אָבער אַז מען קוקט פון דרויסן זעען טאַקע אויס היפּוכדיקע אייגנשאַפטן אין זעלביקן מענטשן ווי אַ סתירה און אָט די סתירה ווערט צוגעשריבן צו גאָטס טבע.

ווען מען פאַרשטייט די עקזיסטענץ פון היפּוכדיקע אייגנשאַפטן אינעם פריער־דערקלערטן זינען, שיקט זיך שוין צו זאָגן אַז אַ מענטש באַשטייט

סוף כל סוף פון בינטלעך סתירות, אָדער כמו־סתירות. אָפט ווייזן זיך אַרויס די סתירות אין געפּאָרטע אייגנשאַפטן, ווי קאַרג־מילד, שנאה־ליבשאַפט, גאווה־עניוות, אאַז״וו. יעדער פון אונדז פאַרמאָגט אַביסל פון דער ערשטער העלפט פון דער פּאָר און אַביסל פון דער צווייטער. אָבער עס מאַכט ניט אויס אין וואָסער פּראָפּאָרציע די דאָזיקע צוויי זאָלן אין אונדז ניט זיין פאַרטראָטן, מיר שאַצן זיי אָפּ לויט אַ באַזונדער וואָג און מאָס.

לויט ווי די פּאָרן זענען פריער אויסגעשטעלט וועלן מיר די ערשטע העלפט רופן רעאַלע און די צווייטע העלפט — אידעאַלע.ביידע זענען זיי רעאַל אינעם זינען וואָס אונדזער נאַטור איז מיטביידן גלייכצייטיק געבענטשט און פאַרשאָלטן. מיר באַזיצן, למשל, אי די מידה פון גאווה, אי פון עניוות. דער חילוק איז נאָר, וואָס די ערשטע האַלטן מיר פאַר אַ נידעריקער מדרגה; זי איז טאַקע אַ רעאַלער פאַקט, וואָס מיר האָבן אָבער פאַר אים צו ווייניק דרך ארץ, ווייל מיר האַלטן אים — ווען מיר זענען רואיק צו באַטראַכטן זיך אַליין, פאַר אַן אומגעווינטשטן גאַסט. די צווייטע העלפט איז אין אונדזערע אויגן גאָר פון אַן אַנדער מין. אויך עניוות, למשל, איז פאַראַן אין אונדז ווי אַ רעאַל פאַרמעגן פון אונדזער פּסיכיק, זי איז אָבער אידעאַל אינעם זינען וואָס מיר שאַצן העכער און בעסער דעם מענטשן וואָס באַזיצט זי אין אַ גרויסער מאָס. בקיצור, אַזעלכע אייגנשאַפטן ווי מילדקייט, ליבשאַפט, און זייער גליכן, רעכענען מיר אַריין צווישן די איידעלע נאָרמען וואָס דערהייבן מענטשן צו העכערע מדרגות און אָפט דינען זיי פאַר אונדז ווי אַ ליכט וואָס בלייבט שטענדיק פון דער ווייטנס.

באַנוצנדיק די ווערטער רעאַל און אידעאַל אינעם פריערדיקן זינען, קאָן מען זאָגן אַז דער וואָס איז עקסטרעם אין זיינע רעאַלע אייגנשאַפטן רופט אַרויס ווידערווילן, איז אַן אַנטי־סאָציאַלער מענטש, און ווערט באַטראַכט ווי אַ מענטש וואָס איז אַרומגערינגלט מיט שטעכיק דראָט און עס ווילט זיך דערווייטערן פון אים. דער, ווידער, וואָס איז עקסטרעם אין זיינע אידעאַלע אייגנשאַפטן קאָן געפילט ווערן, אין בעסטן פאַל, ווי אַ ל״ו־ניק, אַ צדיק, און אין ערגסטן פאַל, ווי אַ בטלן וואָס רופט אַרויס אַ שמייכל און באַוואונדערונג אין דער זעלביקער צייט. עס איז דער חילוק וואָס צווישן נעגאַטיוו און פּאָזיטיוו, אָבער אויך אַ חילוק וואָס צווישן חול און קודש.

אַלע רעליגיעזע שריפטן זענען פול מיט ווערטלעך, אַפאָריזמען, מעשיות, לעגענדעס, וואָס הייבן אַרויס די אידעאַלע אייגנשאַפטן און די העלדן וואָס צייכענען זיך אויס מיט זיי. אונדזער גאָט פון תנ״ך, אַזוי לאַנג ווי ער איז פאַרוויקלט אין קאָנקרעטן, מענטשלעכן לעבן פון אַ פאָלק, אין דער כסדר־דיקער מעשה פון פאָרמירן די נאָרמען פון דער ערדישער און סאָציאַלער ראַם פאַרן וואוקס פון אַ קאָנקרעט געזעלשאַפטלעך לעבן, האָט ער — ווי אַן

אויסדרוק פון מענטשלעכער איבערלעבונג — אַרויסגעוויזן בײדע היפּוכדיקע אייגנשאַפטן: נקמה־דאַרשט און ליבע.

ווען קריסטנטום איז אויפגעקומען, וואָס האָט שוין ניט געהאַט צו טאָן מיטן קאָנקרעטן לעבן פון אַ קאָנקרעט מענטשלעך פאָלק, האָט עס זיך געקאָנט פאַרגינען צו שאַפן אַ גאָט וואָס האָט געקאָנט זיין בלינד צו די באַדערפעניש פונעם רעאַלן און זיך אין גאַנצן איבערגעבן צו די פאָדערונגען פונעם אידעאַלן.

אויך אין דער שפּעטערדיקער יידישער ליטעראַטור, בכלל דאָרט וואו ניט די מעשה פון יידישן פאָלק איז דער עיקר, נאָר דער פּאָעטישער אויסדרוק, דער טיף־געפילטער אַפאָריסטישער זאָג און די לעגענדע, די אגדה, וואָס איז פאַרוועבט אין דיכטערישער פאַנטאַזיע, דאָרט איז דער אל רחום וחנון די אידעאַלע גאָט־געשטאַלט וואָס באַהערשט די נשמה. דער תהילים איז דאָך פול, ווי מען וואָלט זיך געדאַרפט ריכטן, מיט אַזעלכע געפילן און מיט אַזאַ דראַמאַטיש־דורכדרינגענדיקן טוליען זיך צום גאָט פון אידע־אַלער דערהויבנקייט. צווישן די טיף־מיטרייסנדיקע אויסדרוקן פון אַזאַ פּאָעטישער טעאָלאָגיע איז זיכער דער פּסוק (תהלים ל״ד, י״ט): „קרוב ה׳ לנשברי לב ואת דכאי רוח יושיע״ — גאָט איז נאָענט צו די צעבראָכענע הערצער און די דערשלאָגענע געמיטער טוט ער העלפן.

דער אופן אויף וועלכן גאָט רופט זיך אָפּ אויף דער טראַגעדיע פון חורבן בית ראשון, דריקט אויס אַ מדרש מיט אַזאַ רירנדיקער בילדלעכ־קייט: „ישראל בוכה בלילה וירמיה בוכה בלילה ואני אבכה ביום ובלילה״ — ישראל וויינט ביינאַכט און ירמיה וויינט ביינאַכט און איך וועל וויינען בייטאָג און ביינאַכט. אין דער אגדהשער ליטעראַטור זענען פאַראַן אַ סך שטעלן וואָס דריקן אויס מיט פאַרכאַפּנדיקער גערירטקייט גאָטס צער און טרויער אויפן אומגליק פון זיין פאָלק.

עס איז אָבער קלאָר, אַז דאָס בילד פון אַ גאָט וואָס וויינט איז דאָך אין ניכטערן געדאַנק אַ סתירה צו די נויטווענדיקע לאָגישע קאָנסעקווענצן וואָס די עצם גאָט־אידייע איז מחייב. וואָרעם דער זינען פון אַן אוניווערסאַלן, איינציקן גאָט, פון אַ גאָט וואָס איז באַשאַפער און באַהערשער פון אַלץ אַרום, איז דאָך די הנחה אַז ניט בלויז איז ער אַ „מי שאמר והיה העולם״ און אַ כול יכול, נאָר אויך אַ כוח וואָס געוועלטיקט און צייכנט אָן די ריכטונגען פון געשעענישן. ווי קאָן מען זאָגן אויף אַזאַ גאָט אַז ער טרויערט אויף אַן אומגליק, וואָס דאָס הייסט, אַז ער האָט צום אומגליק קיין שייכות ניט געהאַט, אָדער אַז עס איז פאַרגעקומען קעגן זיין ווילן? ווי קאָן מען דער־לאָזן די מעגלעכקייט אַז עפּעס האָט זיך אָפּגעטאָן אויף דער וועלט אָן זיין באַפעלערישער מאַכט, אָדער אַז ער באַדויערט עפּעס, וואָס דאָס הייסט אַז ער איז ניט געטלעך גענוג פאָרויסצוזען אַלע קאָנסעקווענצן פון זיין

אַקט? עס איז נאַטירלעך אַז מפרשים און אויסטייטשער פון עלטערן טיפּ זאָלן זיך קליגן מיט אַלע כוחות צו פאַרענטפערן, אָדער אויסגלייכן סתירות אין דער תורה, בפרט אַזעלכע וואָס האָבן אַ שייכות צו גאָט. אָבער מען קאָן טיפער פאַרשטיין די אימפּולסן וואָס רודערן אויף די מענטשלעכע נשמה ווען מען לאָזט די סתירה אַזוי ווי זי איז, ווען מען באַמיט זיך ניט זי צו אויסגלייכן.

וואָרעם דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן צוויי לאָגישע אויספירן וואָס איינער איז סותר דעם צווייטן. גיכער האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט צוויי פּסיכישע שטראָמען וואָס פונקציאָנירן לויט זייערע אייגענע אינערלעכע כללים. באַגריפן וועגן גאָט מוזן זיך סומך זיין אויף די געבונדענע טריט פון סיסטעמאַטישער לאָגיק. לויטן דאָזיקן בליק קאָן מען ניט פּסקענען אַז גאָט איז אַלמעכטיק און דערנאָך פירן צו דער מסקנא אַז אַן אַנדער קראַפט — למשל, די וואָס האָט געבראַכט דעם חורבן בית המקדש — איז געווען שטאַרקער פון אים און אים דערפירט צו אַ צושטאַנד פון טרויער.

גאָר אַן אַנדער דרך איז ניט אַן אידייען־קאָמבינאַציע וועגן גאָטס מהות, נאָר דאָס דערפילן אין אים אַן „אָבינו שבשמים" — „זיסער טאַטע אין הימל" — דער גאָט וואָס איז אַ שיף, אַ פעסטונג, דער גאָט פון תהלים, דער וואָס מען פילט אַז „פון אַלע שרעקענישן האָט ער מיך מציל געווען". צום גאָט פון לאָגישן רעזאָנירן דאַרף מען זיך אויפהייבן, אים אַנאַליזירן כדי צו פאַרשטיין זיין טבע, אָבער דעם „פאָטער אין הימל", אים טרעפט מען לעבן זיך, אים טוליעט מען צו זיך כדי זיך צו וואַרעמען און שטאַרקן; אין אים דערפילט מען אַלע אידעאַלע אייגנשאַפטן וואָס נעמען אים אַוועק פון דער ספערע פון קאָסמישער דערוויטערטקייט און דערנענטערן אים צו אַ וועלט אַן איבערמענטשלעכער, וואָס דאָס איז בלויז די העכסטע מדרגה אין דער קאַטעגאָריע פון מענטשלעכקייט.

ווי מיר האָבן געזען, זענען די רעאַלע אייגנשאַפטן אַזעלכע וואָס טרייבן אונדז זיך צו קאָנצענטרירן אויף זיך אַליין, היטן די אייגענע באַדערפענישן און פאַרלאַנגען, בעת די אידעאַלע שטרייכן תמיד אונטער אַלטרואיסטישע מאָטיוון, פאָדערן פון אונדז צו פאַרקוקן זיך אַליין לטובת די וואָס רינגלען אונדז אַרום. מידת הרחמים פאַרנעמט דעם סאַמע שפּיץ אין דער דאָזיקער אידעאַלער מלוכה. וואָרעם רחמנות דריקט אויס זאָרג פאַר יענעם אין זיין נויט און פאַרגעבונג ווען ער פאַרבלאָנדזשעט פון גלייכן וועג. רחמנות איז דעריבער אַ געפיל וואָס שטעלט די אייגענע עקזיסטענץ אין גאַנצן אונטער די מאָראַלע באַפעלן וואָס ווערן אַרויסגערופן פון די נויטן פון יענעמס לעבן.

אין דער אַנטראָפּאָלאָגישער ליטעראַטור געפינט מען מערקווערדיקע ביישפּילן פון סימפּאַטיע, פריינדלעכקייט, רחמנות, ביי אַלע, אַלע פּרימיטיווע שבטים. ווייזט אויס, אַז דאָס איז ניט קיין אויסגעלערנטע זאַך בלויז אין

באַשטימטע לעבנס־שטייגערס, אָבער ניט אין אַנדערע. דאַרווין דערציילט, אַז אויף זיין פאָרשונג־רייזע אויף דער שיף ביגל האָט ער מיטגענומען קיין איירָאָפּע אַ קינד פון אַן אַמעריקאַנער אינדיאַנישן שבט פון זייער אַ נידע־ריקער קולטור־מדרגה. אויפן וועג האָט דאָס קינד זיך שטאַרק מצער געווען אויף די וואָס האָבן געליטן פון ים־קראַנקייט, צוגעגאַנגען צו יעדן פון זיי און אויסגעדריקט סימפּאַטיע דורך פריינדלעכע ווערטער. דער דאָזיקער שטריך זעט אויס צו זיין פונדאַמענטאַל אין דער מענטשלעכער נאַטור און איז אין ערגעץ ניט פרעמד, אַפילו אויף די נידעריקסטע שטאַפּלען פון דער ציוויליזאַציע.

פּסיכאָלאָגן טיילן אָפּ אין רחמנות צוויי מדרגות: סימפּאַטיע און עמפּאַטיע. סימפּאַטיע איז דאָס וואָס מיר רופן מיטלייד, מיטגעפיל, מיט דעם זענען מיר אַלע באַקאַנט. דער פּרעפיקס „מיט" וויל, זעט אויס, זאָגן אַז מיר גייען מיט און זענען גרייט צו העלפן יענעם אין זיינע ליידן און אין זיין נויט וואָס דריקט זיך אויס אין זיין איצטיקן צושטאַנד. עס איז גיכער אַן אינטע־לעקטועלער פּראָצעס, מיר פאַרשטייען וואָס ביי יענעם קומט פאָר און דאָס דאָזיקע פאַרשטיין פירט דערצו מיר זאָלן וועלן עפּעס טאָן לטובת דעם געטראָפענעם. אָבער עמפּאַטיע פאַרוויקלט ניט קיין אינטעלעקטועלן עלעמענט, עס האָט ניט צו טאָן מיט פאַרשטייק, נאָר מיט אַריינגעמען אין זיך יענעמס צער און אים איבערלעבן מיט דער זעלביקער געפיל־קוואַליטעט אַזוי ווי עס קומט פאָר ביי יענעם. אָט דאָס, עמפּאַטיע, איז, פאַרשטייט זיך, אַ העכערע, אַ העכסטע פאָרם פונעם רחמנות־געפיל. עס איז פאַקטיש אַ מין אויפלייזן זיך, אויפלייזן די אייגענע פּערזענלעכקייט אינעם צער־געפיל וואָס יענער לעבט איבער.

פונקט ווי סימפּאַטיע, האָט אויך עמפּאַטיע אירע אייגענע סימפּטאָמען. דאָס קאָן זיך אַרויסווייזן אין דעם וואָס דער עמפּאַטיקער דריקט אויס זיין צושטאַנד מיט די זעלביקע פיזישע סימנים ווי דער געליטענער אַליין. איינער פון די דאָזיקע סימנים איז בלי ספק דער פּראָצעס פון וויינען. פאַרגיסן טרערן באַטייט אַן אויסדרוק פון אַ מיט־איבערלעבונג ניט בלויז פון מיט־געפיל.

די כאַראַקטעריסטיק פון מידת הרחמים באַטייט מסתמא די מידה פון עמפּאַטיע. דער פאָלקס־אויסדרוק וועגן אַ חולה־מסוכן איז אַז „ער דאַרף האָבן רחמים", וואָס דאָס קאָן בלויז מיינען אַן אַקטיווע פאָרם פון מיטלעבן, פון נעמען אויף זיך התחייבותן פון אַ מיטבאַטייליקטן, אַזוי אַז דער חולה און דער בעל הרחמים, גאָט, ווערן איינס אין שייכות צו דער ספּעציעלער אי־בערלעבונג. עס קומט אויס ווי ביידע וואָלטן זיך פּערזענלעך געראַטעוועט, דער חולה דורך דעם וואָס ער קריגט די רפואה, דער בעל הרחמים דורך דעם וואָס ער גיט זי. דעם שאַרפסטן אויסדרוק פון דער עמפּאַטישער איבער־

לעבונג וואָס יידישע צרות רופן אַרויס, געפינען מיר אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן פון דער אגדה אַז די שכינה איז אין גלות, אָדער אַז כביכול האָט באַגלייט די יידן אין גלות אַריין.

די גמרא רעכנט אויס דריי כאַראַקטער־שטריכן ביי יידן: רחמנים, ביישנים וגומלי חסדים. אויפן ערשטן אָרט ווערט געשטעלט רחמנים, מסתמא דערפאַר, ווייל דערמיט, מיט דער מידה פון רחמים, דאַרפן זיך יידן גלייכן צו גאָט און אַז זיי האָבן די דאָזיקע אייגנשאַפט זענען זיי שוין דערמיט אַליין גאָטס פאָלק. צווישן די נעמען מיט וועלכע גאָט ווערט אָנגערופן זענען פאַראַן געננוג אַזעלכע וואָס דריקן אויס די מידה פון עמפּאַטיע, ווי למשל, בעל רחמים, הרחמן, רחמנא, אבי יתומים ודיין אלמנות, און אַ קבליסטישע אויסטייטשונג ווייל האָבן אַז גאָטס מידת הדין און מידת הרחמים ווערן אויסגעדריקט דורך זיינע צוויי נעמען, אלהים איז געווענדט צו מידת הדין און דער שם הוויה צו מידת הרחמים. עס קומט אַלץ אויס, אַז די מידה פון רחמים ווערט פאַרקערפּערט אינעם נאָמען וואָס איז מער סודותדיק, וואָס מען טאָר קיינמאָל ניט אַרויסרעדן, וואָס בלויז דער כהן גדול האָט געמעגט ברענגען אויף זיינע ליפּן איין מאָל אין יאָר, יום־כיפּור אין קדשי־קדשים. עס איז פאַראַן, הייסט עס, אין דער דאָזיקער מידה אַ מעגלעכקייט זיך צו דערהייבן צו אַן אידעאַלער לעבנס־נאָרם וואָס ווערט געוויינטלעך אויסגעדריקט אין געטלעכע טערמינען.

עס איז נישט שווער איינצוזען, אַז פאַרגעבונג איז אַ פאָרם פון רחמים. וואָרעם פאַרגעבונג פאַרנעמט דאָך דעם פּלאַץ פון אַ שטראָף וואָס וואָלט געדאַרפט קומען פאַר אַ באַגאַנגענער זינד. בלויז מיטגעפיל, אָדער עמפּאַטיע, קאָן ווירקן אַז דער זינדיקער זאָל אַרויסרופן דעם וויכהאַרציקן פאַרלאַנג מען זאָל אים מוחל זיין. מיר אַלע ווייסן אַז כאָטש אין קאָנקרעטן לעבן קאָן מען אַמאָל אָנרופן בטלן, אָדער סענטימענטאַלער קוואַטש, דעם וואָס באַזיצט אַ שטאַרקע וויליקייט צו פאַרגעבן באַגאַנגענע עוולות קעגן זיך, דאָך ווען מיר טראַכטן וועגן אַזעלכע מענטשן, אומאָפּהענגיק פון קאָנקרעטע סיטואַציעס, פילן מיר אין דער פעאיקייט מוחל צו זיין אַ הויכע גייסטיקע מדרגה. אין פּראַקטישן לעבן ווערן מיר אָפּט צו שטאַרק באַהערשט פון די רעאַלע אייגנשאַפטן, אָבער אין אַבסטראַקטן דענקען, און אין אָפּשאַצן פּערזענלעכקייטן לויט גייסטיקע מאָסן, ווערן מיר פאַרכאַפּט פונעם רייץ וואָס אידעאַלע אייגנשאַפטן באַזיצן.

עס איז לייכט צו פאַרשטיין אַז דער רעליגיעזער אוניווערס דאַרף זיין איינגעוויקלט אין דער לופט פון סליחה און מחילה. וואָרעם אידעאַלע אייגנ־שאַפטן, די וואָס רייסן אונדז אַוועק פון די אָרגאַנישע אָדער פּסיכאָלאָגישע עגאָ־אינטערעסן, די וואָס שטרייכן אונטער די וויכטיקייט פונעם שכן אין פאַרגלייך מיט זיך אַליין, אַזעלכע טרייב־כוחות באַגעגענען פיל שטרויכלונגען

פון אַזאַ באַצווינגענדיקן כאַראַקטער אַז דער דורכשניטלעכער מענטש מוז זיך על פּי רוב אונטערגעבן די ברוטאַלע מאַנונגען פון די ענג־פּערזענלעכע באַדערפעניש. דאָס איינציקע וואָס אים בלייבט כדי צו דערפילן אין זיך די שיינקייט און דערהויבנקייט פון אַ מענטש־געשטאַלט איז צו פאַראייגער־לעכן אין זיך אַן אויסגעבויטע גייסטיקע וועלט וואו די אידעאַלע אייגנשאַפטן — די וואָס האַלטן פאַר זייער חוב מבטל צו זיין, אין נאָמען פון אַ וואָרצלדיקער מאָראַל, די אייגענע באַדערפענישן לטובת די ניט־אייגענע — ווערן גערייניקט און געשייערט ביז זיי שטייגן צו דער מדרגה פון העכערע צילן, אַזעלכע וואָס מען שטעלט זיך אין מינוטן פון התרוממות הנפש, צילן וואָס מען קאָן קיינמאָל ניט דערגרייכן, אָבער וואָס מען האַלט הייליק יעדן ניצוץ זייערן ווען ער בליצט אויף ביי זיך אָדער ביי אַנדערע. דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער פּסיכישער שטאָף וואָס ביי געהעריקע באַדינגונגען שפּראָצט פון אים אַרויס די רעליגיעזע אַנטפּלעקונג.

צווישן די איבערלעבונגען וואָס זענען טיפּיש פאַרן רעליגיעזן באַוואוסט־זיין איז בלי ספק די באַדערפעניש אין מידת הרחמים. עס ווייזט אָבער אויס אַז מיר, יידן, האָבן געהאַט פאַר זיך אַזעלכע היסטאָרישע אויפגאַבעס אַז אונדז האָט ניט באַפרידיקט צו מאָטיווירן אונדזער לעבן מיט דער ריין־רעליגיעזער אַבסטראַקציע אין איר פולער אָפּגעזונדערטקייט. אין די אגדות וועגן די עשרה הרוגי מלכות געפינען מיר ניט קיין אויסדרוק פון פאַר־געבונג אָדער אַ תפילה אַז גאָט זאָל די פּייניקער מחזיר למוטב זיין. ביי דריי פון זיי, רבי חנינא בן תרדיון, רבי חוצפית המתורגמן און רבי ישובב הסופר, ווערט אָפן גערעדט וועגן גאָטס נקמה.

אין די „אָבינו מלכנוס", לכל הפחות, אין די פערזן, וואָס זענען מסתמא געשאַפן געוואָרן אין שפּעטערדיקע צייטן, געפינען מיר דעם קלאָרן רוף: „נקום נקמת דם עבדיך השפוך" — נעם נקמה פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון דיינע קנעכט; די שחריתדיקע תפילה „אב הרחמים", וואָס איז מסתמא געשאַפן געוואָרן אין דער צייט פון ערשטן קרייצצוג, ווערט אונטערגעשטראָכן אַז גאָטס רחמים פאַר די געפּייניקטע דריקט זיך אויס אין נקמה פון די פּייניקער. ביזן היינטיקן טאָג ווערט ביים נאָמען פונעם יידישן מאַרטירער צוגעשטעלט דער אויסדרוק: „ה' ינקום דמו" (הי"ד) — גאָט זאָל נעמען נקמה פאַר זיין בלוט.

מען וואָלט געקאָנט אויסרעכענען גענוג אויסדרוקן פון גאָטס מידה פון נקמה אויך ביי דער רעליגיע וואָס פיגורירט אין נאָמען פון לויטער רחמים. פונקט אַזוי קאָן מען ביי אונדז אַרויסהייבן אַ גאַנצע ליטעראַטור פון פּסוקים, מאמרי חז"ל, אגדות, און אַ סך שפּעטערדיקע מעשיות און געדאַנקען וואָס זענען די ריינסטע, די לויטערסטע אויסדרוקן פון מידת הרחמים. אָבער ביי אונדז איז קיין סתירה ניטאָ צווישן נקמה און רחמים ווי אַטריבוטן

פון דער זעלביקער גאָט־פּערזענלעכקייט. די וועלט פון קריסטנטום ציט זיך צום ליכט פון אַ מענטש וואָס איז געוואָרן געטלעך; די וועלט פון יידישקייט וואַרעמט זיך אינעם ליכט פון אַ גאָט וואָס איז געוואָרן מענטשלעך. מיר זענען אָפּט געשטאַנען פאַר אַ מוראָדיקער ברירה נאָכאַמאָל אויסצוקלייבן צווישן די צוויי. אויב מיר זענען אַלץ געבליבן וואָס מיר זענען איז אַ סימן אַז מיר האָבן ניט קיין חרטה אויפן ערשטן אויסקלייב.

(1955)

# יידן אין אַמעריקע

ווען מען זאָל טראַכטן וועגן זאַכן בלויז על־פּי שכל, און אָננעמען אַז די געשעענישן וואָס קומען פאָר זענען דווקא אַזעלכע וואָס דער שכל איז מחייב, וואָלט ניט שווער געווען מושווה צו ווערן מיטן געדאַנק אַז אַמעריקע וואָלט בדרך כלל געדאַרפט זיין אינגאַנצן פריי פון אַנטיסעמיטיזם. עס איז אַ לאַנד וואו אַלע זענען אימיגראַנטן אָדער שטאַמען אָפּ פון אַזעלכע. ממילא וואָלט דאָך ניט געדאַרף הערשן ביי קיינעם פון דער באַפעלקערונג די גרויס־האַלטערישע יחוס־צעטיילונג צווישן הי־געבוירענע און געקומענע. פון אַלע זייטן הערט מען פרעמדע שפּראַכן; פרעמד־אַקצענטירטער ענגליש וואַרפט זיך אין די אויגן אויף שריט און טריט; אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע ניט־ענגלישע גרופּעס פונקציאָנירן איבערן גאַנצן לאַנד; גרופּעס וואָס זענען וואַרעם־צוגעבונדן צו זייערע היים־לענדער לאָזן אָפּן הערן זייערע שטימען אין דער פּרעסע, באַמיען זיך צו ווירקן אויף דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק לטובת די לענדער פון זייער אָפּשטאַם.

אַחוץ דעם איז גוט צו האָבן אין זינען די מאָטיוון, די אידעאַלן, וואָס האָבן באַגייסטערט די ערשטע בויער פון די פאַראייניקטע שטאַטן. פּעטריק הענריס אויסרוף: „גיט מיר פרייהייט אָדער גיט מיר טויט", איז ניט געווען קיין צופעליקע לאָזונג נאָר דער גייסטיקער טרייב־כוח פון דער גאַנצער רעוואָלוציע קעגן ענגלאַנד. פרייהייט און דעמאָקראַטיע זענען דער פונדאַ־מענטאַלער מאָטיוו פון דער דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט, פון דער קאָנסטיטוציע, און אויף אַ מער קאָנקרעטן און פּרטימדיקן אופן פון די ערשטע צען אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטוציע, דעם „ביל אָוו רייטס".

מיר זענען באַקאַנט בלויז צוויי פעלקער — איינס פון פאַרצייטנס, דאָס צווייטע אין דער מאָדערנער צייט — וואָס זענען, אַזוי צו זאָגן, געבוירן געוואָרן מיט אַ דאָקומענט אין האַנט, אַ וויזיט־קאַרטע וואָס רעגיסטרירט דעם מאָראַלן זינען פון זייער אָנקום. יידן זענען געקומען צו דער וועלט מיט די עשרת הדברות, די אַמעריקאַנער מיט דער דעקלאַראַציע פון אומ־אָפּהענגיקייט.

די דעקלאַראַציע איז געקומען אין נאָמען פון אמתן וואָס מען דאַרף ניט באַוויזן ווייל זיי טראָגן זייער ענדגילטיקע באַשטעטיקונג אין זיך אַליין: אַלע מענטשן זענען געבוירן געוואָרן גלייך און דער באַשעפער האָט זיי באַשאָנקען מיט אַ צאָל רעכט וואָס קיינער קען ניט אַוועקנעמען; דאָס שליסט איין לעבן, פרייהייט און דאָס שטרעבן נאָך גליק. דער ציל פון דער מלוכה איז צו פאַרזיכערן די דאָזיקע רעכט. צוליב דעם דאַרף מען בכלל האָבן

רעגירונגען וואָס זייער גערעכטע מאַכט קומט צו זיי פון דער הסכמה מצד די רעגירטע.

ווער עס איז געווען אין אַמעריקע אפילו בלויז אַ קורצע צייט האָט מסתמא געהערט פון פּלאַטפאָרמעס, ראַדיאָ, אָדער געלייענט אין דער פּרעסע, פאַרשיידענע וואַריאַציעס פון די דאָזיקע געדאַנקען. דער כוח פון אָט דעם טראַדיציאָנעלן אידייאישן גייסט איז שטאַרק אָנזעעוודיק אין אַלע צווייגן פון אַמעריקאַנער לעבן. ביי אַלע היסטאָרישע געלעגנהייטן און פייערלעכקייטן האָט נאָך קיין אַמעריקאַנער שרייבער אָדער רעדנער ניט פאַרגעסן צו דעפינירן אַמעריקעס ראָלע אין דער וועלט פון מענטשלעכע באַציאונגען אין די טערמינען פון די גרויסע דאָקומענטן וואָס דאָס דאָזיקע גרויסע לאַנד האָט געשאַפן און — אין די ראַמען פון דער באַדויערלעכער מענטשלעכער זינדיקייט — געלעבט.

ווען מען רעכנט דאָס אַלץ צונויף, סיי די פּאָליטיש־מאָראַלע טעאָריעס אויף וועלכע די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז געבויט, סיי דעם פאַקט וואָס דאָ איז יעדער לעבעדיקער גליד פון פאָלק אַ געקומענער פון ערגעץ־וואו, זעט עס אויס ווי עס וואָלט דאָ לחלוטין ניט געדאַרפט זיין קיין פּלאַץ פאַר דעם מיט וואָס אונדזער געשיכטע אין גלות האָט אונדז אַזוי טרויעריק באַקאַנט אין אַלע פאָרמען פון מענטשלעך־מילד ביז אוממענטשלעך־האַרב. פאָראורטייל, אַנטיסעמיטיזם, דאָס וואָלט מען געקענט טראַכטן גראַמט זיך לגמרי ניט מיטן אַמעריקאַנער וועג פון לעבן.

פון דער אַנדער זייט קען מען קירעווען דעם געדאַנק אין אַן אַנדער ריכטונג און קומען פּונקט צו היפּוכדיקע אויספירן, אויך על־פּי שכל. אין דער נייער אַמעריקאַנער וועלט האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אימיגראַנטן גראָד פון יענעם קאָנטינענט, אייראָפּע, וואָס איז אין משך פון הונדערטער יאָרן געווען דורכגעפּרעסן פון האַס, פון ווילדער שנאה צווישן פעלקער, קולטורן און רעליגיעס. די אַלע זענען געקומען קיין אַמעריקע און געמוזט מיטברענגען מיט זיך אָט די ירושה וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געוויקלט אין מאָרד און שפיכת דמים. עס איז דאָך ניט שייך צו זאָגן אַז מען זאָל אַזעלכע ירושות לייכט קענען אַראָפּוואַרפן פון זיך. פאַרקערט, מען וואָלט אפשר געקענט אָננעמען אַז וואָס מער און וואָס נענטער די דאָזיקע האַס־אַנגעלאָדענע יורשים פון דער אייראָפּעאישער פעלקער־שנאה באַגעגענען זיך אין דער זעלביקער פּאָליטישער ראַם, ד״ה אין זעלביקן לאַנד, אַלץ מער זאָל אויפפלאַקערן דער אַלטער, פאַרביסענער אַנטאַגאָניזם צווישן זיי. אין אַזאַ אַטמאָספערע איז, פאַרשטייט זיך, אַנטיסעמיטיזם אַן אַנגעלייגט אַרטיקל.

ביידע השערות האָבן גענוג דורכגעטראַכטע אַרגומענטן אויף וואָס זיך צו שטיצן. וואָלט דאָס לעבן באַשטאַנען בלויז פון אַבסטראַקטע געדאַנקען וואָלט דער שכל פון איין מיינונג געווען פּונקט אַזוי לאָגיש אויסגעהאַלטן

ווי די פאַרקערטע מיינונג. אין אַזעלכע פאַלן האָט די מענטשלעכע טבע אַ הנאה זיך אָנצוכאַפּן ביי אַ פּשרה:ביידע זענען אמת, אָדער יעדע פון זיי איז אמת בלויז אויף אַ העלפט, וכדומה אַזעלכע פּשרות. איז אָבער די צרה וואָס ביי צוויי הנחות וואו איינע איז אַ פולע אָפּלייקענונג פון דער צווייטער איז שווער צו געפינען אַ מיטלפּונקט וואָס ביי אים קענען זיך ביידע רואיק באַגעגענען. דאָך, דאַכט זיך מיר, אַז אין אַמעריקע האָבן מיר יאָ אַזאַ מין „פּשרה״ וואָס פאַרדינט מען זאָל זי אונטערשטרייכן. אָבער לאָמיר זיך קודם כל באַקענען מיט די פאַקטן.

2.

ווען מיר זאָלן וועלן אויסשטעלן אַ רשימה פון אַלע געשעענישן אין דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן וואו רעליגיעזע, עטנישע און ראַסישע שנאה האָבן געשפּילט זייערע טרויעריקע היסטאָרישע ראָלעס, וואָלט זיך באַקומען זייער אַ לאַנגער און זייער אַן אומעטיקער צעטל. דאָס רוב פון די ערשטע קאָלאָניסטן זענען געווען ווייסע, אַנגלאָסאַקסישע פּראָ־טעסטאַנטן. האָבן די קאַטאָליקן דאָ קיין האָניק ניט געלעקט, וועגן יידן איז דאָך איבעריק צו רעדן. עס קומט אויס ממש צו שטוינען ווען מען דערמאָנט זיך אַז לויטן געזעץ איז געווען פאַרבאָטן יידן אַריינצוקומען אין מערילענד ביז 1826, אין נאָרט־קאַראָליינע ביז 1868 און אין ניו העמפּשייר ביז 1877. אמת, אין די לעצטע צוויי שטאַטן איז דאָס דאָזיקע געזעץ אַ סך יאָרן געווען בלויז אויפן פּאַפּיר, דאָך זעט עס אויס ווי אַ ווילסטער חלום צו טראַכטן אַז אַזוי שפּעט ווי אין ניינצנטן יאָרהונדערט האָבן נאָך געקענט עקזיסטירן אין אַמעריקע אַזעלכע דיסקרימינאַציעס קעגן יידן.

אין ניינצנטן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען די גרויסע מיליאָניקע אי־מיגראַציע פון אירלענדער. האָט דאָס דעמאָלט אַרויסגערופן די „נאָו־נאַטינג״ אָדער די „אַמעריקען פּאַרטי״ וואָס זייערע געפילן זענען געווען געווענדט קעגן אַלע פרעמדע און ניט־פּראָטעסטאַנטן, אָבער דעם גרעסטן צאָרן האָבן זיי אויסגעגאָסן אויפן קאַטאָליציזם וואָס די אירלענדער האָבן אַהער גע־בראַכט. דעמאָלט זענען פאָרגעקומען די אַנטי־קאַטוילישע ראַיאָטן אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע און באָסטאָן. דעמאָלט איז אויך פאָרגעקומען דער באַ־רימטער סקאַנדאַל מיט די „אַנטלאָפענע מאָנאַשקעס״ וואָס האָבן דערציילט מאָוימדיקע מעשיות וואָס עס טוען זיך אָפּ כלומרשט אין די פאַרשלאָסענע מאָנאַסטירן. איינע אַזאַ מאָנאַשקע מיטן נאָמען מאַריאַ מאָנק האָט אָנגעשריבן צוויי ביכער וואו זי אַנטפּלעקט די „סודות״ פון „קאַטוילישן הויף״. עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַז דאָס זענען מיאוסע פאַלסיפיקאַציעס כדי צו דיסקרעדיטירן די קאַטוילישע קירך.

ביים סוף פון יאָרהונדערט איז פאַרגעקומען די גרעסטע אימיגראַציע־כוואַליע פון מזרח און דרום אייראָפּע. דעמאָלט איז אויך פאַרגעקומען די גרויסע יידישע אימיגראַציע. דאָס האָט פאַרשטאַרקט אַ ריי אַנטי־יידישע טענער פון יחידים און גרופּעס; אַנטיסעמיטיזם האָט העכער אויפגעהויבן זיין קול. די ריזיקע מאַסע פרעמדע פעלקער, ראַסעס, רעליגיעס, קולטורן, האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק ביי די וואָס ביי זיי האָט אַלץ געלעבט די געירשנטע שנאה פון אייגענע קעגן פרעמדע, בפרט קעגן דעם אוראַלטן היסטאָרישן „פרעמדן״, דעם יידן.

סאָציאַלער האָס שטיצט זיך כמעט אַלעמאָל אויף אומפאַרשעמטע פאַלסיפיקאַציעס, ווי למשל מאַריאַ מאָנקס ביכער בנוגע קאַטאָליקן אָדער די אינפאַנטילע „פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון״ בנוגע יידן. אָבער אין דער אַנטי־יידישער מלחמה איז אין ניינצנטן יאָרהונדערט צוגעקומען דער אויטענטישער פּסק־דין פון אַנטראָפּאָלאָגישע גענעראַליזאַציעס. אין אַמעריקע, אין דער צייט פון דער לעצטער גרויסער אימיגראַציע, האָבן די דאָזיקע כלומרשט־וויסנשאַפטלעכע עובדה גענומען אויף זיך אַזעלכע שרייבער ווי לאָטראָפּ סטאָדאַרד און מעדיסאָן גרענט. אין זיין בוך „אַ גרויסע ראַסע שטאַרבט אָפּ״ האָט דער לעצטער באַווייזט דעם אונטערגאַנג פון דער נאָרדישער ראַסע וואָס הערט אויף אַלץ מער און מער צו פאַרנעמען דעם אויבן־אָן. דער ניי־אָנגעקומענער מענטשן־שטראָם — און צווישן זיי, דער יידן־שטראָם — קיין אַמעריקע האָט זיכער געקענט פאַרשאַרפן דעם דאָזיקן איינדרוק.

מעדיסאָן גרענט שרייבט: „סוף־כל־סוף, ווען צוויי ראַסעס מישן זיך אויס, קומט אַרויס אַ דור וואָס קערט זיך אום צום עלטערן, גענעראַליזירטן, נידעריקערן טיפּ. ווען ווייסע און נעגער מישן זיך אויס, קומען אַרויס נעגער; ווען יעדער פון די דריי אייראָפּעאישע ראַסעס מישט זיך אויס מיט יידן, קומען אַרויס יידן״. מילא, דער וויסנשאַפטלעכער ווערט פון די, און ענלעכע אַנטראָפּאָלאָגישע חקירות גייט אונדז דאָ ניט אָן. פון יענער צייט ביז היינט האָבן די פאָרשונגען פון דער דאָזיקער וויסנשאַפט אַלץ מער געפירט דערצו אַז ס׳האָט שוין מער קיין זינען ניט צו רעדן וועגן די מאָראַלע אָדער אינטעלעקטועלע אייגנשאַפטן פון „ראַסיש בלוט״. אָבער וויכטיק איז דאָ וואָס אויך אין דער אַמעריקע פון דזשעפערסאָן און בענדזשאַמין פרענקלין האָט זיך גענומען הערן דער עכאָ פון ריכאַרד וואַגנערס אידעעס, דעם אַנטיסעמיטישן טעאָרעטיקער האָוסטאָן טשעמבערלען און זיין רבי׳ן, גאָבינאָ.

די טעאָרעטיקער זוכן צו אַפּעלירן צו דער אינטעליגענץ, זיי ווילן שאַפן אַן אויסגעאַרבעטן ראַציאָנאַל וואָס איז זיך אינגאַנצן סומך אויף די דער־

גרייכונגען פונעם אָביעקטיוון געדאַנק. אָבער ווען עס קומט צו אַזאַ לאַגע קען מען זיין זיכער אַז די אַרבעט פון אַפּעלירן צום המון מיט אַן אַנדער לשון און אַנדערע מיטלען האָבן שוין אַנדערע געטאָן. באַמיאונגען צו פּאַל־סיפיצירן און העצן האָבן ניט געפעלט.

אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן איז אין אַמעריקע איבערגעדרוקט געוואָרן די באַרימטע „פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון". אַזעלכע צייטונגען ווי „סוירטשלייט" אין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיע און „פּעלאָושיפּ פאָרום" אין וואַשינגטאָן, ד.ק. האָבן געפירט אַ כסדרדיקע העצע קעגן קאַטאָליקן און יידן. הענרי פאָרד האָט זיין „דירבאָרן איגדעפּענדענט" פאַרוואַנדלט אין אַ אַ מלחמה־בלעטל קעגן יידן. די אַנטי־יידישע אַרטיקלען זענען שפּעטער פאַרשפּרייט געוואָרן אין פיר בראָשורן אונטערן נאָמען „דער אינטער־נאַציאָנאַלער ייד".

די האַנדלונג פונעם פּרעזידענט פון האַרוואַרד אוניווערסיטעט אין 1922 איז געווען באַזונדערס שווער אַראָפּצושלינגען. דער דעמאָלטדיקער פּרעזידענט פון האַרוואַרד, עבאָט לאָרענס לאָועל, דער געלערנטער, דער הומאַניסט, דער קעמפער פאַר דער פרייהייט פון וואָרט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, דער זעלביקער לאָועל האָט רעקאָמענדירט דער „באָארד אָוו אָווערסיערז" פונעם אוניווערסיטעט אויסצופאָרשן די פּראָבלעם פון דער צו גרויסער צאָל יידישע סטודענטן, מיט דער מעגלעכער סכנה וואָס אין דעם שטעקט פאַר די סאָציאַלע און פּערזענלעכע סטאַנדאַרדן פון דער סטודענטנשאַפט. עס איז לייכט צו פאַרשטיין וואָס עס קען באַטייטן אַ רע־קאָמענדאַציע „אויסצופאָרשן". הייסט עס, אַז דער פּרעזידענט האָט געקענט ביי זיך פועלן אַז האַרוואַרד זאָל בפרהסיה איינפירן אַ נומערוס קלאַוזוס פאַר יידישע סטודענטן. דאָס איז באמת עלול געווען אָנצואוואַרפן אַ שרעק. וואָרעם דערין שטעקט ניט בלויז אַן אומגערעכטיקייט אין אַ ספּעציעלן פאַל, נאָר עס ווערט דערביי צעשטערט אַ זייל אויף וועלכער עס האַלט זיך די גאַנצע אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישע טראַדיציע.

וואָרעם דער מאָראַל־פילאָסאָפישער פונדאַמענט אויף וועלכן עס איז געבויט די אַמעריקאַנער לעבנס־פאָרם באַשטייט אין דעם, וואָס דער מענטש, דער בירגער, ווערט באַטראַכט ניט ווי אַ טייל פון אַ גרופּע נאָר ווי אַ יחיד. דער יחיד ווערט געבוירן מיט נאַטירלעכע רעכט און עס איז די פונקציע פון דער מלוכה צו היטן די דאָזיקע רעכט. דער יונגער מענטש וואָס רייסט זיך צו העכערער בילדונג, דאָס איז זיין לעבן, זיין פרייהייט, זיין שטרעבן צו גליק. ער וויל דאָס ווי אַ יחיד, און די מלוכה איז מחויב צו זען אַז קיינער זאָל זיך ניט שטעלן אין וועג פונעם דאָזיקן יחידישן רעכט זייַנעם. אויב אָבער דאָס רעכט אויף בילדונג — אָדער אויף די פּראָפּעסיעס צו וועלכע אַזאַ

בילדונג פירט — ווערט געזען פון שטאַנדפּונקט פון אַ גרופּע צו וועלכער דער מענטש געהערט, דעמאָלט פאַלט אום דער גאַנצער בנין פון דער אומ־אָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע ממילא פון דער קאָנסטיטוציע און אַלע פרייהייטן וואָס זי פאַרזיכערט.

מען קען ניט זאָגן אַז די דאַזיקע מאָראַל־פילאָסאָפיע איז אָפּגעהיט געוואָרן אין איר גאַנצער פולקייט אינעם פּאָליטישן לעבן פון אַמעריקע. די נעגער זענען ליידער געווען אַ צו טרויעריקער יוצא מן הכלל. אָבער אַחוץ אָט דעם אומגליקלעכן נעגער־פאַל איז דער דאָזיקער פּרינציפּ פון די סאַמע איינגעוואָרצלסטע אין דער היגער סאָציאַלער און פּאָליטישער טראַדיציע. יעדער בעל־דרשן, רעדנער אָדער שרייבער, ווייסט אויסגעצייכנט אַז ווען ער וועט אונטערשטרייכן דעם געדאַנק אַז דער עיקר איז אַ מענטשנס פּערזענלעכע איינגשאַפטן, ניט זיין אָפּשטאַם, וועט ער דערמיט אַפּעלירן צום ברייטסטן דעת הקהל. אָט דערפאַר האָט געקענט אָנוואַרפן אַזאַ שרעק פּרעזידענט לאָועלס פאַרשלאַג. ניט וויניקער האָט ווי געטאָן דער פאַקט וואָס דער בייזער גייסט פון דער צייט האָט שוין געקענט זיך אויפהויבן צו אַזעלכע הויכע פענצטער.

גלייך נאָך דעם איז אַרויף אויף דער סצענע נאַצי־דייטשלאַנד. ביסלעכ־וויז האָט דאָס אימה׳דיקע פאָכען פון די נאַצישע פליגל געלאָזט זיך אויך הערן אינעם לאַנד „פון די פרייע און די בראַווע". די אַרבעט וואָס די דייטשישע אַגענטן, און גלאַט אַמאַטאָרן פון דער דייטשישער שרעק־דראַמע האָבן אַוועק־געלייגט אין אַמעריקע כדי צו פאַר׳סמ׳ען די לופט קעגן יידן איז אונדז צו גוט באַקאַנט. די האָפענונג איז געווען אַוועקצושטעלן איינס פון די פריי־סטע לענדער אויף דער שוואַרצער מאַפּע פון דער וועלט. עס זענען געווען גענוג היגע אַרויסהעלפער צו שטאַרקן די דאָזיקע האָפענונג; גענוג איינ־געבוירענע טונקעלע כוחות צו פאַרזייען אין אונדזערע הערצער געפילן פון פאַרצווייפלונג און שטאַרקן פחד.

אָט אַזוי, ווען מיר קוקן דורך בלויז דעם דאָזיקן קיצור שבקיצור פון גלות־לאַנגן, געדיכטן שוואַרצן צעטל ווילט זיך קאַטעגאָריש אָפּלייקענען סינקלער לואיסעס פאַרזיכערונג אַז „דאָ קען עס ניט טרעפן". עס איז אויך ניט שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס יידן וואָס קענען אַמעריקע פון דער ווייטנס, פון באַריכטן אין צייטונגען, פון פאַרשפּרייטע אָפּגעריסענע ידיעות פון גע־שעענישן, זאָלן ניט זען קיין פונדאַמענטאַלן אונטערשייד צווישן די פאַר־אייניקטע שטאַטן און אונדזערע גיהנום־לענדער אין אייראָפּע. מען קען נאַ־טירלעך ניט לייקענען אַז דער פריער־געבראַכטער שוואַרצער צעטל זעט טאַקע אויס צו טראָגן אין זיך די מעגלעכקייטן וואָס עס איז אַ מורא זיי אויף די ליפּן צו ברענגען.

3.

און דאָך, ווער עס קוקט מערער און לענגער אויף צייטן און געשעע־נישן אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע, דעם וואַרפט זיך ממש אין די אויגן אַז ניט קוקנדיק אויף אַלע פריער־דערציילטע פאַקטן איז אַמעריקע פאָרט עפּעס אַנדערש. די אַנדערשקייט גייט באמת אַזוי ווייט אַז אויב עפּעס אַ טאָטאַליטאַרער גיהינום פון רעכטס אָדער לינקס, זאָל ניט אומגעריכט איבעררייסן דעם המשך פונעם באַרמאַלן אַמעריקאַנער גאַנג — וואָס קעגן דעם קען קיין גאַראַנטיע ניט זיין — דעמאָלט קען מען זאָגן מיט דער גרעסטער מאָס זיכערקייט, וואָס איז בכלל מעגלעך אין סאָציאַלן לעבן, אַז „דאָ קען עס ניט טרעפן".

עס איז קודם כל גוט צו געדענקען אַז די אַלע פּאַרטייען און כוחות וואָס האָבן געוואָלט אויפרודערן דעם אַלטן געירשנטן האַס צווישן גרופּירטע טיילן פון דער באַפעלקערונג, איז קיינעם ניט געלונגען צו פאַרנעמען אַן אָנגעזעענע און דויערנדיקע פּאָזיציע אין היגן פּאָליטישן לעבן. די „נאָו נאַטינג" אָדער „אַמעריקען פּאַרטי" פון ניינצנטן יאָרהונדערט, פּונקט ווי די „קיו קלאָקס קלען", אָדער דער גלח קאָגלין, פון אונדזערע אייגענע טעג, האָט אויפגעבליצט אין געוויסע קריטישע מאָמענטן און באַלד זיך אויסגע־לאָשן. אַלע אָרגאַניזאַציעס פון דעם מין האָבן העכסטנס געקענט שפּילן אַ ווינקלדיקע ראָלע. זיי האָבן תמיד געדאַרפט שווימען קעגן אַ סך שטאַרקערע סאָציאַלע שטראָמען און אַ טיף־וואָרצלדיקער גייסטיקער ירושה, וואָס האָט זיי ניט געלאָזט וואַקסן און זיך אויסשפּרייטן.

די פריער־דערמאָנטע רעקאָמענדאַציע פון פּרעזידענט לאָועל איז אַ פאַקט, אַ טרויעריקער פאַקט, אָבער אַ סך וויכטיקער איז דער דעמאָלטדיקער באַשלוס פון דער „באָאַרד אָוו אָווערסיערז" וועגן דעם גאַנצן ענין. ניט געקוקט אויף לאָועלס פּרעסטיזש און זיין חשיבות ווי אַן אַקאַדעמישער פירער און געלערנטער, האָבן זיי באַשלאָסן: „קיין אָפּנייג זאָל ניט געמאַכט ווערן פונעם צוגאַנג וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג באַשטעטיקט, דער צוגאַנג פון גלייכער געלעגנהייט פאַר אַלע, ניט געקוקט אויף ראַסע אָדער רעליגיע". די פאָרמולע „גלייכע געלעגנהייט פאַר אַלע" איז, ווי מיר ווייסן, ניט גע־שאַפן געוואָרן פון יענעם ספּעציעלן פאַל. עס איז אַ שטענדיקער, אַרטי־קולירנדיקער האַמער אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער דעמאָקראַטישער טראַדיציע, וואָס רופט ניט צו פאַרגעסן דעם אַמעריקאַנער סדר־היום, בלויז בלינדע זעען ניט דעם כוח פון אָט דעם רוף.

מיר ווייסן מיט וואָסערע ביטערע פילן העברי פאָרד האָט אונדז מכבד געווען אין זיין „דירבאָרן אינדעפּענדענט". ווי אַזוי האָט עס דער אויטאָמאָביל־מאַגנאַט פאַרענדיקט? עס איז נוצלעך זיך צו דערמאָנען זיין בריוו צו לואיס

מאַרשאַלן פון 30טן יוני, 1927. אָט וואָס פאָרד שרייבט: „איך האַלט פאַר מיין חוב ווי אַ בכבודיקער מענטש צו פאַרריכטן די עוולות וואָס איך האָב געטאָן יידן ווי מיט־מענטשן און ברידער, דורך בעטן זיי זאָלן מיר מוחל זיין פאַרן שאָדן וואָס איך האָב זיי געטאָן ניט־ווילנדיק, דורך צוריקציען אויף ווי ווייט עס ליגט אין מיינע כוחות די מיאוסע באַשולדיקונגען וואָס די דאָזיקע פובליקאַציעס האָבן אויף זיי געוואָרפן, און דורך געבן זיי מיין אומקוואַליפיצירטע פאַרזיכערונג אַז פון איצט אָן וועלן זיי געפינען אין מיר פריינדשאַפט און גוטע כוונות". הענרי פאָרדס פערזענלעכקייט, און זיינע מיינונגען וועגן יידן, גייען אונדז דאָ ווייניק אָן. אָבער דער בריוו איז בלי ספק גיכער אַ רעזולטאַט פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכער מאָראַל, פונעם דרוק פון דער אַטמאָספערע וואָס די אַמעריקאַנער טראַדיציע האָט געשאַפן.

אין 1933 האָט קאָנגרעסמאַן לואיס ט. מעקפאַדן, רעפובליקאַנער פון פענסילוויניע, געהאַלטן אַ ביטערע אַנטי־יידישע רעדע אין קאָנגרעס. ער האָט זיין אַנטיסעמיטיזם ניט באַהאַלטן. דאָס געלט אין אַמעריקע, האָט ער געשריגן, איז צעטיילט, די גויים האָבן די פאַפירלעך, דאָס גאָלד האָבן די יידן. אין יענע קריטישע יאָרן האָט דער דאָזיקער אויפבליץ אין די אומריינע ווינקלען פון לאַנד געקענט געפינען אַ זייטיקן קונה. אָבער מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען דער זעלביקער מעקפאַדן האָט קאַנדידירט אויפן זעלביקן אַמט האָט מען אים מער ניט אויסגעקליבן.

אפשר קען מען אויך עפּעס לערנען פונעם בענדזשאַמין פרענקלין דאָקומענט. אין 1934 האָט דער גוט־באַקאַנטער אַנטיסעמיט וויליאַם ד. פּעלי פאַרעפנטלעכט אין זיין אָרגאַן „ליבערייישאַן" אַ דאָקומענט, אַ מין וואָרע־נונג, וואָס ניט קיין אַנדערער ווי בענדזשאַמין פרענקלין האָט געזאָלט אי־בערלאָזן. אָט וואָס דאָרט שטייט: „אויב איר שליסט זיי ניט אויס פון די דאָזיקע פאַראייניקטע שטאַטן אין דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע, דעמאָלט וועלן אונדזערע אייניקלעך אין צוויי הונדערט יאָר אַרום אַרבעטן פאַר זיי אין די פעלדער צו באַזאָרגן זיי מיט חיונה און זיי וועלן זיצן אין די באַנק־הייזער און זיך רייבן די הענט. איך וואָרן אייך, מיינע הערן, אויב איר שליסט ניט אויס די יידן אויף תמיד, וועלן אייערע קינדער אייך שעלטן אין זייערע קברים. יידן, מיינע הערן, זענען אַזיאַטן וואו זיי זאָלן ניט געבוירן ווערן".

מען ווערט נבהל ונשתומם צו הערן אַז אַזעלכע רייד ווערן צוגעשריבן אַ מענטשן וואָס סיי ווי אַ דענקער, סיי ווי אַ פּאָליטיקער, סיי אין סטיל, סיי אין געדאַנק, איז דאָס דער ווייטגייענדיקסטער היפּוך פון דעם וואָס ער איז געווען און מיט זיך פאַרגעשטעלט אין זיין גאַנצן לעבן. פרענקלין האָט געפילט אַז: „וואו פרייהייט וואוינט דאָרט איז מיין היים". פרענקלינס

לויטערע חכמה האָט געזען אַז: „אַ מענטש מוז האָבן אַ סך גאווה וואָס גלויבט, אָדער אַ סך דרייסטקייט וואָס דערקלערט, אַז די געדאַנקען פון וועלכע ער האַלט זענען אמת און די וואָס ער וואַרפט אָפּ זענען פאַלש". עפּעס גראַמט זיך ניט אַזאַ גייסטיקער איינשטעל מיט די אַרויסזאָגונגען פונעם פריערדיקן דאָקומענט. איינער פון די אָנגעזעענסטע מאָדערנע אַמעריקאַנער היסטאָריקער, טשאַרלז בירד, האָט דעם גאַנצן ענין אויסגעפּאָרשט און באַוויזן אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ העסלעכער פעלשונג.

און אויך ביי דעם קומט אויס צו זאָגן אַז אַמעריקע איז אַנדערש. די אומגעלומפּערטע „פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון" האָבן פאַרסמט אייראָפּעאישע פעלקער, זענען צענדליקער מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן אין פאַרשיידענע לענדער און אָנגעצונדן אַן אומגלייבלעכע גלייביקייט, וואָס אַ געזונטער מוח קען דאָס קוים באַנעמען. אָבער דער פרענקלין דאָקומענט האָט סוף־כל־סוף צו קיינעם זיך ניט צוגעקלעפּט; אַ שווינדל האָט אויפגעבליצט אין אַ קריטישער רגע, די פאַלשקייט איז באַלד אַנטפּלעקט געוואָרן, און דער פונק אויב ער איז געבליבן טליען בכלל, איז ער פאַרזונקען געוואָרן אין יענע ווינקלדיקע קאָלאָניעס וואָס יעדעס פאָלק פאַרמאָגט פאַר זיינע מאַנקאָלישע בירגער מיט פאַרשיידענע מיחושן.

מיר האָבן דאָ געשאַפן פאַרטיידיקונגס־פאָנדן, געבויט אָרגאַניזאַציעס אונדז צו באַשיצן, פונקט ווי מיר האָבן אין אַמאָליקע יאָרן, אויף יענער זייט ים, אָרגאַניזירט זעלבסטשוץ. אָבער די נפקא מינה צווישן דאָ און דאָרט איז כאַראַקטעריסטיש. פאַרשטייט זיך, דער אויגן־רייסנדיקער אונטערשייד צווישן די צוויי פאַלן איז דאָס וואָס דאָרט האָט זעלבסטשוץ באַטייט זיך פאַרטיידיקן פיזיש קעגן פּאָגראָמען, בעת דאָ איז די הויפּט־אַרבעט אין פאַרשפּרייטן ידיעות, וויסן און אויסגעפינען אונדזערע שונאים און טייטלען אויף זיי. אָבער אפשר נאָך וויכטיקער איז דער חילוק צווישן די צוויי פאַלן דערין וואָס אין אַמעריקע האָבן מיר זייער אַגרויסע צאָל ניט־יידן, אפילו צווישן פּאָליטישע קאָנסערוואַטיוון, וואָס טראָגן אין זיך אַ גרייטקייט צו נייטראַליזירן די העץ־פּראָפּאַגאַנדע קעגן מינאָריטעטן בכלל. זיי וויסן אַז אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע איז ניט נאָר עטיש מיאוס נאָר אויך אַ סכנה פאַרן לעבן פון לאַנד. דאָ איז פאַראַן אַ היסטאָרישע אַטמאָספערע וואָס איז לויט איר טבע גיכער פּאַסיק אויפצונעמען די אינפאָרמירנדיקע און אויפקלערנדיקע טעטיקייט פון אונדזערע שוץ־אָרגאַניזאַציעס. דאָ איז זייער אַרבעט ניט קיין קול קורא במדבר.

אמת, דאָס נעגער־קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַ טרויעריקער יוצא מן הכלל, סיי אין דער צייט פון זיין דויער, סיי אין דער מורא'דיק־אוממענטשלעכער שאַרפקייט מיט וועלכער דער דאָזיקער פלעק אויפן אַמעריקאַנער נאָמען דריקט זיך אויס. פאַרשטייט זיך

אַז די גאַנצע געשיכטע פון דער נעגער־באַזעצונג אין אַמעריקע מאַכט קלאָרער, כאָטש ניט לייכטער, די וואונד. אָבער אויך דאָ הייבט זיך אָן אַרויסצוזען אַלץ שאַרפער און בולט׳ער וואוהין עס פירט דער דעמאָקראַטישער דרך פונעם לאַנד. די אויסבעסערונג אין דער באַהאַנדלונג פון דער שוואַרצער באַפעלקערונג אין די דרום־שטאַטן במשך פון דעם לעצטן צענדליק יאָר, איז אָפּגעגאַנגען זייער אַ ווייטן מהלך. דער לעצטער פסק־דין פונעם סופּרים קאָורט אַז עס איז קעגן דער קאָנסטיטוציע אָפּצוטיילן ווייסע קינדער פון שוואַרצע אין שול־דערציאונג איז אַ ווייטערדיקער גרויסער שפּרונג אין דער זעלביקער ריכטונג. פון אַ מאָראַלן שטאַנדפּונקט, און ווי אַ מאָס פון דער גייסטיקער טעמפּעראַטור פונעם לאַנד, איז אפשר אַ סך וויכטיקער דער פאַקט וואָס דער פסק־דין איז געווען אַן איינשטימיקער, אויך די ריכטער וואָס שטאַמען אַליין פון דרום האָבן זיך אין דעם ניט אָפּגעטיילט פון זייערע ניט־דרומדיקע קאָלעגן. דאָס איז אַן אָנזאָג און אַ פאָרויסזאָג פון גוטע, בעסערע בשורות אין די קומענדיקע טעג.

פאַראַן נאָך אַ פּונקט וואָס עס וואָלט גוט געווען ווען מיר, יידן, זאָלן אים ניט אַרויסלאָזן פון זינען און אים ווי געהעריק אָפּשאַצן. איך מיין דאָ די אויפדעקונג פון קאָמוניסטישן שפּיאָנאַזש און דעם חלק וואָס אין דעם האָבן געהאַט פאַררעטער פון יידישן אָפּשטאַם. לויט אונדזער פּראָפּאָרציע האָבן מיר, אחינו בני ישראל, צוגעשטעלט אַ דערשרעקנדיק גרויסע צאָל אין אָט דעם מורא׳דיקן פאַרברעכן־זומפּ. ווי מען זאָל די זאַך ניט דער־קלערן, אין דער לעצטער שורה איז אונדז זייער פּיינלעך צו טראַכטן אַז גראָד אונדז, און אין אַמעריקע, קומט אויס אַריבערצוטראָגן אַזאַ אומגעריכטן צער. אָבער זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן מיט אויסגעקריצטע אותיות אַז די דאָזיקע חרפּה אויף אונדזער קאָפּ האָט קיין אַנטי־יידישע באַוועגונג אין לאַנד ניט אַרויסגערופן.

איך ווייס, טייל וועלן איראָניש מבטל זיין מיין חידוש. פאַרוואָס, וועלן זיי טענה׳ן זאָלן מיר דאָס האַלטן פאַר אונדזער חרפּה? שולד איז דאָך אַ ריין־פּערזענלעכע, אַ יחידישע זאַך, פאַרוואָס זאָל מען אויף אונדז דעם כלל, אַרויפלייגן די אחריות פאַר די מעשים פון אַ פּרט? פאַרוואָס דאַרפן מיר דאָס באַטראַכטן פאַר אַזאַ גרויסער מעלה ווען דער ניט־יידישער דעת־הקהל טוט דאָס ניט?

אַוודאי, געזעצלעך טראָגט יעדער די אחריות פאַר זיינע מצוות און עבירות. אין אַמעריקע, אין דער דזשעפערסאָנישער טראַדיציע, אין דער גאַנצער אידעאָלאָגישער ירושה פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, ווערט מיט דער שאַרפסטער שפּיציקייט אונטערגעשטראָכן דער יחיד ווי דער קוואַל פון גוטס און שלעכטס. איז דאָך נאַטירלעך אַז דאָ, דווקא דאָ, זאָל מען ניט מאַכן קהל פאַר אַ כפּרה־הינדל צוליב אַן איינצלנעם אויסוואורף.

זיכער איז לייכט און ריכטיק צו טענה׳ן און דערמיט צונישט מאַכן דעם ווערט פון דעם קאָמפּלימענט וואָס איך וויל צוטראָגן אונדזער גרויסער דעמאָקראַטיע. איך וועל זיך אָבער גאָרניט הידושן ווען דער זעלביקער בעל־טענה וועט מיט אַ רגע שפּעטער מיך וועלן איבערצייגן אַז ענגלענדער, אָדער מוזיקער, אָדער פּרויען, אָדער פּאָליטיקער, האָבן אַזאַ און אַזאַ טבע. ער וועט דאָס באַווייזן דערמיט וואָס ערגעץ אַן ענגלענדער, אַ מוזיקער, אַ פרוי, אָדער אַ פּאָליטיקער האָט אַזוי און אַזוי געהאַנדלט. עס וועט אים דעמאָלט גאָרניט איינפאַלן אַז ער לייגט אַרויף די אחריות אויף אַ כלל צוליב די מעשים פון אַ פּרט. עס איז אונדז אַלעמען גוט באַקאַנט, אַז דער פאַרלאַנג צו גענעראַליזירן ביי יעדער געלעגנהייט איז ביי אַלע מענטשן אַ מיטרייסנדיקע תאווה. און אויב עס איז ערגעץ־וואו אויפגעבויט געוואָרן יענער ריזיקער מאָראַלישער כוח וואָס צאַמט די דאָזיקע תאווה אין אַן עכט־קריטישן מאָמענט, פאַרדינט דאָס באמת הויך אָפּגעשאַצט צו ווערן.

קענענדיק די מענטשלעכע נאַטור, און טראַכטנדיק וועגן באַציאונגען צו יידן אינעם היסטאָרישן לעבן פון די פעלקער, האָב איך ניט קיין שום אילוזיעס. איך בין זיכער אַז טויזנטער, ניין, טאַקע מיליאָנען, האָבן ביים לייענען דעם צעטל יידישע פאַררעטערישע שפּיאָנען, געמורמלט צו זיך און אַנדערע: „יידישע שונאים, יידישע פאַררעטער". עס וואָלט געווען אַ חידוש נפלא ווען עס וואָלט אַזוי ניט געווען. אין אַ קליינעם צאָל פאַלן האָבן זיך טייל ניט געקענט קאָנטראָלירן און עס אַרויסגעזאָגט אין געדרוקטן קול רם. דאָס איז זייער נאַטירלעך פאַר אונדזער מין. אָבער דאָס גרויסע, דאָס גרעסטע, וואָס איז געשען אין יענע טרויעריקע וואָכן און חדשים איז דאָס וואָס די ביטערע גענעראַליזאַציע איז כמעט קיינמאָל ניט אַריבער די שוועל פון דער פרייער עפנטלעכקייט. קיין איין מענטש מיט עפּעס אַ נאָמען אין לאַנד האָט דאָס ניט געטאָן; קיין איין אָנגעזעענער פּרעסע־אָרגאַן האָט זיך ניט מאַסקירט מיט זייטיקע אַנטי־יידישע אָנצוהערענישן, כאָטש דאָס וואָלט זיכער געגלעט די הערצער פון געוויס ניט־יידישע לייענער. ווען מען פאַרגלייכט דאָס מיט דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון דער דרייפוס־אַפערע, אָדער מיט דעם וואָס גאַנצע קהילות אויף יענער זייט ים האָבן געליטן צוליב איינצלנע זינדיקע יידן אין משך פון אונדזער אייגענעם לעבן, אָדער מיט דעם וואָס עס שפּילט זיך איצט אָפּ אין פאַר־שיידענע קאָמוניסטישע גיהנומס, ווען מען האָט דאָס אַלץ אין זינען קען מען ערשט ריכטיק אָפּשאַצן די גרויס פונעם נסיון וואָס אַמעריקע אין געשטאַנען פאַר אים, און מיט וואָסער שטאַרקער האַנט און אויסגעשטרעקטן אָרעם זי איז דעם נסיון ביי־געשטאַנען.

עס וואָלט געווען אַ קינדישע באַרואיקונג צו וועלן אײנגאַנצן אָוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם אַנטיסעמיטיזם וואָס שוועבט ביי אונדז אין פאַרשיידענע

ווינקלען אין אַלע צייטן און וואָס הייבט אויף אַ שטויביקן שטורעם אין לאַנד אין געוויסע צייטן. בכלל, אונדזער באַפעלקערונג ווערט צונויפגע־שטעלט פון אַ סך היסטאָריש־פאַרמירטע גרופּעס און קאָנפליקטן צווישן זיי זענען אומפאַרמיידלעך. אַנטיסעמיטיזם פאַרנעמט אַ באַזונדערע, אייגנ־אַרטיקע פּאָזיציע אין דער ראַם פון דער דאָזיקער אַלגעמיינער קאַטעגאָריע. די אוראַלטע היסטאָרישע רעפּוטאַציע וואָס שנאה צו יידן האָט זיך פאַר־שאַפט מוז ליגן אין דער סאָציאַלער ירושה פון אַ סך אונדזערע שכנים און מוז זיך אַרויסהייבן אין פאַרשיידענע היסטאָרישע מאָמענטן אויף פאַר־שיידענע מדרגות פון פאַרשאַרפקייט.

אָבער אַמעריקע איז אַנדערש דערמיט וואָס דער סאַמע אָנהייב און די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער געשיכטע האָט אַרויס־געבראַכט פון זיך צוויי ריזיקע באַלאַנסירנדיקע כוחות וואָס צאַמען און קאָנטראָלירן די בייזע ווינטן. דער שטענדיקער געמיש פון פאַרשיידענע שפּראַכן און מנהגים פון אַ ווייט־אַנדערשדיקער אימיגראַנטן־באַפעלקערונג, איז אַ פאַקטאָר וואָס קען אויסניכטערן די קעגנזייטיקע סאָציאַלע באַציאונ־גען און שאַפן אַ העכערן מאָראַלן סטאַנדאַרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער קודם כל — דער סאַמע אָנהייב, די מאָראַלע מאָטיוון אין דער רע־וואָלוציע קעגן די בריטישע מאַכט. דאָס פאָלק האָט לכתחילה זיך אַנט־פלעקט מיטן כוח פון אַ תורה, האָט אין דער דאָזיקער תורה געזען זיין זכות הקיום און דעם אידעאַל וואָס קען פאַראייניקן צעטיילטע קאָלאָניעס. דאָס איז געווען אַ שטרעבונג צו אַ גערעכטער מענטשלעך לעבן וואָס אַ ניי־געבוירענע נאַציע איז באַרופן צו שאַפן.

דער צווייטער גרויסער באַלאַנסירנדיקער כוח איז דער צונויפשטעל פון דער באַפעלקערונג. מיר האָבן דאָ אַזאַ געמיש פון די פאַרשיידנסטע גרופּירונגען לויט רעליגיע, קולטור און אָפּשטאַם אַז די נייע נאַציע וואָלט פשוט קיין קיום ניט געקענט האָבן ווען עס זאָל געלאָזן ווערן פריי די מענטש־לעכע נטיה צו וואַרפן אַן אומחן אויף יעדער פרעמדער, סאָציאַל־עטאַבליר־טער אַנדערשקייט, זיך ראַנגלען מיט איר, ווען זי בייקומען און צעשטערן. אין אַזעלכע פאַלן שאַפט אַ קולטור, צווישן אַנדערע פאַרטיידיקונג־כלי־זין, אויך אידעאַלע נאַרמען וואָס שפּילן די ראָלע פון אויטענטישע וועגווייזער.

אידעאַלן באַשטייען אי פון פּאָזיטיווע שטרעבונגען, אי פון וואָרענונגען קעגן נעגאַטיווע כוחות. אפשר וועט נוצלעכער זיין ווען מיר וועלן איצט אַרויסהייבן אַ נעגאַטיוון מאָמענט וואָס דער אידעאַל פון דער אַמעריקאַנער קולטור שטרייכט אונטער.

אין דער יידישער היסטאָרישער אַנטוויקלונג וואו לומדות, קענטעניש, איז געווען ממש אַן עלעמענטאַרע לעבנס־באַדערפעניש, איז דער נעגאַטיווער טיפּ געווען דער פּראָסטאַק, דער עם־הארץ; אים האָט מען אַראָפּגעשטופּט

צום נידעריקסטן שטאַפּל פון אַנגענומענעם יחוס, פון סאָציאַלן פּרעסטיזש. אין דער אַמעריקאַנער קולטור איז דער נעגאַטיווער טיפּ דער אומטאָלע־ראַנטער פאַנאַטיקער, דער איינגעשפּאַרטער קנאי, דער ביגאָט. דער וואָס רייצט און העצט קעגן וועלכער ניט איז פון די הונדערטער מינאָריטעטן אין לאַנד מאַכט לעכער אין סאַמע פונדאַמענט אויף וועלכער די אַמעריקאַ־נער היסטאָרישע גאַנצקייט איז געבויט. און כאָטש אין פּראַקטישן גאַנג פון לעבן זענען אַזעלכע העצעריייען, אָדער מילדערע קאָנפליקטן, אומפאַרמייד־לעך, ווערט אָבער אָט די טענדענץ אָפּגעשוואַכט, איר געפערלעכער סם ווערט מער־וויניקער נייטראַליזירט פון די אידעאַלע נאָרמען וואָס אַרבעטן אין דער פאַרקערטער ריכטונג. צווישן די אַנגעזעענע אַמעריקאַנער פּער־זענלעכקייטן, וואָס שפּילן אַן עפנטלעכע ראָלע אין פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און אינטעלעקטועלן לעבן, זענען פאַראַן זייער וויניק וואָס האָבן ביי פּאַ־סיקע געלעגנהייטן זיך ניט אָפּגעגרענעצט פון ביגאָטישער אומטאָלעראַנץ און ניט געוואָרנט קעגן דעם אומגליק פון רשעות׳דיקע קאָמפּאַניעס קעגן מינאָריטעטן.

פאַר אונדז ליגט אַ גרויסע מעלה אין אַזאַ פאַרטיידיקונגס־פאָרם. מיר זענען ניט זעלטן געשטעלט געוואָרן אין אַן אומאַנגענעמער פאַרלעגנהייט ווען אויפריכטיקע חסידי אומות העולם האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר אונדז אויפן גרונד פון דעם וואָס מיר האָבן געגעבן דער וועלט דעם תנ״ך אָדער דעם געדאַנק פון אחדות הבורא. אַזאַ פאַרטיידיקונג האָט על־פּי־רוב ניט געהאַט די מינדסטע שייכות מיט דער קאָנקרעטער באַשולדיקונג קעגן אונדז. והשנית, איז סתם פּריקרע ווען מען טוט אָן אונדז אַ קרוין אויפן קאָפּ כדי מען זאָל וועלן קוקן אויף אונדז ווי מענטשן מיט מענטשן גלייך. די אַמע־ריקאַנער רעאַליטעט איז בטבע אַזאַ אַז זי שטעלט אַוועק אין דער ראָם פון אַ ברייטער, ווייט־אַרומנעמענדיקער קאַטעגאָריע פון טאָלעראַנץ בכלל. פאַר אונדז, פּונקט ווי פאַר אַנדערע אין אַ מער־וויניקער ענלעכער לאַגע, שטעלט זיך איין אַן אַלגעמיינער פּרינציפּ וואָס אויף אים איז דאָס לעבן פונעם גאַנצן לאַנד געבויט.

## 4.

עס פאַרשאַפט אַ סך וויניקער הנאה מודה צו זיין אַז ווען מען נעמט דעם פריערדיקן חשבון אין זיין פולער גרייס שלאָגט מען זיך אָן, אין לעצטן סך הכל, אָן אַ דעפיציט וואָס לאָזט ניט רוען. אָבער דער דאָזיקער דעפיציט שטאַמט ניט פון די באַציאונגען מצד דער ניט־יידישער עפנטלעכקייט, נאָר פון ענדערונגען אין אינווייניקסטן יידישן לעבן וואָס אַמעריקאַנער באַ־דינגונגען רופן אַרויס.

עס איז פריער דערמאָנט געוואָרן אַז דער מאָראַל־פילאָסאָפישער פונ־דאַמענט פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער לעבנס־פאָרם באַשטייט אין דעם וואָס דער מענטש, דער בירגער, ווערט באַטראַכט ניט ווי אַ טייל פון אַ גרופּע נאָר ווי אַ יחיד. דער יחיד ווערט געבוירן מיט נאַטירלעכע רעכט וואָס די מלוכה איז מחויב צו פאַרטיידיקן אין אַן עת צרה. דער יחיד טראָגט פּערזענלעכע התחייבותן וואָס בלויז ער אַליין טראָגט די אחריות פאַר זיי. ממילא, ווי אַזוי דער איינצלנער אַמעריקאַנער זאָל זיך אין האַרצן, אין די ד׳ אמות פון זיין פּריוואַטקייט, ניט באַציען זיך צום יידן, צום קאַטאָליק, צום אימיגראַנט מיטן פרעמדן אַקצענט, איז די עפנטלעכקייט אונטערן שטענדיקן דרוק זיך אַריבערצוהייבן איבער די פאָראורטיילן און איז גע־צוואונגען אים צו משפטן לויט זיינע ריין־אינדיווידועלע פאַרדינסטן אָדער חטאים. פאַרשטייט זיך אַז אין טאָג־טעגלעכן פּראַקטישן לעבן קען מען ניט אויסמיידן דעם אומדירעקטן, אַמאָל אויך דעם דירעקטן, איינפלוס פון פּריוואָטע באַציאונגען אויף עפנטלעכע אַקטן. אָבער אויף דער אַנדערער זייט פון דער וואָגשאָל ליגט אַ געוויכט שווערע וואָג, וואָס דערלאָזט ניט אַז דער דאָזיקער איינפלוס זאָל גיין צו ווייט. די דאָזיקע שווערע וואָג באַשטייט אינעם העכערן סטאַנדאַרט פון דער קולטור, אין דער אויסגעאַרבעטער מאָס פון אידעאַלע נאָרמען וואָס די היסטאָרישע דערפאַרונג האָט געשאַפן און באַשטעטיקט.

דער אַנגענומענער אַמעריקאַנער דרך איז, פאַרשטייט זיך, אַ מזל־ברכה פאַר יידן. די טענה אַז מיר האָבן אַ רעכט אויף אויסוואָורפן, פאַרברעכער און אַנדערע סאָרטן אומגליקן, פונקט ווי יעדע מענטשלעכע גרופּע, וואָלט געהאַט זייער אַ קנאַפּן ווערט, ווען די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון לאַנד וואָלט אין איר פּרינציפּיעלן איינשטעל ניט געגעבן אַזעלכע „רעכט״. אָבער דער דאָזיקער געדרעכטער דרוק צו קוקן אויף זיך ווי אַ יחיד אין אַלע ענינים וואָס זענען ניט געבונדן מיט התחייבותן צום לאַנד, אָדער צום אַלגעמיינעם וואוילזיין פון אונדזערע שכנים, אַזאַ שטענדיקער דרוק האָט אויך אַ וויט־גייענדיקע ווירקונג אויפן אינערלעכן יידישן לעבן וואָס ברענגט אונדז, ווי יידן, ניט קיין סך נחת.

דער מאמר וואָס וויל האָבן אַז „כל ישראל ערבין זה בזה״ דריקט אויס דעם אַלגעמיינעם געדאַנק אַז אַ ייד, ווי אַ ייד, און אין שייכות צו יידן, איז ניט קיין פּריוואָטער יחיד. זיין ראָלע איז דעמאָלט ווי אַ טייל פון אַ גאַנצקייט און ער פונקציאָנירט נאָרמאַל ווען ער דריקט אויס די דאָזיקע כוונה. אין אונדזער גלות־לעבן איז ניטאָ קיין אַנדער פּרינציפּ וואָס זאָל זיין וויכטיקער דערפון. פאַרשטייט זיך, אַז צייט און באַדינגונגען פאָדערן פאַרשיידענע ענדערונגען אין דער דעפיניציע פונעם דאָזיקן געדאַנק, כאָטש דער אַלגעמיינער אמת וואָס ליגט אין אים קען ניט אָפּגעפרעגט ווערן.

אין אַ מאָדערנער דעמאָקראַטיע מיטן שטאַרקסטן אַקצענט אויף דער יחידישקייט פונעם יחיד, און וואו אַנגעהעריקייט צו דער יידישער עדה ליגט ניט אין קיין אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע־פאָרם נאָר איז אין אַ גרויסער מאָס אָנגעוויזן אויף סענטימענטישער פריוויליקייט, מוזן זיך באַוויזן קאָנפליקט־טירנדיקע סיטואַציעס, קאָנפליקטן צווישן יחיד און ייד. די שטאַרק צע־רייצטע תאווה צו באַפרידיקן פריוואַטע באַדערפעניש פאָדערט פאַר זיך וואָס מער לעבנס־רוים און טוט עס אָפט דורך צונעמען שטיקער שטח פון דער וועלט וואָס האָט פריער געהערט צו דער יידישער ספערע. דער אַמאָ־ליקער ייד פלעגט באַשיינען די ווענט פון זיין הויז מיט אַ בילד פון ווילנער גאון, אָדער משה מאָנטעפיאָרע. דער היינטיקער פאַרגרעסערט זיין פריוואַט טעריטאָריע דורך דעם וואָס ער נעמט צו דעם דאָזיקן פלאַץ פאַר אַ פאַמי־ליע־פאָטאָגראַפיע אָדער פאַר עפּעס אַ נאַטור־לאַנדשאַפט. עס באַקומט זיך צו אָפט אַז וואָס מער יחידיש אַלץ ווייניקער יידיש. אינהאַלטלעכע יידישקייט האָט אויסגעאָרבעט אַ רייכן רעפּערטואַר פון פריוואַטע און עפנטלעכע עלעמענטן. דאָס וואָס פריוואַטע יידישקייט ווערט אַלץ צעשוואומענער און בלאַסער איז פאַרבונדן מיט אונדזער פאַרשטאַרקטער פּאָזיציע ווי אַ מינאָ־ריטעט צווישן אַנדערע, אָבער ניט ווייניקער מיט דער אָפּגעשוואַכטער פּאָזיציע ווי אַ מאַיאָריטעט צווישן אייגענע. אונדזער איצטיקע, שווער־סטע פּראָבלעם איז וויפיל און ווי ווייט יחיד? וויפיל און ווי ווייט ייד? די גרעסטע זאָרג איז צו געפינען אַזאַ פּראָפּאָרציע וואָס זאָל זעטיקן דעם וואָלף און היטן דאָס שעפעלע.

די וואָס קוקן אויף אַמעריקע מיט שרעק פאַר אונדזער קיום, האָבן דאַכט זיך מיר, אַ גרינטלעכן טעות, אויב איך פאַרשטיי ריכטיק דאָס וואָרט „קיום". זיי פאַרזעען אַ צאָל וואָגיקע פאַקטאָרן וואָס אַרבעטן פאַר אונדזער טובה ועגן און פירן דורך די פונקציעס פון אַ באַשיצנדיקן מלאך. אָבער מען קען ניט לייקענען אַז מיר מעגן זיין טיף־באַזאָרגט פאַר דער אינטענסיווקייט פון אונדזער קרעאַטיווער עקזיסטענץ דאָ אין לאַנד. מען קען אויך ניט לייקענען אַז ווי וויכטיק עס זאָל ניט זיין יידיש לעבן בכלל, אָבער אָן אַ קרעאַטיוו לעבן פאַרלירט זיך דער רייץ פון אונדזער היסטאָרישער פאַר־ביקייט. פאַר די וואָס זענען געוואוינט צו דער דיעטע פונעם מזרח־אייראָפּע־אישן שבט איז זייער שווער צו לעבן מיטן געדאַנק פון אַזאַ אָרעם מאָלצייט. אָט דאָס איז דער טונקעלער שאָטן אין אונדזער ליכטיקסטן גלות.

וואָס וועט די צוקונפט ברענגען? דער ייד פונעם מזרח־אייראָפּעאישן נעכטן־אייערנעכטן זוכט אַרום דעם אַמעריקאַנער יידן פון מאָרגן־איבער־מאָרגן. מיר בעטן גאָט אַז זיי זאָלן זיך ערגעץ וואו און ווען באַגעגענען, ווען זיי וועלן זיך צונויפטרעפן וועט אויפגיין אַ נײַ ליכט פאַרן ווייטער־דיקן גורל פון פאָלק ישראל.

# סימבאָל און תוך

איך ווייס ניט ווער עס איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך דערשלאָגן צום געדאַנק אַז די זאַכן פון דער וועלט ווייזן זיך אפשר פאַר אונדז אײנגאַנצן אַנדערש ווי זיי זענען אין דער אמתן. זיכער איז, אַז שוין מער ווי מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן פילאָסאָפן, דעמאָלט, גריכישע פילאָסאָפן, זיך גערעכנט מיט אַזאַ מעגלעכקייט. עס ליגט אין דער טבע פון אַזעלכע השערות, אַז מען קאָן ניט דערווייזן מיט אַבסאָלוט זיכערע ראיות וואָס דער אמת איז. וואָרעם כדי צו זען די וועלט מוז דאָך זײַן עמעצער וואָס זעט. הײַנט אויב דאָס זען גופא מאַכט זאַכן אַנדערש, בלײַבט בלויז איבער אָוועקצונעמען דעם זעער. נעמט מען אָבער אָוועק דעם זעער, איז שוין ניטאָ קיינער אויפצונעמען דאָס געזעענע. דאָך איז דער געדאַנק גופא געווען אַ גענישאַלער אײַנפאַל אין זײַן צײַט. וואָרעם אין געוויינטלעכן לעבן זענען מיר אַלע געשלאָגן מיט אַ מוראָדיקער נאַאיוויטעט. וואָס חושים, שכל, געפיל געוואוינהייט, אַאַז״וו, זאָגן אונדז האָבן מיר אַ נטיה עס אָנצונעמען ווי גוט געלט אָן ווײַטערדיקע חקירה ודרישה. דאָס אויג ווײַזט אונדז אַ פולן דרויסן, באַמקען מיר צו און נעמען עס אָן. אַ ברירה האָבן מיר?

איז ווען עמעצער שטעלט אונדז אָפּ און זאָגט „לאו דווקא״, צווינגט עס אונדז צו געבן אַ טראַכט כדי טיפער אַרײַנצודרינגען אין דער טבע, ניט בלויז פון דער וועלט, נאָר אויך פון די אינסטרומענטן וואָס דורך זיי ווערן מיר געוואָר אַלץ וואָס מיר ווייסן. זענען מיר דעריבער שולדיק אַ סך דרך ארץ און דאַנקבאַרקייט דעם וואָס האָט דער ערשטער געוואָגט אויס־צורופן דעם לאו דווקא, ווײַל דאָס האָט, דירעקט און אומדירעקט, געפירט צו גרויסע אויפטוען, פילאָסאָפישע און וויסנשאַפטלעכע, וואָס זייער ציל איז צו באַלײַכטן און אויפקלערן די פאַרפלאָנטערטע פראָצעסן בעת מיר באַקענען זיך מיט דער וועלט אַרום אונדז. די דאָזיקע אויפטוען העלפן אונדז אויסמײַדן אומזיסטע בלאָנדזשעניש, זײַן געוואָרנט אַנטקעגן מעגלעכע אילוזיעס, פאַר־שטאַרקן אונדזער געפיל פון זיכערקייט און באַגעגענען מיט ווייניקער מורא דעם מאָרגנדיקן טאָג.

איצט ווייסן מיר, אַז מיר האָבן אַ סך מער חושים ווי די טראַדיציאָנעלע פינף. מיר זענען בעסער באַקאַנט מיטן אופן וואָס לויט אים אַרבעט אונדזער שכל. מיר ווייסן אויך, אַז אונדזערע געפילן קאָנען אונדז שטאַרק אָפּנאַרן. עס איז אונדז קלאָר, אַז מיר פאַרמאָגן פירנדיקע מאָטיוון — פון טייל ווייסן מיר, פון אַנדערע ווייסן מיר ניט — וואָס טרײַבן אונדז אין געוויסע ריכטונגען און דורך דעם ווערן אונדזערע ידיעות געקירעוועט און פאַרגרעסערט. מיר האָבן אויך אַ סך געלערנט וועגן דעם קוואַל פון ווויסן וואָס קומט דורך

אַ פּלוצלונגן אויפבליץ, דורכן אויפלייכט פון אַן אומגעריכטער רגע וואָס אַנטפּלעקט דאָס וואָס לאַנגע זוכענישן קאָנען אַמאָל ניט אויפדעקן. פּסיכאָלאָגן רופן עס „אַ־האַ מאָמענט״, דאָס איז די רגע ווען עפּעס ווערט מיטאַמאָל אַזוי העלזעריש קלאָר, אַז איר זייט גרייט אויסצורופן: „אַ־האַ, איך האָב עס געפּאַקט״.

דאָס זענען אינסטרומענטן וואָס מיט זייער הילף דערנענטערן מיר זיך אַליין מער צו דער וועלט, וואָס איז נאָך געווען פאַרהוילן פון אונדז און מיר זוכן זי וואָס אינטימער צו דערקענען. אמת, די שוועריקייטן פאַרשווינדן ניט אַפילו ווען מיר האָבן אין זינען די מאַטעריעלע זאַכן פון דער וועלט. וואָרעם אַז מען קאָן ניט צוקומען צו עפּעס דירעקט, נאָר מען קאָן עס אויפנעמען בלויז דורך אינסטרומענטן, דעמאָלט זענען מיר שוין אָנגעוויזן אויף דער ספּעציעלער טבע פון די כלים וואָס מיט זיי זענען מיר געצוואונגען זיך צו באַנוצן. ערגער איז נאַטירלעך ווען מיר האָבן צו טאָן מיט ניט־מאַטעריעלע זאַכן, אָדער מיט אַזעלכע ממשותדיקע זאַכן וואָס זייער וויכטיקייט פאַר אונדז ליגט אין אונדזערע באַציאונגען צו זיי, אין די געפילן וואָס זיי רופן אַרויס. אַ לאַנד איז נאַטירלעך דורכויס מאַטעריעלער שטאָף, אָבער פאַרן פּאַטריאָט איז דאָס מאַטעריעלע ווייט ניט דער עיקר. נעמט מען, למשל, אַזאַ באַגריף, אָדער „זאַך״ ווי פרייהייט, אָדער אַזעלכע געשעענישן ווי קריעת ים סוף, אָדער עשרה הרוגי מלכות. דאָ האָבן מיר שוין ניט צו טאָן מיט עפּעס וואָס מען קאָן אָנטאַפּן מיט די הענט, פונדעסטוועגן טראַכטן מיר דאָך וועגן זיי און מיר דאַרפן צוקומען צו זיי, לעבן מיט זיי און דער־שפּירן זייער אמתן מהות. אויך צו זיי קאָן מען אַזוי לייכט ניט צוקומען. פונדעסטוועגן איז דאָ אַן עצה, ווייל עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע כלים וואָס מיט זיי האָבן מיר דעם כוח זיך צו באַנוצן.

אין דער תורה ווערט אָפט דערמאָנט, אַז מיר דאַרפן אָפּהיטן געוויסע מצוות ניט צוליב דעם ווערט וואָס ליגט אין זיי גופא, נאָר ווייל זיי זענען אַן אויסדרוק פון עפּעס אַנדערש וואָס דאַרף האָבן אַ ווערט פאַר אונדז. די מצווה פון מל־זיין, זאָגט גאָט, „וועט זיין פאַר אַ צייכן פון בונד צווישן מיר און אייך״ (בראשית י״ז, 11). מען דאַרף אָפּהיטן שבת ווייל דאָס איז אַ צייכן אַז גאָט האָט גערוט דעם זיבעטן טאָג נאָך דער וועלט־באַשאַפונג (שמות ל״א, 17). כדי די בני ישראל זאָלן געדענקען דעם נס פון יציאת מצרים, זאָגט גאָט, אַז „עס זאָל דיר זיין פאַר אַ צייכן אויף דיין האַנט און פאַר אַ דערמאָנונג צווישן דיינע אויגן (שמות י״ג, 9). פאַראַן נאָך שטעלן אין חומש וואו דער זינען פון אַ מצווה ווערט דערקלערט דערמיט וואָס זי איז אַן „אות״, אַ צייכן, פון עפּעס וואָס האָט אין פלוג קיין שום שייכות ניט מיטן געפּאָדערטן ריטואַל.

היינטיקע צייטן מאַכט מען אַ סך אַ דעליקאַטערן אונטערשייד צווישן

באַגריפֿן. דאָס וואָס די תורה רופט אָן „אות" איז אין דער אמתן ניט קיין צייכן נאָר אַ סימבאָל. דער חילוק צווישן זיי איז זייער גרויס און עס איז וויכטיק מיר זאָלן זיך דאָ אָפּשטעלן דערויף.

יעדע בריאה וואָס איז באַשאַנקען מיט פּסיכיש לעבן איז פֿעאיק אויסצונוצן צייכנס כדי ריכטיק צו פֿאַרענטפֿערן עלעמענטאַרע נויטן. אַ וואַנט פֿון אַ באַשטימטער פֿאָרם, אָדער קאָליר, קאָן זיין פֿאַרן פֿערד אַ סימן, אַ צייכן, אַז דאָ איז זיין שטאַל. אַ קלאַנג פֿון אַ גלאָק קאָן ווערן ביי אַ הונט אַ צייכן אַז דאָס באַטייט פֿלייש, אויב מען האָט אים צוגעוואוינט אַז דאָס איז דער קלאַנג וואָס לאָזט זיך הערן ווען ער קריגט פֿלייש. אַ ליכט, אַ ריח, אַ קלאַנג, אַ פֿאַרב — דאָס זענען אַלץ צייכנס וואָס באַשעפֿענישן ניצן אויס כדי זיך ריכטיק צו אָריענטירן צו באַפֿרידיקן באַדערפֿענישן. אַ צייכן איז אַן אָנווייז פֿאַר אַן איינציקן באַשטימטן אַקט, אָדער אַן אָפּרוף, און איז דעריבער אַ סך עלעמענטאַרער פֿון שפּראַך וואָס איז אַזוי בייגעוודיק און פֿילפֿאַרביק.

אויך מענטשן באַנוצן זיך כסדר מיט צייכנס, וואו עלעמענטאַרע אָנווייזונגען זענען נויטיק און געגנוג. אַ גרין ליכט איז אַ צייכן אַז דער אויטאָמאָביל קאָן פֿאָרן. אַ פֿייל ווייזט די ריכטונג וואוהין צו גיין. אַז מען קוקט אויף אַ מאַפּע ווייס מען אַז בדרך כלל איז אונטן דרום, אויבן — צפֿון. וואָס קאָמפּליצירטער עס ווערט אונדזער ציוויליזאַציע, אַלץ מער ווערט די צאָל צייכנס לויט וועלכע מיר ווענדן זיך, ווייל עס ווערט גרעסער די צאָל געלעגנהייטן, וואָס כדי זיך צו אָריענטירן דאַרף מען האָבן אָנווייזונגען וואָס אַ חוש קאָן אויפֿנעמען אין אַ רגע. דער צוועק פֿונעם צייכן איז צו אינפֿאָרמירן, צו בייגן די אויפֿמערקזאַמקייט אין אַ באַשטימטער ריכטונג און דינען מאָמענטאַל און איינמאָליק אַ פּשוטן צוועק. אָט די פֿעאיקייט אויפֿצונעמען ידיעות דורך צייכנס, אָדער די צייכנדיקע פֿעאיקייט פֿון באַשעפֿענישן, איז אַ וויכטיקער צוגאָב צו די פֿאַראַנענע כוחות פֿון לעבעדיקע ברואים צו דערקענען נעענטער די טבע פֿון דער וועלט און זי אויסנוצן פֿאַר דער אייגענער טובה.

מען דאַרף בלויז פֿאַרמאָגן פּסיכיש לעבן אין זיך כדי צו קאָנען מאַני־פּולירן מיטן צייכנדיקן אָנווייז. אָבער בלויז אַ מענטש קאָן מאַכן אַ טראָט ווייטער, און זייער אַ וויכטיקן טראָט, ער קאָן זיך באַנוצן מיטן כוח פֿון סימבאָלן. אויך דער סימבאָל האָט אַ ווענדונג צו עפּעס וואָס איז אין אים דירעקט ניט פֿאַרטראָטן, פּונקט ווי דער צייכן, אָבער ער גיט אונדז ניט קיין איינפֿאַכע אינפֿאָרמאַציע, ער איז ניט אויסן צו האָבן בלויז אַ מאָמענטאַלן זינען, ער איז ניט געבונדן צום איצטיקן מאָמענט ווייל ער נעמט אַרום אַ ברייטערן און טיפֿערן שטח פֿון דער מענטשלעכער נשמה.

די פֿרייהייט־סטאַטוע אין ניו־יאָרק, הערצלס קבר אין ארץ ישראל, דער

ריטואַל ביים זינגען אַ נאַציאָנאַלע הימנע, דאָס זענען ניט קיין אויסדרוקן פון צייכנס, נאָר פון סימבאָלן. זיי ברענגען אַרויס אויף אַ קאָנדעסירטן אופן עפּעס וואָס מען האָט איבערגעלעבט, עפּעס וואָס רודערט איצט אויף דאָס געמיט און עפּעס וואָס מען פילט אַ חוב צו געדענקען. אַ סימבאָל נעמט צונויף באַגריפן, פאַרלאַנגען, שטעלונגען, און פאָרמירט פון זיי אַ גאַנצקייט וואָס טראָגט אין זיך די לופט פון איבער רוים און צייט, וואָס פאַרבינדט און גיסט צונויף פאַרשיידענע צעטיילטע עלעמענטן פון פסיכישן לעבן.

ווען מיר זאָגן, אַז עפּעס איז אַ צייכן פון עפּעס אַנדערש, האָבן מיר צוויי עפּעסן וואָס איינער פון זיי פאַרטרעט דעם צווייטן. ביים פערד פאַרטרעט די קאָליר פון אַ וואַנט זיין שטאַל. ביים הונט פאַרטרעט דער קלאַנג פון גלאָק דעם טעם פון פלייש. אויך דאָס איז אַ באַרייכערונג פון פסיכישן לעבן, ווייל קאָליר און קלאַנג האָבן באַקומען אַ נייעם באַטייט, אַזאַ וואָס זיי האָבן פריער ניט געהאַט. אָבער דער סימבאָל פאַרטרעט ניט דעם גוף פון אַ זאַך נאָר איר נשמה, אַזוי צו זאָגן. די ווייס־בלאָע פאָן איז ניט קיין צייכן פון מדינת ישראל נאָר אַ סימבאָל. די פאָן פאַרטרעט ניט קיין באַשטימטע זאַך, אָדער בכלל אַן איינצלנעם עפּעס, וואָס האָט פריער געהאַט — ווי ביי אַלע צייכנס — אַ קאָנקרעטן, זאַכלעכן פאַרטרעטער. די פאָן פאַרטרעט ניט, נאָר זי דריקט אויס מענטשלעכע געפילן, חלומות, שטרע־בונגען. די ווייס־בלאָע פאָן רופט אַרויס פרייד און יראת הכבוד ביי יידן, זי וועקט בייזע שנאה ביי אַראַבישע הערשער, אָבער אין בײדע פאַלן איז די פאָן אַן אויסדרוק פון עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען, אָדער פון אַלגעמיינע אידייען, ווי ביי אַזאַ היסטאָרישן קאָמפּלעקס וואָס מדינת ישראל איז זיין העכסטע דערגרייכונג, אָדער ביי אַזאַ בילדלעכע פאַרקערפּערונג פון מענטש־לעכע צילן און דאָרשטן ווי די פרייהייט־סטאַטוע. אַ צייכנדיקע איבערלעבונג פאַרמאָגט ניט די אָנגעלאָדנקייט פונעם סימבאָל, ווייל בעת צייכנס ווייזן אַ וועג אין מאָמענטאַלער און לאָקאַלער אָריענטאַציע, האָבן סימבאָלן העכער־גרייכנדיקע פונקציעס, זיי העלפן פאָרמירן דינאַמישע קאָנסטעלאַציעס פון פסיכישן לעבן.

## סימבאָלן און ריטואַל

סימבאָלן ווערן אויסגעדריקט אויף אַלע מעגלעכע אופנים וואָס מענטשלעך לעבן פאַרמאָגט, דורך באַוועגונג, שפּיל, רייד, שאַפנדיקע געשטאַלטונג, מימיק, דראַמאַטיזאַציע, און אַזוי אָן אַ סוף. יעדער קונסט־מעדיום באַדינט סימבאָלישע פונקציעס: פאַרב, קלאַנג, שטיין, האָלץ און מעטאַל, אַרכיטעקטור, טאַנץ, און, ואחרון, אחרון חביב, שפּראַך וואָס פּאָעזיע איז איר העכסטער אויסדרוק אין סימבאָלישער עשירות. אין דער אמתן איז קונסט בכלל אַ מיטל אונדז צו דערנענטערן, דורך אירע סימבאָליזירנדיקע כוחות, צו דער דערווייטערטער

רעאַליטעט וואָס לאָזט ניט צו זיך צו מיט יענער אינטימער דירעקטקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר די העכסטע פאָרמען פון מיסטישע איבערלעבונגען. מיר אַלע, דער רוב מנין ורוב בנין פונעם מענטשלעכן מין, קאָנען בלויז זיך באַפרידיקן מיטן קפיצת הדרך פון סימבאָלן, כדי כאָטש אויפצוכאַפּן דאָס אָפּגעפּרעמדטע ליכט פון אַ ווייטן דרויסן און נאָך ווייטערן אינעווייניק.

דער שטאַרקסטער אויסדרוק פונעם סימבאָל איז דער ריטואַל. געווײנטלעך ווען מען רעדט וועגן ריטואַלן קומען אויפן זינען רעליגיעזע ריטואַלן. דאָס איז ניט קיין חידוש ווען מען האָט פאַר די אויגן אי די פאַרשפּרייטקייט, אי דעם באַצווינגענדיקן כוח פונעם רעליגיעזן ריטואַל. אָבער סייווי איז דאָס אַ פאַרפירערישע איינזייטיקייט. היינטיקע צייטן וויסן מיר שוין אַפילו פון ריטואַלן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין אַ היסטאָריש־רעליגיעזער אַטמאָספערע, אָבער האָבן ניט קיין שום עכטן רעליגיעזן באַטייט פאַרן באַטייליקטן. אַלע שולן זענען פול מיט באַזוכער — דאָס רוב פון זיי קאָן מען בשום אופן ניט רופן מתפללים — ווען עס קומט צו הזכרת נשמות. זיי קומען ניט צום דאַוונען, די תפילות אינטערעסירן זיי ניט, אָבער זיי פילן אַ חוב, אויס דרך ארץ און ליבשאַפט צו פאַרשטאָרבענע אייגענע, דורכצוגיין אַ שייכותדיקן ריטואַל. די מענטאַליטעט פון די דאָזיקע באַזוכער איז אַזאַ, אַז עס קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן אַ גלויבן אַז די נפטרים גופא זענען פאַרוויקלט, אין וואָסער נישט איז ממשותדיקן זינען, אין דעם צערעמאָניאַל אָדער אינעם כוח פון דער תפילה עפּעס אויפצוטאָן פאַר די וואָס געפינען זיך אין אַ מתימ׳דיקן צושטאַנד. פאַר זיי איז דאָס אַן אָנגענומענער סימבאָלישער אַקט, וואָס איז היסטאָריש געבונדן צו באַשטימטע רעליגיעזע גלויבנס — גלויבנס וואָס האָבן אין זיך פאַרוויקלט דעם עלעמענט פון איבערנאַטירלעכקייט — כאָטש זיי אַליין נעמען אָן דעם ריטואַל מיט גאַנץ סעקולערע כוונות.

אָנגענומענע סימבאָלן ווערן נאַטירלעך אָנגענומען דערפאַר, ווייל זיי טוען עפּעס אויף פאַר אונדז, ווייל זיי פאַרמאָגן די כוחות צו באַפרידיקן אינעווייניקסטע דאָרשטן. זיי פאַרבינדן און גיבן אונדז איבער אין אַ געדיכט־קאָנדעסירטער גאַנצקייט דאָס וואָס לעבט אין לויזער צעטיילטקייט, צעשפּרייט אין פונקען און רייסט זיך אין אונדז צו ווערן אַ פלאַם. אָבער צווישן אַלע סימבאָלן זענען די ריטואַלן די וואָס איבערגעוועלטיקן אונדז צום שטאַרקסטן. דער דאָזיקער כוח נעמט זיך פון דריי סיבות. ראשית, האָבן ריטואַלן צו טאָן מיט די טיפסטע געפילן און אויפברויזן וואָס ציטערן אויף דאָס גייסטיקע לעבן. שנית, נעמען ריטואַלן אין זיך אַריין דעם ברייטסטן רעפּערטואַר פון סימבאָלישע מעגלעכקייטן. ביי זיי געפינען מיר מוזיק, טאַנץ, בילד, אַרכיטעקטור, כל המינים קערפּערלעכע באַוועגונגען, היינט שפּראַך — ליד, תפילה, רעציטאַציע, הימנע, און אַזוי אָן אַ סוף.

דריטנס — און אין דעם שטעקט אַן אומגעהייערע גבורה — ריטואַלן זענען געבויט אויף קאָלעקטיווער הסכמה. דער פילאָסאָף ווייטהעד שרייבט אין זיין ווערק איבער סימבאָליזם: „עס קאָן ניט עקזיסטירן קיין אויסגעאַרבעטער קאָלעקטיוו פון קאָמפּליצירטע אָרגאַניזמען, אויב זייערע סיסטעמען פון סימבאָליזם זענען נישט אין אַלגעמיין דערפאָלגרייך. תקנות און רעגולאַציעס אין האַנדלונג, כללים אין קונסט, זענען באַמיאונגען אַרויפצוצווינגען סיסטעמאַטישן אויפפיר, וואָס זאָל בדרך כלל פאַרשטאַרקן די גינציקע סימבאָלישע שייכותן פון איינעם צום צווייטן".

דער כוח פון קאָלעקטיווער הסכמה איז ממש אין לשער. אין אַן אָנגענומענער מאָדע דערזעט מען שיינקייט, אַפילו ווען זי האָט לכתחילה געמאַכט אַן אומגינציקן איינדרוק. אין אָנגענומענע טעאָריעס, אויסטייטשונגען, דערפילט מען דעם אמת. דערמאָנט זיך דעם איינדרוק פון מאַרקסיזם, דער עיקר אויף מענטשן וואָס האָבן קיינמאָל ניט געהאַט די צוגרייטונג און האָבן ניט געהאַט קיין אינטעליגענטע פאַרשטענדניש פאַר עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אָדער היסטאָריאָסאָפישע טעאָריעס. אָנגענומענע גלויבנס שטעקן אַן און שאַפן אַ הערשנדיקן צייטגייסט. לייענט יחזקאל קאָטיקס אויטאָביאָגראַפיע און באַטראַכט די מאָדנע אַבערגלויבנס, וואָס אין זיי איז מען געווען איינגעגלויבט אין יענער צייט, גלויבנס וואָס אַפילו אין די אויגן פון היינטיקע עכטפרומע יידן זענען זיי פשוט קאָמיש. אָנגענומענע איינפירן ווירקן אַזוי שטאַרק, אַז עס ווערט שווער צו פאַרטראַגן עמעצן, אַ יוצא מן הכלל, וואָס באַשטייט צו פירן זיך אַביסל אַנדערש. איך קען אַזעלכע וואָס אַז זיי באַגעגענען אַ יידן מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ פאַרקרימען זיי זיך ווי עפּעס אומריינס וואָלט זיי אָנגערירט, כאָטש דער פּרעמיער פון אינדיע, נערו, מיט זיין „שטריימל" אויפן קאָפּ, האָט אויף זיי בשום אופן ניט געמאַכט קיין ווידערווויליקן איינדרוק. בקיצור, מען קאָן גאָרנישט איבערשאַצן דעם כוח פון קאָלעקטיווער הסכמה אין אונדזער לעבן. אמת, אַ סך מאָל פירט דאָס צו ווילדקייט און פּערווערסיע, וואָס דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער עכטער, וואָרצלדיקער באַדערפעניש וואָס מיר האָבן. אָבער דאָס שוואַכט ניט אָפּ די אומגעהייערע פאַרדינסטן פון קאָלעקטיווער הסכמה ווי אַ בויענדיקער, שאַפערישער כוח.

דער סאָציאָלאָג עמיל דורקהיים, האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט אַ סך טעאָריעס זיינע, צווישן זיי אויך מיט זיין צוגאַנג צו רעליגיע. אָט וואָס ער זאָגט: „רעליגיע איז, קודם כל און דער עיקר, אַ סיסטעם פון אידייען וואָס דורך זיי קאָן דער מענטש אַרומנעמען די געזעלשאַפט, וואָס ער איז אירס אַ מיטגליד און די טונקעלע און אינטימע שייכותן וואָס ער האָט צו זיי. דאָס איז די סאַמע ערשטע אויפגאַבע פון אַן אמונה. און כאָטש דאָס איז מעטאַפאָריש און סימבאָליש, איז עס אָבער ניט פאַלש צוליב דעם. פאַרקערט,

עס דריקט אויס אַלץ וואָס איז דער עיקר אין די שייכותן וואָס עס וויל אַרויסברענגען". עס זעט אויס ווי אַ סתירה צו זאָגן, אַז עפּעס איז בלויז סימבאָליש און מעטאַפאָריש און דאָך זאָל מען ניט דרינגען פון דעם אַז עס איז ניט אמת. אָבער דורקהיים מאַכט קלאָר זיין געדאַנק ווען ער זאָגט: „דער גלויביקער נאַרט זיך ניט אָפּ ווען ער גלויבט אין דער עקזיסטענץ פון אַ מאָראַלע קראַפט וואָס פון איר הענגט ער אָפּ און וואָס איר דאַרף ער זיין איבערגעגעבן. די דאָזיקע קראַפט עקזיסטירט, זי איז די געזעלשאַפט". און כדי צו זיין נאָך קלאָרער גיט ער צו ווען ער רעדט וועגן דעם פּרימיטיוון גלויביקן: „אַוודאי, ער האָט אַ טעות ווען ער גלויבט אַז עס איז די אַרבעט פון אַ וועזן וואָס זעט אויס ווי אַ בעל־חי, אָדער אַ פלאַנץ, צו פאַרשטאַרקן זיינע לעבנס־כוחות. אָבער זיין פעלער ליגט בלויז אין זיין בוכשטעבלעכן אויסטייטשן דעם סימבאָל, וואָס דורך אים ווערט דאָס וועזן פאָרגעשטעלט אין זיין מוח, דאָס דרויסנדיקע אויסזען וואָס זיין דמיון ברענגט אַרויס. עס רירט בכלל ניט אָן דעם פאַקט פון דער עקזיסטענץ פון אַזאַ וועזן. אָבער הינטער די דאָזיקע פיגורן און מעטאַפאָרן — זיי זענען אַמאָל מגושמדיק, אַמאָל ראַפינירט — ליגט אַ קאָנקרעטע און לעבעדיקע רעאַליטעט".

דורקהיים האָט געפאָרשט דאָס רעליגיעזע לעבן פון פּרימיטיווע שבטים. פונדעסטוועגן האָט ער אויך דאָרט, ערשט דאָרט, געדאַרפט זען באַשיינפערלעך די ווייכערע מעטאַפיזישע איבערלעבונגען וואָס לייכטן אַרויס פון רעליגיעזן ריטואַל. עס איז דעריבער ניט בלויז „אַ סיסטעם פון אידייען", ווי ער מיינט, און די אַבסטראַקציע „געזעלשאַפט" איז צו ווייניק און צו ערדיש צו פאַרנעמען דעם גאַנצן שטח פון מלכות השמים. אָבער דאָ ווערט אויסגעדריקט אויפן קרעפטיקסטן אופן דער ווייט־אַרומנעמענדיקער כוח און די טיפע פסיכישע השפעה פון קאָלעקטיווער הסכמה. דאָס איז לכל הדעות זייער אַ וויכטיקער מאָמענט אין אַלע פאָרמען פון סימבאָליזירנדיקן ריטואַל.

## קאָלעקטיווע הסכמה ביי יידן

מען מוז מודה זיין, אַז עס איז בלי ספק פאַראַן אַ סכנה ווען מען וויל דווקא עפּעס אַרויסדרינגען פון אַ דענקערס יידישן אָפּשטאַם. מען וויל אים טיילמאָל צושרייבן געדאַנקען אָדער טעאָריעס וואָס מען מיינט אַז דאָס שטאַמט פון זיין „יידישן בלוט". דאָך פיל איך, אַז בנוגע דורקהיימען וועל איך ניט צופיל ריזיקירן, ווען איך וועל זיך משער זיין אַז דער גייסט פון דער יידישער טראַדיציע האָט אויף אים געקאָנט ווירקן ווען ער האָט זיך דערטראַכט צום כוח פון „געזעלשאַפט" ווי אַן עיקר־שטאָף וואָס פון אים ווערט צונויפגעשטעלט דאָס רעליגיעזע געוועב. מיר לעבן אין אַ צו־נאָענטער פיזישער שכנות מיט קריסטנטום און זיין דרך, עס זאָל זיך ניט

וואָרפן אין די אויגן דער מהלך צווישן אַ רעליגיע וואָס איז, אין איר דרויסנדיקן פּאָסאָד פּונקט ווי אין איר מעטאַפיזישן זינען, דורכויס יחידיש מיטן העכסטן ציל פון יחידישער „סאַלוויישאָן״ — און דעם יידישן, רעליגיעזן און שטייגערשן דרך, וואָס לייגט דעם פולסטן טראָפּ אויף פּאָלקישער, סאָציאַלער שותפות.

דער קלאָרער, סאָציאַלער זינען פון דער יידישער טראַדיציע, ספּעציעל פון אירע ריטואַליזירטע מאָמענטן, שטרייכט אונטער אויף די פאַרשיידענע אופנים אונדזער היסטאָרישע צוזאַמענדיקייט. תפילות באַקומען אַ גרעסערע וויכטיקייט ווען זיי ווערן דורכגעפירט צוזאַמען פון אַ גאָרמירטן קוואָרום, אָדער אַ מנין. מיר זאָגן און געדענקען אַז מיר זענען אַלע קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב. מען הייסט אונדז זיך צו דערווייטערן פון חוקות הגויים, דאָס הייסט אייגנטלעך זיך צו דערווייטערן פון פרעמדקייט כדי אויפצוהאַלטן וואָס שטאַרקער די יידישע אייגנאַרטיקייט. איבערגענומענע איינפירן פון ניט־יידישע שכנים ווערן מאָדיפיצירט, עס ווערט אַרויפגעלייגט אויף זיי אַ יידישער שטעמפּל. אויפגעקומענע מנהגים וואָס ווערן איינגעוואָרצלט אין כלל באַקומען די סאַנקציע ווי אַ טייל פון אויטענטישער יידישקייט. אין די צייטן — און זיי זענען גאָרניט, היסטאָריש גערעדט, אַזוי ווייט פון אונדז — ווען די יידישע טראַדיציע האָט געהאַט דעם כוח פון כמעט אַן אַבסאָלוטער אויטאָריטעט פאַרן גאַנצן כלל ישראל, זענען מיר געווען אַ פאָלק וואו די דעצידירנדיקע קראַפט פון קאָלעקטיווער הסכמה האָט זיך אַרויסגעהויבן אַזוי באַשיינפּערלעך, אַזוי אָנזעעוודיק, אַז דאָס האָט באַפאַרבט מיט אַ כאַראַקטעריסטיש־יידישער קאָליר אַלע ריטואַלן, דעם גאַנצן סיסטעמאַטישן גאַנג פון אונדזער סימבאָליק. דער כוח פון קאָלעקטיווער הסכמה ביי יידן ווערט אין ערגעץ ניט אַזוי שאַרף אַרויסגעבראַכט ווי אין דער זייער באַקאַנטער מעשה וואָס מען דערציילט וועגן ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער. די גויאישע מלוכה האָט זעלנער און פּאָליציי און געריכטן אַכטונג צו געבן אַז אירע געזעצן זאָלן אָפּגעהיט ווערן און דאָך קאָנען זיי אַלע ניט דערהיטן פון געזעץ־ברעכעריי. ביי יידן זענען די אַלע היטער, זייער פיזישע גבורה, ניטאָ — אָבער איר וועט ניט געפינען קיין ברעקל חמץ ביי יידן אין גאַנץ באַרדיטשעוו ווען פּסח קומט אָן. און ניט בלויז וועגן חמץ אין פסח, וואָס דאָס איז אַ דין מדאורייתא, ער וואָלט כמעט דאָס זעלביקע אויך געקאָנט זאָגן וועגן עסן קוגל אין שבת, אָדער וועגן דער ספּעציעלער יידישער הלבשה, ווער שמועסט וועגן אַרומגיין אין בלויזן קאָפּ — אַלץ ניט קיין דינים, ניט מדאורייתא און ניט מדרבנן, בלויז איינפירן, מנהגים, וואָס טראָגן אויף זיך דעם זיגל פון יידישער קאָלעקטיווער הסכמה.

די קאָלעקטיווע הסכמה דערהייבט דעם איינפיר צו דער מדרגה פון אַ פאָלקישן סימבאָל און וואַקסט אַריין אינעם יחיד, וואָס לעבט אין באַהאָפטנקייט

מיטן כלל ישראל, ווי אַ מין גייסטיקער פּאַספּאָרט וואָס זאָגט עדות וועגן זיין פּערזענלעכער יידישער אידענטיפיקאַציע. דאָס זעט מען באַשיינפּערלעך ניט בלויז אין די איינפירן, וואו עס לאָזט זיך גיכער דערקענען דער חותם פון אַ רעליגיעזער סאַנקציע, נאָר אַפילו אין אַזעלכע ריין־סעקולערע מנהגים ווי הלבשה און דיעטע, איך מיין, פאַרשטייט זיך, דיעטע בכלל, ניט דאָס וואָס האָט אַ שייכות צו כשר און טריף.

בנוגע הלבשה איז אינטערעסאַנט שאול גינזבורגס אַ באַמערקונג אין זיין אַרבעט „רדיפות אויף יידישע בגדים" (היסטאָרישע ווערק, דריטער באַנד): „אַ באַזונדער שטודיום פאַרדינט אויך די באַציאונג פון דער רבנישער און חסידישער וועלט צו דער גזרה קעגן דער יידישער קליידונג. שטאַרקע אָפּקלאַנגען געפינען מיר אין דער חסידישער ליטעראַטור. אַזעלכע גדולים ווי דער אַלטער וואָרקער רבי, ר' יצחק, דער טשענסטאָכאָווער רב, ר' אברהם לאַנדוי און דער אַלטער גערער רבי ר' יצחק מאיר, זענען געווען מיט דער דעה אַז יידן דאַרפן, לויט דער הלכה, קעמפן קעגן דער גזירה ביז מסירת נפש ממש". די דאָזיקע גדולים האָבן ניט געקאָנט אין זינען האָבן קיין הלכה וואָס זאָל האָבן דירעקט צו טאָן מיט דער יידישער הלבשה פון יענער צייט אין מזרח־אייראָפּע. די פריערדיקע באַמערקונג פאַררופט זיך ווייטער אויף ר' מענדעלע קאָצקער וואָס איז טאַקע געווען מחולק בנוגע דעם. דער עיקר איז ריכטיק אָפּצושאַצן דעם כוח פון מנהגים, וואָס קאָלעקטיווע הסכמה גיסט אין זיי אַריין דאָס בלוט פון סימבאָלישע ווערטן.

דאָס שטרייכט אונטער די טרעפלעכקייט פון דזשאָן דיואיס אַ באַמערקונג וועגן דער טבע פון סימבאָלן. אַ סימבאָל, האַלט ער, באַקומט דעם כוח, וואָס ער האָט געווינטלעך אין לעבן, ערשט דעמאָלט ווען ער הערט אויף געפילט צו ווערן ווי אַ סימבאָל, ווען ער מאַכט דעם אומפאַרמיטלטן איינדרוק, אַז זיין ווערט ליגט אין אים אַליין, ניט אין עפּעס אַנדערש וואָס ער דריקט אויס. מען דאַרף אָנווענדן דעם כוח פון ניכטערן, ראַציאָנאַלן אַנאַליז מען זאָל קאָנען אויף אַ רואיקן אופן אָפּטיילן דעם פיזישן אָביעקט וואָס אַ ספר־תורה, למשל, שטעלט מיט זיך פאָר פון דער הייליקייט וואָס זי דריקט אויס סימבאָליש. אַפילו בעת איך שרייב די דאָזיקע ווערטער שפּיר איך דעם גרילץ פון אָנרופן אַ ספר־תורה פיזישער אָביעקט. דאָס נעמט זיך פונעם געוואַלטיס וואָס איך דאַרף מאַכן אין מיין באַוואוסטזיין ביים צעשפּאַלטן די אויסגעוואַקסענע גאַנצקייט פון אַ סימבאָל אויף צוויי העלפטן, וואָס איינע פון זיי, די מאַטעריעלע, זעט אויס, אין איר באַזונדערקייט, ווי צו גראָב און מגושמדיק צו לעבן בשותפות מיט דער הויכער רוחניות וואָס דער סימבאָל וויל אויסדריקן. ווען קליין און גרויס רייסן זיך צו קושן ספרי־תורה בעת מען גייט אַרום ביי די הקפות, פאַלט זיי זיכער ניט איין, אַז דאָס קושן זיי

אַ פיזישן אָביעקט. זיי וואָלטן געפילט ווי אַ לעסטערונג ווען מען זאָל אַ ספר־תורה אַזוי אָנרופן. אָט דאָס איז דער טייטש — סימבאָל.

עס זענען פאַראַן אומצאָליקע מעטאָדן צו שאַפן און אַנטוויקלען סימבאָלן און באַשטימען פאַר זיי פאַרשיידענע מדרגות אין דער היעראַרכיע פון מענטשלעכע ווערטן. די געשיכטע פון די דאָזיקע מעטאָדן איז מסתמא אידענטיש מיט דער געשיכטע פון מענטשלעכן לעבן אויף דער וועלט. פונקט ווי אין דער וועלט שפּילן זיכער דאָ אַ ראָלע צופאַל און מזל צוגלייך מיט בכיוונדיקן פּלאַנירן, אומבאַוואוסטזיניקע טרייב־כוחות און ענדערונגען אין לעבנס־תנאים פון יחידים און פעלקער.

ר׳ אייזיק הירש ווייס שטעלט זיך אָפּ אין זיין דור, דור ודורשיו אויף די הלכות וואָס גייען אַריין אין דער קאַטעגאָריע „הלכה למשה מסיני״. דערמיט ווערט נאַטירלעך אַקצענטירט דער יחוסדיקער אָפּשטאַם פון די דאָזיקע הלכות און דאָס האָט טאַקע אויפגעהויבן זייער ווערט ווי אַ דירעקטער אָנזאָג פון דער השגחה. ער ווייזט אָן, אַז בלויז וועגן די זעכצן הלכות וואָס האָבן אַ שייכות צו תפילין, זענען אַלע בעלי התלמוד מסכים אַז מיר האָבן זיי בקבלה מסיני. אַפילו די צדוקים, וואָס האָבן אָנערקענט בלויז דאָס וואָס שטייט אין דער תורה בפירוש, האָבן אויך ניט געהאַט קיין ספקות אַז אַלע באַשטימונגען וועגן תפילין געהערן צו דער קאַטעגאָריע „הלכה למשה מסיני״, כאָטש עס ווערט ניט אָנגעגעבן אין חומש, וואָס, קאָנקרעט, מען זאָל פאַרשטיין אונטער דעם אָנזאָג „און איר זאָלט זיי אָנבינדן ווי אַ צייכן אויף אייער האַנט און זיי זאָלן זיין ווי אַ שטערנבאַנד צווישן אייערע אויגן״ (דברים י״א, 18).

פאַרוואָס גראָד די מצווה פון תפילין האָט געהאַט אַזאַ זכיה, איז אַן אַנדער פראַגע. וויכטיק איז דאָ אונטערצושטרייכן דעם פאָלקלאָרישן פּועל יוצא וואָס ר׳ אייזיק הירש ווייס דערמאָנט. ער ווייזט אָן די לעגענדעס וואָס האָבן זיך געשאַפן אין פאַרבינדונג מיט לייגן תפילין. אַזוי האָט דאָס פאָלק דערציילט, אַז גאָט אַליין לייגט תפילין; אַז גאָט האָט משהן געוויזן דעם קשר פון תפילין; אַז צווישן פרויען האָבן זיך געפונען אַזעלכע צדקניות, ווי מיכל, שאולס טאָכטער, וואָס האָט געלייגט תפילין. אויף אַזאַ אופן זענען פאָרם, אינהאַלט, פונקציע און אומגאַנג מיט תפילין געוואָרן אַ סימבאָל פון די סאָציאַלע, פּסיכישע און מעטאַפיזישע עלעמענטן וואָס זענען פאַרוויקלט אין יידישער אָנגעהעריקייט.

ווען מיר קומען אַביסל נענטער צום סעקולאַריזירטן גייסט פון אונדזערע טעג, הויבט זיך אַרויס מיט מער קלאָרקייט פאַר אונדזער מענטאַליטעט דער כאַראַקטער פון דער יידישער סימבאָליק. אין אַ קאַפּיטל וועגן דעם גרויסן יידישן געלערנטן, זכריה פראַנקל, באַרירט לוי גינצבערג פראַנקלס שטעלונג אויף דער פראַנקפורטער קאָנפערענץ פון די רעפאָרם־ראַבינער אין 1845

„עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אויף ווי ווייט מען דאַרף אויפהאַלטן לשון קודש אין דער סינאַגאָגע, צי מען דאַרף עס בכלל טאָן. ווען די מאַיאָריטעט האָט באַשלאָסן אַז לשון קודש דאַרף אויפגעהאַלטן ווערן אין דער סינאַגאָגע בלויז אויס איינזעעניש פאַר די געפילן פון עלטערן דור, האָט פראַנקל פאַרלאָזט די קאָנפערענץ. אין פלוג קאָן עס אויסקומען אַביסל מאָדנע, ווען ער איז רואיק געזעסן ביי די ראַדיקאַלע וויכּוחים וועגן די דינים פון שבת און חתונה און באַמערקט די סכנה פאַר יידישקייט ערשט אין אַזאַ זאַך ווי דאָס אָפּשאַפן די העברעאישע שפּראַך. אין דער אמתן ווייזן די זייער קאָכיקע וויכּוחים, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך דעם ווי פראַנקל האָט רעפערירט וועגן דער גרויסער וויכטיקייט פון דער העברעאישער שפּראַך אין דאַוונען, אַז בלויז אַ קליינע צאָל פון די וואָס זענען דאָרט געווען האָבן אים פאַרשטאַנען. גייגער איז געווען דער איינציקער פון זיינע אָפּאָנענטן וואָס האָט געטראָפן אין פינטל אַריין מיט זיין באַמערקונג, אַז שפּראַך איז אַ נאַציאָנאַלער ענין און בלויז ווי אַזאַ איז שפּראַך וויכטיק. דער פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ וואָס שטייט אין קאָן איז אַזאַ: ליגט דער עיקר פון יידישקייט דורכויס אין דער יידישער רעליגיע, דאָס הייסט, אין עטישן מאָנאָטעאיזם, צי איז יידישקייט דער היסטאָרישער פּראָדוקט פון יידישן גייסט? די העברעאישע שפּראַך איז נאַטירלעך ניט קיין רעליגיעזער פאַקטאָר, און אַפילו פון שטרענגסטן שטאַנדפּונקט פון שולחן ערוך וואָלט געווען שווער צו ברענגען וואָגיקע טענות קעגן באַנוצן אַן אַנדער לשון אין די תפילות. דאָך, האַלט פראַנקל, אַז העברעאיש ווי די שפּראַך פון קבלת התורה, פון די נביאים, וואָס אַלע יידישע דורות האָבן אין איר אַריינגעגאָסן זייער צער און זייער פרייד, אָט דאָס מאַכט די דאָזיקע שפּראַך פאַר אונדז הייליק, אירע טענער קלינגען אָפּ אין אונדזערע הערצער און וועקן דערהייבענע געפילן. די דורכויס רעליגיעזע פּערזענלעכקייט, ווי עס איז געווען זכריה פראַנקל, האָט גיכער געקאָנט ביי זיך פועלן צו פאַרטראָגן ווען מען האָט זיך פאַרנומען צו בייטן פונדאַמענטאַלע דינים איידער ווען מען האָט אויסגעדריקט גלייכגילטיקייט צו אַן איינפיר. העברעאיש אין די תפילות, וואָס זיין סימבאָלישע טבע האָט פאַרמעל און דירעקט ניט צו טאָן מיט דער וועלט פון אמונה.

אַוודאי האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיטן צייטגייסט וואָס האָט דערלויבט מער פרייהייט אין שייכות צו הלכהשע נאָרמען, ממילא אויך מער פערזענלעכן אויסקלייב ביים צושרייבן וויכטיקייט צו אַ סימבאָלישן אויסדרוק. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו באַמערקן דעם כאַראַקטער פון דער יידישער סימבאָליק, אַז אונטערן דרוק פון ענדערונגען אינעווייניק און אין דרויסן, קאָן זיך איבערטראָגן דער אַקצענט פון איין פונקט פון דער סיסטעם צום צווייטן כדי אויפצוהאַלטן די גלייכוואָג פונעם גאַנצן.

עס איז אָבער פאַראַן אַ מעגלעכער טעות ביים פאָרמולירן די טבע

פון אַזעלכע ענדערונגען. איך האָב אין זינען דאָס וואָס גייגער האָט דערזען אין שפּראַך אַ ריין־נאַציאָנאַלן מאָמענט. ווען מען צעטיילט באַגריפן לויט לאָגישע קאַטעגאָריעס איז גאַנץ ריכטיק אָפּצוטיילן רעליגיעזע פון נאַציאָנאַלע מאָמענטן. אָבער ווען מען וויל דאָס אָנווענדן אויפן רעאַלן גאַנג פון יידישן גייסטיקן לעבן, קאָן דאָס ווערן ערנסט פאַרפּירעריש. נעמט מען צוזאַמען, ראשית, די פונקציע פונעם סימבאָלישן אויסדרוק און, שנית, דעם באַגריף פון קאָלעקטיווער הסכמה ווי אַ פּוסק אחרונדיקן פאַקטאָר אין יידישן שטייגער, דעמאָלט קאָן מען לייכט געפינען, לויט צייט און באַדינגונגען, דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט אין לייגן תפילין פּונקט ווי עס לאָזט זיך אַרויסשיילן אַ רעליגיעזן עלעמענט אין הלבשה און שפּראַך. פאַר ביידע זענען די נטורי קרתא גרייט זיך מוסר נפש צו זיין, און זיי האָבן זיכער ניט דערביי קיין באַוואוסטזיניקע נאַציאָנאַלע כוונות אין סעקולערן זינען פונעם וואָרט.

מען דאַרף אפשר מוסיף זיין, אַז דאָס וואָס האָט געקאָנט אַזוי שטאַרק באַאומרואיקן אַזאַ יידן ווי זכריה פראַנקל, איז געווען ניט בלויז דער לשון־קודשדיקער כאַראַקטער פון העברעאיש. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן לשון קודש אין די תפילות, אין דאַוונען, וועגן אַן אייגנאַרטיקן סימבאָל פון אַ לשון, וואָס איז טאַקע אָנגעזאַפּט מיט אַ ספּעציפיש־פאָלקישער טראַדיציע, וואָס איז אָבער איצט דער יסוד פון אַ היסטאָריש־נאָרמירטן ריטואַל, דעם העכסטן אויסדרוק פון סימבאָלישן לעבן.

פאָלקישע ריטואַלן קאָנען זיין אַזוי פאַרוואָרצלט אין אַ ספּעציעלער נאַציאָנאַלער געשיכטע, אַזוי ספּעציפיש אין אַ געגעבענער קולטור, אַז דרויסנדיקע וועלן האָבן שוועריקייטן זיי צו פאַרשטיין. אַזאַ סיסטעם פון סימבאָלן און ריטואַלן איז פאַראייניקט אין דער ענגלישער מאָנאַרכיע. פאַר דרויסנדיקע מאַכט עס אָפּט דעם איינדרוק פון אַ מאָדנער נאַציאָנאַלער שפּילצייג פון אַ כלומרשט רעגירנדיקער קרוין וואָס רעגירט ניט. אָט זעצט מען אַוועק אַ דורכשניטלעכן, אַמאָל וויניקער פון דורכשניט, מאַן אָדער פרוי, מיטן גאַנצן פּראַכט און גלאַנץ פון אַמאָליקע זעלבסטהערשערישע מלכים, און מען ציט שטריקלעך זיי זאָלן זיך באַוועגן ווי אויפגעבלאָזענע ליאַלקעס. אַרום דער ענגלישער מאָנאַרכיע ווערן אויפגעשפּילט פאַרשיידענע צערע־מאָניעס און ריטואַלן כדי צו מאַכן אַן ערנסטן איינדרוק. אָבער דאָס איז בלויז אַ קוק פון אַ דרויסנדיקן וואָס איז ניט בכוח איבערצולעבן דעם באַצווינגענדיקן כוח פון יענעמס היסטאָרישער טראַדיציע. דער ענגלענדער, אינטעליגענטער און פּראָסטער צוגלייך, זעט די זאַך ניט וויניקער קלאָר. אָבער ער זעט זי אַנדערש, ער זעט זי מיט אויגן וואָס האָבן באַקומען זייער חוש הראיה אין דער אייגענער היים.

ריטואַלן באַשטייען אייגנטלעך פון פאַרשיידענע פּרטים; זיי זענען אָרגאַניזירט אין באַשטימטע פיגורן וואָס נעמען אין זיך צונויף סימבאָליש

צעוואָרפענע שטימונגען, געפילן און אידייען, וואָס דאָס אומפאַרמיטלטע לעבן אין אונדז רופט אַרויס. זיי דראַמאַטיזירן אַ גייסטיקע הימ־ספערע וואָס מיר באַטייליקן זיך אין איר מיט אַן איינגעשטילטן, אינערלעכן דינאַמיזם און לעבן איבער מאָמענטן ווען מיר דערפילן מיט פאַרטיפטער אַבסאָלוטקייט די אייגענע עקזיסטענץ. ביי יידן, וואו דער פאַקטאָר פון פאָלקישער, היסטאָרישער טראַדיציע ליגט אין סאַמע וואָרצל פון יידישער דערפאַרונג, שפּילט אַ סך אַ גרעסערע ראָלע — ספּעציעל אין גלות־באַדינגונגען — די דראַמאַטיזירטע הימ־ספערע וואָס ווערט סימבאָליש אויפגעבויט אינעם ריטואַל.

## יידישע וועלטלעכקייט

טראַדיציעס, סימבאָלן, ריטואַלן, ווי דאָס לעבן בכלל, בלייבן ניט שטיין אויף איין אָרט. זיי ווערן געביטן, טייל פאַרשווינדן, נייע קומען אויף, עס איז אַלץ געווענדט אין מאַטעריעלע און גייסטיקע אַנטוויקלונגען אין דער וועלט בכלל און אין אונדזער אייגענער וועלט בפרט. יידן זענען נאַטירלעך ניט אַנדערש פון אַנדערע פעלקער, און אויך ביי אונדז האָט מען זיך געמעגט ריכטן אויף אינערלעכע ענדערונגען אין די לעצטע צוויי דורות. אָבער אויב דער פריערדיקער צוגאַנג צו אָט די איינפירן אין מענטשלעכן לעבן איז ריכטיק, דעמאָלט דרינגט פון דעם אַרויס, אַז מען דאַרף זיין געהיט און געוואָרנט אין דעם וואָס עס ווערט פאַרוואָרפן, וואָס עס ווערט אָנגענומען און בכלל דאַרף מען מיט ניכטערן ישוב הדעת דורכנעמען אַלע פּראָבלעמען וואָס וואַקסן דערפון אַרויס. ליידער איז ביי אונדז ניט אַזוי פאָרגעקומען. מען קאָן פאַרשטיין פאַרוואָס עס איז אַזוי געשען, אָבער דערפון ווערט ניט לייכטער דער קריזיס צו וואָס דאָס האָט געפירט, אַ קריזיס וואָס איז נאָך קריטישער דערמיט וואָס ער זעט זיך אין דרויסן ניט אָן, כאָטש ער פרעסט אונדז פון אינעווייניק.

יאָ, מען קאָן פאַרשטיין פאַרוואָס עס איז אַזוי געשען. עס זעט אויס צו זיין אַ מכת מדינה. אַן אַרבעט פון אַרין ע. קלעפּ, וואָס איז ניט לאַנג צוריק אַרויס אונטערן נאָמען ריטואַל און קולט, הייבט זיך אָן אַזוי: „דער מאָדערנער מענטש האָט מורא פאַר ריטואַל. עס איז פאַר אים אַ שרעקוואָרט וואָס דריקט אויס עפּעס וואָס איז מאָדנע, באַרבאַריש און אומראַציאָנעל...” דער דאָזיקער סאָציאָלאָג ווייזט אָן, אַז דער אומחן וואָס דאָס וואָרט רופט אַרויס, האָט ניט געשטערט אַז דאָס לעבן, אויך דאָס מאָדערנע לעבן, זאָל זיין אָנגעפּיקעוועט מיט ריטואַלן. אָבער אויך דער אומחן איז געקומען ביסלעכווייז און איז באמת ניט צו ערנסט. ביי אונדז איז אַנדערש געשען. עפּעס אַזוי ווי אין איין שיינעם טאָג, צווישן דעם סוף פונעם פריערדיקן יאָרהונדערט און דעם אָנהייב פונעם איצטיקן, האָט זיך אַ דור געגעבן אַ ריס

אַוועק פון אַן אַלט, איינגעפונדעוועט לעבן, זיך גענומען יאָגן מיט אַ געפיל פון אינפאַנטילן נצחון אין אַ וועלט פון פאַרמלאָזן יידישן זיין, וואָס מען האָט שפּעטער אַ נאָמען געגעבן וועלטלעכקייט.

וועלטלעכקייט האָט ביי אונדז, קודם כל, שטאַרק געזינדיקט דערמיט וואָס זי האָט פאַרשוויגן, אָדער בלויז פאַרבייגייענדיק אַרויסגעבראַכט, זייער וויכטיקע הנחות פון איר קוק אויף די סאָציאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן אין אונדזער לעבן. אָבער אין דעם פּרט קאָנען מיר זיך טרייסטן מיט ווייטהעדס אַן עצה: „ווען איר קריטיקירט די פילאָסאָפיע פון אַן עפּאָכע, שטעלט זיך ניט אָפּ דער עיקר אויף די אינטעלעקטועלע פּאָזיציעס וואָס אירע אָנהענגער געפינען פאַר נייטיק אָפּן צו פאַרטיידיקן. עס זענען פאַראַן טייל פונדאַמענטאַלע הנחות וואָס אָנהענגער פון אַלע מינים סיסטעמען אין אַן עפּאָכע נעמען אָן אומבאַוואוסטזיניק. אַזעלכע הנחות זעען אויס צו זיין אַזוי פּשוט, אַז מענטשן ווייסן גאָר ניט אַז זיי נעמען זיי אָן, ווייל זיי כאַפּן זיך ניט אַז מען קאָן פאָרמולירן זאַכן אויף אַן אַנדער אופן".

דער געדאַנק פון וועלטלעכקייט באַשטייט אין דעם וואָס ער צעשפּאַלט אַלץ וואָס איז יידיש אויף רעליגיעז און וועלטלעך און נעמט אָן בלויז דאָס צווייטע. די טעאָרעטיקער פון דער דאָזיקער אָפּעראַציע שטאַמען אַלע פונעם זייער אומוועלטלעכן מזרח־אייראָפּע. זיי אַליין האָבן באַקומען אַ זייער אום־וועלטלעכע דערציאונג און איינגעזאַפּט אין זיך ביז די וואָרצלען פון דער פערזענלעכקייט די טיף־גראָבנדיקע השפּעות פון ניט־צעשפּאָלטענעם יידישן קולטור־לעבן. אָבער וועלטלעכקייט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַן אַלגע־מיינע טעאָריע פון יידן און יידישקייט אָן שום חשד אַז די גאַנצע טעאָריע שטאַמט פון מזרח־אייראָפּע און קאָן אפשר בלויז אָנגעווענדט ווערן אין יענע לאָקאַלע גרענעצן.

נאָך מער, ניט בלויז אין יענע גרענעצן, נאָר אויך ביז אַ באַשטימטער צייט. וואָרעם נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די מערביזאַציע פונעם יידישן מזרח־אייראָפּע אָנגעגאַנגען מיט אַזעלכע אייליקע טריט, אַז אַן אַנאַליז פון דער לאַגע, וואָס איז, לײדער, ניט געמאַכט געוואָרן אין שייכות צום וועלטלעכקייט־געדאַנק, וואָלט אפשר געפירט מען זאָל דעטאַלער אַנאַליזירן די באַגריפן „רעליגיע" און „וועלטלעכקייט" אין יידישן לעבן.

דאָ, אין אַמעריקע, זענען אויפגעקומען גאַנץ שטאַרקע ראיות צו באַווייזן, אַז דער געדאַנק וועגן אַ ריינער, אומבאַפלעקטער יידישער וועלטלעכקייט האָט בלויז געקאָנט געבוירן ווערן אין אַמאָליקן מזרח־אייראָפּע און ביי מענטשן וואָס האָבן טאַקע באַוואוסטזיניק פאַרטיידיקט וועלטלעכקייט, אָבער אין האַרצן, בירושה, האָט אַ קרעפּטיקע, ריטואַל־אָנגעלאָדענע רעליגיע אויסגע־שמידט זייער יידישקייט. אויך דאָ אין אַמעריקע, איז פאַראַן אַ וועלטלעכקייט, אָבער פון אַן אַנדער סאָרט, פון אַזאַ סאָרט וואָס אונדזערע עלטערע, היימישע

וועלטלעכע וואָלטן ניט געקאָנט זיין צופרידן דערמיט. דאָ, ווען איר לייגט פּאָר טייל אַמעריקאַנער יידן זיי זאָלן זיך אַקטיוו באַטייליקן לטובת אַ יידישן צוועק, אַפילו פון אַן אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, וועט איר אָפט הערן דעם אָפּזאָג: „איי עם נאָט רעלידזשיאָס", ד"ה, אויב ער איז ניט רעליגיעז האָט ער ממילא קיין שייכות ניט צו יידן. אַזוי קאָן וועלטלעכקייט ווערן אַן אויסדרוק פון פולער אַנטיידישונג, ווען זי איז ניט געבוירן און געהאָדעוועט געוואָרן אין דער געוואַלדיק־אומוועלטלעכער יידישער לופט פון אַמאָליקן מזרח־אייראָפּע.

וועלטלעכקייט גייט געוויינטלעך צוזאַמען מיט יידיש, אָדער יידישיזם. קומט אויס, אַז זי איז אין זיך כולל די הנחה אַז שפּראַך און שפּראַך־פּראָדוקטן, אַחוץ די סימבאָלישע פונקציעס וואָס זיי האָבן אויף זיך ווי יעדע שפּראַך, קאָנען נאָך דערצו נעמען אויף זיך די עובדא צו זיין די איינציקע סימבאָלישע סיסטעם אויסצודריקן און שטאַרקן די גאַנצע וועלט פון פּסיכישע איבערלעבונגען, וואָס אידענטיפיקאַציע מיט פאָלקיש לעבן איז מחייב. נאָך מער, די יידיש־וועלטלעכע ריכטן זיך אויף אַז די נייע דורות, וואָס יידיש איז שוין אין עכטן זינען פון וואָרט ניט מער זייער מוטערשפּראַך — און איז ניט פאַרבונדן אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן מיט קיין שום מאָמענט אין אַקטיווער יידישקייט — זאָלן פונדעסטוועגן אָננעמען די שפּראַך ווי אַן אויסדרוק פון פאָלקישער סימבאָליק. ווען מען האָט דאָס אין זינען זעט מען ווי פאַרפירעריש אַזאַ הנחה קאָן זיין.

בכלל, די סימבאָלישע בייגעוודיקייט פון שפּראַך האָט פעסטע גרענעצן וואָס מען קאָן ניט אַריבערשטייגן. ווערטער האָבן באַשטימטע טייטשן, און ווי לויז מיר זאָלן זיי ניט באַנוצן, קאָן זיך דאָס אַלץ ניט פאַרגלייכן מיט דער פרייהייט פון אַריינטייטשן און אַרויספילן, ווי מיר קאָנען עס דערגרייכן אין די באַוועגונגען פון אַ טאַנץ, אין די פאָרמען פון אַ מנורה, לוחות, אינעם קלאַנג פון אַ שופר. דער פאַרגלייך צווישן דעם מעגלעכן עקסטאַז פון אַ ניגון און די אָפּקילנדיקע לופט וואָס ווערטער קאָנען אַריינברענגען, איז די בעסטע ראיה אויף ווי ווייט שפּראַך איז באַגרענעצט ווען זי ווערט אַרויסגענומען פון איר ספערע צו באַדינען ברייטערע, אַלגעמיינערע סימבאָלישע ווערטן. פרץ האָט ריכטיק געפילט ווען ער שטעלט אַוועק אין זיין גילגול פון אַ ניגון, אויפן העכסטן שטאַפּל דעם ניגון אָן ווערטער. מיר קאָנען דעריבער פאַרשטיין ווען אַ מענטש וואָס זיין נאָענטסטע שפּראַך איז ענגליש איז אומצופרידן ווען מען בעט אים איבערצוגעבן אַ פאַראינטערעסירטן פּונקט אין יידיש. דער וואָס רעדט יידיש, אויב ער פאַרשטייט ענגליש, וויל דאָך דעם יידיש ווי אַ מין ריטואַל, אָדער סימבאָל. אָבער דער אַנדער צד האָט אין זינען שפּראַך ווי אַ סיסטעם פון סימבאָלן, וואָס דורך זיי איז אים צום באַקוועמסטן איבערצוגעבן דעם זינען פונעם פאַראינטערעסירטן פּונקט. איז

ער אומצופרידן ווען מען פאַרלאַנגט פון אים ער זאָל באַנוצן אַ לשון וואָס זאָל סימבאָליש באַדינען עפּעס אַזוינס וואָס האָט גאָרניט וואָס צו טאָן מיטן פּונקט וואָס אין אים איז ער איצט פאַראינטערעסירט, בפרט נאָך אַ לשון וואָס אין אים איז ער אָרעם אין וואָקאַבולאַר און ניט געניט אין סינטאַקס.

דאָ זעט זיך אויך אַרויס די הימל־ווייטע נפקא מינה צווישן וועלטלעכן יידישיזם און דעם וועלטלעכן העברעאיזם. ביי די העברעאיסטן איז די שפּראַך תמיד געווען בלויז אַ באַגלייטנדיקער מאָמענט אין אַ ווייט־גרייכנדיקער סיסטעם — ציוניזם, ארץ ישראל, קיבוץ גלויות — וואָס איז אין זיך גופא געווען אָנגעטרונקען מיט סימבאָלישער און ריטואַלער עשירות. דער העברעאיש פון די העברעאיסטן — פאַרן אויפקום פון דער מדינה — לאָזט זיך בלויז פאַרגלייכן מיטן יידיש פון די עקסטרעם־פרומע יידן וואָס ביי זיי איז די שפּראַך געוואָרן בלויז אַ נאַטירלעכער אינסטרומענט אין סימבאָלישן לעבן פון אַ סאַנקציאָנירטער, פונקציאָנעלער יידישקייט, ווי למשל, ביים לערנען גמרא, אָדער ביים „רבותי, מיר וועלן בענטשן“. ווען יידיש זונדערט זיך אָפּ פון אַלע אַנדערע ספּעציפיש־יידישע ווערטן און פאַרבלייבט אין שטאָלצער אַליינקייט ווי אַן איינציקער יש צו פאַרזיכערן אונדזער קיום, איז דאָס אַ העלדישקייט וואָס מען קאָן באַוואונדערן, אָבער נאָך מער באַדויערן די בלינדקייט וואָס אין דעם שטעקט.

וועלטלעכקייט איז ביי אונדז אויפגעקומען ווי אַ פּראָטעסט קעגן די אָנגעזאַמלטע אַלטפרענקישקייטן אין אונדזער רעליגיעזער וועלט און קאָן זיך ביזן היינטיקן טאָג ניט באַפרייען פון די שטימונגען וואָס פּראָטעסט איז מחייב. די פּראָטעסט־שטימונג קעגן רעליגיע נעמט אַרויס די אַנטראָפּאָמאָרפישע פּאָעזיע פון רעליגיעזער רעטאָריק און שטעלט עס אַוועק אין בוכשטעבלעכן טייטש ווי דאָס איינציק־מעגלעכע, עכטע און אויפריכטיקע וואָס רעליגיע איז מחייב. ממילא דאַרף מען זיך בלויז, האַלטן די וועלטלעכע, באַציִען מיט רעספּעקט צו עכט־גלויביקע פּונקט ווי צו קינדער וואָס זענען ערנסט אַריינגעטאָן אין זייער שפּיל. אָבער דאָ איז ניט שייך צו פירן וויכוחים. אין וועלטלעכער לאַגער ווערט די רעליגיעזע ניט געגעבן דאָס רעכט פון אַ גלייכן שותף אין יידישער קאָנטראָווערסיע, פּונקט ווי דאָס ווערט געגעבן פאַרשיידענע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס.

דאָס וועט דערקלערן דעם פאַקט, וואָס בעת די אינטעלעקטועלע וועלט בכלל און די יידישע בפרט, זענען לעצטנס אויפגערודערט געוואָרן פון נייע רעליגיעז־פילאָסאָפישע אַנטוויקלונגען, האָט עס קיין שום אָפּקלאַנג ניט אַרויסגערופן אין דער ליטעראַטור אָדער אויף דער לעקציע־פּלאַטפאָרם פון וועלטלעכן קרייז. רעליגיעזע אימפּליקאַציעס מצד איינעם אָדער אַן אַנדערן קאָנען ביי אונדז העכסטנס אַרויסרופן בייזע פּאָלעמיק, קיינמאָל ניט קיין ערנסטע שקלא וטריא. דאָ ווייזט זיך אויך אַרויס אויף ווי ווייט יידישע וועלטלעכקייט

האָט זיך ניט אַוועקגערוקט פון אירע ערשטע פּראָטעסט־יאָרן מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. אין פּאָלעמישן צאָרן קעגן הייַנטיקע רעליגיעזע שטימונגען ווערט געוויינטלעך געבראַכט דער זיידע, אָדער עלטער־זיידע פון היימישן שטעטל, ווי דער איינציקער, עכטער מוסטער פון יידישן רעליגיעזן אויפפיר.

צווישן די ניט־אַרויסגערעדטע הנחות פון אונדזער וועלטלעכקייט איז פאַראַן איינע וואָס ניט בלויז ווערט זי פאַרשוויגן, נאָר מען וואָלט אפשר אָפּגעלייקנט אַז זי עקזיסטירט ווען אַזאַ פעסטשטעלונג זאָל געמאַכט ווערן. דאָס איז די הנחה, אַז פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע דאַרפן מיר אַרויסנעמען בלויז די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר, אפשר הונדערט יאָר, ווי אַן עפּאָכע וואָס האָט אַ דירעקטע, לעבעדיקע שייכות צו אונדז. די איבעריקע קאָנען זיין העכסטנס ווי אַ לימוד צו לערנען מיט קינדער, אָדער ווי עפּעס וואָס מען קאָן לייענען אין ביכער, ניט מער.

ווען עס קומט צו געדענק־טעג נאָך גרויסע יידישע, שאַפנדיקע פּער־זענלעכקייטן, ווען די וועלטלעכע אַרויסהייבן, פייערן דורך פּאַסיקע ריטואַלן, בלויז אַזעלכע וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן צווישן אונדז אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר. אַלע איבעריקע פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע, פון אַלע צייטן און לענדער, ווערן נאַאיוו איגנאָרירט. ימים־טובים ווערן געפייערט אין די יידיש־וועלטלעכע שולן לויט דער צופעליקער איינזעעניש פון לערער. עס איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין שום פּרוּוון צו שאַפן די אויטאָריטעט וואָס זאָל פעסטשטעלן נאָרמען לויט וועלכע ימים־טובים זאָלן געפייערט ווערן אין דער היים. די וואָס האָבן זיך באַמיט עפּעס צו טאָן אין דעם, האָבן קיין הצלחה ניט געהאַט. כדי צו באַטראַכטן ערנסט אַזעלכע ענינים, כדי צו פילן די נייטיקייט אַז מען זאָל דורך פּאַסיקע און ערנסטע פּראָצעדורן האַלטן וואַך און לעבעדיק דעם גרויסן, יידישן היסטאָרישן זכרון, דאַרף מען ביי זיך אין האַרצן פילן דעם פולן עכאָ פון דעם וואָס „היסטאָריש פאָלק" איז מחייב. צווישן די וועלטלעכע זענען פאַראַן געניג וואָס פאַרשטייען עס אויסגעצייכנט. אָבער דער גאַנג פון דער וועלטלעכקייט־באַוועגונג איז געוועזן אַזאַ, אַז זי האָט אירע אָנהענגער פסיכאָלאָגיש אָפּגעריסן פון יידישער היסטאָרישער אָריענטאַציע.

ד"ר מרדכי מ. קאַפּלאַן, דער פירער פון די רעקאָנסטרוקציאָניסטן, האָט אַנומלטן געשריבן וועגן דער וויכטיקייט אַז יידן זאָלן אויסאַרבעטן פאַר זיך אַ ראַציאָנאַל, אַ לאָגישע באַרעכטיקונג פאַרוואָס מיר דאַרפן זיין יידן. און ער האָט טאַקע פאָרמולירט אַזאַ ראַציאָנאַל. אין פלוג וואָלט מען געדאַרפט טראַכטן אַז מער פון אַלע יידישע גרופּירונגען וואָלטן וועלטלעכע יידן געדאַרפט האָבן אַ דורכגעטראַכטן ראַציאָנאַל. באמת, פון אַ וועלטלעכן שטאַנדפּונקט, וואָס גייט אונדז אין לעבן דווקא צו האָבן יידיש, מיט וועלטלעך, מיט יידן

בכלל? צו וואָס די „גאַנצע חתונה״? אָבער דעם ענטפער האָבן מיר, אגב, גאַנץ אָפט געהערט אין פאַרשיידענע נוסחאות: עס איז נאַטירלעך מיר זאָלן זיין יידן, פונקט ווי אַנדערע פעלקער זענען נאַטירלעך דאָס וואָס זיי זענען.

דער דאָזיקער קוק איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַזעלכע וואָס לעבן נאָך אַלץ פסיכיש אין אַמאָליקן מזרח־אייראָפּע. זיי האָבן ניט דערלאָזן אַז די ענדערונגען פון נייע צייטן און נייע פּייגל זאָלן זיי אָנרירן. מיר לעבן אין תנאים ווען יידיש לעבן, לכל הפּחות, אַקטיוו און בכיוונדיק יידיש לעבן, הערט אויף אַריינצודרינגען אין די נייע דורות מיט דער אַמאָליקער צוציענ־דיקער נאַטירלעכקייט. באַוואוסטזיניקע יידישע אָנגעהעריקייט הייבט אָן צו ווערן אַ ווילי׳קער אַקט און מיר דאַרפן זיין גרייט אויפצונעמען אַ ווילי׳קע אָנשטרענגונג. וועלטלעכקייט האָט טעאָרעטיש אָפּגעשאַפט די גאַנצע סיסטעם פון יידישן ריטואַל, ווייל אויב נאַטירלעך — אַזוי איז געווען די אילוזיע — זענען דאָך די דאָזיקע „שמאָכטעס״ ניט נויטיק. כאָטש דאָס איז לכתחילה געווען אַ טעות, איז געקומען אַ פאַרשאָלטענער טאָג און מיט דער טראַגעדיע פון חורבן אונטערגעשריבן דעם טויט־אורטייל אויף אַן אַלטער, איינגע־וואָרצלטער היים וואו נאַטירלעכקייט האָט זיך נאָך אַלץ געקאָנט לייגן אויפן שכל. היינט באַשטייט אַ גרויסער חלק פון אַקטיווער יידישקייט אין אַ ווילן צו זיין אַ ייד.

אין אַ יידיש בוך וואָס איז אַרויס אין 1940 געפין איך דעם וויטערדיקן זאַץ: „די טבע פונעם צעזייטן יידישן לעבן איז אַזאַ, אַז קיינער פון אונדז קאָן ניט זינדיקן קעגן דעם פּרינציפּ פון סינאַגאָגישער אָרגאַניזירטקייט און בלייבן אומבאַשטראָפט״. אַלע פסיכישע עלעמענטן וואָס לעבן זיך אויס אין יידישער אָנגעהעריקייט קאָנען בלויז וואַקסן און זיך איבערגעבן צו ווייטערדיקע דורות ווען זיי ווערן אויסגעדריקט אין היסטאָרישע ריטואַלן, כאָטש צוגעפּאַסט צו צייט און באַדינגונגען וואָס רינגלען אונדז אַרום. דאָס שטענדיקע האַמערן אויף „קולטור״ איז, ווי מען זאָגט, צו ווינציק און צו שפּעט. אַזאַ צוגאַנג פירט סוף כל סוף דערצו, אַז אַלץ וואָס מיר נעמען אונטער זאָל זיך פאַרענדיקן מיט אַ ביכער־פאַרלאַג. דאָס איז אפשר גענוג אַז אַ דור זאָל ווי עס איז קאָנען דערציען ביז זיין נאַטירלעכן סוף, אָבער זיכער צו ווייניק ער זאָל בלייבן לעבן אין אַ קומענדיקן דור.

דאָס פריער־געזאָגטע קאָן מאַכן דעם איינדרוק פון אַן עצה, מען זאָל פאַרוואַרפן וועלטלעכקייט און ווערן רעליגיעז. ווען עמעצער זאָל עס אַזוי פאָרמולירן וואָלט איך, דעם אמת געזאָגט, ניט פאַרשטאַנען דעם באַטייט פון די צוויי ווערטער, וועלטלעכקייט און רעליגיע, אינעם דאָזיקן קאָנטעקסט. עס וועט דעריבער בעסער זיין צו אָפּערירן מיטן זינען פון געדאַנקען איידער מיט סטאַנדאַרדיזירטע ווערטער.

עס איז פאַר מיר שוין לאַנג קלאָר, אַז דאָס סאַמע צעשפּאָלטן יידישקייט

אויף רעליגיעז און וועלטלעך איז אַן אָפּעראַציע וואָס קאָן זיך קיינמאָל ניט איינגעבן. דער וואָס לעבט אין דער אָפּגעשפּאָלטענער וועלטלעכקייט וועט מל זיין זיינע זין, פירן צו דער חופה זיינע קינדער, ניט פילן דעם דיסאָנאַנס צווישן זיין רעוואָלטירנדיקער וועלטלעכקייט און זיין באַגייסטערונג פאַר פּרצס חסידישע מעשיות און וועט באַשטיין דווקא אויף אָראָפּנעמען דאָס היטל ביי אַ לוויה, וואָס איז פּונקט אַזאַ קריסטלעכער רעליגיעזער מנהג ווי ביי אונדז דאָס ניט אַראָפּנעמען. דער רעליגיעזער ייד איז אין אַלע צייטן געווען דער אָנפירער פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן וואָס איז דאָך נאַטירלעך פול מיט וועלטלעכע התחייבותן. עס וועט דעריבער זיין אַ סך ריכטיקער צו רעדן וועגן יידישע טראַדיציעס, צי דאָס איז דער חוב פון לערנען יידישע ענינים, צי דאָס איז לשון, צי דאָס איז ריטואַלע דראַמאַטי־זאַציעס, צי דאָס איז זיך האַלטן ביי געוויסע הלכהשע נאָרמען וואָס דער סימבאָלישער כאַראַקטער פון טייל פון זיי איז שוין געוואָרן, לויט ד״ר זשיטלאָווסקיס פאָרמולע, אַ מין „פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער יידישער רעליגיע״, אין דער אמתן אַ סך מער ווי עס וויל האָבן די דעקאָראַטיווע הוילקייט פון דער געבראַכטער פאָרמולע.

דער אָנהייב פון אַ צעשפּאָלטונג צווישן רעליגיע און ניט־רעליגיע אין אונדזער לעבן ווערט געוויינטלעך צוגעשריבן צום גייסט וואָס די השכלה האָט מיט זיך געבראַכט, אָבער אַ שטעלונג פון אויסגעהאַלטענעם סעקולאַריזם איז ערשט געקומען צוזאַמען מיטן מאַרקסיסטישן אַטעאיזם, מיט דער פילאָ־סאָפיע וואָס האָט געקאָנט זען אין גייסטיקן לעבן בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון עקאָנאָמישע פּראָצעסן. די לופט פון דער גאַנצער מערבדיקער וועלט איז שוין לאַנג געווען גרייט פאַר אַזעלכע געדאַנקען. ווען איפּאָליט טען האָט פאַרעפנטלעכט זיין דער אָפּשטאַם פון איצטיקן פראַנקרייך האָט ער געלאָזט וויסן, אַז ער וויל שטודירן די ענדערונג אין פראַנקרייך ווי אַ פּועל יוצא פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אַזוי ווי ער וואָלט שטודירט „די מעטאַ־מאָרפאָזן פון אַן אינזעקט״. היינטיקע צייטן וואָלט אַ פאָרשער געפילט אַז אַזאַ פאַרגלייך נעמט אַוועק צופיל, ניט בלויז פון דער אומגעהייערער פאַר־פלאָנטערטקייט פון מענטשלעכן לעבן, נאָר פון דער גרינטלעכער אַנדערשקייט פון מענטשלעכן מין, ער וואָלט ניט געווען צופרידן מיט אַזאַ מעכאַניסטישער ביאָלאָגיע ביים אַנאַליזירן מענטשלעכן לעבן.

ווען מיר דערנענטערן זיך צו יידן בלייבן מיר פאַרגאַפט אין אָנגעזיכט פון אַן איינגעשפּאַרטער רעטעניש. דאָ, אין אַמעריקע, לעבן מיר אין אַ לאַנד וואו צענדליקער קולטורן, גרויסע עטנישע ירושות, ווערן אָפּגעווישט, גייען אונטער, אויך מיר קומען אַרויס בשן ועין פון דאָזיקן פּראָצעס, אָבער דאָך האַלט אונדז אין אייזערנע פויסטן אַ פאַרבלייבנדיקער כוח. עס וואַקסט אומגעהייער די צאָל גלייכגילטיקע צו אונדזער מאָרגנדיקן גורל, אָבער זיי

שאַרן זיך ווי בלינדע אַרום אונדזערע ראַנדן, עפּעס ווי זיי וואָלטן ניט געקאָנט דערטאַפּן צום וועג ניט אויף ווייטער אַרייַן, ניט אויף אינגאַנצן אַרויס.

אַלע דערקלערונגען, ראַציאָנאַלן, טרעפעניש, וואָס ווילן זיך דערגראָבן צום סוד פון יידישן זייַן, מאַכן עפּעס קלאָר, אַנטפּלעקן אַ פּינטעלע דאָ, אַ קרישקע דאָרטן, אָבער סייווי פאַרדעקט דער שאָטן מער ווי דאָס ליכט דעקט אויף. אָט טרעפט מען מענטשן, יידן, וואָס זענען אַזוי ווייט פון דער ירושה וואָס אונדזערע אָבות האָבן אונדז איבערגעגעבן, וואָס זייער יידישקייט איז אַזוי שפּל און חסר־לחם — און דאָך טוליען זיי זיך צו אונדז מיט אַזאַ אומגעשטילטער תאווה. קאָן מען דען בלייבן בלויז ביי שכלדיקע ראיות דאָס צו באַנעמען?

אָט האָבן מיר איבערגעלעבט די אומבאַשרייבלעכע תוכחה וואָס נאַציזם און קאָמוניזם האָבן אויסגעגאָסן אויף אונדזער פאָלק. דער מאָדערניזירטער פרעגט ביים פרומען: „ווי קאָנט איר נאָך גלויבן אין גאָט וואָס האָט דערלאָזט צו דעם אַלעם?" און ער פילט ניט, דער אומגלויביקער, אַז דאָס זעלביקע קאָן מען פרעגן פאַרקערט: „איר זעט דאָך די טראַגעדיע פון אונדזער לעבן, פאַרוואָס בלייבט איר נאָך צווישן יידן?" עס זעט אויס ווי די ביידע קשיות וואָלטן גאָר קיין שייכות ניט געהאַט איינע מיט דער צווייטער, אָבער אין דער אמתן איז דאָך דאָס די זעלביקע פראַגע, ווייל בלייבן ביים גאָט און בלייבן ביים פאָלק זענען דאָך פשוטע סינאָנימען אין דאָזיקן קאָנטעקסט, צוויי זייטן פון דער זעלביקער מטבע, ווען עס רעדט זיך וועגן יידן.

אָט די אַלע איבערלעבונגען מוזן היינטיקע צייטן ווערן שטאַרקער, טיפער, אינטענסיווער, ווייל יידיש לעבן האָט אויפגעהערט צו ווערן אַזוי נאַטירלעך און אַזוי נאַטירלעך־שאַפעריש אין די לענדער פון אונדזער צעשפּרייטקייט, ווי דאָס איז געווען אין די יידישערע טעג פון נעכטן־אייערנעכטן. ווערט טאַקע שווערער פאַר אַ יידן וואָס לעבט דאָס איבער און פילט זיך צוזאַמענ־געוואַקסן מיט זיין יידישן עול, צו באַנוגענען זיך מיט אַריינאָטעמען בלויז דעם שטויב פון דער הושימדיקער רעאַליטעט. ער פילט ווי אַ זינד ניט אויסצונוצן די מעטאַפיזישע ווייכקייט וואָס גאָט האָט אונדז מיט איר באַשאָנקען, זיך צו דערהויבן און אָנצושפּאַרן אַביסל העכער, כדי אַביסל טיפער צו דערשפירן און אַביסל מער צו באַנעמען אונדזער גורל אויף דער וועלט.

געווען אַ צייט ווען דאָס יידישע אין אונדז האָט זיך גענערט פון געירשנטער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. דעמאָלט האָבן מיר זיך געקאָנט פאַרגינען צו האַלטן די אויגן צוגעשמידט צו דער טאָג־טעגלעכער ערד און זוכן ענדגילטיקע תירוצים אויף אַלע קשיות אין די מאַסן און די קלאַסן וואָס מיר האָבן דאָרט געזען. יעצט צייט איז מער ניטאָ. היינט ווערט שווערער צו זיין יידן ווען מען וויל זיך באַנוגענען בלויז מיט די פיזישע אויגן. און,

באמת, ווען מיר שטייגן העכער אויף דער לייטער, ווערט אַלץ בלאַסער און דינער די מחיצה צווישן רעליגיע און ניט־רעליגיע.

דער היסטאָריקער יאַקאָב בורקהאַרט האָט זיך פאַרגונען צו שרייבן: „וואָס איך בוי אויף היסטאָריע איז ניט דער רעזולטאַט פון קריטיק אָדער ספּעקולאַציע, נאָר פונעם דמיון וואָס וויל אָנפילן די לעכער אין מיין אָבסער־ווירן. פאַר מיר איז געשיכטע, צום גרויסן טייל, פּאָעזיע, עס איז אַ סעריע שענסטע און בילדלעכסטע קאָמפּאָזיציעס". אַביסל צו סקעפּטיש, סיידן מען פאַרשטייט אונטער פּאָעזיע אַ געאַנטע רעאַליטעט, וואָס ווערט געוויינטלעך אויסגעדריקט אין סימבאָלישער רעטאָריק, אָבער דאָך אַ רעאַליטעט וואָס שפּיגלט אָפּ אַן אמת פון אונדזער לעבן. דאָרט גיסן זיך צונויף רעליגיע מיט וועלטלעכקייט און די נויטווענדיקע דאָגמעס פוןביידע באַקומען די זעלביקע פאָרם און קלאָר. ניט אָפט איז אונדז באַשערט אויפצוכאַפּן דאָס ליכט פון אַזאַ אומצעטיילטער, פאַרגאַנצטער וועלט, אָבער ווען עס טרעפט, איז דאָס אַ מאָמענט ווען מיר דערפילן זיך נענטער צום אמת. אפשר האָט ר' יהודה הנשיא אויך דאָס געהאַט אין זינען ווען ער האָט געזאָגט: „יש קונה עולמו בשעה אחת" — פאַראַן אַזאַ וואָס דערגרייכט זיין וועלט אין איין שעה, די שעה ווען פון אַ סך ווערט איינס.

(1957)

# יידן זענען אַנדערש

איך ווייס ניט צי עס וועלן זיך אַמאָל אָפּשטעלן די דיסקוסיעס וועגן דעם צי יידן זענען אַנדערש אָדער אַקוראַט די זעלביקע ווי אַנדערע פעלקער. סייווי בין איך חושד, אַז בלא יודעים ווערן ביידע צדדים געטריבן פון אַ באַהאַלטענעם מאָטיוו. לויטן פּסיכישן געשטאַלט פון יידישן לעבן אין דער איצטיקער צייט לייגט זיך אויפן שכל, אַז דער אַלטער, האַלב־פאַרמעקטער מאָטיוו פון „אתה בחרתנו" זאָל שפּילן אַ ראָלע אין די דאָזיקע וויכוחים. ביים צד וואָס האַלט אַז יידן זענען אַנדערש, קאָן זיין אַז די פאָרמולע „אַנדערש" איז אַ מאָדערנער, שעמעוודיק־ראַציאָנאַלער איבערבלייב פון דער אַלטער רעליגיעזער ירושה, אַז מיר זענען אַן „עם סגולה". פאַרקערט, די וואָס האַלטן אַז מיר זענען גלייך מיט אַלעמען, דריקן אויס אַ מורא פאַר דער אַלטער ירושה וואָס קאָן זיך פאַרשטעלן מיט דער נייער פאָרמולע „אַנדערש".

ליידער קאָן די מורא פונעם צווייטן צד אים פאַרפירן אין אַ ווינקל וואָס איז אין גייסט דער היפּוך פונעם מאָדערנעם געדאַנק אין דער היינטיקער צייט. וואָרעם איצט איז שוין ווייניק וואָס געבליבן פון דער נאַאיווער געשיכטס־פילאָסאָפיע וואָס האָט געפּסקנט אַז „אַלע גלייך". ניט קיין גרעסערע הצלחה קאָן מען צושרייבן צום געדאַנק וואָס ביי אים האָבן „קלאַסן" פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די „אייביקע ראַסן". היסטאָריקער, אַנטראָפּאָלאָגן, סאָציאָלאָגן, פּסיכאָלאָגן, דאָס רוב פון זיי איז היינט מסכים אַז פעלקער, אַלע פעלקער, צייכענען זיך אויס מיט באַשטימטע אַנדערשקייטן וואָס לאָזן זיך ווי עס איז אידענטיפיצירן. אמת, ווען עס קומט צו דערקלערן און באַווייזן קאָן מען ניט זאָגן, אַז עס הערשט אַן אַלגעמיין אָנגענומענער הסכם, הן בנוגע צוגאַנג, הן בנוגע רעזולטאַטן. דאָך שטערט דאָס ניט איינצוגיין אויף דער עיקר הנחה, אַז יעדע מענטשלעכע גרופּע, וואָס איז היסטאָריש אויסגעוואַקסן אין אַן אייגענער ראַם פון לעבנס־תנאים און קולטור־פאָרמען, האָט שוין ממילא אַרויסגעבראַכט פון זיך אַ געשטאַלט־כאַראַקטער וואָס טראָגט באַזונדערע אידענטיפיקאַציע־סימנים. דאָס איז ריכטיק, האַלט מען, אַפילו ווען עס איז ניט לייכט צו טייטלען מיטן פינגער אויף דער געשטאַלטלעכער גאַנצקייט פון אַזעלכע סימנים.

פאַרשטייט זיך, אַז אויב דאָס איז ריכטיק וועגן פעלקער בכלל, דאַרף שוין קיין מורא ניט זיין אַז מיר וועלן זינדיקן מיט אומבאַרעכטיקטן „אתה בחרתנו" אויב מיר וועלן פּסקענען אַז יידן זענען אַנדערש, אַפילו ווען עס איז ניטאָ קיין פולע זיכערקייט אין וואָס אָט די אַנדערשקייט באַשטייט. אָבער עס איז קלאָר, אַז איידער מיר מאַכן אַ וויטערדיקן טראָט, איז נייטיק חוקר

ודורש צו זיין די לעבעדיקע פאַקטן. עס דאַרף זיין ניט ווינציקער קלאָר פאַר יעדן בר־דעת, אַז ביים אויספאָרשן די פאַקטן איז, אין דעם פאַל, גוט זיך סומך צו זיין אויף פאַרגלייכן מיט אַנדערע גרופּעס, פעלקער. סיי ענלעכ־קייטן, סיי אונטערשיידן, קומען דעמאָלט אַרויס בולטער און מען קאָן, דורך אַזעלכע פאַרגלייכן, גיכער דערזען אַ גאַנצקייט, אַ געשטאַלט, אויב עס איז באמת פאַראַן.

## מענאָניטן

די מענאָניטן, זענען, ווי באַקאַנט, אַן אַלטע קריסטלעכע סעקטע מיט אַן אייגענעם רעליגיעזן שטייגער. זיי זענען אַ סך מער ווי דאָס. טייל סאָציאָלאָגן געפינען אין זיי אַ היפּשע צאָל ענלעכקייטן צו יידן און טאַקע צוליב דעם, צוליב אַריינקוקן טיפער אין אונדזער אייגן לעבן, איז אינטערע־סאַנט זיך צו באַקענען מיט די באַזונדערע שטריכן פון דער מענאָניטישער גרופּע.

פּראָפעסאָר ע. ק. פרענסיס האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרינטלעכע סאָציאָ־לאָגישע פאָרשונג וועגן די קאַנאַדער מענאָניטן וואָס ער רופט: זוכנדיק אַן אוטאָפּיע: די מענאָניטן אין מאַניטאָבאַ (1955). ער הייבט אָן זיין אַרבעט אַזוי:

„די מענאָניטן אין מאַניטאָבאַ זענען אַ קליינע אָבער דיסטינקטיווע גרופּע אין דער עטנישער מאָזאַאיק פון די עלטסטע פּריירי־פּראָווינצן אין קאַנאַדע. זייענדיק אַנדערש פון די איימיש, די הוטעריטן, אָדער די פּענסיל־וויניע דאָטש, וואָס זענען זייערע קרובים, איז דאָס רוב פון זיי ניט קענטיק צוליב כאַראַקטעריסטישער הלבשה, לאַנגע האָר אָדער בערד. זיי זעען זיך אויך ניט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט מיט מאָדנע מנהגים, אָדער דורך ווייזן זיך מיט פערד־און־וואָגן אויף די הויפּט־גאַסן פון די שכנישע שטעט. אין גרעסטן רוב קליידן זיי זיך ווי אַנדערע קאַנאַדער, קענען ריידן פליסיק ענגליש אָן אַן אַקצענט, און פירן אויטאָמאָבילן און טראַקטאָרן ווי אַלע אַנדערע. אַפילו זייערע פאַרמס און שטעטלעך זעען אויס, על פּי רוב, גאַנץ געוויינטלעך. מען דאַרף האָבן אַ געניט אויג צו דערטאַפּן אַ מענאָניט אין אַן עולם, אָדער צו דערקענען זייערס אַ ישוב ווען מען פאָרט פאַרביי".

די מענאָניטן זענען אויפגעקומען אין זעכצנטן יאָרהונדערט, אין אַ צייט פון רעליגיעזע איבערקערענישן אין דער אָרדענונג פון קירכלעכן קריסטנטום. די פּראָטעסטאַנטישע רעוואָלוציע — לוטער, צווינגלי, קאַלווין — האָט שלום געמאַכט מיט דער סעקולערער מלוכה. די מלוכה האָט אייגנטלעך באַשטימט די פירער, די גייסטלעכע פון די פּראָטעסטאַנטישע קירכעס. אָבער פּונקט ווי היינט אין פּאָליטיק, איז אויך דעמאָלט אין אָרגאַניזירטן קריסטנטום

געווען אַ לינקער פליגל וואָס האָט פאַרנומען אַן עקסטרעמערע פּאָזיציע. דאָס זענען געווען די אַנאַבאַפּטיסטן. סיי די קאַטאָליקן, סיי די פּראָטעסטאַנטן האָבן זיי גערודפט. איינער פון זייערע ערשטע פירער איז געווען מענאָ סימאָנס, אַ האָלענדער, אַ קאַטוילישער גלח, וואָס האָט רעוואָלטירט און געוואָרן דער גרינדער פון די מענאָניטן. ביי זיי האָבן די קאָנגרעגאַציעס באַשטימט זייערע פירער און גייסטלעכע און האָבן מיט מער אויסגעהאַלטנקייט איינגעפירט אַ לעבן לויטן ביבלישן גייסט, דערווייטערט פון עולם־הזה און אַריינגעטאָן אין פרומקייט און מאָראַלישן אויפפיר.

אין דער צייט פון דער קאָנטער־רעפאָרמאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין זעכצנטן יאָרהונדערט, איז מענאָ סימאָנס און זיינע אָנהענגער, געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן פון האָלאַנד. זיי האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע. צוזאַמען מיט זייערע אָנהענגער אין דייטשלאַנד האָבן זיי באַאיינפלוסט גאַנץ גרויסע צאָלן, און מיט דער צייט אָנגעשפּאַרט אין פוילן, אוקראַינע, כאָטש אויך אין די סלאַווישע לענדער האָבן זיי אָנגעהאַלטן זייער לשון, אַ דייטשישן דיאַלעקט, און געלעבט אָפּגעזונדערט, סעקטאַנטיש אָפּגעהיט.

מען קאָן זיך לייכט אויסמאָלן, אַז די אַרומיקע קירכעס און מלוכות האָבן זיי אין ערגעץ ניט געשאָנעוועט. ממילא איז זייער געשיכטע באַשטאַנען פון עמיגראַציע־כוואַליעס אין פאַרשיידענע צייטן. אין איצטיקן מאָמענט געפינען זיך מענאָניטישע ישובים כמעט אין אַלע לענדער פון אייראָפּע און די אַמעריקעס. וועגן דעם גורל זייערן אין די קאָמוניסטישע מלוכות, ספּעציעל אין רוסלאַנד, ווייס מען, פאַרשטייט זיך, זייער ווייניק. אָבער אין דער פרייער וועלט זענען די מענאָניטן פאַרבונדן צווישן זיך אין אַ וועלט־מענאָניזם וואו די מיטגלידער באַטראַכטן זיך ווי ברידערלעך אָנגעהעריק איינער מיטן אַנדערן.

נאָך די ענדערונגען פון די דריי הונדערט יאָר פון זייער עקזיסטענץ זענען זיי שוין איצט ניט אייגנהייטלעך, ניט רעליגיעז, ניט שפּראַכלעך, ניט אין אַנדערע קולטור־פּרטים. דאָך לעבט ביי זיי אַ געפיל פון קרובהשאַפט וואָס האָט פאַרוואַנדלט די אַמאָליקע רעליגיעזע סעקטע אין אַן עטנישער גרופּע, אַ פאָלק אין אַ גאַנץ באַשטימטן זינען.

מיט באַזונדערער בולטקייט ווייזט זיך דאָס אַרויס ביי די מענאָניטן פון מאַניטאָבאַ. אין 1951 איז דאָרט געווען זייער צאָל 44,667. זיי זענען געקומען קיין קאַנאַדע אין צוויי באַזונדערע אימיגראַציע־כוואַליעס; די ערשטע אין 1874—1879, די צווייטע אין 1923—1930. די ערשטע רופן זיך מיטן פאַרדייטשטן נאָמען „קאַנעדיער" און די צווייטע „רוסלענדער", ווייל כמעט אַלע זענען זיי געקומען פון זייערע קאָלאָניעס אין דער רוסישער אוקראַינע. ניט געקוקט אויפן ווייטן מהלך, אין צייט, צווישן ביידע אימיגראַציעס, האָבן

זיי דאָך אַנטוויקלט אַן אָפּגעזונדערטע סאָציאַלע גאַנצקייט, כאָטש איצט שוין גאַנץ היפּשלעך דיפערענציר׳ט.

די באַזונדערע און אייגנאַרטיקע סאָציאַל־קולטורעלע סיסטעם ווערט כסדר גענערט פון היסטאָרישע, פּסיכאָלאָגישע און עקאָנאָמישע קוואַלן. די מענאָניטן לעבן על פּי רוב אין אַגריקולטורעלע ווירטשאַפטן. זייערע קאָלאָניעס און ישובים האָבן אַ שם פון גוט־געפירטע אונטערנעמונגען. זיי באַמיען זיך צו זיין וואָס מער אומאָפּהענגיק פון דרויסנדיקער הילף און זיך באַזאָרגן מיט אַלץ פון אייגענעם קוואַל. די דאָזיקע אָפּגעזונדערטע קאָלאָניאַלע ישובים זענען ניט קיין צופאַל; זיי שטאַמען פון אַן אויסגערעכנטן פּלאַן אין דער פאַרגאַנגענהייט וואָס ווערט איצט געשטאַרקט אי מיטן כוח פון געשיכטע און טראַדיציע, אי פון איבערצייגונג. זייערע לערער און פירער האָבן תמיד געהאַמערט אויף דער טעמע פון צוריקציען זיך פון דער וועלט, פונעם לייכטן עולם־הזה. דאָס האָט ביי זיי אַרומגענומען ניט בלויז לייכטע פאַרגעניגנס, נאָר אויך דערווייטערן זיך פון סאָציאַלע באַציאונגען, פון אויסמישן זיך מיטן דרויסנדיקן עולם.

עס איז מסתמא ניט צופיל געבליבן פונעם אַסקעטישן, מיטלעלטערלעכן גייסט וואָס האָט דיקטירט אַזאַ בזירישן דרך מיט הונדערטער יאָרן צוריק. עס איז אָבער גענוג געבליבן פון דער משפּחהדיקער איינגעשלאָסנקייט, ווי אַ טראַדיציע, וואָס פאַרמאָגט נאָך אַלץ גענוג כוח זיך צו פּרעזערווירן. די קאָנסערוואַטיווע גייסטלעכע האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט אויפגעהערט צו אַקצענטירן די רעליגיעזע מאָראַל. לויט זיי איז אויסגעקומען, אַז די דרויסנ־דיקע וועלט, און אַפילו די בילדונג וואָס פירט מען זאָל זיך מיט איר אַלץ מער פאַרבינדן, מוז ברענגען צו אַ זינדיקייט וואָס מען דאַרף זיך פון איר היטן.

דאָס ברענגט אונדז צו דער פראַגע פון שפּראַך. די מענאָניטן צווישן זיך האַלטן אויף אַ פּלאַט־דייטשישן דיאַלעקט, נידער־דייטש. אין זייערע קירכלעכע פונקציעס ווערט באַנוצט דער ליטעראַרישער דייטש, הויך־דייטש. די מלוכהשע אַמטן האָבן זיך תמיד געראַנגלט מיט זיי פאַר מאָדערניזירן זייערע שולן, פאַר לערנען מער ענגליש. די מענאָניטן, פון דער אַנדער זייט, האָבן זיך אַביסל געשראָקן פאַר ענגליש. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז ענגליש וועט פאַרטרייבן זייער נידער־דייטש, אַ חוץ דעם, אַזוי ווי זייערע קינדער האָבן געדאַרפט אויך לערנען הויך־דייטש, כמעט אַן אַנדער שפּראַך פון נידער־דייטש, וועט אויסקומען אַז אַריינפירן מער ענגליש וועט באַטייטן זיך אָפּגעבן מיט דריי שפּראַכן. זיי האָבן אָבער ניט געהאַט קיין פּרינציפּיעלע קעגנערשאַפט צו ענגליש.

ווי עס זאָל ניט זיין, פון די דריי שפּראַכן האָט, ווי מען קאָן זיך פאָרשטעלן, ענגליש גענומען זיך אַלץ מער פאַרשפּרייטן. איצט קאָן מען שוין געפינען

אַ סך היימען וואו די עלטערן ביי די מענאָניטן רעדן צווישן זיך און מיט די קינדער נידער־דייטש און די קינדער צווישן זיך רעדן ענגליש. עס ווייזט זיך אויך אַרויס, אַז דאָס ליטעראַרישע הויך־דייטש האָט ביי אַ סך פון זיי אין גאַנצן פאַרטריבן דעם טראַדיציאָנעלן נידער־דייטש. אָבער ענגליש האָט סיוּוי געוונומען די איבערהאַנט אומעטום, ספּעציעל נאַטירלעך ביים יינגערן דור. די פּאָבליק־סקול האָט, קודם כּל, דורך שפּראַך, ענגליש, אָבער אויך אויף אַ סך אַנדערע אופנים געמאַכט אַ טיפן שניט אין דער מענאָניטישער היסטאָרישער טראַדיציע.

אמת, צווישן די אויפגעקומענע מענאָניטישע קירכעס, ברודערשאַפטן און גרופּעס, וואָס האָבן זיך שוין מער בכלל ניט רעליגיעז אידענטיפיצירט, האָבן זיך אויך געפונען די עקסטרעם־קאָנסערוואַטיווע וואָס האָבן שטאַרק מקפּיד געווען אויף מענאָניטישער טראַדיציע אין רוסלאַנד ביז דער ערשטער עמיגראַציע פון 1874. זיי האָבן ניט דערלאָזן מען זאָל אין זייערע קירכעס באַנוצן אַן אָרגל, פּיאַנאָ, דעקאָראַציעס, ניט־פּיקסירטע תּפילות און דאָס ענגלישע לשון. זיי האָבן זיך געשטעלט קעגן מאָדערנער הלבשה, ספּאָרט, ראַדיאָס, מואוויס, אַפילו אויטאָמאָבילן און וועלאָסיפּעדן. אָבער די צאָל פון אַזעלכע קאָנסערוואַטיווע איז ניט צו גרויס און ווערט קלענער. די איבעריקע פּאַסן זיך צו, כאָטש זיי היטן אָפּ אַ קלאָרע עטנישע באַזונדערקייט אין זייערע ישובים, אין פּערזענלעכן אויפפיר און אין סאָציאַלע באַציאונגען. ק. א. דאָסאָן ווייזט אָן (ישובים און גרופּעס: עטנישע קהילות אין מערב־קאַנאַדע, 1936) אויף אַן אינטערעסאַנטן מאָמענט. אין אַ פאַרגלייך צווישן די פאַרם־בודזשעטן פון פאַרשיידענע עטנישע גרופּעס אין מערב־קאַנאַדע, פיר יאָר נאָכן אָנהייב פון גרויסן קריזיס, געפינט ער אַז די הכנסות פון די מענאָניטישע פאַרמס זענען געווען אַ סך קלענער ווי ביי די אַנדערע. אָבער די מענאָניטן האָט מער אָפּגעגליקט, ווייל זיי האָבן באַלאַנסירט זייערע בודזשעטן דורך קויפן ווינציקער, פאַרקלענערן זייערע הוצאות און בכלל אויסקומען מיט ווייניקער. איז כאָטש פּראָפעסאָר דאָסאָן הייבט אַרויס אין זיין באַריכט אַז די מענאָניטן האָבן אויפגעגעבן זייער געראַנגל מיט דער וועלט, פאַרגעסט ער אַז אָט דער שטריך, וואָס האָט זיי אַזוי פיל געהאָלפן אין קריזיס פון די אָנהייב דרייסיקער יאָרן, דער שטריך פון זיין אַ מסתפּק במועט, איז אַן עטנישער גאַנג פון דער מענאָניטישער טראַדיציע. עס איז דער אַסקעטישער דרך, די שטרענגע זעלבסט־דיסציפּלין, וואָס איז געווען אי אַ וויכטיקער שטריך אין זייער אַנדערשקייט, אי אַ פאַקטאָר אין זייער קיום.

צווישן די מענאָניטן געהערן די פון מאַניטאָבאַ צו די צעמענטירטסטע אין זייער אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבן. זיי האָבן זיך געביטן און האַלטן זיך אין איין בייטן לויט די פאָדערונגען פון דער צייט. אָבער די ענדערונגען אין זייער לעבן קומען ניט פאָר ביי יעדן פון זיי אָפּגעזונדערט פון די

איבעריקע, נאָר ביי אַלע צוזאַמען, ווי אַ שייכותדיקער קאָלעקטיוו. דאָס וואָס זיי לעבן צוזאַמען אין דאָרפישע ישובים; דאָס וואָס זיי האַלטן זיך ביז אַ געוויסער מאָס ביי אַן אייגן לשון; דאָס וואָס זייער קירך איז אַן אייגענע, אַפילו ווען דאָס רעליגיעזע לעבן איז אינערלעך צעטיילט; דאָס וואָס די אָפּגעזונדערטקייט סטימולירט ניט קיין געמישטע חתונות מיט דרויסנדיקע און ממילא ווערט נענטער די בלוט־קרובהשאַפט; דאָס וואָס די אייגענע ישובים פירן צו דער אַנטוויקלונג פון אַלגעמיינע, סעקולערע אינסטיטוציעס און דערמיט באַפעסטיקן זיי די כוחות פון דער היסטאָרישער, טראַדיציאָנעלער און קולטורעלער ירושה — דאָס אַלץ האָט געווירקט אַז זיי זאָלן אויפהאַלטן זייער גרופּירט־פאָלקיש לעבן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי מוזן זיך כסדר צופּאַסן צו די פאָדערונגען פון דער אַרומיקער וועלט.

מען דאַרף ניט פאַרקלענערן די סכנות וואָס שטייען אין וועג פון זייער קיום. צווישן די וויכטיקסטע מאָמענטן אין אָט די סכנות איז בלי ספק דער פאַקט וואָס געבורט־קאָנטראָל פאַרשפּרייט זיך און די געבורט־ראַטע האָט זיך היפּש פאַרקלענערט. ניט קיין קלענערע סכנה איז דער פאַקט, וואָס בעת זייער פּרעסע איז געשטיגן אין דער צאָל אויסגאַבעס, האָט זיך אָבער ניט פּראָפּאָרציאָנעל פאַרגרעסערט זייער קינסטלערישע און אינטעלעקטועלע קולטור. אין דעם פּרט זענען זיי ניט הויך אויסגעוואַקסן אין משך פון די קנאַפּע פיר הונדערט יאָר פון זייער עקזיסטענץ. דאָס געדרוקטע וואָרט האָט ביי זיי אַ דרייענדיקע פּראַגמאַטישע פונקציע: צו שטאַרקן רעליגיעזע התחייבותן, צו אַנטוויקלען שפּראַך אין דעם מער עלעמענטאַרן שטייגער־אויסדרוק, צו שאַפן פאַרבינדונגען צווישן די צעשפּרייטע מענאָניטישע ישובים. עס פעלט אָבער די העכערע, פאָלקיש־כאַראַקטעריסטישע קולטור־שאַפונג וואָס רינגלט אַרום אָרט און צייט מיט אַ ראַם פון אוניווערסאַלן מענטש־געפיל. דאָס איז אויך מחייב אַ באַשטימטן טיף פירער און באַגייסטע־רער; ער צייכנט זיך אויס מער מיט מאָראַלער ריינקייט, ווי מיטן פלי פון זיין דמיון און אינטעלעקטועלן פאַרנעם. אַזאַ פירערשאַפט איז גענוג אויף צו שטאַרקן דעם מענאָניטישן אידעאָלאָגישן אָנהייב, אָבער ניט גענוג צו סטימולירן נייע און ווייטערע אידייאישע פאַרצווייגונגען, ממילא וועקן פרישע כוחות פאַר זייער צונויפהאַלט.

סאָציאָלאָגן האָבן זיך ניט געדאַרפט צופיל אָנשטרענגען צו באַמערקן ענלעכע שטריכן אינעם היסטאָרישן גאַנג ביי מענאָניטן און יידן. פאַר יידן איז כאַראַקטעריסטיש די אומאויסשעפּלעכע טרייב־קראַפט פון אַן אידעאָ־לאָגישן אָנהייב. אין ביידע פאַלן — כאָטש מיט אַ גרויסן אונטערשייד אין צייט־פאַרנעם — האָבן מיר אַ כסדרדיקע געשיכטע פון רדיפות און וואַנדע־רונגען, אַ געשיכטע פון „מיט אַ וואַנדערשטאָק אין האַנט, אָן אַ היים און אָן אַ לאַנד". ביי יידן שפּילן אַ דעצידירנדיקע ראָלע, אייגענע, געשאַפענע

ענקלאַוון, אַרומגערינגלט פון אַ פרעמדער, אומגאַסטפריינדלעכער וועלט, אייגענע רעליגיעזע און סעקולערע אינסטיטוציעס, אייגענע עקאָנאָמישע ראַלעס און שטענדיקע זאָרג פאַר וויטערדיקן קיום. דאָס זענען אַלץ שטריכן וואָס זענען ניט געוויינטלעך אין לעבן פון פעלקער; זיי רייסן די אויגן פון יעדן אָבסערווירער מיט אַ סאָציאָלאָגישן חוש הראיה. אָבער הינטער און אַרום אָט די אַלע ענלעכקייטן זענען פאַראַן וואָרצלדיקע אונטערשיידן וואָס ווירקן, אַז אויך דער היסטאָרישער גורל פון די צוויי זאָל זיין אַזוי גרינטלעך פאַרשיידן.

אויף טייל פון די דאָזיקע אונטערשיידן האָב איך פריער אָנגעוואונקען. עס וועט נאָך אויסקומען שפּעטער זיך אָפּצושטעלן אויף זיי, דירעקט און אומדירעקט. זאָל אָבער דערמאָנט ווערן נאָך איין פאַקטאָר וואָס שפּילט אַן אומגעהייערע ראָלע אין יידישער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און אין יידישן באַוואוסטזיין. מיר, יידן, פירן צוריק אונדזערע היסטאָרישע אָנהייבן ניט בלויז צו אַן אייגענעם אידעאָלאָגישן דרך, נאָר אויך צו אַן אייגענער פיזישער היים, ארץ־ישראל, מיט אַלץ, מיט אַ וועלט־פאַרצווייגטן אַלץ, וואָס דאָס איז מחייב. דאָס איז אין מענאָניטישן היסטאָרישן גורל ניטאָ, ניט פיזיש, ניט אין זייער געחלומטער רעליגיעזער אוטאָפּיע. אויף ווי וויט זעט זיך אָן די ראָלע פון דאָזיקן פאַקטאָר אינעם באַרג אונטערשיידן וואָס צווישן די צוויי? וועגן דעם אַביסל שפּעטער. אָבער קודם כל וועט זיין כדאי צו פירן דעם פאַרגלייך אַביסל ווייטער און אין אַן אַנדער ריכטונג. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף אַ טייל פון אַ געוויינטלעך, נאָרמאַל פאָלק און זיין מזל אין דער איינ־געוואַנדערטער, נייער היים, אַמעריקע. אָט אַזעלכע צוויי פאַרגלייכן, פון איין זייט מיט אַזאַ ניט־געוויינטלעכער גרופּע, אַזאַ עטנישן יוצא מן הכלל, ווי די מענאָניטן, און פון דער אַנדער זייט מיט אַ טייל פון אַ פאָלק וואָס פאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפטן לויט אונדזער באַגריף פון אַ געזונטער, נאַציאָנאַלער אַנט־וויקלונג. פון אַזעלכע פאַרגלייכן לאָזט זיך אַ סך אָפּלערנען וועגן די ענלעכ־קייטן, אונטערשיידן און כאַראַקטעריסטישע פאַרשיידנקייטן וואָס צווישן זיי און אונדז, יידן.

## נאָרוועגיער

ניט אַלע עטנישע גרופּעס אין אַמעריקע האָבן אַרויסגעוויזן דעם זעלביקן חשק, די געשולטקייט און וויסנשאַפטלעכע אָריענטאַציע אויסצופאָרשן און פאַרעפנטלעכן די רעזולטאַטן פון זייער וויסן וועגן זייער געשיכטע און אַנטוויקלונג אויפן אַמעריקאַנער באָדן. ניט אַלע האָבן אין דער זעלביקער מאָס אַרויסגעבראַכט די געהעריקע אינטעלעקטועלע כוחות דאָס צו טאָן. אַנדערע פילן זיך באַקוועמער צו האַלטן די פאַקטן פון דער אייגענער עטנישער משפּחה פאַר זיך אַליין, און זענען ניט ווילִיק, אָדער ניט פאַראינטערעסירט,

אַרויסצובורענגען פאַר דער אַלגעמיינער עפנטלעכקייט די פּרטים פון זייער אינערלעכן לעבן. פאַראַן אָבער אויך אַנדערע עטנישע גרופּעס אין אונדזער מדינה וואָס האָבן געשאַפן רייכע מיטלען און אַפּאַראַטן, און האָבן אַרויסגעגעבן געגנוג פאָרשער און אַ פאַראינטערעסירטן, אינטעליגענטן עולם, וואָס שפּאָרן ניט קיין מי צו זאַמלען וואָס מער פאַקטן פון זייער היסטאָרישן גאַנג און דערגרייכונגען אין אַמעריקע. זיי גיבן אויך אַרויס וויסנשאַפטלעך־קאָנטראָלירטע פּובליקאַציעס, כדי אַלע זאָלן זיך דערמיט באַקענען. צו די לעצטע געהערן די נאָרוועגיער. עס איז דעריבער אי לייכטער, אי מער פאַרלאָזלעך, צו קוקן אַ ווײַלע אויף דער עטנישער אַמעריקע דורך נאָרוועגישע ברילן און מניה וביה עפּעס לערנען וועגן זיך אַליין, וועגן יידן.

די אימיגראַציע פון נאָרוועגיע הייבט זיך אָן אַרום 1825 און שטעלט זיך ניט אָפּ ביז עס איז דורכגעגאַנגען דאָס געזעץ צו באַגרענעצן די אימיגראַציע קיין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די הויפּט־מאָטיוון פאַר דער נאָרוועגישער עמיגראַציע זענען בלויז אין אַ קליינער צאָל געווען רעליגיעזע רדיפות, אָבער על פּי רוב זענען די סיבות געווען עקאָנאָמישער און סאָציאַלער סטאַטוס. די בריוו וואָס זענען געקומען קיין נאָרוועגיע פון אַמעריקע האָבן פאַרשפּרייט די בשורה, אַז דאָס איז אַ לאַנד פון גרויסע מעגלעכקייטן; אַז דאָ קאָן מען בויען, וואַקסן און דערגרייכן אַ רייכע צוקונפט, וואָס דאָס אָרעמע לעבן אין נאָרוועגישן היימלאַנד לאָזט אַפילו ניט חלומען דערפון. געקומען זענען שווער־פאַרהאָרעוועטע בעלי־מלאכות, פישער־לייט, ערד־אַרבעטער, אַלץ אַזעלכע וואָס זענען געוואוינט צו אַ לעבן פון אָנגעשטרענגטער מי און מיט אַסך דאגות.

זיי זענען געקומען אַהער גרופּעסווייז, באַלד געבראַכט אַהער פריינד און פאַמיליע, און גענומען בויען אייגענע אָרגאַניזירטע ישובים. אַזעלכע ישובים האָבן זיי געבויט מיט געוואָגטער פּיאָנערישקייט אין די שטאַטן פון מיטל־מערב, ווי אין דאַקאָטאַס, אין מינעסאָטאַ, וויסקאָנסין, אויך אין צפון־מערב, ווי אין מאָנטאַנאַ, וואַשינגטאָן, אָרעגאָן.

די נאָרוועגיער אין אַמעריקע רעדן מיט שטאָלץ וועגן זייער פּיאָנערישן צושטייער צו דער אַנטוויקלונג פון אומבאַזעצטע געגנטן, וועגן די קרבנות וואָס זיי האָבן געגעבן און די סכנות וואָס זיי זענען דורכגעגאַנגען ביים בויען זייערע ישובים. איינער פון זייערע וויכטיקסטע ראָמאַניסטן, אָ. ע. ראָלוואַג, באַשרייבט אין רירנדיקע בילדער דעם דאָזיקן פּראָצעס אין זיין ווערק מיטן נאָמען ריזן פון דער ערד (לויטן פּסוק, בראשית ו, 4). דאָס דאָזיקע ווערק האָט, אגב, געוואונען די אויסצייכונג וואָס עס איז פאַררעכנט ווי אַ קלאַסיק אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, כאָטש ראָלוואַג האָט עס געשריבן אין נאָרוועגיש און ערשט שפּעטער האָט מען עס איבערגעזעצט אויף ענגליש.

באַזונדערע ישובים אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד איז נאַטירלעך מחייב,

אַז די בויער און איינוואוינער זאָלן ווערן די אַקטיווע פּאָליטישע באַאַמטע פון די לאָקאַלע אַדמיניסטראַציעס. די נאָרוועגיער האָבן מיט ענערגיע, ווען נייטיק מיט פיזישן כוח, זיך באַמיט צו פאַרנעמען די פאַרשיידענע לאָקאַלע אַמטן אין זייערע הענט. דערויף זאָגט עדות דאָס היסטאָרישע בלוטיקע געשלעג אויף דער לאָקאַלער פּאָליטישער קאָנפערענץ אין בענסאָן גראָוווו, אייאָווא, אין 1876, צווישן די איינגעבוירענע און די אימיגראַנטן. אין זיין בוך די ענדערונגען אין מערב (1937, 47) פונעם נאָרוועגישן געלערנטן לאַרענס מ. לאַרסאָן פאַרענדיקט זיך דער דאָזיקער אינצידענט מיט דער באַמערקונג: „אַ געפיל פון שטאַרקער פאַרביסנקייט האָט אַרומגעכאַפּט די קאָונטי, און ווען די סקאַנדינאַווישע פאַרמער זענען דעם זיבעטן נאָוועמבער געגאַנגען שטימען, צוויי וואָכן נאָך דער קאָנפערענץ, זענען זיי געגאַנגען מיט דער אַנטשלאָסנקייט צו שטימען, ווי ווייט מעגלעך, פאַר מענטשן פון זייער אייגענער שפּראַך און ראַסע".

די דאָזיקע ניי־געקומענע האָבן זיך גלייך אַמעריקאַניש אָריענטירט און אַנטוויקלט, לכל הפּחות אין לאָקאַלע גרענעצן, אַ וואַרעם היים־געפיל. זיי זענען שנעל געוואָרן בירגער, כאָטש אַ סך פון זיי האָבן ניט געקענט גענוג ענגליש צו פאַרשטיין, ביים אַרויסנעמען בירגער־פּאַפּירן, דעם ריכטערס פראַגעס, נאָך ווייניקער צו קאָנען ענטפערן אויף זיי. זייער שווערע פּיאָנערישע אַרבעט האָט זיי כסדר צוגעבונדן צו זייער איצטיקער ערד. זייער העלד איז געוואָרן דער געוואָגטער ריזיקאַנט וואָס האָט געקאָנט גובר זיין שוועריקייטן. איינער פון זייערע וויכטיקע געלערנטע באַמערקט אין איינעם פון זיין צוויי־בענדיק ווערק (די נאָרוועגישע שפּראַך אין אַמעריקע, פון איינאַר האַוגען, 1953, I, 32): „די נאָרוועגיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפט איז ניט געווען אַזאַ, אַז זי זאָל קעכלען דעם וואַקסנדיקן גאון אָדער צערטלען די איידעלערע קולטורעלע שפּראַצונגען".

אָבער די אָפּגעזונדערטקייט פון די ישובים, די העכערע קולטור־מדרגה פון די נאָרוועגיער און זייער באַזונדערער רעליגיעזער נוסח, לוטעראַניזם, דאָס אַלץ האָט געווירקט אַז זיי האָבן, לכתחילה אָן צופיל מי, געקאָנט איינהאַלטן זייער עטנישע אַנדערשקייט. צוליב דעם טאַקע, ווען די סכנה פון קולטורעלער אָפּשוואַכונג איז געקומען נענטער צו זייער טיר, האָבן זיי געקאָנט אַרויסווייזן אַנגעזאַמלטע כוחות זיך קעגן צו שטעלן.

דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין זייער עטנישן אויפהאַלט איז קודם כל געווען די לוטעראַנישע קירך, ווייל קירך האָט באַטייט ניט בלויז אמונה און פאָלקישער שטייגער, נאָר אויך אייגענע שפּראַך. די גייסטלעכע, וואָס האָבן זיך שטאַרק איינגעשטעלט פאַר נאָרוועגיש, האָבן באַלד איינגעזען ווי וויכטיק עס איז צו גרינדן אוניווערסיטעטן, סיי אויף צו לערנען די שפּראַך, סיי צו שאַפן רעליגיעזע פירער, גייסטלעכע, פאַר דער לוטעראַנישער קירך. אַזוי

איז אין 1861 געגרינדעט געוואָרן דער לוטער־קאָלעדזש און אין 1875 האָט זיך געעפֿנט דער סיינט אָלאַף קאָלעדזש. דאָס האָט נאַטירלעך געמערט די צאָל אַקאַדעמיש־געשולטע אין דער נאָרוועגישער באַפֿעלקערונג. אויף אַזאַ אופֿן איז צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן פֿאַר אַ רייכער פּרעסע און ליטעראַטור פֿון אַלע סאָרטן.

אויך סעקולערע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געמערט. געזאַנג־פֿאַראיינען, סקי־קלובן, און די וויכטיקסטע צווישן זיי „די זין פֿון נאָרוועגיע", אַן אָרדן, פֿאָרמירט לויט ענלעכע אינסטיטוציעס וואָס מיר האָבן אַזוי פֿיל פֿון זיי אין אַמעריקע. אָבער אַזוי ווי דער ווייט גרעסטער רוב נאָרוועגיער געהערט צו דער לוטעראַנישער קירך, און אויך צוליב דעם פּרעסטיזש פֿון דער קירך אין נאָרוועגישן לעבן, ווערט דורך דעם פֿאַרשטאַרקט דער פֿאָלקיש־נאָרוועגישער גייסט און דער כּוח פֿון דער שפּראַך אין די שותּפֿותדיקע צילן פֿוןביידע קאַטעגאָריעס, פֿון די רעליגיעזע און די סעקולערע טעטיקייטן.

מיט דער צייט איז דער דרוק פֿון דער אַרומיקער אַמעריקאַנער לאַנד־סבֿיבֿה געוואָרן אַלץ שטאַרקער, און דאָס אַנזעעוודיקסטע איז געווען דער כּוח פֿון ענגליש, וואָס האָט גענומען פֿאַרטרייבן נאָרוועגיש פֿון אַלע פּאָזיציעס, פֿון היים און אויך פֿון עפֿנטלעכן לעבן. דער דאָ־געבוירענער דור איז אין אַ סך פֿאַלן קוים דערגאַנגען צו אַ טיילווייזער קענטעניש פֿון נאָרוועגיש צוליב דעם וואָס אין דער היים האָט זיך געפֿונען אַ זיידע און אַ באָבע. אָבער ניט געקוקט אויף אַלע מניעות האָט נאָרוועגיש זיך געראַנגלט פֿאַר דער אייגענער עקזיסטענץ מיט אַזאַ אינטענסיווער עקשנות, אַז דאָס האָט אפֿשר קיין גלייכן ניט — ווען מען באַטראַכט עס פֿון שטאַנדפּונקט פֿון באַוואוסט־זיניקער אָנשטרענגונג און פּלאַנירטער טעטיקייט — צווישן אַנדערע עטנישע גרופּעס אין אַמעריקע וואָס פֿאַרמאָגן אַזאַ הויכן פּראָצענט הי־געבוירענע.

דעם גרעסטן קלאַפּ האָט די דאָזיקע באַוועגונג געקראָגן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צוליב דער באַגרענעצונג פֿון אימיגראַציע. דער דרוק פֿון ענגליש איז געוואָרן שטאַרקער, ניט בלויז פֿון דרויסן נאָר אויך פֿון אינעווייניק. אַן ענגער, פֿלאַמיקער פּאַטריאָטיזם האָט זיך צעשפּרייט איבערן לאַנד און אָנגענומען היסטערישע פֿאָרמען. די לוטעראַנער קירך, די שטאַרקסטע פֿעסטונג פֿון נאָרוועגישקייט און דער נאָרוועגישער שפּראַך, האָט זיך גענומען רייסן צו ענגליש. דאָס האָט זיך גענומען אי פֿון דעם וואָס זי האָט זיך מיט דער צייט אויסגעשפּרייט און אַריינגענומען אויך ניט־נאָרוועגישע לוטעראַנער, אי פֿון דעם וואָס עס איז אויסגעוואַקסן אַ דור פֿון דאָ־געבוירענע גייסטלעכע און אויך נאָרוועגישע מיטגלידער וואָס ענגליש איז זיי געווען נענטער. עס האָט זיך אויך געשאַפֿן דער איינדרוק, אַז מיט ענגליש קאָן מען אַריינציען אין דער קירך גרעסערע צאָלן און מער דערגרייכן.

עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אין 1918 איז געמאַכט געוואָרן אַ

פֿאָרשלאָג אַז די נאָרוועגיש־לוטעראַנישע קירך זאָל בייטן איר נאָמען דורך אַרויסלאָזן דאָס וואָרט „נאָרוועגישע". דאָס האָט געפֿירט צו מחלוקתן וואָס האָבן געדויערט אַ סך יאָרן. דער פֿאָרשלאָג איז אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן עטלעכע מאָל ביי פֿאַרשיידענע קאָנפֿערענצן. אָבער די וואָס זענען באַשטאַנען זיך צו באַפֿרייען פֿונעם עטנישן שטעמפּל אויפֿן נאָמען פֿון זייער קירך האָבן זיך ניט באַרואיקט. דער שטאַרקסטער אַרגומענט איז געווען דאָס וואָס דער הי־געבוירענער דור קאָן ניט צוגעצויגן ווערן צו אַ קירך וואָס איר עטנישער נאָמען איז אין סתירה מיט איר ריין־רעליגיעזן כאַראַקטער. דער אינער־לעכער קאַמף אַרום דער דאָזיקער פֿראַגע האָט זיך ניט איינגעשטילט אין משך פֿון זעקס־און־צוואַנציק יאָר צייט. ערשט אין 1944 האָבן אויסגעפֿירט די אָנהענגער פֿונעם מער־אַמעריקאַניזירטן צד, כאָטש די לוטעראַנישע קירך ווערט סייווי אידענטיפֿיצירט מיט די נאָרוועגיער און אירע מיטגלידער זענען ווי אַלעמאָל אין ווייט גרעסטן רוב אָפּשטאַמער פֿון דער דאָזיקער עטנישער גרופּע.

דער קריזיס איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקומען מיטאַמאָל; פּונקט אַזוי זענען אויך די מיטלען צו פֿאַרהיטן די פֿאָלק־שפּראַך ניט אָנגענומען געוואָרן ערשט ווען די סכנה איז שוין געשטאַנען לעבן דער טיר. באַלד אין אָנהייב פֿון יאָרהונדערט זענען אויפֿגעקומען נאָרוועגישע אָרגאַניזאַציעס אין אַלע זייערע ישובים, און אין די שטעט וואו זיי האָבן זיך באַזעצט, מיטן צוועק צו באַוואָרענען דעם אויפֿהאַלט פֿון זייער קולטור־פֿאַרמעגן. דאָס זענען די „ביגדעלאַגן", אַ נאָרוועגיש וואָרט וואָס באַטייט אַ געזעלשאַפֿט פֿון מענטשן וואָס קומען פֿון דער זעלביקער געגנט. עס איז כמעט דאָס זעלביקע וואָס ביי יידן „לאַנדסמאַנשאַפֿטן", נאָר ביי אונדז זענען דאָס מענטשן פֿון דער זעלביקער שטאָט — כאָטש דער נאָמען איז ניט „שטאָטלייט" נאָר „לאַנדס־לייט" — אָבער ביי די נאָרוועגיער זענען דאָס מענטשן פֿון איין געגנט, מענטשן וואָס רעדן דעם זעלביקן דיאַלעקט, וואָס ביי נאָרוועגיער איז דאָס זייער אַ וויכטיקער ענין, ווייל מענטשן פֿון דערווייטערטע געגנטן אין נאָרוועגיע האָבן שוועריקייטן זיך איינס ס'אַנדערע צו פֿאַרשטיין צוליב אונטערשיידן אין די דיאַלעקטן.

אין נאָרוועגיש־אַמעריקאַנישע שטודיעס און רעקאָרדס (באַנד XVIII) רעכנט אויס דער שרייבער, יאַקאָב האָדנפֿילד, 55 אַזעלכע ביגדעלאַגן וואָס זענען אָרגאַניזירט אויף אַ לאַנד־מאָסשטאַב. אין יעדן ביגדעלאַג גייען אַריין די אימיגראַנטן פֿון אַ באַשטימטער געגנט און זייערע קינדער. און זייערע אויפֿגאַבעס ווערן פֿאַרצייכנט אין אָנגענומענע קאָנסטיטוציעס, וואָס זענען זייער ענלעך צווישן זיך. דאָס צונויפֿטרעפֿן זיך, דאָס באַזוכן איינער דעם צווייטן און אויפֿהאַלטן שפּראַך און אַנדערע עלעמענטן פֿון דער קולטור־ירושה, ווערט דערמאָנט כמעט אין דער קאָנסטיטוציע פֿון יעדן ביגדעלאַג.

פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אויף די אַלע פאַרשריבענע אידעאַלע אויפגאַבעס און באַוואָרענישן, קומט פאָר אַ שנעלער אַריבערגאַנג צו ענגליש אין אַלע ביגדעלאַגן, סיי אין זייערע אָרגאַניזירטע פּראָגראַמען, סיי אין אַנדערע פּרטים פון זייער אַרבעט.

דער דערמאָנטער שרייבער, וואָס גיט איבער דעם פריערדיקן באַריכט, פאַרענדיקט זיינע רייד אַזוי: „מען מעג צוגעבן, אַז גרויסע נאַציאָנאַלע ביגדע־לאַגן וועלן אויפהערן צו עקזיסטירן ווען נייע דורות וועלן מער ניט קאָנען קיין נאָרוועגיש און וועלן ווייניקער וויסן וועגן זייערע נאָרוועגיש׳ע זיידעס, און ווען די מאַסע פון אימיגראַנטישן שטאַם וועט איינגעשלונגען ווערן אין דער אַמעריקאַנער סיסטעם... אָבער אין זייער צייט, אין דער ערשטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָבן זיי דורכגעפירט אַ באַשטימטע פונקציע, זיי האָבן ניצלעך באַדינט זייערע מיטגלידער און האָבן געגעבן אַ צושטייער צו דער אַמעריקאַנער געשיכטע״.

די איצטיקע קולטור־לאַגע פון די נאָרוועגיער אין אַמעריקע שפּיגלט זיך אָפּ אפשר צום שאַרפסטן אין אַ כמעט פאַרבייגייענדיקער באַמערקונג פון איינעם פון די קאָמפּעטענטע סאָציאָלאָגישע פאָרשער צווישן די נאָרווע־גישע געלערנטע אין אַמעריקע, פּיטער א. מאָנטש. זיין אַרבעט, כאָטש געשריבן אין אַן אָפּטימיסטישן טאָן, איז געדרוקט אינעם דערמאָנטן באַנד נאָרוועגיש־אַמעריקאַנישע שטודיעס און רעקאָרדס און רופט זיך „אָפּזונדערונג און אַסימילאַציע פון נאָרוועגישע ישובים אין וויסקאָנסין״. געפינט זיך דאָרט אַזאַ באַמערקונג: „עס מעג דעריבער אויסקוקן מאָדנע אַז מיר טרעפן קיינמאָל ניט די דאָזיקע גרופּע, וואָס איז אַזוי וויכטיק אין לעבן פון אירע מיטגלידער, אַז זי זאָל, ווי אַ גאַנצע, זיין אַריינגעטאָן אין עפּעס אַן אַרבעט אָדער פונקציע. אַחוץ דעם וואָס זי אידענטיפיצירט זיך מיט דער לוטעראַנישער קירך, ווייזט זי זיך קיינמאָל ניט ווי אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער יש. בנוגע דעם איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג ביים לעצטן דור. ווייניקער ווי מיט אַ דור צוריק פלעגט מען פייערן רעגולער דעם טאָג פון נאָרוועגיעס אומאָפּהענגיקייט, דעם זיבעצנטן מאַי, מיט עפנטלעכער פּראָגראַם אין די דאָזיקע אַלע ישובים... היינט האָבן די דאָזיקע פייערונגען אין גאַנצן אויפגעהערט״.

פונדעסטוועגן געפינט דער שרייבער אַז: „אָבער דער עיקר איז וואָס ניט געקוקט אויף די וויט־גייענדיקע אופנים פון צופּאַסן זיך צו דער אַמערי־קאַנער קולטור, און ניט געקוקט אויף די פאַרשיידענע צופּאַסונג־פאָרמען אין פאַרשיידענע געגנטן און ישובים, שווימט אַרויס די נאַציאָנאַלע גרופּע ווי אַ קלאָר־אידענטיפיצירטע סאָציאַלע ענטיטעט אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, מיט זייערע אייגענע אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס, און דער עיקר, מיט זייערע לאָיאַליטעטן, וואָס מיט דעם זענען זיי אַנדערש פון זייער געזעלשאַפטלעכער סביבה. אין דאָזיקן פּראָצעס ווייזן זיך אַרויס צוויי טיפּן:

די „אַנטלויפֿער" און די „לאָיאַליסטן". די ערשטע אַקצענטירן זייער אידענ־טיפֿיקאַציע מיט דער הערשנדיקער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿט און ווילן זיך דערווייטערן פֿון זייער עטנישן אָפּשטאַם; די צווייטע זענען שטאָלץ מיט זייער אָפּשטאַם און זוכן סימבאָלישע פֿאָרמען עס אויסצודריקן. די לעצטע זענען גרעסער אין צאָל איידער די ערשטע.

די מיינונגען פֿון פּראָפֿעסאָר מאָגנטש שטיצן זיך אויף זיינע פֿאָרשונגען פֿון די מער אָפּגעזונדערטע נאָרוועגישע ישובים. אָבער דאָס אַלגעמיינע בילד, ווי מיר געפֿינען עס אין פּראָפֿעסאָר האַוגערס אַרבעט, איז אַביסל אַנדערש. אגב, דעם לעצטנס צוויי בענד, די נאָרוועגישע שפּראַך אין אַמעריקע, זענען דער עיקר אָפּגעגעבן אויף אַ גרינדלעכן אַנאַליז פֿונעם אַמעריקאַניש־ענגלישן איינפֿלוס אויפֿן היגן נאָרוועגיער. דערמיט ווערט אונטערגעשטראָכן די ווייטגייענדיקסטע — כאָטש, נאַטירלעך, ניט קיין פֿולע און אויסשליסלעכע — אידענטיפֿיקאַציע פֿון קולטורעלער אייגנקייט מיט שפּראַך אין נאָרוועגישן באַוואוסטזיין. עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס ביי אים איז דאָס בילד פֿון דער נאָרוועגישער צוקונפֿט אין אַמעריקע גאַנץ טונקל — ווי ביים רוב פֿאָרשער פֿון דער דאָזיקער עטנישער גרופּע — ווען ער זעט אַז ענגליש פֿאַרנעמט אַלץ גרעסערע פּאָזיציעס און דרינגט אַריין אַלץ טיפֿער אינעם נייעם דור. אמת, אין משך פֿון דער צייט האָט זיך דער נאָרוועגישער איינפֿלוס אַזוי פֿאַרשטאַרקט, אַז די שפּראַך האָט זיך היפּשלעך אויסגעשפּרייט ווי אַן אַקאַדעמישער לימוד אין אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס. אין אַן אונטערזוכונג פֿון בראָנער און פֿאַרזען אין 1950־1951 ווייזט זיך אַרויס, אַז נאָרוועגיש איז אַ לימוד אין 22 קאָלעדזשעס, אַריינגערעכנט עטלעכע פֿון די גרעסטע אין לאַנד. פֿון זיי ווערן 9 געפֿירט פֿון דער לוטעראַנישער קירך, אָדער שטייען נאָענט צו זיי. אַחוץ דעם האָט מען אויך געלערנט, אפֿשר אויך איצט, נאָרוועגיש אין 8 היי־סקולס אין אַ צאָל שטעט אין פֿאַרשיידענע טיילן פֿון לאַנד. דאָס אַלץ שוואַכט אָבער ניט אָפּ ביי האַוגערן זיין אַלגעמיינעם אויספֿיר.

אין לעצטן סך־הכל איז האַוגערס כאַראַקטעריסטיק פֿון נאָרוועגיש־עטנישן באַוואוסטזיין אין אַמעריקע אַזאַ: „אין אַ סך טיילן פֿון אַמעריקע איז אָנגענומען אַז יעדער מענטש האָט אַ ספּעציעלן נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם. דאָס איז עפּעס וואָס מען פֿאַרשטייט קוים אין די שטאַטן פֿון גערדיכטן דרום, אָדער אין אַנדערע ערטער וואו די אַנגלאָ־זאַקסן דאָמינירן, אַז אַמעריקאַנער קאָנען פֿרעגן איינער ביים צווייטן: 'וואָס איז אייער נאַציאָנאַליטעט?' אַפֿילו ווען דער ענטפֿער איז 'נאָרוועגיש', באַטייט עס ניט מער ווי אָפּשטאַם. עס באַטייט ניט עפּעס אַ פֿאָרם פֿון אומלאָיאַלקייט, נאָר בלויז עפּעס וואָס מען קאָן רופֿן סוב־לאָיאַלקייט. אָט די סוב־לאָיאַלקייט איז ניט צו נאָרוועגיע, נאָר צו די אַנדערע נאָרוועגיער אין אַמעריקע. דער וואָס ענטפֿערט אַז ער איז 'נאָרוועגיש' קאָן אָפֿט ניט דאָס לשון און וויס נאָך ווינציקער וועגן דעם

לאַנד. אָבער ער האָט אַ קלאָרן חוש אַז ער געהערט צו אַ סאָציאַ־רעליגיעזער גרופּע, וואָס דאָס רוב פון זיינע מיטגלידער געהערן צום זעלביקן שטאַם".

פונקט ווי די מענאַניטן האָבן די נאָרוועגיער אַ סך געקאָנט אויפטאָן אין זייער עטניש־קולטורעלן וואוקס אויפן אַמעריקאַנער באָדן צוליב זייער אָפּגעזונדערטקייט, זייערע אייגענע אַגריקולטורעלע ישובים. מסתמא צוליב דעם וואַרפט זיך אונדז, יידן, שטאַרק אין די אויגן וואָס בעת מיר רעדן וועגן „אַמעריקאַנער יידן" און „אַמעריקאַנער יידנטום", געפינען מיר אין דער היגער ליטעראַטור פון די נאָרוועגיער אַזעלכע אויסדרוקן ווי „נאָרוועגישע אַמעריקאַנער" און „נאָרוועגישע אַמעריקע". זיי האָבן געזען זייער וועלט ווי אין גאַנצן זייערע, נאָר „צופעליק" אויפן אַמעריקאַנער באָדן. איצט אָבער זענען די נאָרוועגיער געגוג אורבאַניזירט און דאָס רוב פון די אַלטע ישובים איז גענוג אַמעריקאַניזירט, אַזוי אַז די אַלטע אויסדרוקן כאַראַקטעריזירן מער ניט זייער באַציאונג אין דער איצטיקער צייט.

## יידן

די מעשה פון יידישן פאָלק הייבט זיך אָן מיט עטלעכע צוזאָגן וואָס דאַרפן מקוים ווערן אין דער צוקונפט, צווישן זיי אויך מיטן צוגעזאָגטן לאַנד („וכאשר נשבע לי לאמר: לזרעך אתן את הארץ הזאת", בראשית כ"ד, ז). דער דאָזיקער שטריך, דער קוק אויף יידן מיט אויגן געווענדט צו דער צוקונפט, ווי יידישע געלערנטע האָבן אָפּט אָנגעוויזן, האָט זיך ביי יידן אויסגעאַרבעט אַ סך מער ווי אַ דורכגעטראַכטע היסטאָריאָסאָפיע, עס איז געוואָרן אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער יידישער מענטאַליטעט. זיין ווערק דער משיח־געדאַנק אין דער יידישער געשיכטע הייבט אָן דזשוליוס ה. גרינ־סטאָון מיטן אונטערשייד וואָס צווישן יידן און די פּאַרצייטיקע פעלקער. די לעצטע טרייסטן זיך מיט דער גלאָריע פון אַן אַמאָליקער „גאָלדענער עפּאָכע", יידן זוכן גליק און גרויסקייט „אין סוף פון די טעג".

אַ ווייטערדיקער אַנאַליז ווייזט, אַז די יידישע צוקונפט־ווענדונג איז אַן אינטימע קאָמבינאַציע פון צוויי באַזונדערע עלעמענטן: אַן עסכאַטאָלאָגישער, אָדער אַ יענע־וועלטיקער, און אַ רעאַל־ערדישער. ביי די נביאים, וואָס זענען געוועזן באַהערש ביז די העכסטע מדרגות פון אַ פּאָעטישער מענטאַליטעט, איז אַוודאי ניט געווען קיין צעשייד־פּונקט צווישן די־וועלט און יענע־וועלט, צווישן נאַטירלעך און איבערנאַטירלעך, צווישן צייטלעך און אייביק.

אין זיין הרעיון המשיחי בישראל רירט אָן ד"ר קלויזנער דעם אונטער־שייד וואָס צווישן דעם באַגריף „משיחס צייטן" און דעם פּערזענלעכן משיח, אַן אונטערשייד וואָס ווערט סוף כל סוף דערפירט צום אונטערשייד וואָס ווערט דאָ באַהאַנדלט. ער וויל האָבן, אַז די צוויי עלעמענטן ווייזן זיך אַרויס

אינעם צווייפּאַכיקן משיח־געדאַנק: „משיח בן יוסף, אַן ערדישער משיח וואָס האַלט מלחמה מיט גוג ומגוג און פאַלט אין דער שלאַכט, און משיח בן דוד, אַ גייסטיקער משיח, וואָס גרייט צו די וועלט פאַר דער מלוכה פון גאָט".

דאָס קריסטנטום האָט איבערגענומען דעם עסכאַטאָלאָגישן עלעמענט און אים דערפירט צום ווייטסטן עקסטרעם. לויט דער דאָזיקער רעליגיעזער שיטה קאָן בכלל ניט געמאָלט זיין קיין ליכטיקע צוקונפט אין אונדזער ערדישן לעבן. אַלץ בלייבט איבער פאַר יענער־וועלט, ווען די כיליאַסטישע פּאָרויס־זאָגונג וועט מקוים ווערן, דאָס הייסט, ווען יעזוס קריסטוס, דער גואל, וועט זיך ווידער באַווייזן אויף דער וועלט. ביי יידן, כאָטש די באַגריפן פון עולם הזה און עולם הבא, גיהנום, גן־עדן, תחית המתים, אאַז״וו, זענען אַלץ מער אַרויסגעבראַכט געוואָרן מיט פאַנטאַסטישער קלאָרקייט, איז אָבער צוליב דעם ניט צעשטערט געוואָרן דער רעאַל־ערדישער עלעמענט פון די צוקונפט־חלומות ביים פאָלק ישראל. די אינערלעכע פאַרוועבטקייט פון ביידע עלעמענטן האָט צוגעקראָגן אַ נייעם כוח און דערמיט באַרייכערט די אָריגינאַליטעט פון דער פאַרוואָרצלטער צוקונפט־ווענדונג אין יידישן געמיט. נאָך חורבן בית־שני, און דורך די יסורים פון דער גלות־צייט, האָט דאָס קאָנקרעטע, ערדישע ארץ־ישראל געצויגן צו זיך אי ווי אַן אָביעקט פון נאַטירלעכער גאולה, אי ווי אַ ציל פון העכער־ווי־נאַטירלעכע ימות המשיח. ארץ־ישראל, כאָטש אַ געוויינטלעכער געאָגראַפישער פונקט, וואָס מען קאָן צו אים צוקומען מיט געוויינטלעכע ערדישע מיטלען, איז אויך איינגעהילט געוואָרן אין קדושה פון געטלעכקייט. אַזוי איז ארץ־ישראל געוואָרן אַ צענטראַל־פונקט אינעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון דער צוקונפט־ווענדונג ביי יידן.

דער גלויבן וואָס שאַפט די בילדלעכע עסכאַטאָלאָגישע פאָרשטעלונג און די האָפענונג וואָס לעבט אין דער ספערע פון נאַטירלעכע מעגלעכקייטן, זענען ניט בלויז אַנדערש אין פּרט פון אמונה וואָס יעדע פון זיי פאָדערט, זיי זענען אויך אַנדערש ווי פּסיכישע פאַקטאָרן אין לעבן און אין די איבער־לעבונגען פון אַ מענטשן. אַ מענטש איז אין זיין רעאַלן לעבן געבונדן אין די גרענעצן פון דער נאַטירלעכער רעאַליטעט. אויב ער גלייבט אין תחית המתים, אָדער גיהנום און גן־עדן, למשל, פאָדערט זיך פון אים אַ שפּרונג פון נאַטור צו איבער־נאַטור. אַזוי לאַנג ווי ער לעבט אין „נאַטור" קאָן ער דאָך גאָרניט דערגרייכן. ער קאָן זיך בלויז גרייטן. דאָס גרייטן זיך באַשטייט אין דעם ער זאָל ווערן וואָס מער יענע־וועלטיק אויף וויפיל דאָס איז מעגלעך. אין עקסטרעמע פאַלן פירט עס ניט בלויז צו תפילה, און אָפּהיטן געוויינטלעכע רעליגיעזע חומרות, נאָר אויך צו סיגופים, תעניתים, בכלל, התפשטות הגשמיות. דער פּסיכישער צושטאַנד איז אין כאַראַקטער פון גרייטן זיך, אָבער אַ גרייטן זיך וואָס אין דער איצטיקער ערדישער עקזיסטענץ פאַרענדיקט עס זיך אין זיך גופא, וואָרעם דער גאַנצער זינען פון דער דאָזיקער עקזיסטענץ איז דאָך

ניט מער ווי אַ פּראָצעס פון גרייטן זיך צו עפּעס וואָס דאַרף פּאַרקומען אין אַ לעבן פון גאָר אַן אַנדערן מין, וואָס מען דאַרף האָבן גאָר אַנדערע השגות עס צו באַנעמען.

אָבער ווען דער גלויבן וואָרצלט אין אַ האָפענונג אויף די־וועלטיקע נאַטירלעכע מעגלעכקייטן, דעמאָלט טראָגט אונדזער פּסיכישער צושטאַנד אַ „דערווייל"־כאַראַקטער, עס איז אַ צושטאַנד וואָס דערלאָזט אין פולער אויפ־ריכטיקייט מתפּלל צו זיין: לשנה הבאה בירושלים. דאָס שליסט אויך איין די אָנרעגונג זיך צו גרייטן, אָבער אַזאַ וואָס איז זיך סומך אויף פּראַקטישע מיטלען, אָדער גייסטיקע מיטלען וואָס מען גלויבט אַז זיי קאָנען פירן צו פּראַקטישע רעזולטאַטן ווי, למשל, כישוף ביי פּרימיטיווע שבטים. ביי יידן, וואו ביידע עלעמענטן זענען פּאַרוויקלט, זענען ביידע פּסיכישע צושטאַנדן מעגלעך ווי טריט צום זעלביקן ציל, דער ציל פון גאולה פאַר דער וועלט און פאַר יידן, אַ גאולה וואָס פירט דאָס יידישע פאָלק קיין ארץ־ישראל, וואָס איז אי אַ פיזישער שטח אויף דער ערד, אי טראָגט אין זיך די קדושה פון הימל. עס ווערט פּסיכיש מעגלעך צו לעבן אין דער ספערע פון טעאָרעטישער און פּראַקטישער קבלה און אין דער זעלביקער צייט זיך פאַרנעמען מיט דער רעאַלער חלוקה־טעטיקייט און שטיצן די קופּת ר' מאיר בעל הנס; פון איין זייט די געלויבטע אויפבוי־אַרבעט פון אַ משה מאָנטעפיאָרע, אָדער פון נדיב הידוע, און פון דער אַנדער זייט די רירנדיקע גלויבנס און מנהגים וואָס שטאַמען אַלע פון דער פּסיכאָלאָגישער ראָלע וואָס ארץ־ישראל האָט געשפּילט אין געזעלשאַפטלעכן און אינדיווידועלן לעבן פון יידן.

אויף ווי ווייט איז דאָס געווען אַן עכטע פּסיכישע איבערלעבונג? ווי לאַנג? קיינער וועט ניט צווייפלען אין דער רירנדיקער עכטקייט פון דער דאָזיקער איבערלעבונג אין דער פאַר־השכלה־צייט. עס זענען געווען גענוג סיבות וואָס האָבן זי אויך געהאַלטן וואַך אין לערנען און לעבן, וואָס ביידע זענען געווען אַזוי ענג פאַרבונדן ביי יידן. אַ בליק אויף די תרי"ג מצוות לויט ווי דער רמב"ם רעכנט זיי אויס, און אַפילו מיט די שינוים וואָס אַנדערע גדולים טראָגן אַריין, זעט מען גלייך אַז די מצוות התלויות בארץ, די מצוות וואָס זענען פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, זענען אַרום אַ העלפט פון אַלע תרי"ג מצוות. דאָס איז ריכטיק הן בנוגע די וואָס געהערן צו די מצוות־עשה'ס, הן צו די מצוות לא־תעשהס. דער גאַנצער יידישער ריטואַל, פּונקט ווי די הלכה, האָט שטענדיק געהאַלטן וואַך דאָס ארץ־ישראל־באַוואוסטזיין, סיי בנוגע זכרונות און ידיעות פון אַמאָליקן לעבן אין לאַנד, סיי אין אבלות אויף חורבן בית־המקדש.

ר' חיים אבן עטר, דער מקובל און מחבר פון אור החיים, וואָס איז אין 1742 געקומען קיין ירושלים, זאָגט אָן, אַז דער וואָס זעט ווי די שטעט פון יהודה זענען חרוב, דאַרף רייסן קריעה ווי אַן אבל. דער ספר מטעמים

ברענגט אַ טעם פֿאַרן מנהג אָוועקצונעמען דאָס מעסער פֿון טיש בעת מען גייט בענטשן: „עס האָט אַמאָל געטראָפֿן אײנער האָט געהאַלטן אין בענטשן ביים ׳ובנה ירושלים עיר הקודש׳ און ער האָט זיך דערמאָנט אין חורבן ירושלים, האָט ער גלייך אַרײנגעשטעקט [אין זיך] דאָס מעסער. על כן איז גלייך צו באַהאַלטן דאָס מעסער מען זאָל חס ושלום ניט קומען צו קיין געפֿאַר". דאָס זענען געפֿיל־אויסדרוקן אויף אַ פּאַטעטישער מדרגה און דערמיט איז אַ דיכטער מוציא זיינע אַרומיקע, וואָס ביי זיי לעבט אפשר בלויז אַ שאָטן פֿון דער דאָזיקער איבערלעבונג.

אָבער וואָס לענגער און שאַרפֿער עס איז געווען די ארץ־ישראל־מאָנונג — גענערט פֿון דער יידישער געשיכטע, טראַדיציע און אויסגעוואַקסענער יידישער מענטאַליטעט — אַלץ ברייטער, אַלץ מער אַרומנעמענדיק, האָט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פֿון אַן אַלגעמיינער גאולה־אידייע דער געדאַנק וואָס האָט לכתחילה זיך קאָנצענטרירט אויף אייגן־פֿאָלקישער באַפֿרייאונג פֿון פֿרעמדן יאָך; און די צווייאיקייט וואָס איז פֿאַרוויקלט אין דער גאולה־אידייע, די טעאָלאָגיש־מיסטישע און די ערדיש־רעאַלע, האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט אַז די אידייע זאָל זיך לייכטער קאָנען איבערזעצן אין טערמינען פֿון אַ צייטגייסט וואו דאָס ערדיש־רעאַלע האָט באַקומען אַלץ אַ גרעסערע שליטה. די דאָזיקע מעגלעכקייט ווערט אויך שטאַרקער סטימולירט פֿון דער אַנדער צווייאיקייט: עס איז ניט בלויז די יידישע, נאָר אויך די אַלגעמיינע גאולה.

אין דער דאָזיקער ספֿערע פֿון געדאַנק און געפֿיל איז ניט שווער צו פֿאַרשטיין — אין הסכם מיט אַ באַשטימטן צייטגייסט — ניט בלויז דעם איבערגאַנג צו חובבי ציון און ציוניזם, נאָר אויך צום אַנטי־ציוניסטישן סאָציאַליזם. אין היסטאָרישן לעבן טרעפֿט זיך ניט זעלטן אַז אַ פֿאַקטאָר וואָס טרייבט פּראָצעסן מיט גרויס אימפּעט זאָל פֿאַרטראָגן די זעלביקע פּראָצעסן ווייט פֿון אייגענעם קוואַל, אַפֿילו אין דער היפּוכדיקער ריכטונג. אַזוי געפֿינען מיר אין אונדזער פֿאַל. ארץ־ישראל האָט, ווי אַ פֿאַקטאָר אין אונדזערע גאולה־אידעאַלן, משפּיע געווען אונדזערע אידעאַלן אויף אַזאַ קרעפֿטיקן אופֿן, אַז אין געוויסע פֿאַלן האָבן זיי זיך אין שנעלן פֿלי אָפּגעריסן פֿונעם שורש וואָס פֿון אים שטאַמען זיי. די אַלגעמיינע גאולה־אידייע פֿון סאָציאַליזם האָט אָפּט פֿאַרטונקלט, אַפֿילו אין גאַנצן עלימינירט, אַפֿילו אַקטיוו באַקעמפֿט, די אַנדערע העלפֿט פֿון דער צווייאיקייט, די אידייע פֿון שיבת ציון.

די ירושה פֿון ארץ־ישראל, ווי אַ פּסיכישע איבערלעבונג, פֿאַרמאָגט זייער אַ סך פֿאַרצווייגונגען. טיילמאָל איז אַן אָפּשפּריץ דערפֿון אַזוי ווייט און אומדירעקט אַז מען דאַרף קוקן דורך זייער אַ סענסיטיוון אינסטרומענט צו דערשנאַפּן דעם טיף־באַגראָבענעם וואָרצל פֿונעם „גאָר־עפּעס־אַנדערש" וואָס וואַרפֿט זיך אין די אויגן. אַן אַנדערש מאָל איז די שייכות פֿון דעם

וואָס מען זעט נאָענט און דירעקט. לאָמיר זען ווי עס וואַרפט זיך אין די אויגן פון אַ ווילד־פרעמדן.

אין זיין הערצל־ביאָגראַפיע דערציילט דזשייקאָב דע האַז דעם וויטער־דיקן אינצידענט (באַנד II, 219). אין 1904 האָט הערצל געקראָגן אַ צוטריט צום וואַטיקאַן. לכתחילה האָט אים אויפגענומען דער קאַרדינאַל מערי דעלוואַל. דער קאַרדינאַל איז דורכויס געווען קעגן הערצלס פּלאַן אַז ארץ־ישראל זאָל ווערן אַ יידישע מדינה. אָבער בעתן שמועס האָט ער פונדעסטוועגן געמאַכט אַ קאָמפּלימענטאַרע באַמערקונג וועגן יידן:

„די יידישע שטרעבונג צו זייער אַלטער היים איז איינס פון די מערקווערדיקע זאַכן. עס זעט אויס ווי איינגעקריצט אין זייערע הער־צער. די יידן זענען אַ פאָלק פון דער השגחה, דאָס פאָלק פון געשיכטע פאַר עקסעלאַנס. עס זעט אויס, אַז דאָס וואָס זיי זענען איין מאָל דורכגעגאַנגען קאָנען זיי ניט פאַרגעסן. אַזוי האָט מען מיר איבער־געגעבן — עפּעס וואָס, ווי אַ שפּאַניער, אינטערעסירט מיך זייער שטאַרק — אַז אין מזרח גייען אַרויס יידישע צייטונגען מיט יידישע אותיות אין דער שפּאַנישער שפּראַך. די מענטשן וואָס האָבן עמיגרירט פון שפּאַניע מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָבן אויפגעהאַלטן אונדזער לשון. איז דאָס ניט מערקווערדיק?"

פאַרשטייט זיך, עס איז אַ סך מער ווי מעכאַניש איינגעקריצט און מעכאַניש ניט פאַרגעסן; עס איז פאַרבונדן מיט גרויסע אידייען און מאָראַלער באַצוואונגענקייט; עס פאַרמאָגט אין זיך די בייגעוודיקייט, די צופּאַסונג־פעאיקייט, פון אַ סיסטעם וואָס באַשטייט פון פאַרשיידענע עלעמענטן און קאָן אַרויסהייבן פון זיך אַזאַ עלעמענט, אָדער אַן אַנדערן, לויטן דרוק פון לאָקאַלע און צייטלעכע פאַקטאָרן. טיילמאָל קאָן דער פאַקט פון אַקצענטירן איין עלעמענט, ווען עס גייט ווייט גענוג, ווערן אַ סכנה פאַר דער גאַנצער סיסטעם, אָבער אין אַלע פאַלן לאָזט זיך אויפכאַפּן די סיסטעם וואָס פון איר איז דער אַרויסגעהויבענער עלעמענט אָפּגעריסן געוואָרן. די קייט וואָס צווישן סיבות און פועל־יוצאס קאָן זיך ציען זייער לאַנג און זיך פאַרקירעווען אויף גאָט־ווייס־וואָסערע דרכים.

אין אַ געוויסן זינען איז פּאַסקאַל גערעכט ווען ער באַמערקט אין זיין ווערק געדאַנקען, אַז ווען קלעאָפּאַטראַ וואָלט געהאַט אַ קירצערע נאָז וואָלט די געשיכטע פון דער וועלט אַנדערש אויסגעזען (פּאַסקאַל האָט אין זינען אַ געשעעניש ווען קלעאָפּאַטראַס געליבטער אַנטאָניוס האָט צוליב איר פאַר־לוירן די שלאַכט ביי אַקטיום). ארץ־ישראל, ווי אַ סיבה פון פּסיכישער השפּעה איז, פאַרשטייט זיך, ניט אויף דער מדרגה פון אַ „קירצערע נאָז", אָבער דער געדאַנק וועגן דער לענג און דער געדרייטקייט פון דער קייט צווישן סיבה און אירע צאָלרייכע פועל־יוצאס, איז וויכטיק. וואָרעם ווי אַ

קאָנקרעטער, ערדישער פּונקט אין דער וועלט האָט ארץ־ישראל קאָנדענסירט אין זיך אַזאַ שפע גייסטיקע אימפּולסן ביים איינצלנעם יידן און סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע געשעענישן אין דער געשיכטע פון פאָלק, אַז עס האָט נאַטירלעך געפירט צו אַ געאָמעטרישער פּראָגרעסיע פון די פאַרשיידנסטע פאַרצווייגונגען אין משך פון דער לאַנגער גלות־צייט. באמת, אין דער שפּיץ פון אַלע פאַרצווייגונגען איז די פּסיכישע צווייטע זייט פון דער ארץ־ישראל מטבע, דאָס געפיל פון זיין אין גלות. דאָס דאָזיקע געפיל פאַרמאָגט אין זיך — לויט דער סיסטעם פון צווייאיקייטן אין דער יידישער פּסיכיק — דעם מאָמענט פון יסורים, אָדער, אין בעסטן פאַל, פון אינערלעכער געדריקטקייט, פון האָבן שטענדיק אַן אַנדערשדיקע וועלט אַרום זיך, ממילא פון מסירת נפש פאַר אַן אידעאַל, פאַר יידישקייט, אָבער אויך דעם מאָמענט פון לעבן אין אַ צושטאַנד פון אַ געוויסער דערוויילִיקייט. דאָס ברענגט אי אַ גייסטיקע, אי אַ מער ממשותדיקע אָריענטאַציע, אָדער, אויף אַנדערע מדרגות, אי יענע־וועלטיקע תשובה, אי די־וועלטיקע פּראַקטישע אונטערנעמונג. אין דער פּסי־כישער ספערע איז די אַנטוויקלונג און דער אויפהאַלט פון גלות־געפיל די העכסטע דערגרייכונג אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, וואָס אַ פאָלק האָט ווען ניט איז אַריינגעבויט אין זיך ווי אַ שוץ־מיטל פאַר זיין קיום.

## אַ פאַרגלייכנדיקער בליק

עס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן, אַז בעת די מענאָניטן און די נאַרוועגיער האָבן אין אַמעריקע זיך געקאָנט אַרומרינגלען מיט דער שוץ־וואַנט פון אָפּגעזונדערטע ישובים, זענען יידן געווען אין אַן אַנדער לאַגע. יידן זענען דער היסטאָריש־באַוואוסטער שטאָטישער עלעמענט. זיי זענען אויך דאָ אין אַמעריקע, גלייך פון אָנהייב, געווען אונטערן אַסימילירנדיקן דרוק פון דער קאָכיקער שטאָט. די אַרבעט פון דער עם־עולם גרופּע אין די אַכציקער יאָרן אין אָרגאַניזירן קאָלאָניעס, האָט קיין הצלחה ניט געהאַט. די שפּעטערדיקע יידישע אַגריקולטור־געזעלשאַפט איז אויך געווען ניט מער ווי אַ פאַרבייגייענדיקער אויפטו. דאָס מזרח־אייראָפּעאישע שטעטל, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע היסטאָרישע ראָלע אין שאַפן און שטאַרקן אַן אָריגינעל יידיש לעבן, איז אין אַמעריקע ניט אויפגעקומען. זענען אָבער געווען אַנדערע פאַקטאָרן וואָס האָבן צוגעגעבן פּאָזיטיווע כוחות דער יידישער אַנדערשקייט.

דער מענאָניט האָט קיינמאָל ניט געהאַט דאָס ספּעציעלע געפיל פון זיין אין גלות. היים־לאַנד און לאַנד־באַוואוסטזיין איז ניט קיין פיזישער פאַקט און ניט קיין פּסיכישע איבערלעבונג אין זיין היסטאָרישער דערפאַרונג; ניט קיין יש פון אַ רעאַלער עקזיסטענץ און ניט קיין סימבאָל פון עפּעס אַ טיפערער און העכערער צוגעבונדנקייט. אָבער אַן דעם איז גלות־געפיל

ניט מעגלעך. וואָרעם גלות באַטייט ביי יידן אַ צושטאַנד פון דערוויילִיקן קלעם, וואָס דער אידעאַל פון באַפרייען זיך דערפון ווערט כסדר געצוונדן פונעם פּאַקטישן ארץ־ישראל פון אַמאָל און פונעם פּסיכישן ארץ־ישראל אין אַלע צייטן נאָכן חורבן. פון דעם שטאַנדפּונקט איז דער חילוק צווישן אויטאָנאָמיזם אין גלות און ציוניזם, איך מיין דעם טעריטאָריאַליסטישן פּרינציפּ, אַ ריין פּראַקטישער, וואָרעם אויך אויטאָנאָמיזם שטרעבט צו דער זיכערקייט פון אַן „אייגן לאַנד" אין אַ געוויסן זינען. ווענן יידן קאָן מען זאָגן, אָנווייזנדיק אויף דער רעאַלער פּונעם ארץ־ישראל פאַקטאָר, מיט ישעיהס ווערטער: „קוק אויף דעם פעלז פון וואַנען איר זייט אויסגעהאַקט און אויף דעם ברונענגרוב פון וואַנען איר זייט אויסגעגראָבן".

די מענאָניטן שטאַמען פון אַ שאַרפן אָפּנייג פון דער הערשנדיקער קאַטוילישער קירך. זייער לעבן באַשטייט פון מיטלען און צילן. די מיטלען, שטרענגע רעליגיעזע דיסציפּלין; דער ציל: גליקלעכע אייביקייט פון אַ יענע־וועלטיקן כאַראַקטער. אין זייער ערדישער עקזיסטענץ קאָנען זיי בלויז האָבן די הנאה פון מסירת נפש פאַר זייערע אידעאַלן. דער פּסיכישער צושטאַנד האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ געפיל פון גרייטן זיך, גרייטן זיך צום לעצטן שפּרונג פון דער רעאַליטעט פון צייט צו דער וועלט פון אייביקייט.

מיט דער צייט, מיט זייער אַריינקום אין דער מאָדערנער צייט, האָט זיך ביי זיי זייער אַ סך געביטן. איצט איז זייער רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע היפּשלעך צעטיילט אויף דער ליניע פון אָרטאָדאָקסיש־רעפאָרמירט. אַנדערע צווישן זיי געהערן בכלל ניט צו קיין קירך. אָבער אין משך פון דער צייט, פון רדיפות און אָפּגעזונדערט דאַרפיש לעבן, האָבן זיי אַנטוויקלט אַן אייגענעם שטייגער, האַלטן זיך מער־ווייניקער ביי אַן אייגענער שפּראַך, און האָבן אַרויסגערופן צווישן זיך אַן אינטענסיוו משפחה־געפיל. דאָס אַלץ גיט זיי אַ קענטיקן עטנישן כאַראַקטער.

זייער געשאַפענע ליטעראַטור — על פּי רוב אין ליטעראַרישן הויכדייטש — געהערט אין אַלגעמיין צום פּראָווינציעלן מין. זייערע צייטונגען פון קאַנאַדע צעגייען זיך אויך אין זייערע קאָלאָניעס אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן, מעקסיקאָ און פּאַראַגוויי. זיי פאַרנעמען זיך דער עיקר מיט לויפיקע מענאָניטישע נייס, באַשרייבונגען פון פירנדיקע פּערזענלעכקייטן, אַרטיקלען וועגן רעליגיעזע ענינים, און אַביסל בעלעטריסטיק און פּאָעזיע. אַנדערע אויסגאַבעס גיבן זיך אָפּ מיט פאַרשונגען אין מענאָניטישער געשיכטע, וואָס דאָס שטרייכט אונטער זייער אידייאישע און ביאָלאָגישע שותפות.

קיין ערנסטע קולטור־שאַפנדיקע ענערגיע האָבן זיי ניט אַרויסגעוויזן. זייער שותפות האַלט זיך מער אויף דער משפחה־מדרגה, כאָטש מיט אַ צוגאָב פון אַ גאַנץ ברייטער ראַם פון מאָדערנער בילדונג און פּעאיקייט. זיי האָבן אַנטוויקלט אַגריקולטור־קאָלאָניעס וואָס זענען אין געוויסע פּרטים אַ מוסטער.

אָבער דאָס אַלץ אין לאָקאַלע גרענעצן. וועגן עפּעס אַ וועלט־ראָלע קאָן קיין רייד ניט זיין. מיט וואָס און ווי אַזוי יידן זענען אַנדערש, איז ניט בייטיק אונטערצושטרייכן. די צוקונפט־ווענדונג וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יידן, און האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזוי פרוכפּערדיק אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע — איינשליסנדיק אַפילו די באַוועגונגען אַרום די אַזוי־גערופענע פאַלשע משיחים — קאָן ניט האָבן דעם מינדסטן דריסת הרגל אין דער מענאָניטישער וועלט, וואָס איר רעאַלע אָריענטאַציע קאָן ניט אַריבערשטייגן די גרענעצן פון איר איצטיקער ערדישער פאַרענדיקטקייט.

די נאָרוועגיער שטאַמען נאַטירלעך פון אַ פאָלק אין געוויינטלעכן, מער־אָנגענומענעם זינען. זיי זענען געקומען אַהער ווי אַ טייל פון אַן עקזיסטירנדיקער נאַציאָנאַלער היים, עמיגרירט האָבן זיי אין גאָר אַ קליינעם טייל צוליב רעליגיעזע רדיפות, אָבער דער עיקר, און אין די גרעסטע צאָלן, צוליב עקאָנאָמישע סיבות. זייער אָנהייב איז געווען אַ פיאָנערישער, געבויט אָפּגעזונדערטע ישובים אויף אומבאַפעלקערטע שטחים פון לאַנד. דאָס האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו שאַפן אַרום זיך אַ נאָרוועגישע סביבה וואו זיי האָבן זיך לכתחילה געקאָנט אויסלעבן אין דער אייגענער שפּראַך, קירך און דערציאונג פון זייערע קינדער. אין דער זעלביקער צייט האָבן זיי אויך געקאָנט שפּילן אַן אַקטיווע פּאָליטישע ראָלע אין לאָקאַלע גרענעצן און זיי האָבן געקאָנט פילן אַז עס וואַקסט אַרום זיי אַ נאָרוועגישע אַמעריקע.

אויך ביי די נאָרוועגיער האָט נאַטירלעך קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן אַ גלות־געפיל, כאָטש צוליב גאַנץ אַנדערע טעמים ווי ביי די מענאָניטן. ראשית, זענען זיי געקומען פון אַ געזיכערטער היים און דערצו נאָך געהאַט דאָס געפיל אַז זיי בויען דאָ אַ צווייטע, אייגענע היים, אַפילו ווען ניט אין זעלביקן זינען ווי אין נאָרוועגיע. והשנית, גלות־געפיל איז אַ באַהערשנדיקער פסיכאָלאָגישער קאָמפּלעקס וואָס קאָן בלויז אויסוואַקסן, דאָרט וואו היסטאָרישע און קולטורעלע סיבות האָבן בכלל געשאַפן אַ באַדן פאַר דעם, אין משך פון לאַנגע עפּאָכעס.

ביי יידן האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט דער וויכוח צי אַמעריקע איז יאָ אָדער ניט גלות. זייער אָפט איז דאָס אַ ריין־פּאָליטישע פראַגע און האָט צו טאָן מיט אַ באַשטימטער שטעלונג צו ציוניזם, אָדער אַן אויסטייטש פון ציוניסטישע שטרעבונגען, און אַ שטעלונג און אויסטייטש פון אונדזערע התחייבותן ווי אַמעריקאַנער בירגער. דאָס איז אַ פראַגע פון פּאָליטישן צוגאַנג, ניט פון פסיכישער איבערלעבונג, פון גלות־געפיל. אָפט באַמערק איך, אַז עס הענגט אָפּ פון אַ באַשטימטער דעפיניציע פונעם באַגריף גלות. אַ סך טראַכטן פונעם ענגלישן „עקזייל" וואָס איז טאַקע אַ בוכשטעבלעכע איבערזעצונג, אָבער דריקט אויס גאָר אַן אַנדער קאָנאָטאַציע.

ווי עס זאָל ניט זיין, דאָס וואָס איז ביי יידן אַ קאָנטראָווערסיעלער ענין,

קאָן צו די נאָרוועגיער, כאָטש אויך אַן אימיגראַנטישע גרופּע, קיין שייכות ניט האָבן. דערצו האָט זיי לכתחילה שטאַרק געהאָלפן דער פאַקט וואָס זיי האָבן אַ קירך, די לוטעראַנישע קירך, וואָס איז כמעט אין גאַנצן אַן אייגענע. די דאָזיקע קירך איז געווען אַ באַפּעסטיקטער אָנשפּאַר פאַר דער נאָרוועגישער שפּראַך און עלעמענטן פון זייער שטייגער און פאָלקלאָר. די זעלביקע קירך, ווי מיר האָבן געזען, האָט גענומען בויען העכערע לערן־אינסטיטוציעס אויסצובילדן גייסטלעכע פאַר די קירכעס, האָט דאָס ממילא געפירט צו דעם עס זאָל מער פאַרשפּרייט און פאַרטיפט ווערן נאָרוועגישע בילדונג און דאָס האָט ווי אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט אויך געהאָלפן אויפ־בויען אַ פאַרצווייגטע נאָרוועגישע ליטעראַטור.

אָבער שוין אין אָנהייב פון יאָרהונדערט האָבן זיי געקאָנט דערפילן, אַז די טענדענצן ביים נייעם דור גייען ניט אין דער ריכטונג וואָס זיי האָבן לכתחילה אָנגעצייכנט. עס איז אינטערעסאַנט דער פאַקט, אַז די לוטעראַנישע קירך, וואָס איז לכתחילה געווען אַ זייל וואָס האָט אונטערגעהאַלטן דעם קיום פונעם נאָרוועגישן אַמעריקע, איז מיט דער צייט געוואָרן אַ שטער, אַן אבן נגף. די קלענערע צאָל ניט־נאָרוועגיער, און די לוטעראַנער וואָס האָבן זיך באַטראַכט ווי אַמעריקאַנער, האָבן געאַרבעט און אויסגעפירט אַז די קירך זאָל טראָגן אַן אַלגעמיין רעליגיעזן, ניט קיין פאָלקיש־נאָרוועגישן, כאַראַקטער. דער איבערגאַנג צו ענגליש אין לוטעראַנישן ריטואַל איז געווען אי אַ שאַרפער אָפּנייג פון דער קירכס פריערדיקער ראָלע, אי אַ סימפּטאָם פון דער ווייטער־דיקער סכנה פאַרן נאָרוועגישן שטייגער אין אַמעריקע.

אַרום דער דאָזיקער צייט האָבן די נאָרוועגיער אין אַמעריקע גענומען בויען די „ביגדעלאַגן“, וואָס זענען געווען אַ מיטל צו שטאַרקן דעם נאָרוועגישן לעבנס־שטייגער. אַרום דער זעלביקער צייט האָבן זיך ביי אונדז פאַרשפּרייט די אָרגאַניזירטע לאַנדסמאַנשאַפטן. לוינט זיך ווייטער צו ציען דעם פאַדעם פונעם פאַרגלייך צווישן זיי און אונדז.

קודם כל וועגן דער אָרגאַניזירטער רעליגיע. די לוטעראַנישע קירך באַשטייט טאַקע על פּי רוב פון נאָרוועגישע מיטגלידער, אָבער זי פאַרמאָגט אויך אַ צומיש פון אַנדערע סקאַנדינאַווישע לענדער און פון אַמעריקאַנער. ממילא קאָנען די אַנדערע שטעלן אַ פאָדערונג אַז די קירך זאָל שטעלן דעם גאַנצן טראָפּ אויף רעליגיע, ניט אויף פאָלק. אַזאַ קירך, ווען זי זאָגט זיך אָפּ פון דער פאָלקס־שפּראַך, ווערט זי שוין ממילא אַלגעמיין רעליגיעז און נעמט אַוועק פון זיך כמעט יעדן חותם פון אַ באַשטימטן פאָלקישן אָפּשטאַם. ביי יידן איז די שול אַ יידישע ניט בלויז ווייל זי האָט צו טאָן דורכויס מיט יידן, נאָר אויך ווייל דער יידישער רעליגיעזער ריטואַל איז פול מיט היסטאָ־רישע אַלוזיעס פון אייגענעם פאָלק און איז, בכלל, באַהעפט היסטאָריש און עמאָציאָנעל בלויז און איין־און־איינציק צום יידישן פאָלק. די אָרגאַניזירטע

יידישע רעליגיע האָט קיינמאָל ניט געלייגט דעם טראָפּ אויף שפּראַך — לשון־קודש, איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין שפּראַך אין געוויינטלעכן זינען — און האָט קיינמאָל זיך ניט דערנענטערט אויף דער מינדסטער האָר צו שפּראַכלעך־קינסטלערישע ווערטן. דאָס איז בלי ספק געווען אַ גרויסער אָנווער פאַרן וואוקס פון אונדזער קולטור, אָבער אין דעם האָט אויך געשטעקט אַ מעלה, ווען מען פאַרגלייכט עס מיט דער ראָלע פון דער לוטעראַנישער קירך ביי די נאָרוועגיער. אין לעצטן סך הכל איז דאָס ביי זיי געווען אַ מעלה וואָס האָט געפירט צו אַן ערנסטן חסרון, אין דעם וואָס זיי האָבן אַזוי פיל האָפענונג געלייגט אויף שפּראַך, אַ האָפענונג וואָס האָט געבראַכט, געמוזט ברענגען, בלויז אַנטוישונג. ביי אונדז איז דאָס געווען אַן ערנסטער חסרון וואָס האָט געפירט צו אַ מעלה אין דעם וואָס ביי אונדז האָט די שול דאָס ניט געטאָן.

זאָל דאָ, אגב, אויך אָנגערירט ווערן די פריער־דערמאָנטע באַמערקונג פון פּראָפעסאָר מאָנטש, אַז ביי די נאָרוועגיער קומט גאָר ניט פאָר „אַז זי זאָל, ווי אַ גאַנצע, זיך אַריינטאָן אין עפּעס אַן אַרבעט אָדער פונקציע". מען קאָן דאָס ניט זאָגן וועגן אונדז, יידן. ביי אונדז זענען ימים־טובים יידישע היסטאָרישע געדענק־טעג אַפילו אין סעקולער־געפירטע היימען. לכל הפחות טייל ימים־טובים זענען בלי ספק אַ פונקציע פון גאַנצן פאָלק, ניט רעכענענדיק די געוויינטלעכע יוצאי מן הכלל. אַחוץ דעם, די הילף־אַרבעטן, וואָס האָבן אין זינען יידישע ישובים אין אַנדערע לענדער, זענען דאָך אַוודאי אַלגעמיינע פאָלק־אונטערנעמונגען. בכלל, די צענטראַליזירנדיקע טענדענצן וואָס יידן ווייזן אַרויס אין אַ סך יידישע טעטיקייטן אין לאַנד, זענען פאַרבונדן מיט אַ געפיל פון פאָלקישער שייכות און מיט דער אחריות וואָס דאָס רופט אַרויס.

מיר געפינען אויך סימפּטאָמאַטישע אונטערשיידן צווישן די נאָרוועגישע ביגדעלאַגן און אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן. דער ציל פון די ביגדעלאַגן, לויט זייערע געדרוקטע קאָנסטיטוציעס, איז, אין דער ערשטער שורה, צו האַלטן לעבעדיק די קולטור פון דער אַלטער היים. אָט איז אַ דערקלערונג פון איינעם פון זיי, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אַנדערע. דאָס איז אַן אָרגאַניזאַציע פון נאָרוועגישע עמיגראַנטן פון דער געגנט האַרדאַנגער, און איר ציל איז אַזאַ: „דורך קאָנפערענצן אויפצוהאַלטן פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט און פריינדשאַפט צווישן די עמיגראַנטן און זייערע קינדער אין אַמעריקע; צו זאַמלען די געשיכטע פון די פאַמיליעס פון האַרדאַנגער אין אַמעריקע; צו אַרבעטן אויפצוהאַלטן גוטע און ניצלעכע זכרונות פון האַרדאַנגער; צו שטודירן די נאָרוועגישע שפּראַך..." אַ גרויסע צאָל ביג־דעלאַגן דערמאָנען, אַז זיי שיקן „מתנות" קיין נאָרוועגיע, אָט פאַר אַ מאָנומענט, אָט פאַר איבערבויען אַ קירך, אאַז"וו.

לאָמיר דאָס פאַרגלייכן מיט דער יידישער לאַנדסמאַנשאַפט. אויך דאָ זענען די קאָנסטיטוציעס זייער ענלעך איינע צו דער אַנדערער. אין דער

גרעסטער צאָל ווערט דערמאָנט, אַז די שפּראַך אויף די פֿאַרזאַמלונגען זאָל זיין יידיש. איך וועל אויסקלייבן איינע וואו דאָס ווערט צום שטאַרקסטן אַקצענטירט (איך באַנוץ אַ מאָדערניזירטן אויסלייג): „קאָנסטיטוציאָן פון די וואָלקאָווישקער יאַנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן. אָרגעניזיד אַם 26טן דעצעמבער 1896. ניו יאָרק 1907.

„דער צוועק פון דעם פעראיין איזט: הילפע צו נאָטליידענדע מיטגלידער, קראַנקען בענעפיט, שטערבע פעלע צו בעזאָרגן און פאַר־בילדונג.

„די פערהאַנדלונגען און די ביכער פון פעראיין זאָלן אין דער יידישע שפּראַכע געפירט ווערדען. יעדאָך ווען ער אין יידיש ניט שפּרעכען קען, קען ער ענגליש ריידן אונד דער טשערמאַן ברויכט דאָס אין יידיש איבערזעצן".

פאַראַן אינטערעסאַנטע אונטערשיידן צווישן זיי, סיי אין די געשטעלטע צילן, סיי אין די דורכגעפירטע פּראָגראַמען ביי פאַרזאַמלונגען, סיי אינעם אינהאַלט פון זייערע פּובליקאַציעס. פאַראַן אונטערשיידן וואָס מען זעט פון אויבן־אויף, פאַראַן אויך כאַראַקטעריסטישע דעליקאַטע שטריכן וואָס האָבן אַ ווערט פאַר אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. אָבער איינס איז קלאָר: דער ערשטער שטויס זיך צו אָרגאַניזירן איז שאַפן פאַר זיך אַ היימיש ווינקל אין נייעם לאַנד. נאָך דעם קומט שוין פאַר די צעטיילונג. ביי די נאַרוועגיער איז דער עיקר דער קולטור־שטייגער פון דער אַלטער היים, וואו שפּראַך שפּילט אַ גרויסע, זעט אויס די גרעסטע, ראָלע. אין דער לאַנדסמאַנשאַפט איז דער אָנגעזעענסטער מאָטיוו: קעגנזייטיקע הילף, שטיצן קראַנקע, נויט־ליידנדיקע, פאַרזיכערונג, קרקע, אַפילו מנחם אָבל זיין איז אַ וויכטיקער פונקט.

דער ציטירטער פּאַראַגראַף וואו יידיש ווערט קאָנסטיטוציאָנעל באַוואָרנט, ווייזט קלאָר אַז עס ווערט ניט געמיינט יידיש ווי אַ קולטור־ווערט, ווי מיר געפינען ביי נאַרוועגיער וועגן נאָרוועגיש, נאָר ווי אַ מיטל צו דערנעענטערן זיך, צו מאַכן דאָס היימישע ווינקל היימישער. אַנדערש וואָלט געווען שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי מען קאָן אַרויסהייבן יידיש און שרייבן וועגן דעם אַזוי גרייזיק אַפילו אין 1907.

ביי די לאַנדסמאַנשאַפטן איז תמיד געווען דער עיקר צו העלפן, שטיצן די היגע מיטגלידער, שטיצן די אַלטע היים. ניט דורך „מתנות" נאָר דורך נעמען אויף זיך מאָראַלע התחייבותן, העלפן די וואָס ליידן, העלפן אין גרויסע אַלגעמיין־יידישע נויטן, בקיצור, אַ מאָדערנע ווערסיע פון פּדיון שבוים און בכלל, באַנייטע אָנשטרענגונג אויפצובויען אין דער נייער היים די אָרגאַניזירטע פאָרמען פונעם אַלטן שטעטל, די חברות, וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין יידישן לעבן.

ביי די נאָרוועגיער, וואו דער ווייט גרעסטער רוב פון דער באַפעלקערונג אידענטיפיצירט זיך מיטן לוטעראַניזם, שפּילט די קירך זייער אַ גרויסע ראָלע. ווען די דאָזיקע ראָלע האָט אָנגענומען אַן אַסימילירנדיקן כאַראַקטער, האָבן די ביגדעלאַגן געוומען שאַפן די אייגענע שטייגערשע היים וואָס די קירך האָט זיך פון איר אַלץ מער דערווייטערט. ביי יידן האָט די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע, די שול, אַרומגענומען אַ קלענערן טייל פון דער באַפעלקערונג. אָבער דער עיקר, כאָטש די שול האָט זיך שטאַרק געביטן, זיך צוגעפּאַסט צום גייסט פון היגן לעבן, איז זי אָבער אַלץ געבליבן, געמוזט בלייבן, יידיש. ממילא זענען די באַדינגונגען ביי די צוויי פעלקער געווען אין גאַנצן אַנדערש. אָבער דער פונדאַמענטאַלער אונטערשייד באַשטייט אין דעם, וואָס ביי די נאָרוועגיער איז די פּלאַנירטע הויפּט־אויפגאַבע געווען אַ קולטור־שטייגערשע; ביי יידן — אַן אַרויסהעלפעריש־מאָראַלע. דאָ האָבן מיר ווידער אַ בילד פונעם גייסט וואָס געשיכטע און טראַדיציע האָבן אין אונדז איינגעפּלאַנצט און גלות האָט רירנדיק פאַרשטאַרקט.

ביידע, נאָרוועגיער און יידן, האָבן געשאַפן אַ היפּשע אייגענע ליטעראַטור אויפן אַמעריקאַנער באָדן, סיי אין דער אייגענער פאָלק־שפּראַך, סיי אין דער אַלגעמיינער לאַנד־שפּראַך. ווען מיר פאַרגלייכן די ליטעראַטורן אין נאָרוועגיש און אין יידיש, לויט אינהאַלט, באַקומען זיך ענלעכע רעזולטאַטן צו די וואָס עס איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן. אַז אין יידיש וועגט מער אַריבער די קינסטלערישע ליטעראַטור, לאָזט זיך לייכט פאַרשטיין. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס ביי אונדז האָבן דאָס רוב לייענער און אַ היפּשע צאָל שרייבער ניט באַקומען קיין סיסטעמאַטישע שולונג. איז קינסטלערישע ליטעראַטור דעריבער מער צוגעפּאַסט פאַר אינטעלעקטועלן און עמאָציאָנעלן אויסדרוק.

בנוגע אינהאַלט, זאָל אַ ביישפּיל עס אַרויסברענגען. אָ. ע. ראָלוואַג רעכנט זיך פאַרן אָנגעזעענסטן נאָרוועגישן ראָמאַניסט. ער האָט אָנגעשריבן אַ צאָל ראָמאַנען וואָס באַשרייבן דאָס לעבן פונעם נאָרוועגישן פּיאָנער, דורכגעגאַנגען סכנות צרות, באַזיגט אַלע שטרויכלונגען און ענדלעך זיך דערשלאָגן צום ציל. אָבער אין 1922 האָט ער אָנגעשריבן אַ ראָמאַן מיטן נאָמען די שיף פון בענקשאַפט, גאָר פון אַן אַנדער סאָרט. שרייבנדיק וועגן ראָלוואַגן, אין דער הקדמה צו ריזן פון דער ערד ווייזט אָן לינקאָלן קאָלקאָרד, אַז ראָלוואַג איז מיטן דאָזיקן ווערק, שיף פון בענקשאַפט, „געגאַנגען אַביסל צו ווייט“, דערפאַר האָט עס ניט אויסגענומען ביים נאָרוועגישן לייענער. דער חסרון איז באַשטאַנען אינעם אינהאַלט: „עס איז אַ מעשה פון אַ סענסיטיוון, קינסטלערישן יונגנמאַן, וואָס קומט קיין אַמעריקע פון נאָרוועגיע פול מיט חלומות און אידעאַלן, און ריכט זיך צו געפינען דאָ אַלץ וואָס זיין נשמה וויל האָבן. ער געפינט עס ניט און זיין לעבן ענדיקט זיך אין אומגליק“. אָט דער מיטפילנדיקער טרויער וואָס פאַרענדיקט אַן אידעאַל לעבן, דאָס

ברענגט צו דעם, אַז קאַלקאַרד זאָל קאָמענטירן: „איבעריק צו זאָגן אַז דאָס בוך האָט ניט אויסגענומען ביי זיין [ראָלוואַגס] נאָרוועגיש־אַמעריקאַנישן עולם.

אָבער מיט אַט דעם טרויער און מאָראַלן פּראָטעסט איז געווען פול די היגע יידישע ליטעראַטור ביי איר אויפקום, און אַ שטיק צייט שפּעטער, אין אַמעריקע. די פּאָעטן: עדעלשטאַט, ווינטשעווסקי, באָוושאָווער, ראָזנפעלד; די דערציילער: ליבין, קאָברין, אויך יעקב גאָרדין אין זיינע דערציילונגען, האָבן דורכויס אַרויסגעהויבן טעמעס פון סאָציאַלן מוסר, כאָטש פון אַן אַנדער מין ווי די שיף פון בענקשאַפט. אין זיין בוך דערציילערס און ראָמאַניסטן (1946, 194) שרייבט ש. ניגער וועגן יעקב גאָרדינען: „ער האָט זיך ניט געדאַרפט מאַטערן צו שרייבן סקיצן און דערציילונגען מיט אַ סאָציאַל־ראַדיקאַלער אָדער סתם מאָראַליסטישער טענדענץ. ער האָט הנאה פונעם טענדענציעזן מין שרייבן, און דווקא פון דעם מין שרייבן". דאָס איז געווען — סיי צום גוטן, סיי צום שלעכטן, קינסטלעריש — כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלץ וואָס מען האָט דערלאַנגט דעם יידישן עולם אין יענער צייט. קענטיק, אַז ביים יידישן לייענער האָט גראָד דאָס אויסגענומען.

מיר האָבן פריער זיך באַקענט מיט האַוגערס כאַראַקטעריסטיק פון נאָרוועגיש־עטנישן באַוואוסטזיין. דאָס וואָרט „נאָרוועגיש" באַטייט ניט מער ווי פון נאָרוועגישן אָפּשטאַם; עס פאַרוויקלט אין זיך אויך אַ געוויסע „סוב־לאָיאַלקייט", ניט צו נאָרוועגיע נאָר צו די אַנדערע נאָרוועגיער אין אַמעריקע. דער דערמאָנטער פּראָפעסאָר מאָנטש קומט צום אויספיר, אַז „אַ כמעט פול־שטענדיקע קולטורעלע אַסימילאַציע מוז זיך ניט דווקא פאַרענדיקן מיט דער געהאָפטער סאָציאַלער אַסימילאַציע". ער זאָגט דאָס נאָך דעם ווי ער ווייזט אָן אויף ווי ווייט אין די נאָרוועגישע ישובים אין וויסקאָנסין איז נאָך אַלץ פאַרבליבן די טענדענץ ביי דער דאָזיקער עטנישער גרופּע צו פאַרברענגען צווישן זיך, אַפילו זיך האַלטן ביי געוויסע אַמעריקאַניזירטע נאָרוועגישע מנהגים. דער אַלגעמיינער איינדרוק פון האַוגערן ווערט דורך דעם ניט געביטן.

ווי איז ביי יידן אין דעם פּרט? ניטאָ קיין אַלגעמיינער ענטפער וואָס זאָל זיין גילטיק אין אַבסאָלוט אַלע פאַלן. אין די גאָר קליינע קהילות גיט די לאַגע ניט קיין סך נחת. אין אַן אויספאָרשונג וואָס ד"ר בענדזשאַמין קאַפּלאַן האָט פאַרעפנטלעכט ניט לאַנג צוריק וועגן יידישן לעבן אין די קליינע קהילות (דער אייביקער פרעמדער, 1957) קומט ער צום אויספיר אַז: „די קליינע יידישע קהילות, אַזעלכע ווי עס ווערן אַנאַליזירט אינעם דאָזיקן פּראָיעקט, וועלן צעפאַלן אין דער נאָענטער צוקונפט" (דאָרט, 159). אָבער אַזעלכע קליינע קהילות, ווי קאַפּלאַן האָט אויסגעפאָרשט, נעמען אַרום אַ קליינעם פּראָצענט פון דער אַמעריקאַנער יידישער באַפעלקערונג. אַ סך כאַראַקטעריסטישער זענען די רעזולטאַטן אין דער ריוועראַן־אויספאָרשונג

פון מאַרשאַל סקלייר און מאַרק וואַסק. דאָ האָבן מיר אַ יידישע באַפעלקערונג פון 8500 און די 200 אויסגעפאָרשטע עלטערן און זייערע יוגנטלעכע קינדער גיבן אונדז אַן אַנדער בילד.

אויף דער פראַגע: וואָס איז אַזוינס אַ ייד? האָבן 80 פּראָצענט עלטערן געענטפערט, אַז אַ ייד איז דער וואָס שטאַמט פון יידן אָדער וואָס באַטייליקט זיך אין יידישן קולטור־לעבן. אָבער ביי די יוגנטלעכע האָבן פולע 97 פּראָצענט דעפינירט אַ ייד ווי אַזאַ וואָס האַלט פון דער יידישער רעליגיע. וואָס באַטייט דאָס? אַביסל פריער זאָגן די אויספאָרשער, אַז רעליגיע באַטייט אַז מען האַלט פון מצוות מעשיות, אָדער פון „יידישן ריטואַל". דאָס איז ריכטיק. דער דורכשניטלעכער מענטש איז ניט פאַרליבט אין טעאָלאָגישע און מעטאַפיזישע חקירות. ער פאַרשטייט רעליגיע ווי באַשטימטע רעליגיעזע אַקטן. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז מיט מצוות מעשיות האַלט עס גאַנץ שוואַך ביי די זעלביקע יוגנטלעכע. היינט וואָס קאָן פאָרט באַטייטן „רעליגיע" — די איינציקע דעפיניציע פאַרן באַגריף ייד — אויב זי ווערט אַזוי שוואַך דורכגעפירט? קענטיק, אַז אין דאָזיקן וואָרט ליגט עפּעס מער ווי אַ באַשטימטער צאָל ריטואַלן. מעגלעך אַז מען קלייבט אויס דאָס וואָרט רעליגיע, ווייל אין אַמעריקע ליגט אין דעם אַ געוויסער פּרעסטיזש. נאָך מער לאָזט זיך עס פאַרשטיין ווי אַן אויסוועג פון שוועריקייטן; יידישע אמונה איז אַ היסטאָריש גרייטער טערמין און קאָן לייכט פאַרנעמען דעם פּלאַץ ווי אַן ענטפער אויף אַ פראַגע, וואָס אויף איר איז באמת שווער צו ענטפערן. זי נעמט אַריין אין זיך אידייען, געפילן, צושטאַנדן, און אַ סך אַנדערע עלעמענטן, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי זענען אומבאַוואוסטזיניק. דאָס וואָרט רעליגיע זעט אויס צו זיין אין דעם פאַל אַן אַלגעמיינער אויסדרוק פון פּאָזיטיווער באַציאונג. עס איז כמעט דאָס זעלבע וואָס אַן אַנדער יידישע מענטאַליטעט דריקט אויס מיטן וואָרט קולטור און הויבט אָן צו סאָפּען מיט אַ כוואַליע רעטאָרישע סינאָנימען ווען עס פאָדערט זיך צו צעבייטן אויף קאָנקרעטן קליינגעלט דעם באַגריף יידישע קולטור.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז בעת וועגן „יידישע ריטואַלן" איז פאַראַן אַ סך נעגאַטיווע קריטיק, און דאָס וואָס ווערט אָפּגעהיט איז זייער שוואַך, זענען די ענטפערס גאָר אַנדערש ווען עס קומט צו דער פראַגע: „וואָס איז אייער באַציאונג צו מדינת ישראל?" 94 פּראָצענט עלטערן און 87 פּראָצענט קינדער זענען געשטימט פּאָזיטיוו. די גלייכגילטיקע, די נעגאַטיווע און די וואָס דריקן אויס געמישטע געפילן, באַטרעפן בלויז 5 פּראָצענט ביי די עלטערן און 9 פּראָצענט ביי די קינדער. דאָס אינטערעסאַנטסטע אין דעם פאַל איז דער פאַקט, אַז כאָטש רעליגיע ווערט דעפינירט אין טערמינען פון ריטואַלן, איז דער חלל צווישן דער שטעלונג צו רעליגיע און אָפּהיטן ריטואַלן גאַנץ גרויס, בעת די פּאָזיטיווע באַציאונגען צו רעליגיע און צו מדינת

ישראל זענען, לויט דער צאָל ענטפערס איןביידע פאַלן, זייער נאָענט איינס צו ס׳אַנדערע, כאָטש די מדינה איז נאַטירלעך זייער אַ ספּעקולערער ענין. דאָס פירט צו אַ שטאַרקן חשד אַז רעליגיע, ווי אַ דעפיניציע פון ייד, סימבאָליזירט אַ סך מער ווי דאָס וואָס מען פאַרשטייט געוויינטלעך אונטער דעם וואָרט. עס זעט אויס, אַז ביי אונדז איז רעליגיע ניט בלויז אַ סך מער, נאָר אויך עפּעס אַנדערש, ווי ביי די מענאַניטן. און ווען מען דערמאָנט זיך, אַז פאַר אַמעריקאַנער יידן איז מדינת ישראל אין אַזוי פיל עיקרדיקע פּרטים אַנדערש ווי נאָרוועגיע פאַר אַמעריקאַנער נאָרוועגיער; אַז די היסטאָרישע און איצטיקע עקזיסטענץ פון ביידע פעלקער מוז אַרויסרופן ווייט אַנדערע אידייאישע און עמאָציאָנעלע באַציאונגען מצד די וואָס זענען בכלל פּאָזיטיוו געשטימט, ווען מען געדענקט דאָס אַלץ, איז שוין גאַנץ לייכט צו דרינגען אַז די אַזוי־גערופענע „סוב־לאָיאַליטעט״ פאַרנעמט ביי יידן אַן אַנדער פּסיכישן שטח ווי ביי נאָרוועגיער.

האָט די פּאָזיטיווע באַציאונג צו מדינת ישראל מצד הי־געבוירענע יידן עפּעס אַ שייכות צו ארץ־ישראל ווי אַ פּסיכישע איבערלעבונג אין משך פון אונדזער גאַנצער גלות־געשיכטע? אויף וויפיל עס רעדט זיך וועגן אַ פּסיכישער איבערלעבונג, זענען קיין אויספאָרשונגען וועגן דעם ניט געמאַכט געוואָרן צו באַשטעטיקן אָדער אָפּצולייקענען. אָבער דער פּשוטער, געזונטער שכל דערלאָזט ניט קיין צוויי מיינונגען. גראָד אין דער רגע דערמאָן איך זיך וואָס עס איז פאָרגעקומען אויפן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווען דער אוגאַנדע־פּראָיעקט איז געשטאַנען אויפן סדר היום. אמת, דאָרט איז די עקסטאַטיש־ריינדיקע שטעלונג לטובת ארץ ישראל געקומען מצד מזרח־אייראָפּעאישע יידן; די אַזוי־גערופענע ציוני ציון האָבן פאַרטראָטן דעם גערודפטסטן, אָבער אויך דעם יידישסטן, יידישן ישוב. אַמעריקע, קאָן מען מיינען, איז עפּעס אַנדערש. אָבער, ווי עס זעט אויס, ניט גענוג אַנדערש אַז דער ארץ־ישראל־פאַקטאָר אין יידישן פּסיכישן לעבן זאָל ניט האָבן געלאָזן זיינע קענטיקע סימנים.

אָט אַזוי קומען מיר צוריק צום ענין וואָס איז באַרירט געוואָרן אין אָנהייב. יידן זענען אַנדערש. דער פאַרגלייך מיט אַנדערע עטנישע גרופּעס אין אַמעריקע ברענגט אַרויס נאָך שאַרפער די דאָזיקע אַנדערשקייט. אָבער ווען מיר אַנאַליזירן די קוואַלן וואָס פון זיי פליסן אַרויס אינהאַלט און קאָליר פון דער דאָזיקער אַנדערשקייט, דערזעען מיר אַ סיסטעם פון צווייאיקייטן וואָס האָבן געשפּילט אַן אייגנאַרטיקע ראָלע אין דער פּסיכישער ראַם פון יידישער שותפות. אין דער דאָזיקער סיסטעם הייבט זיך אַרויס מיט באַזונדער כוח די באַהאָפטענע גאַנצקייט פון צוויי סאָרטן ארץ־ישראל, ארץ־ישראל של מטה און ארץ־ישראל של מעלה.

(1958)

# אַ נאָמען און נאָך עפּעס

זי איז אַרומגעגאַנגען שווער פאַרדאגה׳ט און ניט געזען קיין גרייטן אויסוועג פונעם פּלאָנטער וואָס איר מזל האָט איר געבראַכט. זי איז שוין אין פינפטן חודש און האָט זיך נאָך אַלץ ניט דערטראַכט צו אַ נאָמען פאַרן קינד. אַז גאָט וועט העלפן און עס וועט געבוירן ווערן אַ מיידל וועט אַלץ פאַרענטפערט ווערן על צד היותר טוב. איר מאַמע, וואָס זי האָט אַזוי האַרציק ליב געהאַט, האָט געהייסן בערטע. וועט זיין אַ גאָלדענע געלעגנהייט אַ נאָמען צו געבן נאָך דער מאַמען. וועגן דעם האָט זי שוין לאַנג געטראַכט ווען זי האָט פּעסט באַשלאָסן צו האָבן נאָר איין קינד, אַ בת יחידה מיטן נאָמען פון איר מאַמען. ווי גליקלעך זי וואָלט געווען. אָבער וואָס טוט מען אַז עס ווערט געבוירן אַ ייִנגל? דער חשק צו האָבן אין דער פאַמיליע אַ געדעכעניש נאָך דער מאַמען האָט זי שטאַרק געלאָקט און אַ ייִנגל קען דאָס אומברחמנותדיק צעשטערן. דער געדאַנק אַז דאָס קען געשען האָט איר אַזוי ווײ געטאָן אַז זי איז אַרומגעגאַנגען שווער פאַרדאגה׳ט און אַ ציטער געטאָן ווען עס איז איר אַרויסגעשוואומען פון קאָפּ דער געדאַנק „ייִנגל”.

האָט זי געפרעגט עצות ביי פאַמיליע־לייט, פריינד, שכנים, ניטאָ קיין אויסוועג. איז געקומען דער ראַביי און אויפגעפּלאָנטערט דעם קנופּ. זיין עצה איז געווען, אַז אויב עס וועט געבוירן ווערן אַ ייִנגל זאָל מען אים אַ נאָמען געבן ראָבערט. נעמט אַוועק דעם „ראָ” פון ראָבערט בלייבט איבער „בערט” וואָס איז דאָך כמעט דאָס אייגענע וואָס „בערטע”. האָט זי פריי אָפּגעזיפצט מיט אַ גליקלעך זיפצעניש: אי עס קען זיין אַ ייִנגל, אי עס וועט בלייבן אַ געדעכעניש נאָך דער מאַמען.

איז טאַקע דעם ראַבייס עצה שטאַרק צונוץ געקומען. עס איז געבוירן געוואָרן אַ יונג מיט ביינער און צום פאָלק ישראל איז מיט מזל צוגעקומען אַ נייער ראָבערט. וואָלט שוין אַלץ געווען גוט, איז אָבער צוגעקומען עפּעס וואָס איז געווען נאָך בעסער.

ויהי היום, דאָס פּאָרפאָלק האָט געבראַכן דעם פריערדיקן באַשלוס און דאָס יונגע ווייבל איז שוין ווידער אין פינפטן חודש. איצט איז שוין אַזאַ פאַרפּלאָנטערטער קנופּ ניט געווען. וואָרעם ממה־נפשך, וועט געבוירן ווערן אַ מיידל וועט דאָך זיין שמחה וששון. דאָס וועט זיין אַ פולע אַקצענטירטע בערטע; זי קען נאָך אפילו אין אויסזען זיין ענלעך צו דער באָבען. וועט געבוירן ווערן אַ ייִנגל, איז מילא, מען וועט זיך שוין אַן עצה געבן. אמת, די געשטאָרבענע זיידעס און פעטערס האָבן געהאַט אַזעלכע איינגעבאַקענע

„יוראָפּשע" נעמען, אַ שרעק. אָבער אַז מען איז פריי צו טאָן וואָס מען וויל, וועט מען שוין אויסטראַכטן אַן אַנדער נאָמען.

בינו לבינו זענען אַריבער די פיר חדשים און עס האָט זיך באַוויזן דאָס געהאָפטע, אויסגעבענקט מיידל, אַ כשרע יידישע טאָכטער מיטן נאָמען בערטע. אָבער אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. יאָרן זענען אַוועק. בערטע האָט געענדיקט פּאָבליק-סקול און באַשלאָסן אַז איידער זי גייט אַריין אין היי־סקול איז בעסער צו טראַכטן וועגן אַ נייעם נאָמען. בערטע איז צו פּאָפּולער, דער עיקר צווישן יידן, און לויט ווי פריינד האָבן איר געזאָגט איז דער נאָמען אַביסל צו „יוראָפּשעוואַטע". איז אַוועק אַ קורצע צייט און די פריינד האָבן זי איבערגערעדט. האָט זי פריינדלעך מודיע געווען עלטערן און פריינד אַז מהיום והלאה איז איר נאָמען בעווערלי.

מען קען ניט זאָגן אַז די מאַמע האָט זיך זייער שטאַרק גענומען צום האַרצן דערפון. סוף־כל־סוף האָט זיך די באָבע אין קבר שוין גענוג אָנגע־געסן מיט איר געלאָזענעם נאָמען. חוץ דעם האָט דער מענטש, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען, קיין שום אַנדער סימן ניט געהאַט אויף זיך פון עפּעס אַ געירשנט פאַרמעגן. איז מילא, שוין גענוג בערטע, זאָל זיין בעווערלי.

אַביסל ערגער איז געווען ווען אויך ראָבערטן איז איינגעפאַלן אַן ענלעכער געדאַנק. ראָבערט איז אַזוי פאַרשפּרייט אַז וואו מען גייט און וואו מען שטייט איז ראָבער אָדער באָב. אויב ער זאָל בלייבן ביי אָט־דעם נאָמען וועט מען דאָך אים כמעט ווי ניט אַרויסזען. האָט ער געטראַכט, אַ מין כּעלע־מער טראַכטעכץ, זיבן טעג און זיבן נעכט, און באַשלאָסן מודיע צו זיין כל עם ועדה אַז מהיום והלאה זאָל מען אים רופן ניט אַנדערש ווי ראָנאַלד.

דאָס איז געגאַנגען אַביסעלע צו ווייט און האָט שוין פאַרשאַפן אַ טראָפּן עגמת נפש. איצט בלייבט דאָך שוין ניט קיין שפור, קיין מינדסטער סימן, פון דער ערשטער כוונה ביים געבן די נעמען סיי דעם זון, סיי דער טאָכטער. מילא, מען קען ניט מלחמה־האַלטן קעגן אַ וועלט. אַמאָליקע צייטן איז אַ נאָמען געווען ווי אַן אבר פונעם אָרגאַניזם, וואָס עס וואָלט געקלונגען אומנאַטירלעך צו בייטן. פּונקט ווי מען קומט אויף דער וועלט מיט אַ באַשטימטער פאָרם פון דער האַנט אָדער קאָליר פון די אויגן, אַזוי איז מען געקומען מיט אַ נאָמען. שרייבער, אַקטיאָרן, אָדער מענטשן פון ענלעכע פּראָפעסיעס האָבן זיך גערופן מיט פּסעוודאָנימען, אַקוראַט ווי בינע־מענטשן בייטן זייערע פּנימער דורך גרים. אָבער מען האָט געוואוסט אַז ביי נעמען, פּונקט ווי ביי פּנימער, זענען פאַראַן אמתע און געמאַכטע. ווייזט אויס, אַז אין רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט — די אָרגאַנישע באַהעפטונג פון אַ נאָמען — האָט זיך איבערגעריסן. האָט די באָבע געביטן איר נאָמען פון ברכה אויף בערטע, איז עס געגאַנגען ווייטער, פון בערטע אויף בעווערלי און פון ראָבערט אויף ראָנאַלד.

פון דער דאָזיקער מעשה איז געדרונגען אַ סך, און אפשר נאָך אַביסל מער. זענען מיר דאָך אָבער אַ פאָלק מיט אַ יחוס־בריוו, טאָ לאָמיר געבן אַ קוק אין די שורות פון אונדזער ספר היוחסין און זען וואָס דאָרט דערציילט זיך וועגן דעם דאָזיקן ענין.

יידישע געלערנטע האָבן דעם ענין פון יידישע נעמען ניט געלאָזן אויף הפקר, חס ושלום. זיי האָבן דורכגענישטערט די מקורות און האָבן אַרויסגעבראַכט אינטערעסאַנטע ידיעות. יעקב צ. לויטערבאַך, אין זיין גרינטלעכער מאָנאָגראַפיע וועגן דעם זעלביקן ענין מאַכט אַן אַלגעמיינעם סך־הכל וואָס פון אים קען מען אַ סך אָפּלערנען. עס ווייזט אַרויס אַז כאָטש אין תנ״ך ווערן ניט אָנגעגעבן קיין שום רעגולירנדיקע כללים ביים געבן קינדער זייערע ערשטע נעמען, פונדעסטוועגן, ווען מען שטודירט די פאַלן וואָס ווערן דערמאָנט לאָזט זיך אַרויסשיינען אַ באַשטימטע סיסטעם. דאָ רעדט זיך, לאָמיר אין זינען האָבן, בלויז וועגן די ערשטע, ניט וועגן די פאַמיליע־נעמען.

אין סיבה פאַר געבן אַ מענטשן אַ באַשטימטן נאָמען, ווערט אָנגעגעבן אין חומש, ווייל עס העלפט פאַרזיכערן עפּעס גוטס אין דער צוקונפט: „און ער האָט גערופן זיין נאָמען נח, אַזוי צו זאָגן, דער דאָזיקער וועט אונדז זיין אַ נחמה פאַר אונדזער אַרבעט, און פאַר דער מאַטערניש פון אונדזערע הענט, פון וועגן דער ערד וואָס גאָט האָט זי פאַרשאָלטן” (בראשית ה, 29). אין דעם ליגט שוין דער אַלגעמיינער געדאַנק אַז דער טייטש פונעם נאָמען האָט אַ ספּעציעלן כוח. ווען יעקב האָט צוגענומען ביי עשון די בכורה שרייט עשו: „צו דען רופט מען זיין נאָמען יעקב ווייל ער האָט מיך שוין צוויי מאָל אויסגענאַרט — ויעקבני זה פעמים?” (בראשית כז, 36).

דאָס בייטן נעמען וואָס מען געפינט אָפט אין תנ״ך מאַכט אויך קלאָר אַ געוויסן צוגאַנג צום ענין מענטשלעכע נעמען בכלל. אברם ווערט געביטן אויף אברהם: „וואָרעם פאַר דעם פאָטער פון אַ סך פעלקער האָב איך דיך געמאַכט — כי אב המון גוים נתתיך” (בראשית יז, 5). אַביסל ווייטער ווערט געביטן פון שרי אויף שרה, ד״ה האַרינטע. דער זעלביקער קוק אויף נעמען ווערט אויסגעדריקט אין דעם וואָס יעקב ווערט געביטן אויף ישראל, ד״ה דער וואָס ראַנגלט זיך (בראשית לב, 29). אין די דערמאָנטע פאַלן, פונקט ווי אין כמעט אַלע אַנדערע פאַלן וואָס ווערן אָפט דערמאָנט אין תנ״ך, זעט מען קלאָר אַז אין פאָלקלאָר פון יענער צייט האָט געוואָרצלט דער גלויבן אַז אַ נאָמען איז ניט קיין צופאַל, אַז עפּעס דריקט ער אויס. ער קען אויסדריקן די פּערזענלעכקייט פונעם מענטשן, פאַרויסזאָגן זיין צוקונפט; ער קען איבערגעבן אַ וויכטיקן פאַקט אין לעבן, אָדער אַ צופּאַסן זיך צו אַ נייער סיטואַציע, וואָס דאָס איז מחייב צו בייטן דעם אַלטן נאָמען אויף אַ נייעם. דאָס אַלץ איז פאַרבונדן מיט גלויבנס, מיט אַבערגלויבנס,

זאַכן וואָס וואָרצלען אין באַשטימטע אַטמאָספערעס און קלימאַט פון צייט. אָבער דאָס וואָס שטייגט אַריבער איבער דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון קלימאַט און צייט איז די באַציאונג אַז אַ נאָמען פון אַ מענטשן פאַרמאָגט אין זיך ניט ווייניקער ווי נעמען פון זאַכן בכלל און ער פאַרמאָגט אין זיך אַ באַזונדער ערנסטקייט וואָס דערמיט איז ער לחלוטין אַנדערש פון די נעמען פון סתם זאַכן.

אַז נעמען פון עלטערן אָדער זיידעס זאָלן איבערגיין צו קינדער און אייניקלעך, דאָס איז כמעט ניט פאַראַן אין תנ״ך צווישן די אַלע דערמאָנטע נעמען פון באַזונדערע פאַמיליעס. בלויז איין פאַל איז פאַראַן אין חומש. תרחס פאָטער האָט געהייסן נחור, און אברהמס ברודער, תרחס זון, האָט אויך געהייסן נחור, אָבער אפילו אין אָט דעם איינציקן יוצא מן הכלל, באַמערקט לויטערבאַך: „איז ניטאָ קיין אָנווייזונג אַז די סיבה פאַרוואָס תרח האָט אַ נאָמען געגעבן זיין זון נחור איז געווען אָנצוהאַלטן צווישן די לעבעדיקע דעם אָנדענק פון זיין פאָטער". דער דאָזיקער איינפיר באַווייזט זיך ביי יידן צום ערשטן מאָל ביים אָנהייב פון בית שני. דאָס האָט זיך גענומען דערפון, איז זיך איין טעאָריע משער, ווייל צווישן די וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון גלות בבל קיין ארץ ישראל, צוזאַמען מיט עזרא הסופר, זענען געווען אויך אַזעלכע וואָס מען איז ניט געווען זיכער מיט זייער יידישן אָפּשטאַם. אַן ענלעכע לאַגע האָט געהערשט צווישן די וואָס זענען נאָכן חורבן געבליבן אין ארץ־ישראל. דאָס אָננעמען די יידישע נעמען פון פריערדיקע מיטגלידער פון דער פאַמיליע האָט געהאָלפן שאַפן אַ יידישע אידענטיפיקאַציע. ווי עס זאָל ניט זיין, יענער אָנהייב פון דערמאָנטן איינפיר, האָט, ווייזט אויס, פאַרמאָגט אַזאַ כוח אַז ער איז אויפגעהאַלטן געוואָרן מיט זעלטענער אָפּגעהיטקייט ביזן היינטיקן טאָג.

אין די תלמודישע צייטן איז מען ניט געווען אָפּגעהיט צו געבן קינדער יידישע נעמען, מען האָט גענוצט די ניט־יידישע נעמען פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. אמת, לויט אַ מדרש, זענען יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים ווייל זיי האָבן ניט געביטן זייערע יידישע נעמען. אָבער דאָס האָט מסתמא צו טאָן מיט בייטן נעמען כדי אויסצומיידן זיך צו אידענטיפיצירן מיט יידן. ווי עס זאָל ניט זיין, אין אַ לעבן וואָס איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט יידישער טראַדיציע, און יידישקייט האָט אַקצענטירט יעדן מאָמענט פון לעבן, האָט זיך ניט געפילט אַז אַ ספּעציפיש יידישער נאָמען איז אַזוי וויכטיק. מען האָט, ווייזט אויס, גיכער צוגעשריבן וויכטיקייט צום טייטש, צום זינען, וואָס דער נאָמען דריקט אויס. עס איז פאַראַן אפילו אַ גמרא וואָס זאָגט, אַז אין חוץ־לאָרץ האָט דאָס רוב יידישע קינדער געהאַט ניט־יידישע נעמען.

אין שפּעטערדיקע צייטן איז אויפגעקומען אַ וויכטיקער אונטערשייד צווישן דער ספרדישער און דער אַשכנזישער טראַדיציע בנוגע נעמען. ביי יידן איז אַלץ געווען שטאַרק דער מנהג אַ נאָמען צו געבן קינדער נאָך פריערדיקע אין דער פאַמיליע. אָבער ביי די ספרדים האָט מען אַ נאָמען געגעבן נאָך אַ זיידן אָדער אַ טאַטן ווען זיי האָבן געלעבט; אין דער אַשכנזישער טראַדיציע זעט דאָס אויס צו זיין ווילד. ר׳ יהודה הלוי, למשל, איז געווען שטאַרק צוגעבונדן צו זיין אייניקל וואָס האָט אויך געהייסן יהודה. ביי אַשכנזים איז דאָס ניט בנמצא. בכלל זענען פאַראַן אין דער מער־ראָמאַנטישער אַשכנזישער קולטור־ספערע אַ סך מער אָבערגלויבנס אין שייכות צום מענטשלעכן נאָמען.

אין ספר חסידים פון 13טן יאָרהונדערט ווערט דערציילט אַזאַ מעשה. אַ רבי און זיין תלמיד האָבן ביידע חתונה געהאַט אין דער זעלביקער וואָך. האָט זיך געטראָפן אַז דער ייִנגערער, דער תלמיד, איז געשטאָרבן אין דער וואָך פון דער חתונה. איז דער מת געקומען צו חלום זיין מאַמען און איר דערציילט, אַז אין דער אמתן האָט ער נאָך געהאַט יאָרן צו לעבן, נאָר צום אומגליק האָט דער מלאך המוות אַ טעות געהאַט. תלמיד און רבי האָבן געהאַט דעם זעלביקן נאָמען. דער מלאך המוות האָט באַקומען אַ באַפעל אַוועקצונעמען דאָס לעבן פונעם חתן פון יענער וואָך. פאַרשטייט זיך אַז דער באַפעל האָט אין זינען געהאַט דעם עלטערן, דעם רבין. אָבער אַזוי ווי ביידע האָבן געהאַט איין נאָמען, און ביידע זענען געווען גלייכצייטיק חתנים, האָט דער מלאך המוות פאַרביטן די יוצרות.

לאָמיר געדענקען ,אַז דאָס אַלץ רעדוצירט זיך צום געפיל אַז אַ נאָמען איז מער ווי סתם אַ צוגעטשעפּעטער אַרטיקולירטער קלאַנג צו אַ מענטשן. ער דריקט אויס עפּעס פונעם מענטשן, עס ווערט געפילט אַז אַזוי דאַרף טאַקע הייסן דער און דער. ווען אַזאַ געפיל דערגרייכט אַ הויכן שפּיץ, קען דערפון ווערן אַ ראַציאָנאַלע טעאָריע, אַ מיסטישע וועלט־סכעמע, אָדער אפילו אַ קינדישער אָבערגלויבן. דאָס הענגט אָפּ פונעם סאָרט מענטש, פון אַ געגעבענע קולטור־טראַדיציע, און ניט ווייניקער פון גייסטיקן קלימאַט אין אַ באַשטימטער צייט.

אַז מיר קומען צו אונדזער אייגענער צייט איז נאָך אַלץ אַ שטיק פון דער געפיל־באַציאונג צו אַ נאָמען געבליבן. אפילו אָן שום באַזונדער גלויביקייט לאָזט זיך איבערלעבן אַ פאַרוואָרצלטן איינדרוק, אַז דער נאָמען, ווער שמועסט דער אייגענער נאָמען, איז ניט עפּעס דרויסנדיקס, נאָר האָט די קאָליר פון אינטימער אידענטיפיקאַציע. אין דער וועלט פון דער פרומער יידישער טראַדיציע איז דאָס אַוודאי שטאַרק אָנזעעוודיק. אין פאָרווערטס (28טן יאַנ. 1955) שרייבט הרב א. ב. שורין: „ווען הרב אליהו מאיר בלאָך, **טעלזער ראש הישיבה אין קליוולאַנד, איז געווען קראַנק, האָבן תלמידים**

אויסגעפּרואווט די סגולה פון שענקען יאָרן. זיי האָבן דאָס אָנגעשריבן אויף קוויטלעך און אַריינגעלייגט אין ארון קודש. אויף איין קוויטל איז געשטאַנען, „בעה״י, אני אברהם בן אסתר הנני נותן שנה אחת מחיי לרבנו החולה חיים אליהו מאיר בן חסיא״. דער צוגעזעצטער נאָמען חיים, דער אָנזאָג אַז דער וואָס גיט דעם ראש הישיבה אַ יאָר פון זיין לעבן אידענטיפיצירט זיך ווי אברהם בן אסתר ווי אַן אינדענטיפיקאַציע צייכן פאַר די אויבערשטע וועלטן — דאָס אַלץ דערציילט ניט בלויז וועגן דער ספּעציעלער טראַדיציע פון אַן אייגנאַרטיק גייסטיק לעבן, נאָר עס שטרייכט אויך אונטער די ראָלע פון אַ נאָמען אין דער גאַנצער סכעמע פון דער מענטשלעכער רעאַליטעט.

אין דער יידישער קולטור האָט זיך אויך אַלץ שטאַרקער פאַרוואָרצלט דער היסטאָריש־יידישער נאָמען. אַזעלכע נעמען ווי משה, אהרן, דוד, וואָס זענען צווישן די תנאים און אמוראים אין תלמוד ניטאָ, האָבן זיך איינגע־וואָרצלט און אויסגעשפּרייט אַלץ ווייטער און טיפער, לכתחילה אין אייראָפּע בכלל, דערנאָך נאָך מער אין מזרח־אייראָפּע. מען האָט אויך פאַריידישט נעמען פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, אָבער דער עיקר זענען, די מזרח־אייראָפּעאישע, געוואוינט צו עכט־יידישע נעמען, דערהויפּט די מענער.

די דאָזיקע טראַדיציע האָט גענומען שוואַכער ווערן שוין אין אָנהייב פון יאָרהונדערט, אָבער שטאַרק אָנזעעוודיק איז זי געוואָרן אַ סך שפּעטער. אין שטראָם פון דער גרויסער אימיגראַציע, אָנהייבנדיק פון די אַכציקער יאָרן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען געקומען אַהער דאָס רוב יידן פון מזרח־אייראָפּע, מיט יידישע נעמען. וואָס מער מיר באַקענען זיך מיט די שפּעטערדיקע אימיגראַנטן אַלץ מער באַמערקט זיך אַז די וואָס זענען אָנגעקומען פון יענער זייט ים מיט גויאישע נעמען זענען שטאַרק גרעסער געוואָרן אין צאָל.

אמת, אויך די ערשטע האָבן אין אַמעריקע גלייך געביטן זייערע נעמען. איר באַגעגנט אפילו אין אויטענטיש־יידישע קולטור ווינקלען דעם יאַנקל וואָס רופט זיך דזשעק, דעם פּנחס וואָס פילט זיך באַקוועם מיטן נאָמען פּאָל, דעם איטשע מאיר וואָס לעבט בשלום מיט אוירווינג און — אחרון, אחרון — איך בין ממש געפּלעפּט געוואָרן ווען איך האָב אויסגעפונען אַז איינער, אַ ר׳ יום־טוב, איז דאָ פון זיין נאָמען געוואָרן דזשאַן.

פאַראַן אַזעלכע וואָס זעען אין דעם בלויז אַן אומקער צו די תלמודישע צייטן. אויב, זאָגן זיי, אַ באַרימטער תלמיד פון שמעון הצדיק, וואָס האָט געלעבט מיט אַרום 22 הונדערט יאָר צוריק, האָט געמעגט הייסן מיטן עכט־גריכישן נאָמען אַנטיגנוס, מעג אַ יידישער סוחר פון היינטיקן ניו יאָרק, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע ווי ירמיה, דער ישיבה־בחור פון טונע־יאַדעוואָקע, זיך רופן מיסטער דזשעראָם וועלש. אָבער דער פאַרגלייך איז זייער אַ הויקערדיקער. וואָרעם דזשעראָם האָט אין דער אמתן צוויי נעמען. ער

ווייסט אַז ער הייסט ירמיה, נאָר פאַר דער וועלט איז ער דזשעראָם. אָבער דער גייסטיקער פירער אַנטיגנוס האָט מער ווי דעם איינעם נאָמען ניט געהאַט; ער איז ניט געווען צעשפּאָלטן אויף „ייד" און „וועלט", ער איז געווען יידיש אַריינגעוועבט אינעם איינפיר פון דער צייט וואָס האָט דער־לויבט נעמען פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג אין יידישן שטייגער.

די גרעסטע צאָל יידישע קינדער פון ערשטן אַמעריקאַנער דור האָבן אויך צוויי נעמען, איינעם אַ טראַדיציאָנעל־יידישן נאָמען, דעם אַנדערן פאַר דער אַלגעמיינער וועלט. אין דער אמתן איז דער ניט־יידישער נאָמען גע־מאַכט אַזוי אַז בלויז דער ערשטער אות איז דער זעלביקער ווי אין יידישן נאָמען. ווייטער איז ניטאָ די מינסטע שייכות צווישן די צוויי, אַחוץ, פאַר־שטייט זיך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ביבלישע נעמען וואָס ווערן ניט געביטן אין ענגליש.

אָבער אויך דאָ הייבט זיך אָן צו ווייזן אַן אַנדער טענדענץ. מיר איז אויסגעקומען זיך צוצוקוקן יאָרנלאַנג צו ענדערונגען פון דעם מין. עס האַלט אין איין וואַקסן די צאָל קינדער וואָס ווייסן ניט אַז זיי האָבן ספּעציעלע יידישע נעמען. מיר זענען באַקאַנט עטלעכע יידישע מיידלעך וואָס מען האָט זיי געגעבן דעם ביבלישן נאָמען אסתר, גראָד אַ נאָמען וואָס ווערט אין אַמעריקע באַנוצט אויך פון ניט־יידן, אָבער די יונגע פריילינס האָבן זייערע נעמען געביט אויף עסטעל. עס איז געווען, פאַרשטייט זיך אַן אַקט פון אַראָפּווישן פון זיך דאָס וואָס מען קען אפשר אויסטייטשן, חושד זיין, אַז עס שמעקט מיט אַלט־פרענקיש יידיש.

מען דאַרף זיך אפשר ניט חידושן וואָס נעמען ווערן היינט ביי אונדז באַטראַכט ווי ניט קיין גרעסערע יחסנים ווי האָר און נעז. מען פאַרבט, מען מאַכט פּלאַסטישע אָפּעראַציעס, עס ווערט מאָדע. דער אַמאָל פאַר־הייליקטער, כמעט אָרגאַניש־צוגעוואַקסענער נאָמען, דער נאָמען וואָס האָט פאַר זיין באַלעבאָס פאַרמאָגט דעם מיסטישן טעם פון אינערלעכער, פערזענ־לעכער אידענטיפיקאַציע, אָט דער נאָמען איז צוזאַמען מיט האָר־קאָליר און פאָרם פון דער נאָז, אַריין אין קלאַס פון מאָדע־אַרטיקלען. פאָרשונגען פון יידישן לעבן אין אַמעריקע באַווייזן אַז נעמען ווערן פּאָפּולער אָדער שטאַרבן אָפּ לויטן לייכטזין פון דער מאָדע. ווער הערט היינט אַזעלכע נעמען ביי יידן ווי הערי אָדער איבי, אָדער אייזעק? זיי זענען געווען די פּאָפּולערסטע נעמען ביי אונדז מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, ווען הערי טרומאַן וואָלט געווען אַ ייד וואָלט ער שוין לאַנג געהאַט געביטן דעם נאָמען. און הערשל איז אַ זייער רעספּעקטאַבלער גויאישער נאָמען וואָס קיין ייד וועט היינטיקע צייט ניט וואַגן זיך צוצורירן צו אים.

היינט, אַז עס דאַרף ביי עלטערן געבוירן ווערן אַ קינד גייען די עלטערן אַרום פאַרדאגה'ט וועגן אַ נאָמען. מען טראַכט, מען קליגט זיך. מען זוכט

נעמען פון אונטער דער ערד, אַבי עס איז פאַראַן אַ שייכות פון איין איינציקן ערשטן אות, צום נאָמען פון אַ זיידן, אַ באָבען. אָבער דער נאָמען טאָר ניט זיין צו פּאָפּולער; ער דאַרף האָבן די פרישקייט פון אַ נאָך־אין־ערגעץ ניט געזעענעם „דייבינג־רום סעט”. ער דאַרף בלויז טראָגן אויף זיך די קמיע פון מאָדערנעם וואוילקלאַנג. אַזאַ נאָמען האָט ניט קיין געשיכטע הינטער זיך, פאַרמאָגט ניט קיין וואַרעמע אַסאָציאַציעס, און אים לעבט ניט דער גייסט פון קיין שום קולטור. עס איז אַ ליידיקע נוס וואָס גרייסט זיך דערמיט וואָס איר איז פרעמד דער טעם פון אַ יאָדרע.

אַזאַ איז ביי אונדז אַ וואַקסנדיקע טענדענץ. אין אַזאַ מין ראַם זעט זיך אַרויס קלאָרער, בולט׳ער אונדזער מזרח־אייראָפּעאישער דרך אין דעם פּרט. דאָרט האָט עמך ניט געוואוסט פון קיין אַנדער נאָמען אַחוץ אַזעלכע וואָס טראָגן אויף זיך דעם יידישן חותם. אַוודאי איז דער נאָמען געווען, מוז זיין, פערזענלעכע אידענטיפיקאַציע. אָבער ער איז שוין ממילא אויך געוואָרן דער קענטיקסטער, אַרטיקולירטער סימן פון אַ לעבן אין אַ פאָלקישער ספערע. ער איז געווען אַ פועל־יוצא פאַר אַן אייגנאַרטיקן היסטאָרישן אוניווערס און אַ סיבה וואָס העלפט פאַרלענגערן, פאַרוואָרצלען און באַרייכערן די דאָזיקע וועלט.

יענער אוניווערס האָט אויפגעריסן און מער ניטאָ. עס ווייזן זיך סימנים אַז מדינת ישראל וועט העלפן שאַפן אויפס׳ניי אַ סיסטעם פון נעמען וואָס וועט זיין ניט בלויז אַ פערזענלעכע אידענטיפיקאַציע. אָבער אויך דאָ, אין אַמעריקע, איז פאָרט עפּעס געבליבן. ניט קיין סך, ניט צופיל, אָבער עפּעס, אַ האָרעלע, אַ שטויבעלע, דאָך איז ווערט עס צו באַמערקן. בערטע האָט געביטן איר נאָמען אויף בעווערלי; ראָבערט, האָט פאַרוואָרפן דעם געביטענעם נאָמען, אָבערביידע האָבן עפּעס געלאָזן. פאַרוואָס האָט בערטע געביטן אויף בעווערלי און ניט, כאַפּן מיט אַן, אויף דזשין? בלויז דערפאַר וואָס בעווערלי פאַרמאָגט דעם זעלביקן ערשטן אות ווי דער נאָמען וואָס זי האָט פאַרביטן. ווייזט אויס אַז דאָס וואָס עס בלייבט דער זעלביקער אָנהייב־אות שאַפט זיך דערפון אַ געפיל אַז דער „פאַרראַט” ווערט געמילדערט צוליב דעם. ווען מען פרעגט אייך ווי מען „זעצט איבער” אַ געוויסן יידישן נאָמען און איר ענטפערט מיט אַן ענגלישן נאָמען וואָס האָט דעם זעלביקן אָנהייב־אות, ווערט עס תמיד אָנגענומען ווי אַ „ריכטיקע” איבערזעצונג.

פאַרוואָס דאָס איז אַזוי איז ניט שווער צו פאַרשטיין. דאָס געוויסן זוכט אַן ענלעכקייט כדי מען זאָל האָבן דאָס געפיל אַז עס איז דאָך געבליבן עפּעס אַ שטיקל צובונד צום נאָמען וואָס פון אים איז מען אַוועק. וואָלט אַ נאָמען שטענדיק געהאַט אַ קלאָרן טייטש, אָדער וואָלט מען תמיד געוואוסט דעם טייטש, וואָלט מען מסתמא געזוכט אַן ענלעכקייט אין אינהאַלט. אָבער אַזוי

ווי דאָס איז על־פּי־רוב אומבאַקאַנט, ווערט מען אָנגעוויזן אויפֿן קלאַנג, אָדער אויפֿן בילד פֿונעם געשריבענעם, וואָס פֿאַרכאַפּט גלייך די אויפֿמערק־זאַמקייט. עס לייגט זיך אויפֿן שכל אַז דער ערשטער אות זאָל זיך צום ערשטן וואַרפֿן אין די אויגן.

אָט אַזוי שווימט אַרויס די קאַרגע שייכות צווישן די ייִדעס און די טאַטעס פֿון איין זייט, און די קינדער און די אייניקלעך, פֿון דער אַנדערער. די אַלטע דורות הענגען ביי די נייע אויף איין אות. דערצו נאָך אַן אות ניט פֿון ייִדישן אלף־בית. אונדזער גרעסטע זאָרג היינטיקע צייטן איז וואָס צו טאָן אַז פֿון גויאישן אות זאָל ווערט אַ ייִדיש וואָרט.

(1958)

# יידן און אַנדערע

איינער פון די עיקר־סימנים פון אונדזער מערבדיקער ציוויליזאַציע באַשטייט אין איר דאָרשט נאָך זיכערע פאַקטן. גלויבנס, מיינונגען, איינדרוקן, אויטאָריטעטן, די אַלע באַשטימען דאָס וואָס מיר נעמען אָן, וואָס מיר וואַרפן אָפּ, און אין וואָס מיר זענען מסופק. אָבער וואו נאָר מעגלעך ווערט אַ מאָדערנער, מערבדיקער מענטש זיך באַמיען צו זוכן זיין זיכערקייט אין אויספּרובירטע פאַקטן, אין מאַטעריאַלן וואָס מען קען דירעקט אָדער אומ־דירעקט אויפנעמען מיט די חושים. אייגנטלעך איז אָט די פאַקטן־דאָרשטי־קייט געוועזן מיט הונדערטער יאָרן צוריק, די ליניע וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם נייעם גייסט פונעם מענטשן פון דער אַמאָליקער, מיטלאַלטערלעכער מענטאַליטעט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהייבן די מאָדערנע וויסנשאַפט. ווען גאַליליי האָט אין זיבעצנטן יאָרהונדערט דערזען דורך זיין נייעם טעלעסקאָפּ די לבנות אַרום דעם פּלאַנעט יופּיטער און געוואָלט ווייזן די געלערנטע פון זיין צייט זיין אַנטדעקונג, האָבן יענע זיך אָפּגעזאָגט אַפילו אַ קוק צו טאָן. זיי האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן אַז דאָס זאָל זיין אמת ווען אַריסטאָטל — די גרעסטע אויטאָריטעט פון יענער צייט — האָט עס אין ערגעץ ניט געזאָגט.

סוף כל סוף האָט דער גאַליליייאישער גאַנג אָפּגעהאַלטן אַ פולן נצחון און זיין ירושה לאָזט זיך פילן ביזן היינטיקן טאָג. אָט אַזוי איז געוואַקסן די וויסנשאַפט; תמיד דאָרשטיק נאָך פאַקטן; תמיד זוכנדיק דירעקטע און אומדירעקטע מיטלען זיך צו דערגראָבן צו פאַקטן. אָבער דאָס איז אַ פּראָצעס וואָס גייט דורך גרויסע חבלי לידה ווען עס קומט צו מענטשלעך לעבן. דאָ איז ניט אַזוי פּשוט צו דערגיין צו גילטיקע פאַקטן. דאָך איז די אָנשטרענגונג זייער גרויס. היינט הערן מיר זייער אָפט וועגן די פאַרשיידנסטע מינים טעסטן וואָס רייסן זיך פעסטצושטעלן אָדער אָפּלייקענען איינדרוקן און מיינונ־גען וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר ביי מענטשן אין דעם אָדער יענעם פּרט. די גרויסע ראָלע וואָס סטאַטיסטיק האָט געגומען שפּילן נעמט זיך אויך פון דעם וואָס אַזוי ווי מען קען ניט כאַפּן באַשטימטע רעגולערע כללים וואָס מען זאָל קענען אָנווענדן אויף אַלע פאַלן אַלעמאָל, ממילא מוז מען זיך באַנוגנען מיט אַזעלכע באַגריפן ווי אָפטקייט, דורכשניט, גרעסערע און קלע־נערע צאָלן, אאַז״וו.

סטאַטיסטיק, ווי אַ וויסנשאַפט אין זיך אַליין, איז גרויס אויסגעוואַקסן און האַלט זיך ווייטער אין אַנטוויקלען. די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון וויסנשאַפט איז מען זאָל קענען שאַפן אַלגעמיין־גילטיקע כללים, אָבער אַזוי

ווי אין מענטשלעכן לעבן איז ניט בנמצא אַז איין פאַל זאָל זיין אַבסאָלוט גלייך צום צווייטן, מוז מען אויסגעפינען פאָרטלען אַז סטאַטיסטישע ציפערן זאָלן קיין טעות ניט האָבן, מיר זאָלן ניט געשטרויכלט ווערן און אַרויס־דרינגען פאַלשע אויספירן פון איין פאַל אויפן צווייטן. אַזעלכע באַוואָרענישן באַמיט זיך סטאַטיסטיק צו געפינען וואָס מער און אַן אויסגעאַרבעטער אינדעקס פון פאַרלאָזלעכקייט זאָגט אונדז אויף ווי ווייט מיר קענען זיך פאַרלאָזן אויף די ציפערן אין דעם אָדער יענעם פאַל. מיר ווייסן אַז אַבסאָלוטע פאַרלאָזלעכקייט איז טאַקע ניטאָ, אָבער אויב די רעזולטאַטן זענען גילטיק ביז אַ הויכער מדרגה, דעמאָלט איז דאָס דער אידעאַלסטער צושטאַנד וואָס מען קען דערגרייכן ווען עס קומט צו ענינים פון מענטשלעכן לעבן.

אַ הויכע מאָס פאַרלאָזלעכקייט קען אויך צוגעשריבן ווערן דעמאָלט ווען פאַרשיידענע טעסטן בנוגע די זעלביקע ענינים, אין פאַרשיידענע פאַלן און צייטן, ברענגען אַרויס ענלעכע רעזולטאַטן. אַזאַ ענלעכקייט געפינען מיר ווען מען פאַרגלייכט די יידישע, קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע יוגנט בנוגע זייערע באַציאונגען צו רעליגיע, רעליגיעזע ריטואַלן און אַנדערע מאָמענטן פון רעליגיעזן לעבן. מען קען זאָגן אַז אין אַלע פאַלן ווען אַזעלכע אויס־פאָרשונגען זענען געמאַכט געוואָרן דורך אַנקעטעס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די קאַטאָליקן זענען געגאַנגען צום ווייטסטן אין פרומקייט; די פּראָטעס־טאַנטן האָבן פאַרנומען דעם צענטער און די יידן זענען געווען צום ווינציקסטן רעליגיעז; דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, אויף ווי ווייט מיר שטיצן זיך אויף די געגעבענע ענטפערס.

אין לעצטן נומער פון זשורנאַל פיילאָן פון אַטלאַנטאַ אוניווערזיטעט, האָבן צוויי מחברים, דזשאָזעף מייער און וויליאַם ספּינראַד, פאַרעפנטלעכט אַזאַ פאַרגלייכיקע שטודיע צווישן קאַטאָליקן, פּראָטעסטאַנטן און יידן אין שייכות צו זייערע באַציאונגען צו רעליגיע; אַזעלכע שטודיעס, ווי געזאָגט, זענען שוין געמאַכט געוואָרן עטלעכע מאָל אין פאַרשיידענע צייטן און פלעצער. די רעזולטאַטן זענען כמעט די זעלביקע, מיט נאַטירלעכע אונטערשיידן לויט די באַנוצטע מעטאָדן, פאָרמולירונגען און אינהאַלט פון די פראַגעס. אָט די נאָענטקייט אין די רעזולטאַטן פאַרשטאַרקט די פאַרלאָזלעכקייט פון די ענט־פערס, אַפילו ווען מען קען געפינען ערנסטע חסרונות אין די מעטאָדן און סטאַטיסטישע אַנאַליזן.

אין דער אַרבעט וועגן וועלכער עס רעדט זיך דאָ איז אפשר דער הויפּט־חסרון דאָס וואָס די צאָל יונגעלייט איז צו קליין און עס ווערן ניט אָנגעוויזן וואָסערע באַוואָרענישן עס זענען געמאַכט געוואָרן אַז די פאַרגליכענע זאָלן זיין גענוג נאָענט צווישן זיך אין פאַרשיידענע פּרטים כדי דער פאַרגלייך זאָל טאַקע באמת זיין צווישן אַזעלכע וואָס זענען ווי ווייט מעגלעך גלייך צווישן זיך בנוגע געשלעכט, לעבנס־סביבה, עקאָנאָמישן קלאַס פון עלטערן,

אד״ג. דאָך אויב אַזעלכע שטודיעס זענען שוין געמאַכט געוואָרן און אַלע מיט ענלעכע רעזולטאַטן, פאַרשטאַרקט דאָס אַליין דעם איינדרוק אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט גאַנץ פאַרשפּרייטע טענדענצן; אַז אַ ווייטערדיקע אַרבעט פון זעלביקן מין וועט מסתמא ברענגען די זעלביקע אַלגעמיינע אויספירן. אויב אַזוי מעגן מיר אָננעמען אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט עפּעס וואָס איז ניט קיין צופאַל נאָר אַ מער־ווייניקער שטענדיקער גייסטיקער צושטאַנד ביי דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט. לוינט זיך שוין דעם גאַנצן ענין צו אַנאַליזירן אַביסל גענויער.

דאָס וואָרט רעליגיע איז אין זיך כולל אַ גרויסע צאָל מאָמענטן וואָס מוזן ניט האָבן קיין נאָענטע שייכות צווישן זיך אָדער בכלל אַ שייכות. מיט אַ צוויי דורות צוריק, אויף יענער זייט ים, ווען אונדזער לעבן איז געווען מער פּרימיטיוו און ווייניקער דיפערענצירט, דעמאָלט איז דאָס וואָרט רעליגיע ביי אונדז אין גאַנצן ניט געווען; מיר האָבן בלויז געוואוסט, אַז אַ פרומער ייד, אַן ערלעכער ייד, איז אַזאַ וואָס טוט זייער אַ סך יידישע זאַכן און צייכנט זיך אויך אויס מיט מיט געוויסע גלויבנס. ער דאַוונט, לייגט תפילין און גלייבט אַז די דינים פון שולחן ערוך ווערן סאַנקציאָנירט פון „הימל״. די טענדענץ צו האַלטן יידישקייט ווי אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקע גאַנצקייט האָט עקזיסטירט ביז מיט אַ צוויי דורות צוריק אויך צוליב אַן אַנדער סיבה. אין די לענדער פון מזרח אייראָפּע איז כמעט ניט געווען קיין רעליגיעזער אָפּנייג ביי יידן וואָס זאָל שפּילן אַ גרעסערע געזעלשאַפטלעכע ראָלע. די יידישע „דייטשן״ זענען באַשטאַנען פון אַ גאַנץ דינעם שיכט רייכע יידן וואָס האָבן אָבער רעליגיעז קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט. זיי זענען גיכער באַטראַכט געוואָרן ווי דערווייטערטע, אָפּגעזונדערטע, וואָס האָבן מיטן פאָלק בלויז פאָרמעלע שייכותן. דאָס איז מסתמא אויך פאַרבונדן דערמיט וואָס אין יענע לענדער האָט דאָס ליבעראַלערע קריסטנטום פאַרמאָגט ווינציק אָנהענגער. דער אמתער ריס אין יידישן רעליגיעזן לעבן איז אין מזרח אייראָפּע פאַר־געקומען מצד די אַנטי־רעליגיעזע סאָציאַליסטן, אָבער זיי זענען דאָך געווען אָפּטריניקע און האָבן רעליגיעז אינגאַנצן איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג מיטן עלטערן דור.

פון דעם נעמט זיך וואָס די היינטיקע ניט־רעליגיעזע מזרח־אייראָפּעאישע יידן, ווען נאָר זיי ווילן כאַראַקטעריזירן אַ רעליגיעזן יידן נעמען זיי ווי אַ מוסטער דעם איינציקן פרומען יידן וואָס איז זיי באַקאַנט פונעם שטעטל. אָבער אין אַמעריקע, וואו אָרטאָדאָקסן, קאָנסערוואַטיוון, רעפאָרמער זענען גלייך־אַקטיווע צדדים אין דער יידישער געזעלשאַפט, קען שוין מער ניט גילטן דאָס מאָנאָליטישע בילד פון אַ פרומען יידן ווי אַ פּאַסיקע דעפיניציע פאַר אַלע יידן וואָס מען קען באַצייכענען מיטן טערמין רעליגיעז.

די גאַנצקייט פונעם יידיש־רעליגיעזן בילד וואָס צו דעם זענען מיר

אַזוי שטאַרק צוגעוואוינט איז אין אַמעריקע צעשפּאָלטן און צעטיילט געוואָרן. דאָס אַליין קען פירן צו טעותן בעת מיר משפטן דעם באַטייט פון ענטפערס אויף פראַגעס וואָס זייער כוונה איז צו באַשטימען די באַציאונג צו רעליגיע בכלל. אַחוץ דעם איז פאַראַן נאָך אַ מעגלעכער פּלאָנטער ווען מיר פאַרגלייכן יידן מיט פּראָטעסטאַנטן און קאַטאָליקן. וואָרעם ביי יידן קען דאָס אָפּהיטן אָדער פאַרוואַרפן געוויסע טראַדיציעס האָבן צו טאָן אָדער מיט רעליגיע אָדער מיט לאָיאַליטעט צו אַ גרופּע, צו אַ געשיכטע, אאז״וו, אָדער מיט אַלץ צוזאַמען. ביי די איבעריקע צדדים פונעם פאַרגלייך הערשן גאָר אַנדערע מאָטיוון וואָס דיקטירן זייערע ענטפערס. ממילא קען דער פאַרגלייך זיין אַן אויבנאויפיקער וואָס פון דעם קען מען קיין סך ניט דרינגען.

אויף דער פראַגע וועגן גלייבן אין אַ פּערזענלעכן גאָט געפינען מיר ביי אַלע דריי פּאָזיטיווע ענטפערס. אָבער די קאַטאָליקן פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ, די פּראָטעסטאַנטן דעם צווייטן, די יידן דעם לעצטן. ווען די פראַגע באַציט זיך אויפן גלויבן אַז גאָט איז „אַן אינטעלעקטועל און פריינדלעך וועזן״, דאָ געפינען מיר שוין די יידן אויבנאָן און די קאַטאָליקן די לעצטע. ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אין אַזעלכע פראַגעס און ענטפערס לאָזט זיך אָננעמען אַז פאַר קריסטן — האָבנדיק אַ מענטש־גאָט אין דער שפּיץ פון זייער רעליגיעזער היעראַרכיע — איז לייכטער אָנצונעמען דעם גלויבן אין אַ פּערזענלעכן גאָט. מהאי טעמא איז דאָס טאַקע לייכטער פאַר קאַטאָליקן ווי פאַר פּראָטעסטאַנטן. פאַר יידן איז דאָס שוין אַ שווערער ענין. וואָרעם פאַר דעם וואָס איז ניט געשולט פילאָסאָפיש — און דאָס מעג מען אָננעמען איז געווען דער גרעסטער רוב פון די ענטפערערס — איז זייער שווער צו כאַפּן דעם באַטייט פונעם באַגריף „פּערזענלעכער גאָט״, סיידן אין טערמינען פון אַ מענטש־געשטאַלט, וואָס דאָס איז יידן דערווידער. צוליב דעם טאַקע האָט „אינטעלעקטועל און פריינדלעך וועזן״ מער אויסגענומען ביי יידן און וויניקער ביי קריסטן.

אויף דער פראַגע: „וועמען זייט איר שולדיק די גרעסטע מאָס איבער־געגעבנקייט?״ ווען דער ענטפער איז „גאָט״, האַלטן דערפון 74 פּראָצענט קאַטאָליקן, 50 פּראָצענט פּראָטעסטאַנטן און בלויז 11 פּראָצענט יידן. אָבער ווען דער ענטפער איז „פאַמיליע״, גיבן יידן 74 פּראָצענט, פּראָטעסטאַנטן און קאַטאָליקן 24 פּראָצענט. איז דאָס אַ ראיה אַז די היגע יידישע יוגנט איז וויניקער רעליגיעז? אפשר יאָ, אָבער בלויז אין אַ באַשטימטן זינען. געטריישאַפט צו דער פאַמיליע שפּילט אַ גרעסערע ראָלע אין דעם יידישן רעליגיעזן שולחן ערוך און דער גאָט פון אַן אַנקעטע איז אַ צו דערווייטערטע אַבסטראַקציע. עס לייגט זיך אָבער שטאַרק אויפן שכל אַז ביי די קאַטאָליקן איז פאַראַן אַן אינטענסיווערע צוגעבונדנקייט צו דער אָרגאַניזירטער קירכ־לעכער אינסטיטוציע און „גאָט״ איז ביי זיי אויך אַ סימבאָל פון אָט דער

אָרגאַניזאַציע מיט אַלע אירע פּראָפעסיאָנעלע פאָרשטייער און אַלע אַנדערע עלעמענטן פונעם דאָזיקן סאָציאַלן בנין. דאָס גאַנצע יידישע היסטאָרישע און רעליגיעזע לעבן האָט געמוזט פירן דערצו אַז אָט די אינסטיטוציאָנעלע צוגעבונדנקייט זאָל זיין אַ סך שוואַכער. דעריבער ווען פון די דריי הויפּט־מחותנים אין רעליגיעזן לעבן — מעטאַפיזיש געמיט און אמונה, ריטואַל, אָרגאַניזירטע אינסטיטוציע — מיר נעמען אַרויס און שטרייכן אונטער די לעצטע צוויי, דעמאָלט ווייזט זיך טאַקע אַרויס אַז ביי דער יידישער יוגנט זענען קענטיק שוואַכערע רעליגיעזע נטיות. דאָס נעמט זיך, רעכן איך, ניט דערפון וואָס אין מעטאַפיזישע און אמונהדיקע נייגונגען ווייזט די קריסט־לעכע יוגנט אַרויס שטאַרקערע טענדענצן. אין דעם פּרט האָט אַמעריקע געהאַט אַ קרעפטיקע אויסגלייכנדיקע השפעה אויף אַלע פון יוגנטלעכן עלטער. אַמעריקאַנער פּראַקטישקייט, דאָס רייסן זיך צו אַ לעבן פון הנאה און באַקוועמלעכקייט, דער כוח פון די נאַאיווע מאַטעריאַליסטישע אויס־טייטשונגען פון פאַקטן און געשעענישן וואָס דער גייסט פון עלעמענטאַרער וויסנשאַפט פאַרשטאַרקט, דאָס אַלץ קען ניט דערנענטערן צו די טונקלקייטן פון רעליגיע וואָס קען זיך בשום אופן ניט באַפרייען פון אַ מיסטישן עלעמענט.

דער חילוק צווישן דער יידישער און קריסטלעכער, דער עיקר קאַטוי־לישער, יוגנט ליגט, דאַכט זיך מיר, אין דעם וואָס די לעצטע איז מער פאַר־וויקלט אין דער מאַשינעריע פון אינסטיטוציאָנעלן רעליגיעזן לעבן. דאָס ווירקט שוין ממילא צו וועקן אַ שטאַרקערע צוגעבונדנקייט, סטימולירן געפילן פון לאָיאַליטעט, און אַרויסרופן אַ שטאַרקערן פאַרלאַנג צו באַטייליקן זיך אָפטער אין צערעמאָניעס און ריטואַלן. עס איז דעריבער זייער מעגלעך, אַז אַז אויסטייטש פאַרענטפערט אַן אַנדער אונטערשייד אין די ענטפערס אויף דער אַנקעטע. אָט איז די פראַגע: „קומט איצט פאַר אַ צעשטערונג אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט וואָס רעליגיע קען זיין אַ רפואה דערצו?" ווען דער ענטפער איז „יאָ" נעמען דאָס אָן 66 פּראָצענט קאַטאָליקן, 55 פּראָצענט פּראָטעסטאַנטן און 22 פּראָצענט יידן. ווען דער ענטפער איז „איך בין מסופק", שרייבן זיך אונטער 19 פּראָצענט קאַטאָליקן, 17 פּראָצענט פּראָטעסטאַנטן און 47 פּראָצענט יידן. עס לייגט זיך זייער שטאַרק אויפן שכל, אַז דאָ ליגט דער אונטערשייד צווישן די וואָס זענען פאַרוויקלט אין אָרגאַניזירטן רעליגיעזן לעבן און די וואָס זענען עס ווייניקער. פאַר די ערשטע ליגט אין זייער טעטיקייט אַ סאָציאַלע רפואה, בעת די צווייטע, אין זייער פאַרהאַלטן זיך מער דערווייטערט פון אינסטיטוציאָנעלער רעליגיע, זענען שוין ווייניקע זיכער אין דער קראַפט פון דער „רפואה". די סיבה פאַרוואָס די יידישע יוגנט — די וואָס זענען ניט אָפּגעריסן פון רעליגיעזן לעבן — זאָל זיין ווייניקער אַקטיוו אין סינאַגאָגאַלן לעבן, איז ניט שווער צו פאַרשטיין. עס ליגט אין דעם דער אונטערשייד אין דער ראָלע צווישן

קירך און שול אין לאַנד, אין אַ לאַנד וואו די מחיצה צווישן די פאַרשיידענע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס איז אַ סך שוואַכער ווי אין אַמאָליקע צייטן און לענדער, און דער אָפיציעלער טאָן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן איז טאָלעראַנץ און דערנענטערונג. אין אַזאַ לאַנד ווייזט זיך אַרויס שטאַרקער און דריקנ־דיקער דער אומגעהויערער כוח פון אָרגאַניזירטער קריסטלעכקייט לגבי דעם פאַרנעם פון אָפיציעלער יידישקייט.

די אַנקעטע נעמט אויך אַריין די פראַגע: „וואָס איז דאָס וויכטיקסטע אין לעבן?״ די ענטפערס ווערן איינגעטיילט אין פינף פּאָזיטיווע פּונקטן: פינאַנציעלע אומאָפּהענגיקייט, מאַכן בעסער די וועלט, פּערזענלעך גליק, מאַכן אַנדערע גליקלעך, לעבן לויט רעליגיעזער אמונה. די קאַטוילישע גרופּע גיט די גרעסטע צאָל לטובת דעם לעצטן פּונקט, לעבן לויט רעליגיעזער אמונה. די פּראָטעסטאַנטן הייבן אַרויס „מאַכן די וועלט בעסער״. די יידן זענען צעטיילט, כמעט גלייך אויף גלייך, צווישן „מאַכט די וועלט בעסער״ און „פּערזענלעך גליק״.

ווי מיר זעען האָט בלויז דאָס רוב קאַטאָליקן אַן ענטפער וואָס וועגן זיין רעליגיעזן אינהאַלט קען ביי קיינעם קיין ספק ניט זיין. דער ענטפער מצד אַ גרויסער צאָל פּראָטעסטאַנטן (46 פּראָצענט) איז אויך פאַרטראָטן אין רעליגיעזער עטיק („מאַכן די וועלט בעסער״), אָבער אַזאַ ענטפער קען אויך געבן אַפילו אַן עקסטרעמער אַטעאיסט, שוין אָפּגערעדט וועגן אַ נייטראַל־וועלטלעכן מענטשן. די יידן, ווי באַמערקט, האָבן דאָס רוב פון זייער שטי־מען צעטיילט. פאַרן פּראָטעסטאַנטישן ענטפער האָבן געשטימט 30 פּראָצענט און פאַר „פּערזענלעך גליק״ 28 פּראָצענט. מיין שטאַרקער איינדרוק איז, אַז די יידן ווייזן דאָ ווידער אַרויס אַ געוויסע אָפּגעריסנקייט פון אַן אָרגאַני־זירטער יידישער שותפות. ניט בלויז פון סינאַגאָגאַלן לעבן, נאָר פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל. אפשר קען דאָס דערקלערן פאַרוואָס די יידן שטייגן אַריבער די אַנדערע צוויי אין אָפּשטעלן זיך אויף פּערזענלעך גליק.

די לעצטע פראַגע פון דער אַנקעטע איז פאַר אונדז באַזונדער אינטערע־סאַנט. דאָ האַנדלט זיך וועגן דער גרייטקייט חתונה צו האָבן מיט אַ מענטשן פון אַן אַנדער רעליגיע. די ענטפערס צעטיילן זיך אויף יאָ, ניין, און מסופק. דאָ ווייזן זיך אַרויס אונטערשיידן וואָס וואַרפן זיך שטאַרק אין די אויגן, ווייל זיי זענען אין גאַנצן אַנדערש פון דעם וואָס מיר האָבן ביז איצט געזען. מיט „יאָ״ ענטפערן 27 פּראָצענט קאַטאָליקן, 45 פּראָצענט פּראָטעסטאַנטן און 10 פּראָצענט יידן. צווישן די וואָס זאָגן „ניין״, דאָס הייסט, ניט ווילן חתונה צו האָבן מיט מיטגלידער פון אַן אַנדער רעליגיע, געפינען זיך 40 פּראָצענט קאַטאָליקן, 10 פּראָצענט פּראָטעסטאַנטן און 84 פּראָצענט יידן. פאַר „מסופק״ שטימען 33 פּראָצענט קאַטאָליקן, 45 פּראָצענט פּראָטעסטאַנטן און 6 פּראָצענט יידן.

איז די פראַגע פון געמישטע חתונות אַזאַ וואָס געהערט בכלל צו דער קאַטעגאָריע פון רעליגיע? ביי די קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן וואָלט עס אויסגעקוקט משונהדיק מען זאָל גאָר שטעלן אַזאַ פראַגע. ביי זיי וואָלט מען עס באַטראַכט פאַר אַ צענטראַלן פונקט אין רעליגיעזן אויפפיר. אויב דאָס איז ריכטיק האָבן די יידן אין דער געגעבענער אַרבעט אַרויסגעוויזן ממש אַן אומגלויבלעכע סתירה. פון איין זייט זענען זיי די לעצטע, אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע צוויי רעליגיעס, אין שייכות צו וויכטיקע פונקטן פון רעליגיעזער אָפּגעהיטנקייט, פון דער אַנדערער זייט גייען זיי דאָ צום ווייטסטן עקסטרעם, אַ סך ווייטער ווי די קאַטאָליקן ביי יעדן אַנדערן פונקט פון דער אַנקעטע. וואָרעם בנוגע געמישטע חתונות זענען ביי יידן 84 פּראָצענט קעגן דעם, בעת די קאַטאָליקן האָבן געגעבן העכסטנס 74 פּראָצענט לטובת ענינים פון פרומקייט אָדער רעליגיעזער איבערצייגונג. פון וואַנען נעמט זיך ביי יידן אַזאַ שאַרפע סתירה?

ביי יידן וואָלטן מסתמא געווען אַ סך וואָס וואָלטן די גאַנצע פראַגע וועגן געמישטע חתונות ניט צוגעשריבן צו דער קאַטעגאָריע רעליגיע. זיי וואָלטן געטענהט אַז מען מוז ניט אָנגעבן קיין רעליגיעזע מאָטיוון פאַר זיין קעגן געמישטע חתונות. מען קען אָנגעבן ריין וועלטלעכע, אָבער פּראַקטישע סיבות, למשל, אַז דאָס קען פירן צו אַ צעשטערונג פון אַ פרידלעך פאַמיליע לעבן, אָדער אַז דאָס קען אַריינברענגען אַ צעמישעניש ביי די קינדער פון אַזעלכע פאַרלעך וועגן סאָציאַלער אָנגעהעריקייט, אאַז״וו. דאָס איז אפשר ניט קיין תירוץ מספּיק, וואָרעם אין דער אמתן הערן מיר היינט זייער אָפט ריין וועלטלעכע מאָטיוון פאַר רעליגיעזע צערעמאָניעס אָדער אַפילו פאַר תפילה. מען זאָגט אַז דאַוונען האָט אַ גוטע פּסיכאָלאָגישע השפּעה אויף דעם וואָס איז אָפּגעהיט אין דעם; אַז דאָס פאַרשאַרפט דאָס געפיל פון סאָציאַלער אָנגעהעריקייט און גיט די הנאה פון ניט זיין אָפּגעריסן פון די אַרומיקע, אאַז״וו. איז אפשר דער מאָמענט פון מאָטיווירונג ניט גענוג צו באַשטימען וואָס מען דאַרף יאָ אָדער ניט אַוועקשטעלן אין דער רובריק רעליגיע. ווי עס זאָל ניט זיין, ווען עס קומט צו געמישטע חתונות זעט עס אויס ווי דאָס וואָלט פאַרנומען גאָר אַ באַזונדער פּאָזיציע ביי די יונגע יידישע דורות אין אַמעריקע. מען קען עס גאָר ניט פאַרגלייכן צו אַנדערע יידישע שטאַרק־אָנגענומענע איינפירן, למשל אָפּהיטן געוויסע יום־טובים, ספּעציעל ראש השנה און יום כיפּור. ביי געמישטע חתונות איז זייער קליין די צאָל וואָס דערלויבן זיך צו מאַכן אַ היתר, און אַפילו דאָרט וואו עס קומט פאַר גייט עס ניט דורך אָן געראַנגל און עגמת נפש.

קענטיק אַז דאָס געפיל וואָס ברענגט אונדז 84 פּראָצענט קעגן געמישטע חתונות פאַרמאָגט אין זיך עפּעס אייגנאַרטיקס וואָס איז ניט פון זעלביקן מין סיי ווי אַ ריין רעליגיעזע איבערלעבונג, סיי ווי אַ וועלטלעך־פּראַקטישע

אויסרעכענונג; אפשר איז דאָס גאָר אַ געמיש פוןביידע מיט נאָך עפּעס. עס ליגט אין דעם מסתּמא דאָס וואָס מען וואָלט געקענט באַצייכענען מיט פאָלק־געפיל, אָבער וואָס ביי ייִדן, דער עיקר אין די לענדער פון אונדזער צעשפּרייטקייט, דריקט זיך אויס אין אַנדערע פאַרבן און טענער. אין דער סאָציאָלאָגיש־פּאָליטישער ליטעראַטור רופט מען דאָס נאַציאָנאַליזם, מיט אַ שטאַרקן אַקצענט אויפן וועלטלעכן און פּאָליטישן זינען פון אָט דעם געפיל. פאַר ייִדן, אין די גלות־לענדער, איז אַזאַ טערמין פּאַרפּירעריש, ווייל נאַציאָנאַליזם אָן ווייטע פּאָליטישע אַמביציעס — און ביי ייִדן ווי מינאָריטעטן איז דאָך דאָס אויסגעשלאָסן — פאַרלירט צופיל פון זיין באַלעבנדיקן און סטימולירנדיקן כּוח.

אין זיין בוך „דער זינען פון נאַציאָנאַליזם" זאָגט לואיס ל. סניידער: „זיך שטיצנדיק אויף דער דאָזיקער אַרבעט ווער איך איבערגעצייגט, אַז נאַציאָנאַליזם דאַרף דער עיקר, און קודם כּל, באַטראַכט ווערן ווי אַ גייסט־צושטאַנד, אַן אַקט פון באַוואוסטזיין, אַ פּסיכאָלאָגישער פאַקט. עס איז אַ סאָציאַל־אָנערקענטער סימבאָל וואָס די מאָדערנע געזעלשאַפט באַנוצט בעת זי זוכט זיכערקייט". אָבער ביי ייִדן, ווען מיר נעמען דורך אונדזער פאָלק־געפיל מיט אונדזער באַזונדערן היסטאָרישן גאַנג צווישן די פעלקער, מיט דער מעטאַפיזישער אָנגעהויבטקייט פון אונדזער צוזאַמענדיקן דויער, מיט דער הייליקייט פון רעליגיעזער איבערלעבונג וואָס האָט תּמיד אָנגעפילט אונדזער ייִדישן געדאַנק, אונדזער צער און פרייד, די קאָמבינירטע פּסיכישע קוואַליטעט וואָס ווערט צעמענטירט פון דעם אַלעם דריקט זיך אויס אין אַן אינערלעכן פּסיכישן צושטאַנד וואו דאָס רעליגיעזע קען מער ניט אָפּגעטיילט ווערן פונעם ניט־רעליגיעזן.

די זואָס ווילן רק אויסזוכן אַ בולטע מחיצה צווישן קודש און חול אין פּאָזיטיווער ייִדישקייט בויען אויף פּאַר זיך אַן אבן נגף וואָס זיי וועלן קיינמאָל ניט דורכברעכן. רעליגיע איז אַ צו ברייטער, טיפער, אַרומנעמענדיקער, באַגריף וואָס ביי ייִדן קען ער זיך ניט אויסטאָן פון ניואַנסן וואָס ביי אַנדערע קענען אָט די ניואַנסן אַ סך באַקוועמער זיין פאַרוועבט אין ריינער ספּעקולאַטיווער ריטעט. אמת, אויך ביי אַנדערע, ביי ניט־ייִדן, איז דאָס געוואָרן זייער אַ שווערע אויפגאַבע זינט דעם אויפקום פון רעליגיעזן הומאַניזם. דער ביאָלאָג דזשוליען האַקסלי טרעט ניט אָפּ אַפילו אויף אַ האָר פון וויסנשאַפטלעך דערלויבטע הנחות אין זיין בוך „רעליגיע אָן אַנטפּלעקונג". ער לאָזט ניט קיין פּלאַץ פאַר אַן איבערנאַטירלעכן גאָט, אַ יענער וועלט, נסים, און נאָך אַזוינע גלויבנס וואָס זענען ביי טייל מענטשן דער זיכערסטער סימן פון רעליגיע. דאָך לאָזט ער בשום אופן ניט אַרויס דעם באַגריף רעליגיע ווי אַן אופן פון אָפּרופן זיך אויף די בויטן פון מענטשלעכן גורל.

ביי ייִדן קומט צו אַן עודף וואָס מאַכט די אויפגאַבע אָפּצוטיילן רעליגיע

פון ניט־רעליגיע ניט בלויז שווער, נאָר פשוט אוממעגלעך. ווען מען פרעגט ביי אַ יידן וועגן זיין שטעלונג צו רעליגיע — מאַכט ניט אויס וואָס דער געפרעגטער פאַרשטייט אונטער דעם וואָרט — מוז זיין ענטפער הינקען אויףביידע פיס אויב מען איז פריער ניט באַקאַנט מיט זיין באַציאונג צו יידן, ווי עפּעס אַן ענטיטעט, און צו יידישן קיום. אָבער גראָד איז די פּאָזיטיווע באַציאונג צו די דאָזיקע צוויי אויף אַזוי ווייט ספק רעליגיע, ספק ניט־רעליגיע, אַז איר קענט טייטשן ווי איר ווילט. עס הענגט בלויז אָפּ פון וואָסער קוואַל איר זייט צוגעוואוינט אַרויסצושעפּן אייערע טערמינען; די געפּיל־ספּערע ווערט סיי ווי צוליב דעם ניט געביטן.

מען קען, פאַרשטייט זיך, נאָך אַלץ מאַכן אַ גילטיקן פאַרגלייך צווישן יידן און ניט־יידן בנוגע געוויסע פּרטים וואָס שטאַמען פון דער וועלט פון רעליגיעזער אמונה. אַזאַ פאַרגלייך קען אין זיך גופא זיין אינטערעסאַנט פון אַ סך שטאַנדפּונקטן. אָבער דאָס וואָלט ניט געווען קיין ראיה וועגן דעם אונטערשייד צווישן די צוויי צדדים אין שייכות צו רעליגיע בכלל, צו דער מעטאַפיזישער וועלט וואָס רעליגיע נעמט אַרום, ספּעציעל אין שייכות צו די אידעלערע מאַניפעסטאַציעס פון יידישער עקזיסטענץ. ווען עס קומט צו דעם זענען יידן אַנדערש — און אין די גלות־לענדער מוזן מיר תמיד בלייבן אַנדערש אויף וויפיל מיר בלייבן פּאָזיטיווע יידן — און קיין שום מאַניפּולאַציע מיט ווערטער און טערמינען קען דאָס ניט בייטן.

(1958)

# אַ ס י מ י ל אַ צ י ע

די פראַגע: „ווער איז אַ ייד?" קען זיין איטערעסאַנט און פּראַקטיש־וויכטיק; זי קען אויך זיין אינטערעסאַנט און בלויז טעאָרעטיש־רייצנדיק. עס איז געווענדט ווער און וואו זי ווערט אויפגעהויבן. לכתחילה איז דער גאַנצער ענין אימפּאָרטירט געוואָרן צו אונדז פון מדינת ישראל. דאָרט איז דאָס אַ פּראַקטיש־וויכטיקע זאַך. עס האָט צו טאָן מיט עקזיסטירנדיקע לעגאַלע נאָרמען, עס קען זיך פאַרצווייגן ווייטער, אין מאָראַלע יסודות פאַר אַ לעבנס־שטייגער וואָס האַלט אין אויפקומען. דאָס לעבן פון אַ מדינה איז זייער פאַר־פּלאָנטערט און עס זענען אַמאָל נייטיק אויפקלערונגען וועגן אַבסטראַקטע ענינים, ניט צוליב דער אינטערעסאַנטקייט פון דער חקירה, נאָר כדי צו געפינען אַן אויסוועג פאַר שוועריקייטן וואָס דער מאָמענט רופט אַרויס.

אין חוץ־לארץ, כאָטש מיר לעבן שוין דאָ היפּשע עטלעכע יאָר, האָט קיינמאָל די דאָזיקע פראַגע אונדז קיין קאָפּדרייעניש ניט פאַרשאַפט. וואָרעם דאָ האַנדלט זיך עס, קען עס זיך האַנדלען, בלויז וועגן אַ דעפיניציע, און דאָס איז פאָלג מיך אַ גאַנג. דער אמת איז, אַז אין דער סאָציאָלאָגישער ליטעראַטור האָט די דאָזיקע פראַגע, כאָטש ניט דווקא וועגן יידן, שוין גאָר פאַרנומען אַ היפּשן פּלאַץ. נאָך מער, דאָרט האָט מען אָנגערירט דערווייל די הקדמה צו דער פראַגע: „וואָס איז אַזוינס אַ פאָלק?" און אויך אויף דעם איז ניטאָ קיין תשובה וואָס זאָל אַלעמען באַפרידיקן. אַז איר וועט גיין בלויז אַ טראָט ווייטער, און אָנהייבן פון דער זייט פון דעם איינצלנעם מיט־גליד פון אַ פאָלק, וועט איר אויפהייבן אַ טעאָרעטישן וואָלקן אַז איין גאָט זאָל רחמנות האָבן. ווער איז אַ פראַנצויז, אַ דענער אַן איבדיער? אַז מען רירט זיך צו מיט אַזאַ קשיה צו יידן, אַ פאָלק וואָס איז אַזוי אַנדערשדיק־אַנדערש, דרייען מיר זיך אַריין אין אַ כפל־שמונה׳דיקן פּלאָנטער וואָס מען דאַרף האָבן טויזנט קעפּ צו וויסן וואו מיר זענען ערגעץ אין דער וועלט.

די זעלביקע פראַגע, ווידער פון אַן אַנדער זייט, וואָס איז אָבער נעענ־טער צו אַ לעבן אין גלות־באַדינגונגען, איז די ערנסטע קשיה: „ווער איז אַן אַסימילאַטאָר?" און אויך דאָ דאַרף מען מאַכן אַ חילוק צווישן לענדער און באַדינגונגען. אין אַמאָליקן פּוילן, למשל, אַזוי שפּעט ווי אין נײַנצנטן יאָרהונדערט, האָבן זיך יידן ביטער געראַנגלט אַנטקעגן די באַפעלן צו בייטן זייער טראַדיציאָנעלע הלבשה. זיי האָבן געפילט אין דעם אַן אַקט פון אַסימילאַציע. כאָטש זיי האָבן דאָס וואָרט ניט באַנוצט. אויף יידן „אָפּ־טריניקע", וואָס האָבן ניט געהאַלטן פון איינגעוואָרצלטע רעליגיעזע נאָרמען האָבן זיי טאַקע געקוקט ווי זינדיקע, אָבער אין די זינד איז געווען עפּעס

וואָס מאַכט „אויס ייד" — אַסימילאַציע. שפּעטער, ביי יידישע סאָציאַליסטן, זענען די אַלע רעליגיעזע דינים טאַקע געווען אַ מצוה ניט־אָפּצוהיטן, און עס האָט ניט געהאַט ביי זיי די מינדסטע שייכות צו אָפּטריניקייט פון פאָלק. אַסימילאַציע האָט ביי זיי זיך אָנגעהייבן מיט בייטן דאָס לשון, פון יידיש אויף דער לאַנדשפּראַך. אויף אַזעלכע וואָס זענען אַוועק פון יידישן קולטור־קרייז, אָדער זיך באַצויגן גרינגשאַציק צו יידיש, האָבן זיי געוואָרפן דעם חוזק־נאָמען „שמענדריקעס". עס איז ביי זיי געווען אַן אַקט פון שענדלעכער אַסימילאַציע.

מען וואָלט געדאַרפט זיין פריש און געזונט און משוגע מען זאָל דאָ, אין אַמעריקע, ענלעכע יידישע טיפּן שטעלן צו שמעדנריקשן שאַנד־קלאָץ. בכל אופן, אַ צאָל פון יענע, וואָס האָבן אַמאָל, אין וואַרשע, שטענדיק געהאַט גרייט אַ הויפן שמענדריק־פיילן צו וואַרפן אויף זייערע קרבנות פון אַסימילאַציע, געפינען זיך איצט דאָ, און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט אַז פון זייערע ליפּן זאָל אַרויספליען דער זעלביקער שאָס אויף יידן וואָס באַגייען די זעלביקע זינד. דאָס איז נאַטירלעך; זאַכן זענען רעלאַטיוו. דאָס וואָס איז אין וואַרשע געווען אַ שווערער אַנטי־יידישער חטא קען זיין אין ניו יאָרק אַ גאַנץ נייטאַלער אַקט. אויב מען רעכנט זיך מיט באַדינגונגען פון צייט און פּלאַץ, און וואָסער אינטעליגענטער מענטש קען דאָס איגנאָרירן, ווער איז אַן אַסימילאַטאָר אין ניו יאָרק? אין דרום־אַפריקע? אין אויסטראַליע? איך מיין וואָס דאַרף אַ ייד טאָן, אָדער ניט־טאָן, כדי די איינגעוואָרצלטע אין יידישן טראַכטן, אין יידישע מעשים, זאָלן פילן אַז ער איז פון אַלע שטאַנדפּונקטן אַ פּורש מן הציבור? אין חוץ־לארץ איז גראָד דאָס ניט קיין הוילע טעאָרעטישע חקירה; עס קען האָבן צו טאָן מיט זייער פּראַקטישע ענינים אין יידישן לעבן. די קאַמפּאַניע וואָס שטעלט אַריין אין אונדזערע הייזער אַ מאַשינקע אויף צו מעסטן עלעקטריציטעט איז ניט פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס עס איז אַזוינס דאָס וואָס גיט אונדז ליכט, וואַרעמקייט און אַ סך אַנדערע גוטע זאַכן. זי וויל בלויז זיך שאַפן אַ מעגלעכקייט אייך צו צושטעלן אַ חשבון וויפיל איר באַנוצט פון יענעם עפּעס וואָס זי ווייסט ניט, און איז ניט נייגעריק צו וויסן, וואָס דאָס איז. די פראַגע „ווער איז אַ ייד?", בעת מען איז פאַראינטערעסירט אין שטייגערישע אָדער געזעצלעכע באַרמען, קען רעדוצירט ווערן צו אַן ענלעכער פּראַקטישער קאַטעגאָריע. פּונקט אַזוי קען פאַרקומען מיטן באַגריף אַסימילאַציע אין גלות. יידן וואָס זענען גענייגט צו פּסק'ענען גרינטלעכע יידישע שאלות על־פּי־דין, איגנאָרירן דעם פאַקט אַז יעדער „על־פּי־דין" וואַקסט אויך אַרויס פון אַ לעבן וואָס איז צוגענאָגלט צו צייט און פּלאַץ. אויב אַזוי, אפשר וואָלט מען געדאַרפט די פראַגע שטעלן דורך נאָך פינקטלעכער טייטלען מיטן פינגער: ווער איז אַן אַסימילאַטאָר דאָ און איצט"

עס וואָלט געווען פאַרפירעריש צו מיינען אַז איך האָב דאָ בדעה אַוועק־צושטעלן אַן אַסימילאַציע־מעטער, פונקט ווי מען מאַכט אַ טערמאָ־מעטער, צו מעסטן דעם שטח וואָס צווישן אַ יידן און זיין פאָלק. מיר האַלטן נאָך צו ווייט פון דעם, כאָטש דאָס לאָזט זיך נאָך אַלץ לייכטער פאַרענטפערן ווי די פראַגע „ווער איז אַ ייד?" אָבער אויך דאָ איז קודם כל נייטיק צו באַטראַכטן די שטרויכלונגען וואָס מאַכן שווערער צו קומען צו אַ טאָלק, צו באַטראַכטן און זיי גובר זיין, אויב דאָס איז מעגלעך.

די סיבה פאַרוואָס אַסימילאַציע דאַרף אַנאַליזירט ווערן פון שטאַנד־פונקט פון דאָ און איצט איז, דאַכט זיך, אַ גאַנץ פשוטע. יעדער מענטש דאַרף זיך, זאָל זיך, מוז זיך, צופּאַסן צום לעבן אַרום, אַנדערש וואָלט ממש אוממעגלעך געווען אויסצוקומען אויף דער וועלט. דאָס גייט אַזוי ווייט אַז פסיכאָלאָגן זענען וויליק צו האַלטן די פעאיקייט זיך צוצופּאַסן צו די פאָדערונגען פון דער סביבה ווי אַ סימן פון אינטעליגענץ. פאַרשטייט זיך אַז זיך צופּאַסן קען ניט מיינען אָראָפּווישן פון זיך יעדע פערזענלעכע אַנדערש־קייט און טאָן אַקוראַט וואָס „גוטע און פרומע לייט טוען". היינט וואו איז די גרענעץ פון צופּאַסן זיך און עס זאָל נאָך אַלץ בלייבן אַ לעבעדיקער „עמעצער" וואָס האָט זיך צוגעפּאַסט? און וואו געפינט מען אַזאַ גרענעץ ווען עס רעדט זיך וועגן אַ פאָלק, דערצו נאָך אַ פאָלק אַ מיעוט צווישן אַ רבים וואָס איז דורכויס אַנדערש?

די שיינע כאַראַקטעריסטיק פון יידן אין חומש: „הן עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב" (זע, אַ פאָלק וואָס רוט באַזונדער און רעכנט זיך ניט צווישן די אומות) איז טאַקע דיכטעריש זייער טרעפלעך אויסגעדריקט, אָבער מען טאָר דאָס ניט אויסטייטשן אות באות. יידן האָבן זיך צוגעפּאַסט אומעטום, אין אַלע צייטן. אָבער צוגעפּאַסט ווי אַזוי? ווי ווייט? דאָס איז נאַטירלעך דער עיקר כל העיקרים. און נאָך עפּעס, איז אַסימילאַציע אויך פאַרבונדן מיט דער צאָל וואָס נעמט אָן אַן אַסימילאַטאָרישן דרך אין לעבן? איז מעגלעך אַז אַ רוב יידן, וואָס רעכנט זיך נאָך אַלץ פאַר יידן, זאָל פונ־דעסטוועגן קענען באַשולדיק ווערן אין אַסימילאַציע, אויב ער נעמט איבער פונעם לעבנס־שטייגער פון הערשנדיקן אַרום דאָס וואָס העלפט אָפּמעקן דאָס ספּעציפישע געשטאַלט פון אייגענעם פאָלק?

ווען די נביאים האָבן געדונערט אַנטקעגן דעם „הוי גוי חוטא", האָבן זיי, ווייזט אויס, געוועגדט זייער צאָרן צום רוב יידן. דער רוב איז געווען איינגעטונקט אין זינד. אָבער ווען מען ווענט אַרויסנעמען דעם באַגריף „זינד" פון דער אַמאָליקער לעבנס־ספערע וועט מסתמא אַרויסשפּרינגען אַסימי־לאַציע. איז, הייסט עס, מעגלעך אַז אַ מיעוט, עס קען זיין זייער אַ קליינע צאָל צווישן אונדז, זאָל פאַרעקשנט בלייבן ביים אַלטן דרך און דעריבער דאַרפן אָננעמען אַז אָט די קליינע צאָל איז דאָס אויטענטיש־געבליבענע

יידישע פאָלק בעת דער רוב גייט אויפן וועג פון אַסימילאַציע. די סאַטמאַרער חסידים האַלטן מסתמא אַזוי, כאָטש זייער לשון פאַרמאָגט אַנדערע טער־מינען דאָס אויסצודריקן. אפילו צווישן די וואָס רופן זיך וועלטלעך זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס דריקן אויס אַן ענלעכן קוק. צי דאָס איז ריכטיק, צי ניט, האָט ניט צוטאָן מיט עפּעס אַן אָביעקטיווער גערעכטיקייט נאָר מיט אַ טעאָרעטישן צוגאַנג צו אַסימילאַציע וואָס מען נעמט אָן.

אַזאַ צוגאַנג וועט אונדז פירן צו מאַכן אַ מין קאַטאַלאָג פון אונדזער גאַנצער קולטורעלער און גייסטיקער באַלעבאַטישקייט און זיך אָפּשטעלן אויף יענע גרעסערע און קלענערע טיילן וואָס אָן זיי, וועלן מיר אָננעמען, ווערט אונדזער היים צעשטערט — אַסימילאַציע. עס איז לייכט צו זאָגן „וועלן מיר אָננעמען", אין דער אמתן וועט דאָס בלי ספק אַרויסרופן שאַרפע חילוקי דעות. דאָס וואָס ביי איינעם וועט זיין אַן עיקר אין יידישן קיום, אָדער אין יידישער אַנדערשקייט, וועט ביים צווייטן זיין בלויז אַ טפל. קענען מיר זיך אויסמאָלן, מיר זאָלן געפינען אין אונדזער ירושה אַזעלכע מאָמענטן וואָס דער רוב מנין זאָל מסכים זיין זיי צו האַלטן ווי דאָס אויבערשטע פון שטייסל? עס קאָן זיין אַז יאָ, אָבער דעמאָלט וועלן די דאָזיקע עיקרים מוזן זיין זייער קליין אין צאָל. עס דערמאָנט זייער שטאַרק אין די הייסע וויכוחים וועגן דאָגמעס, אָדער עיקרים, אין דער יידישער אמונה, פונעם רמב"מ'ס דרייצן, ביז ר' יוסף אלבו'ס דריי און מענדעלסאָנס פסק־דין אַז די יידישע אמונה האָט בכלל קיין דאָגמעס ניט.

רעדן מיר אָבער וועגן עיקרים, ניט ווי וועגן דאָגמאַטישע אַני־מאַמינס נאָר ווי נייטווענדיקע תנאים פאַר אונדזער קיום, לאָמיר זאָגן, פאַר אונדזער קרעאַטיוון קיום, דעמאָלט קענען מיר בלויז אַנאַליזירן דעם ענין אין ליכט פון קלאָרן שכל און היסטאָרישער דערפאַרונג. איז פאַראַן איין אַרגומענטאַ־ציע וואָס טענה'ט אַז מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן קיין אויטענטיש יידיש לעבן אָן דעם יידישן רעליגיעזן שטייגער. עס קען, דאַכט זיך, קיין ספק ניט זיין אַז דאָס רוב יידן וועלן דערמיט מסכים זיין, אָן שום שייכות צום פּערזענלעכן אויפפיר.

אמת, מיטן וואָרט רעליגיע איז נאָך אַלץ ניט גענוג קאָנקרעט וואָס מען מיינט. פאַר די אָרטאָדאָקסן, למשל, באַטייט דאָס גאָר עפּעס אַנדערש ווי ביי די רעפאָרמער, אָדער אפילו קאָנסערוואַטיוון. יידישע רעליגיעזע מנהגים, צערעמאָניעס, ריטואַלן, פּאַסן זיך אויך צו צו נייע באַדינגונגען און סביבות אַזוי אַז אין טערמינען פון קאָנקרעטן אויפפיר און באַציאונג איז דאָס וואָרט רעליגיע צו אַלגעמיין און אַבסטראַקט.

די וואָס האַלטן אַז דער עיקר כל העיקרים איז שפּראַך, באַוועגן זיך שוין אין אַ סך ענגערע גרענעצן. די וואָס מיינען אַזוי קען מען רופן יידישיסטן. אמת, עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע וואָס אַקצענטירן שפּראַך, למשל, העברע־

איסטן, אָבער די וואָס דערהויבן העברעאיש אויף אַ הויכער עיקר־מדרגה אין יידישן קיום פאַרמאָגן אַן אַנדער עיקר וואָס איז אפשר נאָך העכער: מדינת ישראל. ביי יידישיסטן איז שפּראַך ממש שפּראַך, נאַטירלעך מיט אַלע פּראָדוקטן וואָס שפּראַך, יידיש, נעמט אַרום.

ווי גרויס עס איז די צאָל יידן אויף דער וועלט וואָס ביי זיי איז לאַדינאָ אַ לעבעדיקע מוטער־שפּראַך, דאָס וויס איך ניט. זיכער איז די דאָזיקע צאָל זייער אַ סך קלענער ווי פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער האָבן יענע יידן געפילט די מעלה פון אַן אייגענער שפּראַך פאַר אונדזער קיום? אויב יאָ, האָבן זיי עס ערגעץ־וואו אויסגעדריקט? איך וויס ניט. לאַדינאָ, אָדער די אַנדערע יידישע שפּראַכן, ווי אַראַביש־יידיש, פּערסיש־יידיש, די אַלע קענען נאַטירלעך בשום ענין ואופן ניט פאַרגלייכן זיך מיט אונדזער יידיש, פונדעסטוועגן וואָלט כדי געווען צו וויסן צי ס׳האָט עמעצער פון יענע יידן אַרויסגערופן כאָטש אַ שאָטן פונעם היסטאָריאָסאָפישן קוק אויף יידיש, ווי אַן עיקר־פאַקטאָר אין יידישער קרעאַטיווער עקזיסטענץ, לויטן צוגאַנג פון די יידישיסטן, אָדער כאָטש אַ שפּור פון דער וואַרעמער ליבשאַפט צו יידיש וואָס אַ סך יידן ווייזן אַרויס. צום באַדויערן איז דאָס מיר ניט באַקאַנט.

אַוועקגייענדיק אַ ווײַלע פון די שטאַרק רעקלאַמירטע טיילן פון אונדזער באַלעבאַטישקייט: שפּראַך, לאַנד, רעליגיע, ווי כוחות וואָס מיט זייער הילף קען מען גובר זיין די שטענדיקע אַטאַקעס פון אַסימילאַציע, וועלן מיר זיך ווענדן צו אַן אַנדער ווינקל פון אונדזער גייסטיקן אייגנס. דער תלמודישער זאָג אַז יידן צייכענען זיך אויס דערמיט וואָס זיי זענען „רחמנים, ביישנים, גומלי חסדים", שטרייכט אונטער אַלגעמיינע אייגנשאַפטן וואָס הייבן אַרויס מאָראַלע קוואַליפיקאַציעס פון אַ קולטור. דער דאָזיקער צוגאַנג איז ניט נאָר ניט נײַ אָדער צופעליק, נאָר אפשר דער פאַרשפּרייטסטער קוק ביי יידן פון אַ גאַנץ יאָר אויף יידישער אייגנאַרט. דאָס איז ריכטיק, אייגנטלעך, ניט בלויז ביי יידן. דער פּשוטער מענטש, מיט זיין געוויינטלעכער פּאָזיטי־ווער באַציאונג צו זיין פאָלק, קוואַליפיצירט זיין נאַציאָנאַלע קולטור לויט מאָראַלע קאַטעגאָריעס. דאָס יידישע שפּריכוואָרט דריקט אויס זייער קלאָר דעם דאָזיקן געדאַנק ווען עס נעמט אָן אַז „בעסער אַ ייד אָן אַ באָרד ווי אַ באָרד אָן אַ ייד". דערמיט ווערט אַקצענטירט דער קוק אַז עס איז פאַראַן אין יידן אַ מאָראַלע כאַראַקטעריסטיק וואָס הענגט ניט אָפּ פון רעליגיעזן שטייגער אָדער אַנדערע דרויסנדיקע שטריכן.

ווען מיר, אין לויפנדיקע שמועסן, כאַראַקטעריזירן נאַציאָנאַלע קולטורן, באַשרייבן מיר פעלקער אויף אַן ענלעכן אופן: דייטשישע פּעדאַנטישקייט, ענגלישע קאַלטקייט, פראַנצויזישער סטיל, שאָטלענדישע קאַרגשאַפט, איר־לענדישער הומאָר, דאָס איז דער פאַרשפּרייטסטער אופן אָפּצושאַצן די פּסי־כאָלאָגיע פון פעלקער. דאָס זענען פּאָפּולערע איינדרוקן פון פעלקער, סטע־

רעאַקטיפֿן, ווי מען רופֿט זיי, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט מיט פֿעסטקייט, און מען קען גאָרניט פֿאַרלאַנגען אַז מענטשן זאָלן געדולדיק וואַרטן מיט אַזאַ פּסק־דין ביז פֿאָרשונגען וועלן וויסנשאַפֿטלעך באַשטעטיקן אָדער אָפּלייקענען אויף וויפֿיל זיי זאָגן דעם אמת. סוף־כּל־סוף איז דאָס לעבן צו קורץ, „און אַ טרונק בראַנפֿן ווילט זיך", היינט גיי און וואַרט אויף דער קריכערישער וויסנשאַפֿט. אַחוץ דעם קענען מיר זיך אויך טרייסטן דערמיט וואָס די עצם פֿאַרשפּרייטקייט פֿון אַזעלכע איינדרוקן קען מען אויך ניט סתם אַוועקמאַכן מיט דער האַנט.

מיר, יידן, האָבן, לויט דער טבע פֿון פֿעלקער, אַריינגעאַרבעט אין אונדזער קולטור באַשטימטע מאָראַלע קוואַליפֿיקאַציעס וואָס זענען היסטאָריש געווען וואָרצלדיקע אויסדרוקן פֿון אונדזער לעבן. אַז אַזעלכע קענען זיך בייטן, און טאַקע גרינטלעך בייטן, אין פֿאַרשיידענע עפּאָכעס, וועגן דעם קען קיין מינדסטער ספֿק ניט זיין. אָבער עס וואָלט געווען נוצלעך אַרויסצוהייבן יענע צווישן זיי וואָס האָבן אויסגעהאַלטן לענגער, זיך מאַניפֿעסטירט אונטער די פֿאַרשיידנסטע לעבנס־תּנאָים און ווערן געפֿילט פֿון אייגענע און פֿרעמדע ווי עפּעס וואָס איז דורכויס יידיש. מיר דאַכט זיך אַז צווישן די פֿאַרשיידענע אייגנשאַפֿטן וואָס מען שרייבט אונדז צו איז ניט פֿאַראַן קיין איינע וואָס קען אַריבערשטייגן, אין די אויסגערעכנטע פּרטים, דאָס וואָס מען רופֿט אונדזער אינטעלעקטואַליזם און וואָס מאַניפֿעסטירט זיך אינעם חשק צו תּורה. דאָ איז תּמיד געלעגן אַ יסוד פֿון אונדזער שאַפֿערישער אייגנאַרט. תּורה האָט געבראַכט סטאַטוס און פּרעסטיזש, האָט אַנטוויקלט אַ שווערן געזעלשאַפֿט־לעכן און מאָראַלן דרוק אויף אונדזערע וואַקסנדיקע דורות. אַ גרויסער טייל פֿון גאַנץ פּרקי־אָבֿות שטרייכט אונטער, דריקט מיט אַלע איינפֿאַלן און כּוחות, אויף די פֿאַרשיידנסטע פֿאָרמען, טענער, פֿאַרבן, פֿון תּורה און תּורה לשמה. פֿון דער טראַדיציאָנעלער תּורה ביז פּרצעס משׂכּילישן רוף צו בילדונג, ביז דער אידעאַלער שטרעבונג פֿון יעדן פּראָסטן יידן אַז זיינע זין און טעכטער זאָלן זיין „טיטשערס", אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים, דאָס זענען אַלץ פֿאַרשיי־דענע שאַטירונגען פֿון איין הויפּט־מאָטיוו. ווען דאָס זאָל זיך בייטן ווי אַ פֿאָלקישע כאַראַקטעריסטיק ביי יידן, וואָלט מען דאָס געקענט אָנרופֿן אַ שטראָם אין דער ריכטונג פֿון אַסימילאַציע?

טראַכטנדיק אין דער דאָזיקער ריכטונג איז נאַטירלעך זיך צו דער־מאָנען וואָס תּורה, און תּורה לשמה, האָט באַטייט אין אַלטן יידישן לעבנס־דרך און וואָסער ווירקונג עס האָט אויף אונדז געקענט האָבן דער צונויפֿטרעף מיטן צוגאַנג צו תּורה אין דער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע. עס קומט מיר אויפֿן זינען דאָס בוך אמונה און אַפּיקורסות פֿונעם פּריצייטיק־פֿאַרשטאָרבענעם ראובן אגושעוויטש. דאָס איז אַ פֿילאָסאָפֿיש ווערק וואָס איז אַרויס אין

1949. אַז אַ ייד שרייבט אַ בוך אַזוי פּרי נאָכן חורבן איז באַטירלעך ער זאָל ניט־גלייכגילטיק פאַרבייגיין די טראַגישע וואונד. גיט אונדז דער מחבר אַ קורצע הקדמה וואו ער איז מספּיד די קרבנות פון זיין פאַמיליע און שרייבט עטלעכע פּאַראַגראַפן וועגן זיין שטעטל סיסלעוויטש, גראָדנער גובערניע. דאָס פירט מיך אויך צו די צוויי אַרטיקלען אין ייוואָ־בלעטער פון 1944 און 1945 פון אַן אַנדער סיסלעוויטשער, אברהם עין. מען ווערט ממש נשתומם ווען מען באַקענט זיך מיט אַלע לומדים און גאונים וואָס אַזאַ קליין יידיש שטעטל האָט פון זיך אַרויסגעגעבן; וויפיל חידושי תורה דאָס דאָזיקע שטעטל, אַ ישוב פון קוים אַרום 2000 יידישע נפשות, האָט אונדז געגעבן און ווי געדיכט די לופט איז דאָרט געווען דורכגעדרונגען מיט תורה לשמה. אַזוי פיל פון די לומדים האָבן דאָך דערפון קיין פרנסה ניט געמאַכט, האָבן לכתחילה ניט געלערנט מיטן ציל די תורה זאָל זיין אַ „קרדום לחפור בו“, אַ קוואַל פון חיונה.

פאַראַן אינטעליגענטע יידן וואָס טענה'ן אַז דאָס איז אַ גוזמא; אַז די ראָלע פון תורה אין היימישן שטעטל ווערט צו שטאַרק אידעאַליזירט. זיי ברענגען אַ קלאָרע ראיה. אָט, זאָגן זיי, האָבן דאָך אַלע אַמעריקאַנער יידן, וואָס זענען געקומען פון יענער זייט, געאָטעמט די לופט פון שטעטל, געלערנט אין חדר, געגאַנגען אין בית־מדרש, און נו, קען מען טאָקע שטאַרק באַגייסטערט ווערן פון זייער וויסן אין יידישקייט, פון זייער באַציאונג צו לערנען און תלמידי חכמים?

עס שטעקט אַ גרינטלעכער פעלער אין דער דאָזיקער אַרגומענטאַציע. עס איז ניטאָ קיין שום ראיה אַז אין שטעטל זענען געווען מער יידן מיט שאַרפע קעפּ און אינטעלעקטועלע פייאיקייטן בכלל ווי אין אַנדערע יידישע ישובים אין דער גאַנצער וועלט. דער חילוק איז נאָר וואָס אין מזרח־אייראָפּעאישן יידישן שטייגער האָט לומדות געקראָגן אַזאַ געזעלשאַפטלעכן אָנזען, און ממילא פאַסיקע געלעגנהייטן אפילו אין גרויסער אָרעמקייט, אַז עס האָט גערייצט און סטימולירט יעדן באָרמאַלן יידן צוקומען וואָס נענטער צו דער דאָזיקער מדרגה. שפּעטער, מיטן אויפקום פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָט זיך דער דאָזיקער פּרעסטיזש פון לומדות אַריבערגעטראָגן אין אַן אַנדער פעלד. יעדער אַרבעטער האָט פאַרשטאַנען אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסע מעלה צו דערגיין די סודות פון „היסטאָרישער נויטווענדיקייט“, אָדער „דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם“, האָט ער פון די פאַראַנענע ביכלעך געזוכט צו שעפּן ידיעות פון אָט די ניי־אַנטפּלעקטע קוואַלן. אמת, די נייע לומדות איז באַהערשט געוואָרן פון אַ פּראַקטישער באַוועגונג מיט שטענדיקע רעאַלע אויפגאַבעס, ממילא האָט דער מאָמענט פון „לשמה“ שוין געשפּילט אַ קלענערע ראָלע. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דאָס בייט אויף אַ שאַרפן אופן די סאָציאַלע פּאָזיציע פון אינטעלעקטועלער אויסצייכענונג.

דאָך זענען ביידע געווען אַ סך נעענטער צווישן זיך אין זייער פּסיכאָלאָגישער מאָטיוויִרונג ווי עס קען זיך אין פלוג אויסווייזן.

דאָס אַלטע גריכנלאַנד איז באַשטאַנען פון אַרום צוואַנציק שטאָט־מלוכות, אָבער בלויז איינע פון זיי, אַטען, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ טראַדיציע אין פילאָסאָפיע, קונסט און אַנדערע פעלדער פון דענקען, וואָס האָבן באַאיינפלוסט אונזער מערב־ציוויליזאַציע ביזן היינטיקן טאָג. זענען אין אַטען געווען מער טאַלאַנטן און שאַרפע מוחות ווי, לאָמיר זאָגן, אין ספּאַרטאַ? קיינער קען אַזוינס ניט זאָגן. אָבער דער לעבנס־שטייגער פון אַטען האָט באַשאָנקען מיט אַ געזעלשאַפטלעכן פּרעמיום, מיט גרויס אַנער־קענונג, פאַר אַזעלכע דערגרייכונגען, האָט דאָס ממילא געקירעוועט יחידים און גרופּעס אין אַזאַ ריכטונג.

זאָל דאָ גלייך באַמערקט ווערן אַז אַזאַ מין למדנאָקראַטיע האָט ניט בלויז אירע מעלות, גוואַלדיקע מעלות, זי האָט אויך ניט קיין קלענערע חסרונות. דער חסרון פון אַ לומדישער אַריסטאָקראַטיע הייבט זיך אַרויס זייער בולט אין אַ פּאָליטישער דעמאָקראַטיע. וואָלט סיווי, אין דער מאָ־דערנער וועלט, געשטאַנען די פּראָבלעם פאַרן יידישן שטייגער ווי אַזוי אויפצוהאַלטן די מעלות און אָפּשוואַכן די חסרונות. איז געקומען דער דרוק פון אַמעריקאַנער לעבנס־דרך וואָס האָט אַריינגעפירט אַ שאַרפן שניט אין סאַמע האַרץ פון אונדזער אייגנאַרט, עס האָט זיך אויף אונדז אַרויפגע־צוואונגען ניט קיין עוואָלוציע נאָר אַסימילאַציע.

מיר איז ניט באַקאַנט קיין פאַל ווען אַ בוך אַ בוך וואָס איז געשריבן געוואָרן אין אַ פרעמדער שפּראַך — און איז ניט אינטערנאַציאָנאַל באַוואוסט — זאָל אויפגענומען ווערן אין דער משפחה פון אַ נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, און ווערן אַן איינגעזעסענער בירגער אין דער שול־פּראָגראַם. דאָס איז געשען אין אַמעריקע מיט ראָלוואַגס ריזן פון דער ערד, לכתחילה געשריבן אין נאָרוועגיש וועגן נאָרוועגיער אין אַמעריקע. דאָס בעמט זיך דערפון וואָס עס ווערן דאָרט באַשריבן די נאָרוועגישע פּיאָנערן, ווי זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט קאָלאָניזירן ווילד לאַנד און געהאָלפן עפענען די צפון־מערב געגנט פאַר דער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע. אָט דער וועג פון פּיאָנערטום האָט דורכגענומען דעם גייסט פונעם לאַנד און אויפגעבויט די פּראַקטישע, ערדישע, רעאַליסטיש־אונטערנעמערישע פּיאָנערישע פּסיכיק. דאָס איז וועלטן־ווייט, אין פּרטים אפילו דער היפוך, פון דער היסטאָרישער יידישער פּסיכיק. דער אַמעריקאַנער היסטאָריקער מאַכט דעם דאָזיקן געדאַנק פאַר זיין אויסגאַנג־פּונקט אין זיין קוק אויף דער אַמעריקאַנער געשיכטע. עס רעדוצירט זיך סוף־כל־סוף צום אונטערשייד וואָס צווישן „ביזנעס ביפאָר פּלעזשור" מיטן ספּעציעלן אַמעריקאַנער אַמעריקאַנער טראָפּ, און „תורה איז די בעסטע סחורה".

אין 1954 האָט דער פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער היסטאָרישער געזעלשאַפט, מ. קוירטי, געלייענט אַ רעפעראַט פאַר די מיטגלידער וועגן „אינטעלעקטואַלן און אַנדערע מענטשן". ער ווייזט אָן אַז די הויפּט־כוחות אין אויסאַרבעטן די אַמעריקאַנער אַנטי־אינטעלעקטואַליסטישער מענטאַליטעט איז געווען די פּיאָנערישע און די געשעפטלעכע אונטערנעמערישקייט. אין זעלביקן יאָר האָט ד״ר לאָרענס ס. קיובי פון יעיל חושד געווען אַז עס וואַקסט אַ דור וויסנשאַפטלער וואָס איז גראָב, ציניש, אַ־מאָראַליש, פאַרביטערט, אַנטוישט, ווייל זיי זעען אַז געשעפט לוינט זיך בעסער ווי וויסנשאַפט. אפשר איז פּאַסיק דאָ אויך צו פאַרצייכענען די ווערטער פונעם פּאָעט מעקליש ביי אַ פייערונג לכבוד דעם פּוילישן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש: „ניטאָ קיין לאַנד אין דער וועלט וואו דער אינטערנאַציאָנאַלער באַטייט פון קונסט, אויך די קונסט פון פּאָעזיע, ווערט אַזוי ווייניק געשאַצט ווי ביי אונדז". עס זעט מיר אויס צו זיין כאַראַקטעריסטיש אַז צום אונטערשייד פון אַמעריקאַנער היסטאָריקער קוקט אונדזער י. ל. טלמן, פון ירושלימער אוניווערסיטעט, מיט אַנדערע אויגן אין זיינס אַ רעפעראַט וועגן יידישער געשיכטע: „איך האַלט אַז קיין היסטאָריקער קען ניט זיין קיין פולשטענדיקער ראַציאָנאַליסט. ער מוז זיין אַ שטיק פּאָעט, ער דאַרף פאַרמאָגן עפּעס פונעם פילאָסאָף און ער דאַרף זיין אָנגערירט פון עפּעס אַ פאָרם פון מיסטיציזם".

איז אָט האָבן מיר עס: איין צד איז שטרענג־אוטיליטאַריש, דער אַנדערער איז מיסטיש, אויב דער גייסט פונעם צווייטן וואָלט אינגאַנצן פאַרשלונגען געוואָרן פונעם ערשטן וואָלט, דאַכט זיך מיר, דאָס געבליבענע זיכער געקענט באַטראַכט ווערן ווי אָן אַסימילירט שטיק געבליבנקייט; עס וואָלט געוואָרן פערזאָן אָן פּערזענלעכקייט. איז דאָס אַסימילאַציע? ניין, פאַר יענעם וואָס טרייסט זיך מיט הוילן קיום, אויב אַזאַ אומדענקבאַרע זאַך איז מעגלעך, אָבער אויב דער ציל איז קרעאַטיווער קיום — און וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, איז דער ווערט פון אַ פאָלקיש לעבן אָן דעם — דעמאָלט איז דאָס אַסימילאַציע פון ערשטן ראַנג. זיך צו באַשיצן קעגן דעם איז די גרויסע מצווה פון דער היינטיקער צייט.

(1959)

# וועלטלעכע יידישקייט

אַלץ דאַרף האָבן מזל, אַפּילו אידייען, און אידייען פון געזעלשאַפטלעכן ווערט — אַוודאי און אַוודאי. אָבער צו אונדזער גרויסן צער איז די אידייע פון אַ וועלטלעכער יידישקייט ניט געבוירן געוואָרן אין קיין זיידן העמדל. זי איז געקומען אויף דער וועלט מיט געזונטע סימנים פון קרעפטיקן לעבן. זי האָט אַפילו געטראָגן אין זיך גרויסע און זיכערע הבטחות פון נייע כוחות אינעם קיום פון יידישן פאָלק. אָבער אינעווייניקסטע שעדלעכע באַצילן האָבן ניט דערלאָזן זי זאָל וואַקסן, שטייגן, און פירן צו די האָפענונגען וואָס מען האָט אויף איר לכתחילה געלייגט. זי איז געבוירן געוואָרן אין קלאָרער שאַרף־פאַרשניצטער לאָגיק, איז אַפילו דערגאַנגען צו איינצלנע וויכטיקע מעשים, אָבער צו קיין סינטעטישער גאַנצקייט איז אַלץ ניט געקומען. עס פילט זיך דאָ עפּעס ווי דער הויך פון אַ מיסטישער קללה, אַז וויפיל ביימער עס זאָלן פון איר ערד ניט אַרויסשפּראָצן, קיין וואַלד זאָל דערפון אַלץ ניט ווערן.

מען קאָן ניט זאָגן, אַז דער באַגריף „וועלטלעך" איז ניי אין אונדזער לשון. קענער פון אַלט־יידיש זאָגן מיר אַז מען געפינט דאָס דאָזיקע וואָרט נאָך אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור. פון מיין קינדהייט געדענק איך, אַז מען פלעגט אָנווייזן אויף אַ חסידישן רבין אַז כאָטש ער איז אַ למדן, אַ ירא שמים, פונדעסטוועגן איז ער אויך אַ וועלטלעכער מענטש. דאָס האָט באַטייט, אַז ניט בלויז איז ער פאַרטאָן אין יידישקייט, נאָר אַז ער איז אויך באַקאַנט מיט אַזאַ זאַך ווי, למשל, די מחלוקת צווישן דער ענגלישער מלוכה און דעם טערק מכוח די דאַרדאַנעלן, וכדומה אַזעלכע וועלטלעכע ענינים.

אָבער אויף אַזוי ווייט איז „וועלטלעך" בלויז אַ פּאַסיווער באַגריף וואָס טיילט אָפּ געוויסע געשעענישן אין דער אַלגעמיינער וועלט פון דער ספּעציפישער אַטמאָספערע פון יידישן לעבן. אויך דאָס שטאַמט ניט פון עכט יידישע וואָרצלען. אין יידישן וועלט־באַנעם — ווי אין אָריענט בכלל — איז לכתחילה ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר באַזונדערע לעבנס־אינדזלען וואָס האָבן אין תוך קיין שייכות ניט איינער מיטן צווייטן, בלויז יעזוס האָט געקאָנט זאָגן: „גיב צעזאַרן וואָס געהערט צעזאַרן, און מיר — וואָס געהערט מיר", וואָס דאָס שאַפט באמת דעם ספּעציפישן, אַרומגעצירקלטן באַגריף „רעליגיע" וואָס דאָס קריסטנטום האָט געבראַכט. ביי יידן איז אַלץ געווען פאַרפלאָכטן אין אַן איינהייטלעך געוועב פון אַן אַלץ אַרומנעמענדיקן לעבנס־שטייגער. די פונדאַמענטאַלע קאַטעגאָריעס פונעם גייסטיקן לעבן

אונדזערן זענען געווען גוט און שלעכט, גערעכט און אומגערעכט. ניטאָ דאָ אין גאַנצן קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ צעטיילונג ווי יידיש און וועלטלעך. ממילא האָט דאָס דאָזיקע וואָרט — כאָטש מיר האָבן עס גענומען פון די גויים, אונטער דער ווירקונג פון זייער לעבנס־קוק — ביי אונדז באַטייט לחלוטין עפּעס אַנדערש. ביי די גויים האָט עס געמיינט אַ שטיק לעבן וואָס שטייט אין דרויסן פון רעליגיעזע מאַניפעסטאַציעס. ביי אונדז האָט עס געמיינט געוויסע געשעענישן וואָס שפּילן זיך אָפּ אויף יענער זייט פון אונדזער אָרגאַניש־באַהאָפטענער יידישער וועלט.

דער באַגריף „וועלטלעך" איז אָבער ביי די גויים ניט געווען בלויז אַ פּאַסיווער קלאַסיפיצירנדיקער טערמין. שוין אין דער רענעסאַנס־צייט האָט דאָס דאָזיקע וואָרט אויך גענומען אויסדריקן אַן אַקטיווע שטרעבונג, אַ קאַמף פאַר באַגרענעצן די מאַכט פון דער אָרגאַניזירטער קירך, פאַר באַפרייען די וויסנשאַפט, די שול, און אַנדערע קולטורעלע און ריין מלוכהשע אינטערעסן פון דער אויבער־הערשאַפט פון דער דיקטאַטאָרישער גייסטלעכקייט. אַן אַקטיווע וועלטלעכקייט, אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער זינען, האָט נאַטירלעך ניט געקענט אַריינדרינגען אין יידישן לעבן ביז עס איז בכלל אויפגעהויבן געוואָרן די פּראָבלעם וועגן דער מהות פון יידישן פאָלק.

דער ערשטער שטויס דערצו איז געקומען מצד אונדזערע דייטשישע רעפאָרמער, דאָס האָבן זיי אַריינגעבראַכט די מעטאָדע פון אַנאַליז פון גייסטיקן יידישן לעבן אין אונדזער מאָדערנער געשיכטע. געררייצט פון דער אָנקומענ־דיקער עמאַנציפּאַציע, און ניט זייענדיק אַרומגערינגלט מיט אַן אייגנאַרטיק, קאָכיק יידיש לעבן, זענען זיי געקומען צום באַשלוס, אַז מיר זענען בכלל ניט קיין פאָלק נאָר אַ רעליגיעזע גרופּע, אָבער אַזוי ווי דער באַגריף „רעליגיע" האָט זיך אין גאַנצן ניט געפּאַסט צו די אייגנאַרטיקע פאָרמען פון גייסטיקן יידישן לעבן, האָבן זיי אַליין געשאַפן אַ מין „יידישע רעליגיע", דורך פאַר־קריסטלען געוויסע טיילן פון אונדזער טראַדיציאָנעלן ריטואַל. דאָס האָט נאַטירלעך געמוזט אויסזויגן דעם אָטעם פון אָרגאַנישער פאָלקישקייט און עפענען אַ וועג פאַר טויטנדיקער נאַציאָנאַלער אַפּאַטיע, אָדער שמד.

ווען די השכלה באַוועגונג האָט ביים סוף ניינצנטן יאָרהונדערט געפירט צו אַנאַליזירן דאָס יידישע גייסטיקע לעבן אין מזרח אייראָפּע, זענען די רעזול־טאַטן שוין געווען אין גאַנצן אַנדערע. דאָרט, אין מזרח, איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק אַז רעליגיע לאַוו דווקא, מיר זענען אין דער ערשטער שורה אַ פאָלק, און אונדזער נאַציאָנאַלע שותפות האָט גאָר ניט וואָס צו טאָן מיט רעליגיעזע דאָגמעס אָדער מעטאַפיזישע פּרינציפּן. דאָס איז געווען דער פּסק־דין פון יידישן סאָציאַליזם.

מען מעג גאַנץ דרייסט אָננעמען אַז די וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר אָט דעם געדאַנק האָבן לכתחילה ניט איינגעזען די שוועריקייטן אין

וועלכע זיי האָבן זיך פאַרוויקלט. וואָרעם בלויז ווען מען שוועבט אין די הימלען פון אַבסטראַקציע קאָן מען, בנוגע דעם יידישן לעבן, גאַנץ רואיק אָפּטיילן רעליגיע פון וועלטלעכקייט. אָבער ווען מען וויל דאָס אויסבייטן אויף אַ פּראָגראַם וואָס דריקט זיך אויס אין אַ קאָנקרעטן לעבנסשטייגער דאַרף מען געניי אָנווייזן וואָס מען וויל, כדי מען זאָל וויסן וואו עס ענדיקט זיך דער „לאָוו דווקא" און וואו עס הייבט זיך אָן דער „יאָ דווקא". דערצו האָט עס אייגנטלעך געדאַרפט קומען, אויב דער אידייע וואָלט באַשערט געווען זיך צו אַנטוויקלען אויף אַ נאָרמאַלן אופן. ליידער איז דער וועג געווען אין גאַנצן אַן אַנדערער.

די צוויי גרויסע יידישע באַוועגונגען וואָס זענען געבוירן געוואָרן ביים סוף פון לעצטן יאָרהונדערט — „בונד" און ציוניזם — האָבן ביידע פאַרטראָטן די וועלטלעכקייט־אידייע, יעדע אויף איר אייגענעם אופן. ביים „בונד" איז דאָס געווען אַ מין אַפּיקורסישער נעגאַטיוויזם וואָס האָט אין עצם קנאַפּ וואָס געהאַט צו טאָן מיט זיין הויפּט־ציל, דעם סאָציאַליזם. זיין שטורמישע, ביטערע, גיפטיקע שנאה צו רעליגיע, אין אַלע אירע פאָרמען, איז דערגאַנגען ממש צו פּאַטאָלאָגישע מדרגות. פאַרוואָס דער יידישער סאָציאַליזם זאָל זיין אַזוי פאַרביסן אַנטי־רעליגיעז לאָזט זיך לחלוטין ניט דערקלערן מיט די פּראָצעסן פון יידישן לעבן גופא. איך רעכן אַז דאָס נעמט זיך דער עיקר פון צוויי דרויסנדיקע סיבות. ראשית, די יידישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די וויסנשאַפטלעכע אידייען פון ניינצנטן יאָרהונדערט. דעמאָלט איז אָנגעוואָקסן דער איבערגעטריבענער גלויבן אַז מיט די געזעצן פון פיזיק און כעמיע וועט מען אַלץ קענען דער־קלערן, אויף אַזאַ אופן איז רעליגיע בלויז אַ געירשנטער שטויביקער געמיש פון פּרימיטיווקייט, אַבערגלויבן און אַפילו שווינדל. והשנית, האָט אויך דער כאַראַקטער פון רוסישן סאָציאַליזם געהאַט זיין חלק איינפלוס. דער רוסישער סאָציאַליזם, אין זיין קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג, האָט געזען פאַר זיך די אָרגאַניזירטע רוסישע קירך ווי אַ טייל פון דער אַלגעמיינער דעספּאָטיע אין לאַנד, ווי אַ כוח וואָס גיט די סאַנקציע דער פּאָליטישער אָרדענונג, און שטרעבט זי צו באַפעסטיקן. איז דאָך קיין חידוש ניט וואָס דער קאַמף אַנטקעגן די ראָמאַנאָווס האָט זיך געמוזט אויסדריקן אין אַ ביטערער שנאה אַנטקעגן דער גאַנצער עטאַבלירטער רעליגיע.

די דאָזיקע געפילן און געדאַנקען האָבן די יידישע סאָציאַליסטן אַריבער־געטראָגן אָן שום טענות ומענות אין דער יידישער וועלט וואו זיי זענען ניט אויסגעוואָקסן, און צו וועלכער זיי האָבן זיך לחלוטין ניט געפּאַסט. איך שטעל מיר פאָר אַז ווען דאָס יידישע פאָלק וואָלט זיך נאָרמאַל אַנטוויקלט אין אַן אייגן לאַנד, וואָלט דער יידישער סאָציאַליזם זיך מער דערנענטערט צום געשטאַלט פון זיין ענגלישן ברודער, ווי צום רוסישן שטיף־ברודער.

אָבער דאָס איז דאָך ניט דער איינציקער פּונקט וואו אונדזער מזל ווערט ניט באַשטימט פון אונדז אַליין.

די שטעלונג פון ייִדישן סאָציאַליזם צו דער יידישער רעליגיע איז געווען נאָך ווייניקער צוגעפּאַסט צוליב דעם וואָס ביי אונדז איז בכלל ניטאָ קיין רעליגיע אין אייראָפּייאישן זינען פון וואָרט. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַזאַ געמיש פון גלויבן, פאָלקישקייט, נאַציאָנאַלע פרייד און צער, און היסטאָריש באַוואוסטזיין, אַז מען קאָן זיי בלויז איבערלעבן צוזאַמען, אָבער מען קאָן ניט נעמען די זעלביקע שטעלונג צו אָט די אַלע עלעמענטן אין ניכטערן ישוב הדעת. נאָר דער יידישער סאָציאַליזם איז ניט געווען קיין צו גרויסער מפונק ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אינווייניקסטע יידישע ענינים, ממילא איז זיין אַפּיקורסישער נעגאַטיוויזם געווען פון יענעם מין וואָס גיסט אויס דאָס וואַסער צוזאַמען מיטן קינד. אַ וועלטלעכקייט פון כמעט לויטער „ניינס" — צו ווייניק צו לעבן, און אַפילו ניט גענוג צו שטאַרבן ווי עס געהער צו זיין.

די שטעלונג פון ציוניזם צו רעליגיע איז תמיד געווען אַ נייטראַלע, אָבער אַ נייטראַלע מיט פולער אַכטונג צום רעליגיעזן לעבנסשטייגער, און מיט שטענדיקן באַוואוסטזיין ניט אַרויסצורופן קיין קאָנפליקטן מיט דער יידישער אָרטאָדאָקסיע. און דאָך איז דער ציוניזם אַ פיל געוואַגטערער עקספּערימענט אין וועלטלעכקייט איידער דער יידישער סאָציאַליזם. וואָרעם ציוניזם איז אין זיך גופא אַ פאַרזוך צו ראַציאָנאַליזירן אַ שטרעבונג פון פאָלק וואָס איז געווען דאָס האַרץ פונעם גאַנצן יידיש־רעליגיעזן אני מאמין. נעמען אַזעלכע לאָזונגען ווי „לשנה הבאה בירושלים", אָדער „אויסלייזן דאָס פאָלק פון גלות", און מאַכן פון זיי אַ נאַטירלעכן ציל, וואָס דאַרף דערגרייכט ווערן דורך נאַטירלעכע מיטלען — דאָס איז געווען ממש אַ רעוואָלוציאָנער־וועלטלעכער באַנעם פון דער יידישער פראַגע. דער פאַקט וואָס די פירער פון ציוניזם זענען פון די רעליגיעזע מהדרין מן המהדרין ניט געווען, האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן דעם וועלטלעכן כאַראַקטער פון דער דאָזיקער באַוועגונג.

ווי עס זעט אויס האָבן דאָס יידן גאַנץ גוט געפילט. וואָרעם מען דאַרף פאַרצייכענען דעם מערקווערדיקן פאַקט אַז די סאָציאַליסטישע אידייע, ווי אַ אידייע, האָט קיינמאָל ניט אַרויסגערופן קיין שנאה צו זיךביים פּשוטן ייִדן. דער גאַנצער כעס איז געקומען קעגן די „הפקר יונגען", די „אַפּיקורסים", די „מחללי שבת בפרהסיא"; וועגן דער אידייע גופא פלעגן יידן זאָגן אַז „יעדער ייד איז אַ ציצעליסט". אָבער די אַטאַקע אויפן ציוניזם מצד דער אָרטאָדאָקסיע איז ניט געווען געווענדט קעגן אַ טאַקטישן פּונקט, נאָר קעגן דער אידייע גופא, וואָס וויל „קאָנקורירן מיט משיחן". דעריבער איז לייכט צו פאַרשטיין אַז כאָטש דער ציוניזם האָט דירעקט זיך להלוטין ניט געמישט אין דער פּראָבלעם רעליגיע־וועלטלעכקייט, איז ער פונדעסטוועגן געווען אַזאַ ריזיקער

כוח אין צעטיילן דאָס יידישע לעבן אויף רעליגיעזע און וועלטלעכע מאָמענטן.

אויף אַזוי ווייט דרייט זיך די מחלוקה צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט בלויז אַרום אַ שטאַנדפּונקט, אַן אויפפאַסונג, אַ צוגאַנג. אָנגענומען אַז כדי צו זיין אַ ייד איז ניט וויכטיק אויסצופאָלגן די פּונקטן פון פאָרויס־אָוועק־געשטעלטן שולחן ערוך איבער וועלכן אַן אָרגאַניזירטע גייסטלעכקייט איז דער ממונה. אָנגענומען אַז די אַלע בערג דינים און הלכות און סיגים לתורה זענען ניט דער טעקסט אויף צו באַשטימען ווער עס איז יאָ און ווער ס׳איז ניט אַ טייל פון יידישן פאָלק, און אַז בכלל זענען ניט רבנים די וואָס דאַרפן זיין די פּוסקים אין אַזעלכע זאַכן. אָבער מען מוז דאָך מודה זיין אַז דאָס יידישע רעליגיעזע לעבן האָט אויך געשאַפן געוויסע פאָרמען, סימבאָלן, סימנים פון היסטאָרישער איינגעוועבטקייט אין דער יידישער קולטור. אָן דעם אַלעם קאָן דאָך אַ פאָלק קיין קיום ניט האָבן. עס איז דעריבער נאָך וויניק אַריינצו־ברענגען דעם וועלטלעכן שטאַנדפּונקט אין יידישן לעבן. אויב דאָס לעבן פון פאָלק, ווי אַ פאָלק, איז עמעצן טייער, דעמאָלט דאַרף זיין די אויפגאַבע צו שאַפן ניט בלויז אַ וועלטלעכן שטאַנדפּונקט, נאָר דער עיקר אַ וועלטלעכע יידישקייט. אָט לעבן צוויי גרופּעס יידן: אַ רעליגיעזע און אַ וועלטלעכע. ווי אַזוי עס לעבט זיך אויס די רעליגיעזע גרופּע ווייסן מיר. וועלטלעכע מענטשן האַלטן, ווייזט אויס, אַז דאָס איז ניט קיין מוז־זאַך, בכל אופן איז דאָס ניט קיין תנאי מוקדם אויף צו זיין אַ ייד ביי זיך אַליין אָדער אין די אויגן פון אַנדערע. אָבער בכלל, ווי זעט אויס, אָדער דאַרף אויסזען דאָס יידישע לעבן פון דער וועלטלעכער גרופּע? האָבן די פאַרטיידיקער פון וועלטלעכקייט פּרובירט אויסצומאָלן אַזאַ בילד?

טעאָרעטיש איז דער דאָזיקער ענין — זייער אַ קאַרדינאַלער און זייער אַ קריטישער ענין — כמעט ווי ניט אָנגערירט געוואָרן. מען האָט זיך אַלץ באַנוגנט מיט פעסטשטעלן פאָרמען פון דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון יידישן פאָלק, אָבער ניט פון זיין אינווייניקסט לעבן. די איינציקע פּראַקטישע רעזולטאַטן וואָס זענען יאָ דערגרייכט געוואָרן איז געווען דער נייער בליק אויף שפּראַך. דאָס יידישע פאָלק האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערע צאַרטקייט צו שפּראַך. די באַציאונג צו לשון קודש איז אין דער אמתן ניט געווען קיין באַציאונג צו אַ שפּראַך. לשון קודש איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ הייליקער אינסטרומענט וואָס מיט אים קאָן מען נענטער צוקומען צו העכערע וועלטן אָדער העכערע כוחות. די וועלטלעכע אויפפאַסונג פון יידישן לעבן האָט אין דעם פּרט געפירט צו אַ טיפער ענדערונג. די ציוניסטן האָבן פאַר־וואַנדלט לשון קודש אין אַ וועלטלעכן העברייאיש, און געשטרעבט אויפצולעבן די דאָזיקע שפּראַך אין ארץ ישראל. די סאָציאַליסטן — שפּעטער אויך די

פאָלקיסטן, און די וואָס האָבן זיי אַרומגערינגלט — האָבן דערהויבן די חשיבות פון יידיש און געפאָדערט פאַר דער שפּראַך דעם פּלאַץ פון אַ נאַציאָנאַלן קנין.

דער בליק אויף שפּראַך ווי אַן אויסדרוק אי פון באַוואוסטזיניקן אייגנ־אַרטיקן לעבן, אי פון באַוואוסטזיניקער זעלבסטפאַרטיידיקונג, איז זיכער געווען אַ נייס, און זייער אַ וויכטיקע נייס. אָבער די עצם עקזיסטענץ פון שפּראַך איז דורכויס פאַרבונדן מיט דער אַטמאָספערע וואָס ווערט פאַר איר געשאַפן. יידיש האָט געפירט אַ פולבלוטיק לעבן זינט דעם פופצנטן יאָרהונ־דערט אין מוראדיק רעכטלאָזע ישובים. יידיש ווערט פאַרשלונגען מיט אימהדיקער שנעלקייט אין איצטיקן סאָוויעטן פאַרבאַנד, ניט געקוקט אויף די רעכט פון וועלכע די גאַנצע יידישע קולטור געניסט אין יענעם לאַנד. די אַלע וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער וויכטיקייט פונעם וועלטלעכן בליק אויף שפּראַך האָבן, דאַכט זיך מיר, אָן אַ שיעור איבערגעטריבן די כוחות פון אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך ווען זי איז אַליין, ווען זי פונקציאָנירט אין אַ פּוסטן נאַציאָנאַלן חלל, ווען זי האָט זיך ניט צו שטיצן אויף אַ נאַציאָ־נאַלן טאָג־טעגלעכן לעבנסשטייגער. פונדעסטוועגן מוז מען מודה זיין, אַז בנוגע דעם פּונקט שפּראַך האָט זיך די טעאָרעטישע וועלטלעכקייט פאַרט דערנענטערט צו די פּראַקטישע אויפגאַבן וואָס אַזאַ בליק איז מחייב.

אמת, ד״ר זשיטלאָווסקי איז געגאַנגען אַ סך ווייטער. כאָטש מיר געפעלט ניט אין גאַנצן זיין פאָרמולע: „די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער יידישער רעליגיע״, דאָך האָט ער אין יענער עסיי אָפּט אָנגערירט דאָס סאַמע האַרץ פונעם ענין. אים גייט שטאַרק אין לעבן צו דערגיין: „ווי מאַכט מען אַז די פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע פאַקטאָרן זאָלן קאָנען בעסער קאָנקורירן מיט דער רעליגיעזער טראַדיציע? קאָן מען אפשר אויסנוצן די אַלטע פאָרמען פון דעם רעליגיעזן לעבן אַזוי אַז אין זיי זאָל אַריינגעגאָסן ווערן אַ נייער אינהאַלט, וואָס זאָל אַ ברעקל ניט גיין להיפוך צום פרייען געדאַנק? אפשר ליגט אין זיי גופא אַ געוויסער אינהאַלט וואָס קאָן לייכט אָפּגערייניקט ווערן פון אַלע איבערנאַטירלעכע צומישעכצן, וואָס האָט אָבער פונדעסטוועגן אין זיך גופא גענוג קראַפט צוצוציען צו זיך דעם ענטוזיאַזם פון פאָלק?״ גייענדיק אויף אָט דעם וועג קומט ד״ר זשיטלאָווסקי צום באַשלוס אַז מען דאַרף אויסרייניקן יידישע רעליגיעזע הייליגטימער פון אָפּענעם פסולת, און „די אויסגעלייטערטע הייליגטימער דאַרפן ווערן דער פונדאַמענט פון אַ פריי־רעליגיעזן לעבן פאַר יעדן יידן וואָס וויל זיין סאָלידאַריש מיט די שיקזאַלן און נויטן, ליידן און האָפנונגען פון זיין פאָלק״. עס דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן אַז אָט די הייליגטימער זענען, לויט ד״ר זשיטלאָווסקין פון דריי סאָרטן: הייליקע פּערזאָנען, הייליקע ערטער און הייליקע זאַכן, און אין זיי אַלע קאָן אַריינגעגאָסן ווערן אַ וועלטלעכער אינהאַלט.

די דאָזיקע פיינע עסיי ליידט דאַכט זיך מיר פון צוויי חסרונות. ערשטנס,

דער צוגאַנג צו טראַדיציאָנעלער יידישקייט איז אַזאַ ווי זי וואָלט געווען אַ רעליגיע אין קריסטלעכן זינען פון וואָרט. דאָס שוואַכט אָפּ די גאַנצע עכטע המשכדיקייט וואָס צווישן דעם פרימסטן און דעם וועלטלעכסטן לעבנסשטייגער, אויף וויפיל זיי פאַרמאָגן ביידע אין זיך נאַציאָנאַל־דערהאַלטנדיקע פאַקטאָרן. צווייטנס, לייגט ד״ר זשיטלאָווסקי צופיל טראָפּ אויף די פּאָעטיש־עסטעטישע ווערטן, און צו ווייניק אויף די ריין נאַציאָנאַלע, אויף דעם „זיין סאָלידאַריש מיט די שיקזאַלן און נויטן, ליידן און האָפענונגען פון פאָלק״.

נאָך אַ מאָמענט דאַרף שטאַרק אונטערגעשטראָכן ווערן. זשיטלאָווסקיס קאַמף פאַר יידיש האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט זינט ער האָט אים אָנגעהויבן. זינט דעמאָלט האָבן אַ סך שרייבער און באַוועגונגען זיך איינגעשטעלט פאַר יידיש, און עס איז געבוירן געוואָרן אַ „יידישיזם״. אָבער די „נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט״ איז אַ טעמע וואָס גאַנץ ווייניק שרייבער האָבן אָנגערירט, און ד״ר זשיטלאָווסקי אַליין, וואָס דאָס איז גאָר ניט זיין טבע, האָט זיך צו איר מער ניט אומגעקערט. דאָס אַליין איז גענוג מיר זאָלן איינזען דאָס מזל פון דער דאָזיקער פּראָבלעם. ניט געקוקט אויף דעם וואָס מיר זענען שוין אַזוי נאָענט צוגעקומען צום האַרץ פונעם עניך, זענען מיר אָבער פּאַקטיש נאָך אַלץ געבליבן ביי אַריינבברענגען וועלטלעכע עלעמענטן אין אונדזער יידישקייט, און זיך אַפילו נאָך ניט צוגערירט צו דער גראַנדיעזער אויפגאַבע פון אַריינבלאָזן אַ יידישן אָטעם אין אונדזער וועלטלעכקייט.

די דאָזיקע נויט האָט זיך צום שאַרפסטן אָנגעהויבן פילן ווען עס איז געבוירן געוואָרן די מאָדערנע יידישע שול. אַ שול איז אַן אָרגאַניזירטע אינסטיטוציע מיט זייער פּראַקטישע אויפגאַבן. דאָ קען ניט גילטן סתם וועלטלעכקייט, אַפילו די אייגענע שפּראַך איז נאָך אין זיך אַליין צו ווייניק צו שאַפן דעם אינהאַלט און די אַטמאָספערע פון נאַציאָנאַלער דערציאונג. אַ יידישע שול, כדי זי זאָל זיין אַ יידישע, מוז דאָך אויסנוצן מאַטעריאַלן פון אַ געוויסן כאַראַקטער, מוז דאָך אויסוועבן אין דער קינדערשער פּסיכיק אַ נאַציאָנאַל־היסטאָריש באַוואוסטזיין, מוז דאָך איר אייגענע באַזונדערע עקזיס־טענץ אָנשפּאַרן אויף אַן אַרומיקער פּאַראַנענער ספּעציפישער ספערע. היינט אויב די וועלטלעכע יידישקייט האָט קיין אייגן געשטאַלט ניט געשאַפן, אויף וואָס קאָן זיך סומך זיין אַ לעבעדיקע יידישע שול וואָס וויל זיין וועלטלעך?

דערווייל האָט מען זיך געכאַפּט אַז בעת די פריערדיקע וויכוחים זענען אָנגעגאַנגען איז אויסגעוואַקסן אַ נייער כוח אין אונדזער לעבן, אַ וועלטלעכער כוח פון עכטן יידישן אינהאַלט. איך האָב דאָ אין זינען די יידישע ליטעראַטור. פאַר אַ וועלטלעכער שול וואָס קאָן ניט ציען איר יניקה פון אַן אָרגאַניזירט און פול־פאָרמיק לעבן, איז דאָס ממש געווען אַן אבן טוב. עס איז גאַנץ נאַטירלעך אַז אַלע לערנביכער זאָלן אָנגעפילט ווערן מיט מוסטערן פון דער יידישער ליטעראַטור. עס איז אָבער שוין ניט אַזוי נאַטירלעך אַז אַלע שולן

זאָלן טראָגן נעמען פון מאָדערנע ייִדישע שרייבער. נאָך ווייניקער נאַטירלעך איז דאָס וואָס די ווענט פון אונדזערע שולן זענען באַצירט מיט בילדער כמעט אַלע פון מאָדערנע ייִדישע שרייבער. ווען איר דערמאָנט זיך אַז דאָס פאָלק איז אַלט טויזנטער יאָרן, און דער עלטסטער פון די מאָדערנע שרייבער איז געשטאָרבן ערשט מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען מען טראַכט וועגן די דאָזיקע צוויי ציפערן זעט מען ערשט די מאָדנעקייט פון דער לאַגע. אָפט קאָן זיך אַ פרעמדן אויסדוכטן אַז דאָס זענען ניט קיין שולן נאָר ליטעראַטור־קלובן. ניטאָ קיין גלייכן דערצו אין די שולן פון קיין שום אומה ולשון. בלויז ווען מען זעט איין די ראָלע פון דער מאָדערנער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור אין אַ סביבה וואָס וויל זיין וועלטלעך און וויס ניט ווי אַזוי, בלויז דעמאָלט קאָן מען פאַרשטיין פאַרוואָס עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ מאָדנע סיטואַציע.

דאָס שטרייכט ווידער אונטער דעם געדאַנק אַז די ייִדישע שול האָט ווילנדיק, און אַפילו ניט ווילנדיק, ניט געקענט זיין סתם וועלטלעך. אָבער אַזוי ווי קיין וועלטלעכע ייִדישקייט פון וואַנען צו שעפּן יניקה איז ניט געווען, האָט די שול זיך געמוזט באַמיען אַליין צו שאַפן כאָטש אַ סוראָגאַט דערפון. ווינציקסטנס האָט זי געמוזט דערנענטערן די צוויי עלעמענטן, כדי פון „ייִדיש" און פון „וועלטלעך" זאָל כאָטש ווערן אַ „ייִדיש־וועלטלעך". אַזוי האָבן זיך טאַקע גערופן, און רופן זיך נאָך אויך איצט, אַ סך שולן אויף יענער זייט ים. אין אַמעריקע האָבן זיי זיך לכתחילה גערופן „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַל", וואָס באַטייט דאָך אייגנטלעך די זעלביקע זאַך.

עס איז נאַטירלעך גאַנץ טרויעריק אַז אַ שול זאָל דאַרפן אויף זיך נעמען די אחריות פון שאַפן לעבנס־פאָרמען. דאָס איז ניט געווען, קען ניט זיין, די עובדא פון אַ שול, און ניט אויף דעם וועג קאָן קומען די ישועה. אָבער ווי זאָגט מען דאָס: בזמן שאין פיש, גם ראַק פיש, און אַ שול קאָן קיין קיום ניט האָבן, סיידן זי פונקציאָנירט ווי אַן עכטער אויסדרוק פון פאָלקישן לעבנס־דראַנג.

אין אַמעריקע — וואו די ערשטע בויער פון אונדזערע שולן האָבן די דאָזיקע פּראָבלעם באַנומען טיפער און אחריותדיקער — האָט זיך דאָס אַ סך שאַרפער אַרויסגעוויזן. די שול האָט זיך באַמיט צו שאַפן פאָרמען פאַר עפנטלעך פייערן דאָס רוב ייִדישע יום טובים, כאָטש אין לעבן גופא האָט געהערשט עפּעס אַ מאָדנער פּלאָנטער אינעם אויסדרוק פון ייִדישן יום טוב. די ערשטע לערנביכער האָבן אַנטהאַלטן פסוקים פון תנ"ך, געדאַנקען־רייכע מאמרי חז"ל, און אויסצוגן פון מדרשים. די קלאַסיפיקאַציע פון די לערנביכער איז געבויט געווען אויף טעמעס פון ייִדישן לעבן.

אויף יענער זייט ים איז די געשיכטע פאַרגעקומען אַביסל אַנדערש. דאָרט וואו וועלטלעכקייט האָט זיך לכתחילה אויסגעדריקט אין אַ מין אינפאַנטילישן אַפּיקורסישן נעגאַטיוויזם, איז באמת געווען ניט אַזוי לייכט זיך

איבערצובעטן מיטן גייסט פון אַ שול וואָס וויל אויך זיין יידיש, אַפילו אין „וועלטלעכסטן" זינען פון וואָרט. דאָרט, שטעל איך מיר פֿאָר, האָט געמוזט אַ סך ווירקן דאָס וואָס פּאָלקיסטן האָבן געדאַרפֿט אַריינגיין אין שותפות, און מען האָט געמוזט שאַפֿן כאָטש אַ שטיקל באָדן אויף וועלכן דאָס זאָל מעגלעך זיין.

בקיצור, עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ וועג פֿאַר אַ ווייטערדיקער העכערער מדרגה אין דער אַנטוויקלונג פון דער גייסטיקער פיזיאָנאָמיע פון אונדזער סביבה. אָנגעהויבן מיט סתם וועלטלעכקייט זענען מיר איצט צוגעקומען צו אַ ווייטערדיקן טראָט, צו יידיש־וועלטלעך, וואָס איז געבוירן געוואָרן דער עיקר אין דער יידישער שול. איצט וואָלט על־פּי יושר געדאַרפֿט קומען די לאַנג־געהאָפֿטע אויסגעטראָטענע וועלטלעכע יידישקייט. דאָס וואָלט געליי־טערט און דערהויבן דאָס גאַנצע געשטאַלט פון דער יידיש־וועלטלעכער סביבה. דאָס וואָלט קלאָרער אויסגעדריקט דעם זינען פֿונעם נאַציאָנאַלן לעבן אונדזערן. אָבער — שווער צו זיין אַ ייד. דער דאָזיקער נחת איז אונדז דערוויילע נאָך ניט באַשערט געווען.

געווען אַ סך מניעות וואָס עס וואָלט פֿאַרנומען צופיל פּלאַץ זיי אַלע אויסצורעכענען. דאָס האָט אויך געפֿירט דערצו אַז די גאַנצע פּראָבלעם זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן מיט אַזאַ „קול דממה דקה" אַז זי האָט ניט געקאָנט דערגרייכן די אויערן פון דער עפֿנטלעכקייט. פֿאַרגלייכט דאָס מיטן אופֿן אויף וועלכן מיר האַמערן וועגן יידיש, דעם יידישן בוך, אָדער דער יידישער שול, און די נפקא מינה וואַרפֿט זיך גלייך אין די אויגן. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע מיט איר ווילדער אַנטי־רעליגיעזער שכרות האָט ווידער אויפֿ־געלעבט די אַמאָליקע אינפֿאַנטילישע אַפּיקורסות, און אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט אויפֿן וועג פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אַ וועלטלעכער יידישקייט. די קאָמוניסטן האָבן די גאַנצע יידישע געשיכטע אַרויסגעוואָרפֿן פון די שולן. אין אַנדערע שולן איז יעדער יידישער יום־טוב געשטאַנען אונטער אַ חשד. לערנביכער האָבן זיך אַלץ מער גענומען באַפֿרייען פון יעדן יידישן אינהאַלט. „סאָציאַל" און „נאַציאָנאַל" זענען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ סתירה, און דער גייסט פון דער צייט האָט געפֿאָדערט מען זאָל זיך פֿונעם צווייטן אין גאַנצן אָפּשאָקלען. די פּראַזע „יידישע קולטור" איז געוואָרן אַ לעכערלעכער קרומער שפּיגל פֿונעם לעבן פון אַ פֿאָלק. די וואָס האָבן מיט ווערטער און מעשים רעוואָלטירט אַנטקעגן דעם דאָזיקן געפֿערלעכן דרך האָבן געלעבט אין אַ ספֿערע פון טעראָר, און באַוואָרפֿן געוואָרן מיט די שטיינער פון „רעאַקציע" און „פֿינצטערביש". די שוואַכערע זענען געוואָרן מאַראַנען, און זיך באַפֿרי־דיקט מיט אַביסל יידישער לופֿט אין די פֿאַרבאָרגענע קעלערס פון אייגענעם האַרצן. די פּראָבלעם פון וועלטלעכער יידישקייט האָט ווי אַ פֿאַרברעכער געציטערט פֿאַר דער פרייער, לעגאַלער עפֿנטלעכקייט.

איצט האָט עפּעס אַ פֿאַרבאָרגענע האַנט ווידער פֿאַרריכט דעם צעבראָ־

כענעם זייגער פון אונדזער סביבה. אמת, מיר הערן אַזוי אָפט ווי ער שלאָגט נאָך אַלץ דרייצן, אָבער ער האָט אָנגעהויבן גיין. די געשוואָרענע נעגאַטיוויסטן פון יידישן לעבן האָבן אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ הייזעריק קול. פון די נאָטיצן אין די צייטונגען געפין איך אויס אַז יידישע יום טובים ווערן שוין געפייערט אַפילו דאָרט וואו מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען דאָס ניט געוואַגט. שמועסן מיט איינצלנע מענטשן באַשטעטיקן מיין איינדרוק אַז אין דער פּראַקטיק האָט זיך דאָס פאַרשלאָפענע „פּינטעלע ייד" צוריק דערוועקט.

אמת, מען קאָן נאָך דאָ און דאָרט אויפכאַפּן אַן עכאָ פון דער אַלטער פערוועזער אויפפאַסונג פון וועלטלעכקייט. אָט, למשל, שרייבט אַ לערער ערשט אין מערץ נומער פון „אונדזער שול" כהאי לשנא: „די גרעסטע צאָל לערנביכער אונדזערע האָבן אַפילו מיט וועלטלעכקייט גאָר ניט וואָס צו טאָן. דעם וויכטיקסטן אָרט אין זיי פאַרנעמען די כלי קודש טיפּן אין ראָמאַנטישע פּאָזעס . . . דאַן גייען יידישע יום טובים, דערנאָך חדר און ישיבה, און ועל כולם די אַלטע היים שבת־קודשדיק פאַרהייליקט". אָבער דאָס איז בלויז אַ נאָך ניט אויסגעטריקנטער שפּיי פון אַמאָליקער משכילישער אַפּיקורסות, אַ שפּיי וואָס האָט אין יענע טעג געגאָלטן ווי די איינציקע דעפיניציע פון וועלטלעכקייט.

און ווי זאָגט דער דיכטער: „עפּעס איז די לופט מעוברת", דערווייל בלויז די צעשוואומענע, טאָג־טעגלעכע לופט. טעאָרעטיש זענען מיר נאָך דערצו ניט דערגאַנגען. קיין הילכיקע שטים וואָס זאָל וועקן די עפנטלעכע מיינונג ווערט נאָך אַלץ ניט געהערט. קיין אָרגאַניזירטער כוח וואָס זאָל קלייבן די ברעקלעך און אָנהייבן בויען דאָס גאַנצע איז נאָך ניטאָ. דער וועג איז געווען אַ געדרייטער, אַ זיגזאַגישער. מיר האָבן אָנגעהויבן מיט סתם וועלטלעך, אַריבער צו יידיש־וועלטלעך. איז פּלוצלונג געקומען אַ שטורמווינט און גע־טריבן צוריק צו סתם וועלטלעך. איצט קערן מיר זיך אום, ווידער אויפן אַמאָליקן וועג, אָבער מיט אַ טיפער באַוואוסטזיין פון דער קריטישער ערנסט־קייט פון דער פּראָבלעם.

דער קאַמף פאַרן קיום פון יידישן פאָלק אין די לענדער פון אונדזער צעשפּרייטקייט איז אַ צו שווערער אַז מיר זאָלן זיך קאָנען באַנוגענען מיט שפּראַך און שפּראַך־באַוואוסטזיין. בלויז אַ לעבנס־שטייגער קאָן שאַפן די סימבאָלן, מנהגים און פייערלעכע געלעגנהייטן וואָס זאָלן אונטערשטרייכן אַז מיר זענען אַ טייל פון אַ היסטאָרישער און עקזיסטירנדיקער גאַנצקייט, מיט האָפענונג, און טרייסט, און פרייד, און צער, וואָס בינדן אונדז צונויף, וואָס זענען אונדזער לעבן. די צייט איז איצט רייף פאַרן ווייטערדיקן טראָט, פאַר אַ וועלטלעכער יידישקייט וואָס זאָל געבן פאָרם און זינען דעם יידישן לעבן פון יעדן יחיד פונקט ווי פונעם כלל. אויב אַזאַ באַוועגונג וועט געבוירן ווערן וועט זי אָנצינדן אַ ניי און פריידיק ליכט אין דער יידישער וועלטלעכער סביבה.

(1937)

# גאָט, און אַזוי ווייטער

1

מען דאַרף ניט האָבן קיין טביעת־עין פון אַ צו־גרויסן תלמיד־חכם, כדי אויפצוכאַפּן דעם גאַנג פון צוויי היפּוכדיקע פּראָצעסן אינעם יידישן לעבן אין אַמעריקע. פון איין זייט זעען מיר אַן אָפּגעקילטקייט צו יידישע אינטערעסן, אַ גלייכגילטיקייט צו יידישע טראַדיציעס און אַ כסדרדיקע פאַרשמעלערונג פונעם איינפלוס פון יידישע אינסטיטוציעס, פון דער אַנדער זייט פּאָרט אַ דערנענטערונג, אַ זוכן וואַרעמקייט און ליכט אין דער ירושה, וואָס ישראל־סבא האָט אונדז געלאָזן. ווי גרויס זענען די צאָלן, וואָס יעדע פון די דאָזיקע טענדענצן נעמט אַרום? מיר האָבן אַפילו קיין זיכערע מיטלען ניט דאָס צו דערגיין. אָבער עס לייגט זיך אויפן שכל, אַזביידע האָבן אַ גאַנץ אינטימע שייכות צווישן זיך. וואָס מער עס דערווייטערן זיך די וואָס ווערן געטריבן צום ראַנד פון אונדזער לעבן, אַלץ מער טוליען זיך צו צו אונדז די וואָס געפינען זיך אין צענטער. דאָס איז נאַטירלעך, מענטשלעך. אָבער וויכטיק איז צו וויסן, אַז אין ראַדיקאַלן ווינקל אונדזערן האָט דער פּראָצעס פון דערנענטערן זיך אָנגענומען זייער בולטע פאָרמען, באמת אַזוי בולט, אַז מען קאָן עס קלאָר דערזען ניט בלויז ביי די, וואָס זאָגן עס אָפן און שטרייכן עס אונטער, נאָר אַפילו ביי די וואָס שווייגן, וואָס זעען אויס כלומרשט גלייכגילטיק, אַפילו ביי די וואָס זאָגן, אַז זיי שרעקן זיך פאַר דער אויפגעקומענער „רעאַקציע".

אינגאַנצן מיט עטלעכע יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען עפנטלעך צו פּאָלעמיזירן מיט אַ פירער פון אַ קולטור־אינסטיטוציע, צי מען מעג באַנוצן אַזאַ אויסדרוק ווי „דאָס יידישע פאָלק". ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון אַ פרומען רב, פון אַ יידישן באַנקיר, פון אַן ענג־האַרציקן נאַציאָנאַליסט, פון אַ גלות־סאָציאַליסט, און געפרעגט: ווי קאָן מען זיי אַלע אויסמישן אין איין קאַשע פון „יידישן פאָלק"? אָבער היינט, ווער וועט היינט שטעלן אַזעלכע קלאָץ־קשיות? יידישע טראַדיציעס רופן מער ניט אַרויס די ביטערקייט, דעם שוימיקן כעס ווי דאָס פלעגט זיין אַמאָל. יאָ, איר מעגט היינט באַנוצן אַזאַ וואָרט ווי גאָט אַפילו אויף דער ראַדיקאַלסטער פאַרזאַמלונג, קיינער וועט ניט מאַכן קיין מינע ווי ביים טרינקען אַן איבלדיקע מעדיצין.

ווען מען וויל קלאָר פאַרשטיין וואָס דאָ קומט אייגנטלעך פאָר, נעמט מען זיך אָפּט צו אַנאַליזירן די שרייבער, וואָס דריקן אויס אין אַרטיקלען און ביכער דעם דאָזיקן געביטענעם קלימאַט. אָבער גראַד דאָ איז דאָס ניט קיין גוטע מאָס. אין דער אמתן איז כמעט קיינער פון די דאָזיקע שרייבער ניט

קיין בעל־תשובה. נעמט, למשל, דעם עקסטרעמסטן, חיים ליבערמאַן. שוין אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן (דאַכט זיך, אַז נאָך פריער), האָט ער אָנגעשריבן אַ בראָשור, וואו ער ווייזט ווי נייטיק עס איז אַריינצוברענגען די ווערטן פון דער יידישער רעליגיע אין דער דעמאָלטיקער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַ־לער שול. ד״ר זשיטלאָווסקי איז אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן פון אָט דעם פאָרשלאָג, אַז אין אַ רעצענזיע, וואָס ער האָט באַטיטלט „נאַציאָנאַל־קלעריקאַל״ דערציילט ער, אַז ער האָט דאָס ביכל אַרונטערגעוואָרפן אונטערן טיש. איך בין זיכער, אַז היינט וואָלט ד״ר זשיטלאָווסקי ניט פאַרלוירן אַזוי שטאַרק זיין פילאָסאָפישע רואיקייט און וואָלט אַזאַ ביכל ניט דן געווען ל׳אונטערן טיש. פאַרקערט, היינט טענהט ד״ר זשיטלאָווסקי, אַז אַלע איצטיקע געדאַנקען און שטימונגען אין שייכות צו אונדזערע טראַדיציאָנעלע ווערטן קאָנען, דאַכט זיך אים, צוריקגעפירט ווערן צו זיין „נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער יידישער רעליגיע״. בכל־אופן איז אין די געזעלשאַפטלעכע פאָדערונגען פון חיים ליבערמאַנען די ענדערונג ניט פאַרגעקומען.

איך וואָלט עפּעס ענלעכס געקאָנט זאָגן וועגן די אַנדערע שרייבער, וואָס ווערן געוויינטלעך ציטירט. איך וואָלט עס זיכער געקאָנט זאָגן וועגן זיך אַליין, ווען עס וואָלט ניט געווען פריקרע צו מאַכן זיך אַליין פאַר אַ טעמע. איך שטעל זיך אָפּ אויף אָט־דעם פּונקט ניט כדי צו קאָמפּלימענטירן די שרייבער פאַר זייער אויסגעהאַלטנקייט, אָדער פאַר דעם וואָס זיי האָבן זייערע מיינונגען ניט געביטן. דאָס איז ניט אַלעמאָל אַ מעלה, זיכער ניט אין אַזעלכע אומרואיקע צייטן ווי היינט. עס איז אויך קיין שום חרפה ניט צו זיין אַ בעל־תשובה, אַמאָל זענען אַזעלכע באמת גרעסער ווי צדיקים גמורים. איך דערמאָן דאָס בלויז כדי קלאָר צו מאַכן דעם כאַראַקטער פון דער געביטענער אָט־מאָספערע ביי אונדז.

דאָס וואָס מען לייענט און מען הערט איצט איז בדרך־כלל ניט ניי. די נפקא־מינה איז בלויז אין דעם, וואָס אַמאָל איז דאָס געזאָגט געוואָרן זעלטענער, מילדער, די ווענט אַליין האָבן דעמאָלט עדות געזאָגט, אַז מען טאָר אַזעלכע זאַכן ניט רעדן דרייסט און מיט אַ פולער שטים. וואָרעם די השכלה, מיט אַלע אירע מעלות, האָט אונדז אויך געלאָזן אַן אומגליקלעכע ירושה. דאָס האָט זיך שפּעטער פאַרשפּיצט אין דער צעשפּאַלטונג צווישן „רעליגיע״ און „וועלטלעכקייט״, אַ געדאַנק וואָס האָט אָנגעטאָן אַן אומגעהייערן קולטור־שאָדן אין אונדזער לעבן. פון אָט דעם קוואַל האָט זיך דערטראָגן צו אונדז אַן אַפּיקורסות, וואָס איז אָפט געווען קינדיש־נאַאיוו, טיילמאָל פשוט נעווראָטיש. אָבער פּלוצלונג האָט זיך אינעווייניק עפּעס אָפּגעריסן. דאָס צינגל פון דער וואָג־שאָל האָט גענומען ציען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. דאָס אַלץ איז געשען אָן געהעריקער טעאָרעטישער צוגרייטונג. דאָ האָבן אפשר אינגאַנצן ניט געווירקט ניט קיין רייד און ניט קיין ביכער. עפּעס

איז פאַרגעקומען אין לעבן, וואָס האָט צעשאָקלט דעם אינערלעכן איינשטעל און געצוואונגען זיך צו פאַרטראַכטן.

2

אין אַלגעמיין זענען, דאַכט זיך מיר, פאַראַן דריי מאָטיוון, וואָס האָבן געטריבן צו די נייע שטימונגען אין אונדזער סביבה. ערשטנס, און אויף אַן אומדירעקטן אופן, נעמט זיך עס פונעם געביטענעם אינטעלעקטועלן קלימאַט, וואָס קומט פון די נייע ריכטונגען אין דער מאָדערנער וויסנשאַפט. די וויסנ־שאַפט פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָט געבלענדט מיט איר זיכערקייט און מיט די אַמביציעזע הבטחות צו באַהערשן יעדעס ווינקל פון וועלט און לעבן. זי איז געווען געבויט אויף דער הנחה, אַז עס איז פאַראַן אַן אַבסאָלוטע ענדגיל־טיקע מאַטעריע, וואָס באַוועגט זיך מיט אַן איבערגעחזרנדיקער רעגולערקייט לויט אירע אייביקע געזעצן פון סיבות און פועל־יוצאס. דער דאָזיקער געדאַנק איז אָפּגעפרעגט געוואָרן ביז זיינע טיפסטע פונדאַמענטן. ניט בלויז זענען די אַמאָליקע זיכערקייטן צעטרייסלט געוואָרן, נאָר עס זענען בכלל אַוועקגע־שטעלט געוואָרן גרענעצן און באַגרענצונגען פאַר דער וויסנשאַפט. קיינער קאָן ניט אָפּפרעגן די פראַקטישע און טעאָרעטישע וויכטיקייט פונעם וויסנ־שאַפטלעכן דרך, נאָר מען טאָר קיינמאָל ניט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז וויסנשאַפט איז בלויז איין פעלד פון מענטשלעכער דערפאַרונג, און דאָרט הערשט און דאַרף הערשן איר אייגענער אמת. אַפילו דאָס וואָס ווייטהעד רופט „וויסנ־שאַפטלעכער מאַטעריאַליזם" קאָן דאָרט זיין אַ נייטיקע און ניצלעכע הנחה, ניט געקוקט אויף דעם וואָס אַ מעטאַפיזיקער קאָן האָבן ערנסטע טענות קעגן אַזאַ הנחה. אָבער אויף יענער זייט פון די דאָזיקע גרענעצן זענען פאַראַן וועלטן, צו וועלכע די עצם־מעטאָדאָלאָגיע פון דער וויסנשאַפט קאָן קיין צוטריט ניט האָבן, און אירע רעזולטאַטן קאָנען צו יענע מענטשלעכע דערפאַרונגען גאָרניט מוסיף זיין און גאָרניט פון זיי אַראָפּנעמען.

מען דאַרף זיך גאָרניט חידושן ווען אַזאַ איפּרייס אין מענטשלעכן געדאַנק בייט גרינטלעך דעם גאַנצן געמיט־צושטאַנד פון די, וואָס זענען שוין אַזוי זיכער געווען, אַז „קיין דופק איז ניטאָ". די וואָס „אַפּיקורסות" איז ביי זיי ניט געווען קיין פּראָגראַם און ניט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סימבאָל פון פרייהייט, אָדער פּראָגרעס, און דאָסגלייכן, ביי זיי האָט נאַטירלעך געמוזט אַביסל ווייכער ווערן דאָס האַרץ צו די באַגריפן און לעבנס־אופנים פון פריער־דיקע דורות. אַזעלכע געביטענע שטימונגען זענען פאָרגעקומען ביי דער אינטעליגענץ פון אַ סך פעלקער. איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דאָס זאָל אויך טרעפן ביי יידן. איך מיין אָבער, אַז דער דאָזיקער מאָטיוו איז דער שוואַכסטער און אומדירעקטסטער אין די געשעענישן וואָס ווערן דאָ באַטראַכט.

דער צווייטער מאָטיוו איז אונדזער אימיגראַנטיש לעבן אין אַמעריקע. איך באַנוץ דאָ דאָס וואָרט „אימיגראַנטיש" אין אַ גאַנץ ספּעציעלן זינען. איך מיין מענטשן, וואָס האָבן זייער קינדהייט און יוגנט — יענע יאָרן וואָס פּילן אָן אונדזער נשמה מיט אַזויפיל וואָרצלען און שטאַמען אויפן גאַנצן לעבן — געלעבט אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט, דער עיקר אין אַ יידישער, אָבער אויך אין אַן אַנדער ניט־יידישער וועלט, און פּלוצלונג האָט עפּעס אַ האַק דורכגע־בראָכן די דאָזיקע אינטימע לעבנס־פאַרבינדונג און מיר זענען פאַרוואָרפן געוואָרן אין אַ פרעמדער וועלט, וואָס איז לאַנג־לאַנג געווען „ניט צו דער האַנט". און ווי שטאַרק מיר האָבן ניט איינגעזאַפּט אין זיך די נייע לופט, זענען מיר אַלץ געבליבן מענטשן מיט אַן „אַלטער היים".

מיר טראָגן אָט די „אַלטע היים" אויף די ליפּן, אין האַרצן און, פּסיכאָלאָגן וואָלטן צוגעבן: „אויב ניט נאָך העכער".

איז אין די ערשטע צייטן, אין פּראָצעס פון צופּאַסן זיך, פון באַלאַנסירן אין זיך די אינערלעכע צעטרייסלטקייט, האָבן מיר גאָרניט אַזוי קלאָר באַמערקט די ניט־פולע האַרמאָניע צווישן די נייע צווייגן און די אַלטע שטאַמען. אָבער ווען מען ווערט שוין באַוואוסטזיניק אַן איינגעפונדעוועטער תושב: אין דער נייער היים, באַווייזט זיך אויף יענער זייט באַוואוסטזיין די אַלטע היים, זי באַקומט פון דערווייטנס נאָך מער גאַנצקייט און פּערזענלעכקייט ווי אין אָריי־גינאַל, און אין ליכט פון אירע שיינקייטן און אַנדערע מעלות זעט מען עפּעס אַ פּוסטקייט דאָ אַרום. אַ ייד מיט אַ סענסיטיווער נאַטור, ווער שמועסט נאָך ווען ער האָט אין זיין קינדהייט און יוגנט אַביסל מער איינגעזאַפּט די פיינערע לופט פון אונדזער אַמאָליק לעבן, אַזאַ ייד וועט, אפשר נאָך מיט אַ געפיל פון חרטה, זיך איבערבעטן מיט די אַלטע פאַרוואָרפענע ווערטן. ער וועט צוזאַמען מיט אפרים אויערבאַכן דערזען אַז „לויטער איז דער אַלטער קוואַל".

אין די פריערדיקע צוויי פאַלן זענען די מאָטיוון מער פון אַ פּערזענלעכן סאָרט. עס איז אָבער פאַראַן נאָך אַ פאַקטאָר, וואָס פאַרמאָגט בלי־ספק אַ סך מער קראַפט און וויכטיקייט. מיר זענען געקומען אַהער, געבויט אַ יידיש לעבן, זיך באַזאָרגט מיט אינסטיטוציעס פון פאַרשיידענע סאָרטן, געבוירן קינדער און געהאָפט זיי מגדל צו זיין לתורה, לחופה ולמעשים טובים. זענען די קינדער אויסגעוואָקסן, געוואָרן רייף, האָבן מיר זיי באַטראַכט אַלע צוזאַמען ניט ווי קינדער, מיינע, יענעמס, נאָר ווי אַ דור, דעם נייעם יידישן דור. האָבן מיר דערזען דעם דור וואָס דאַרף פאַרנעמען אונדזער פּלאַץ איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, זיך באַגעגנט מיטן נייעם דור פּנים־אל־פּנים, זיך באַגעגנט און זיך דערשראָקן. עפּעס האָט אָנגעהויבן צו עגבערן אַ ספק אין דעם ווי אַזוי זיי וועלן זיך באַגיין מיט דער יידישער ירושה וואָס מיר וועלן זיי איבער־לאָזן.

האָבן מיר זיך צייטנווייז געטרייסט. דורות גערעכטן ניט אויין איינער

אין צווייטן. מיר זענען אויך ניט אַזוי ווי אונדזערע עלטערן האָבן געוואָלט מיר זאָלן זיין. אָבער וואָס מער מיר האָבן געקוקט אויפן נייעם דור, אַלץ ווייניקער האָבן זיך איינגעשטילט אונדזערע ספקות. עס האַנדלט זיך ניט וועגן דעם וואוקס פון אַ נייער יידישקייט. ניט דאָס שרעקט אונדז. מיר באַמערקן ביים נייעם דור, אַז די צוגעבונדנקייט צו אונדזער פאָלק, אויף וואָסער אופן דאָס זאָל ניט זיין, ווערט שוואַכער, לויזער. עפּעס ווערן צופיל „ביאָלאָגישע" יידן, וואָס זענען ניט אין דער זעלביקער צייט קיין קולטורעלע יידן. אָבער יידן וואָס זענען ניט קיין קולטור־שאַפנדיקער אָרגאַניזם זענען דאָך קיין פאָלק ניט. וואוהין קאָן דאָס פירן?

מיר האָבן איינגעזען גרויסע סכנות פאַר אונדזער קיום, און זוכן מיטלען וואָס זאָלן אונדז געבן יענע אינערלעכע פאָלקישע זיכערקייט וואָס אָן דעם ווערט דעם קולטור־יידן אַזוי שווער דאָס גייסטיקע לעבן. עס איז נאַטירלעך אַז זוכנדיק אַזעלכע מיטלען זאָלן זיך אויג און נשמה ווענדן אַהין וואו דאָס איז אַמאָל געווען, אַהין וואו מיר האָבן אויסגעשמידט אונדזער פאָלקישן שוץ־פאַנצער אין די טראַגישסטע צייטן פון אונדזער געשיכטע. אָט אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער אינערלעכער אומקער צו יידישע טראַדיציאָנעלע ווערטן.

עס איז קלאָר אַז פון אַלע דריי מאָטיוון איז דער ערשטער בלויז צופעליק פאַרבונדן מיט אונדזער איצטיקן יידישן זיין, די לעצטע צוויי האָבן שוין אַ דירעקטע שייכות. זיי זענען געבויט אויף אַ טיף פאַרוואָרצלטער צוגעבונדנ־קייט און אויף אַ גרויסער אמונה. מיר פילן זיך אָרגאַניש געבונדן צו אונדזערע געשאַפענע ווערטן, מיר פילן זייער קאָלאָסאַלע וויכטיקייט אין אונדזער איי־גענער גייסטיקער דערהויבנקייט און אין דער גייסטיקער וועלט בכלל. מיר נערן זיך אויך מיט דער אמונה אַז מיר פאַרמאָגן די פּאָטענציעלע כוחות פאַר אַ קאַריערע פון עכטער גרויס־שאַפערישקייט אויב מיר פאַרבלייבן ווי אַ פאָלקישע איינס אין דער וועלט. אונדזער געשיכטע גיט אונדז זיכער אַ רעכט אויף אַזאַ אמונה.

ווען מיר נעמען דאָס אַלץ צונויף; ווען מיר גיבן נאָך צו די שרעק פאַר פיזישן קיום וואָס די איצטיקע מלחמה האָט אויף אונדז אַרויפגעוואָרפן, איז לייכט צו פאַרשטיין אַז פון אַלע אָנגעגעבענע מאָטיוון אין דער לעצטער דער וויכטיקסטער, דער וואָס האָט אונדז צום טיפסטן אויפגעטרייסלט און גע־צוואונגען מיר זאָלן זיך ערנסטער פאַרטראַכטן וועגן די כוחות וואָס ליגן נאָך פאַרגראָבן אין די היסטאָרישע טראַדיציעס פון אונדזער פאָלק.

דאָך, אַזוי ווי עס זענען פאָרט פאַראַן פאַרשיידענע מאָטיוון און מאָטיוון־קאָמבינאַציעס, מוזן נאַטירלעך אויך זיין פאַרשיידענע חילוקי דעות. אויף טייל פון זיי לוינט זיך גאַנץ גענוי אָפּצושטעלן, וואָרעם דאָ קומט אונדז אויס צו אָפּערירן מיט ווערטער און באַגריפן וואָס די צייט האָט אויף זיי אַרויפ־

געלייגט אַזאַ געדיכטן אַנוואוקס פון צופעליקע און זייטיקע אַסאָסיאַציעס, אַז ניט אַלעמאָל פאַרשטייען מיר איינער דעם צווייטן, ניט אַלעמאָל באַקומען די ווערטער דעם זעלביקן טייטש ביי די פאַרשיידענע צדדים. דאָס איז נאַטירלעך אַ גרויסע צרה דאָרט וואו קלאָרקייט איז אַבסאָלוט נייטיק.

ווי געזאָגט, האָבן מיר דריי טרייב־כוחות וואָס באַוועגן אונדז אין די רעוויזיעס וועגן וועלכע מיר רעדן לעצטנס אַזוי פיל. פאַר מיר פערזענלעך איז דער לעצטער מאָטיוו דער עיקר, דאָס איז דער מאָטיוו פון קיום האומה. ניט בלויז דאָס, איך האַלט אַז אונדזער איצטיקער גייסטיקער קריזיס פאָדערט פון אונדז אַז מיר זאָלן דעם דאָזיקן מאָטיוו אויך אין געדאַנק אָפּטיילן פון אַלע אַלגעמיינע וויסנשאַפטלעכע אָדער פילאָסאָפישע פּראָבלעמען וואָס צערו־דערן אונדזער געמיט. יעדער פון אונדז דאַרף ביי זיך פועלן אַז ער זאָל באַוואוסטזיניק אויסטיילן דאָס וואָס ער טראַכט ווי אַ ייד פון דעם וואָס אים באַאומרואיקט ווי אַ דענקענדיקער מענטש בכלל. וואָרעם כאָטש געוויסע אַספּעקטן פון די דאָזיקע צוויי פּראָבלעמאַטישע ספערעס האָבן זיכער אַ שייכות צווישן זיך, איז אָבער דער עיקר גאַנץ פאַרשיידן אין דיביידע פאַלן.

דאָס איז באַזונדערס וויכטיק צו דערמאָנען ווען מיר האָבן אין זינען אַז אַמאָל איז דאָס אַנדערש געווען. אַמאָל ווען גייסטיקע קריזיסן האָבן אויפ־געטרייסלט אונדזער פאָלק האָבן גרויסע יידישע דענקער געזוכט צו באַפעס־טיקן יידישקייט אויפן יסוד פונעם אַלגעמיינעם פילאָסאָפישן געדאַנק פון דער צייט. דער גרויסער יידישער ישוב אין אַלעקסאַנדריע האָט זיך אינטעלעקטועל געפונען אונטערן דרוק פון דער גריכישער פילאָסאָפיע. ממילא, כדי צו פאַרשטאַרקן דעם יסוד פון דער יידישער טראַדיציע האָט פילאָן, דער פירנ־דיקער יידישער געלערנטער פון יענער צייט, אַריינגעטייטשט אין דער תורה אַבסטראַקטע גריכישע אידייען וואָס ער האָט גענומען פון דער ניט־יידישער פילאָסאָפיע.

דער רמב״ם האָט זיך געראַנגלט מיט דער אַראַביש־גריכישער מעטאַפיזיק און ממילא געזוכט פאַר דער יידישער קולטור אַן אָנשפאַר אַן די הערשנדיקע געדאַנקען פון זיין צייט. ביי מענדעלסאָנען איז דער דרוק געקומען מצד די קריסטלעכע טעאָלאָגן. האָט ער געמוזט באַווייזן אַז יידישקייט דאַרף ביי זיך ניט אַראָפּפאַלן אַפילו פאַר די אַלגעמיינע געדאַנקען וואָס האָבן דעמאָלט באַהערשט די העכסטע מאָמענטן פון מענטשלעכן טראַכטן.

היינט איז יידישקייט ניט קיין רעליגיעזע, זיכער ניט קיין פילאָסאָפישע פּראָבלעם פאַר דער גויאישער וועלט. היינט וויל מען אונדז עוקר מן השורש זיין פשוטו כמשמעו, פיזיש, קולטורעל אָדער ביידע צוזאַמען. היינט זענען די טענות צו אונדז ניט פון פילאָסאָפישן אָדער טעאָלאָגישן מין. היינט האָבן מיר קעגן זיך אַ ווילדע שנאה וואָס טרייבט מיר זאָלן אינערלעך ווערן נאַציאָנאַל דעזאָריענטירט. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַן אינערלעכע גייסטיקע צעמי־

שעניש, אַ קראַנקע ירושה פון אַ ניט־יידישן צוגאַנג צו אידייען און באַגריפן מיט וועלכע מיר האָבן דורות־לאַנג געלעבט און זיך מיט זיי געגערט. ביי אַזאַ לאַגע קאָנען מיר ווייניק וואָס לערנען פון אַלגעמיין מענטשלעכע גייסטיקע פּראָבלעמען. ניט זיי וועלן אונדז ווייזן ווי אַזוי זיך צו דערנענטערן צו זיך אַליין און שטאַרקן די כוחות וואָס האַלטן אונדז צונויף.

יאָ, די לאַגע איז אין גאַנצן׳אַן אַנדערע און זי שטעלט אונדז גאַנץ אַנ־דערע פאָדערונגען. זינט דעם אָנקום פון דער השכלה זענען ביי אונדז אויס־געוואַקסן גרויסע צאָלן וואָס זענען טעאָלאָגיש קאַלט, רעליגיעז גלייכגילטיק, אָדער גאָר אַטעאיסטיש. פאַראַן אויך צווישן זיי אַזעלכע וואָס זענען באמת וואַרעמע און געטרייע יידן. זיי ווייזן דאָס אַרויס אַזוי בולט אַז קיין שום מענטש וואָס איז ניט דאָגמאַטיש פאַרבלענדט קאָן דאָס ניט לייקענען. ארץ־ישראל איז דאַכט זיך די בעסטע ראיה דערצו. מיר פאַרמאָגן דאָרט אַזעלכע וואָס זענען פון גלות געקומען קאַלט אָדער קעגנעריש צו די אַלע יידישע טראַדיציעס, אָבער זיי זענען געקומען מיט דער באַגייסטערטער כוונה זיך מקריב צו זיין פאַרן כלל ישראל. דאָס וואָס זיי זענען אַזוי ווייט פון גאָט און רעליגיע האָט זיי לחלוטין ניט אָפּגעפרעמדט פון פאָלקישער צוגעבונדנ־קייט. היינט אויב דאָ רעדט זיך ניט וועגן אַ טעאָרעטישער מעגלעכקייט צי עס קענען זיין אַזעלכע יידן, אויב דאָס איז אַ פּשוטער, ברוטאַלער פאַקט, האָט דאָך קיין זינען ניט מיר זאָלן צוגיין צו אונדזערע היינטיקע פּראָבלעמען אין נאָמען פון גאָט־זוכעניש, אָדער רעליגיע־זוכעניש.

יעדער בר דעת קאָן דערפילן אַז היינט איז ניט קיין צייט פאַר רעליגיעזע באַוועגונגען. ניט דערפאַר ווייל איצט איז „אַ צייט וואָס צייכנט זיך ניט אויס מיט קיין עלעמענטאַרער רעליגיעזער שעפערישקייט", ווי דאָס ווערט איצט אונטערגעשטראָכן פון אַ סך, נאָר ווייל דאָס רעליגיעזע האָט בכלל אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. רעליגיעזע באַוועגונגען קומען געוויינטלעך פאָר אין אַן אַטמאָספערע וואו דאָס רעליגיעזע פון אַלע מענטשן, אָדער פונעם רוב, איז אינסטיטוציאָנאַליזירט, פאַרנעמט אַ באַזונדער פּאָזיציע און פונקציאָנירט דורכויס אין איר אייגענעם נאָמען. היינט ווייזן זיך טענדענצן ווען דאָס רעליגיעזע רייסט זיך אַריין ווי אַ קוואַליטעט אין אַנדערע מענטשלעכע אָנ־שטרענגונגען. אַזאַ מלחמה ווי די איצטיקע וואָלט אַמאָל־אַמאָל זיכער אַרויס־געהויבן אין אינערלעכן רעליגיעזן שוואונג וואָס זי באַזיצט אָן שום ספק. היינט אָבער זענען „דעמאָקראַטיע" און „דיקטאַטור" אַ ריין וועלטלעכע מחלוקת. בכל אופן, דאָס איז דער אָפענער איינדרוק.

פונדעסטוועגן פאַרשטיי איך אויסגעצייכנט פאַרוואָס מיין געדאַנק אַז יידישקייט איז ניט קיין רעליגיע האָט אַרויסגערופן אַ סך קעגנערישע טענות. אַפילו די קוואַליפיקאַציע: „רעליגיע. אין אָנגענומענעם מערבדיקן זינען פון וואָרט", האָט ניט געהאָלפן. אַפילו די ווייטערדיקע קוואַליפיקאַציע אַז יידיש־

קייט האָט בלי ספק אירע תוכיקע רעליגיעזע עלעמענטן נאָר אַז אין איר גאַנצקייט איז זי ניט קיין רעליגיע־סיסטעם, אויך דאָס האָט ניט געהאָלפן. אַזעלכע ערנסטע שרייבער ווי א. מענעס, אהרן צייטלין, ש. ניגער, ד״ר ביקל, און אין פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ אויך י. אַפּאָטאָשו, זענען דורכויס אומצופרידן מיט אַזאַ השערה. אויף אַ מער אויספירלעכן אופן האָט וועגן דעם געשריבן י. באַבינסקי („יידישע שריפטן״, באַנד 1, העפט 2, 1941) וואו ער האַלט דאָס פאַר „אַ משונהדיקן באַגריף וועגן יידישקייט״. עס איז בלי ספק אמת אַז דער אויבערשטער לבוש פון דער גאַנצער היסטאָרישער יידישקייט איז ניט אַזאַ וואָס קאָן אָן שום טענות ומענות שטיצן מיין געדאַנק. איך פאַרשטיי בלויז ניט איין זאַך. פאַראַן היינט אַזוי פיל וואַרעמע יידן וואָס האָבן מיט גאָט אַ קנאַפּע שייכות, וואָס רעכענען זיך גאַנץ ווינציק מיטן שולחן ערוך, פילן זיך אָבער אינטים געבונדן ניט בלויז צו יידן נאָר צו יידישע ווערטן. איר געפינט זיי אומעטום וואו דאָס באַציאָנאַלסטע צווישן אונדז לעבט און שטרעבט. עס איז מעגלעך אַז אויך די דערמאָנטע שרייבער, אָדער אַ טייל פון זיי געהערן צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע. זענען זיי גרייט צו באַטראַכטן די אַלע ווי אָפּטריניקע פון יידישקייט? אויב ניט, מוזן זיי דאָך געפינען עפּעס אַ פּלאַץ פאַר יענע, אפשר אויך פאַר זיך, אין דער יידישקייט־סכעמע. ווי עס זאָל ניט זיין איז נייטיק ווייטער צו באַטראַכטן דעם דאָזיקן וויכטיקן ענין.

3

עס וואָלט גוט געווען ווען מיר האָבן תמיד אין זינען אַז דער טראַדיציאָנעלער יידישער גאָט איז ניט קיין רעזולטאַט פון פילאָסאָפישער ספּעקולאַציע. ער איז ניט קיין ענטפער אויף געשטעלטע פראַגעס; ער איז ניט קיין אויסוועג פון אינטעלעקטועלע ספקות; ער איז ניט קיין דערקלערונג פון זאַכן וואָס אָן אַזאַ השערה איז שווער זיי צו פאַרשטיין; ער איז בכלל ניט קיין אָביעקט פון אַנאַליטישן געדאַנק. אין פילאָסאָפישן ספּעקולאַטיוון אַנאַליז איז די סאַמע ערשטע פראַגע פון רעליגיעזן דענקען צי עס איז פאַראַן אַ גאָט. די צווייטע פראַגע איז, אין וואָס זיין תוך באַשטייט. אויף דער ערשטער פראַגע, האַלט פילאָן, איז לייכט צו ענטפערן. אויף דער צווייטער קען קיין ענטפער ניט זיין. אָבער פילאָן איז יידיש, אָדער אויך יידיש, אין זיין ענטפערן. זיין פרעגן איז דורכויס גריכיש. פאַר אונדזערע גייסטיקע פירער, די וואָס האָבן פאַרמירט דעם גאַנצן יידישן שטייגער פון לעבן און גייסטיקן אויסדרוק, פאַר זיי זענען אַזעלכע פראַגן בכלל ניט געשטאַנען. פאַר זיי איז יהוה געווען אַן ערשטע הנחה ניט אין לאָגישן נאָר אין פּסיכאָלאָגישן זינען. זיי האָבן מיטן דאָזיקן געפיל־באַגריף אָנגעהויבן, ביי זיי איז דאָס געווען די סאַמע ערשטע רעאַליטעט וואָס העלפט צו ענטפערן, אין אירע טערמינען, אויף שפּעטערדיקע פראַגעס,

אָבער אַליין איז דאָס אַ פֿאַרקערפּערונג, אַ פּראָיעקציע, אַן אָביעקטיווירטע געשטאַלטונג פֿונעם עצם געפֿיל פֿון פּאַראַנענקייט אין דער וועלט.

דער טראַדיציאָנעלער יידישער זשעני ווייזט ניט אַרויס קיין שום נייגונג צום לאָגיש־אַנאַליטישן דרך, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די גריכן. דער יידישער מאָנאָטעאיזם ווייזט אַרויס בלויז פּראַקטישע, ניט קיין טעאָרע־טישע סימנים. אָנשטאָט אַ סך געטער, איין גאָט; אָנשטאָט אַ צעטיילטן, דע־צענטראַליזירטן, און ממילא אָפּט דעזאָרגאַניזירטן, אוניווערס, קומט דער געדאַנק פֿון אינערלעכער, אַלץ־אַרומנעמענדיקער איינהייטלעכער אָרגאַני־זאַציע. אויך דאָס איז אַן אומגעהייערער ריזיקער אויפֿטו, אָבער אין דעם איז קיין שום דירעקטע מעטאַפֿיזישע השערה ניטאָ. פֿילאָן דערקלערט אַז „גאָט איז אַליין, איינער, ניט צונויפֿגעשטעלט, איינפֿאַך אין זיין נאַטור, בעת מיר אַלע, און אַלע באַשאַפֿענע זאַכן, זענען אַ סך". עס איז ניט שווער איינצוזען אַז אין די דאָזיקע מעטאַפֿיזישע באַגריפֿן רעדט זיין גריכישע בילדונג אַרויס פֿון אים. פֿון קיין יידישע קוואַלן האָט ער דאָס ניט גענומען און ניט געקענט נעמען.

דער אָריגינאַל פֿון דעם וואָס איז אַ סך שפּעטער געוואָרן „אחדות הבורא" קען אונדז ווערן קלאָרער ווען מען שטעלט אים אַנטקעגן אַריסטאָטלס גאָט וואָס רופֿט זיך „ערשטער באַוועגער". שוין דער נאָמען ווייזט אונדז אין וואָסער געדאַנק־ספֿערע ער איז געבוירן געוואָרן. אַריסטאָטל האָט געמיינט אַז מען דאַרף האָבן אַ ספּעציעלע סיבה וואָס זאָל האַלטן אין באַוועגונג די גלגלים און מזלות. איז געקומען „דער ערשטער באַוועגער" — אַ ריין מעטאַפֿיזישע קאָנסטרוקציע — און פֿאַרענטפֿערט די פּראָבלעמען. דאָס איז דער אַנדערער עקסטרעם פֿונעם יידישן גאָט, כאָטש וואָס איז שייך דעם מאָנאָטעאיסטישן באַגריף ווי אַ העכערע אַבסטראַקציע קאָן אַריסטאָטל אַ סך בעסער באַפֿרידיקן פֿילאָסאָפֿישע פֿאָדערונגען. אָבער אַזאַ גאָט קאָן ברענגען ווייניק נוצן אין אַ רעליגיעזער באַלעבאַטישקייט, ער האָט צו ווייניק צו טאָן מיט מענטשן און זייערע אינערלעכע איבערלעבענישן, ער איז אַ לעצטער פּועל יוצא פֿון אַ גאַנצער קייט געדאַנקלעכע ברירות. ניט פֿון אַזאַ מאַטעריאַל קאָן געמאַכט ווערן אַ רעליגיעזער גאָט בכלל. ער איז אַוודאי מיט גאַנצע אוניווערסן אָפּגעטיילט פֿון יידישן גאָט. דער יידישער גאָט איז ניט קיין אויסקלייב פֿון אַ סך מעגלעכע ברירות. ער גיט בכלל קיין ברירה ניט: אָדער דו נעמסט אָן די תורה אָדער איך מאַך פֿון דיר אַ באַרג אַש. ער ווערט אויפֿגענומען ווי אַן אינערלעכע נויטווענדיקייט מיט דער דירעקטקייט פֿון אַן אמת וואָס רירט אָן די טיפֿסטע שיכטן פֿון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט.

ניט זייענדיק קיין פֿילאָסאָפֿישע טעאיסטן האָבן יידן אויך קיין אַטעאיסטן זיך גאָרניט פֿאָרגעשטעלט, ווי דזשאָרדזש פֿוט מור באַמערקט גאַנץ ריכטיק. דער „רשע" פֿון תהלים, וואָס איז ניט שווה בשווה מיט גאָט, דער „כופר בעיקר",

און אַנדערע פון דעם סאָרט, האָבן, ווייזט אויס, ווייניק וואָס צו טאָן מיט אַבסטראַקטע אַרגומענטאַציעס. זיי לייקענען געוויסע אייגנשאַפטן וואָס מען שרייבט צו צו גאָט צוליב ריין פּראַקטישע סיבות. זיי באַמערקן ניט, אפשר אין אייגענעם לעבן, גאָטס גוטסקייט, אָדער גערעכטיקייט, בייטן זיי ביי זיך אין האַרצן אָנגענומענע באַגריפן וועגן אים. אָבער דאָס האָט גאָר ניט וואָס צו טאָן מיט גאָטס עקזיסטענץ. עס איז דאָס אייגענע ווי דער באַגריף פון „לית דין ולית דיין", וואָס לייקנט ניט די עצם גאָט־אידייע נאָר נעמט אַוועק פון אים געוויסע מאָראַלע אַטריבוטן. אָבער דאָס לעצטע, און בלויז דאָס, איז, ווייזט אויס, יידן געגאַנגען אין לעבן.

דאָס ווייזט זיך אַרויס באַזונדערס אינעם אופן אויף וועלכן אונדזער טראַדיציע באַהאַנדלט געצנדינעריי און פּאַליטעאיזם. עס איז ריכטיק אַז געצנדינעריי און פּילגעטעריי גייען תמיד צוזאַמען, אָבער די נפקא מינה צווישן זיי איז פאַרשטייט זיך אומגעהייער. פּאַליטעאיזם אינעם זינען פון אַ פּלוראַליסטישער קאָנסטרוקציע פון וועלט־געשען איז אַ מעטאַפיזישער פּרינ־ציפּ וואָס האָט ווייניק וואָס צו טאָן מיט „אויגן וואָס זעען ניט, אויערן וואָס הערן ניט", אאַז"וו. אָבער אונדזער טראַדיציע איז אומברחמנותדיק אין איר נייגונג ניט פאַנאַנדערצוטיילן די דאָזיקע צוויי, זי זעט בכלל ניט קיין מעג־לעכקייט פון אַזאַ צעטיילונג.

קיינער פון אונדז קען זיך — אַפילו אין די איצטיקע צייטן פון פּראַקטישן שטויב און טעאָרעטישער מאַטעריע — ניט אַריינלעבן אין די קאַפּיטלען פון די נביאים, אָדער אין די האָמילעטישע וויזיעס פונעם מדרש, און ניט ווערן גערירט ביזן טיפסטן גרונט פון דער נשמה. קיין פילאָסאָפישער צו־ריקהאַלט האָט ניט קיין שליטה אויף אונדזערע איבערלעבענישן אין יענע מאָמענטן. די קראַפט און בילדלעכקייט פון יענער שפּראַך, דער שוואונג פון יענע געפליגלטע וויזיעס, די קאָנקרעטע סימבאָלן מיט וועלכע יענע האָבן אָפּעריִרט, שטאַמען פון אַ ספערע וואָס איז אונדז אויך היינט נאָענט און אינטים, דערפאַר מאַכן זיי אויף אונדז אַזאַ באַצווינגענדיקן איינדרוק.

וואָס מיינט היינט אַ מאָדערנער דיכטער, אַ ניט־גלייביקער, ווען ער באַנוצט זיך מיט „גאָט" אין זיינע לידער? איז דאָס ביי אים בלויז אַ ווערטעלע אַזאַ פאַר אָרנאַמענטאַלע צוועקן? יעדער ברעקל אינטעליגענץ און גייסטיקייט אין אונדז וואָלט זיך געפילט געטראָפן פון אַזאַ נאַאיווער אויסטייטשונג. די פּאָעטישע ספערע איז פאַר יעדן פון אונדז פּונקט אַזאַ רעאַליטעט, אַזאַ פּסיכישע ממשותדיקייט, ווי זאַכן און מאַשינען זענען דאָס אין דער פיזישער וועלט. דאָס מזל פון פּאָעטישער טרעפלעכקייט הענגט אַזוי דירעקט אויף דער וואָגשאָל פון וואָרט, קלאַנג און בילד, ווייל אויף וויפיל עס זענען בכלל פאַראַן אומפאַרמיטלטע פּראָצעסן אין מענטשלעכן געמיט זענען זיי דער איינציקער וועג דאָס צו דערגרייכן. אין ריין אינטעלעקטועלע פּראָצעסן, דאָרט וואו מיר

באַנוצן זיך מיט מאַטעמאַטיק און לאָגיק, גייען מיר דורך אַ כסדרדיקע גראַ־דאַציע פון ערשטע הנחות צו לעצטע אויספירן. עס איז אַ וועג וואָס באַשטייט פון צעטיילטע פונקטן וואָס זענען בלויז פאָרמעל געבונדן צווישן זיך. אין וואָרט, קלאַנג און בילד ליגט יענע איינגעזאַפּטע גאַנצקייט וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר טיפערע איבערלעבענישן.

דער יידישער גאָט קומט צו אונדז פון דער פּאָעטישער, ניט פון דער פילאָסאָפישער ספערע. דער חילוק צווישן היינטיקע דיכטער און אַמאָליקע יידישע פירער פון גייסט איז ניט אַזאַ תוכיקער ווי מען קאָן מיינען. דער היינטיקער לעבט אין אַ וועלט וואָס איז מער באַוואוסטזיניק צעטיילט, און יעדע טייל האָט אירע אייגענע רייד, מאָטיוון און סימבאָלן. דער וואָס לעבט היינט אין איין מאָמענט אין דער פּאָעטישער ספערע וועט מיט אַ רגע שפּעטער זיך געפינען אין אַ דיפערענצירטער פּראַקטישער, פילאָסאָפישער אָדער וויסנשאַפטלעכער וועלט. יעדע פון די דאָזיקע וועלטן אָפּערירט אויף איר אייגענעם אופן און האַלט אָפּ אינעם מענטשן געוויסע אויסדרוק־נויטן וואָס שטאַמען פון אַן אַנדער וועלט. די אַמאָליקע האָבן געלעבט אין אַ צייט וואָס האָט פון אַזעלכע שאַרפע דיפערענציאַציעס ניט געוואוסט, האָבן זיי געקאָנט לעבן מיט מער שטענדיקייט און קאָנסעקווענטקייט אין דער פּאָעטישער ספערע, האָבן זיי אַפילו די געשיכטע פון זייער פאָלק געקאָנט אויפנעמען אין דער ראָם פון דיכטעריש־אָנגעטרונקענע וויזיעס און בילדער.

היינטיקע צייטן ווען מיר טראַכטן וועגן אונדזער גרויסער גייסטיקער ירושה פרעגן מיר זיך טיילמאָל: זאָלן מיר דאָס אויפנעמען ווי אַ פאָרם פון קינסטלערישן אויסדרוק אָדער ווי אמונה־איבערלעבענישן פון יידישן פאָלק? אויב מיר האָבן אין זינען לערן־מעטאָדן אין אַ שול איז זיכער פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן די צוויי. אָבער טיפער גענומען רעדן מיר אייגנטלעך וועגן דער זעלביקער זאַך. די פּאָעטישע ספערע איז אַן אייגנאַרטיקע סיסטעם פון שייכותן צווישן פרטים פון אַן אינערלעכער רעאַליטעט. אָט די פּאָעטישע שייכות־סיסטעם איז אויך די וואו עס האָט אויפגעבליט דאָס כאַראַקטעריסטישע געשטאַלט פון דעם וואָס מיר רופן „יידישקייט“.

ביז איצט האָב איך בלויז אָנגערירט די פאָרמע און מיטלען וואו די יידישע טראַדיציע האָט געפונען איר אויסדרוק. אָבער די וועלט פון פּאָעטישן שאַפן שעפּט פון פאַרשיידענע קוואַלן, ווערט געטריבן פון אַ סך מאָטיוון, און עס עפענען זיך פאַר איר נייע מעגלעכקייטן לויטן כאַראַקטער פון די כוחות וואָס ווירקן אויף איר צום שטאַרקסטן, לויטן כאַראַקטער פון די כוחות וואָס שלאָגן טיפער און דויערנדיקער אין האַרצן פון דער יידישער קולטור־טראַדיציע. וואָס איז דער טרייבנדיקער כוח פון אָט דער טראַדיציע? דער ענטפער איז פאַר אַלעמען קלאָר: מאָראַל, עטיק, דער דאָרשט נאָך גערעכ־טיקייט. דאָס געפיל אַז צדק און משפט רעגולירן דעם גאַנג פון לעבן. עס

ליגט אין דער נאַטור פון מאָראַלע געפילן וואָס זיי אַנטפּלעקן זיך פּאַר אונדז מיט יענער טיף־דרינגנדיקער, אָן ברירהדיקער דירעקטקייט וועגן וועלכער איך האָב פריער גערעדט. זיי רופן אַרויס אויפברויזנדיקע ענערגיע, עקסטאַז, אַ ליידנשאַפט וואָס ווייס ניט פון קיין גרענעצן, אַ ווילן זיך מקריב צו זיין, אַ געפיל אַז אין דער דאָזיקער ספערע פאַרבינדן מיר זיך מיט די העכסטע ווערטן און מיטן טיפסטן זינען פון לעבן.

אין מאָראַל, גיכער ווי אין אַנדערע אַלגעמיינע קאָסמישע אַנונגען פון וועלט־געשען, פילן מיר אַן איינהייטלעכן פּרינציפּ, אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקע אָרדענונג, אַ מין געטלעכע איינקייט. דזשעימס האַלט אַז די צייט פון פּאָלי־טעאיזם איז נאָך ניט פאַרביי. ער זאָגט: „איך רעכן באמת אַז אַן ענדגילטיקע פילאָסאָפיע פון רעליגיע וועט זיך דאַרפן רעכענען ערנסטער ווי ביז איצט מיט דער פּלוראַליסטישער השערה". אָבער דאָס אַריינלעבן זיך אין דער מאָראַלער ספערע וועט מסתמא צו אַזאַ געדאַנק ניט פירן. מיר לייגט זיך אויפן שכל אַז דאָס וואָס מאָראַל שפּילט אַזאַ אַלץ־באַצווינגענדיקע ראָלע אין דער תנכישער יידישקייט האָט געווירקט אויף דעם אַז עס זאָל אַזוי פרי ביי יידן געבוירן ווערן דער פּראַקטישער מאָנאָטעאיזם. דער זעלביקער פאַקט דערקלערט אויך וואָס יידישקייט איז אַלץ מער און מער געוואָרן אַ מערק־ווערדיק געוועב וואו דאָס אוניווערסאַלע דערהייבט זיך ביז די העכסטע מדרגות און דאָך איז עס דורך און דורך נאַציאָנאַל אין דער זעלביקער צייט.

וואָרעם מאָראַלע ווערטן, כדי זיי זאָלן בכלל קאָנען וואַקסן און ווירקן, מוזן אַרויסהייבן מאָטיוון אין זייער מענטשלעכער אַלגעמיינקייט. ניט בלויז אַזעלכע אַבסטראַקציעס ווי „צדק ומשפט" נאָר אַפילו קאָנקרעטע אָנווענדונגען, ווי באַציאונגען צו אַלמנות און יתומים, „צום פרעמדן וואָס וואוינט אין דיינע טויערן", אַפילו אַזאַ פּראַקטישע געזעץ־געבונג איז אויך גענוג אַלגעמיין מענטשלעך אַז זי זאָל אַרויסרופן אין דער פּסיכיק אַן אוניווערסאַליסטישן צוגאַנג. אָבער גראָד דאָס מאָראַלע — וואָס געפינט זיך אין סאַמע אויבן־אָן פונעם אוניווערסאַלסטן פאַרמעגן וואָס מענטשן באַזיצן — איז קאָנקרעט געבונדן צו מענטשן אין דער דירעקטער סביבה. עס האָט צו טאָן מיט מענטשלעכע באַציאונגען אין טאָג־טעגלעכן לעבן, בקיצור עס לעבט זיך אויס און דריקט זיך פּראַקטיש אויס דורכויס אין דער סביבה פון אייגענעם פאָלק. ממילא קומט אויס אַז דער יידישער גאָט האָט אונטערגעשטראָכן מען זאָל דינען צו אים — צו זיין מאָראַלן מהות — אין נאַציאָנאַלע גרענעצן. דאָס האָט געווירקט אַז ביי דער גאַנצער וואַקסנדיקער אוניווערסאַלקייט, וואָס איז אַ נאַטירלעכער פועל יוצא אין דער אַנטוויקלונג פון אַזעלכע הויך מאָראַלע באַגריפן ווי יידן האָבן פאַרמאָגט, זאָל מען פונדעסטוועגן ניט אַריבערטרעטן דאָס פאָלקישע. עס איז פאַראַן אַ מאָמענט — אַן אומגעהייער וויכטיקער אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער טראַדיציע — וואָס האָט אויך מיט באַ־

זונדער קראַפט, כאָטש אומדירעקט, אונטערגעשטראָכן דעם פּאָלקישן אינהאַלט פון דער יידישער קולטור. איך האָב דאָ אין זינען „קבלה מסיני״.

מיר דאַכט זיך, אַז קיין זאַך ווייזט ניט אַזוי קלאָר דעם אינעווייניקסטן זינען און די באַזונדערע קראַפט פון דער יידישער קולטור ווי אַ פאַרגלייך מיטן לאָגיש־אַנאַליטישן דרך ביי די גריכן. דער כאַראַקטעריסטישער אופן, אויף וועלכן די גריכן האָבן דערגרייכט זייערע אמתן באַקומט זיין קלאָרסטן אויסדרוק אין די סאָקראַטישע דיאַלאָגן. די ריין לאָגישע אַרגומענטאַציע טרייבט אייער געדאַנק מיט אומגעהייערער לאָגישער גבורה פון פּונקט צו פּונקט ביז זי פאַרשפּאַרט אייך אין אַ ווינקל, פון וועלכן איר זעט בלויז איין אויסוועג, דעם איינציקן אויסוועג, וואָס איז באמת דער ציל פונעם גאַנצן פּראָצעס. פאַר אייך באַווייזט זיך אַ קלאָרער אמת, אָבער דער אמת געפינט זיין שטאַרקסטן אָנשפּאַר אין דער איינזאַמקייט פון אייער אייגענעם מוח.

דער יידישער דרך איז אינגאַנצן אַן אַנדערער: „משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע, ויהושע לזקנים, וזקנים לנביאים, ונביאים מסרוה לאנשי כנסת הגדולה״. די ענדגילטיקע סאַנקציע ליגט ניט אין פּראָצעסן וואָס קומען פאַר ביים יחיד אַליין, נאָר אין די בשותפותדיקע היסטאָרישע דערפאַרונגען פון נאַציאָנאַלן קיבוץ. אָנשטאָט דעם לאָגיש־אַנאַליטישן דרך, האָבן מיר דאָ דאָס מאַסאַרעטישע געפיל־באַוואוסטזיין, דאָס איז די באַפעלערישע זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט און באַשיימפּערלעכקייט, מיט וועלכע עס צווינגען זיך אויף אונדז אָרויף אָנגענומענע מנהגים, דער פּסק דין אַז „אַזוי פירט זיך״, די באַציאונג צו אַמאָליקע מענטשן, איבערלעבענישן, זאַכן, אָדער די גבית עדות פון פּרעצעדענטן.

עס איז זייער נאַאיוו ווען מען מיינט אַז דער כוח פונעם תלמודישן „שנאמר״ אָדער „דכתיב״ איז בלויז פאַרבונדן מיט אַן איבערנאַטירלעכער אמונה אין די אמתן פון אַן אַנטפּלעקטער תורה. פּונקט ווי עס וואָלט היינט געווען קינדיש צו האַלטן אַז דאָס אָנשפּאַרן זיך אויף אַ יורידישן פּרעצעדענט נעמט זיך דערפון וואָס מיר האַלטן אַז אַמאָליקע ריכטער האָבן קיין טעות ניט געקאָנט מאַכן. אַוודאי איז תורה געווען אַ גרויסער און הייליקער ענין. אָבער מיר וועלן לחלוטין ניט פאַרשטיין די פּסיכישע זיכערקייט פון זיך סומך זיין אויף קבלה און מסורה אויב מיר וועלן ניט דערזען דאָס אייביק־מענטשלעכע וואָס שטעקט אין דעם דאָזיקן וועג פעסטצושטעלן אמתן פון לעבן. עס קאָן אונדז בלויז פירן צו פאַלשע אויסטייטשונגען ווען מיר וועלן ניט איינזען אַז דער מאַסאָרעטישער פּרינציפּ פונקציאָנירט מיט געוואַלדיקער קראַפט אויך היינט און ביי אַלע מענטשן. אָבער מען מוז צוגעבן אַז אין דער יידישער קולטור איז דאָס געווען אַ פירנדיק ליכט.

נאָר מאַסאָרעטיק איז אַ טיפּישער סאָציאַלער כוח. עס בינדט צונויף מיט פריערדיקע דורות און פילט אָן מיט מער היימישקייט און אינטימקייט

דאָס איצטיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן. האָט דאָס ממילא געווירקט אַז אַלע אַלגעמיין־מענטשלעכע פּרינציפּן אין יידישקייט האָבן קיינמאָל ניט געקאָנט אויפהערן צו זיין פּאָלקיש־יידיש. אַפילו די העכסטע סאַנקציע, גאָט, האָט קיינמאָל ניט געקאָנט אויפהערן צו זיין דער יידישער גאָט, כאָטש ער איז געוואָרן דער גאָט פון דער גאַנצער וועלט.

פאַרשער שטעלן זיך געוויינטלעך אָפּ אויפן סיני־אינצידענט אונטער דער רובריק פון אַן איבערנאַטירלעך אַנטפּלעקטער רעליגיע. עס קומט אויס אַז דער גלויבן אין אַ מאָמענטאַלער אַנטפּלעקונג איז דאָס וויכטיקסטע וואָס די יידישע קולטור האָט צו פאַרצייכענען וועגן דעם. מיר דאַכט זיך אַז דאָס איז זייער אַן איינזייטיקער בליק. מתן תורה איז גיכער אַ פונקציע פון קבלה מסיני איידער פאַרקערט. דער טראָפּ דאַרף ליגן אויף דער לאַנגער טראַדי־ציאָנעלער קייט וואָס ווירקט און בינדט צונויף, ניט אויף דער קאָנקרעטיזאַציע פון אַן ערשטן אָנהייב וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט אַזוי ליב צו שאַפן אין אַלע פאַלן. די וויכטיקייט פון אָט דעם פונקט — וואו עס ווערט אויסגעדריקט דער גאַנצער מאַסאַרעטישער דרך פון דער יידישער קולטור — ליגט, פיל איך, אין דער לעגענדע גופא. אויך בריאת עולם איז אַן אָנהייב, זיכער ניט קיין אָנהייב פון גאָט, נאָר פון דער באַשאַפענער וועלט. אין וואָס זשע האָט זיך אויסגעדריקט די געטלעכע עקזיסטענץ פריער? דער חומש האָט אונדז גאָר ניט וואָס צו זאָגן וועגן דעם. פאַר מיר איז דאָס קלאָר. אַזאַ ניט־מעטאַפיזישע מהות ווי דער יידישער גאָט איז, וואָס האָט ער צו טאָן אין אַ ניט־פיזישער וועלט? אַפילו ווען עס פעלן אויס בלויז מענטשן האָט אַזאַ מין גאָט גאָר ניט מיט וואָס זיך מתעסק צו זיין.

מיט מתן תורה איז שוין עפּעס אַנדערש. צו דעם ווערן מיר שוין צו־געפירט ביסלעכווייז. פריער איז אויך עפּעס געווען, און גראָד אַ גאַנץ רייכע געשיכטע, מיט אַ לעבן וואָס האָט שוין געטראָגן אויף זיך גאַנץ היכע רעגו־לירנדיקע פּרינציפּן. די לעגענדע אַז די אבות האָבן מקיים געווען די גאַנצע תורה נאָך פאַר מתן תורה איז אייגנטלעך אַן אויסוועג פון אַ סתירה. עס וואָלט אויסגעקומען אַז גרויסע פירער פון פאָלק האָבן ניט געלעבט אין גייסט פון פאָלק וואָס זיי אַליין האָבן געהאָלפן שאַפן. דער סיני־מאָמענט איז אַ מין פיקסירטער אָפיציעלער אָנהייב וואָס קומט פאַר אין אַ „מיטן", און דאָס פאַרשאַרפט מער דעם זינען פונעם מאַסאָרעטישן געמיט, וואָס קאָן ניט אין גאַנצן שלום מאַכן מיט אַן אַבסאָלוטן אָנהייב.

אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע קולטור וואָס האָט געשטאַרקט אונדזער קיום און אים קיינמאָל ניט פאַרלאָרן אין איר אינערלעכער כוונה. גאָט, צוזאַמען מיט אַלע רעליגיעזע עלעמענטן, זענען געוואָרן פאַקטאָרן אין אַ נאַציאָנאַל געוועב פון וועלכן זיי האָבן זיך ניט געקאָנט אָפּטיילן. אַפילו די אָנוואַקסנדיקע קלענערע גלויבנס פון דער צייט — דאָס וואָס ווילי‍אַם

דזשעימז רופט „איבערגלויבנס״ (over-beliefs) זענען אויך געוואָרן פונקציעס פון פאָלקישן קיום.

דאָס וואָס דער יידישער גאָט שטאַמט פון דער פּאָעטישער ספערע האָט אויך געווירקט מיר זאָלן בדרך כלל אויסמיידן די כאַראַקטעריסטישע מחלוקת פון רעליגיעס וואָס לעבן אין גאַנצן אויפן אייגענעם חשבון. די קריסטלעכע טעאָלאָגיע האָט זיך אומפאַרמיידלעך געמוזט פאַרפּלאָנטערן אין קאָנפליקטן וואָס קלינגען אונדז ווייט און פרעמד. אין די ביטערע קריגערייען צווישן די אַריאַנער און דער קירך פון פערטן יאָרהונדערט איז דער שטרייט־פּונקט געווען צי דער נוצרי איז יאָ פון גאָט־סובסטאַנץ אָדער ניט. לוטער און צווינגלי זענען קריגעריש צעטיילט און שאַפן באַזונדערע קירכעס. לוטער האַלט אַז דער ווײַן פון דער קירך איז קריסטוסעס בלוט, צווינגלי וויל האָבן אַז דאָס איז בלויז אַ רעפּרעזענטאַציע פון זײַן בלוט. די קריסטלעכע טעאָלאָגיע פירט אומפאַרמיידלעך צו אַ ביטערן קאַמף צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט וואָס דאָס רעליגיעזע איז בשום אופן ניט מחייב.

אויך ביי אונדז זענען פאָרגעקומען ביטערע מחלוקתן. אָבער וויכטיק איז דער פּרינציפּיעלער אונטערשייד אין די צוויי פאַלן. צווישן די צדוקים און פרושים, למשל, זענען דאָס געווען איבער פראַגן פון דין, אויפפיר, ריטואַל, אויטאָריטעט פון תורה שבעל פּה. עס ווערן אויך אומדירעקט דערמאָנט חילוקי דעות צווישן זיי איבער גלויבן אין שכר ועונש, תחית המתים, אָבער קיין ערנסטע מחלוקתן צוליב דעם ווערן ניט אָנגעגעבן.

אויך ביי אונדז זענען געשאַפן געוואָרן טעאָלאָגישע געביידעס. פון אַלעקסאַנדריע און שפּאַניע האָבן מיר אַ גאַר אָנגעזעענע טעאָלאָגישע ירושה. אָבער ס׳איז כדאי צו געדענקען אַז דאָס לעבעדיקסטע און שאַפנדיקסטע צווישן יידן היינט שטאַמט ניט פון יענער ירושה. עס שטאַמט גיכער פונעם אשכנזישן דרך, פון יענער ספערע וואו גאָט איז געווען דער נאָענטסטער סימבאָל פון אַן ערשטער דערפאַרונג, און ער קומט פון מאָראַל־פּאָעטישער אינטואיציע, ניט פון לאָגישן אַנאַליז.

קריסטלעכע געלערנטע דערמאָנען אָפט די אוניווערסאַלקייט פון די נביאים, אַזוי ווי די לעצטע וואָלטן זיך געווען אין גאַנצן אָפּגעריסן פון פאָלקישער געבונדנקייט. עס איז שווער צו גלויבן אַז דאָס איז אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון זייערע רייד. עס איז גענוג צו פאַרגלייכן צוויי קאַפּיטלען אין ירמיה (ז׳ און י״ז) כדי צו זען ווי לייכט מען קאָן מאַכן אַ טעות. אין ערשטן קאַפּיטל שטרייכט אונטער דער נביא אַלגעמיין מענטשלעכע מאָראַל אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען דאָס איינציקע וואָס מען דאַרף היטן. אין צווייטן קאַפּיטל וואָרנט ער מען זאָל היטן שבת אויף אַ גאַנץ פאָרמעלן אופן. דאָס זעלביקע טרעפן מיר ביי ישעיהן (נ״ו): „איטלעכער וואָס היט שבת אים ניט צו פאַר־שוועכן, און האַלט זיך אָן מיין בונד, זיי וועל איך ברענגען צו מיין הייליקן

באַרג און איך וועל זיי דערפרייען אין מיין הויז פון געבעט". ווי עס זאָל ניט זיין, יידן האָבן אַלץ מער אַנטוויקלט אַן אייגענעם שטייגער לעבן.

דער יידישער גאָט, ווי מיר זעען, איז ניט קיין קאָפּ־געדאַנק נאָר אַ האַרץ־געשריי, אַ פּראָיעקציע, פון עפּעס וואָס אָן דעם קאָן מען דאָס לעבן ניט סובל זיין. ווען מען זאָל בייטן טערמינען און ספערע — און ווען מען זאָל דאָס ניט פאַרמישן מיט די „איבערגלויבנס" פון דער צייט — איז אַזאַ גאָט תמיד פאַראַן און אומעטום וואו מענטשן ווילן לעבן ווי מענטשן. דאָס קאָנקרעטע וואָס יידן האָבן געשאַפן איז געשטאַנען אין אינטימסטער שייכות צו אים אינעם זינען וואָס ער איז געוואָרן די קוואַליטעט און די מאַסאָרעטישע סאַנקציע פון אַ גרויסן אידעאַל וואָס האָט כסדר געטריבן דאָס פאָלק צו העכערע און שענערע פאָרמען פון לעבן. דער דאָזיקער אידעאַל — וואָס ביי יידן איז גאָט און דאָס רעליגיעזע געוואָרן זיין געשטאַלטנדיקער אויסדרוק — האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַן אַדיעקטיווישער קוואַליפיצירונג פאַרן סובסטאַנטיוון קיום פון פאָלק.

אין דעם זינען איז יידישקייט ניט קיין רעליגיע אין געוויינטלעכן טייטש פון וואָרט. ווייל רעליגיע ווערט געוויינטלעך פאַרשטאַנען ווי עפּעס וואָס הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך מיט זיך אַליין, וואָס איז אַן אומאָפּהענגיקע קאָנסטרוקציע און ווערט פּסיכאָלאָגיש אַרויסגעהויבן דורך יחידישע גייסטיקע נויטן. ניט אַזאַ ירושה האָבן מיר באַקומען, און וואָלטן מיר באַקומען אַזאַ ירושה וואָלט שוין, גלויב איך, קיינער ניט געבליבן וואָס זאָל זי ירשענען.

4

דאָס רעליגיעזע ווי אַ קוואַליטאַטיווע כאַראַקטעריסטיק, מיט פונדאַמענטאַלע גלויבנס, וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן, קאָן קיינמאָל ניט פאַרשווינדן פון אונדזער לעבן אַזוי לאַנג ווי מענטש איז מענטש. וויסנשאַפט האָט אין דעם גאָרניט וואָס צו זאָגן, וויסנשאַפט איז געבונדן צו אַ דעסקריפּטיווער כאַראַקטעריסטיק פון וועלט־געשען. אַ לעבן פון ווילן, שטרעבן, בענקען, זוכן זיכערקייט, טרייסט, אאַז״וו, — דאָס איז אַ ספערע וואו בלויז דאָס רעליגיעזע קאָן אונדז באַפרידיקן. וואָסערע סימבאָלן, טערמינען און אַנדערע קאָנקרעטע אויסדרוקן מיר זאָלן באַנוצן איז פאַרבונדן מיטן גייסט און די געשעענישן פון דער צייט. אויב „גאָט" זאָל זיין דער העכסטער אויסדרוק פון אַזאַ ספערע איז ביי מיר קיין ספק ניט אַז אפילו אַ פילאָסאָפישער אַטעאיסט קאָן אים פאַרשטיין און אָפּשאַצן. די דאָזיקע מעגלעכקייט האָט, דאַכט זיך, סאַנטאַיאַנאַ זייער טרעפלעך אויסגעדריקט. צי עס איז פאַראַן אַ גאָט צי ניט, זאָגט ער, ווייס ער ניט, אָבער אַז מרים איז געווען זיין מאַמע, אין דעם איז ער זיכער.

פֿאַראַן אַזעלכע וואָס ווילן זיך דורכויס ניט באַנוגענען מיטן קוואַליטאַטיוון כאַראַקטער פֿון רעליגיע, זיי זוכן אין איר עפּעס וואָס איז אַ פֿולע גאַנצקייט אין זיך אַליין. געוויינטלעך ווייזט מען אָן אויף רודאָלף אָטאָס טעאָריע וועגן „הייליקייט" ווי אַ געפֿיל וואָס שטאַמט אין גאַנצן פֿון דער רעליגיעזער ספֿערע. דאָס קאָן דעצידירט ווערן בלויז פֿון אַ געניטן אינטראָספּעקטיוון באַריכט וואָס אַ מענטש לעבט איבער אין אַזעלכע מאָמענטן. איך קאָן בשום אופֿן ניט געפֿינען אַזאַ טיפּישן געמיט־טאָן פֿון הייליקייט וואָס איז בלויז פֿאַרבונדן מיט אַן אָפּגעזונדערטער רעליגיעזער ספֿערע. מיר דאַכט זיך אַז אונדזער געפֿיל צו מאַרטירער, צו פּאַטריאָטישע סימבאָלן, צו איבערבלייבעכצן פֿון חשובֿע מענטשן און געשעענישן, צו מאָראַלע אַקטן, צו פֿירער פֿון אַ גרויס־אידעאַלער אונטערנעמונג, אין די אַלע פֿאַלן האָבן מיר אַ געפֿיל־טאָן וואָס באַזיצט די זעלביקע קוואַליטעט ווי אַ פֿרומער ייד לעבט איבער בעת ער האַלט אַ ספֿר תּורה, אָדער בעת ער קומט אַריין אין אַ מקום קדוש. עס קאָנען זיין אונטערשיידן אין אינטענסיווקייט, אָבער ניט אין תּוך.

דאָס רעליגיעזע אין קוואַליטאַטיוון זינען איז, ווי געזאָגט, אומעטום פֿאַראַן וואו נאָר מיר גייען אַריבער די גרענעצן פֿון די אויפֿגאַבן צו באַשרייבן און פֿאָטאָגראַפֿירן די וועלט. קאָלעגע חיים גרינבערג האָט אַנומעלטן פֿאַר־געשלאָגן מען זאָל פֿון סאָציאַליזם אַוועקנעמען זיין עסכטאָלאָגיע, ער וויל אים, קומט אויס, „פֿאַרוועלטלעכן". אַ „פֿאַרוועלטלעכונג"־פּראָצעס פֿון אַזאַ סאָרט איז שוין אַמאָל פֿאָרגעקומען, און דורכגעפֿירט האָט אים אַ יידישער רבֿ, אַ מקובל. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען דער מהר״ל פֿון פּראָג האָט אַרויסגענומען דעם שם המפֿורש פֿון זיין גולם. אָבער נאָך דער אָפּעראַציע איז בלויז געבליבן אַ שטיק ליים.

דער כּוח פּונעם רעליגיעזן איז ממש אין לשער. מיר דאַכט זיך אַז ר. אַבראַמאָוויטש איז אַ מוסטער פֿון אַ רואיקן, אַנאַליטישן קאָפּ. וועגן זיין וועלטלעכקייט איז דאָך שוין אָפּגערעדט. אָט הערט זיינע עכט רעליגיעזע רייד: „פֿאַר מיר איז מאַרקסיזם און מענטשלעכער פֿאַרשטאַנד איינס און דאָס זעלבע. אַ געדאַנק וואָס איז מאַרקסיסטיש וועט שוין ממילא זיין אין האַרמאָניע מיטן שכל, און אַ שכלדיקע זאַך וועט שטענדיק זיין אין איינקלאַנג מיטן מאַרקסיזם" („פֿאָרווערטס", 29טן יוני, 1933). מאַרקס האָט זיכער ניט געטראַכט אַז עמעצער וועט זיך אַזוי ביטער־רעליגיעז נוקם זיין אָן אים. דאָס איז מסתּמא זיין שטראָף פֿאַר זאָגן אַז „רעליגיע איז דער אָפּיום פֿון פֿאָלק".

אַ הייַנטיקער רעדנער וועט זיכער קריגן אַ סך אַפּלאָדיסמענטן פֿון זיינע אַנטי־רעליגיעזע צוהערער ווען ער וועט אויסרופֿן: „סוף כּל סוף וועט גע־רעכטיקייט זיגן". פֿאַרשטייט זיך אַז די זיכערקייט קאָן ער ניט נעמען פֿון געשיכטלעכע באַווייזן. מענטשלעך לעבן איז פֿול מיט פֿאַרקערטע ביישפּילן.

זיין זיכערקייט איז דורכויס אַ רעליגיעזע. נאָך מער: אַזאַ רעדנער, אויב ער איז ניט פילאָסאָפיש געשולט, וועט מסתמא צעטומלט ווערן ווען איר וועט ביי אים פרעגן: ווען איז דער „סוף" פון אַ „סוף כל סוף"? ער האָט מסתמא ניט חושד געווען אַז ער האָט אַפילו באַנוצט אַן עכט רעליגיעזע פראַזע, און לחלוטין ניט צופעליק. דאָס איז דאָך אייגנטלעך גרינבערגס עסכאַטאָלאָגיע וואָס איר דאַרפט זי גאָרניט זוכן; זי האָט אייך שוין לאַנג געפונען און וועט אייך קיינמאָל ניט אָפּלאָזן.

אָט אַזוי שפּרייט זיך אויס דאָס רעליגיעזע ווייט און ברייט צווישן מענטשן, און נעמט זיך אַרום מיט פאַרשיידענע גלויבנס וואָס די צייט רופט אַרויס. אַז איך האָב שוין דערמאָנט מאַרקסיזם און סאָציאַליזם איז כדאי צוצוגעבן אַז אויך דאָרט געפינען מיר יענע צייטלעכע „איבער־גלויבנס", וואָס באַפּוצן די סיסטעם. אַזעלכע באַגריפן ווי „היסטאָרישע נויטווענדיקייט", אָדער „סטיכישער פּראָצעס" אָדער די ענדלעכע „ממשלה פון פרייהייט", זיי זענען אַלע אָנגעלאָדן מיט רעליגיעזער אמונה.

5

עס קאָן אויסקומען באמת משונהדיק ווען מען וויל פאַרגלייכן די ראָלע פון גאָט און רעליגיע אין דער יידישער קולטור מיט דער רעליגיעזער קוואַליטעט פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, דערצו נאָך באַוועגונגען פון דער מאָדערנער צייט. אַזאַ פאַרגלייך האָב איך אין גאַנצן ניט בדעה דאָ צו מאַכן. איך האָב דאָס בלויז דערמאָנט כדי אַרויסצוברענגען אַ פאַראַלגעמיי־נערטע סכעמע וואָס זאָל אונדז העלפן קלאָרער צו דערזען דעם כאַראַקטער פון דער רעליגיעזער פאַרביקייט וואָס דרינגט דורך דאָס געשטאַלט פון דער יידישער טראַדיציע.

די נפקא מינה צווישן דער רעליגיעזער אינוואַזיע אין אַמאָליקע און איצטיקע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען איז נאַטירלעך אַ גאַנץ גרויסע. אין אַמאָליקע צייטן, ווען דאָס לעבן איז ניט געווען דיפערענצירט אויף באַזונדערע ספערעס — וויסנשאַפט, קונסט, עסטעטיק, רעליגיע, פּאָליטיק, עקאָנאָמיק, א. אַז. וו. — ווען אַלע רעגולאַטיווע פּרינציפּן אין אויפפיר און דענקען זענען געווען מער אָדער וויניקער פון איין שניט, דעם רעליגיעזן שניט, אין יענער צייט האָט יעדע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג זיך אָנגעהויבן מיט אַן אָפּנייג פון הערשנדיקן דרך. די רעליגיעזע אינסטיטוציעס און ריטואַלן וואָס זי האָט איבערגענומען פון פריער זענען געוואָרן פונקציעס פון די געזעלשאַפט־לעכע אידעאַלן וואָס זי האָט צו זיי געשטרעבט. דאָרט האָט, הייסט עס, די באַוועגונג זיך אָנגעהויבן מיט געירשנטע רעליגיעזע פאָרמען וואָס האָבן אָבער אָנגעהייבן צו שפּילן אַ נייע פונקציאָנעלע ראָלע.

אין מאָדערנע צייטן, ווען דאָס לעבן איז גרינטלעך דיפערענצירט און באַוועגונגען ווערן געבוירן אין אַן אייגענער ניט־רעליגיעזער ספערע, שווימט אַרויס אַ רעליגיעזע קוואַליטעט — אַפילו מיט סימבאָלן און צערעמאָניעס — ווי אַ נאַטירלעכער פועל יוצא פון דער מענטשלעכער נאַטור. דער דאָזיקער אונטערשייד צווישן אַמאָל און היינט וועט וואַרפן אַ ליכט אויף דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי יידן.

פאַראַן צוויי קריטישע מאָמענטן אין דער יידישער געשיכטע ווען דער רעליגיעזער מאָמענט האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע פונקציאָנעלע ראָלע. דער ערשטער קומט פאַר דעמאָלט ווען יידן הייבן זיך אָן צו דערפילן ווי אַ פאָלק, יהוה ווערט זייער גאָט וואָס פאַרקערפּערט אין זיך הויכע עטישע אידעאַלן, און דער ציל ווערט דער קיום פון אַ „ממלכת כהנים", אַ „גוי קדוש". די גערירשנטע סטרוקטור פון אַ רייך אומדיפערענצירט לעבן, מיט אָרגאַניזירטע פאָרמען פון שטייגער און ריטואַל, ווערט אַ פונקציע פון דעם אידעאַלן ציל. דאָס וואָס די פונקציאָנעלע אייגנשאַפט פון אַלע אָרגאַניזירטע לעבנס־פאָרמען ווערט אַן עיקר, און עס דאַרף באַדינען דעם קיום פון אַן אייגנאַרטיק פאָלק, באַפאַרבט די גאַנצע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון יידישן קולטור־שאַפן.

דער צווייטער מאָמענט איז דעמאָלט ווען יידן האָבן דערפילט דעם ביטערן טעם פון גלות. יידישקייט האָט מער ניט געקאָנט זיין אין גאַנצן געבונדן צום פיזישן לאַנד אין דעם פיזישן בית המקדש. מען האָט זי געדאַרפט קאָנען אַרומטראָגן אין קעשענע, אַזוי צו זאָגן, און די סינאַגאָגאַלע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע זענען געוואָרן די קאָנקרעטע ראַם פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן. די פונקציאָנעלע ראָלע פון דער רעליגיעזער ירושה — ווען פנים אל פנים מיט סכנות פאַרן סאַמע קיום פון פאָלק — איז אַלץ געוואָרן שטאַרקער און אינטענסיווער. סטרוקטור האָט זיך געבויגן פאַר דער בכורה פון פונקציע, און דער גייסט פון די פרושימשע „רעפאָרמער" האָט געזיגט איבער די „פונדאַמענטאַליסטן", די צדוקים.

מיר האָבן היינט פאַר זיך אַ סך מער ווי ריין טעאָרעטישע אויפגאַבן. קאָנסטרוקטיווע מיטלען צו שטאַרקן אונדזער קיום דאַרף זיין דער עיקר, אַלע אַנדערע פּרטים מוזן בלייבן אַ טפל. די אַלטע יידישע טראַדיציע איז, אויב איר ווילט, דער רעזולטאַט פון אַ לאַנג־דויערנדיקן געלונגענעם היסטאָרישן עקספּערימענט וואָס באַווייזט אונדז ווי אַזוי יידן קאָנען בלייבן יידן. דאָרט דאַרפן מיר זוכן אונדזער ענטפער אויף אונדזער היינטיקן אינערלעכן קריזיס. אמת, קיינער דאַרף זיך ניט ריכטן אויף ראַדיקאַלע ענטפערס פאַר יידן אין די לענדער פון אונדזער צעשפּרייטקייט. קיין שום חקירות אין דער וועלט וועלן ניט פאַרבייטן דעם פאַקט אַז מיר זענען אין גלות, און דער דעמאָראַליזירנדיקער כוח פון גלות איז היינט גרעסער ווי אין אַלע צייטן

פון אונדזער געשיכטע. אָבער אויף וויפל מיר קאָנען בכלל בלייבן אַ שאַפנדיקע קולטור־איינהייט אין גלות איז קיין אַנדער וועג ניטאָ. ניט אַלץ פון אונדזער געירשנטער טראַדיציע קאָן היינט ווערן אונדזער אייגנס ווי אין אַמאָליקע צייטן. אָבער אין דער דאָזיקער ספּערע ליגט אונדזער יידישער כוח.

פאַראַן אַזעלכע וואָס טענהן אַז אויף אַזאַ וועג קאָנען גיין בלויז עכטע מאמינים, און זיי לאָזן ניט אָפּ דעם אַלט־מאָדישן יידן פון אַ פּויליש שטעטל ווי דעם איין און איינציקן עכטן מוסטער פון געטריישאַפט צו טראַדיציע. איך רעכן אַז פון זיי רעדט אַרויס זייער אייגענע פּסיכאָלאָגישע אומפעאיקייט זיך צו דערנענטערן צו דער יידישער טראַדיציע — וואָס איז ביי זיי יאָרן־לאַנג געווען דער סימבאָל פון רעאַקציע און פינצטערניש — גיכער ווי זייער גלויבן אינעם כוח פון עלטערע אמונה־פאָרמען. איך האָב געפּראַוועט די פּסחדיקע סדרים מיט פרומע יידן, און אומעטום האָט מען געעפנט די טיר אַריינצולאָזן אליהו הנביאן צו פאַרזוכן דאָס ביסעלע ווייַן פון זיין כוס. קיין איינער פון זיי האָט ניט געגלויבט אַז אליהו הנביא שטייט טאַקע הינטער דער טיר און וואַרט מען זאָל אים פאַרבעטן צו דער סעודה. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט מען זאָל דורכפירן דעם מנהג מיט דער גרעסטער אָפּגעהיטקייט. ביי מיר איז קיין ספק ניט אַז מיינע פריינטלעכע אָפּאָנענטן האָבן אַ מוראדיק פאַלשן באַגריף וועגן די פּסיכישע כוחות וואָס מאָטיווירן טראַדיציאָנעלע ווערטן. זיי טייטשן אויס ניט ווייניקער פאַלש אַפילו דעם רעליגיעזן אויפפיר פון יענעם מהדר מין המהדרין וואָס זיי איז אַזוי ליב אים אָנצונעמען פאַרן איינציקן מוסטער פון „אמתער“ טראַדיציאָנעלער יידישקייט.

אָבער גייענדיק אויפן וועג פון דער יידישער טראַדיציע וועט דאָס דען ניט פירן מיט דער צייט צו דער אינערלעכער סינטעטיזירונג פון אַן אורקוואַל וואָס זיין געלונגענסטע פאָרמולע איז „גאָט“? צוליב אינטעלעקטועלער אָפּגעהיטקייט וואָלט איך געוואָלט ענטפערן: מעגלעך, אָבער אין האַרצן פיל איך: זיכער. בכל אופן וועט דאָס דעמאָלט זיין דער יידישער גאָט, ניט דער גאָט וואָס ענטפערט, נאָר דער וואָס ווערט געבוירן דעמאָלט ווען אַלץ איז שוין פאַרענטפערט. און ווען אין דער ספּערע פון מיין „יידישקייט ניט קיין רעליגיע“ וועט זיך באַווייזן גאָט, ווען עס וועט זיך באַווייזן דער וואָס איז שוין דאָרט סיי ווי פאַראַן, וועט ניט זיין מער קיין שום אָפּהאַלט מיר זאָלן אים אויפנעמען מיט דער יראת הרוממות וואָס ער פאַרדינט.

(1942)

# גאַנצקייט און אמונה

1

אין אַ קאַלטן, ווינטערדיקן פרייטיקצונאַכטס זענען מיר געזעסן ביי אַ פריינד אין הויז און געשמועסט וועגן פאַרשיידענע וועלט־זאַכן. ביסלעכווייז האָט זיך דער שמועס פאַרקירעוועט אין יידישן לעבן אַריין מיט די פאַר־שפיצטע פּראָבלעמען פון דער צייט: יידישקייט, טראַדיציע, און ענלעכע ענינים, וואָס לאָזן אונדז היינטיקע צייטן ניט אָפּ.

די געסט אין הויז, דער כיבוד אויפן טיש, און די רוחניותדיקע שטימונג האָבן עדות געזאָגט אַז דאָס איז ניט קיין פּשוטער וואָכעדיקער אָוונט. די ברענענדיקע ליכט אין די מעשענע לייכטער האָבן באַזונדערס אָנגעזאָגט אַז ס׳איז פרייטיקצונאַכט, אַן אָפּקלאַנג פון שבת קודש. אפשר איז ניט אַזוי לייכט געווען צו דערפילן דעם „קודש", אָבער דער „שבת" האָט זיכער גע־שוועבט איבערן ווייסן טישטוך.

האָט זיך דער שמועס געדרייט און געצויגן אַ מאָל מיט היציקע טענות, אַ מאָל מיט שטעכיקער איראָניע, און די צדדים האָבן אָפּגעשפּיגלט די געוויינטלעכע חילוקי דעות ווי מיר געפינען זיי היינטיקע צייטן אין יידישע ביכער, אַרטיקלען און ביי פּריוואַטע באַגעגענישן.

איינער פון אונדז האָט בשום אופן זיך ניט געקאָנט איבערבעטן מיטן געדאַנק וואָס וויל אונדז דערנענטערן צו די וועגן פון דער יידישער טראַדיציע. אויב ניט אָננעמען דעם גאַנצן דרך פון ערלעכן יראי־שמים, האָט ער געטענהט, האָבן אַלע האַלבע און פערטל רפואות קיין טעם און קיין ווערט ניט. וואָרעם טראַדיציע באַשטייט פון אַ סך פּרטים, איז אָבער אַ גאַנצע זאַך. יעדער פּרט איז פאַרבונדן מיטן צווייטן. קאָן מען דאָך ניט זיך איינהילן אין ברעקלעך און צויטן און מיינען אַז מיר האָבן שוין די וואַרעמקייט פון גאַנצן מלבוש. גערעכט איז פאָרט געווען דער פרומער ייד, האָט ער ווייטער געטענהט, וואָס האָט געקוקט מיט כעס און ביטול אויפן אַפּיקורסישן ליטוואַק. יענער האָט געלערנט גמרא אָן אַ היטל. אָבער דער עכטער טראַדיציאָנעלער ייד האָט געפילט אַז דערמיט שליסט ער זיך אויס פון כלל ישראל. לערנען גמרא ווי אַ טראַדיציאָנעלן אַקט איז דאָך דער היפּוך פון אַ בלויזן קאָפּ וואָס דאָס איז אַ פאַרלייקענונג פון טראַדיציע.

אַזוי האָט ער ווייטער גערעדט און בעת מעשה געקוקט מיט באַהאַלטענעם חוזק אויף איינעם פון זיינע קעגנער וואָס איז געזעסן לעבן די אָנגעצונדענע שבת־ליכט איינגעוויקלט אין געדיכטן רויך פון זיין ליולקע. ער האָט גע־

קוקט און זיך געהיצט: ווי קאָן מען מיט איין האַנט שטיצן די טראַדיציע און זי צעשטערן מיט דער אַנדערער?

והשנית, עס קאָן ניט זיין קיין טראַדיציע אָן אמונה, דער גלויבן אין אַ בורא עולם, אין שכר ועונש, אין אַ יענער וועלט, אָט־די אמונה מאָטיווירט דעם גאַנצן אינהאַלט און אויפהאַלט פון דער טראַדיציע, בלויז צוליב דער באַצווינגענדיקער קראַפט פון דער אמונה נעמען יידן אויף זיך דעם עול מלכות השמים, די אַלע אומבאַקוועמלעכקייטן פון עבודת הבורא. טראַדיציע ווי אַן אויסגערעכנטע פאָרמולע צוליב קיום האומה קאָן קיין האַפט ניט האָבן, די היינטיקע גייען דאָך צו צום גאַנצן ענין אָן שום גלויבן. עס פעלט זיי דער כוח פונעם מגיד וואָס האָט געסטראַשעט מיט גהינום און גן עדן. זיי בויען אַלץ אויפן קוועקזילבער פון שכלדיקע חשבונות. וואָסער ווערט, וואָסער באַטרעף, קאָן דאָס האָבן אין לעבן פון מאָדערנע מענטשן? דערמיט שטרייכט מען בלויז אונטער אַז ס'איז בכלל ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַ יידיש פאָלק אין דער היינטיקער וועלט. ווילט איר דאָס?

די ליכט אין די מעשענע לייכטער האָבן שוין געצאַנקט. דער פּאַרטיי־דיקער פון טראַדיציע מיט דער ליולקע אין מויל האָט שוין געהאַט אויסגעריבן אַלע שוועבעלעך וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און די וויכוחים זענען געוואָרן אַלץ היציקער, אומגעדולדיקער, אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק וואָלט געשטאַנען הינטער דער טיר און געוואַרט אויף אַ לעצטן ענטפער.

2

מען מוז מודה זיין אַז די געבראַכטע טענות זענען ערנסטע, וואָגיקע, אָבער איידער מיר קליבן זיך פאַנאַנדער אין די אַלע אַרגומענטן איז נייטיק פעסטצושטעלן אַז דאָס איז אַ וויכוח צווישן צוויי ניט־גלייכע צדדים. וואָרעם אַ וויכוח. דאַרף דאָך אייגנטלעך זיין אַ קאָלטער רעזאָניר־פּראָצעס וואָס וויל שאַפן אַן אינטעלעקטועלע בריק צווישן פאַרלאַנגען און מעגלעכקייטן. פאַר־לאַנגען זענען אָבער זאַכן פון געפיל און אינטערעס. אויב עס איז פאַראַן ביי ביידע צדדים אַ שותפות אין עמאָציאָנעלן הינטערגרונט, נאָר עס פעלן בלויז אויס די שכלדיקע איינזעענישן, דעמאָלט האָט אַ זינען צו פירן וויכוחים כדי צו דערגרייכן קלאָרקייט. אָבער אויב די געפילן גופא פּליסן ניט פון זעלביקן קוואַל, דעמאָלט געפינען זיך די צדדים אין צוויי באַזונדערע אוני־ווערסן וואָס קיין שום שכל אין דער וועלט קאָן זיי ניט דערנעענטערן.

ווען דער פריערדיקער בעל טענה וואָלט טאַקע געווען אַ פרומער ייד וואָס וויל דורכויס אָדער גאָר אָדער גאָרניט, דעמאָלט וואָלט דער וויכוח געקאָנט זיין באמת פרוכטבאַר. ביידע צדדים וואָלטן גלייך געווען פאַראינ־טערעסירט אַז יידן זאָלן בלייבן יידן, דער חילוק איז בלויז אין וואָס עס

דאַרף באַשטיין אונדזער אַקטיווע אָנשטרענגונג אין אָט דעם פּראָצעס. אָבער יענער פאַרנעמט דאָך בלויז אַ נעגאַטיווע פּאָזיציע, ער מיינט דאָך ניט אַז מיר זאָלן דווקא אָננעמען יעדן פּרט פון טראַדיציע און אמונה, ער וויל זיך דאָך אָפּשאָקלען פונעם גאַנצן ענין. אַי ווי אַזוי פאַרענטפערט מען די פּראָבלעם וואָס מיר האָבן פאַר זיך? איז דער תירוץ, אַז פאַר יענעם איז דאָס גאָר קיין פּראָבלעם ניט. בנוגע יידן, ווי אַ יידיש פאָלק, איז ער אָדער פּאַטאַליס־טיש, אָדער נייטראַל. עס איז פּונקט ווי ביי אַ קאָנסולטאַציע פון צוויי דאָקטוירים, זאָל איינער נישטערן אַלע ווינקעלעך פון זיין וויסנשאַפט כדי צו העלפן דעם פּאַציענט, און דער אַנדערער זאָל האַלטן: יאָ־יאָ, ניט־ניט. גיי גיב איבער אַ סריס צו פאַרענטפערן געשלעכט־פּראָבלעמען. אין אַזעלכע פאַלן רעדוצירן זיך וויכוחים צו הוילער אינטעלעקטועלער גימנאַסטיק. דאָך איז זיכער כדאי מיר זאָלן אַ ביסל גענויער אַנאַליזירן די באַגריפן „גאַנצקייט" און „אמונה" און זען וויפל לאָגיק עס ליגט אין די אַרגומענטן פון אונדזער בעל טענה.

3

גאַנצקייטן, אָדער סיסטעמען, זענען פאַראַן פון פאַרשיידענע סאָרטן. אין דער ערשטער ריי האָבן מיר די וואָס איך וואָלט אָנגערופן אָביעקטיוו־גילטיקע, ד"ה, אַזעלכע וואָס יעדער בר דעת מוז אין זיי זען אַ נאַטירלעכן איינס, און וויבאַלד מען נעמט פון זיי אַוועק דעם מינדסטן טייל מוז די גאַנצ־קייט ליידן פון אַ מום, אָדער אינגאַנצן פאַנאַנדערפאַלן. אַזעלכע גאַנצקייטן זענען דאָ פּראַקטישע און טעאָרעטישע. אין די פּראַקטישע געפינען מיר אַזאַ זאַך ווי אַ מאַשין. אַ מאַשין באַשטייט פון שרייפלעך, רעדלעך, אאַז"וו. אָבער זי פונקציאָנירט ווי אַן איינס. יעדער טייל שפּילט גאַנץ באַשטימטע ראָלע אין דער סיסטעם, ווי אַ גאַנצקייט, און וואָס מען זאָל פון דער מאַשין ניט אַוועקנעמען וועט מען פריער אָדער שפּעטער באַמערקן אַז עפּעס פעלט.

אַ טעאָרעטישע סיסטעם קאָן זיין אַ מאַטעמאַטישע פאָרמולע, אָדער אַ לאָגישער סילאָגיזם. אויב, למשל, פאַשיזם איז מחייב אַנטיסעמיטיזם, און אויב לאַוואַל איז אַ פאַשיסט איז ער ממילא אַן אַנטיסעמיט. די דאָזיקע הנחות צוזאַמען מיטן אויספיר זענען אַ גאַנצקייט וואָס איז אָביעקטיוו גילטיק פאַר יעדן מענטשן.

אין דער צווייטער ריי דאַרף מען אַוועקשטעלן די סוביעקטיוו־גילטיקע סיסטעמען. אויך דאָ האָבן מיר אַזעלכע וואָס געהערן צום פּראַקטיש־ניצלעכן סאָרט און אַזעלכע וואָס פאַרנעמען אַ מער גייסטיקע פּאָזיציע. צום ערשטן קלאַס קאָן מען צורעכענען אַזאַ זאַך ווי אַ סיסטעם וואָס באַשטייט פון היגיע־נישע כללים. דאָס קאָן האָבן אַ שייכות צו עסן, קליידער, וואַשן זיך, הויז־

ריינקייט, אאַז״וו. די געבונדנקייט צווישן די איינצלנע פונקטן זענען שוין דאָ ניט אַזוי אייזן־פעסט ווי אין אַ מאַשין, אָדער אין אַ לאָגישן סילאָגיזם. זיכער קאָנען זיין מענטשן וואָס באַטראַכטן ניט, ווינציקסטנס טייל כללים, ווי אַ חוב פאַר זיך. זיי מעגן צווייפלען אין זייער ריכטיקייט, אָדער אַפילו אין זייער געוואונטשקייט. טאַקע צוליב דעם איז אַזאַ סיסטעם בלויז סוביעקטיוו גילטיק.

פון זעלביקן מין זענען אויך עסטעטישע סיסטעמען, כאָטש זיי געהערן שוין צום גייסטיקן לעבן. פאַסיקע קאָמבינאַציעס פון קאָלירן, אָדער דער אויסשטעל פון מעבל אין אַ הויז, נעמען מיר אויף ווי אַ גאַנצקייט וואו די איינצלנע פּרטים זענען בלויז טיילן. אָבער דאָ איז די גאַנצקייט נאָך ווייניקער מוז פאַר אַלע מענטשן, און די טיילן זענען שוין גאָר ווייניק געבונדן צווישן זיך. אַרויסנעמען איין קאָליר פון דער קאָמבינאַציע אָדער איין חפץ פון די הויז־זאַכן איז לחלוטין ניט דאָס זעלביקע ווי אַוועקנעמען אַ טייל פון אַ מאַשין, אָדער אַפילו ווי אַוועקנעמען, כאַפּן מיר אָן, דעם „לא תגנוב״ פון די עשרת הדברות. אַן עסטעטישע סיסטעם קאָן אַ סך ווייניקער ליידן פון אַזאַ אָפּעראַציע.

פאַראַן נאָך אַן אונטערשייד צווישן די אָביעקטיוו־גילטיקע און די סוביעקטיוו־גילטיקע סיסטעמען וואָס מען דאַרף האָבן אין זינען. די ערשטע זענען ניט בלויז גילטיק פאַר אַלע מענטשן וואָס אָפּערירן מיט שכל, נאָר אויך פאַר אַלע צייטן, אויף וויפל מיר, פון היינט, קאָנען בכלל באַשטימען אַזעלכע זאַכן. אין די סוביעקטיוו־גילטיקע סיסטעמען קומען פאָר ענדערונגען סיי אין צייט, סיי אין פּלאַץ. אַ מאָדע — אייגנטלעך אַן עסטעטישע סיסטעם — איז דאָך דער בעסטער עדות דערפון.

וואָסער מין סיסטעם, אָדער גאַנצקייט, איז טראַדיציע? זי קאָן דאָך זיכער ניט זיין קיין אָביעקטיוו־גילטיקע גאַנצקייט שוין צוליב דעם אַליין וואָס פעלקער, אַפילו טיילן פון פעלקער, האָבן גאַנץ אַנדערע טראַדיציעס. ביי יידן, האָט מען דאָס תמיד געזען גאַנץ קלאָר. איך וועל שוין ניט רעדן וועגן תימנישע אָדער אַבעסינישע יידן, וואָס האָבן אַ סך אַנדערע טראַדיציעס ווי די פרומע ביי אונדז. אַפילו די אָרטאָדאָקסן פון פראַנקפורט גלייכן זיך לחלוטין ניט אויס אין דעם פרט מיט די גערער חסידים, אָדער מיט ר׳ חיים עוזרן, ז״ל. אין ניו יאָרק, ביי דער געוואַלטיקער איבערקערעניש וואָס אַמעריקע האָט אַריינגעבראַכט אין פּראַקטישער יידישקייט, זעט מען אַזאַ מאָדנע צעמישעניש פון די פאַרשיידנסטע „אָרטאָדאָקסיזמען״, אַז כמעט יעדע שול איז אַן אַנדער מין גאַנצקייט. וואָס אין איינער איז כשר און רעכט, איז אין אַן אַנדערער טריף ווי חזיר. די ישיבות האַלטן דאָ אין וואַקסן, אָבער צווישן די עלטערן וואָס שטרענגען זיך אָן מיט אַלע כוחות צו שיקן זייערע קינדער אין ישיבות זענען פאַראַן הונדערטער, אפשר טויזנטער, וואָס חילול

שבת בפרהסיא איז ביי זיי אַ גאַנץ געוויינטלעכע זאַך. נאָך מער, דער גאַנצער באַגריף פון „חילול שבת" האַלט אין איין פאַרלירן זיין אַמאָליקע „גאַנצקייט". טייל קומען אין שול, אָבער זיי פאָרן. ביי טייל היט מען אָפּ שטרענג דעם טראַדיציאָנעלן שבת אין דער סינאַגאָגישער עפנטלעכקייט, אָבער זיי האַלטן אַז דאָס איז ניט חל אויפן אויפפיר אין דער היים. דאָס האָט לחלוטין ניט צו טאָן מיט צביעות, ווי טייל מיינען.

די גאַנצע באַוועגונג פאַר חיזוק הדת וואָס רודערט איצט אויף די אָרטאָדאָקסישע וועלט איז אין דער אמתן גיכער אַ כוח וואָס זוכט צו שאַפן איינהייטלעכקייט און אויטאָריטעט אין טראַדיציאָנעלער יידישקייט איידער אַ שטרעבונג זיך אומצוקערן אין דער פולער מאָס צו „די אַלטע גוטע צייטן". אַפילו דער כאַראַקטער פון דער באַוועגונג גופא, אירע מעטאָדן און איר פאָרם, איז שוין ווייט פון אָפּשפּיגלען דאָס יידישע לעבן פון אַמאָליקן פרומען שטעטל. אויב גאַנצקייט באַטייט אַזאַ מין יידישקייט ווי מיר זענען געוואוינט געווען צו זען ביי די אַמאָליקע יראים ושלמים, איז דאָס אין אַמעריקע שוין אינגאַנצן ניט בנמצא און עס איז שוין געווען אַ זעלטנקייט אויף יענער זייט ים פאַר דער מלחמה.

עס איז דעריבער פריקרע צו הערן פון אינטעליגענטע מענטשן די טענה פון „אָדער אַהין, אָדער אַהער". יעדער פון זיי האָט אין זינען אַ געוויסן דרך אין פרומקייט וואָס דאַרף דינען ווי אַ מוסטער פון יידישן טראַדיציאָנעלן סטערעאָטיפּ. עס קומט ביי אים אויס אַז יעדער שאַרפער שניט אין אָט דעם דרך צעברעכט דאָס גאַנצע.

די גאַנצע געשיכטע פון פעלקער און קולטורן באַשטייט אייגנטלעך אין שטענדיקע ענדערונגען וואָס נעמען אַרום פאַרשיידענע פּרטים פון שטייגער סיסטעמען, אַפילו ווען די סיסטעם אין איר גאַנצקייט פאַרבלייבט. קריסטנטום האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַרום נייַנצן הונדערט יאָר צוריק, זיך אָנגעהויבן און פאַרבליבן, אָבער עס איז כמעט ניטאָ קיין איין שטיין אין אָט דער קולטור־געביידע וואָס האָט זיך ניט געביטן זינט יענער צייט. דאָס אייגענע איז אמת ביי יידן, כינעזער, אינדיאַנער, און בנוגע אַלע אַנדערע קולטור־פורעמס.

טראַדיציע־סיסטעמען, לעבנס־שטייגערס, פאַרנעמען די סאַמע באַוועג־לעכסטע פּאָזיציע צווישן די סוביעקטיווע סיסטעמען. אַפילו זייער איינגע־שפּאַרטסטע שטענדיקייט ליגט בלויז אין געוויסע עיקרים פון אַלגעמיינע קוואַליטעטן — באַציאונגען צו וועלט און לעבן — ניט אין באַשטימטע פּרטים פון אויפפיר. ווען שמעון הצדיק שטעלט אַוועק די וועלט אויף אַ דרייענדיקן פונדאַמענט: תורה, עבודה, גמילת חסדים, איז דאָס אַ יידישע אויפפאַסונג, און עס געהערט צו די מער שטענדיקע זאַכן פון אַ לעבנס־שטייגער. אָבער ווען הלל פירט איין דעם פּרוזבל — וואָס דאָס מיינט, פשוט, זיך אַרויסדרייען פון אַ בפירושן דין פון דער תורה — האָט ער דערמיט קיין שום גאַנצקייט

ניט צעשטערט. ער האָט דערמיט פאַרהיט מען זאָל אַנדערע וויכטיקערע זײַלן פון יידישקייט ניט צעשטערן. בכלל האָט ער אין זײַנע תקנות אין זינען געהאַט דעם קיום פון יידישקייט, ניט דאָס דאָגמאַטישע אײַנקלאַמערן זיך אין דעם אָדער יענעם פאָרמעלן פרט. דערפאַר האָט ער אַרויסגערופן ניט בלויז טיפן יראת הכבוד נאָר אויך וואַרעמע ליבע ביי אַלע ווייטערדיקע דורות.

יידישקייט לעבט איצט דורך אַ טיפן קריזיס. דער קריזיס איז שוין געווען גענוג גרויס און מאַנענדיק נאָך פאַר דער* מלחמה. דער וואָס פילט אַז דאָס איז אַ געוואַלטיקע פּראָבלעם אין גאַנצן יידישן לעבן, און עס רירט אים אָן, וועט זוכן עצות און תחבולות וואָס זאָלן באַפרידיקן זײַנע פאָלקישע געפילן אין די ראָמען פון מענטשלעכע מעגלעכקייטן. ער וועט ניט אַוועקשטעלן קיין „אָדער אַהער, אָדער אַהין״, ווייל דערמיט ווערט דאָך זיכער אַלץ צעשטערט. אָבער למען האמת דאַרף קלאָר ווערן ווי דער טאָג אַז דער עצם אַרגומענט אין נאָמען פון גאַנצקייט האָט קיין שום זוערט ניט אין סיסטעמען פון מענטשלעכער קולטור. גוט איז אונדז וואָס מאַשינען זענען מאַשינען און מענטשן זענען מענטשן, און יעדער מענטשלעכער שטייגער פון לעבן איז אַ כאַראַקטעריסטישע סוביעקטיוו־גילטיקע סיסטעם מיט אַלע סימנים פון כסדרדיקע אומבייטן לויט ווילן און תנאים פון לעבן.

4

די אַרגומענטן וואָס פאַררופן זיך אויף אמונה זענען אַ סך וואָגיקער און האַרבער. לכל הפּחות ווייזט זיך אויס אין פלוג אַז אין זיי שטעקט אַ טיפער אמת. דאָס וואָלט מען זיכער געקאָנט מודה זיין נאָר מיט איין תנאי: מיר זאָלן לכתחילה געוויס פאַרשטיין וועגן וואָס מיר רעדן. אָבער דעמאָלט, האָב איך מורא, וועט דער גאַנצער אַרגומענט אין אונדזער פאַל פאַרלירן אַ סך פון זיין לאָגישן כוח.

נאָר איידער וואָס־ווען איז נייטיק זיך צו היטן פאַר צוויי מעגלעכע קוואַלן פון טעותן בעת מיר באַהאַנדלען די פראַגע פון אמונה. דער ערשטער איז אַ פּסיכאָלאָגישער, דער צווייטער אַ לאָגישער. אין ערשטן פאַל האָבן מיר צו טאָן מיט אַן אבן נגף וואָס ליגט אויפן וועג פון רעטראָספּעקטיוון אַנאַליז. עס דאַכט זיך אונדז אַז בעת מיר כאַראַקטעריזירן אַמאָליקע צייטן און מענטשן גיבן מיר איבער אַן אָביעקטיוון באַריכט פון דעם וואָס מיר האָבן אַ מאָל איבערגעלעבט, אָבער אין דער אמתן פאַרצייכענען מיר גאָר וואָס מיר טראַכטן איצט וועגן אונדזערע אַמאָליקע געפילן און געדאַנקען, און דאָס קאָן אַ מאָל האָבן אַ קנאַפּע שייכות צו די אמתע פאַקטן פון יענע יאָרן.

דער מעגלעכער לאָגישער פעלער קאָן שטאַמען פון דעם וואָס מיר זוכן

מיט ראיות פון איין מין (שכל) אויפצוקלערן וואָס עס קומט פאַר ביי געשעענישן פון גאָר אַן אַנדער מין (אמונה). עס איז פונקט ווי מען זאָל וועלן מעסטן די לענג פון אַ ברעט מיט אַ טערמאָמעטער. ביידע פעלערן זענען ניט קיין מוז־זאַך, אָבער מען דאַרף וויסן אַז זיי לויערן אויף אונדז און זיך היטן פאַר זיי מיט די גענעריקע ריגאָריסטישע מיטלען. אין אונדזער פאַל זענען די דאָזיקע צוויי שטרויכלונגען געקניפּט און געבונדן. עס וועט דעריבער זיין בעסער ווען מיר וועלן זיי דאָ ניט צעטיילן נאָר ביידע באַהאַנדלען צוזאַמען.

כמעט יעדער איינער וואָס וויל אויסמאָלן דעם כוח פון עכטער אמונה נעמט פאַר אַ משל אַ טאַטן, אַ זיידן, אַ רב אין אָסטראָווצע, אַ דיין אין גראָדנע, אָדער זיך אַליין אין דער נאַאיוועער קינדהייט. יענע פאַלן, וויסן מיר, זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ טיפער דורכדרינגנדיקער אמונה אין שכר ועונש, אין גן עדן און גיהנום, ממילא קומט ביי אונדז אויס אַז דער טאַטע, דער זיידע, אָדער מיר אַליין אין דער יונגער קינדהייט, האָבן אָפּגעהיט פרומקייט בלויז אויס מורא פאַר די שמיץ אויף יענער וועלט, אָדער ווייל דאָס האַרץ איז אונדז אויסגעגאַנגען נאָך אַ שטיקל שור הבר און נאָך אַ ביסל יין המשומר וואָס מען האָט אונדז מבטיח געווען אַז עס שטייט פאַר אונדז גרייט אויפן עולם האמת.

אַז עס זענען פאַראַן פרומע יידן איז אַ פאַקט. אַז זיי גלויבן אין גיהנום און גן עדן איז אויך אַ פאַקט. נעמען מיר, אין אונדזערע דערוואַקסענע איבער־קלוגע יאָרן, און מאַכן דאָס צווייטע ווי די סיבה פונעם ערשטן. עס פאַלט אונדז ניט איין אַז כאָטש די צוויי פאַקטן זענען טאַקע פאַקטן איז אָבער די סיבותדיקע שייכות צווישן זיי בלויז אַ דראַנג, מיר דרינגען דאָס אַרויס ערשט דעמאָלט ווען די איבערלעבעניש גופא, פרומקייט, איז שוין אונדז אינגאַנצן פרעמד. מיר דאַכט זיך אַז דער אמת איז פונקט פאַרקערט: דער גלויבן אין גיהנום און גן־עדן איז דער פועל יוצא, ניט די סיבה, פון דעם וואָס מענטשן פירן אַ רעליגיעז־פרום לעבן.

דערצו קומט נאָך אַ מין שכל הישר פון אַ הערשנדיקער וויסנשאַפטלעכער טראַדיציע און לייגט אַוועק די טעאָרעטישע חתימה אויף דער פאַלשער פסיכאָלאָגישער דערקלערונג פון רעליגיעזער פרומקייט. אין דער צייט ווען מען האָט געהאַלטן אַז די ענדגילטיקע רעאַליטעט באַשטייט פון מאַטעריע, איז אין פסיכאָלאָגיע פאַרשפּרייט געוואָרן דער געדאַנק אַז מענטשלעך לעבן ווערט באַהערשט פון צוויי היפּוכדיקע כוחות, אַ נעגאַטיוון, און אַ פּאָזיטיוון. מיר רייסן זיך אַוועק פון ווייטאָג און מיר ציען זיך צו פאַרגעניגן. פאַרשטייט זיך אַז די כוחות קאָנען זיין בלויז אויף אַזוי ווייט פיזיש אין כאַראַקטער אויף וויפל דאָס איז בכלל מעגלעך ווען מען האָט צו טאָן מיט מענטשלעכער פסיכאָלאָגיע. ממילא קומט אויס אַז אויב אַ ייד איז אָפּגעהיט אין מצוות און מעשים טובים קאָן דאָס בלויז דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס ער וויל

אויסמיידן פיזישע יסורים אָדער זיך אָנעסן מיט פיזישן פאַרגעניגן. דאָס איז דאָך אַזוי פשוט, בתכלית הפשטות. אַזאַ ייד האָט מורא פאַר די פייערדיקע ריטער פון גיהנום, און עס גייט אים אויס דאָס האַרץ נאָך שור הבר און יין המשומר. באמת, וואָסער פאַרגעניגן קאָן דען זיין גרעסער ווי געבראָטן אָקסן־פלייש פאַרטרונקען מיט אַלטן ווײַן?

דער היסטאָרישער פאַקט אַז יידן האָבן אָפּגעהיט די תורה נאָך איידער זיי האָבן געגלייבט אין די אַלע זאַכענישן, דאָס האָט, ווייזט אויס, ווייניק געשאַט דער פשטותדיקער טעאָריע. נאָך מער, ווען עמיצער וואָלט זיך קאָנקרעט פּרובירט אויסמאָלן דאָס אינערלעכע נשמה־בילד פון זיין טאַטן אָדער זיידן, וואָלט ער דאָך קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטעלן מיט אַזאַ אומ־געלומפּערטער נאַאיווקייט די טיפערע מאָטיוון פון יענעמס גייסטיק לעבן. אָבער דער איבער־קלוגער פּרינציפּיעלער אַפּיקורוס האָט אייגנטלעך ניט קיין טאַטן אָדער זיידן אין קאָפּ, נאָר אַן אייגן־פאַבריצירטן סטערעאָטיפּ פון אַ פרומען יידן. עס איז אַן אַבסטראַקציע, און אַן אויסגעטראַכטער אַבסטראַק־ציע קאָן מען אַלץ צושרייבן. ניטאָ ווער עס זאָל זיך ווערן.

אמונה — זיכער. איך וויל באין אופן ניט פאַרקלענערן איר כוח און ווירקונג. פאַרקערט, איך וויל דאָס נאָך פאַרגרעסערן. אמונה איז אייגנטלעך אַ פונדאַמענטאַלע פּסיכאָלאָגישע קאַטעגאָריע. אָן אמונה קאָן מען דאָך אות באות קיין טראָט ניט מאַכן. דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ האָט פאַרמאָגט ניט ווייניקער אמונה ווי דער אינקוויזיטאָר וואָס האָט אים פאַרמשפּט לשרפה. מיט וויסנ־שאַפט אַליין קאָן מען זיך ניט מקריב זיין פאַר וויסנשאַפט. איינער קאָן גלויבן אַז גאָט איז אויף זיין זייט, דער אַנדערער אַז אויף זיין זייט איז דער „סטיכישער פּראָצעס". דער אונטערשייד אינעם גאַנג פון דער וועלט איז איןביידע פאַלן זייער גרויס. אָבער בנוגע אמונה איז צווישן זיי קיין חילוק ניטאָ. ביידע גלויבן אין זאַכן וואָס קיין שום וויסנשאַפט און קיין שום לאָגיק קאָן ניט דערווייזן.

5

אמונה הייבט זיך אייגנטלעך אָן דאָרט וואו די איינדרוקן פון חושים און געפילן ווערן אויפגענומען ווי אַ דירעקטע מיטטיילונג פון רעאַלע עקזיס־טענצן. מיר גיבן זיך איבער די דאָזיקע איינדרוקן מיט אַזאַ אַבסאָלוטער זיכערקייט וואָס שטייגט אַריבער אַלע גרענעצן פון שכל און וויסן. דאָס הייסט אַז דער גאַנצער ספּעציפישער כאַראַקטער פון מענטשלעכן לעבן ווערט גע־בוירן אין שטראָם פון גלויבן. אָבער גלויבן דאַרף ניט פאַרשטאַנען ווערן ווי אַ פּאַסיווער הינטערגרונט פון אונדזער פּסיכיק, ווי אַ שטילע גרייטקייט אויפצונעמען מיט צוטרוי „די מעשה פון דער וועלט", ווי איגנאַטאָוו וואָלט

געזאָגט. עס איז אַן אַקטיווער כוח וואָס טרייבט, שאַפט, קאָמבינירט און פורעמט. עס בויט בנינים פון געפילן, געדאַנקען און געוואוינהייטן אונטערן דרוק פון ברויזיקע אימפולסן, אָבער אויך אין דער ראָם פון הערשנדיקע אידייען און נייגונגען פון דער צייט. ממילא דריקט זיך אויס אמונה אין די פאַרשיידנסטע פאָרמען און וויטסטע גראַדאַציעס פון די סאַמע ערשטע איינדרוקן פון זאַכן און געשעענישן ביז די נאַאיווסטע מיטאָלאָגישע קאָנ־סטרוקציעס, פון דעם וואָס מיר באַטראַכטן ווי רעאַלע אַבסאָלוטקייט ביז די פאַנטאַסטישע געשטאַלטן פון קינדישן פאַלקלאָר.

דער אורקוואַל פון אַלע אמונה־גראַדאַציעס איז דער זעלביקער. מיר גלייבן ווייל אַנדערש קאָנען מיר ניט לעבן; מיר קאָנען אַנדערש ניט אויפ־האַלטן אונדזער עלעמענטאַרן קיום סיי ווי יחידים, סיי ווי גלידער פון אַ צונויפגעוואָקסענעם קיבוץ, וואָס אויך אָן דעם — אָן דער איינגלידערונג אין אַ סאָציאַלן אָרגאַניזם — קאָן מענטשלעך לעבן ניט געמאָלט זיין.

צווישן די פאַרברענטע קעגנער פון אַלע פאָרמען פון יידישן טראַדיציאָ־נעלן דרך זענען פאַראַן צוויי טיפּן וואָס מען וואָלט ניט געדאַרפט צונויפמישן. פאַראַן אַזעלכע וואָס רעדן וועגן דעם ממש מיט שוימיקער שנאה. ווען איר זאָלט דאַטירן אַ געשעעניש לויטן יידישן קאַלענדאַר וועט איר שוין דערמיט אַליין ביי זיי אַרויסרופן אַן עקל. ביי זיי איז דאָס פאַרבונדן מיט אָפּגעשטאַ־נענקייט, רעאַקציע, אַפילו שווינדל. זיי זעען אין דעם אַ שטרויכלונג צו די בעסטע מענטשלעכע אידעאַלן פון דער צייט.

יעדער מענטש מיט אַן אָפן אויג קאָן גלייך באַמערקן אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט עפּעס וואָס איז מער גרילצנדיק ווי געפערלעך. עס איז אַ צייט־קראַנקייט. אין פּראָצעס פון אַ גאַנץ ספּעציעלער דערציאונג אין זייער יוגנט האָבן זיי, אין זייער טיפער גלייביקייט, אָנגעפילט אַלע רעליגיעזע און ליטור־גישע פאָרמען מיט אַן עקסטרעמען נעגאַטיוון סימבאָליזם. ביי זיי זענען די אַלע זאַכן געוואָרן פּסיכישע אָנלאָדונגען אויף צו דערוועקן ביי זיי אַ מין אומדערקלערלעכן האַס. מילא, יעדער פּסיכאָלאָגישער קליניק איז גאַנץ גוט באַקאַנט מיט אַזעלכע נעגאַטיווע פיקסירונגען, און אין רוב פאַלן לאָזט זיך דאָס אויסהיילן. אַז דאָס איז בלויז אַ צייט־קראַנקייט איז ניט שווער איינצוזען. מיר זענען פּערזענלעך באַקאַנט אַ גאַנץ היפּשע צאָל אַזעלכע יידן. זייערע קינדער האָבן, פאַרשטייט זיך, אַ קנאַפּע שייכות צו יידישע טראַדיציאָנעלע פאָרמען היימישע אָדער סינאַגאָגישע. אָבער איך האָב ניט באַמערקט קיין איין איינציקן פאַל ווען ביי אָט די קינדער — גאַנץ היפּשע בחורים און מיידלעך — זאָל זיין מער ווי גלייכגילטיקע פרעמדקייט צו פּראַקטישער יידישקייט. האַס, שנאה — קיין סימן דערפון האָב איך ניט געפונען, איך מיין דער עיקר די וואָס זייער אַלגעמיינע אידעאָלאָגישע ליניע איז די זעלביקע וואָס ביי זייערע פאַרביטערטע אַנטי־רעליגיעזע עלטערן.

ווי געזאָגט זענען זיי ניט קיין געפערלעכער אבן נגף. עס איז בלויז צו באַדויערן וואָס די אַנטי־רעליגיעזע מיטאָלאָגיע האָט אַזוי געטריי איבער־גענומען אַלע שאַרפסטע חסרונות פון דער רעליגיעזער מיטאָלאָגיע, אָבער ניט קיין איינע פון אירע גרויסע מעלות. אַ האַרבערע פּראָבלעם שטעלן מיט זיך פאָר די וואָס פאַרשטייען בכלל ניט צוליב וואָס מען האָט זיך פלוצלונג אָנגעשטעפּעט אַן דעם „נעכטיקן טאָג״. דאָס, האָב איך מורא, נעמט זיך דערפון וואָס ביי זיי איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן זייער אָרגאַנישע איינגלידערט־קייט אינעם יידישן כלל. זיי פילן זיך ניט בלויז מער פאַרבונדן מיט אַן אַנדער כלל, נאָך אויך מיט אַזאַ וואָס האָט אָנגעהויבן ביי זיי צו פאַרנעמען דעם פלאַץ פון סאָציאַל־יידישער געבונדקייט. ביי זיי איז עס ניט קיין פראַגע פון אַ געשטאָרבענער אמונה וואָס קאָן מער ניט מאָטיווירן דעם אַלטן יידישן שטייגער. וואָרעם אויב דאָס וואָלט געווען ריכטיק וואָלטן זיי בלויז געהאַט טענות צו עלטערע פאָרמען און געזוכט צו העלפן ברענגען נייע. ביי זיי, האָב איך מורא, איז פאַרגעקומען עפּעס ערגערס. דער אורקוואַל פון אמונה אין זייער נשמה — אין זיינע סאָציאַלע אַספּעקטן — האָט גענומען זיך רייסן אין אַ נייער ריכטונג, אין אַ ריכטונג וואָס פאַלט מער ניט צונויף מיט דער ליניע פון יידישן כלל. ממילא איז זיי פּשוט שווער, עמאָציאָנעל שווער, צו כאַפּן וואָס דאָ קומט פאָר, און צוליב וואָס מען האָט עפּעס גענומען דרייען אַ קאָפּ מיט נאַרישקייטן. ביי זיי איז אייגנטלעך די טענה אַזאַ: וואָס דולט איר אונדז עפּעס כסדר אַ ספּאָדיק וועגן יידן און יידישקייט, פאַראַן היינט וויכטיקערע ענינים אין דער וועלט. וויכטיקער איז ביי זיי נאַטירלעך די סאָציאַלע אמונה־ריכטונג וואָס רייסט זיי אַוועק און פאַרנעמט ביי זיי דעם פּלאַץ פון יידישן פאָלק, ווי אַ פאָלק.

בכל אופן דאַרף קלאָר זיין אַז מיט אמונה גופא האָט דאָס ווייניק וואָס צו טאָן. מאַכט אַ שפּאַציר אין יום כפור איבער די שולן אין ניו יאָרק, פרעגט ביי די מתפללים צי זיי גלייבן אין שכר ועונש, צי מען שמייסט אויף יענער וועלט מיט ברענענדיקע ריטער, צי מען עסט דאָרט לויתן, צי ס׳איז טאַקע אמת אַז ראש השנה שרייבט מען, יום כפור חתמהט מען און הושענא רבה גיט מען אַרויס קוויטלעך — דעם קעלמער מגיד וואָלט אָנגעכאַפּט אַ שרעק ווען ער הערט דעם ענטפער. אָבער וואָס דער ענטפער זאָל ניט זיין, אינע־ווייניק וואָלט יעדער געפילט אַן איבערראַשונג פון די אַלע פראַגעס, אַזוי ווי זיי וואָלטן בכלל ניט געהאַט קיין שום שייכות צום ענין. אָט־די פּסיכישע איבערלעבענישן זענען אייגנטלעך געווען אַקוראַט די זעלביקע אויך אין קעלמערס צייטן, נאַטירלעך אויף וויפל דאָס האָט אַ שייכות צום ברייטן, פּשוטן עולם. יידן גייען אין שול אַריין קודם כל דערפאַר ווייל אַזוי פירן זיך יידן, ווייל עס איז עפּעס גוט אַזוי, ווייל עס שטילט עפּעס אַ פאַרלאַנג

אין האַרצן, ווייל אַ ייד דאַרף זיין אַ ייד. אָט אין די אַלע נאַאיווע רייד ליגן די סאַמע וואָרצלדיקע מאָטיוון פון אַלע פאָרמען פון אַ לעבנס־שטייגער.

דער טיפּישער אפּיקורוס פאַרשטייט דאָס ניט. ער זעט אין אַ באַשטימטן מעניו פון קאָנקרעטע גלויבנס און אַבערגלויבנס די איינציקע מעגלעכע סיבה פון רעליגיעזן אויפפיר. ממילא, ווען ער באַגעגנט אַ רעליגיעזן מענטשן וואָס האַלט פאָרט ניט פון אָט די אַלע זאַבאָבאָנעס דערפילט ער אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ פּשוטן שווינדלער און שרייט: „צביעות". ער פאַרגעסט, דער אפּיקורוס אונדזערער, אַז זיין שפּיי „צביעות", איז אַ פּועל יוצא פון זיין אייגענער טעאָריע צו דערקלערן רעליגיעזע האַנדלונגען. אויב די טעאָריע איז אַ פאַלשע — און היינטיקע צייטן קאָן כמעט קיין ספק ניט זיין אין דעם — דעמאָלט האָט ער זיין פריינד באַליידיקט אומזיסט און אומנישט.

ר' שמשון רפאל הירש, דער באַרימטער פירער פון דער דייטשישער נעאָ־אָרטאָדאָקסיע, איז געוואַלטיק אומצופרידן מיט די יידיש־פילאָסאָפישע ספּעקולאַציעס פונעם רמב"ם און משה מענדעלסאָן. יענע, זאָגט ער, האָבן געשעפּט פון דרויסן און געוואָלט צופּאַסן אונדזער קולטור־ירושה צו פרעמדע געדאַנקען און טעאָריעס. ער אָבער, ר' שמשון רפאל, האָט געוואָלט שאַפן אַ „וויסנשאַפט פון יידישקייט", ד"ה, זיך דערגראָבן צו די אמתן וואָס מיר געפינען ביי אונדז גופא, ניט באַהויכט מיט אַ פרעמדן גייסט. ממילא זענען, אין דעם צוגאַנג צו יידישקייט, די מאָטיוון, אויסטייטשונגען און גלויבונגען, געווען אַנדערש ביי די דאָזיקע דריי גדולים, אָבער אַלע דריי האָבן געדאַוונט, געפייערט די זעלביקע יום טובים, און בכלל זיך געפירט ווי יידן פון זייער צייט און פלאַץ.

צייט און פלאַץ שפּילן אַן אומגעהייער גרויסע ראָלע סיי אין גאַנצקייט און כאַראַקטער פון אַ לעבנס־שטייגער, סיי אין די גלויבונגען וואָס וואַקסן אַרויס פון אים און אַרום אים. אַ מאָל איז צינדן שבת־ליכט און גיין אַן אַ היטל געווען אַ טיפע סתירה, און דאָרט וואו דאָס ערשטע איז געווען די פּראַקטיק איז דאָס צווייטע כמעט ווי אוממעגלעך געווען, היינט איז ממש לעכערלעך צו רעדן וועגן אַ סתירה צווישן די צוויי. עס איז פאָרגעקומען אַ גרינטלעכער אומבייט אין אַ סך צווייגן און ריטלעך פון לעבעדיקער יידישקייט אין די סאַמע געדיכטענישן פון פאָלק, כאָטש שטאַם און וואָרצלען זענען די זעלביקע, אין דער זעלביקער ערד פון אַלטן ישראל.

אין דער ספערע פון אמונה זענען די ענדערונגען זיכער ניט געווען קלענער. אַ סך גלויבונגען זענען שוין לאַנג געוואָרן פאַלקלאָר, צו אַנדערע איז מען בכלל גלייכגילטיק. איצט איז אַ צייט ניט פון אומגלויבן, נאָר פון פאַרבייגיין אַזעלכע ענינים, פון ניט אָפּגעבן זיך קיין קלאָרן דין וחשבון אין אמונה־זאַכן, פון ניט זוכן קיין באַוואוסטזיניקן אויסדרוק פאַר אַזעלכע איבערלעבענישן.

און דאָך, גראָד אַזאַ ערנסטער און שווערער איינפיר ווי די מילה־

אָפּעראַציע איז ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן אַפילו ביי די אָפּגעקילסטע מאמינים. עס איז געגנוג וואָס דאָס איז דער שאַרפסטער קען־צייכן פון איינגעגלידערטקייט אין יידישן פאָלק, וואָס אָן דעם ווערט מען ממילא פאַרשטויסן און פאַרוואָגלט פון אייגענעם קולטור־אָרגאַניזם, וואָס מיט דעם פילט מען זיך היימיש און אין האַרמאָנישער שותפות מיט דער גרויסער יידישער משפחה, — דאָס איז גענוג פסיכישע שטויס־קראַפט פאַר אַ יידן וואָס פילט זיך באַוואוסטזיניק יידיש. אַרום דעם דאַזיקן איינפיר קאָנען אויסוואַקסן פאַרשיידענע גלויבונגען, און באמת פיינע אויסטייטשונגען, און אַפילו דער ראַציאָנעלער תירוץ, „עס איז געזונט", דאָס אַלץ קומט אָבער שפּעטער, לאַנג, לאַנג נאָכן ברית.

סאָציאַליסטישע ראַדיקאַלן, אַפילו די פּרימסטע אָפּהיטער פון אַטעאיס־טישער טעאָלאָגיע, האָבן אויך געפילט אַז כדי צו זיין יידן דאַרף מען אויף זיך נעמען געוויסע „מצוות מעשיות", דאַרף מען ירשענען עפּעס פון אַלטן יידישן שטייגער. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף שפּראַך, יידיש. יידן האָבן דאָך גערעדט יידיש ווי אַ וואָכעדיקע פּראַקטיק, ניט ווי אַ מצווה, ממילא איז דאָס ניט קיין רעליגיע און אַפילו אפּיקורסים קאָנען דאָס אָננעמען; אמת, פאַר געוויסע אינטעליגענטן איז דאָס געווען גאַנץ שווער, אָדער אומבאַקוועם צוליב דער אָרעמקייט פון אַמאָליקן יידיש, און מען האָט באמת געדאַרפט האָבן אמונה צו נעמען אויף זיך אַזאַ עול. אָבער אויך אין דעם האָט די צוגעבונדנקייט צום אַלטן פאָלק ישראל געטריבן אויסצוטראַכטן אַ פיינעם הכשר. יידיש איז דערקלערט געוואָרן ווי די שפּראַך פון יידישן אַרבעטער, און אויב דאָס איז אַ קלאַסן־שפּראַך איז דאָך אַ קלאַסן־מצווה זיך צו באַנוצן מיט איר. אויך דאָ, הייסט עס, איז געווען גענוג אמונה — אין דעם פאַל מער אַבערגלויבן ווי אמונה — צו נעמען אויף זיך אַ שווערן עול.

די צייט האָט באַוויזן אַז דער עקספּערימענט מיט הוילן יידיש איז געווען אַ פולשטענדיקער דורכפאַל. איז נאַטירלעך אַז די אמונה וואָס פליסט פונעם פאַרלאַנג צו פאַרזיכערן דעם קיום פון אונדזער פאָלק זאָל זוכן מער פּרוכ־פּערדיקע פעלדער אין דער וועלט פון יידישקייט כדי זיך צו זעטיקן. אויף וויפל מיר האָבן אין זינען יידיש לעבן אין די גלות־לענדער איז קיין אַנדער וועג ווי דער וועג פון דער יידישער טראַדיציע ניטאָ. איך גאָט ווייס אַז אויך דאָ זענען קיין מאַטעמאַטיש־זיכערע גאַראַנטיעס ניטאָ. אָבער קיין בעסערן וועג האָט נאָך קיינער ניט פאָרגעשלאָגן. די וואָס אידענטיפיצירן זיך מיט יידן און דעם יידישן לעבן פאַרמאָגן אויך שוין דערמיט אַליין גענוג אמונה צו גיין אויף אָט דעם וועג.

די קולטור־גאַנצקייט וואָס פון דעם קאָן אַרויסוואַקסן — וואָס וואַקסט שוין איצט ממילא אַרויס ביי אַלע סאָרטן יידן — וועט זיכער זיין אַנדערש פון דעם וואָס מיר האָבן געזען אין אַמאָליקן שטעטל. און ווי גרויס אונדזער צער זאָל ניט זיין מוז מען מודה זיין אַז ביי די היינטיקע באַדינגונגען פון

לעבן איז שווער צו האָפן אויף אַזאַ אינערלעכער יידישער אייזן־פעסטקייט וואָס האָט אַרומגעפּאַנצערט די אַמאָליקע יידישע וועלט. אָבער צוזאַמען מיט די כוחות איבער וועלכע מיר קאָנען האָבן אַ קנאַפּע שליטה, קאָנען מיר אויך זיין געטנוג יידיש און גענוג אינערלעך אָרגאַניזירט גייסטיק און געזעלשאַפטלעך ווייטער צו בויען אַן אייגן און ווערטפול יידיש לעבן פאַר די קומענדיקע דורות.

(1942)

# וועלטלעכע וואַנדערונג

ווען עס קומען אָן די גרויסע ימים־טובים, דער עיקר ימים־נוראים, שמחת־תורה און פּסח, רייסט זיך אַריין אַ ווינט פון אומרו אין אַ סך היימען פון די וועלטלעכע יידן. זיי הייבן אָן פילן עפּעס אַזוי ווי די אייגענע ד׳ אמות וואָלטן זיי פרעמד געוואָרן. דערוועקט זיך אין זיי אַ חשק צו וואַנדערן און זוכן אַן אייגן שטיקל גייסטיקע נחלה אין דער געוועזענער היימישער וועלט פון כלל ישראל.

איינער דערציילט מיר אַז יום־כיפּור צו כל נדרי, בעת ער האָט זיך פאַרזיכטיק צוגעהערט צו דער ציטערדיקער שטים פונעם רב־חזן, האָט ער צופעליק אויסגעדרייט דעם קאָפּ און באַמערקט אַן אַלטן באַקאַנטן ביי דער טיר. ער האָט דערפילט אַז דער טלית איז אים הייס געוואָרן אויפן האַלדז. דעם באַקאַנטנס אויגן האָבן אים שטאַר אָנגעקוקט, עפּעס, דאַכט זיך, געזאָגט, געפרעגט, און זיך פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט. אויך ער האָט זיך פאַרשעמט אַזוי ווי מען וואָלט אים „געפּאַקט“ ערגעץ וואו עס ווילט זיך ניט געזען ווערן.

דאָס האָט אים שטאַרק מבלבל געווען די רעיונות. ער האָט געהאַט באַשלאָסן ביי זיך שטאַרק אַכטונג צו געבן אויף פּירוש המילות, כאַפּן די נשמה פון די תפילות און בכלל זיך וואַרעמען אָן מחזור. איצט אָבער, נאָך דער באַגעגעניש, האָבן זיך זיינע מחשבות אַוועקגעטראָגן אין אַן אַנדער וועלט, זכרונות פון אַ לעבן וואָס איז געווען צו קלוג פאַר דער נאַאיוויטעט פון אַ מקום קדוש. ער האָט באַשלאָסן אַז נאָכן דאַוונען וועט ער אויפזוכן זיין באַקאַנטן, אים ווינטשן אַ חתימה טובה, און אפשר בכלל, אַ שמועס טאָן וועגן וועלטלעכע און אומוועלטלעכע ענינים.

נאָכן דאַוונען האָט ער געזוכט זיין פריינד, אָבער יענער איז שוין ניט געווען. איז ער דערפון געווען אַביסל צופרידן און אַביסל האָט עס אים געאַרט. צופרידן, ווייל ער וואָלט געוואָלט אַז זיין יום־כיפּור זאָל זיין אַ פּריוואַטער האַרץ־ענין פאַר וועלכן ער איז ניט מחויב קיינעם אָפּצוגעבן קיין דין־וחשבון. עס איז ביי אים געוואָרן מער ווי אַרגומענט, מער ווי פילאָ־סאָפיע. עס האָט אים אָבער אויך געאַרט ווייל ער האָט זיין באַקאַנטן אַזוי לאַנג ניט געזען, און קענענדיק אים פון יענע אַלטע צייטן וואָלט ער טאַקע געוואָלט אויסגעפינען וואָס מיט אים איז געוואָרן.

יאָ, זיי קענען זיך שוין גאַנץ לאַנג. ביידע זענען זיי אַמאָל געווען אַקטיווע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. געווען זיכער אַז אויפן וועג פון פּראָגרעס טאָרן אָבערגלויבנס, זאַבאָבאָנעס, פאַנאַטישע מנהגים, ניט געשאַנעוועט ווערן. דעם וועג צום ענדלעכן גליק פאַר אַלע מענטשן־קינדער,

דאָס האָבן זיי געזען מיט דער קלאָרקייט פון העלוזעריי. פּונקט אַזוי קלאָר האָבן זיי פאַרשטאַנען ווי בייטיק עס איז אָפּצוראַמען אַלע סימנים פון „מיטל־עלטער". די יידישע „מיטלעלטער" איז פאַר זיי באַזונדערס געווען אַן אָבן־נגף אויפן וועג פון פּראָגרעס.

ביידע האָבן אַמאָל געלערנט אין חדר, ישיבה, בית־מדרש, זענען זיי די קליינע אותיותלעך ניט געווען פרעמד. אָבער דאָס האָט זיי בלויז געדינט זיך צו ספּעציאַליזירן אויפן „ודע מה שתשיב". זיי האָבן מיט באַזונדער הנאה אַריינגעוואָרפן אין זייערע אַפּיקורסישע רייד פּסוקים פון חומש, מאמרי חז"ל, אָדער דערציילט אַ חסידישע מעשה. מעגלעך אַז דאָס האָט אין זיי געשטילט אַ באַסטאַלגישע פאַרשמאַכטקייט וועגן וועלכער זיי האָבן גאָרניט געטראַכט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט אַ ניט־פאַרויסגעזעענער צופאַל זיי צו־נויפגעבראַכט. ערשט דעמאָלט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַרוואָס דער וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר צו כל נדרי איז פאַרשוואונדן, געזוכט האָט ער אַ פרומע, אַלטפרענקישע שול, און געוואָלט צוזאַמען מיט זיין ווייב איבער־לעבן אַן עכט־יום־כיפּורדיקן אָוונט. אָבער ביי דער טיר האָט מען ביידן צעטיילט. זיין ווייב האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט אַ ווינקל אין עזרת נשים. דאָס איז אים געווען שווער צו פאַרטראָגן, אָדער זיין ווייב האָט צו שטאַרק פּראָטעסטירט. איז ער אַ ווילע געשטאַנען און אַוועק.

ביידע, מאַן און ווייב, האָבן גענומען וואַנדערן איבער די גאַסן. דער יום־כיפּור האָט געצויגן, ניט אָפּגעלאָזט. אַזוי זענען זיי אַריינגעפאַלן אין אַ רעפאָרם־טעמפּל. דאָ איז שוין קיין באַזונדער עזרת נשים, דאַנקען גאָט, ניטאָ. אָבער אויך פון יום־כיפּור איז צו־ווייניק פאַרבליבן. קאַלטע פּנימער, קאַלטע תפילות, קאַלטע מעלאָדיעס, אַפילו גאָט אַליין קען זיך פאַרקילן אין אַזאַ קרירה.

האָבן זיי באַשלאָסן זיך אומצוקערן אַהיים. אין דער היים איז געזעסן די איינציקע טאָכטער מיט אַ גרופּע פריינד און געשפּילט ברידזש. אין דער קיך האָט נאָך געברענט דאָס יום־כיפּור־ליכט וואָס ער האָט דאָס ערשטע מאָל אָנגעצונדן. דאָס פלעמל האָט געציטערט צווישן אומהיימלעכע שאָטנס, ווי עס וואָלט מתפּלל געווען ביחידות.

די וועלטלעכע וואַנדער־לוסט דערשלאָגט זיך צו אַ בעסערער מערכה אין דער נאַכט פון שמחת־תורה. דעמאָלט איז דער דראַנג ניט אַזוי ווייט צו איבערלעבן און זיך אַריינלעבן, ווי עפּעס צו זען, צו זען מיט די אייגענע אויגן כאָטש אַן איבערבלייבעכץ פון דעם וואָס ס'איז אַמאָל געווען, און מער ניטאָ. אין ביידע פאַלן הענגט איבער דער גאַנצער „וואַנדער־לוסט" דער פיינלעכער אומעט פון וועלטלעכער אינזלדיקייט. אָבער יום־כיפּור ווילט זיך זיין מיט יידן, מיט אַלע יידן. דער גאַנצער דרויסן בייזערט זיך מיט

אַזעלכע פּחדימדיקע קולות אויף דער אָפּגעריסנקייט, דערוויטערטקייט פון וועלטלעכע יידן. ווילט זיך אַנטלויפן פונעם שטענדיקן עלנט וואָס פאַלט דעמאָלט אַזוי שווער. שמחת־תורה פאַלט אויף אונדז אָן פון אַן אַנדער ווינקל. דאָס קול פון אַ פריערדיקן דור, און פון אייגענעם אַמאָל, רופט אונדז און פאַרבעט אונדז צו הקפות. אַז מען איז אין אַ שטענדיקן ברוגז מיט היינטיקע יידן ציט נאָך שטאַרקער דאָס האַרץ צו די אַמאָליקע.

שמחת־תורה קען מען אויך צופיל ניט קלייבן. אין די אַמעריקאַניזירטע, מאָדערניזירטע טעמפּלען אָדער סינאַגאָגעס איז פאַראַן ערגעץ אַביסל תורה אָבער צו־ווייניק שמחה. אפילו אַ היפּשע צאָל פון די וואָס רופן זיך אָן אָרטאָדאָקסישע שולן האָבן ניט באַוויזן אויפצוהאַלטן די באַרימטע יידישע התלהבות אין דער איצטיקער איינגעשטילטער סטאַטעטשנעקייט. מסתמא איז די מאָדערנע תורה ניט פון אַזאַ סאָרט אַז מען זאָל דאַרפן אַרויס פון די האַלאַבליעס צוליב איר. בלייבן איבער די בתי־כנסיות פון די נאָך־פאַראַנענע שבת־יום־טובדיקע יידן: עטלעכע אין דער מיטעלער בראָנקס, אַ צאָל אויף דער אַמאַליקער איסט־סייד, און דער עיקר די אויסגעוואַקסענע און שפּרודלדיקע אין וויליאַמסבורג.

איז ווען עס קומט שמחת־תורה געפינט איר אַרום יענע פלעצער, אַמאָל ביי די פענסטער אין דרויסן, אַמאָל ביי דער טיר, אַמאָל אַריינגעשטופּט אינוויינעניק, דעם וועלטלעכן וואַנדערער. ער קומט זיך דערמאָנען און הנאה האָבן. ער קוקט מיט שלינגענדיקע אויגן אויף די פאַרגייסטיקטע פּנימער וואָס טוליען זיך צו די ספרי־תורה און דריען זיך אין די הקפות; אויף די פריילעכע בחורים, ווי זיי קושן די מענטעלעך וואָס ציען זיך פאַרביי. ער הערט זיך צו צו די פלאַמענדיקע ניגונים, כאַפּט אונטער, זינגט מיט האַלב־פאַרשעמט און הייבט אָן צו פילן אַ לעבעדיקן טעם אינעם „שישו ושמחו בשמחת התורה". אפילו די פאָנען וואָס ציטערן אין די הענט פון די טאַנצנדיקע ייִנגלעך, אָט די קינדער־שפּיל פון אַמאָל, הייבט אָן צו באַקומען עפּעס אַ באַזונדער ערנסטקייט. אויפן וועג אַהיים דערמאָנט ער זיך אָן פּרצעס אַ מעשה און שעפּטשעט צו זיך אַליין: „אויב ניט נאָך העכער".

פּסח האָט שוין ווידער אייגענע פּראָבלעמען און אייגענע ענטפערס פאַרן נאָמאַדישן יצר־הרע פונעם וועלטלעכן יידן. זענען פאַראַן אַלטע טאַטע־מאַמע, אָדער שווער און שוויגער, ווערט די פראַגע וואוהין צו וואַנדערן צום סדר זייער לייכט פאַרענטפערט. איז אָבער דער וועלטלעכער ייד, לא עלינו, אַ קיילעכיקער יתום, און אפילו זיין ווייב אַ קיילעכיקע יתומה, דע־מאָלט איז טאַקע ביטער. קלייבן זיך אָן פאַר פּסח אסיפות און קאָנפערענצן צווישן פריינד ווער עס זאָל גיין צו וועמען. אַז מען קומט שוין צו אַ טאָלק, און עטלעכע נשים צדקניות נעמען שוין אויף זיך דעם עול הסדר, הייבט זיך

אָן אַ דינגעניש ווער עס זאָל זיין דער קידוש־מאַכער, דער אָנפירער. דאַכט זיך אַז אַלע ווילן דאָס, און דאָך שעמען זיי זיך איינער פאַרן צווייטן.

ווען זיי וואַנדערן צוריק אַהיים, יעדער אויף זיין וועג, אַביסל באַרוישט פון די ניגונים און פאָלקס־לידער, אַביסל בגילופין פון די אַרבע — און נאָך מער — כוסות, נעמט זיי אַרום און דערפרישט זיי דאָס קילע שפּעט־נאַכטיקע ווינטל. עס באַפאַלט זיי אַזאַ פולע אויסניכטערונג, און עס קריכן אין קאָפּ אַריין זייער, זייער ערנסטע מחשבות.

## 2.

די וואָס האָבן ביי אונדז איינגעוואָרצלט דעם טערמין „וועלטלעך" האָבן דאָס געטאָן גיכער אויס פּאָליטישן טאַקט, איידער אויס ריין־טעאָרעטישע מאָטיוון ווי אַ בייער צוגאַנג צו יידישן לעבן. דאָס וואָרט „וועלטלעך" האָט געדאַרפט מיט זיין נייטראַלער אומשולד פאַרדעקן די שאַרפערע שפּיצן פון אַן אידעאָלאָגיע פאַר וועלכער אַן אַנדער וואָרט, וואָס קען ווייניקער אַפּעלירן צו אַן אומפילאָסאָפישן עולם, וואָלט זיך אַ סך בעסער צוגעפּאַסט.

אַ באַוועגונג וואָס האָט געזעגלט אונטער דער פאָן פון „סעקולאַריזם" איז אויפגעקומען אין ענגלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון ניינצנטן יאָר־הונדער. דער טאָן־געבער און וואָרט־פירער פון דער באַוועגונג איז געווען דער אָנהענגער פון ראָבערט אָוען, דזשאָרדזש דזשייקאָב האָליאָק. ער האָט זיך שפּעטער אַריינגעטאָן אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג צווישן אַר־בעטער און אויך פאַרעפנטלעכט עטלעכע ביכער וועגן דעם ענין.

ער איז געווען קודם כל אַ פּראַקטישע רעפאָרמער, זיך איינגעשטעלט פאַר די פּרינציפּן פון געזעלשאַפטלעכער עטיק וואָס איר ציל דאַרף זיין צו הייבן דעם עקאָנאָמישן און גייסטיקן מצב פון די אָרעמע קלאַסן. ער האָט קלאָר געמאַכט אַז בנוגע רעליגיע, דער עיקר דעם גאָט־באַגריף, האָט זיין באַוועגונג גאָר ניט וואָס צו זאָגן, ווייל פילאָסאָפישע טעאָלאָגיע גייט ניט אַריין אין זיין פעלד. ער האָלט אָבער אַז די אויבערהערשאַפט פון דער קירך דאַרף באַקעמפט ווערן אויף וויפיל זי שטערט דורכצופירן די רע־פאָרמען וואָס דאַרפן פירן צו אַ בעסערער מערכה פאַר דער גאַנצער מענטש־הייט. דער טערמין „סעקולאַריזם" איז דעריבער געווען אַ לאָזונג פון אַ באַוועגונג אין איר קאַמף אַנטקעגן אַן אָרגאַניזירטער מאַכט וואָס איז געוואָרן אַן אבן נגף אויפן וועג פון מענטשלעכער פרייהייט און פון יעדן פאַרזוך אויסצובעסערן דאָס מענטשלעכע לעבן.

ביי אונדז האָבן דעם באַגריף וועלטלעכקייט געבראַכט סאָציאַליסטן, ניט חס ושלום „אוטאָפּיסטישע" נאָר דווקא וויסנשאַפטלעכע, און די וויסנשאַפט איז באַשטאַנען אין דעם וואָס מען האָט שוין מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט

אויסגעפונען די געזעצן פון דער געשיכטע, און מען קען פאָרויסזאָגן גאַנץ גענוי וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען, ווייל היסטאָרישע פּראָצעסן זענען נויטוועדיק אָדער אומפאַרמיידלעך. געשיכטע, איז, למשל ווי אַ שאַך־פּראָבלעם, מען קען פאָרויסזאָגן אָן שום ספק אַז אין דריי צוגן אַרום וועט שוואַרץ זיין מאַט. אַן ענלעכע זיכערקייט איז אויך פאַראַן אין אַסטראָנאָמיע, מען קען מיט זיכערקייט פאָרויסזאָגן אין וועלכן טאָג, שעה, מינוט, רגע, אַ געוויסער קאָמעט וועט זיך באַווייזן אין הימל אין הונדערט יאָר אַרום. בקיצור — וויסנשאַפט, פּשוטער, געזונטער שכל, געבויט אויף פּשוטע, געזונטע פאַקטן. דאָס איז טאַקע די דעפיניציע פון וויסנשאַפט לויטן באַרימטן קעמפער פאַר וויסנשאַפט טאָמאַס האַקסלי: „געניטער און אָרגאַניזירטער שכל הישר".

פאַרשטייט זיך אַז צווישן מענטשלעכער געשיכטע און די אַנדערע פאַלן זענען פאַראַן גרויסע אונטערשיידן. דער עיקר חילוק באַשטייט אין דעם וואָס אומעטום איז זיכערקייט פון פאָרויסזען ניט קיין פּריוואַט פאַרמעגן פון אַ געבענטשטן נביא מיט געבענטשטער אינטואיציע. יעדער בר דעת, ווען מען דערקלערט אים די פאַקטן און די ראיות וואָס באַווייזן די ריכטיקייט פונעם אויספיר, מוז ער איינזען דעם אמת דערפון. יעדער געניטער אין שאַך קען איינזען פאָרוואָס עס מוז זיין מאַט ביים דריטן צוג. יעדער שכלדיקער מענטש מיט אַביסל שולונג אין אַסטראָנאָמיע קען פאַרשטיין און ממילא אָננעמען אַז דער קאָמעט וועט זיך באַווייזן צו דער פאָרויסגעזעענער צייט. אָבער די וויסנשאַפט וואָס מען וויל אַרויפצווינגען אויף געשיכטע קען בשום אופן אַזאַ קונץ ניט באַווייזן. עפּעס אָפּערירט מען דאָרטן צופּיל מיט דעם וואָס עס ווילט זיך, און זאָל זיך, און דאַרף זיך, דאָס קען שוין, פאַרשטייט זיך, ניט זיין גלייך ביי אַלע מענטשן. וואָרעם דאָס איז אייגנטלעך רעליגיע, לכל הפחות, דער אַריינגאַנג־קאָרידאָר צו רעליגיע, און אין אַזעלכע זאַכן וועלן מענטשן תמיד זיין צעטיילט, כאָטש אַלע קענען לייכט מסכים זיין אויף מעטאָדן צו מאַכן, לאָמיר זאָגן, סינטעטישע גומע — וויסנשאַפט.

ווען אַ וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליסט פּראָפּאַגאַנדירט פאַר אַן עולם — מעג ער זיין ווי טיף אַריינגעטאָן אין דער קבלה פון נויטווענדיקייט און אומפאַרמיידלעכקייט — וועט ער תמיד אָפּערירן מיט באַגריפן פון גאָר אַן אַנדער ספערע, פון דער רעליגיעזער ספערע. ער וועט רעדן וועגן מאָראַל, יושר. ער וועט צעטיילן די וועלט אויף גוטע און שלעכטע, הייליקע און זינדיקע, און וועט מאָלן אַ לעתיד־לבוא פון אייביקן גליק, באַגריפן וואָס האָבן אין וויסנשאַפט פּשוט קיין זינען ניט.

דאָס מאַכט בשום אופן ניט זיין אַרגומענטאַציע שוואַכער אָדער פון

קלענערן ווערט. פאַרקערט, דערמיט בלאָזט ער אַריין אַ מענטשלעכע נשמה אין זיין געדאַנק, ער נעמט אויף זיך ריין־מאָראַלישע אחריותן, און גוט וואָלט געווען ווען ער זאָל זיך דערלויבן צו זיין רעליגיעז־קאָנסערוואַטיוו, ספּעציעל אין יענע קריטישע מאָמענטן ווען די שוואַכע מענטשלעכע האַנט רייסט זיך אַזוי יצר־הרע׳דיק צו דער שווערד. אָבער די וויסנשאַפטלעכע סאַנק־ציע האָט באַקומען אין דער וועלט אַזאַ פּרעסטיזש אַז ס׳איז ניט לייכט זיך פון איר אָפּזאָגן. ממילא שיסט ער צווי האָזן מיטאַמאָל, ער באַזאָרגט זיך מיט אַן אייגענער רעליגיע און מיט דער אַלגעמיינער וויסנשאַפט אין דער זעלביקער צייט.

אָט דאָס איז דאָס ווינקל אין וועלכן עס איז געבוירן געוואָרן די יידי־שע וועלטלעכקייט. עס איז ניט שווער איינצוזען אַז די קעגנשטעלונג: וועלטלעכקייט — רעליגיע, איז געבויט אויף טעותן אָדער סתם הוילע ווער־טער. קעגן דער קירך האָבן געקעמפט, און ביטער געקעמפט, מענטשן און צדדים, וואָס זענען דורכויס געווען רעליגיעז. געווען וויסנשאַפטלער, מלוכה־לייט, אַלץ פרומע קריסטן, וואָס האָבן זיך אַנגאַזשירט אין ערנסטע מחלוקתן קעגן דער קירך. אָבער עס איז דאָך פשוט אַן אומזין צו זאָגן אַז דאָס איז געווען אַ קאַמף קעגן רעליגיע אין אמתן זינען פון וואָרט. ביי אונדז איז דאָס טאַקע געווען אַ קאַמף קעגן רעליגיע, אָבער ניט פון וועלטלעכקייט — דאָס איז בלויז געווען אַ נאָמען וואָס איז אָנגענומען געוואָרן על־פי טעות — נאָר פון אַן אַנדער רעליגיע. די נייע רעליגיע האָט ניט בלויז מלחמה געהאַלטן קעגן דער פילאָסאָפיע פון דער אַלטער, נאָר ביט־ווייניקער קעגן אירע סימבאָלן, קעגן די עמאָציעל־אָנגעלאָדענע צייכנס פון אַ טראַדיציאָנעלער צוגעבונדנקייט. פון שטאַנדפּונקט פון דער נייער רעליגיע איז דאָס, די צו־געבונדנקייט, געווען דער ערגסטער שונא, ווייל דאָס איז דאָך אַ דירעקטע קאָנקורענץ צו אירע אייגענע רעליגיעזע סימבאָלן, צו דער צוגעבונדנקייט וואָס ווי אַ רעליגיע, מוז זי פאָדערן בלויז און נאָר און דווקא צו זיך אַליין.

אמת, די דאָזיקע סימבאָלן האָבן אויך אַ ריין־יידישן ווערט, אַ ריזיקן פאָלקישן כוח. אָבער אַ ליידנשאַפטלעכער מיסיאָנער פון אַ נייער רעליגיע קען ניט האָבן די רואיקייט צו באַטראַכטן וואָס ער טוט, וואוהין זיינע מעשים פירן, אפילו ווען יידישע ווערטן און יידישע פאָלקישע קרובה׳שאַפט זענען ביי אים זייער אָנגעלייגטע זאַכן. האָט ער געזאָגט „וועלטלעכקייט" און געמיינט זיין אייגענע רעליגיע, די רעליגיע וואָס אירע צדיקים און רשעים, איר יצר־טוב און יצר־הרע, איר עולם הזה און עולם הבא, אַלץ איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרשריבן און פאַרחתמעט געוואָרן אינעם אייביקן ספר פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט.

דעריבער איז קיין וואונדער ניט וואָס דער ענגלישער סעקולאַריסט איז אַלץ געבליבן מיט זיין פאָלק, מיט זיינע יום־טובים, מיט זיינע געדענק־

טעג, מיט זייבע נאַציאָנאַלע מאָנומענטן וואָס דורות האָבן געבויט, געזאַמלט און אויפגעהיט. דער יידישער „וועלטלעכיסט" האָט כמעט אַלץ פאַרלוירן; די נייע רעליגיע האָט אים געלאָזט בעירום ובחוסר־כל. אין די ערשטע הייסע יאָרן, און דאָס זענען געווען צענדליקער יאָרן, האָט ער אפילו „יידיש פאָלק" ניט געטאָרט פון מויל אַרויסברענגען, אויך דאָס האָט די נייע רעליגיע פאַרבאָטן על־פּי־דין פון אַן אַנדער און „אמתער" צעטיילונג פון מענטשן.

דעם פאַרגאַנגענעם זומער איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויף אַ פּלאַץ וואו תשעה־באב טרויער ווערט ערנסט אָפּגעהיט. אינעם אָוונט ווען דער טרויער איז אָפּגעהיט געוואָרן פאַר די וואָס זענען דאָרט געווען האָט די שטימונג אַלעמען דורכגענומען. די עצבות האָט זיך באמת געפילט אין יעדן ווינקל. אָבער איין מענטש האָט אויסגעפּעלט. דאָס איז געווען אַ יונגע, זייער געבילדעטע, יידישע און זייער יידישלעכע פרוי, אַ דערצויגענע אין די יידיש־וועלטלעכע שולן אין פּוילן. זי איז אין זאַל ניט אַריינגעקומען, דעמאָנסטראַטיוו אונדז אויסגעמיטן. פאַרוואָס? ווייל זי האָט גאָרניט וואָס צו טאָן מיט רעליגיע. זי האָט ניט געהאַט קיין טענות צו אַזאַ אָדער אַן אַנדער פּונקט פון צערעמאָניאַל. זי איז דאָרט בכלל ניט געווען, און ניט געזוכט זיך צו דערקונדיקן צי דאָרט ווערט פאָרקומען אַ חילול ה׳וועלטלעכקייט.

איך וואָלט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען ווען זי האַלט אַז יידן דאַרפן בכלל ניט אַרומטראָגן זיך מיט זכרונות פון וויטן עבר. איך וואָלט אויך געקענט פאַרשטיין ווען ביי איר וואָלט געווען די מורא אַז אָפּריכטן תשעה־באב קען נאָך יידן באַהעפטן מיטן איצטיקן ארץ־ישראל, און דאָס דאַרף מען ניט דערלאָזן. אָבער ניין, ניט קיין שמץ פון די אַלע זאַכן. לכל הפּחות האָט זי דאָס ניט געזאָגט. דער עיקר איז געווען אַ ריין־עמאָציאָנעלער אויסדרוק פון ווידערווילן, פון עפּעס וואָס איז ניט שיין, נידעריק, אָדער סתם מאַכן פון זיך אַ בלאַזן: „רעליגיע". דאָס איז אַ נייע רעליגיע וואָס איז דער עיקר אויסן ניט דורכצוברעכן דעם רעליגיעזן „מען טאָר ניט" אויף אַ ברייטן „מען מעג", נאָר צו פאַרבייטן דעם אַלטן „מען טאָר ניט" אויף אַ נייעם. דער מורא׳דיקער חסרון איז באַשטאַנען אין דעם וואָס דער נייער „מען טאָר ניט" האָט יידן קיין כוח ניט צוגעגעבן אַזוי ווי דער אַלטער האָט עס געטאָן, און זייער, זייער שטאַרק געטאָן.

ווען דער וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דער דאָזיקער פאַלש־געמופענער וועלטלעכקייט טשובעט זיך אויס, קומט צו זיך, איז נאַטירלעך אַז דאָס „פּינטעלע ייד" זאָל אים אָנהייבן קומען צו חלום. און ווען עס קומען אָן גרויסע יידישע געדענק־טעג איז פּונקט אַזוי נאַטירלעך אַז ער זאָל וועלן אין זיך אַליין אָנזען אַז ער איז מיט יידן, ביי טייל יחידים, ווי אַ רעאַקציע קעגן דעם אַמאָליקן קינדישן אַטעאיזם, איז דאָס זיכער אויך פאַרבונדן מיט

אַ מעטאַפיזישער צערודערטקייט, און דעמאָלט איז אפשר ריכטיק עס צו רופן גאָט־זוכעניש. בדרך כלל אָבער, דאַכט זיך מיר, דער אויסדרוק גאָט־זוכעניש אַ כאַראַקטעריסטיק וואָס פאַרוואָלקנט דעם אמת. מיר האָבן דאָ על־פי־רוב צו טאָן ניט מיט גאָט־זוכעניש, נאָר מיט פאָלק־זוכעניש. עס ווילט זיך זיין מיט יידן, מיטן כלל ישראל פון וועלכן די נייע רעליגיע האָט ווילנדיק און ניט־ווילנדיק אָפּגעריסן.

ווען עס קומען אָן די ימים־נוראים, שמחת־תורה, פסח, דעמאָלט דער־פילן אַ סך וועלטלעכע דעם זאַמדיקן, שטויביקן כאַראַקטער פון זייער אַלט־געזעסנקייט אינעם וועלטלעכן ישוב. עס דערוועקט זיך דער נאָמאַדישער חשק צו גיין צו יידן, זיין מיט יידן אין אַ יידישער וועלט, זיך דערפילן אַלט געענוג, ווייט אַריבער די קאָכיקע יאָרן ווען וועלטלעכקייט האָט זיך פּראָקלאַ־מירט, שפּירן אין זיך אַ קינד פון דורות, און ממילא קענען דאַנקען גאָט צוזאַמען מיט אַלע יידן: שהחינו, וקימנו, והגיענו לזמן הזה.

(1946)

# יידישע ירושה און יידישער סעקולאַריזם

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן איז אַ היגער יידישער שרייבער געפאָרן אויף אַ באַזוך אין סאָוועטן פאַרבאַנד. ווען ער איז געווען אין לעני־גראַד האָט ער זיך געטראָפן מיט י. צינבערגן און געשמועסט מיט אים וועגן פאַרשיידענע יידישע ענינים. בינו לבינו האָבן זיי שוין אויך גערעדט וועגן יידישן לעבן אין דער אַמאָליקער רוסישער הויפּטשטאָט. דער גאַסט האָט געפרעגט און צינבערג האָט געענטפערט, אָבער בנוגע דער לעצטער פראַגע האָט צינבערג זיך בלויז דערלויבט עטלעכע אָפּגעהאַקטע זאַצן וועגן דעם פאַקטישן צושטאַנד. פאַראַן אַ סך יידן אין לענינגראַד, האָט ער געזאָגט, אָבער קיין יידיש לעבן איז ניטאָ. אַרום 45 פּראָצענט חתונות זענען געמישטע. פאַרשטייט זיך אַז פון זיי וועלן שוין קיין יידן ניט אַרויסקומען.

פון וואַנען צינבערג האָט גענומען דעם ציפער 45 פּראָצענט ווייס איך ניט, און די פּינקטלעכקייט איז אויך ניט וויכטיק. לאָמיר זאָגן, אַז די צאָל געמישטע חתונות איז געווען זייער גרויס, עס איז געווען אַ דערשיינונג מיט וועלכער מען האָט זיך באַגעגנט אויף טריט און שריט. דאָס איז זיכער געווען גענוג, אַז ביי צינבערגן זאָל זיך אַ קנייטש טאָן דער שטערן, „אויב ניט נאָך העכער".

ווען דער שרייבער (ל. כאַנוקאָוו, ע"ה) איז צוריקגעקומען האָט ער מיר דערציילט וועגן אַ סך זאַכן וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט אין לאַנד פון דער רעוואָלוציע, און פאַרבייגייענדיק מיר אויך איבערגעגעבן זיין שמועס מיט צינבערגן אין לענינגראַד. ער האָט גערעדט וועגן די 45 פּראָצענט מיט אַ געוויסן באַדויער, ווי, למשל, ווען מען באַדויערט וואָס אַ גוטער פריינד ליידט פון אַ פאַרקילונג. זיין טאָן איז אָבער געווען גאַנץ רואיק. איך האָב חושד געווען אַז די רואיקייט איז אַ געמאַכטע, אָבער איך בין ניט געווען זיכער אין דעם.

עס זענען געווען צוויי סיבות וואָס האָבן ניט דערלאָזן אַז ער זאָל שטאַרק אויפגעטרייסלט ווערן פון צינבערגס בשורה, אָדער אַז ער זאָל זיין אומרו ברענגען אויף די ליפּן אַפילו ווען דאָס האַרץ האָט ניט געוואָלט פאָלגן דעם באַפעל פון זיין קאָפּ. קודם כל, צו זאָגן אַז ערגעץ וואו איז דאָס יידישע פון יידישן לעבן ניט זיכער אין יענעם לאַנד וואָלט געקאָנט הייסן, אַז מען טראַכט עפּעס שלעכטס וועגן דער סאָוועטישער אָרדענונג. דאָס האָט ער, דער גרויסער חסיד פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג, ניט געקאָנט פועלן ביי זיך. צווייטנס, וואָס איז נאָך וויכטיקער, ער איז דאָך וואָס מען רופט אַ „וועלטלעכער" מענטש. מען מיינט געווייינטלעך ניט „וועלטלעך", נאָר „סע־קולאַר". נו, מילא, ער, אַ פּרינציפּיעלער סעקולאַריסט, וואָסער רעכט האָט

ער צו זען אַן עוולה אין געמישטע חתונות? אין זיין סכעמע פון יידישן צונויפהאַלט איז דאָך אינגאַנצן ניטאָ קיין „דת", זייער ווייניק פון „משה" און בלויז אַ ברעקעלע פונעם אַלץ־אַרומנעמענדיקן סימבאָל „ישראל". ניט בלויז פעלט אין זיין יידישן באַגאַזש עפּעס וואָס זאָל פון אים פאָדערן ער זאָל חתונה האָבן „כדת משה", עס איז דאָרט אויך גאָר ניטאָ וואָס זאָל אים פירן צו דער חופּה דווקא מיט אַ „ישראל". איך ווייס ניט צי מיין פריינד, דער שרייבער, האָט געהאַלטן אַז רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק, צי ער האָט געקאָנט ביי זיך פועלן אין זיין גוטמוטיקער טאָלעראַנץ אַז רעליגיע איז אַ פּריוואַט זאַך. אָבער אַפילו ווען דאָס לעצטע איז ריכטיק, דעמאָלט איז דאָך חתונה אַוודאי און אַוודאי פּריוואַט שבפּריוואַט. ווער קאָן דען ווען זאָגן אַ דעה אין אַזעלכע זאַכן? ניט נאָר בלויז ניט זאָגן קיין דעה, נאָר אַ פּרינ־ציפּיעלער סעקולאַריסט טאָר אַפילו קיין עגמת נפש ניט האָבן דערפון, אַנדערש וועט עס דאָך זיין אַ סתירה צו זיין סעקולאַריסטישער שטעלונג.

ווי געזאָגט, האָט מיין סעקולאַריסטישער פריינד יאָ אויסגעדריקט אַ געוויסן באַדויער. איך האָב אַפילו חושד געווען אַז ער איז אינערלעך צע־רודערט נאָר ער מאַכט זיך האַרץ. ווי שטימט אַזאַ עמאָציאָנעלער צושטאַנד מיט אויסגעהאַלטענעם סעקולאַריזם? עס שטימט טאַקע ניט, נאָר זיין יידיש האַרץ איז באמת גאָר ניט זיינס, עס איז בלויז אַן איבערבלייבעכץ פון דער ירושה פון טאַטע־מאַמעס, וואָס ער האָט נאָך ניט באַוויזן צו פאַרשווענדן.

אַ סך סעקולאַריסטן געפינען זיך אין אַזאַ מין צושטאַנד, וואָס איז זיי באמת ניטאָ וואָס מקנא צו זיין. מיר ווייסן אַלע אַז בעת מענטשן לעבן זיך איין אין געוויסע פּרינציפּיעלע שטעלונגען מישן זיך באַלד אַריין זייערע געפילן און באַגלייטן זיי אויף די וועגן וואוהין די אָנגענומענע שטעלונגען פירן זיי. זיי דערפילן אַז זייערע שטעלונגען זענען שיין, גוט, גערעכט; עס אַרט זיי ווען מען איז מיט זיי ניט מסכים; זיי אַנטוויקלען אין זיך באַציאונגען וואָס טרייבן זיי זיך איינצושטעלן פאַר זייערע פּרינציפּן, טיילמאָל אַפילו זיך מוסר־נפש צו זיין פאַר זיי. בקיצור, עס שאַפט זיך אַ לעבן וואו פּרינציפּיעלער צוגאַנג און האַרץ־וואַרעמקייט גייען צוזאַמען. ביי די, וואָס האָבן ממש אַריינגעשפּאַרט זיך אין אַ יידישן סעקולאַריזם, שאַפט זיך אָפט אַ מערקווער־דיקע לאַגע: די יידישע געפילן זייערע זענען געירשנטע, און שטאַמען פון אַן אַלטער, פאַרעלטערטער וועלט וואָס זייערע אַליין־אויסגעאַרבעטע סעקו־לערע פּרינציפּן ווילן בשום אופן ניט אָנערקענען. דאָך בלייבן ביידע זיצן ווי שכנים אין זייער פּערזענלעכקייט, אָבער ווי שכנים וואָס לעבן תמיד צו־זאַמען און זענען תמיד ברוגז צווישן זיך. אַזוי שנעל ווי דער פּרינציפּיעלער קאָפּ דרימלט איין, כאַפּן זיך אויף די געפילן מיט אַ פאַרשטיקטן קרעכץ: „אוי, 45 פּראָצענט געמישטע חתונות". באַלד אָבער כאַפּט זיך אויף דער קאָפּ און — גייט איבער צום וויטערדיקן סדר היום.

צינבערגס 45 פּראָצענט און דער אופן אויף וועלכן דער אַמעריקאַנער יידישער שרייבער האָט רעאַגירט, האָבן אַ לענגערע צייט זיך געוואָרפן אין מיינע רעיונות און ניט געקאָנט איינשלאָפן. עפּעס האָב איך געפילט אַז אַ סך פון אונדז האָבן באמת געוואָלט שאַפן פאַר זיך אַ פרייערע געדאַנקען־וועלט, אָבער אויסגעלאָזן האָט זיך אַז מיר האָבן גאָר אויסגעפלאָכטן אַ נעץ און זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ טראַגי־קאָמישער געפאַנגענשאַפט. איך האָב שפּעטער באַגעגנט אַן אַנדער פריינד פון אונדזער קולטור־קרייז, און אָנגע־רירט די צינבערג־טעמע. דאָס איז געווען אַ מענטש פון גאָר אַן אַנדער סאָרט, פאַר אים איז דיקטאַטור, אין וועלכער פאָרם עס זאָל ניט זיין, טויט־שעדלעך און אוממאָראַליש. יידישער קיום איז די שטענדיקע זאָרג פון זיין לעבן, און דאָך איז זיין אַרגומענטאַציע געווען אַזאַ, אַז זי האָט די נעץ נאָך מער פאַרפּלאָנטערט.

ביי אים איז אויסגעקומען אַז אַפילו ווען די סאָוועטישע אָרדענונג וואָלט אונדז געגעבן אַ פרייע מעגלעכקייט אָנצואווייזן אויף דער טויט־סכנה פון געמישטע חתונות און זיך שטעלן קעגן דעם דאָזיקן שטראָם, וואָלטן מיר פּשוט די דאָזיקע פרייהייט ניט געקאָנט אויסנוצן. מיט וואָס קאָנען מיר קומען צו די יידישע יונגע מענטשן וואָס פאַרליבן זיך און האָבן חתונה מיט גוים, מיטן רעזולטאַט, אַז מיר פאַרלירן זיי און די דורות וואָס קומען פון זיי אַרויס? זאָלן מיר זיי אפשר באַגעגענען מיט שטראָף־רייד? דאָס קאָן נאָר זיין ווען מיר באַטראַכטן דאָס פאַר אַ זינד. אָבער „זינד" איז אַ ריין רעליגיעזער באַגריף, אויף דער זעלביקער מדרגה ווי ניט לייגן קיין תפילין אָדער ניט אָפּהיטן כשרות. ווי קאָנען מיר אויף זיך נעמען די עובדא פון ווערן רעליגיעזע מיסיאָנערן, בעת מיר אַליין געהערן ניט צו די מהדרין מן המהדרין? אמת, געמישטע חתונות געהערן אָביעקטיוו צו אַן אַנדער קאַטע־גאָריע, וואָרעם דאָס קאָן דאָך פירן צו פולשטענדיקן נאַציאָנאַלן חורבן, אָבער דאָס איז אַ סכנה קעגן וועלכער מיר — די מאָדערנע, די היינטיקע, די וועלט־לעכע אָדער סעקולערע — האָבן ניט קיין מיטלען זיך צו ווערן. אונדזער פּרינציפּיעלע איינשטעלונג דערלאָזט דאָס ניט. עס איז פונקט ווי אַ יונגערמאַן וואָס איז אַן עקסטרעמער און אויסגעהאַלטענער פּאַסיפיסט און זאָגט זיך אָפּ אַריינצוטרעטן אין דער אַרמיי אין מלחמה־צייט. ער האַנדלט אַזוי אַפילו ווען זיין לאַנד, וואָס איז אים זייער טייער, איז אין סכנה באַפאַלן צו ווערן פונעם שונא. דער פּאַסיפיסט האָט דורך זיין פילאָסאָפיע צוגענומען פון זיך די איינציקע כלי זין וואָס קאָנען העלפן אין מאָמענט פון אַ פיזישער אַטאַקע. ביי אונדז — האָט ער פאַרענדיקט זיינע טענות — קאָנען מיר בלויז שטרעבן צו באַשטימטע פאָרמען פון אונדזער עקזיסטענץ וואו יידן זאָלן לעבן אַזוי קאָמפּאַקט צוזאַמען, אַז קיין געמישטע חתונות זאָלן כמעט אין גאַנצן ניט קאָנען פאָרקומען ווי אַ געוויינטלעך־מעגלעכע זאַך. אָבער דאָ, אין גלות,

בפרט נאָך ווי עס איז אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד, מוזן מיר זיך ריכטן אויף אַזעלכע עפּידעמיעס. רבנים, פֿרומע יידן, ווען מען וואָלט זיי דערלויבט, האָבן מיט וואָס זיך אַנטקעגן צו שטעלן. מיר קאָנען אין בעסטן פֿאַל בלויז באַדויערן און שווייגן. איך, פֿון מיין זייט, קאָן נאָך צוגעבן, אַז די לאַגע איז היפּשלעך ערגער. וואָרעם אַפֿילו דאָס „באַדויערן" איז דאָך ניט מער ווי דער ווידער־קול פֿון ירושה, בלויז דאָס „שווייגן" ווערט דיקטירט פֿונעם אייגענעם פֿאַר־מעגן, פֿונעם סעקולאַריזם.

דאָס איז, דאָס מוז זיין, דער פּועל יוצא פֿון דער אומגעלונגענער אָפּע־ראַציע וואָס צעפּאַלמעסט יידישקייט אויף רעליגיעז און סעקולאַר. דאָס האָבן געטאָן די רעפֿאָרמער און געגומען פֿאַר זיך די רעליגיעזע העלפֿט. די, צווישן זיי, וואָס זענען פֿאַרבליבן נאָך אַלץ מיט פֿולער אויסגעהאַלטנקייט ביי אַזאַ צוגאַנג קאָנען זיך אפשר גרויסן מיט דער דערהויבנקייט פֿונעם עטישן מאָנאָ־טעאיזם, אָבער זיי האָבן מער קיין פֿאָלק ניט וואָס דאַרף די דאָזיקע רעליגיעזע פֿילאָסאָפֿיע אויסדריקן אין אַ נאַציאָנאַל־רעגולירט לעבן. נאָך ערגער האָבן אָפּגעשניטן די וואָס האָבן אויסגעקליבן די ריין סעקולערע העלפֿט פֿונעם געפּאַלמעסטן נפֿטר. וואָרעם אַ פֿילאָסאָפֿיע, ווי טיף און הייליק זי זאָל ניט זיין, איז אין זיך אַליין אַ צו קאַרג פֿאַרמעגן אינעם אוצר פֿון אַ פֿאָלק אויף חיי עולם. נאָך ערגער איז מיט דער סעקולערער יידישקייט אין איר ריינער, קאָנסעקווענטער פֿאָרם. דאָס איינציקע ביי וואָס זי איז געבליבן איז הוילע, נאַקעטע שפּראַך, יידיש אָדער העברעאיש און דאָס איז דאָך אַזוי בעטלעריש ווייניק אַפֿילו אויף חיי שעה. אין ביידע פֿאַלן איז נאָכן פּאַלמעסן בלויז געבליבן אַ נפֿטר און אַ ירושה. דעם נפֿטר דערמאָנט מען אַמאָל צום גוטן. פֿון דער ירושה האָט מען אָפּגעשוימט אַ הייטל פֿון סענטימענטאַלער וואָרעמקייט. די אַקטועלע טאָג־אָרדנונג האָט פֿאַר ביידע קיין פּלאַץ ניט.

אין דער געשיכטע פֿון דערציאונג זענען באַקאַנט פֿעלקער וואָס זענען מחנך זייערע קינדער דער עיקר מיט מאָראַל־טראַדיציאָנעלן מאַטעריאַל. ביי זיי ליגט דער טראָפּ אויף אינערלעכן צונויפֿהאַלט, און פֿאַר דעם זענען נאַציאָ־נאַלע מאָראַל און טראַדיציע דאָס פּאַסיקסטע. אַזאַ מין דערציאונג איז געווען אָנגענומען, למשל, אין אַלטן כינע. פֿאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס ביי זיי איז מיליטערישע דערציאונג דער עיקר, ווי למשל, אין גריכישן ספּאַרטאַ. ביי זיי האָבן די קריגערישע באַציאונגען מיט שכנישע פֿעלקער באַשטימט דעם גייסט און דעם גאַנג פֿון לעבן. יידן, אין דער גלות־עפּאָכע, האָבן זיך צוליב גאַנץ באַזונדערע סיבות, געמוזט קאָנצענטרירן אויף אינערלעכן צונויפֿהאַלט, איז ביי אונדז ממילא געשאַפֿן געוואָרן אַ שטייגער־לעבן וואָס האָט שולחן ערוכדיק אויסגעבויט די געהעריקע סיגים לתורה און אַרומגעצאַמט מיט גייסטיקן מעטאַל די באַשיינפּערלעכע גרענעצן אַרום אַן אינעווייניקסטער אויסגעהאַמערטער וועלט. די מחיצה צווישן אינעווייניק און דרויסן איז

געווען אַזוי בולט, אַז קיינער האָט זיך ניט געקאָנט טועה זיין אין וועלכע ריכטונגען די פיילן ווייזן.

אָבער גלות זאַפּט אין זיך איין געגוג זשאַוועד אַפילו פּאַר אַזאַ שטאַרקן מעטאַל וואָס האָט פאַרפּאַנצערט די מחיצה אויף אַלע יידישע גרענעצן. אין אַלע צייטן זענען אויסגעגעסן געוואָרן היפּשע לעכער דורך וועלכע שטילע און אָפענע אַריבערלויפער האָבן געפונען אַ מער אָדער ווייניקער פרייען וועג. דער בערדיטשעווער רב האָט אַמאָל פאַרגליכן די שוואַכקייט אַפילו פון רוסישן קייסער מיט דער אומענדלעכער גבורה פונעם רבונו של עולם. ביי די רוסישע גרענעצן האָט דער קייסער אַוועקגעשטעלט זעלנער מיט ביקסן, דאָך זענען פאַראַן מוילעכער און מען שוואַרצט זיך אַריבער. אָבער אַז דער רבונו של עולם האָט באַפוילן אַז אין פּסח זאָל אין קיין יידיש הויז קיין חמץ ניט אַריינקומען, ווי שטרענג יידן היטן דאָס אָפּ אָן זשאַנדאַרמען און אָן ביקסן. ר׳ לוי יצחק האָט זיכער ניט געוואוסט וואָס אין זיין צייט איז פאָרגעקומען צווישן מערב אייראָפּעאישע יידן. ער איז מסתמא אויך ווייניק באַקאַנט געווען מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר צווישן יידן אויף יענער זייט בערדיטשעוו, און די גרע־סערע שטעט פון זיין אייגן לאַנד. ער, דער אייביקער פּאַטעטישער סניגור ביי יידן, וואָלט נאָך מער דערפילט דעם צער פון דער שליחות וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, ווען ער וואָלט דערזען דאָס לעבן פון יענע קלענערע גרופּעס ביי אונדז וואָס האָבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן האַרט ביי די גרענעצן און קומען אָפטער אין קאָנטאַקט מיט „יענער זייט״.

אָבער אינעם בערדיטשעווערס צייטן איז דער ווייט גרעסטער רוב צווישן אונדז פאָרט באַשטאַנען פון צענטער־יידן, ניט פון ראַנד־יידן, ממילא איז געלעגן אַ טיפער, אַלגעמיינער אמת אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט. דערצו נאָך האָט יענער געזונטער צענטער אַוועקגעשטעלט אַן אומגעהויער קרעפ־טיקע פּסיכישע וואַך אויף אַלע אונדזערע גרענעצן כדי נאָך מער צו באַוואָרענען אונדזער גאַנצקייט. זיי האָבן אָנגעפילט אונדזערע הערצער מיט אַזעלכע דורכ־נעמענדיקע געפילן קעגן געמישטע חתונות, שמד, אַפילו קעגן סתם־אַנטלוי־פעריי, אַז דער הוילער געדאַנק דערפון האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד. דאָס איז געווען אַ שאַנד און אַן אומגליק וואָס האָט באַפלעקט די גאַנצע משפּחה. נאָך שמד איז מען געזעסן אַ שעה שבעה, און ס׳האָבן זיך געפונען ווייניק בעלנים זיך משדך צו זיין מיט דער משפּחה וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון אַזאַ קאַטאַסטראָפע.

אמת, אין יענער צייט זענען קיין געמישטע חתונות אָן שמד ניט פאָר־געקומען, ניט געקאָנט פאָרקומען. אָבער מיר דאַרפן צו טיף ניט גראָבן אין זיך אַליין אויסצוגעפינען וואָסערע באַציאונגען עס האָבן געקאָנט באַהערשן אונדזערע עלטערן אַפילו ווען אַזאַ אומגליק, ווי אַ געמישטע חתונה, זאָל זיין אָן שמד.

מען האָט אַמאָל ביי אונדז פאַרשפּרייט דעם גלויבן, אַז אַסימילאַציע איז אַן ענין וואָס האָט בלויז צו טאָן מיט דער יידישער בורזשואַזיע. די אַרבעטער־מאַסן ווייסן ניט פון דעם, דאָס איז איינער פון יענע אמתן, וואָס פאַרפירט און נאַרט אָפּ צוליב דער פאַלשער פאָרמולע אין וועלכער ער ווערט אויס־געדריקט. וואָרעם דער עיקר ליגט ניט אין געהערן צו דעם אָדער יענעם עקאָנאָמישן קלאַס, נאָר אין דער פּאָזיציע און שייכות צום יידישן צענטער. ביי פּראָפעסיאָנאַלן, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אַרכיטעקטן, אאַז״וו פאָדערט אַסימילאַציע אַ סך מער קרבנות אַפילו ווי צווישן די רייכסטע סוחרים. דער גרעסטער קרבן פון אַנטלויפעריי איז, דאַכט זיך מיר, דער קינסטלער־קלאַס, די וואָס אַרבעטן אין אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן מעדיום, ווי קלאַנג, פאַרב אָדער שטיין. וואָס ווייטער פון צענטער און נעענטער צו די ראַנדן, וואָס אָפּטער און אינטימער די קאָנטאַקטן מיט „יענער זייט״, אַלץ גרעסער איז די סכנה צו „פאַרלירן דעם יידישן פּאַספּאָרט״.

היינט קאָנען מיר מער ניט זאָגן, אַז דער רוב מנין ורוב בנין פון אונדזער פאָלק לעבט אין אַ יידישער צענטער־וועלט. דאָס לעבן האָט אונדז אַלץ מער און מער געשטויסן צו די ראַנדן, פון דער אַמאָליקער גרענעץ־וואַך איז בלויז אַ שאָטן געבליבן, און די מחיצה איז צעפּרעסן געוואָרן פונעם ערגסטן גלות, אַ גלות וואָס איז אַזוי גרינטלעך אַרומגעוואָקסן געוואָרן מיט זשאַווער אַז ער האָט אויפגעפרעסן דאָס געזונטע גלות־געפיל אין אַ סך יידישע הערצער. די דאָזיקע יידן איז באַפאַלן אַ טרויעריקע פאַרבלענדעניש. דאָס איז ניט מער פאַר זיי קיין זשאַווער, נאָר אַ מאָדערן־קינסטלערישע רויטלעכע דעקאָראַציע וואָס די געשיכטע האָט ספּעציעל צוגעגרייט פאַרן אייביקן פאָלק ישראל.

יאָ, פון דער גרענעץ־וואַך איז בלויז אַ שאָטן פאַרבליבן, אַ שיטערע ירושה וואָס דריקט זיך אויס אין אַ פאַרבלייכטן סענטימענט. יידישע זיידעס פון גויאישע אייניקלעך דאַרף מען מער ניט זוכן ביי בורזשואַזע אַסימילאַטאָרן און סתם אָפּגעפרעמדטע יידן. איר קאָנט זיי טרעפן אַפילו ביי אונדזערע היימישע טישן. אמת, זיי האָבן דערפון גרויס עגמת נפש. אַ פונק פון דער ירושה איז פאָרט געבליבן. אָבער זייער געזעלשאַפטלעכער סטאַטוס צווישן אונדז האָט דערפון ניט געליטן. זיי פילן, אַז דאָס איז אַ ריין פּערזענלעכער צער וואָס האָט ניט מינדסטע שייכות צו די איבעריקע אַרום דעם היימישן יידישן טיש. סעקולאַריזם האָט ניט קיין אַנדער ברירה ווי צו שטיצן טעאָרע־טיש אַזאַ מין געפיל.

לעצטנס האָט פּאַסירט עפּעס, וואָס באַווייזט אויפן באַשיינפּערלעכסטן אופן די ביטערע פאַרלעגנקייט אין וועלכער דער קאָנסעקווענטער יידישער סעקולאַריזם געפינט זיך. היטלערס אויפקום אין דייטשלאַנד האָט מיטגע־שלעפּט מיט זיך עטלעכע באַרימטע אייראָפּעאישע שרייבער, אַזעלכע ווי גערהאַרד האַופּטמאַן, קנוט האַמסון. די דאָזיקע שרייבער האָבן זיך געשטעלט

אויפן נאַציִשן צד, דער עיקר, דורך זייערע מיינונגען, האַנדלונגען. פונדעסט־וועגן האָט דאָס גלייך אַרויסגערופן אַ פּראָבלעם ווי מיר דאַרפן זיך באַציִען צו זייערע קינסטלערישע ווערק בכלל. וועגן דעם ווי מיר דאַרפן זיי באַהאַנדלען איצט איז ביי קיינעם קיין פראַגע ניט געווען. די פּאַטעטישע מאָנונג אַז קונסט און קינסטלער דאַרפן זיין אַבסאָלוט פריי, האָט ניט בלויז אַלעמען געלאָזן קאַלט, נאָר פאַרקערט, אַזאַ סענטימענט האָט נאָך מער דערצערנט. געווען אַפילו אַזעלכע וואָס זענען דורכויס באַשטאַנען אויף דעם, אַז אַלץ וואָס די דאָזיקע קינסטלער האָבן געשאַפן אין זייערע פריערדיקע יאָרן, דאַרף אויך אַריינגיין אין דער רובריק פון לא יזכר ולא יפקד.

דאָ איז ניט די פראַגע צי אַזאַ שטעלונג איז אַ גערעכטע אָדער אַ ריכטיקע. וויכטיק איז וואָס דאָס איז געוואָרן אַ פּראָבלעם: קאָן קונסט און קינסטלער פאַרדעקן אַלץ אין דער וועלט? זענען פאַראַן עטישע פאָדערונגען אויף וועלכע מען קאָן קיינמאָל אונטער קיין שום אומשטענדן ניט מוותר זיין? עס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען די פאַרשיידנסטע חילוקי דעות, אָבער ערנסטע מענטשן מיט עטישער און סאָציאַלער אחריות האָבן געפילט, אַז דער ענין איז אומגעהייער וויכטיק אין דער מאָראַלער לופט וואָס מיר אָטעמען; אַז מיר דאַרפן מיט דעם אויפוועקן דעם דעת הקהל און צוזאַמען אים דורכטראַכטן ביזן סוף.

דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן מאָראַלע פּראָבלעמען וואָס זענען אָרגאַניש פאַרבונדן אויך מיט אַ ריין סעקולערן וועלט־בליק. ממילא האָט זיך אויך אין אונדזער וועלטל געהערט דער אָפּקלאַנג פון דער פיינלעכער סיטואַציע וואָס גרויסע קינסטלער האָבן געשאַפן דורך זייער עפנטלעכן פאַרבינדן זיך מיטן נאַציזם. אָבער אָט איז אַ פאַל מיט אַ גרויסן יידישן קינסטלער וואָס האָט זיך אויך אָפּגעגרענעצט פון אונדז אַלעמען אויף אַ זייער פיינלעכן אופן. אמת, ביי אים האַנדלט זיך עס ניט וועגן אַלגעמיין עטישע ווערטן, נאָר וועגן אַזעלכע וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צום קיום פון אונדזער פאָלק אין אַ צייט, ווען דאָס לעצטע וואָס איז אונדז נאָך פאַרבליבן שטייט אין גרויסער סכנה. איך האָב דאָ אין זינען שלום אַשן. קודם כל, ווי ער איז דערשינען פאַר אונדז אין זיינע טרויעריק־באַרימטע ענגלישע אינטערוויוען, און וואָס ער האָט איצט פאַרענדיקט מיט זיין יידיש־אומגליקלעכן, אָפּן־פּראָפּאַגאַנדישן ראָמאַן „איסט ריווער״.

מילא, אַש איז געוואָרן אַן אַקטיווער אַגיטאַטאָר פאַרן געדאַנק אָפּצושאַפן די צעטיילונג צווישן יידיש־קריסטלעך, אונדזער גאָט — זייער גאָט. זענען מיר דען ניט אַלע קינדער פון איין פאָטער אין הימל? איך בין גענייגט צו גלויבן, אַז אַשן איז אויף קיין איין רגע ניט איינגעפאַלן אַז אויב מיר גייען אַ מצווה־טענצל מיט „אונדזער גאָט — זייער גאָט״, דעמאָלט מוז עס, אין די באַדינגונגען פון אונדזער לעבן, בלייבן בלויז, און איין־און־איינציק, „זייער

גאָט". ניט אַש טראַכט אין טערמינען פון אונדזער קאָנקרעטן פּאָלקישן לעבן, ניט דאָס גייט אים אָן. פאַר אים איז יידיש לעבן געוואָרן אַ הוילע טעאָלאָגיע. ריכטיקער, אַן איינגעשרומפּענער רעליגיעזער ריטואַל. יידן זענען מתפלל, קריסטן זענען מתפלל, פאַרוואָס ניט צוזאַמען, און אפשר טאַקע פון זעלביקן סידור?

מיך גייט דאָ לחלוטין ניט אָן די פּסיכישע איבערקערעניש וואָס איז פאָרגעקומען אין אַשן, אָדער די געפערלעכע נאַאיוויטעט צו וועלכער ער איז דערפירט געוואָרן. עס קאָן אָבער קיין ספק ניט זיין, ספּעציעל פאַר די וואָס זענען די טראַגישקייט פון דער אינערלעכער גייסטיקער לאַגע אונדזערער, פונעם צעבראָכענעם יידישן לעבן פון אונדזער יידיש־פאַרוואָרלאָזטער יוגנט, אַז אַש׳ס יידיש־קריסטלעכע פּראָפּאַגאַנדע, סיי דורך אויסגעדריקטע מיינונגען, סיי ווען ער פאַרוויקלט זי אין קינסטלערישע הילעס, איז גיפטיק זאַלץ אויף אונדזערע איצטיקע וואונדן. וואָס איז די שטעלונג פונעם יידישן סעקולאַריזם צו דעם? איך לאָז דורך די בייזע פּאָלעמיק וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן אַשן, אָדער די סאַטירישע באַמערקונגען וואָס מען מאַכט וועגן אים פון צייט צו צייט. אויב אַ יידישער סעקולאַריסט טוט דאָס, איז עס דאָך בלויז אַ צערודערונג פונעם געוירשנטן יידישן געמיט. אָבער ווי אַזוי קאָן מען פון אַ ריין סעקולאַריסטישן שטאַנדפּונקט זיך אַנטקעגן שטעלן אַזאַ געפאַר ווען מען אָנערקענט שוין יאָ אַז דאָס איז אַ געפאַר?

די בייזע פּאָלעמיק וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן אַשן האָט דער עיקר אונטערגעשטראָכן אַז די כסדרדיקע קאָמפּאַניע לטובת דער פאַרהערלעכונג פון קריסטנטום פירט צו שמד. זיינע פּאַרטיידיקער האָבן קודם כל געפּאָדערט פרייהייט און דרך ארץ פאַר קונסט און קינסטלער. בנוגע דער מורא פאַר שמד, אָדער פאַר אָפּרעמדונג פון יידן, האָבן זיי דאָס געהאַלטן פאַר אַ גוזמא, אָדער פאַר סתם ניט אמת. אָבער סעקולאַריסטיש גערעדט, פאַרוואָס טאָר מען ניט אָפן און דירעקט פּראָפּאַגאַנדירן פאַר שמד? פון אַ סעקולאַריסטישן שטאַנדפּונקט שטייען קירך און שול אַקוראַט אויף דער זעלביקער מדרגה. ממילא דאַרף זיין אַקוראַט די זעלביקע באַציאונג צו די וואָס רופן אין שול אַריין ווי צו די וואָס רופן אין קירך.

דר. זשיטלאָווסקי האָט זיך פאַרגונען צו זיין ברוטאַל קאָנסעקווענט אין דעם פּרט. מיר האָבן אים געשעצט און זיך גערעכנט מיט זיינע מיינונגען. אָבער איך ווייס ניט פון קיין איין סעקולאַריסט וואָס האָט אָפן אָנגענומען זיין גלייכונג צווישן שול און קירך פאַר יידן. אַפילו זיינע געטרייע תלמידים (פון די אַמאָליקע יאָרן) זענען געווען צופיל יידן זיך ניט צו שרעקן פאַר פולער קאָנסעקווענטקייט אויף דעם פּונקט. פון דעם איז אָבער בלויז גע־דרונגען אַז מען קאָן ניט זיין קיין גאַנצער ייד און אויסגעהאַלטן סעקולאַריסטיש אין דער זעלביקער צייט. מען פילט אַז די טעאָריע שלעפּט ערגעץ אין שאול

תחתיה אַריין, און מען מוז זיך אַרויסגליטשן פון איר, און בלייבן לכל הפחות אין מיטן וועג, אויב מען וויל בלייבן אַ ייד צווישן יידן.

לאָמיר דאָס פאַרענדיקן מיט נאָך אַ ביישפּיל פון דער לעצטער צייט. פאַראַיאָרן, ווען יעקב פּאַט איז צוריקגעקומען פון זיין באַזוך אין פּוילן, האָט ער אָפּגעגעבן אַ באַריכט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַלטע און ניי־געקומענע בונדיסטן. איין מאָמענט אין יענעם באַריכט האָט מיך באַזונדערס פאַראינ־טערעסירט. פּאַט האָט דערציילט, אַז זייענדיק אין קראָקע האָט ער אויסגעפונען אַז אַ צאָל יידישע קינדער האַלטן זיך נאָך דאָרט אויף אין אַ קלויסטער, אָבער אַז פאַר אַ געוויסער סומע געלט קאָן מען זיי פון דאָרט אַרויסקריגן. ער האָט דעמאָלט זיך געווענדט צו די פאַרזאַמלטע מיט אַזעלכע ווערטער: „איך בין זיכער, אַז איר וועט מיר מוחל זיין, כאָטש קיינער פון אייך דאָ איז ניט קיין רעליגיעזער ייד, ווען איך האָב גלייך אַסיגנירט די נויטיקע סומע אין נאָמען פון יידישן אַרבעטער קאָמיטעט כדי די קינדער אַרויסצוראַטעווען פון קלויסטער און אומקערן זיי צום פּוילישן יידנטום". פּאַט האָט געטראָפן. דער עולם האָט אים מער ווי מוחל געווען, און עס אויסגעדריקט דורך הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן.

איך האָב געטראַכט: ווי וואָלט געווען ווען עמעצער פונעם עולם איז אַ שייגעץ און טרעט אַרויס מיט עטלעכע זייער האַרבע קשיות. ער וואָלט געקאָנט טענהן אַזוי: צוליב וואָס האָט מען געדאַרפט אַרויסנעמען די יידישע קינדער פון קלויסטער, האָבן זיי דען דאָרט געהונגערט? איז זיי בכלל דאָרט געווען שלעכט? וועט זיי צווישן יידן זיין בעסער? עס האָט ניט געקאָנט זיין אַפילו קיין געוויינטלעכער הומאַנער אַקט איינצושטילן דעם צער פון זייערע עלטערן, ווייל זיי זענען דאָך אַלע געווען יתומים, פּונקט פאַרקערט, הומאַנישקייט וואָלט געפאָדערט זיי זאָלן בלייבן מיט די גלחים, ווייל, ווי מיר ווייסן, האָבן זיך אַ סך יידישע קינדער גאַנץ גוט איינגעלעבט אין די קריסט־לעכע היימען, און מען דאַרף זיי פון דאָרט ניט אַרויסשלעפּן מיט געוואַלט. איז, מילא, פרומע יידן, פאַרשטייט מען, אָבער פאַרוואָס זאָלן רעליגיע־פרייע יידן דאָס טאָן? אַ חוץ דעם, פאַרוואָס רופט איר דאָס „געראַטעוועט"? געראַטעוועט פון וועמען? פון גויים? געראַטעוועט פאַר וועמען? פאַר יידן? קומט אויס, אַז יידן שטייען אַזוי פיל העכער פון גויים אַז אַרויסנעמען יידישע קינדער פון גויאישע הענט און איבערגעבן זיי אין יידישע הענט הייסט „געראַטעוועט". אָבער דאָס איז דאָך אי טראַדיציאָנעלער יידישער אתה בחרתנו, אי היינטיקער יידישער שאָוויניזם. ווי קאָנען סאָציאַליסטן וואָס סאָלידאַריזירן זיך מיטן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס איינגיין אויף אַזאַ מין „ראַטעווען" פון גויים פאַר יידן?

קיינער האָט אַזעלכע פראַגעס ניט געשטעלט. דער געבליבענער ירושה־סענטימענט האָט דאָס מסתמא ניט דערלאָזן. אָבער ווען יאָ, וואָס וואָלט פּאַט

געקאָנט ענטפערן? ער וואָלט בלויז געקאָנט — ווי אין אַלע אַזעלכע פאַלן ווען דאָס וואָרצלדיקסטע פון דער ירושה צעבונטעוועט זיך — באַנוצן פייק־געשניצטע רעטאָרישע רייד גלויבנדיק אַז דער „ערל" אין דער נשמה, דער סעקולאַריסט, איז ניט „מבין בלשון". און ווען יענער היפּאָטעטישער „שייגעץ" וואָלט נאָך אַלץ געמאָנט זיין פולן לאָגישן צינז, וואָלט פאָט בלויז געקאָנט זאָגן, אַז אַזוי דאַרף האַנדלען אַ ייד אין אַזעלכע פאַלן. ווי קאָן דען אַנדערש זיין? דאָס וואָלט נאַטירלעך קיין ענטפער ניט געווען. דער פראַגע־שטעלער וואָלט אַפילו די ווערטער ניט פאַרשטאַנען, ווייל ער קאָן ניט דעם אידיאָם פון דער ירושה־שפּראַך, און איבערזעצן דאָס אויפן סעקולאַריסטישן לשון קאָן מען אויך ניט, פונקט ווי מען קאָן ניט דערקלערן דורך ווערטער דעם אונטערשייד צווישן, לאָמיר זאָגן, רויט און גרין.

טראַדיציאָנעלע יידישקייט האָט אויפגעטורעמט אַ ריזיקע פעסטונג אַרום זיך וואָס האָט אונדז באַשיצט אין דעם ביטערן געראַנגל פאַר אונדזער קיום. בלויז דאָס האָט אונדז געקאָנט פאַרבלענדן מיט דער געפערלעכער אילוזיע אַז צעמענטירט יידיש לעבן איז אַן אומבאַוואוסטזיניקער נאַטירלעכער פּראָצעס וואָס טראָגט אין זיך אויף אַ ריין ממילאדיקן אופן זיין אייגענעם המשך. דער איינדרוק איז געווען אַז מיר ראַנגלען זיך בלויז פאַר בעסערע לעבנס־תנאים אין אונדזער פאָלקישער עקזיסטענץ, אָבער ניט פאַרן פאָלקישן לעבן גופא. אָט די אילוזיע אַז בנוגע אונדזער קיום זענען מיר „ככל העמים", האָט אונדז געקאָנט פאַרפירן אינעם טראַגי־קאָמישן פּלאָנטער פון צעטיילן יידישקייט אויף רעליגיעז און סעקולער, אויך „ככל העמים". אָבער אַ ריין סעקולערע יידישקייט, אויב אַזאַ צעטיילונג וואָלט בכלל מעגלעך געווען, וואָלט ניט בלויז צעשטערט די עלעמענטאַרסטע כלי־זין אין אונדזער געצוואונגענעם ראַנגלען זיך פאַר אונדזער קיום, זי וואָלט אונדזערע הענט פאַראַליזירט אַז מיר וואָלטן אַפילו ניט געהאַט מיט וואָס צו גלעטן אונדזערע אייגענע וואונדן.

אָבער איצט קאָן שוין, דאַכט זיך, אַפילו אַ בלינדער איינזען אַז אַזאַ צעטיילונג — אין אונדזער אייגענעם אויפפיר און אין דער דערציאונג פון אונדזערע קינדער — איז אין דער פּראַקטיק אוממעגלעך, אָדער, ווען מען צווינגט זי אַרויף, ווי אין סאָוועטן פאַרבאַנד, קאָן זי בלויז אָפּנאַרעריש דערפירן צו אַ נאַציאָנאַלער מיתת נשיקה. ניט איין מאָל האָט מען אין יענער מדינה אויפגעשטעלט אַ יידיש־סעקולאַריסטישע געביידע און אויפריכטיק געמיינט, אַז דאָס איז אַ קולטור־יידישע באָד, און אויסגעלאָזן האָט זיך אַז ס'איז געווען אַ נאַציאָנאַלער גאַז־קאַמער.

יאָ, אין דער פּראַקטיק וועט אַ סעקולאַריסט מיט אַנטי־רעליגיעזן צאָרן פאַרמשפּטן דעם „שימל" פון דער יידישער טראַדיציע, און באַלד דערנאָך רופן אַ מוהל אויפן ברית פון זיין ניי־געבאָרענעם זון. שלום אַש האָט אין זיין ערש־טער ליטעראַרישער קינדהייט געזען אין מצוות מילה די „געפערלעכע אָפּעראַ־

ציע" און געמאַכט אַ געוואַלט, פונקט ווי איצט אין זיין צווייטער קינדהייט, זעט ער אין יידישקייט בלויז אַ „פּאָטער אין הימל" און פיקסירטע תפילות, און מאַכט נאָך שעדלעכערע גוואַלטן, כאָטש מיט אַנדערע כוונות. קאָנסעקווענטער סעקו־לאַריזם האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַן ענלעכער נעץ צוליב שוואַכער ראיה. בנוגע דער סתירה צווישן געדאַנק און האַנדלונג גלייכן זיך אויסביידע עקסטרעמען אין גייסטיקן יידישן לעבן. דער אולטראַ־אָרטאָדאָקס האַלט זיך טעאָרעטיש ביי יעדן אות פון שולחן ערוך און בעט זיך איבער מיט גרינטלעכע רעפאָרמען אין דער פּראַקטיק. דער סעקולאַריסט, דער וואָס וויל זיך פון יידן ניט אָפּרייסן, ענטפערט טעאָרעטיש מיט „גאָרניט" אויף די פאָדערונגען פון דער יידישער טראַדיציע, אָבער אין דער פּראַקטיק מאַכט ער שלום אָן שום שוועריקייטן מיט וויכטיקע „עפּעסן" פונעם טראַדיציאָנעלן געוועב.

אין ציוניסטישע קרייזן זענען פאַראַן גאָר אַ סך וואָס מיינען, אַז די דאָזיקע צרה האָט בלויז אַ שייכות צום גלות. אין ארץ־ישראל, וואו ס'איז ניטאָ קיין מורא אַז דער אַסימילאַציע־וואָלף וועט אונדז פאַרצוקן, דאָרטן, מיינען זיי, פאַלט אַוועק די גאַנצע פּראָבלעם. דאָרט וועלן מיר ערשט קענען אָפּאָטעמען פרייער אין אַן אַטמאָספערע פון „ככל העמים". איך מיין אויך, אַז ס'איז פאַראַן אַן אונטערשיד צווישן גלות און ארץ־ישראל, אָבער פון אַן אַנדער סאָרט. אַ ניהיליסטישע שטעלונג צו אונדזער טראַדיציע איז, אין גלות, אַ טויט־אורטייל אויף אונדזער פאָלק; אין ארץ־ישראל קאָנען מיר אפשר דער־גרייכן, מיט אַזאַ שטעלונג, אַ צושטאַנד פון גייסטיקער חלשות, אָבער ניט מער. צו פירן אַן אייגן לעבן, מיט אַן אייגן לשון, אין אַן אייגענער אַלזייטיקער באַלעבאַטישקייט, דאָס איז זיכער אַ גרויסער אידעאַל לכל הדעות. אָבער אַ פּרינציפּיעלע נעגאַטיווע באַציאונג צו אונדזער טראַדיציע הייסט אָפּרייסן זיך פון אונדזערע היסטאָרישע וואָרצלען, הייסט צעשטערן בידים דאָס גראַנ־דיעזע בילד פון יידישן גייסטיקן מהות וואָס מיר האָבן געשאַפן אין דער וועלט־קולטור און פאַר זיך אַליין. אַ קליין פאָלקעלע וואָס פאַרמאָגט אַן אייגן ווינקל פרייער צו אָטעמען, ניין, עס וואָלט געווען אַ מוראדיקע נאַציאָנאַלע טראַגעדיע ווען ישראל סבא זאָל זיך באַפרידיקן בלויז מיט דעם אַליין. גליקלעכערווייז שניידן זיך אַרויס געוויס ליכטיקע טענדענצן אינעם לעבן פון ישוב וואָס ווייזן אַז דער נאַקעטער סעקולאַריזם — פון וועלכן דער איצטיקער ווילדער טעראָריזם איז אַ כשר קינד — האָט צו ווייניק שאַנסן צו ווערן די הערשנדיקע אידעאָלאָגיע אין ארץ־ישראל.

ווי עס זאָל ניט זיין, די סאַמע צעטיילונג פון גייסטיקן יידישן לעבן אויף רעליגיעז און סעקולער איז טעאָרעטיש פאַלש און צעשטערעריש; פּראַקטיש פירט דאָס צו קאָמישע בלאָנדזשענישן. סעקולאַריזם אַליין איז באַזונדערס אַ פאַרפירערישער וועגווייזער. אין דער טעאָריע נעמט ער ביי אונדז אַוועק דאָס לעצטע ביסל געוועב זיך אַנטקעגן צו שטעלן אַ לעבן, וואָס

רייסט זיך אונדז צו פֿאַרשלינגען. אין דער פּראַקטיק איז דאָס אַ דרך וואָס קאָן אונדז בשום אופֿן ניט ווייזן וואו איין און וואו אויס אין די שטענדיקע אינערלעכע קאָנפֿליקטן צווישן דער אַלטער ירושה און דער נייער טעאָריע.

איז דאָך, דאַכט זיך, גלייכער מיר זאָלן באַטראַכטן דעם גאַנצן יידישן טראַדיציאָנעלן שטייגער ניט פֿון שטאַנדפּונקט פֿון כשר און טריף על פּי סעקולאַריזם, נאָר אויף וויפֿל ער איז בכוח צו שטאַרקן אונדזער פֿאָלקישן קיום און אויף וויפֿל ער גייט ניט להיפּוך צו די מעגלעכקייטן און פֿונדאַמענטאַלע נויטן פֿון אַ מאָדערן, מענטשלעך לעבן. אויך אין דעם וועלן מיר ניט, קאָנען מיר ניט, אַלע קומען צו די זעלביקע אויספֿירן. דאָס איז אומפֿאַרמיידלעך. דערפֿאַר טאַקע האָבן מיר אָרטאָדאָקסן, קאָנסערוואַטיוון, רעקאָנסטרוקציאָניסטן, רעפֿאָרמער, און יעדע פֿון זיי איז צעטיילט אויף פֿאַרשיידענע שאַטירונגען. וויכטיק איז וואָס דעמאָלט וועט דער אויסגאַנג־פּונקט זיין אַ יידישע אידייע, דאָס איינשטעלן זיך פֿאַר יידישער גאַנצקייט, און די שטרעבונג אָנצופֿילן דאָס יידישע לעבן פֿון די קומענדיקע דורות מיט אַן אינהאַלט וואָס זאָל קאָנען האָפֿן בייצוקומען די מוראדיקע נסיונות וואָס רוקן זיך אָן אויף אונדז מיט אַזאַ אומגעהייערער קראַפֿט.

די וואָס באַנוצן זיך מיט דער סעקולאַריסטישער אַרגומענטאַציע זענען ווייט, ווייט ניט אַלע פֿונעם זעלביקן סאָרט. פֿאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן זיך אין איין דערוווייטערן פֿון יידן אויפֿן גרונט פֿון: „איך בין ניט רעליגיעז״. וועגן אַזעלכע איז דאָך לחלוטין ניטאָ וואָס צוריידן. די גמרא זאָגט, אַז אַ פֿאַרמשפּטן צום טויט זאָל מען, פֿאַרן אויספֿירן דעם פּסק דין, געבן צו טרינקען ווייַן געמישט מיט שלאָפֿגעטראַנק, כדי ער זאָל פֿאַרלירן זיין באַוואוסטזיין און האָבן אַ לייכטן טויט. פֿאַר די סעקולאַריסטן פֿון נאָר וואָס דערמאָנטן שניט איז ווי אָנגעמאָסטן אַזאַ שלאָפֿגעטראַנק־אידייע וואָס קאָן בטבע ניט אַרויסרופֿן קיין שום שטעלונג, קיין שום באַציאונג צו געשעענישן אין יידישן לעבן וואָס רירן אָן די פֿונדאַמענטן פֿון אונדזער גורל ווי אַ פֿאָלק. אָבער די זעלביקע אַרגומענטאַציע, מיט גאָר אַנדערע כוונות, ווערט אויך באַנוצט פֿון וואַרעמע יידן אין זייער אינטימער יידישער צוגעבונדנקייט. אָט אַזעלכע דאַרף מען וואָרענען און טייטלען אויפֿן שלאָפֿגעטראַנק־כאַראַקטער פֿונעם סעקולאַריזם כדי זיי זאָלן זיך קענען היטן פֿון אים בעת זיי טרינקען זייער יידישן ווייַן.

(1947)

# גלויביקייט און גלויבן

## ביי דער לוויה

ווען איך בין געקומען צו דער לוויה איז צו מיר צוגעשטאַנען אַ באַ־קאַנטער מיט כסדרדיקע באַמערקונגען וועגן די אונטערשיידן צווישן די אַמאָליקע פרומע יידן און די היינטיקע אומגלויביקע אין אָנגעזיכט פון טויט. נאָך יעדן הספד האָט ער מיר אַריינגעשושקעט אין אויער אַ באַשטעטיקונג פון זיינע געדאַנקען. ער האָט מיט אַזאַ באַדויערלעכן רחמנות אויף זיך אַליין מקנא געווען די טאַטעס און די זיידעס וואָס האָבן געגלויבט אין יענער וועלט, אין גיהנום און גן עדן, אין שכר ועונש, אינעם קבלת פנים פונעם מלאך הדומה מיט זיין פאַרשנדיקן „מה שמך", בקיצור, אין די אַלטע גלויבנס, גרעסערע און קלענערע, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן טויט. היינט דער פשוטער, רירנדיקער „ברוך דיין אמת", ווי די דאָזיקע ברכה האָט געגלעט דאָס צעוויטיקטע האַרץ מיט טרייסט, מיטן געפיל אַז אַלץ ווערט געטאָן לויט דער באַשטימונג פון אַ גערעכטער השגחה.

ער איז שפּעטער געגאַנגען אַביסל ווייטער און קאָמענטירט אויפן אינהאַלט פון די רעדעס וואָס האָבן מספיד געווען דעם נפטר. עס איז ביי אים אויס־געקומען אַז דער שטראָם גוזמאדיקע שבחים וואָס האָט זיך געגאָסן פון די רעדעס נעמען זיך פון דער איבערצייגונג אַז דער טויט איז דער אַבסאָלוטער סוף פונעם פאַרשטאָרבענעם. וואָרעם אויב פאַרן מת איז קיין זאַך ניט געבליבן אין דער צוקונפט אַחוץ אַ שטיק עפר ואפר וואָס וועט פוילן אין קבר, דעמאָלט קען מען זיך בלויז ווענדן צו דער פאַרגאַנגענהייט, אַרויסנעמען פון דאָרט איינזייטיק אַלע מעלות און זיי באַפּאַרבן מיט וואָס מער שרייעריקע קאָלירן פון אַן אויסגעטראַכטן רעגנבויגן.

ווען איך האָב שפּעטער נאָכגעטראַכט וועגן די דאָזיקע געדאַנקען האָב איך ניט בלויז דערזען זייער גרינטלעכע פאַלשקייט נאָר עס איז מיר פשוט ניט קלאָר געווען פאַרוואָס אַ סך פון אונדז, וואָס האָבן אַזוי נאָענט און אינטים געלעבט מיט אונדזערע טאַטעס און זיידעס, זאָלן אַזוי שלעכט, אַזוי קרום, אויסטייטשן די פּסיכישע מאָטיוון וואָס האָבן געטריבן דאָס לעבן פון די פריערדיקע דורות. קענטיק אַז דאָס דירעקטע לעבן און דאָס הוילע טראַכטן זענען צוויי באַזונדערע פּסיכישע ספערעס וואָס מוזן ניט זיין שטאַרק פאַר־בונדן צווישן זיך.

קודם כל, לאָמיר נעמען די פאַקטן. על פי שכל וואָלט געדאַרפט אויס־קומען אַז ביי אומגלויביקע וואָלט טויט געדאַרפט אַרויסרופן די שרעקלעכסטע פאָרמען פון נערוועזער צערודערונג, געשרייען, געוואַלטן, רייסן זיך די האָר

פון קאָפּ, לאַנגע נאָכווייען א. ד. גל. וואָרעם די פאַרבליבענע ווייסן דאָך אַז פאַרן מת איז דאָס דער ענדגילטיקער סוף, קיין ווייטערדיקע פאַרבינדונגען מיט אים וועלן זיי אויך ניט האָבן אַפילו נאָך דעם ווי זיי וועלן שטאַרבן. ווי מוראדיק עס איז אַריבערצוטראָגן דאָס באַוואוסטזיין פון אַן אַבסאָלוטן סוף.

פאַרקערט, ביי די גלויביקע, וואָלט טויט געדאַרפט מאַכן אַ פיל שוואַכערן איינדרוק. ביי זיי איז דאָך דאָס בלויז אַן אַריבערקלייבן זיך פון איין וועלט אין דער אַנדערער; אַ געוויסע פאָרם פון לעבן פאַרבלייבט דאָך, אויך נאָכן טויט, קען שוין דער צער ניט זיין אַזוי געוואַלטיק גרויס. פונדעסטוועגן זעט מען אַז גראָד ביי די מאָדערנע אומגלויביקע איז פאַראַן מער קאָנטראָל, מער איינגעהאַלטנקייט ביים אויפנעמען טויט. ביי פרומע יידן הויבט זיך עס אָן מיט די רירנדיק־אויפטרייסלנדיקע געוואַלטן ביים איינרייסן אין שול, רייסן קברים, און עס ענדיקט זיך מיט הונדערטער דינים און מנהגים אין שייכות צו אבלות וואָס אַלע שטרייכן אונטער די צעבראָכנקייט פון געמיט וואָס טויט רופט אַרויס. דער איינדרוק פון דעם וואָס דער בר מנן ליגט אויף דער ערד מיט די פיס צו דער טיר, רייסן קריעה, זיצן שבעה, דאָס ניט גיין מנחם אבל זיין די ערשטע דריי טעג, היינט די דינים אין שייכות צו וואַשן און פוצן זיך, די ספּעציעלע מסכתות „אבל רבתי" און „אבל זוטרתי" — נייך, מען קען בשום אופן ניט זאָגן אַז טויט האָט זיי ווייניקער דערציטערט ווי די היינטיקע אומגלויביקע.

נאָך מער, ביי פרומע יידן וואָלט געדאַרפט זיין אַ גרויסער חילוק צווישן אַ פּשוטן, זינדיקן בשר ודם און אַ גרויסן ירא שמים. דער גלויבן אין שכר ועונש אויף יענער וועלט איז מחייב אַז דער טויט פונעם ערשטן וואָלט גע־דאַרפט אַרויסרופן מער צער ווי די פּטירה פון אַ צדיק. וואָרים אַ פּשוטער זינדיקער מענטש, וויים וויפל ער וועט נעבעך דאַרפן אָפּקומען ביז ער וועט דערגרייכן די טויערן פון גן עדן, אָבער אַן אָפּגעהיטענער ערלעכער ייד, וואָס מער די אַרומיקע זענען איבערגעצייגט אַז ער איז טאַקע געווען אַן איש תם וישר, אַלץ איינגעהאַלטענער וואָלט געדאַרפט זיין דער טרויער, אַלץ מער געטרייסט וואָלטן געדאַרפט זיין די נאָענטע און קרובים מיטן געפיל אַז זיין טויט פאַרענדיקט בלויז דאָס נישטיק־ערדישע, בעת דאָס אמתע, לויטערע לעבן הויבט זיך ערשט פאַר אים אָן. אַז די פאַקטן זענען אַנדערש איז איבעריק צו דערציילן, דאָס האָט מסתמא יעדער איינער געזען מיט די אייגענע אויגן, אָבער ווי לאָזט זיך דאָס פאַרשטיין?

עס זעט דאָך באמת אויס זייער מאָדנע. דער טויט, און דער טרויער וואָס ער רופט אַרויס, זענען דאָך נאַטירלעך זייער ענג פאַרבונדן צווישן זיך. די פאָרם וואָס דער טרויער נעמט אָן וואָלט דעריבער געדאַרפט אָפּהענגען פונעם אופן אויף וועלכן דער באַגריף פון טויט ווערט אויפגענומען. וואו דער טויט איז אַן אַבסאָלוטער סוף וואָלט דער טרויער געדאַרפט זיין מער

דורכדרינגלעך איידער דאָרט וואו ער איז בלויז אַ רעלאַטיווער סוף. אין לעצטן פאַל וואָלט די צערודערטקייט געדאַרפט זיין לייכטער און מילדער. לאָזט זיך אויס אַז ביי די גלויביקע און אומגלויביקע, כאָטש די ערשטע העלפט, טויט, ווערט ביי זיי אַזוי גרינטלעך אַנדערש פאַרשטאַנען איז אָבער די צווייטע העלפט, טרויער, אָדער דער זעלביקער, אָדער פונקט פאַרקערט ווי מען וואָלט זיך געדאַרפט ריכטן. דער באַגריף פון אַ יענע וועלט נאָכן טויט, וואָס איזביים גלויביקן אַזוי פונדאַמענטאַל, פאַרלייכטערט אויף אַ האָר ניט דעם צער פון טויט.

די גמרא זאָגט אַז ווער עס זעט אַ תלמיד חכם שטאַרבן איז ווי ער וואָלט געזען אַ ספר תורה ברענען. רבא אבהו זאָגט אַז אין אַזאַ טאָג פאַסט ער. וועגן רבין ר׳ בונעם דערציילט מען אַז ווען ער איז געלעגן אויפן טויטנבעט האָט זיין ווייב ביטער געוויינט. אַז ער האָט דערהערט איר יאָמערדיק קול האָט ער געזאָגט צו איר: „פאַרוואָס וויינסטו? דאָס גאַנצע לעבן איז דאָך מיר געגעבן געוואָרן בלויז צו לערנען ווי אַזוי צו שטאַרבן״. דער גערער רבי, ר׳ איטשע מאיר, האָט דערפילט די סתירה צווישן דער אמונה אין עולם הבא און דעם שרעק פאַרן טויט. האָט ער דאָס פאַרענטפערט דערמיט וואָס אויף יענער וועלט ווייזט מען יעדן מענטשן אַלע זיינע חטאים און נאַרישקייטן וואָס ער האָט אָפּגעטאָן בעת ער האָט געלעבט. ווערט אים אַזוי ביטער דערפון אַז ער קען עס ניט פאַרטראָגן. דאָס איז זיין ערגסטער גיהנום.

מילא, דעם גערערס ענטפער פאַרענטפערט ניט אַלץ אַפילו פון זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט. עס בלייבט נאָך אַלץ די קשיא פאַרוואָס בנוגע דער מורא פאַרן טויט איז ניט פאַראַן קיין נפקא מינה צווישן דעם רשע און דעם צדיק. אָבער דאָך האָט ער פאָרט געמאַכט אַ פּראָבע זיך צו רעכענען מיט די פאַקטן און זיי צו פאַרשטיין, ער האָט דאָס געטאָן דורך דעם וואָס ער האָט צוגעשריבן די שרעק ניט צו געזעגענעם סוף אויף דער וועלט נאָר צום אומגעזעגענעם אָנהויב אויף יענער וועלט. אַפילו ריין וויסנשאַפטלעך שטייט אַזאַ ענטפער העכער ווי יענע וואָס איגנאָרירן די פאַקטן גופא, און זענען גרייט אָנצונעמען אַז גלויביקע מענטשן האָבן גאָר אַן אַנדער באַציאונג צום אייגענעם טויט, אָדער צום טויט פון זייערע נאָענטע, צוליב דעם וואָס זיי זענען אַזוי זיכער מיט זייער עולם הבא.

דאָס איז אַ מין מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פונעם פסיכישן צושטאַנד פונעם גלויביקן וואָס האַלט זיך, לכל הפּחות אינעם אַנגעוויזענעם פאַל, אויף אויסגעטראַכטע הנחות. דאָס פאַרשאַרפט נאָך מער די נייגעריקייט צו וועלן פאַרשטיין דעם צושטאַנד פון גלויביקייט, וואָס דערפון קענען מיר אַ סך אָפּלערנען וועגן מענטשלעכן לעבן בכלל, אויך וועגן לעבן פון די וואָס האַלטן זיך פאַר אומגלויביק.

## גלויביקייט

קהלת זאָגט, „איך האָב ווידער געזען אונטער דער זון אַז ניט די פלינקע געווינען דעם געוועטלויף, און ניט די גיבורים די מלחמה, און אויך ניט די חכמים ברויט, און אויך ניט די פאַרשטאַנדיקע עשירות, און אויך ניט די וואוילקענעוודיקע חן, נאָר צייט און צופאַל טרעפט זיי אַלעמען. וואָרים דער מענטש ווייס ניט צומאָל זיין צייט. אַזוי ווי פיש וואָס ווערן געפאַנגען אין אַ בייזער נעץ, אַזוי ווי פויגלען וואָס ווערן געכאַפּט אין אַ פּאַסטקע, אַזוי ווי זיי ווערן די מענטשנקינדער געפאַנגען אין אַ בייזער צייט, ווען זי פאַלט אויף זיי פּלוצלונג". אין די דאָזיקע ווערטער ווערט אויסגעדריקט אויפן קרעפּ־טיקסטן אופן דער גאַנצער קלעם אין וועלכן עס געפינט זיך דער מענטש בכלל אין אַלע צייטן. דער עיקר ליגט דאָס אינעם געדאַנק אַז „צייט און צופאַל טרעפט זיי אַלעמען".

אַ מענטש ווייס אַז ער איז געבוירן געוואָרן; ער ווייס אַז ער וועט שטאַרבן; ער ווייס אויך אַז צווישן וויגל און קבר ציט זיך אַ שטרעקע צייט וואָס איז אָנגעפילט מיט געשעענישן וועלכע האַלטן זיך אין בייטן. וואָס עס איז געווען געדענקט ער, אָדער מיינט אַז ער געדענקט. וואָס עס איז זעט ער, אָדער מיינט אַז ער זעט. אָבער וואָס עס וועט זיין, פאַר דעם איז אים ניט געגעבן געוואָרן קיין חושים ער זאָל עס קענען אָנטאַפּן, און די השערות פונעם שכל, ווייס ער, זענען ניט גענוג פאַרלאָזלעך. אָבער דאָס וויסן מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט אַז עס קומט אַ מאָרגעדיקער טאָג, און דאָך ניט האָבן די מינדסטע גאַראַנטיע וואָס ער ברענגט מיט זיך פאַרן אייגענעם גורל, דאָס וואָלט דאָך צעשטערט דעם ריטם פונעם גאַנצן לעבן, וואָלט אונדז אַרומגערינגלט מיט אַ וועלט פון לויטער פרעג־צייכנס, רעטענישן, און וואָלט דערפירט אונדזער עקזיסטענץ צו אַ מין וועלאָציפּעד אויף צוויי רעדער וואָס קען אָנהאַלטן אַ געוויסע גלייכוואָג בלויז ווען ער טראָגט זיך אָן אָפּשטעל, אָבער מוז זיך אויסבויגן און פאַלן ווען ער שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע נאָך אַביסעלע אָפּרו און אומבאַוועגלעכער סטאַבילקייט אין זיך אַליין. עס קומט אויס אַז דער רבונו של עולם האָט אונדז געשלאָגן מיט בלינדקייט אויפן סענסיטיוויסטן אָרט און אונדז אַפילו ניט געגעבן קיין שטעקן אין דער האַנט מיר זאָלן כאָטש מיט אַ קינסטלעכן אינסטרומענט קענען דערגיין וואוהין עס וועט פאַלן אונדזער קומענדיקער טראָט.

האָבן מיר דאָך אָבער פאָרט אַ גרויסן גאָט אויף דער וועלט, האָט ער אונדז מזכה געווען מיט אייגנשאַפטן וואָס כאָטש זיי זענען ניט קיין פולע פאַרגיטיקונג פאַרן צער פון די אינערלעכע בלאָנדזשענישן צו וועלכע מיר זענען פאַרמשפּט, זענען זיי אָבער בכוח איינצושטעלן אַ געהעריקע שטענדי־קייט אין אונדזער גייסטיקן ריטם וואָס אָן דעם וואָלט בכלל אוממעגלעך געווען צו לעבן.

אַ טעאַטער־רעצענזענט האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר מיר אויף זיין פּראָפעסיע. ער האָט געוואַלטיק ליב טעאַטער, האָט ער געטענהט, און צוליב דעם פאַרדריסט אים פאַרוואָס עס איז געפאַלן אויף זיין גורל זיך אָפּצוגעבן מיט דער טאָג־טעגלעכער טעאַטער־קריטיק. ער האָט באַמערקט ווי פאַר־חידושט איך בין פון זיינע רייד האָט ער עס מיר דערקלערט. צו באַזוכן טעאַטער צוליב קריטישן אַנאַליז און צוליב פערזענלעכער הנאה זענען צוויי באַזונדערע זאַכן, און צוויי באַזונדערע געמיט־צושטאַנדן. אין ערשטן פאַל ווערט דאָס באַוואוסטזיין צעטיילט אויף די באַזונדערע עלעמענטן פון דער פּיעסע: דעקאָראַציע, מוזיק, באַוועגונג, צוזאַמען־שפּיל, כאַראַקטעריזאַציע פון די איינצלנע אַקטיאָרן א. אַז. וו. אין שרייבן מוז מען דאָך זאָגן מבינות וועגן די אַלע זאַכן. ווען מען באַזוכט אָבער טעאַטער צוליב הנאה נעמט מען קודם כל אויף דאָס גאַנצע, די אידייען און געפילן וואָס דרינגען אַרויס פונעם גאַנצן. אַלע עלעמענטן ווערן איינס, און די הנאה הענגט אָפּ פונעם איינדרוק פון דער צוויפגעגאָסענער איינס.

אַז מען גייט אין טעאַטער אויף צו שרייבן אַ רעצענזיע פילט מען אַז מען דאַרף כסדר שטיין אויף דער וואַך, היטן די אמתע אָדער געפעלשטע מייסטערשאַפט פון יעדן פּרט באַזונדער. אָבער אַ פּריוואַטער טעאַטער־גייער וואָס קומט כדי צו האָבן הנאה קען זיך פאַרגינען צו זיין נאַאיוו; ער לאָזט זיך „אָפּנאַרן", זיין האַרץ עפנט זיך מיט אַ נאַטירלעכער גלויביקייט אין אַלץ וואָס ווערט אים געגעבן, און אויב עס איז גאָר ניט פאַראַן עפּעס וואָס איז באַזונ־דערס גרילצנדיק האָט ער הנאה פון דעם וואָס ער לעבט איבער און לעבט מיט.

דעריבער, האָט דער רעצענזענט פאַרענדיקט, ווען ער גייט אין טעאַטער ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער קריטיקער, איז זיין כוונה אַ גאַנץ ספּעציפישע; ער איז לכתחילה איינגעשטעלט צו קוקן מער אין די ווינקלען ווי אין צענטער פון דער בינע וואו דאָס לעבן שפּילט זיך אָפּ. ער האָט אויך ליב אין אַזעלכע פאַלן צו גיין אַליין, אָן פריינט אָדער פאַמיליע, ווייל ער פילט זיך דעמאָלט ווי אַ מין בעל מלאכה וואָס גייט צו דער אַרבעט. די פּיעסע איז אַ מאַטעריאַל פון וועלכן ער דאַרף עפּעס פּראָדוצירן. עס פעלט אים דעמאָלט די ריין פער־זענלעכע קינסטלערישע הנאה וואָס ציט אים אַזוי נאַטירלעך אין טעאַטער אַריין. אויך דאָס לעצטע באַפרידיקט ער פון צייט צו צייט, אָבער אַביסל אויף אַן אַנדער אופן. איידער ער גייט אין טעאַטער ווי אַ פּריוואַטער באַזוכער פילט ער אַז ער דאַרף פון זיך אויסטאָן דעם פּראָפעסיאָנאַל. ער גייט דעמאָלט צוזאַמען מיט נאָענטע פריינט, גיכער מיט דער אייגענער פאַמיליע, און באַשליסט ביי זיך, כאָטש ניט אַלעמאָל געלינגט עס אים, אָפּצוטעמפּן די שאַרפע שפּיציקייט פון זיין בליק בעת ער קוקט אויף דער בינע. ווען עס זענען נאָר קיין צו גרויסע מניעות ניטאָ פילט ער דעמאָלט אַז ער האָט הנאה, האַרציקע, וואַרעמע הנאה, פון אַזאַ מין וואָס ער קען כמעט קיינמאָל ניט

איבערלעבן בעת ער געפינט זיך אין דער ראָלע פון אַ רעצענזענט. זיין דאַרשט נאָך נאַאיווער גלויביקייט ראַטעוועט אין אים די אינטענסיווע הנאה וואָס ער האָט אַזוי ליב צו געפינען אין טעאַטער.

דער צוגאַנג פון קריטישן דענקען פון איין זייט, און פון נאַאיווער, אָדער דאָגמאַטישער גלויביקייט פון דער אַנדערער, אַפילו בנוגע דעם זעלביקן ענין און ביים זעלביקן מענטשן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, איז בשום אופן ניט קיין יוצא מן הכלל. פאַרקערט, דאָס איז די נאָרמע פון אונדזער לעבן. דער פילאָסאָף יאַקאָבי האָט געזאָגט אויף זיך אַז מיטן קאָפּ איז ער אַ ספּינאָזיסט, מיטן האַרצן אַ גלויביקער קריסט. דער אַסטראָנאָם מואַניאָ האָט דערקלערט אַז אין דער אָבסערוואַטאָריע איז ער אַ קופּערניקאַנער און אין דער קירך גלויבט ער אין אַלע דאָגמעס פון דער קאַטוילישער אמונה. שטרענג גערעדט איז דאָס אַפילו קיין סתירה ניט. וואָרים די צוויי וועלטן זענען אין עצם גאָר אַנדערע לויט זייער אינהאַלט און צונויפשטעל, לויט די פאָדערונגען וואָס זיי שטעלן אין רעאַלן לעבן. דער קופּערניקאַנער אין דער אָבסערוואַטאָריע דאַרף האָבן אַ קריטעריע פאַר דער ריכטיקייט פון זיין אָבסערווירן, פאָרשן, און פאַר די פּראָבלעמען וואָס ער וויל אָוועקשטעלן. דער דאָגמאַטיקער אין דער קירך דאַרף ניט זוכן קיין לאָגישע, אָדער אָבסערווירטע ריכטיקייט, נאָר שטילן עמאָציאָנעלע דאַרשטן וואָס שטאַמען דווקא פון ווירקלעכקייטן וואָס מען זעט ניט און מען קען ניט פון דרויסן אָבסערווירן. ממילא האָבן מיר אין דער אמתן צו טאָן מיט טערמינען וואָס זענען ניט פון זעלביקן מין, כאָטש דער איינדרוק איז אַז זיי האָבן צו טאָן מיט די זעלביקע מאָמענטן פון לעבעדיקער דערפאַרונג.

פאַראַן דענקער וואָס באַמערקן אין זיך די אויסגעדרוקטע סתירה און באַשטעטיקן זי, ווי די דערמאָנטע צוויי. פאַראַן אַנדערע וואָס קענען זיך ניט איבערבעטן מיטן געדאַנק אַז ביי זיי איז פאַראַן אַזאַ צווייאיקייט, און פּרובירן זי צו פאַרענטפערן דורך אַ העכערער גענעראַליזאַציע. אַזאַ גאַנג געפינען מיר, למשל, ביי די וואָס ווילן דווקא אויף אַ ריין לאָגישן אופן דערקלערן זייער אומגעשטילטן דאָרשט אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל בלייבן לעבן. זיי טוען דאָס דורך אָנווייזן אויף די ספּעציפישע גרויסע ווערטן וואָס די יידישע קולטור האָט געשאַפן. מען דאַרף קיין סך ניט טראַכטן כדי איינצוזען אַז מיט אַזאַ הויכער לאָגישער הנחה קען מען בשום אופן ניט אויסשעפּן אונדזער ברענענדיקן ווילן אַז מיר זאָלן פאַרבלייבן אַ פאָלק צווישן פעלקער. אָבער בדרך כלל באַמערקן מענטשן גאָרניט אָט די פאַרשיידענע באַציאונגען און שטעלונגען וואָס מיר האָבן צו די זעלביקע ענינים אין די פאַרשיידענע ספערעס פון לעבן.

קיינער וועט, פאַרשטייט זיך, ניט פרעגן פאַרוואָס מיר האָבן אַזאַ שטאַרקן פאַרלאַנג צו זיין שכלדיק. אַלע ווייסן אַז טראַכטן און פאַרשטיין זענען די

העכסטע פונקציעס פונעם מין מענטש. אָבער דער דאָרשט נאָך גלויביקייט דאַרף זיך שוין פאַרענטפערן, כאָטש, ווי געזאָגט, איז דאָס דער אָפּטסטער, דער נאָרמאַלסטער געמיט־צושטאַנד פון אַ מענטשן. דאָס נעמט זיך, מיין איך, דערפון וואָס בעת מיר פרעגן, טראַכטן, געפינען מיר זיך אין אַ לאָגישער וועלט, ממילא באַרעכטיקט זיך אין אונדז דעמאָלט דאָס וואָס מיר זענען אין יענעם מאָמענט. אָבער גלויביקייט איז אַ טיף־איינגעוואָרצלטער צושטאַנד איידער מען פרעגט, אָדער נאָך דעם ווי מען האָט שוין אָפּגעפרעגט. דעריבער בעת מיר טראַכטן, אַנאַליזירן, פעלט אין אונדז דער צד וואָס וועקט אויף גלויביקייט אין אונדזער נשמה און וואָלט געקענט זיין דער איינציקער כוח דאָס צו באַרעכטיקן.

גלויביקייט דריקט זיך געוויינטלעך אויס, אין טאָג־טעגלעכן לעבן, דורך צוטרוי צו מענטשן, אידייען און אינסטיטוציעס. ניט אַזוי לייכט לאָזט זיך דערקלערן פאַרוואָס אין געוויסע פאַלן ווערט אין אונדז געבוירן אַ טיפער צוטרוי מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, בעת אין אַנדערע פאַלן קומט פאַר דער פּראָצעס פּאַמעלעך און אומזיכער. מיר ווייסן אַז צוטרוי איז טיילמאָל געבויט אויף הוילן, איינמאָליקן איינדרוק, און אין אַנדערע פאַלן — ביים צווייטן עקסטרעם — אויף לאַנג־אויסגעפּרובירטע זיכערע רעזולטאַטן. וויכטיק איז פאַר אונדז צו וויסן אַז צוטרוי איז אָפּט ניט קיין רעזולטאַט פון באַזונדערע פאַרדינסטן. נאָך מער: צו האָבן צוטרוי צו וועמען ניט איז, צו וואָס ניט איז, איז אַ נאָרמאַלע מענטשלעכע באַדערפעניש וואָס דאָרשט באַפרידיקט צו ווערן.

אַנדערש קען עס ניט זיין אין אַ וועלט וואו די אומזיכערקייט פון יעדן טראָט קוקט מיט צעשראָקענע אויגן פון יעדן ווינקל אַרויס, און דאָס פאַר באַשעפענישן וואָס פאַר זיי איז איינגעוואָרצלטע סטאַבילקייט דער תנאי מוקדם פאַר גייסטיקער רו. אין דער אמתן איז דאָך אויך דער דאָרשט נאָכן ראַציאָנאַלן דערקלערן און פאָרויסזען אַן אינסטרומענט אויף צו באַשאַפן זיך מער גאַראַנטירטע זיכערקייט. מיר הייבן אָן אונדזער לעבן אויפן שטח פון גלויביקייט. פאַר אַ קינד זענען דאָך חושים, געפילן און ווילן די איינציקע מאָס צו באַשטימען דאָס וואָס איז ממשותדיק און רעאַל. עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס צווישן אונדז איז שטאַרק פאַרשפרייט די מיינונג אַז קינדער קען מען ניט אָפּנאַרן, אַ מיינונג וואָס טאָג־טעגלעכע דערפאַרונגען באַווייזן בסדר אַז זי איז לחלוטין ניט אמת. אָבער מיר האָבן אַ טיפן גלויבן אין דער פאַרלאָזלעכקייט פון אומראַציאָנאַלע כוחות, ווי אינסטינקטן, אינטואיציע, פאָרגעפילן, אַלץ אַזעלכע כוחות וואָס מיר האַלטן אַז זיי באַהערשן און פירן דאָס קינד. ווען מיר וואַקסן אויס הויבן מיר אויך אָן צו אָפּערירן מיט שכל און אויסרעכענונג; דאָס איז סוף כל סוף אַ פונקציע וואָס קאָנטראָלירט און באַגרעניצט דעם פונדאַמענטאַלן פרייען גאַנג פון אונדזער נאַטירלעכער

גלויביקייט. וואָרים עס ווערט דעמאָלט אונדז קלאָר אַז אין אַ סך פּרטים קען פרייע גלויביקייט פירן צו ביטערע טעותן. ממילא הויבן מיר אָן צו צאַמען דעם דאָזיקן נאַטירלעכן מענטשלעכן דאָרשט דורך אַוועקשטעלן חשבונות, באַטראַכטן סיבות און פועל יוצאס א. אַז. וו. אָבער ווען עס קומט צו מענטשלעכע ענינים זענען די ראַציאָנעלע אינסטרומענטן צו שוואַך און ניט גענוג פאַרלאָזלעך צו פאַרשטעלן דעם וועג פון שטראָמיקער גלויביקייט.

אין דער קינדהייט זענען פאַרלאַנגען, מוראס, האָפענונגען און די רעאַלע אַרומיקע וועלט אַזוי צונויפגעמישט אַז די ראַציאָנאַלע און גלויביקע עלע־מענטן וואָס באַוועגן אונדז ווערן ניט פאַנאַנדערגעטיילט. אָבער ווען מיר וואַקסן אויס און כאַפּן דעם אונטערשייד צווישן דעם קאָנקרעטן דרויסן און די פּסיכישע איבערלעבענישן וואָס פאַרבינדן אונדז מיט גייסטיקע וועלטן ווערן מיר געצייגט צו זען בלויז אין לעצטן פאַל דעם כוח פון גלויביקייט. אויגוסטין דערקלערט, אַז „גלויביקייט הייסט האָבן אמונה אין דעם וואָס מיר זעען ניט, און דער שכר פון אַזאַ גלויביקייט איז וואָס מיר דערזעען דאָס אין וואָס מיר האָבן אמונה". פאַראַן אַ מער מאָדערנער שטריך אינעם זעלביקן געדאַנק ווי ער ווערט אויסגעדריקט ביי עמערסאָנען: „אַלץ וואָס איך האָב געזען לערנט מיך צו געטרויען דעם באַשעפער וועגן אַלץ וואָס איך האָב ניט געזען". דאָס איז סוף כל סוף אַן אומבאַרעכטיקטע פאַרשמע־לערונג פונעם באַגריף גלויביקייט. וואָרים די אַבסאָלוטע זיכערקייט אין דעם וואָס מיר זעען בחוש קען זיך אויך בלויז נעמען פון אַן אומבאַגרענעצטן גלויבן אין דעם וואָס די חושים ברענגען אונדז.

אינעם גייסטיקן קלימאַט פון מיטלעלטער האָט גלויביקייט פאַרנומען אַ חשובע, אַפילו אַ הייליקע פּאָזיציע אין לעבן. אין יענער צייט האָבן אַ סך געהאַלטן אַז מען טאָר גאָרניט באַווייזן על פּי שכל דעם אמת פון אמונה, ווייל דורך דעם ווערט די אמונה פאַרשוועכט, אַקוראַט ווי מען וואָלט געוואָלט דערגרייכן אַ הויכן ציל דורך נידעריקע מיטלען. דעמאָלט האָט דער פילאָסאָף טאָמאַס אַקווינאַס באַמיט זיך צו כשרן דעם שכל וואָס וויל באַשטעטיקן די אמתן פון גלויבן. היינטיקע צייטן האָט זיך דאָס רעדל איבערגעדרייט, און ראַציאָנאַלע דערקלערונגען האָבן אַ גרעסערן פּרעסטיזש. ממילא ווערן דאָגמאַטישע גלויבנס געבראַכט צו אונדז אין וויסנשאַפטלעכע שלייערן, און מיר באַקומען דעם איינדרוק אַז טונקעלע געפילן און אומקלאָרע זעאונגען ווערן קלאָר און עקזאַקט דורך דעם וואָס זיי ווערן איינגעהילט אין די טער־מינען פון עקזאַקטע וויסנשאַפטן. עס וואָלט דאַכט זיך געוועז געזינטער פאַר אונדז ווען מיר דערזעען דעם גאַנצן פאַרנעם פון די וועלטן, וואָס פון זייערע וואָרצלען וואַקסן מיר אַרויס, וועלטן וואו אָן דעם פּרינציפּ פון שכל וואָלט דאָס לעבן געווען צו שווער, און אָן גלויביקייט וואָלט עס אין גאַנצן ניט געקענט זיין.

## גלויבן

גלויביקייט איז אַ צוגאַנג, דאָס עפענען אַלע טירן פון דער נשמה פאַר די שטראָמען פון לעבעדיקער דערפאַרונג און אָננעמען זיי ווי אַ דירעקטער אויסדרוק פון דערווירקלעכקייט אין וועלכער מיר זענען אַריינגעוועבט. דער שטעמפּל פון זיכערקייט וואָס ליגט אויף יעדן גלויביקן אַקט נעמט זיך, מיין איך, דער עיקר דערפון וואָס מיר האָבן אַן איינגעוואָרצלט געפיל אַז אונדזער ווילן איז פריי, און אַז וואָס מיר נעמען אָן איז אַ פּועל יוצא פון אַ פרייער, אומגעצוואונגענער איינזעעניש אַז דאָס איז דער זיכערסטער אמת. צווישן טעאָלאָגן און פילאָסאָפן גייט אָן אַן אַלט־אַלטע פלוגתא וועגן דער פרייהייט פון מענטשלעכן ווילן. וויסנשאַפטלער פילן אָפט אַז די הנחה פון אַ פרייען ווילן צעשטערט יעדע מעגלעכקייט אַז דער מענטש אַליין זאָל קענען ווערן אַן אָביעקט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. וואָרים אויב דער ווילן איז פריי, און ווערט ניט באַשטימט פון פריערדיקע סיבות, דעמאָלט איז דאָס, האַלטן זיי, קעגן דער אָרדענונג אין דער נאַטור וואָס באַשטייט פון אַ לאַנגער געבונדענער קייט פון סיבות און זייערע רעזולטאַטן. אָבער ווען מיר באַטראַכטן די פראַגע ניט פון שטאַנדפּונקט פון אַלגעמיינעם פאָרשערישן געדאַנק נאָר ווי אַזוי דער מענטש אַליין פילט וועגן דעם, בלייבט ווייניק פּלאַץ פאַר חילוקי דעות. מיר פילן און האַנדלען אַקוראַט אַזוי ווי אונדזער ווילן וואָלט געווען אַבסאָלוט פריי. ווען עמיצער טרעט אונדז אָן אויפן הינעראויג ווערן מיר בייז, ד. ה. מיר האַלטן אַז יענער וואָלט געקענט אויסמיידן אונדז צו פאַרשאַפן ווייטיק ווען ער וויל. מיר שפּאַרן זיך איין, אָדער גיבן נאָך, אין געוויסע פאַלן, און פילן מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט אַז מיר האָבן אַ פרייע ברירה לויט אונדזער ווילן וואָס איז אין קיין שום זינען ניט באַשטימט פון פריער. אָט דאָס אינטענסיפיצירט און באַפעסטיקט די ממשלה פון גלויביקייט אין אונדזער גייסטיקן לעבן, און טרייבט אונדז אָנצונעמען, אָן שום שכלדיקן ראיות, פונדאַמענטאַלע אמתן, אַפילו אַזעלכע וואָס ווערן שפּעטער די מאָטיווירנדיקע קראַפט פון ראַציאָנאַלע באַשלוסן.

דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פון גלויביקייט איז אַ פּסיכישער פּראָצעס וואָס איז טיפּיש פאַרן מין מענטש בכלל. אָבער די קאָנקרעטע גלויבנס צו וועלכע אַזאַ פּראָצעס מוז פירן ווערן שווין על פּי רוב באַשטימט פון צייט, פּלאַץ, גייסטיקער אַטמאָספער, און לעבנס־תנאים. מאָנאָטעאיזם, למשל, איז בלי ספק הימל־העכער אין פאַרגלייך מיט געצנדינערײ. אָבער די העכערקייט ליגט אין פילאָסאָפישע אימפּליקאַציעס, אין עטישע אוצרות וואָס מאָנאָטעאיזם איז מער צוגעגרייט צו אַנטפּלעקן, אין נעענטערקייט צו אוניווערסאַלע אמתן, אָבער ניט אין קוואַליטעט פון פּסיכישער אַקצעפּטירונג וואו דער פונדאַמענט פוןביידע איז פון זעלביקן שטאָף, אַזוי צו זאָגן. מהאי טעמא דאַרף מען אויך אַנדערש פאַרשטיין דעם שאַרפן אונטערשייד וואָס מען

שטעלט אַוועק צווישן נאַטירלעכע און איבערנאַטירלעכע גלויבנס. אַוודאי איז דער גלויבן אין רוח הקודש, ווי אַ בוכשטעבלעכע דרויסנדיקע עקזיסטענץ, אַנדערש, אין גאַנצן אַנדערש, ווי דער גלויבן אין פאַרגעפילן וואָס גיבן סיגנאַלן וועגן דעם וואָס דער מאָרגן וועט אונדז ברענגען. און די צוויי זענען ווידער אַנדערש פונעם גלויבן — וואָס מיר האָבן אַזוי אָפט געהערט אַפילו אין די מוראדיקסטע היטלער־יאָרן — אַז גערעכטיקייט מוז סוף כל סוף מנצח זיין. דער אונטערשייד ליגט אין די דריי פאַרשיידענע וועלטן, יעדע מיט איר באַזונדערער מענטאַליטעט, וואו אַזעלכע גלויבנס האַרמאָנירן מיטן כאַראַקטער פון אַ הערשנדיקן גייסטיקן קלימאַט. עס קען אויך זיין אַן אונטערשייד אין ריין פערזענלעכע נטיות און ספּעציפישקייטן פונעם גלויבער. די אַלע אונטערשיידן קענען זיין אומגעהייער וויכטיק, אָבער דער גרייטער וועג, דער פסיכישער שליאַך, וואָס אַט די אַלע גלויבנס דאַרפן דורכגיין כדי פון אונדז אָנגענומען ווערן, איז דער זעלביקער אין די דריי פאַלן.

פונדעסטוועגן זענען אויך פאַראַן געוויסע אַלגעמיין מענטשלעכע טענדענצן אין אונדזער נשמה וואָס פאַרלייכטערן דעם וועג צום אויפקום פון אַט די אַלע באַשטימטע גלויבנס וואָס זענען אונדז אַזוי גוט באַקאַנט אין אַלע מענטשלעכע קולטורן, פון די סאַמע פּרימיטיווסטע ביז די וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר הויכע ציוויליזאַציעס. מיר האָבן פריער געזען אַז וואָס פילאָסאָפן און פסיכאָלאָגן זאָלן ניט טראַכטן וועגן פרייען ווילן אין פּראַקטישן לעבן האַנדלען מיר אַזוי ווי אונדזער ווילן וואָלט געווען אין גאַנצן פריי. פּונקט דאָס זעלביקע קען מען זאָגן וועגן דער עקזיסטענץ פון אומפאַרענדערלעכע, אַבסאָלוטע ווערטן. אַפילו ווען דער ענדגילטיקער פּסק דין פון געדאַנק און פאָרשונג זאָל זיין אַז אַלץ אין דער וועלט איז רעלאַטיוו וועלן מיר סייווי, אין טאָג־טעגלעכן לעבן, זיך סומך זיין אויף אַבסאָלוטע ווערטן. אין פראַגן פון גוט־שלעכטס, אָדער שיין־מיאוס, איז דער קילער ישוב הדעת אָפט גענויגט צו האַלטן אַז דאָס זענען רעלאַטיווע זאַכן, אָפּהענגיק פון דעם מיט וואָס מען פאַרגלייכט זיי. אָבער אין לעבן גופא, ווען מיר דאַרפן אַרויסטראָגן אַ משפט וועגן אַזעלכע ענינים וועלן מיר האַלטן אַז אין דער אמתן, אָדער אין תוך געמומען, זענען די זאַכן אַזוי און ניט אַנדערש. אַזעלכע אויסדרוקן ווי אין דער אמתן אָדער אין תוך גענומען, קענען דאָך בלויז זיך שטיצן אויפן געפיל אַז ס׳איז טאַקע פאַראַן אַן אַבסאָלוטער אמת און אַן אַבסאָלוטער תוך וואָס טראָגן אין זיך גופא אַ שטענדיקן כאַראַקטער אומאָפּהענגיק פון יעדער שייכות מיט עפּעס אַנדערש.

היינטיקע צייטן הערן מיר אַזוי אָפט אויף לאָקאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע טריבונעס אַזעלכע פאָדערונגען ווי פרייהייט, גערעכטיקייט, דעמאָקראַטיע; אַלע צדדים הערן ניט אויף צו טענהן אַז דאָס ווילן זיי, און פאַר

דעם שטעלן זיי זיך איין, און דאָך העלפט דאָס ניט אויסגלייכן די קאָנפליקטן וואָס הערשן צווישן זיי. קענטיק אַז עס איז ניטאָ אַזאַ קאָנקרעטע אַבסאָלוטע אָרדענונג וואו אַלע צדדים זאָלן פילן אין אַקוראַט דער זעלביקער מאָס די ברכות פון פרייהייט, גערעכטיקייט און דעמאָקראַטיע, און אַז ניט אַלע פאַרשטייען אַלעמאָל דאָס זעלביקע אין אַזעלכע ווערטער. אָבער די ווערטער ווערן באַנוצט אַזוי, און זייער אַפעליר־כוח שטעקט אין דעם, וואָס זיי ווערן געפילט ווי אַן אויסדרוק פון אַן אַבסאָלוטן צושטאַנד פאַר אַלעמען גלייך. דער הוילער פאַקט וואָס מיר האָבן אַזאַ שטאַרקן חשק צו פאַרוואַנדלען קוואַליטאַטיווע ווערטער אין סובסטאַנטיוון, ווי עפּעס וואָס לעבט אין דרויסן פון אונדז און איז אַ יש אין זיך אַליין, באַווייזט אונדזער דאָרשטיקע תאווה זיך אַרומצוריננגלען מיט אַבסאָלוטן און אַוועקשטעלן דעם כאַראַקטער פון באַגריפן ווי זעלבסטשטענדיקע, אָביעקטיווע עקזיסטענצן.

אָט אַזוי עפנט זיך פאַר אונדז אַ קוואַל פון די פאַרשיידנסטע גלויבנס, מיט זייער גראַנדיעזן אויסמאָלן פאַר אונדז אַן אייביק־איינגעשטעלטן אוני־ווערס וואָס ליידט ניט פון די אומגעריכטע ענדערונגען, קאַפּריזן, און לייכט־זיניקייטן פון אונדזער קליינער ערדישער היים. אין אַזאַ אוניווערס איז אונדז ליבער, וואַרעמער, ווייל ער איז בכוח צו שטילן די טיפסטע דאָרשטן פון דער נשמה.

## פּאָעטישע תאווה

פאַראַן נאָך אַ טענדענץ אין אונדז וואָס באַפרוכט אונדזער נשמה פאַרן אויפקום פון גלויבנס, און איז ספּעציעל בכוח צו פאָרמולירן אונדזערע גלויבנס, אַרויסציען זיי פון די פאַרבאָרגענע גייסטיקע קוואַלן און אָנפילן זיי מיטן בלוט פון אָביעקטיווער ממשות. איך האָב דאָ אין זינען דאָס וואָס מען וואָלט אפשר געקענט רופן די פּאָעטישע תאווה. איך מיין דאָ ניט פּאָעזיע ווי אַ קונסט, ווי אַ פּראָדוקט פון אַ ספּעציעלער טעכניק מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס פּאָעטן. מיך גייט איצט אָן דער פּאָעט וואָס זיצט אין יעדן פון אונדז, די פּאָעזיע אָן וועלכער דער מענטש וואָלט ניט געהאַט די מינדסטע ענלעכקייט צו דעם וואָס ער איז.

דער מענטש איז אַ באַשעפעניש מיט אַן אָרגאַניזם וואָס קען בלויז שפּירן דאָס געשפּירטע און זען דאָס געזעענע, כאָטש ער איז געבענטשט מיט אַנטפּלעקונגען פון גייסטיקע קוואַליטעטן — צו וועלכע ער קען מיט זיינע געוויינטלעכע פיזישע אינסטרומענטן ניט צוקומען — וואָס ער האַלט זיך אין איין רייסן צו זיי. פּאָעזיע באַפרידיקט די דאָזיקע תאווה אין אונדז און העלפט אונדז דערמיט זיך אינטימער צוטוליען צו אונדזער אייגענער טבע. די פונקציע פון פּאָעזיע איז צו באַנוצן שפּראַך — דער איינציקער אינסטרומענט דורך וועלכן דאָס קען עפעקטיוו געטאָן ווערן — אויף אַזאַ

אופן אַז זי זאָל דערנעענטערן דאָס דערווייטערטע, און דערביי ניט אָפּווישן די סימנים פון ווייטקייט נאָך וועלכער מיר דאַרשטן. דער אונטערשייד צווישן פּאָעזיע און דעם מיסטישן פילאָסאָפירן באַשטייט אין דעם וואָס די לעצטע וויל אַרויסברענגען די דורכזיכטיקייט פון זאַכן בעת פּאָעזיע וויל אונדז ווייזן די זאַכן וואָס זענען דורכזיכטיק. דורך אונדזער פּאָעטישער תאווה ברענגען מיר צו זיך אַ גייסטיקע וועלט דורך כמו־פיזישע מיטלען (רעטאָרישע שפּראַך), וואָס דאָס מאַכט מעגלעך אַז מיר זאָלן קענען איבער־לעבן גייסטיקע קוואַליטעטן מיט דער אינטענסיווקייט פון אָרגאַנישער ליידנ־שאַפט. מיט דער הילף פון ספּעציעלע שפּראַכלעכע פאָרמען ווערט פּאָעזיע דער שליח וואָס ברענגט אַריין אין אונדזער חושימדיקער היים דאָס וואָס איז איבערחושימדיק אין אונדזערע אַנונגען און מעדיטאַציעס.

פאָלקס־לידער צייכענען זיך אויס זייער זעלטן מיט יענער ציל־באַוואוס־טער, אויסגעהאַמערטער בילדלעכקייט, מיט יענע ווייט־פאַרפלויגענע איינפאַלן וואָס מען געפינט אַזוי אָפט ביי טאַלאַנטירטע פּאָעטן. אַזעלכע מעלות זענען על פּי רוב אַ פּועל יוצא פון אַנגעזאַמלטער קולטור, און אַ לאַנגן פּראָצעס פון דעטאַלן אויסקלייב. פאָלקס־לידער קענען זיך דערהויבן צו אַזעלכע מדרגות בלויז אין זייער זעלטענע פאַלן. דעריבער געפינען מיר אין זיי אָפטער אַנדערע, אומדירעקטע וועגן צו שטילן אונדזער דאַרשטיקע פּאָעטישע תאווה. אין זיין עסיי „פאָלקס־לידער און פאָלקס־מעלאָדיעס" קאָמענטירט נאָמבערג אויף פיר שורות:

אַלע וואַסערלעך פליסן אַוועק,
די טייכלעך בלייבן ליידיק.
אוי, ווי נעמט מען אַזאַ מענטש אויף דער וועלט
וואָס זאָל פאַרשטיין מיין ווייטיק?

נאָמבערג שרייבט: „פּרוּווט דעם געדאַנק אויפנעמען לאָגיש האָט איר אַ ריינעם אומזין. די ערשטע צוויי שורות האָבן ניט קיין שום שייכות צו די לעצטע צוויי, ניט קיין לאָגישע, ניט אַפילו קיין פּסיכאָלאָגישע. פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ אַסאָציאַציע וואָס פאַרבינדט דאָס בילד פון טייכעלעך וואָס בלייבן ליידיק מיט דעם ווייטיק וואָס קיין מענטש אויף דער וועלט קען ניט פאַרשטיין? אַ ריינער צופאַל". נאָמבערג לאָזט זיך שפּעטער אַריין אין אַ דערקלערונג וועגן דעם אַז „אַ ניגון און אַ ליד האָבן אַ נשמה", אָבער דאָס איז מער געזונגען ווי דערקלערט.

איז טאַקע אַזוי שווער צו פאַרשטיין די שייכות צווישן די ערשטע צוויי שורות און די לעצטע? בלויז דאָס בילד פון „אַלע וואַסערלעך פליסן אַוועק, די טייכלעך בלייבן ליידיק", איז געוויס אַרויסצורופן אַ דערדריקנדיקע שטי־מונג. דער דיכטער האָט ניט געפונען קיין וואָרט און קיין בילד וואָס זאָלן דירעקט אויפּציטערן אין אונדז דעם ווייטיק, האָט ער געבראַכט אַ קאָנטעקסט

וואָס לויט זיין בוכשטעבלעכן זינען איז ער טאַקע אין גאַנצן פרעמד פון דער טעמע, אָבער דער טרויער וואָס הויכט אַרויס פון אים שאַפט אַ הינטער־גרונט פאַר מענטשלעכן ווייטיק בכלל. וואָסערן פליסן אַוועק, טייכן בלייבן ליידיק, געוועזן אַ לעבן און מער ניטאָ, איז דען דאָס ניט די טראַגישסטע עצבות וואָס דרינגט דורך אונדזער וועלט?

אַקוראַט די זעלביקע מעטאָדע ווערט באַנוצט אין אַן אַנדער פאָלקס־ליד, כאָטש צוליב פאַרקערטע צוועקן, כדי אויסצודריקן אויפלעבנדיקע פרייד:

טיף אין וועלדעלע שטייט אַ ביימעלע
און די צווייגעלעך בליען.
און ביי מיר אָרעם שניידערל
טוט מיין הערצעלע ציען.

אויך דאָ האָבן די צוויי קאָנטעקסטן קיין שום לאָגישע שייכות ניט צווישן זיך, אָבער די פסיכאָלאָגישע שייכות איז זייער קלאָר און זיכער. נייך, דאָס איז ניט קיין צופאַל, ווי נאָמבערג וויל האָבן. קיין פאָלקס־ליד וואָלט ניט אַריינגעשטעלט די צוויי שורות פון „טיף אין וועלדעלע" אין אַ ליד וואָס וויל אויסדריקן ווייטיק. מען קען אויך ניט פאַרן די טייכלעך וואָס בלייבן ליידיק מיט דער אויפגעוועקטער ליבע פון „טוט מיין הערצעלע ציען". פאַראַן אין ביידע פאַלן די פאַסיקסטע אויסדרוקן פון איבערגעלעבטע שייכותן. דאָס באַווייזט בלויז ווי די פּאָעטישע תאווה אין אונדז רייסט זיך אַריבער צו־שפּרינגען די איינגעשפּאַרטע גרעניצן וואָס צווישן מאַטעריע און גייסט כדי צו זעטיקן אונדזער הונגער נאָך דער וועלט אין דער פולקייט פון אַלע אירע פּאָטענצן.

דער רמב"ם מיט זיין טיפן פילאָסאָפישן מוח, צוגעשפּיצט צו די דינסטע אַבסטראַקציעס, האָט ניט געקענט שלום מאַכן מיט דער תנכישער רעטאָריק וואו געטלעכע רעאַליטעטן ווערן אויסגעדריקט אין פיזישע געשטאַלטן. ער האָט דעריבער געהאַלטן אַז די פיגוראַטיווע שפּראַך אין וועלכער דאָס געט־לעכע ווערט איינגעהילט איז בלויז אַ מיטל פאַר די וואָס זענען ניט געגונג ראַפינירט צו באַנעמען הויכע, אַבסטראַקטע באַגריפן. היינטיקע צייטן דאַרף אונדז שווער זיין זיך צו באַפרידיקן מיט אַזאַ בליק. מיר ווייסן אַז אַפילו אַ מענטש מיט דער העכסטער פילאָסאָפישער געשולטקייט קען ניט לייכט פאַרבייגיין דעם רייץ פון דיכטעריש אויסגעדריקטער מעטאַפיזיק. מיר ווייסן אויך אַז אַפילו אַן איבערגעצייגטער אַטעאיסט, אויב ער איז נאָר פריי פון אַ להכעיס יצר הרע, קען שטאַרק הנאה האָבן פון אַ קאַפּיטל תהילים.

דאָס קוועלט אַרויס פון דער פּאָעטישער תאווה אין יעדן פון אונדז וואָס דערפילט דאָס איבערחושימדיקע אין יעדער חושימדיקער זאַך. דאָס פיזישע בילד פונעם אַוועקפליסנדיקן טייך, דאָס פסיכישע, דער טרויער וואָס הויכט

אַרויס פון דעם, צוזאַמען מיט אַלע איבערטענער, וואָס ציטערן אַרום דעם גאַנצן, אַלץ גיסט זיך צונויף אין אונדזער פּסיכישער דערפאַרונג. רעטאָריק איז דעריבער ניט אַ געקינצלט מיטל וואָס האָט מיט אונדזערע דירעקטע איבערלעבענישן גאָרניט וואָס צו טאָן, נאָר אַן אָנשטרענגונג אויסצודריקן דאָס וואָס וואַקסט אָרגאַניש אַרויס פון אונדזער טיפסטער לײַדנשאַפט. עס איז די לײַדנשאַפט זיך אינטימער אַרײַנצוּוואָוועבן אין דער פולער ווירקלעכקייט וועלכע מיר נעמען אויף מיט אַלע כּוחות וואָס זענען אונדז געגעבן געוואָרן.

די פּאָעטישע תּאווה אין אונדז קען פירן צו די ווילדסטע אַבערגלויבנס, פּונקט ווי צו אײדלסטע, ראַפינירטסטע גלויבנס. אַזוי איז שוין דאָס מזל פון אַלע טרייב־כּוחות וואָס לעבן אין אונדזער נשמה. דאָס הענגט אָפּ פונעם שטח וואָס די ראַציאָנאַלע וועלט פאַרנעמט אין אונדזער גייסטיקער אַנטוויקלונג. אָבער סײַווי מוז זיך ערגעץ וואו אָפּשטעלן יעדע דערקלערונג על פּי שכל. אַפילו אונדזער געוואַלטיקן חשק צום שכלדיקן דרך קען מען בשום אופן ניט דערקלערן על פּי שכל. יעדער ריין אינטעלעקטועלער אַנאַליז קען בלויז דערפירן צו אַן אָנהויב וואָס מען מוז אָננעמען אַזוי ווי ער איז. אַזוי קומען מיר צו צום קוואַל פון גלויביקייט, און וואָס מער מיר טרינקען פון אים אַלץ מער טרינקען מיר אין זיך אַרײַן קאָנקרעטע גלויבנס, אָפּט אַזעלכע וואָס זענען אויס אָפּנאַרעריש־ראַציאָנאַל, אַ באַלזאַם פאַר די וואָס שרעקן זיך פאַר דער וועלט ווי זי איז.

## שייכות־סיסטעמען

די אונטערשיידן צווישן דעם גלויביקן און דעם אינטעלעקטועלן צוגאַנג ליגן ניט בלויז אין דעם וואָס דער כאַראַקטער פון יעדער פון די צוויי איז אַנדערש אין זיך גופא, נאָר אויך אין דעם וואָס זיי ווערן אַרויסגערופן בײַ אַנדערע געלעגנהייטן און ווערן דעריבער געטריבן פון אַנדערע מאָטיוון און אַנדערע באַציאונגען. דער קאָנסעקווענט־ראַציאָנאַלער צוגאַנג איז טיפּיש פאַר מאָמענטן פון טראַכטן, בעת מיר קוקן אויף געשעענישן פון אַ זייט. דער גלויביקער צוגאַנג איז מער כאַראַקטעריסטיש בעת מיר געפינען זיך אין סאַמע קאָך פון קאָנקרעטן לעבן. אין אַלגעמיין קען מען זאָגן, אַז מיר נעמען ניט אויף דאָס לעבן ווי אַן אײנהייטלעכן שטראָם. מיר צעטיילן עס אויף באַזונדערע געלעגנהייטן, יעדע געלעגנהייט מיט איר אייגענעם אויסשטעל פון עלעמענטן און שייכותן צווישן זיך. יעדע געלעגנהייט איז אַ סיסטעם פון שייכותן צווישן די עלעמענטן וואָס זענען אין איר פאַרטראָטן, אַ שייכות־סיסטעם.

אין טאָג־טעגלעכן לעבן קענען מיר געפינען גענוג באַשטעטיקונגען פאַר אָט דעם געדאַנק. אָט איז אַ געטרייער מיטגליד פון אַן אָרגאַניזאַציע וועלכער איז קיינמאָל ניט קאַרג צו שטיצן די אינסטיטוציעס וואָס ער העלפט באַשאַפן.

מאַכט זיך אַז זיין אָרגאַניזאַציע אַראַנזשירט אַ באַזאַר צו פֿאַרגרעסערן איר הכנסה אָדער דעקן דעפֿיציטן. אויפֿן באַזאַר איז שוין אונדזער מיטגליד אַן אַנדער מענטש. דאָ, ווען עס קומט צו קויפֿן אַרטיקלען, וועט ער זיך אַפֿילו דינגען, און בכלל זיין באַזונדערס צופֿרידן ווען ער כאַפּט אַ מציאה. ער ווייס נאַטירלעך אַז דאָס געלט גייט פֿאַר דער אָרגאַניזאַציע פֿאַר וועלכער ער איז תמיד ווייליק זיך צו לאָזן קאָסטן, אָבער דאָס האָט ניט קיין ווירקונג אויף זיין באַנעמונג בעת ער קומט קויפֿן. די קויף־גלעגנהייט איז אַן אַנדער שייכות־סיסטעם צו וועלכער ער האָט אַן איינגעשטעלטן צוגאַנג. ער פֿילט ניט קיין שום סתירה צווישן וועלן כאַפּן מציאות אויפֿן באַזאַר, און דערנאָך אָפּגעבן מער ווי די געשפּאָרטע סומע ווען די אָרגאַניזאַציע אַפּעלירט נאָך הילף.

ביי וויכטיקערע ענינים, וואו גרויסע זאַכן פֿון מענטשלעכן לעבן זענען פֿאַרוויקלט, זעט זיך נאָך בולטער אַרויס די אַרבעט פֿון באַזונדערע שייכות־סיסטעמען אינעם זעלביקן מענטשן. אין זיין בוך „דער אינסטינקט צו שלאָגן זיך" דערמאָנט פֿיער באַוויי מיסיאָנערן וואָס האָבן געאַרבעט צווישן פּרימי־טיווע שבטים. אַפֿילו, זאָגט ער, ווען די ווילדע וואָלטן זיי אַטאַקירט וואָלטן זיי זיך געווג געקווענקלט צי זיי מעגן זיך באַנוצן מיט פֿיזישן ווידערשטאַנד. גיכער וואָלטן זיי אויסגעקליבן דעם גורל פֿון רעליגיעזע מאַרטירער. אָבער אין 1914 האָבן זיי קיין רגע ניט געטראַכט, זיי האָבן זיך געאיילט פֿון אַלע ווינקלען פֿון דער ערד צו קומען וואָס גיכער אַהיים צו פֿאַרטיידיקן זייער לאַנד. מאַרטירעריי קען זיין אַ טייל פֿון רעליגיעזן לעבן, אָבער ווי געטרייע בירגער פֿון אַ מלוכה, ווי קינדער פֿון אַ פּאָליטיש פֿאָלק, פֿילן זיי אין דער שווערד אַ הייליקן חוב. קריסטלעכער מיסיאָנער און בירגער זענען צוויי באַזונדערע שייכות־סיסטעמען וואָס פֿירן אויף אַנדערע וועגן אין לעבן.

אין זיין אויטאָביאָגראַפֿיע „פֿונעם יאַריד" דערציילט אונדז שלום עליכם אַז ווען זיין מאַמע איז געשטאָרבן האָט מען די יתומים געשיקט צו אירע עלטערן קיין באָהוסלאָוו. דער זיידע האָט שוין פֿריער געוואוסט פֿונעם אומגליק, אָבער די באָבע האָט דאָס אויסגעפֿונען ערשט ווען די קינדער זענען געקומען. האָט דער זיידע פּרובירט זי טרייסטן: „דער גאָט וואָס האָט געגעבן, דער אייגענער גאָט האָט גענומען". האָט דאָס אָבער ניט געהאָלפֿן: „זי האָט ניט אויפֿגעהערט צו וויינען און צו קלאָגן און צו שלאָגן זיך מיט די הענט אין קאָפּ און צו שרייען: „חיה־אסתר, מיין חיה־אסתר איז געשטאָרבן".

זי האָט, הייסט עס, געהאַנדלט אַקוראַט ווי זי וואָלט לחלוטין ניט געגלויבט אין די טראַדיציאָנעלע אַבערגלויבנס און גלויבנס וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט טויט; ווי זי וואָלט ניט געהאַלטן פֿון די פֿאַרגעשטעלטע בילדער פֿון די מוסר־ספֿרים לויט וועלכע עס קומט אויס אַז טויט איז כמעט דאָס זעלביקע ווי דאָס אַריבערטראָגן זיך פֿון איין לאַנד אין אַן אַנדערן. ווי קען מען דאָס

פאַרשטייך, בעת מיר ווייסן אַז זי איז גראַד געווען שטאַרק איינגעגלויבט אין דעם אַלעם? מען קען נאַטירלעך ניט וואַרפן קיין חשד אויף דער אויפ־ריכטיקייט פון איר גלויבן. קומט אויס אַז דער פאַקט פון טויט און די גלויבנס אַרום טויט זענען ביי איר צוויי באַזונדערע פסיכישע צושטאַנדן, און איינער קאָמפּענסירט ניט פאַרן צווייטן.

די פאַרשיידענע גלויבנס וואָס וואַקסן אויס אין דער אַטמאָספער פון גלויביקייט זענען באַרופן צו שטילן אַ וויכטיקע מענטשלעכע נויט, אָבער זיי פונקציאָנירן אין אַ באַזונדער שייכות־סיסטעם, און דאַרטן שפּילן זיי די ראָלע פון אַ זיכערער העכערער רעאַליטעט. אין צוריקגעצויגענער מעדיטאַציע, אָדער אין אַלגעמיינעם רעפלעקטירן וועגן מענטשלעכן גורל, באַשטימען די דאָזיקע גלויבנס דאָס געמיט, די באַציאונג, און דעם געדאַנק פון דעם וואָס גלויבט. אין דעם פּרט טראָגן זיי אין זיך אַ לעבנס־וויכטיקע שליחות. אָבער דער פאַקט פון טויט, דער עיקר ווען עס שטאַרבט אַ נאָענטער, רודערט אויף גאָר אַן אַנדער שייכות־סיסטעם וואָס ווערט פון דער פריערדיקער קנאַפּ וואָס באַרירט. דאָס איז אַ טראַגעדיע וואָס קען ניט פאַרגיטיקט ווערן פון עפּעס וואָס ליגט אין גאַנצן אויף יענער זייט פון אירע ראַמען. אַ מענטש איז געווען און איז מער ניטאָ, אָט דאָס איז דאָס דירעקטע, אומפאַרמיטלעכע געפיל. אמת, באַלד קען קומען אַ סיטואַציע אין וועלכער עס וועט אויפלייכטן דער גלויבן אַז דער געשטאָרבענער איז ערגעץ וואו, און אין אַ געוויסן זינען, יאָ דאָ. איז אָבער דאָס דאָזיקע זיין פון אַזאַ ספּעציפישן, אַנדערשדיקן וועלט־שטאָף אַז ער קען בשום אופן ניט אויספילן די אומהיימלעכע ליידיקייט וואָס שטאַרט אַרויס פונעם איצטיקן „ניטאָ".

ווען מען זאָגט „די וועלט" און „יענע וועלט" קלינגט דאָס ווי די צוויי וואָלטן געווען ענגער פאַרבונדן צווישן זיך, ווייל דאָס זעלביקע וואָרט „וועלט" פיגורירט איןביידע פאַלן. די פאָעטישע תאווה וואָס מאַלט אויס יענע וועלט אין געדיכטע די־וועלט פאַרבן פאַרשטאַרקט נאָך די דאָזיקע אויסגעדוכטע פאַרבונדנקייט, אָבער דאָס איז די געוויינטלעכע אילוזיע וואָס שפּראַך שאַפט אין מאָמענטן ווען מען קוקט אויף דעם פון אַ ווייטער פּערספּעקטיוו. פסיכיש לעבט דער גלויביקער מענטש ניט איבער אַזאַ מין פאַרבונדנקייט, ממילא קען ביי אים ניט זיין קיין אויסגעהאַלטנקייט וואָס ציט זיך פון איין וועלט צו דער צווייטער אין דער רגע פון אַזאַ אויפרייסנדיקער דערפאַרונג ווי טויט. איך האָב דאָ אין זינען דעם געוויינטלעכן גלויביקן מענטשן, ווייל עס ווייזט אויס אַז די גאָר גרויסע רעליגיעזע פּערזענלעכקייטן האָבן מיט זייערע ריזיקע גייסטיקע כוחות יאָ געקענט אין זיך אויסאַרבעטן אַ דירעקטן המשך צווישן די געזעענע און אומגעזעענע וועלטן.

אַ פאַרשער אין מעטאָדיק פון אַריטמעטיק דערקלערט אַז ווען מען לערנט אויס אַ קינד אַז 3 + 4 איז 7, וועט עס נאָך דערפון ניט וויסן אַז 4 + 3 איז

אויך 7. אַזאַ גענעראַליזאַציע איז, פאַרשטייט זיך, זייער לייכט פאַר אַ דער־װאַקסענעם מענטשן. מעג מען זיך ריכטן אַז אויף אַזוי ווייט וועט ער זיכער זיין אויסגעהאַלטן. דאָרט אָבער וואו עס האַנדלט זיך וועגן גאַנץ באַזונדערע געלעגנהייטן, אָדער שייכות־סיסטעמען, איז די טענדענץ פונעם באַוואוסטזיין צו אַרבעטן ספּעציפיש, און מען דאַרף מאַכן אַ ספּעציעלע אָנשטרענגונג צו דרינגען פון איין פאַל אויפן צווייטן.

נאָך מער אָפּגעשלאָסן ווערן געפיל און באַוואוסטזיין ווען די לעבנס־ספערעס זענען אַזוי ווייט איינע פון דער צווייטער ווי געזעענער פאַקט און אומגעזעענער גלויבן, אַן איבערבייט אין דער אָפענער וועלט, און אַ וויזיע אין צוריקגעצויגענעם דמיון, בפרט נאָך ווען דער פאַקט, דער איבערבייט, פאַרמאָגט אין זיך דעם שטאַרקסטן אויפרייס־מאַטעריאַל וואָס קען עקספּלאָ־דירן אין אַ נשמה — טויט. יאָ, ווען „אַלע וואַסערלעך פליסן אַוועק, די טייכלעך בלייבן לידיק״, ווערט אונדזער געמיט אָנגעפילט פון ברעג צו ברעג מיט אָט דער מוראדיקער ליידיקייט אַז עס בלייבט שוין ניט דאָס מינדסטע פיצל חלל פאַר אַ שאָטן פון אַן אַנדער וועלט אַהין אַריינצודרינגען.

(1947)

# צוויי רעאַליטעטן

## שפּירן, דענקען, גלויבן

די קליינע היימישע געזעלשאַפט האָט זיך מיט אַ צעררייצטן חשק אָנגעכאַפּט אָן דער טעמע „אמונה". גלויבן הייסט דאָך אַז מען נעמט אָן די אויטאָריטעט און די זיכערקייט פון עפּעס בעת מען האָט ניט קיין געהעריקע ראיות דערפאַר. טאָ פאַרוואָס זאָל זיך אַ שכלדיקע בריאה באַפרידיקן דערמיט? דער פאַרברענטער מתנגד טענהט אַז ווען אַ חסיד זאָגט „בעיני ראיתי" איז אַ סימן אַז עס איז שקר וכזב. דערפון איז דאָך אָבער פאַרט געדרונגען אַז אין „בעיני ראיתי", אויב דאָס זאָל נאָר זיין אמת, ליגט אָן אייזן־פעסטע ראיה. עס איז דאָך פשוט: ווען די אייגענע חושים זעען, הערן, שפּירן, ווי קען מען דאָס לייקענען? אמת, מיר ווייסן אַז טיילמאָל האָבן די חושים אַ טבע אונדז שטאַרק אָפּצונאַרן, דאָך ווערט זייער רעפּוטאַציע ניט אָפּגעשוואַכט אין אונדזערע אויגן.

אַחוץ די חושים איז פאַראַן נאָך אַ פעסטע בריק אין דער וועלט פון זיכערע ראיות: דער שכל. נעמט, למשל, דעם געדאַנק אַז עס מוזן זייןביימער אויף דער וועלט וואָס האָבן אַקוראַט די זעלביקע צאָל בלעטער. דאָס איז געבויט אויף דער הנחה אַז עס זענען פאַראַן אין דער וועלט מער ביימער ווי בלעטער אויף איין אייגציקן בוים. אויב איך נעם אָן די דאָזיקע הנחה גייט דאָס איבעריקע ווי אַ מזמור. פּרובירט אויסשטעלן אין געדאַנק אַ צאָל ביימער לויט דער שטייגנדיקער צאָל בלעטער וואָס יעדער פון זיי האָט, צום סוף — אויב די צאָל ביימער איז גרעסער ווי די צאָל בלעטער אויף יעדן באַזונדערן בוים — וועלן דאָך מוזן ביי אייך בלייבן ביימער מיט דער זעלביקער צאָל בלעטער ווי די וואָס איר האָט שוין פריער אויסגעשטעלט. קיין בעל שכל קען אין דעם קיין ספק ניט האָבן. אמת, קיינער האָט דאָס מיט די אייגענע חושים ניט אויפגענומען, דאָך לאָזט זיך דאָס זען ווי אַ פאַקט וואָס מען קען ניט אָפּלייקענען.

אָבער אויב איר פילט מיט זיכערקייט — און איר האַנדלט לויטן דאָזיקן געפיל — אַז דער אמת וועט אַרויסקומען ווי בוימל אויפן וואַסער, אויף וואָס איז געבויט אייער בטחון? ניט קיין חושים, ניט קיין שכל, און דאָס לעבן האָט צו אָפט געוויזן פונקט דעם היפוך. טאָ פון וואַנען שעפּט איר אייער זיכערקייט? פאַראַן אַ טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיק פון אָפּטימיזם. אַ מענטש מיט אַ היפשן פליך חלשט עס זאָלן אים וואַקסן האָר אויפן קאָפּ, גייט ער צו אַ דאָקטאָר און באַקומט פון אים אַ טאָניק. גייענדיק אַהיים מיטן טאָניק כאַפּט ער זיך דערוויל אַריין אין אַ געשעפט, קויפט אַ קעמל,

ער זאָל האָבן מיט וואָס אויסצוקעמען די האָר ווען זיי וועלן אים אָנוואַקסן. אָט דאָס איז דער שטאָף פון וועלכן עס ווערן געשאַפן אַלע מדרגות פון גלויביקייט, פון דעם פרימיטיוויסטן אָבערגלויבן ביז די העכסטע פאָרמען פון אמונה. עס קען זיין גלויבן אין שלעכטס פונקט ווי אין גוטס — הגם בעת מען רעדט פון אמונה האָט מען געוויינטלעך אין זינען בלויז גוטס — איןביידע פאַלן הערן מיר דאָס קול פון האַמערדיקער זיכערקייט, דאָס קול פון „בעיני ראיתי".

אַזוי האָט זיך דער שמועס געצויגן און ניט אָפגעלאָזן. וואָס איז דער קוואַל פון אמונה? פון וואַנען נעמט זיך איר כוח? אַלע האָבן פאַרשטאַנען די פאַרפלאָנטערטקייט פונעם ענין. נאָך מער: אַלעמען איז קלאָר געוואָרן אַז בעת מען פרעגט געפינט מען זיך אונטער דער שליטה פונעם שכל. קומט אויס אַז מיר באַנוצן די כלים פון איין סאָרט וועלט אויסצופּרובירן דעם שטאָף פון אַן אַנדערער. דאַרף מען דאָס כסדר האָבן אין זינען כדי מען זאָל עס קענען כאָטש טיילווייז פאַרריכטן.

אָט אַזוי שפּרינגענדיק פון פּונקט צו פּונקט, ווי אין אַלע היימישע וויכּוחים, האָבן מיר זיך אומגעריכט אַריינגעלאָזן אין אַ שמועס וועגן אהבת ישראל. די טענה איז געווען אַז איצט נאָכן חורבן פון אַלע חורבנס אין אייראָפּע און נאָכן נס פון אַלע נסים אין ישראל, איצט מאָנען ביידע ביי אונדז אַז מיר זאָלן זיך ניט באַנוגענען מיט מידת הדין נאָר דער עיקר האַלטן וואָך די מידת הרחמים. דער מוראדיקער סוף אין מזרח־אייראָפּע קען בלויז צעברעכן דאָס האַרץ. דער וואונדערלעכער אָנהויב אין ישראל פאָדערט אין פאַרויס פאַרגעבונג פאַר מעגלעכע זינד ביים בייקומען איבערמענטשלעכע שטרויכלונגען, ממילא — מידת הרחמים. פאַרשטייט זיך אַז אַלע אַזעלכע נעמען פון חסידישע גדולים ווי ר׳ משה לייב סאַסאָווער, ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער, וכדומה, זענען געבראַכט געוואָרן ווי אַ ראיה לדבר. באמת, גאַנץ חסידות — ווען מען זאָל ניט רעכענען עטלעכע יוצאים מן הכלל — איז דאָך דורכגעדרונגען מיט אהבת ישראל. אפשר צוליב דעם טאַקע האָט חסידות פאַרכאַפּט דאָס האַרץ פון מיליאָנען און פאַרנומען אַזאַ חשובן אויבן־אָן אין יידישער געשיכטע.

מען קען ניט זאָגן אַז מיט דער דאָזיקער אַרגומענטאַציע איז אָפּגע־גאַנגען גלאַטיק. אַנדערע האָבן זיך שטאַרק געוועהרט אַנטקעגן דער „צעקראָ־כענער סענטימענטאַלעכץ". די מידה פון טונקען געזונט ברויט אין קאַלט וואַסער כדי עס צו מאַכן ווייכער, דאָס, האָבן זיי געטענהט, איז גוט פאַר זקנים אָן ציינער. דער וואָס האָט נאָך בטחון אין יידן וועט אונדז טאָן אַ גרעסערע טובה ווען ער וועט ניט האַלטן אין איין ציטערן טאָמער וועלן מיר זיך קרעקן מיט האַרבע מאכלים, און דעריבער כסדר טונקען יעדן כזית וואָס מען דערלאַנגט אונדז אין דער פייכטקייט פון אהבת ישראל.

די דאָזיקע אַרגומענטאַציע האָט פֿאַרשטייט זיך ניט געקענט דורכלאָזן די נביאים מיט זייערע פֿייערדיקע שטראָף־רייד, און בכלל דעם יידישן טראַדיציאָנעלן מוכיח וואָס האָט געשאָלטן און געשמיסן און ניט געצערטלט און געגלעט. אָבער די שווערסטע טענה קעגן אהבת ישראל האָט אַרויס־געדרוקט אַ גריבלער מיט אַ תאווהדיקער נייגונג צו פֿאַלמעסן גייסטיקע ווערטן אויף פּיצלעך און ברעקלעך. ער האָט געהאַלטן אַז דער וואָס באַרימט זיך מיט אהבת ישראל גיט נאָך ניט דערמיט קיין פֿאַרזיכערונג אַז זיין „אהבה" וועט זיך אויסשפּרייטן ניט בלויז אויף כל ישראל נאָר אויך אויף ר' ישראל. וואָרעם מיר באַגעגענען טאָג־טעגלעך דעם טיפּ וואָס איז תמיד גרייט צו געפֿינען אַ זכות אויף אַלע יידישע מעשים אָבער ער איז פּונקט אַזוי גרייט צו זיין דער שטרענגסטער מחמיר בנוגע דעם מינדסטן פֿלעק אויף איינצעלנע, קאָנקרעטע יידן. עס קומט דעריבער אויס אַז „יידן" און „יידן" איז ניט אַלעמאָל דאָס זעלביקע.

נעמט, למשל, דעם מאמר חז"ל אַז „אַ ייד אַפֿילו ווען ער זינדיקט בלייבט ער אַלץ אַ ייד". עס איז דאָך קלאָר אַז דער ייד וואָס זינדיקט קען בלויז זיין דער קאָנקרעטער ייד: ראובן, שמעון, לוי. אָבער וואָס איז דער פּשט פֿון דעם אַז ער בלייבט אַלץ אַ ייד? הייסט עס אַז ער בלייבט אַלץ דער זעלבער ראובן, שמעון אָדער לוי? דאָס איז דאָך נאַטירלעך און ניט דאָס קען אונדז דער מאמר לאָזן הערן. עס קען בלויז מיינען אַז דער קאָנקרעטער זינדיקער, אָט דער וואָס מיר נעמען אים אויף מיט אונדזערע חושים, בלייבט אַלץ ביי זיין יידישער אָנגעהעריקייט, אָדער ביי אָנגענומענע יידישע אייגנ־שאַפֿטן, בקיצור ער בלייבט ביי עפּעס וואָס מען קען מיט די חושים ניט אויפֿנעמען, וואָס איז בכלל אַן אַבסטראַקטער ענין. אָט האָבן מיר, הייסט עס, אַ פֿאַל וואו דאָס וואָרט ייד ווערט באַנוצט צוויי מאָל אין זעלביקן זאַץ אָבער יעדעס מאָל באַטייט עס גאָר עפּעס אַנדערש. מיט אַנדערע ווערטער, די צוויי טייטשן פֿירן אונדז צו צוויי גאָר אַנדערע רעזולטאַטן. אפֿשר קען מען דאָ דערזען אַ וועג צו דער רעטעניש פֿון אמונה?

## צוויי רעאַליטעטן

ווען מיר ווערלן אויף אַ ווייל אַרויסלאָזן פֿון חשבון די וועלט פֿון רייך־שכלדיקע ראיות בלייבט אונדז איבער די אַבסאָלוטע זיכערקייט פֿון דעם וואָס די חושים דערציילן אונדז. ווען מען קען טייטלען מיטן פֿינגער און זאָגן: אָט איז עס, וואָס קען נאָך זיין זיכערער פֿון דעם? אמת, טיילמאָל ווערן די חושים אָפּגענאַרט. עס דאַכט זיך אויס, אָדער מיר האָבן האַלוצי־נאַציעס, אָבער דאָס האָט אַ שוואַכע ווירקונג אויף אונדז. עס צעטרייסלט ניט אונדזער אַבסאָלוטן צוטרוי צו די חושים. דאָס וואָס די חושים נעמען

אויף איז דאָ, עס איז לאָקאַליזירט, עס איז די קאָנקרעטע באַלעבאַטישקייט פון די נאָענטסטע ד׳ אמות וואָס רינגלען אונדז אַרום. דאָס איז די געשפּירטע רעאַליטעט אין וועלכער מיר לעבן, עס איז די וועלט פון „אָט זעסטו דאָך".

עס איז אָבער אויך פאַראַן אַ געפילטע רעאַליטעט. מען קען זי ניט זען אָדער הערן אָבער זי איז צוליב דעם ניט ווינציקער רעאַל. מען קען אפשר ניט זאָגן, אַז זי איז דאָ, ד. ה. זי האָט ניט קיין דאָאיקע רעאַליטעט, זי איז ניט לאָקאַליזירט, אָבער ווער קען דען צווייפלען אין איר עקזיסטענץ? אויף אייער קינד טייטלט איר מיטן פינגער און זאָגט: „דאָס איז מײַן קינד". אָבער אין דער אמתן טייטלט איר בלויז אויפן קינד ניט אויף דער „מײַנקייט". דאָס קינד נעמט מען אויף מיט די חושים, עס איז דאָ, עס פאַרנעמט אַ באַשטימטן לאָקאַליזירטן פּלאַץ. אָבער וואו איז דער „מײַן"? וואו איז די „מײַנקייט" פונעם קינד? דאָך פילט איר אַזוי זיכער, איר וואָלט געקענט שווערן אַז איר זעט ממש, אינעם קינד גופא, אַז עס איז מײַן קינד. אפשר איז בעסער אַז אויף אַזאַ מין רעאַליטעט זאָל מען ניט זאָגן אַז זי איז דאָ, נאָר אַז זי איז פאַראַן, עס איז אַ ניט־לאָקאַליזירטע, אַ ניט־געשפּירטע נאָר אַ געפילטע רעאַליטעט. זי האָט אין זיך די קוואַליטעט ניט פון דאָאיקייט נאָר פון פאַראַנענקייט.

אַן אַמעריקאַנער פּאַטריאָט איז פאַרליבט אין זײַן לאַנד. עס איז זײַן, און עס האָט אין זיך אַלע מעלות וואָס זענען בכוח אַרויסצורופן אַזעלכע וואַרעמע געפילן. אָבער ער האָט ניט קיין שום געפיל אַז, למשל, בראָדוויי, אָדער אַן אַנדער גאַס, איז זײַן. ער קען אויסרעכענען אַ סך גוטע און שיינע זאַכן אין אַמעריקע. ער קען דאָס אויך טאָן בנוגע אַנדערע לענדער. אָבער די ספּעציעלע באַציאונג זײַנע צו אַמעריקע דאַרף גאָר ניט חל זײַן אויף די טויזנטער פּרטים פון וועלכע אַמעריקע ווערט צונויפגעשטעלט. די אַלע פּרטים זענען דאָ, אָבער אַמעריקע, זײַן אַמעריקע, איז פאַראַן, און אָט דאָס פאַראַנענדיקע איז די צינדנדיקע קראַפט פון זײַן ברענענדיקער ליבע.

אַ פאַרליבטער בחור געפינט זיך אָפט אין אַ פאַרלעגנהייט ווען מען וויל אים דווקא איבערצייגן אַז זײַן מיידל איז גאָר ניט אַזוי שיין ווי ער זאָגט און מיינט. אין דער אמתן וואָלט ער געקענט ענטפערן אַז כדי צו זען אַזוי פיל שיינקייט אין זײַן געליבטער איז גאָר ניט נויטיק זי זאָל זײַן אַ שיינע, ס׳איז גענוג אַז זי איז אַ שענסטע. דאָס מיידל איז דאָ, איר שיינקייט — געמאָסטן לויט פיזישע שטריכן און שייכותן — איז אויך דאָ. אָבער דאָס וואָס זי איז ביי אים די שענסטע, דאָס געהערט צו דער וועלט פון פאַראַנענע, און זי איז פּונקט אַזאַ רעאַלע וועלט ווי דאָס וואָס מיר נעמען אויף מיט די חושים.

טייל פון אונדז זענען אַזוי פאַרשיכורט פון דער זיכערקייט פון „אָט

זעסטו דאָך" אַז עס קען מאַכן אויף זיי דעם איינדרוק פון פאַנטאַסטישע לבנה־שטראַלן ווען מע דערציילט זיי פון אַ וועלט וואָס מע קען ניט אָנטאַפּן מיט די צען פינגער. אָבער איינער פון די כאַראַקטער־שטריכן וואָס מיר געפינען אין רעאַלע עקזיסטענצן פון דער מענטשלעכער וועלט איז דאָס וואָס זיי זענען פעאיק אויף איבערטרייבונג; זיי קענען זיך באַווייזן אין פאָרמען פון אומנאָרמאַלע עקסטרעמען: צו שוואַך אָדער צו שטאַרק. אַ מענטש קען זיין טויבלעך, אָדער קאָליר־בלינד. ער קען אויך האָבן אַזעלכע פאַרשאַרפטע חושים אַז ער זאָל קענען מיט די פינגער אַליין מאַכן אַ זיכערן אונטערשייד צווישן אַלע סאָרטן מטבעות. דאָס קען מען אויך געפינען אין שייכות צו דער וועלט פון פאַראַניקייט וואָס איז געבויט אויף ספּאָנטאַנעם אינערלעכן צוטרוי. פאַראַן מענטשן וואָס זענען קרענקלעך־סקעפּטיש. זיי וועלן עטלעכע מאָל אויספּרובירן די טיר נאָכדעם ווי זיי האָבן זי פאַרשלאָסן, און סוף כל סוף אָוועקגיין מיט אַ ספק, אפשר איז זי דאָך אָפן. פאַראַן אַנדערע וואָס זענען גרייט, מיט נאַאיוועד קינדישקייט, יעדן צו גלויבן אויפן וואָרט. די פאַראַניקע וועלט איז אַ יש אין זיך אַליין, און האָט אַלע סימנים פון אַן אייגנאַרטיקער רעאַליטעט וואָס דיקטירט אונדזערע רעיונות און מעשים.

## אַלגעמיינע אידעען און געפילטע רעאַליטעט

די וואָס פאַרנעמען זיך מיט פילאָסאָפישע ענינים קענען אפשר מיינען אַז די געפילטע רעאַליטעט וועגן וועלכער עס רעדט זיך איז דאָס זעלביקע ווי די אַלגעמיינע אידעען וואָס פאַרנעמען אַזאַ אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער געשיכטע פון פילאָסאָפיע זינט דעם אַלטן גריכנלאַנד. ווען איך זאָג "דער" טיש, האָב איך אין זינען אַ ספּעציעלן טיש אויף וועלכן איך קען אָנווייזן. ווען איך זאָג אָבער "אַ" טיש, מיין איך אַ טיש בכלל, דעם גאַנצן קלאַס פון וועלכן יעדער באַזונדער טיש איז בלויז אייןביישפּיל. אָט דאָס, דער טיש בכלל, איז אַן אַלגעמיינע אידעע. זיכער קען מען ניט זאָגן אויף אַזאַ טיש אַז ער איז דאָ. גיכער וואָלט מען געקענט זאָגן אַז ער איז פאַראַנען, אויב מען זאָל מיינען אַז ער איז אין אונדזער דמיון, אָדער אפשר ערגעץ אין אַ פאַרבאָרגענער וועלט וועגן וועלכער מיר האָבן קיין שום דערפאַרונג ניט. עס קענען אויך זיין אַלגעמיינע אידעען פון אַן אַנדער מין. אָבער ניט דאָס האָב איך אין זינען.

אַלגעמיינע אידעען האָבן אַ שייכות צו יעדער זאַך אין דער וועלט, ווייל יעדע זאַך קען באַטראַכט ווערן אי ווי אַ פּרט אין זיך אַליין, אי ווי אַ טייל פון אַ קלאַס. אַזעלכע באַגריפן קענען זיין בלויז קאָנסטרוקציעס אין לאָגישן רעיון. די פאַראַנענקייט פון דער געפילטער רעאַליטעט איז עפּעס אַנדערש. זי באַשטייט פון פּרטים וואָס זענען ממשותדיקע איבערלעבענישן פון אונדזער

פסיכיק. זיי האָבן ניט קיין שייכות צו יעדער זאַך נאָר בלויז צו אַזעלכע וואָס וועקן אין אונדז שטאַרקערע געפילן. אַ געצייכנטע ליניע קען באַטראַכט ווערן אי ווי עפּעס וואָס איז קאָנקרעט דאָ, אי ווי אַ מוסטער פון אַן אַלגע־מיינעם באַגריף „ליניע" וואָס עקזיסטירט אין אַן אַבסטראַקטן אוניווערס. אָבער אַזאַ צייכענונג ווי, למשל, אַ מגן דוד פאַרמאָגט ניט בלויז אַ קאָנקרעטן „דאָ", און איז ניט בלויז אַן איינצלנערביישפּיל פון אַ קלאַס, נאָר זי וועקט אויך אייגנאַרטיקע געפילן, באַזיצט אַ באַשטימטע קוואַליטעט, איז אַ פּאַראַ־נענער כוח אין אַ פונקציאָנירנדיקער רעאַליטעט וואָס נעמט אַרום אונדזער לעבן.

ממילא איז ניט שווער אָנצונעמען אַז אַלגעמיינע אידעען זענען קאָנ־סטרוקציעס וואָס מיר האָבן אַליין אויפגעבויט אין אונדזערע מוחות מיט ריין־לאָגישן מאַטעריאַל, אָדער גאָר מיט וואָרט־סימבאָלן; אַז אין דער אמתן עקזיסטירן זיי ניט אין אַ רעאַלער וועלט. ווען עס קומט צו געפילטע רעאַלי־טעטן איז זייער עקזיסטענץ אַ דירעקטע איבערלעבעניש. מיר זענען ניט אָפּהענגיק פון לאָגישע ראיות וואָס פירן אונדז צו זיי. ניטאָ קיין חוש וואָס זאָגט אונדז אַז זיי זענען דאָ. דאָך לעבן מיר איבער מיט אומפאַרמיטלטער דירעקטקייט אַז זיי זענען פאַראַן. מיר מוזן קומען צום אויספיר אַז דער באַגריף עקזיסטענץ גופא איז ניט פאַרבונדן בלויז מיט דער קאַטעגאָריע פאַקטן, נאָר באַפרידיקט אויך, אויף געוויסע אָפּשניטן פון גייסטיקן לעבן, אַן עמאָציאָנעלע פאָדערונג. דאָס געפילטע, כדי עס זאָל בכלל ווערן געפילט, מוז געלעבט ווערן ווי אַ רעאַליטעט. עס פאַרמאָגט אַ דורכדרינגענדיקע פאַראַנענקייט אין און אַרום אונדז. דער אומעט פונעם רעגנדיקן טאָג ליגט ניט בלויז אין אונדזער געמיט, נאָר אויך — אויף וויפל מיר לעבן דאָס איבער — אינעם טאָג גופא. עס צאַפּלט זיך אַ מאָנונג אין אונדז אַז עס זאָל אַזוי זיין. אין פילאָסאָפישע טערמינען וואָלט מען דאָס געקענט רופן אָנטאָלאָגישע תאווה, אַ דאָרשט אַז דאָס וואָס ווערט געפילט זאָל האָבן די כאַראַקטעריסטיק פון „זיין", פון אַ רעאַליטעט וואָס עקזיסטירט.

אָבער דער הויפּט־חילוק צווישן אַלגעמיינע אידעען און די איבער־לעבענישן וואָס שטאַמען פון דער געפילטער רעאַליטעט באַשטייען אין דעם וואָס די לעצטע ווייזן אַרויס אַן אומרואיקן, דינאַמישן כוח. זיי ציען צו אָדער שטויסן אָפּ. זיי פאָדערן מעשים, זיי שטעלן אונדז צילן און טרייבן אונדז, שפּאַנען איין אונדזער ענערגיע די צילן צו דערגרייכן, זיי זענען ניט קיין פּאַסיווע איינוואוינער אין אונדזער נשמה. אין אַלע מאָמענטן פון אונדזער שטרעבן, אונטערנעמען, דורכפירן אָדער דורכפאַלן, דאָ ליגט זייער כוח, דאָס איז דער שטח פון זייער לעבן.

דער שכל קומט צו אונדז אַזוי ווי מיט אַ דרויסנדיק־צווינגענדיקער קראַפט. ווען דער שכל זאָגט אונדז אַז דער קירצסטער וועג צווישן צוויי

פונקטן איז די גלייכע ליניע, איז ווי ס'וואָלט עמיצער אונדז אָנגעכאַפּט ביים האַלדז, און מיר מוזן דאָס אָננעמען. דאָס אָננעמען מעג אַפילו ניט מחייב זיין צו קיין זאַך אַחוץ צום שטילן צושאָקלען מיטן קאָפּ, צו אינערלעכער הסכמה. אָבער אויף אַזויפיל שטעקט אין דעם אַ זיכערע גבורה. ער איז אַ מין דרויסנדיקער, אָביעקטיווער כוח, ווי אַ קאַלטער כלי־זין אין אונדזערע הענט, עפּעס צו באַהערשן.

די געשפּירטע רעאַליטעט, די וואָס קומט פון דער שפּיל פון אונדזערע חושים, זי גיט אונדז איבערצולעבן די שטאַרקסטע פאָרמען פון זיכערקייט. אָבער דער כוח ווערט געפילט ווי אַן אינעווייניקסטער, און דאָס וואָס די חושים באַרירן ווערט היימיש, אינטים, עס ווערט געבוירן יענע טיף־אייגענע וועלט פון „אָט זעסטו דאָך". אַוודאי איז פאַראַן זיכערקייט אינעם שכל אַז צוויי זאַכן וואָס זענען גלייך צו אַ דריטער מוזן זיי זיין גלייך צווישן זיך. אָבער אָט די זיכערקייט פון שכל איז גאָר עפּעס אַנדערש פון דער זיכערקייט אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ שטיקל סאַמעט בעת מיר גלעטן עס מיט די פינגער. אין לעצטן פאַל פאַרמאָגט די זיכערקייט אין זיך די קוואַליטעט אי פון שאַרפער בולטקייט, אי פון היימישער אינטימקייט, אַ זיכערקייט וואָס ווערט אַנטפּלעקט אין די אינעווייניקסטע ווינקלען פון זיך אַליין.

די געפילטע רעאַליטעט קומט ניט צו אונדז מיט די צוואַנגען פון שכל, אויך ניט מיט דער שפּיציקער בולטקייט און אינטימקייט פון די חושים. אָבער אָנשטאָט דעם שכלס „מוז" און די חושימס „דאָ" רינגלט זי אונדז אַרום מיט אַ מין אומגעטראַכטן דרוק פון אַ מוז און אַן אומאַרטיקולירטן אויסגעשריי פון אַ דאָ. עס איז אַן אינערלעכער, שטילער פלאַטער פון אַן אָנזאָג פון דעם וואָס איז פאַראַן. וואָרים דער קלאָרער סך הכל פון אויסגע־רעכנטע חשבונות פאַרמאָגט אין זיך אַן אָביעקטיווקייט וואָס טרייבט אונדז ווי אַ דרויסנדיקע מעכאַנישע קראַפט. און ווען די חושים, די אויגן, ווייזן אונדז: „אָט איז עס", איז דאָס אַ פאָרשטעלונג וועגן דער אַרומיקער לאַנד־שאַפט פאַר אונדזער טעגלעכער אָריענטאַציע. וואָלט אונדזער פּסיכיק קיין אַנדערע כוחות ניט פאַרמאָגט וואָלטן מיר געוואָרן דערוויטערט, אָפּגעפרעמדט פון אַ נאָענטער, אינערלעכער וועלט, אַ וועלט אָן וועלכער דאָס לעבן איז בוכשטעבלעך אוממעגלעך. דאָס איז די וועלט פון דער געפילטער רעאַליטעט, אַ פאַראַנענדיקע וועלט וואָס פלאַטערט אַרום ערגעץ אויפן אומבאַקאַנטן שטח צווישן מוז און דאָ. גלויבן איז אַן אָנשטרענגונג פון דער נשמה אַריבערצו־שפּרינגען דעם דאָזיקן תהום, אַרומוויקלען מיט דער דערקענונג פון אַ מוז דאָס וואָס ווערט אינערלעך געפילט, און אָנפילן מיטן זאַפט פון דאָאיקייט דאָס וואָס איז אין כאַראַקטער פאַראַניק.

דער אומפאַרמיטלטער, אָפט אויך אומבאַגרענעצטער, צוטרוי צו די מאַניפעסטירונגען פון דער פאַראַנענדיקער רעאַליטעט, האָט, פאַרשטייט זיך,

זיינע פאַרשיידענע מדרגות. די פּרימיטיוויסטע מדרגה דריקט זיך אויס אין דער נאַאיווער אילוזיע אַז עס איז גאָר קיין גלויבן ניט נאָר ממש געשפּירטע דערפאַרונג. אַ מענטש וואָס האָדעוועט אַ געטרייען הונט שרייבט אים צו פאַרשיידענע מענטשלעכע קוואַליפיקאַציעס. אָבער ער האַלט ניט אַז דאָס טייטשט ער אַריין אינעם הונט, למשל, אַ פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעך לשון. ביי אים איז קלאָר אַז ער זעט עס מיט די אויגן. דערפון נעמט זיך וואָס מען דאַרף האָבן אי בילדונג, אזי אַנאַליטישע כוחות בכלל, מען זאָל קענען געזעני אונטערשיידן צווישן פאַקט און אויסטייטש. עס קומט אָפּט אָן זייער שווער צו איבערצייגן אַ מענטשן אַז דאָס וואָס ער גיט אָן ווי אַ פאַקט איז בלויז אַ פערזענלעכער פירוש. דאָ באַנוצט זיך דער צוטרוי פון גלויבן מיט אַ קונץ, אַזוי צו זאָגן, אָנצוטאָן אַ מאַסקע פון דאַאיקייט אויף אַ פּנים פון פאַראַנענדיקייט. אַזוי הויבט זיך אָן דער פּראָצעס פון גלויבן מיט אילוזאָרישער גלויביקייט און ענדיקט זיך מיטן אינטואיטיוון אויפכאַפּ פון העכערע כוחות וואָס פאַרזיכערן די אמתן און די גערעכטיקייט פון אמונה.

די היינטצייטיקע עקזיסטענציאַליסטן האַלטן אַז אמונה איז אַן אינער־לעכער באַשלוס זיך איבערצוגעבן אין די אָרעמס פון ניט־באַוויזענע אידעען, ווייל דער שכל איז ניט בכוח צו פאַרענטפערן די קשיות וואָס לאָזן אונדז ניט אָפּ. די שוואַכקייט פון דער דאָזיקער טעאָריע ליגט אין דעם וואָס זי איז געבויט אויף אַ נעגאַטיוו — „ווייל דער שכל איז ניט בכוח" — אָן דער טרייב־קראַפט פון עפּעס אַ יש אויף וואָס דער גאַנצער פּראָצעס איז זיך סומך. ערשט ווען מיר באַנעמען די פאַקטישע עקזיסטענץ, לויט דער גבית עדות פון אונדזער פּסיכיק, פון אַ פאַראַניקער, געפילטער רעאַליטעט דערזעען מיר דעם פּאָזיטיוון קוואַל פון וואַנען אמונה קען שעפּן.

אַ מענטש איז צו גרויס אין זיין חכמה אַז אין אים זאָל ניט לעבן די תאווה צו ווערן באַהערשן די וועלט מיט אַלע אירע פאַרבאָרגנקייטן. די וועלט איז צו גרויס אין איר גבורה אַז אַ מענטש, אין דער דערקענטעניש פון זיין שוואַכקייט, זאָל ניט פאַרמאָגן די ניט־קלענערע תאווה צו באַשיצן זיך דורך אונטערוואַרפן זיך אירע כוחות, דורך טוליען זיך צו איר אין אייביקער זוכעניש צו געפינען חן אין אירע אויגן. דאָס ערשטע ווערט דערגרייכט דורך די פאָרשונגען פון שכל, דאָס צווייטע דורך אונטערטעניקן זיך צום רייצנדיקן צוטרוי פון אמונה.

## די מצווה צו גלויבן

וויליאַם דזשיימז האָט פּאָפּולאַריזירט דעם געדאַנק פון אַ „ווילן צו גלויבן". זיכער איז דאָ אַזאַ ווילן, ווי מיר האָבן דאָס שוין פריער געזען. אָבער ווייזט אויס אַז עס זענען פאַראַן געוויסע מאָמענטן ווען אָט דער ווילן

איז ניט אַזוי פריי־שטראָמענדיק, ווען עס ווערן אָפּגעשוואַכט זיינע כוחות און ער ווערט באַהערשט פון ספקות אָדער פון סקעפּטיציזם. אַנדערש וואָלט דער אַקט פון גלויבן ניט דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ מצווה, אין דער רעליגיעזער וועלט. מען דאַרף דאָך ניט צושטיין צו מענטשן זיי זאָלן טאָן עפּעס אַזוינס וואָס עס טוט זיך אַליין.

אין פּראַקטישן לעבן, דאָרט וואו מיר הענגען אָפּ פון מיושבדיקער אויסרעכענונג, דאַרף מען קיינעם ניט אָנזאָגן ער זאָל זיך באַנוצן מיט שכלדיקן ישוב הדעת. מיר טוען עס סיי ווי. טאָמער טוט עס עמעצער ניט לאַכט מען אים אויס, מען האַלט אים פאַר אַ בטלן. אָבער קיינער האַלט ניט אַז ער איז עובר אויף אַ מצווה, אַז ער באַגייט עפּעס אַ מאָראַלע עוולה. פאַרוואָס זאָל עס זיין אַנדערש אין ענינים פון אמונה?

דאָס גאַנצע עלפטע קאַפּיטל פון זיינע „בריוו צו די יידן״ גיט אָפּ פּאַולוס אונטערצושטרייכן דעם געדאַנק: „וואָרעם אמונה איז דער שטאָף פון דעם אויף וואָס מען האָפט, די ראיה פון זאַכן וואָס מען זעט ניט״. די גאַנצע רעליגיעזע ליטעראַטור — אַפילו די ליטעראַטור פון סעקולערע גלויבנס — איז פול מיט לויבגעזאַנגען אויף אמונה און אויף די וואָס ווייזן אַרויס עקסטרע־מע פאָרמען פון גלויבן.

ווען חבקוק פּראָקלאַמירט דעם געדאַנק „וצדיק באמונתו יחיה״ (ב, 4), באַשטעטיקט ער דערמיט אַ געוויינטלעך, מענטשלעך געפיל. מיר זעען בחוש אַז דאָרט וואו אמונה פירט ניט צו טאָן שלעכטס אַנדערע, איז פאַראַן אין איר צדקות, הייליקייט. מיר באַוואונדערן דעם שאַרפן בעל שכל, אָבער די שווערע דיסציפּלין וואָס אויפריכטיקע אמונה וואַרפט אַרויף אויפן גלויבער רופט אַרויס יראת הכבוד, אַ געפיל אַז די שכינה רוט אויף אים.

דער אמת איז אַז דער אָפּגעשוואַכטער ווילן צו גלויבן איז על פּי רוב בלויז אַן ענדערונג אין די פאָרמען, אָדער בלויז אין טערמינען, פונעם פריער־דיקן גלויבן. עס קען זיין ניט מער ווי אַ וויץ וואָס מען דערציילט פון יענעם אַפּיקורס. ער האָט געביטן דעם נוסח פון זיין שווערן זיך. אַמאָל האָט ער געזאָגט: „ווי מיר האָבן אַ גאָט אין הימל״. היינט האָט ער דאָס געביטן אויף: „ווי מיר האָבן אַ נאַטור אין הימל״. אָבער אויך אין דעם קען מען זען — הגם אין קרומען שפּיגל פון סעמאַנטישן קאָמיזם — דעם גייסט פון דער צייט. פאַראַן אַזעלכע וואָס באַשטייען איינגעשפּאַרט אויף זייער אַנטי־גלויביקייט בעת זיי גיבן זיך איבער צו די כוחות פון „לעבן״, פון „געשיכטע״, אָדער פון דער „סטיכיע״. דער מינדסטער אַנאַליז פון אַזעלכע באַגריפן אַנטפּלעקט אָפט זייער בולטע סימנים פון אַ שעמעוודיקער טעאָלאָגיע.

מען מוז אָבער מודה זיין אַז שוין דאָס באַנוצן זיך מיט ראַציאָנאַלע טערמינען רופט אַרויס גאָר אַן אַנדער באַציאונג צו אַזעלכע גלויבנס און אַזעלכע גלויביקע. ניטאָ אין דעם קיין צדקות, קיין זיו השכינה, קיין געפיל

אַז אַזאַ מענטש דערהייבט זיך מיט זיין טראַכטן און אויפפיר צו אַ העכערער מדרגה. מען קען ניט זאָגן אַז די סיבה דערפון לאָזט זיך ניט פאַרשטיין, זי ליגט אין דער אינערלעכער נפקא מינה צווישן דער דאָאיקער און דער פאַראַניקער פאָרם פון עקזיסטענץ.

די חושים פירן אונדז צו אַ בולטער, לאָקאַליזירטער, דאָאיקער רעאַלי־טעט. זיי גיבן אונדז די וואַרעמע היימישקייט וואָס איז נויטיק כדי צו האָדעווען אין זיך אַ מין פאַמיליע־געפיל צו דער וועלט. דער אינטעלעקט הויבט אָן מיט איינשטעלן שייכותן צווישן די עלעמענטן פון דער געשפּירטער וועלט אַזוי אַז מען זאָל קענען פעסטשטעלן אַפילו דאָס וואָס מען זעט ניט מיט די אויגן. אָבער די געפילטע רעאַליטעט קען מען בלויז באַוואוסטזיניק אויפנעמען און האָבן אַ חלק אין איר הדרכה דורך אַן אינערלעך באַפרייטן צוטרוי, גלויבן, וואָס דאָס הייסט אַ גלויבן אינעם אמת און אין דער גערעכ־טיקייט פון דער דאָזיקער פסיכישער דערפאַרונג.

דאָס שאַפט אָפּ אין אַ פערזענלעכקייט דאָס געפיל פון אָפּגעזונדערטקייט, פון זעלבסט־פאַרענדיקטקייט, און, אויף די העכסטע מדרגות, פירט דאָס צו בטול היש. ר׳ מענדעלע קאָצקער האָט אַמאָל געפרעגט און געענטפערט: „וואָס איז דער חילוק צווישן אַ חסיד און אַ מתנגד? ביידע זענען גאָרנישט, נאָר דער חסיד וויים עס". אָבער דאָס דאָזיקע וויסן מאַכט פונעם „גאָרנישט" ניט דעם היפּוך פון אַן „עפּעס", נאָר אַ סך מער דערפון, אַן „אַלץ". וואָרעם דעמאָלט פילט מען זיך צונויפגעגאָסן מיטן יש פונעם גאַנצן אוניווערס, אין אַן אויסדרוק פון גאַנצן וועלט־געשעען, פּונקט ווי דער מינדסטער ציטער פון אַן איינצלנער ים־כוואַליע איז אַן אויסדרוק פון דער אומרו פונעם גאַנצן ים.

אונדזער אייגענע געפילטע רעאַליטעט ווירקט אויף אונדז צו דערזען אין אַזאַ מדרגה — אין דער מדרגה פון אַן „איך" וואָס איז געוואָרן אַן „אַלץ" — עפּעס וואָס פלעפּט אונדז מיט זיין אוניווערסאַלן פאַרנעם. די מאָראַלע קוואַליטעט וואָס איז נויטווענדיק פאַרבונדן מיט אַזאַ דערגרייכונג, און די אומגעהייערע פסיכישע אָנשטרענגונג צו האַלטן אין צוים די פאָדערונגען פון אַנדערע רעאַליטעטן אין דער נשמה כדי צו לאָזן פריי דעם וועג פאַר אַזאַ דערגרייכונג, אָט דאָס אַלץ אַנטפּלעקט זיך צו אונדז אין דער פאָרם פון צדקות, פון הייליקייט; עס איז צדקות, עס איז הייליקייט.

אַ באַקאַנטע חסידישע תורה ווייזט אָן אומדירעקט אויף די מניעות וואָס ליגן אויפן וועג פון אמונה, וואָס אין דעם אַליין לאָזט זיך שוין זען פאַרוואָס דער אַקט פון גלויבן זאָל באַטראַכט ווערן אין דער קאַטעגאָריע פון מצוות. אין דער תורה ווערט געזאָגט אָנגעוויזן וועגן פטירת משה און וואו מען האָט אים מקבר געווען. אָבער באַלד נאָך דעם ווערט געזאָגט אַז קיינער וויים ניט וואו זיין קבר איז. היתכן? אָבער דאָס — דערקלערט

דער חסידישער דרוש — לערנט אונדז די תורה דעם דרך אמונה. אַפילו ווען מיר ווייסן אַלץ מיט אַלע פּרטים, דאָך אויב עס שטייט „ולא ידע איש את קבורתו״ דאַרף מען גלויבן. אַלץ אין אונדז דאַרף זיך בייגן פאַרן קול פון אמונה. מיר ווייסן גאַנץ גוט אַז ניט אַזוי לערנט אונדז דאָס טאָג־טעגלעכע, פּראַקטישע לעבן. סיי דער מוז פונעם שכל, סיי דער דאָ פון די חושים, סיי דער געזעלשאַפטלעכער דרוק וואָס לאָזט אונדז ניט אָפּ אויף טריט און שריט, דאָס אַלץ שטויסט אונדז אָפּט אין גאָר אַנדערע ריכטונגען. זענען דעריבער פאַראַן גענוג שטרויכלונגען וואָס גלויבן דאַרף בייקומען. עס בלייבט נאָך אָבער אַלץ גענוג באַצווינגענדיקע רעאַליטעט און דינאַמישע קראַפט וואָס האַלט פאַר אונדז לעבעדיק דעם וועג פון גלויבן ביז צו דער העכסטער מדרגה — אמונה.

## יידישער קיום און יידישע אמונה

ווען מען זאָל אַראָפּרעכענען אַזעלכע טעמעס ווי חורבן מזרח־אייראָפּע און מדינת ישראל איז צווישן ראַדיקאַל־סעקולאַריסטישע יידן געווען די הויפּט־טעמע, אין די לעצטע יאָרן, דער קיום פון יידישן פאָלק. דאָס וואָס אין פאַריז גייט איצט אַרויס אַ זשורנאַל מיטן נאָמען קיום איז אויך אַן עדות דערויף. פון אַלע סעקולאַריסטישע פּלאַטפאָרמעס, בעל פה און בכתב, הערט זיך דאָס ציטערדיקע קול פון באַזאָרגטקייט פאַר אונדזער קיום. עס ווערן פאָרגעשלאָגן פאַרשיידענע תרופות, פון הוילער שפּראַכלעכער יידישקייט ביז אַן אומקער צו דער אַלטער געירשנטער אמונה. די שקלא וטריא קען ווערן בייז און היציק וועגן יעדער פאָרגעלייגטער רפואה. אָבער דער עצם געוואַלט־געשריי: קיום, וועגן דעם זענען קיין חילוקי דעות ניטאָ. אַפילו דער קאַלטבלוטיקסטער לאָמיך־געמאַך סעקולאַריסט וועט אויך מאָטיווירן זיין גלייכגילטיקע באַציאונג מיט „נצח ישראל״, יידן וועלן בלייבן יידן. אַזוי איז אַלעמאָל געווען, אַזוי וועט ווייטער זיין, די געשיכטע וועט שוין אַכטונג געבן אַז ס׳זאָלן זיין יידן אויף דער וועלט, בקיצור, ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך, עס וואַכט אַ גאַנץ פאַרלאָזלעכער שומר ביי אונדזער טיר.

אין פלוג איז דאָס אַ רעטעניש ניט צו פאַרשטיין. אָט איז אַ ייד וואָס די אַלטע יידישע אמונה האָט צו אים קיין צוטריט ניט. דער קוק אויף יידן ווי אויף אַן עם סגולה, אַ גוי קדוש, איז אין זיינע אויגן אַ מיאוסע ווילדקייט. דער געדאַנק פון „אתה בחרתנו״ איז אים שרעקלעך דערווידער. די אידעע פון אַ יידישער מיסיע רופט ביי אים אַרויס אַ איראָנישן שמייכל. ער גלייבט ניט אין גאָט, קען שוין ביי אים מאָנאָטעאיזם קיין יחסן ניט זיין. אויך עטישער מאָנאָטעאיזם מאַכט ניט פעטער זיין פילאָסאָפישע יויך. איז וואָס אַרט אים אַז ס׳וועלן ניט זיין קיין יידן אויף דער וועלט? פאַרוואָס זאָל אַזאַ מעגלעכקייט אויף אים אָנוואַרפן אַ שרעק?

אמת, אַז מען וויל קען מען זאָגן אַז ס'איז אַ פראַגע פון מענטשלעכער חשיבות. אַזוי לאַנג ווי עס זענען דאָ פעלקער אויף דער וועלט, פאַרוואָס ניט מיין פאָלק? אויב עס איז בכלל נאַטירלעך אַז מענטשן זאָלן זיין פּאָליאַקן, שוועדן, האָלענדער, פאַרוואָס ניט יידן? יאָ, אַז מען וויל קען מען זאָגן, ס'וועט אָבער זיין בלויז אַ זאָגעכץ. פאַר אַנדערע איז עס טאַקע נאַטירלעך צו זיין אַקוראַט דאָס וואָס זיי זענען אין זייערע לענדער. פאַר יידן איז פאַראַן אַ גאַנץ היפּשער שניט אין דער נאַטור פון דער דאָזיקער נאַטירלעכקייט. בלויז יידן האָבן געשאַפן דאָס ווערטל אַז עס איז שווער צו זיין אַ ייד. די לאַגע פון יידן אין גלות, אין בעסטן גלות, איז אַזאַ אַז ס'איז גאָר ניט אַזוי נאַטירלעך צו לעבן און האַנדלען תמיד ווי אַנגעהעריקע צו אַ יידיש פאָלק. עס איז גאָרניט קיין גוזמא צו זאָגן אַז אַ האָלענדער, למשל, איז מען, אָבער אַ ייד, אין גלות, ווערט מען ביי יעדן אַקט אין לעבן וואָס האָט אַ יידישן חותם. איז טאַקע שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס זאָל דווקא באַשטיין צו ווערן ייד אַזאַ וואָס וואַרפט אָפּ אַלע ווערטן אין וועלכע עס ליגט דער זינען פון ספּעציפישער יידישער עקזיסטענץ.

עס איז אָפט פּאַטעטיש צו זען ווי די טרייב־קראַפט צו געפינען אַ ראַציאָנאַלן מאָטיוו פאַר יידישן קיום רעדוצירט אונדזער ספּעציפישקייט צו שפּראַך — יידיש, העברעאיש, אָדער ביידע. געוויינטלעך לייגט מען צו דעם צו „יידישע קולטור", און מען מיינט אַלץ וואָס ווערט אויסגעדריקט דורך דער אייגענער שפּראַך. קיינער קען ניט לייקענען אַז שפּראַך איז גאָר אַ געהויבענער ענין, אָבער פאָרט צו קליין צו זיין אַ מאָטיווירנדיקער כוח פאַרן קיום פון אַ פאָלק. דער וואָס רעדט אַזוי צווינגט אויף זיך אַרויף אַ געבאָרגטע ראַציאָנאַליזאַציע. זיין היסע צוגעבונדנקייט צום יידישן קיום לייקנט אָפּ ביזן גרונט דאָס קאַלטע וואָרט אין נאָמען פון וועלכן ער רעדט.

עס איז ניט שווער איינצוזען אַז לכתחילה ברענט זיך אין אונדז פאַנאַנדער דער פאַרלאַנג אַז יידן זאָלן האָבן אַ קיום. ערשט דערנאָך ווערט פאַרטראַכט דער מאָטיווירנדיקער פאַרוואָס. יעדן פון אונדז זענען מסתמא אויך באַקאַנט יידן וואָס זענען צו ווייט אָפּגעריסן פון אַלע סאָרטן רעליגיעזע אָדער וועלט־לעכע הכשרים צו זיין יידן, און דאָך זענען זיי פעאיק אויף אָנגעשטרענגטע מעשים לטובת אונדזער קיום, אָדער צו פאַרלייכטערן די פיזישע און גייסטיקע סכנות וואָס רינגלען אונדז אַרום. פון וואַנען שעפּן אַזעלכע זייער באַגייס־טערונג? עס קומט אויס אַז אַפילו ווען מען נעמט אַוועק פון אונדזער קיום אַלע ווערטן, פון די אָרטאָדאָקסיש־טעאָלאָגישע ביז די סעקולערע, בלייבט נאָך אַלץ איבער אַן אָנרעגנדיקע ענערגיע וואָס איז בכוח צו וועקן אין אונדז אַקטיווע טעטיקייטן לטובת יידן. וואָס איז דאָס אַזוינס?

ניטאָ קיין רעליגיע אין דער וועלט וואו פערזענלעכקייט פון אַ פאָלק זאָל אין איר שפּילן אַזאַ פונדאַמענטאַלע ראָלע, זאָל זיין אַזאַ צונויפהאַלטנדיקער

רינג אין דער גאַנצער סיסטעם, ווי ישראל אין דער יידישער אמונה. תלמוד און מדרשים לאָזן ניט אָפּ דעם געדאַנק אַז ישראל איז אַ בויטוועגדיקער עלעמענט אין אוניווערסאַלן געשען. אָט זענען עטלעכע אַזעלכע געדאַנקען: אַ מלוכה קומט, אַ מלוכה גייט, אָבער ישראל בלייבט אייביק. ישראל איז געגליכן צו שטויב אין זאַמד. אַזוי ווי קיין זאַך קען ניט וואַקסן אָן דעם שטויב פון דער ערד אַזוי קענען די פעלקער פון דער וועלט קיין קיום ניט האָבן אָן ישראל.

די וואָס שטרייכן אונטער דעם גרויסן פאַרנעם פון די קולטור־ווערטן, פונעם לעבנס־שטייגער און פון דער יידישער פערזענלעכקייט וואָס דער גלות האָט געשאַפן וואָלטן געדאַרפט צוגעבן נאָך אַ וויכטיקן מאָמענט. אין גלות, אין אַלע אונדזערע גלותן און וואַנדערונגען, איז יידישער קיום גופא געוואָרן אַן אָנשפּאַר־פּונקט פאַר דער גאַנצער קאָמפּליצירטער סיסטעם פון דער יידישער אמונה. ישראל האָט זיך דערהויבן פונעם קאָנקרעטן, לאָקאַ־ליזירטן, דאָאיקן פאָלק צו דער מדרגה פון אַ פאַראַנענדיקער רעאַליטעט וואָס פילט אָן מיט דערהויבנקייט דאָס גאַנצע לעבן. די דאָזיקע אַנטוויקלונג איז חל אויף יעדער נאַציאָנאַלער קולטור־פערזענלעכקייט, און דאָך איז ביי יידן עפּעס אַנדערש.

אַ פאָלק, אין די גרענעצן פון אייגענעם לאַנד, קען זיין אונטערגעוואָרפן די מוראדיקסטע טראַגעדיעס. אָבער די מורא פאַרן קיום, און דאָס באַוואוסט־זיניקע רייסן זיך דעם קיום אָנצוהאַלטן, אַנטשטייט פּשוט ניט אונטער אַזעלכע באַדינגונגען. פאַראַן אַזעלכע וואָס קענען ממש ניט סובל זיין ווען מען זוכט אַ באַרעכטיקונג פאַר יידישן קיום. זיי לייגן דעם טראָפּ אויף קיום אָן אַ תנאי; זיי זענען זיך סומך אויף אונדזערע פריערדיקע גדולים וואָס האָבן אויך קיין תנאים ניט געשטעלט, אָבער זיי פאַרגעסן אַז „אָן אַ תנאי" איז אויך אַ תירוץ אויף אַ קשיה וואָס איז געשטעלט געוואָרן און אויף וועלכן קיין ראַציאָנאַלן תירוץ מספּיק האָבן זיי ניט געפונען. פאַר די פעלקער צווישן וועלכע מיר לעבן איז אַ סך כאַראַקטעריסטישער צו לעבן אָן אַ תנאי, אָבער זיי פאַלט עס ניט איין, ווייל זיי ווערט די פראַגע ניט געשטעלט, ניט פון דרויסן, ניט פון אינעווייניק.

כאָטש דער גלות האָט אַרויסגעוויזן ריזיקע כוחות פאַר גייסטיקן וואוקס, איז אָבער זיין שווערסטע שטראָף געלעגן אין די שטענדיקע סכנות אַז די עצם גאַנצקייט פון אויפגעבויטן לעבן זאָל צעבראָכן ווערן. ממילא, וואָסערע גייסטיקע און סאָציאַלע פּראָבלעמען די יידישע אמונה זאָל ניט זוכן צו פאַרענטפערן קען זי, אין גלות־באַדינגונגען, זיך בלויז שטיצן אויף אַן ערשטן אני מאמין, אויף יידישן קיום, פון וועלכן דער משיח־גלויבן איז געווען אַזאַ דירעקטער, רירנדיקער אויסדרוק. די לויערנדיקע סכנות וואָס רינגלען אַרום דאָס יידישע זיין — אַ פיינלעכע געשעעניש אין אונדזער געפילטער רעאַליטעט

— פאַרשטאַרקן נאָך מער אין אונדזער פסיכיק דעם דינאַמישן עלעמענט פון זאָל זיין, דאַרף זיין, מוז זיין. זי ווערט דורכגענומען מיטן זאַפט פון גלויבן אינעם ווערט, אינעם זינען פון אַזאַ קיום, אַפילו קיין לאָגישע באַרעכ־טיקונג ווערט ניט געזוכט, אָדער קען ניט פאָרמולירט ווערן. דאָס איז אַ פסיכישע ספערע וואָס שטייגט אַריבער די גרענעצן פון דער ממשלה פונעם אַרטיקולירטן וואָרט.

פילאָסאָפיש־אומגלויביקע יידן, וואָס די זאָרג פאַר אונדזער קיום ליגט זיי טיף אין די ביינער, פאַרוויקלען זיך מיט אָט דער זאָרג אין אַ סתירה פון וועלכער עס איז פאַרן קאַלטן שכל קיין אויסוועג ניטאָ. אין יידישן פוילן, זכר צדיק לברכה, זענען געווען צווישן אונדז אַזעלכע וואָס האָבן מיט רוגזה אָפּגעוואָרפן יעדע יידישע טראַדיציע, חוץ שפּראַך, און דאָך האָבן זיי רק געזוכט צו פאַרשעמען מיטן וואָרט „שמענדריקעס" יענע וואָס האָבן אויך אין שפּראַך און געזעלשאַפט זיך געוואָלט אָוועקרייסן פון דער יידישער עדה. על פי שכל איז דאָס ניט צו פאַרשטיין. זיכער איז באַקוועמער צו זיין שפּראַכלעך, שטייגעריש און געזעלשאַפטלעך מיטן הערשנדיקן פאָלק. פון שטאַנדפּונקט פון קאַלטן, אומגלויביקן שכל, פאַרוואָס זאָל מען אַזעלכע מענטשן אַרויסשטעלן לחרפּה?

ווייזט אויס אַז יעדער ייד וואָס לעבט אינעווייניק בויגט איין, ניט וויסנ־דיק, זיין קאָפּ מיט הכנעה ווען ער ווערט געטריבן פונעם גלויבן אין יידישן קיום. ער וועט זיך אפשר גלעטן מיט די אידעאַלן פון די נביאים, מיט דער גרויסקייט פון דער יידישער קולטור, הגם עס איז קלאָר אַז ער איז געטריבן געוואָרן אין דער זעלביקער ריכטונג נאָך איידער די דאָזיקע רעיונות האָבן זיך אַנטפּלעקט אין זיין באַוואוסטזיין. ווי זאָגט אהרן צייטלין:

וואָס ווייטער אין וואַלד פון די יאָרן,
אַלץ קירצער דער וועג צו די אבות.
מעגסט טענהן: איך וויל אייך ניט קענען,
זיי קומען, זיי נעמען דיך מיט.

(1949)

# אַ יידישער מאָנאָלאָג

טיילמאָל דאַכט זיך מיר, אַז ווען איך וואָלט קיין ייד ניט געווען, אָדער אַזאַ ייד ווי איך בין, וואָלט מיר אַ סך לייכטער אָנגעקומען צו פאַרזען אָדער פאַרקוקן אַ צאָל אַנטפּלעקטע פאַרבאָרגענישן אינעם אוניווערס און צוליב דעם וואָלט איך זיך לייכטער געקענט באַגיין אָן גאָט. אויב אָבער דאָס איז ניט אַזוי, אויב אָן דער גאָט־אידייע ווערט מיר צו שווער פאַרן שכל און צו אומעטיק אויפן האַרצן, האָב איך אַ חשד אַז דאָס נעמט זיך פון אַ טרייבנדיקן רייץ וואָס דער ייד אין מיר לאָזט ניט איינשטילן.

מיר מעגן שטאַרק באַדויערן וואָס כמעט אַלע פּאָפּולערע וויכוחים אַרום דער גאָט־אידייע האַלטן זיך אויף דער פּרימיטיווער מדרגה פון נאַאיווער מיטאָלאָגיע. דאָס איז אויך צו פאַרשטיין. געוויינטלעך מאַכן מיר אונדזער ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט גאָט אין די יינגסטע יאָרן פון דער קינדהייט. אין יענעם עלטער, און אַ היפּשע צאָל יאָרן נאָך דעם, קען גאָט אויפגענומען ווערן בלויז אין נאַאיווע אַנטראָפּאָמאָרפישע טערמינען. איך האָב געלייענט וועגן אַ קינד פון פינף יאָר וואָס האָט אין דער געהעריקער פּאָזע מתפּלל געווען צו גאָט פאַרן שלאָף. אין מיטן דער תפילה האָט זיך, מעשה שטן, דאָס קינד צעניסט. האָט עס אָפּגעשטעלט די הייליקע ווערטער, אויפגעהויבן די אויגן אין דער הויך און אויסגערופן: „עקסקיוז מי מיסטער גאָד".

דער דאָזיקער „מיסטער גאָט" איז נאַטירלעך ניט דער זעלביקער גאָט וואָס „מיט זיין כבוד איז פול די וועלט", וואָרעם צו אַזאַ גאָט דאַרף מען דאָך ניט אויפהויבן די אויגן, ווייל ער איז אונטן פונקט ווי אויבן. דער „מיסטער גאָט" איז, פאַרשטייט זיך, אויך הימל־ווייט פונעם גאָט וואָס דער מחבר פון „יגדל" האָט זיך אויסגעמאָלן, אַז „ער האָט ניט דאָס געשטאַלט פון אַ גוף און איז ניט קיין גוף". וואָרעם אָן אַ גוף איז שווער צו זאָגן צי דאָס איז אַ „מיסטער" אָדער אַ „מיסעס". די מיטאָלאָגישע נאַאיווקייט העלפט זיך אַ סך אַרויס מיט אַזעלכע פּראָנאָמען ווי „ער" אָדער „אים". וואָרעם די דאָזיקע ווערטער ווערן אָנגעווענדט אויף אַן אָרגאַניזם וואָס פאַרנעמט אַ באַשטימטן פּלאַץ אין רוים, אָבער דאָס קען דאָך ניט געזאָגט ווערן וועגן אַ גאָט וואָס איז אומענדלעך. דאָס זעלביקע איז מיט צייט. דער וואָס האָט אויסגעמאָלן אין זיין פאַנטאַזיע אַז ביי גאָט איז טויזנט יאָר איין טאָג, האָט מסתמא געמיינט אַז דערמיט מאַכט עס גאָט געטלעכער, אין דער אמתן מאַכט ער אים דערמיט פאַר אַ מענטשן, כאָטש פון אַן אומגעוויינטלעכן מין. וואָרעם אויב גאָט איז אייביק — און אַנדערש האָט דאָך דער גאָט־באַגריף קיין זינען ניט — דעמאָלט קען מען ניט באַשרייבן זיין עקזיסטענץ אין טערמינען פון צייט, אַפילו פון די גרעסטע צייט־אָפּשניטן.

מיר ווייסן אַז „די תורה רעדט אינעם לשון פון מענטשן", און דאָס מיטאָלאָגישע באַוואוסטזיין באַנוצט זיך מיט שפּראַך צו פּאַרמענטשלעכן אַלץ אין דער וועלט. ממילא איז קיין חידוש ניט וואָס דער פּאָפּולערער גאָט איז אַזוי פאַרמענטשלעכט אַז ער האָט שוין באַלד קיין געטלעכן טראָפּן בלוט ניט אין זיך. די גאָט־וויכוחים, צי עס איז יאָ דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט אָדער ניט, דרייען זיך דעמאָלט אַרום אַ באַשעפעניש, אַ שטאַרק פאַר־גרעסערטן מענטשן, וואָס וואוינט נאָטירלעך העכער פון אונדז אַלעמען, אין העכסטן הימלישן „פּענט־האַוס", און מייסטערט איבער דער וועלט. מיט אַזאַ מין גאָט איז אָפּט זיך באמת אָנגענעם צו פאַרשפּילן, צו באַטראַכטן די פּאָעטישע מעדאַלן אויף זיין ברוסט און הנאה האָבן פון דער לויטערקייט וואָס שטראַלט אַרויס פון זיינע אויגן. אַנדערש זעט אויס די גאָט־פּראָבלעם אין טיפערן דמיון.

סוף כל סוף רעדוצירט זיך אַלץ צום פּרינציפּ לויט וועלכן דער אוניווערס אָפּערירט. זענען די דאָזיקע אָפּעראַציעס געבויט אויפן פּרינציפּ פון מעכאַ־נישער אָדער בכלל סיבהדיקער נויטווענדיקייט, אָדער ווערט דער גאַנג פונעם אוניווערס באַשטימט אויך פון עפּעס אַ כוונה, אַ ריכטונג וואָס פירט צו אַ באַשטימטן ציל? דער חילוק צווישן די צוויי איז פּשוט בתכלית הפשטות. דער געדאַנק פון נויטווענדיקייט איז אונדז פון לאַנג באַקאַנט ווי דאָס געזעץ פון סיבה און פּועל יוצא. ווען די טעמפּעראַטור פאַלט ווערט פון וואַסער אייז. ווען די טעמפּעראַטור הייבט זיך ווערט פון וואַסער פּאַרע. אויב, הייסט עס, עס קומט פאַר אַלף מוז נויטווענדיק אויך פאַרקומען בית. די אַרבעט פון אָט דעם אַלף־בית פּראָצעס באַגעגענען מיר אויף שריט און טריט. אין דאָזיקן טיפּ פאַרבינדונג צווישן איין געשעעניש און דער צווייטער — לאָמיר זאָגן, צווישן טעמפּעראַטור און וואַסער — איז ניטאָ קיין ברירה, קיין ברעקל פרייהייט, דער פּועל יוצא ווערט באַשטימט פון דער סיבה, און דאָס איז אַלעמאָל אַזוי, אומעטום אַזוי, אויף וויפל מיר קענען עס דערגיין.

איך וואָלט געקענט ברענגען אַן אַנדערביישפּיל פון אלף־בית, איך וואָלט, למשל, געקענט זאָגן אַז אויב עמעצער באַליידיקט מיך ווער איך בייז. אויך דאָ איז פאַראַן אַן אַלף, באַליידיקן, וואָס פירט צו אַ בית, כעס. אָבער דאָ, וואָלטן מיר אַלע געזאָגט, אַז דער משל הינקט אַביסל אונטער. עס איז לאו דווקא אַז אין דאָזיקן ספּעציפישן פאַל זאָל אַלף פירן צו בית. ווען עמעצער באַליידיקט מיך קען מיין ענטפער גיין אין אַ סך ריכטונגען: איך קען עס איגנאָרירן, איך קען עס אויפנעמען ווי עפּעס וואָס איז קאָמיש, איך קען ווערן קריסטלעך־מאָראַליש און אויסשטעלן די לינקע באַק, איך קען מיטן כוח פון מיין ווילן זיך באַהערשן און פאַרשווייגן דעם אינצידענט. ס׳ווייזט אויס אַז ווען ס׳קומט צו מענטשן איז שוין נישטאָ אַזאַ מעכאַנישער מוז ווי ביי טעמפּעראַטור און וואַסער.

למען האמת דאַרף מען צוגעבן אַז די וואָס האַלטן זיך דורכויס בײַם פּרינציפּ פון סיבה׳דיקער נויטווענדיקייט לייקענען אַז אין פריערדיקן בײַשפּיל פון מענטשן מאַניפעסטירט זיך אַ מענטשלעכע פרייע ברירה. ווי אַ מענטש זאָל ניט ענטפערן אויף אַזאַ אינצידענט, זאָגט די דאָזיקע מיינונג, האָט ער העכסטנס די אילוזיע אַז ער איז פריי צו טאָן וואָס ער וויל, אין דער אמתן טוט ער סיי ווי דאָס וואָס גאַנץ באַשטימטע סיבות טרייבן אים דערצו. בקיצור, אויך אַ מענטש איז אונטערגעוואָרפן דעם געזעץ פון טעמפּעראַטור און וואַסער, ער אַרבעט לויטן אלף־בית טיפּ. טייל דענקער נעמען אָן מיט דער פולסטער זיכערקייט אָט די טעאָריע.

וועגן דעם איז דורכויס נייטיק צו זאָגן אַז די דאָזיקע השערה איז אַ באַרעכטיקטע ווי אַלע השערות, אָבער קיינער האָט זי קיינמאָל ניט באַוויזן. נאָך ערגער איז דאָס וואָס קיינער האָט נאָך דערווייל ניט באַוויזן די סיבות פון דעם פאַרוואָס מענטשן האָבן די אילוזיע פון אינערלעכער פרייהייט, פון אָפּעררן ניט לויט מעכאַנישע פּראָצעסן פון אַלף־בית נאָר לויטן פּלאַן וואָס באַשטימטע כוונות שטעלן אויס.

אמת, קיין אַבסאָלוט־באַוויזענע ראיות פאַר דער צווייטער הנחה זענען אויך ניטאָ. אין אַזאַ פאַל דאַרף אָביעקטיווע וויסנשאַפט פּסקענען אַז מיר מעגן זיך אויסקלייבן וואָסער השערה איז נעענטער צום האַרצן, ווי מען זאָגט. אָבער דאָ דאַרף מען זיך היטן פון דאָגמעס וואָס לויערן אויף בײדע צדדים. וויסנשאַפט מוז על פּי נויט זיין געבויט אויף אַן אוניווערס וואָס פירט זיך לויטן טיפּ אלף־בית. אַנדערש איז וויסנשאַפט פּשוט ניט מעגלעך. ממילא קומט אויס אַז אַן אוניווערס וואָס איז געבויט אויפן פּרינציפּ פון כוונה פאַלט אַרויס אין גאַנצן פונעם וויסנשאַפטלערס רשות. קען ער צוליב דעם ווערן אַ דאָגמאַטישער פּאַרטייאישער פונעם געדאַנק אַז דער אַלף־בית פּרינציפּ באַהערשט די גאַנצע עקזיסטענץ. ער ווערט אַ מין דאָגמאַטיקער אויס פּראָפעסיע. ער קען אויך ווערן אַ שקלאַף פון זיין דאָגמע אויס טעמפּעראַמענט. דער טיפּ אַלף־בית איז פון אַזאַ סאָרט אַז ער גיט דאָס געפיל פון אַבסאָלוטער זיכערקייט מיט דער גאַנצער רעאַליטעט, אויב סיבה און פּועל יוצא זענען דער כאַראַקטער פונעם אופן אויף וועלכן זי אָפּערירט.

פון דער אַנדער זייט איז אויך מעגלעך אַ דאָגמאַטישע איינגעשפּאַרטקייט בײַם צד וואָס האַלט פונעם כוונה־פּרינציפּ. עס איז ליבער און וואַרעמער צו לעבן אין אַן אוניווערס וואָס וויל עפּעס, וואָס צילט צו עפּעס, וואָס איז עפּעס מכוון, דער עיקר ווען די כוונה ליגט אויף דער ליניע פון אונדזערע אייגענע מאָראַלע ווערטן. ממילא איז מעגלעך אַז דאָס אָננעמען אַזאַ הנחה נעמט זיך ניט פון טיפערן איינזען, פון אַרומכאַפּן די טאָטאַליטעט פון אונדזער אינערלעכער דערפאַרונג, נאָר פּשוט פון וועלן באַפאַרבן די רעאַליטעט מיט די קאָלירן פון די אייגענע פאַרלאַנגען און איבערלעבונגען. ווען מען דערמאָנט זיך אַז וויסנ־

שאַפּט האָט צו טאָן, מוז האָבן צו טאָן, מיט אַ וועלט אָן קוואַליטעטן ווערט נאָך שטאַרקער דער יצר הרע צו לעבן אין אַ וועלט מיט כוונות. וואָרעם פאַרב, קלאַנג, טעם, ריח, זינען, ווערט, דאָס זענען אַלץ דערפאַרונגען צו וועלכער די וויסנשאַפטלעכע אָפּעראַציעס קענען קיין שייכות ניט האָבן. וויסנשאַפט האָט צו טאָן מיט קוואַנטיטעט, מיט צאָל. קוואַליטעטן ליגן אין אונדז. ליגן זיי טאַקע בלויז אין אונדזער מענטשלעכער פּסיכיק? איז די וועלט אין דרויסן אַזאַ וואָס די קוואַליטעטן האָבן גאָר צו איר קיין שייכות ניט? ווי אומהיימלעך עס איז צו לעבן אין אַזאַ וועלט. איז דאָך מעגלעך מען זאָל וועלן דאָגמאַטיש בייטן די וועלט כדי זי צו דערנענטערן צו די אייגענע פאַרלאַנגען.

אַזוי ווי מענטשלעך לעבן באַשטייט פון אַביסעלע אַהין און אַביסעלע אַהער איז זייער נאַטירלעך אונדזער נייגונג צו מאַכן פשרות. לאָזט זיך אפשר זאָגן אַז דער אוניווערס איז אויך אַביסל אַהין און אַביסל אַהער, ער איז, הייסט עס, צעטיילט אויף צוויי מלוכות, אין איינער הערשט שטרענגע סיבהדיקע נויט־ווענדיקייט, אלף־בית, און די צווייטע פירט זיך לויט אַן אינערלעכן זינען, כוונות, צילן, ווערטן.

פאַראַן געענוג אָנהענגער פון דער דאָזיקער שיטה, אָבער דאָס איז אויך ניט קיין גרינגער אויסוועג. דער שכל רעוואָלטירט ממש קעגן אַזאַ טיפער צעשפּאָלטנקייט אַז די גאַנצע רעאַליטעט זאָל געפירט ווערן פון צוויי באַזונדערע פּרינציפּן צווישן וועלכע עס זעט ניט אויס צו זיין קיין אינערלעכע האַרמאָניע. אַי מען זעט דאָך באַשיינפּערלעך ווי טעמפּעראַטור ווירקט אויף וואַסער אַלעמאָל, אומעטום, אָן שום יוצא מן הכלל, אָן שום פרייער ברירה, איז דערויף אויך דאָ אַ תירוץ. לעולם טאַקע איז אפשר אַלץ אין דער וועלט לויטער ציל און כוונה, און דער טיפּ אַלף־בית איז אַן אָפּנאַרערישע אויבנאויפיקע דערשיינונג. ווען טעמפּעראַטור גיט זיך אַ נעם צו וואַסער זענען דאָרט פאַרוויקלט גוואַלטיק קאָמפּליצירטע פּראָצעסן. עס קומען מסתמא פאָר מיליאָנען סוב־מיקראָסקאָפּישע ענדערונגען וואָס האָבן צו טאָן מיט דער אינערלעכער אַטאָמישער וועלט צו וועלכע אונדזערע חושים האָבן ווייניק שאַנסן צוצוקומען. איז דאָך מעגלעך אַז דאָס געזעץ פון סיבה און פועל יוצא, אפילו אין דער פיזישער וועלט, הענגט אָפּ פון טיפערע ניט־געזעענע פּראָצעסן וואו דאָס דאָזיקע געזעץ איז ניט קיין אַבסאָלוטער דיקטאַטאָר.

דאָס איז ניט קיין אויסגעטראַכטע השערה סתם אין דער וועלט אַריין. מיר האָבן אויך אַ ראיה לדבר. מיר ווייסן אַז לויט די מאַטעמאַטישע חשבונות פון גרויסע טעאָרעטישע פיזיקער זעט עס אויס אַז אין דער סוב־אַטאָמישער וועלט הערשט ניט קיין שטרענגע סיבה־דיקע נויטווענדיקייט, אַז ס'איז דאָרט פאַראַן מער פרייהייט און ברירה. אמת, פאַראַן אַנדערע פיזיקער, פּונקט אַזעלכע קאָמפּעטענטע, וואָס זענען ניט מסכים מיט אַזאַ מיינונג. הייסט עס, אַז מיר זענען שוין ווידער פריי אויסצוקלייבן צווישן קאַלטע און בלינדע

געזעצן און געצילטער כוונה ווי אַזעלכע וואָס רעגולירן דעם גאַנג פון גע־שעענישן אינעם אוניווערס.

ווען איך שטיי פאַר אַזאַ פלוגתא פרעג איך ביי זיך: וואָסער צוגאַנג וואָלט איך אויסגעקליבן פאַר זיך אַליין ווען קיין איינער פון די צוויי צדדים וואָלט ניט אָנגעווענדט קיין ספעציעלן דרוק אויף מיר? קענענדיק זיך, זאָגט מיר דאָס האַרץ אַז איך וואָלט בלי ספק אויסגעקליבן דעם פרינציפ פון אלף־בית, פון אַ נויטווענדיקייט וואָס איז געבויט אויף סיבה און פועל יוצא. לאָגיק און מאַטעמאַטיק האָבן פאַר מיר תמיד געהאַט אַ כישופדיקן רייץ, ספעציעל דאָרט וואו עס איז פאַראַן בלויז איין איינציקער וועג צו וועלכן עס פירן אַלע פריער־דיקע פראָצעסן מיט אייזערנער נויטווענדיקייט. ניט געקוקט אויף אַלע פאַלן וואו דער שכל איז זייער אַ פאַלשער עצה־געבער און די חושים — וואָס אויף זייערע גביות עדות זענען די שכלדיקע ראיות געבויט — זענען פאַררעטעריש אומגעטריי צו דער רעאַליטעט, האָבן מיר פונדעסטוועגן אַ געפיל אַז דער פסק־דין פונעם שכל איז דער זיכערסטער כוח אויף וואָס זיך אָנצושפאַרן.

פאַראַן מענטשן וואָס זייער סאַמע העכסטע תאווה איז צו דערגרייכן גע־שטעלטע אַמביציעס. פאַראַן אויך אַנדערע וואָס קענען געפינען אינערלעכע רו בלויז אין אַ וועלט וואָס טראָגט אויף זיך די חתימה „גלאַט־כשר" פון שטאַנד־פונקט פון קלאָרער, אומגעפעלשטער זיכערקייט. איך ווייס אַז איך געהער צו דער לעצטער קאַטעגאָריע. איך ווייס אַז אַן אָפיציעלער זיגל וואָס זאָגט אָן און שטעלט פעסט און באַשטעטיקט, האָט פאַר מיר אַ ווערט אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ שליחות צו מיר פערזענלעך דירעקט פון דער אָביעקטיווער רעאַלי־טעט גופא. איך פיל אין דעם אַזאַ ווערט, כאָטש שטילערהייט, ווען איך באַ־האַלט זיך אַ רגע פון זיך אַליין, זאָגט מיר אַ העכערער שכל אַז אין אונדזער ערדיש־מענטשלעכער וועלט איז דער דאָזיקער סאָרט זיכערקייט די שיכרות פון ניכטערקייט.

איך ווייס אָבער אויך אַז קיין אַנדער עצה איז ניטאָ, גיב איך זיך איבער דעם חן פון דער ראַציאָנאַליסטישער תאווה און דרימל איין מיטן געפיל אַז קיין אומגעריכטע קאָשמאַרן וועלן מיין זיסן שלאָף ניט שטערן. וואָלט איך אייגנטלעך, לויט מיין טבע, געדאַרפט אויסקלייבן דאָס געזעץ פון סיבה׳דיקער נויטווענדיקייט און אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ. אין אַזאַ וועלט וואָלט מיין וואוינאָרט געקענט ווערן מיין שטענדיקע היים אָפּצולעבן די יאָרן אין עושר און אין כבוד און אָן שום זאָרג.

מיר איז דאָס אָבער ניט באַשערט געווען. האָט זיך אַריינגעמישט עמעצער אין אַ געוויסן זינען אַ זייטיקער, און גענומען אַראָפּשווערן אַלץ מער די וואָג־שאָל אויף דער זייט פון כוונה, ציל, זינען, ווערט. טיילמאָל דאַכט זיך מיר אַזוי ווי דער עמעצער וואָלט געביטן די רעלסן פון מיין טבע. ווער איז דאָס געווען? איצט ווייס איך שוין, דאָס איז געווען דער ייד אין מיר. איך פיל ממש בחוש

ווי דער ייד אין מיר צווינגט אויף מיר אַרויף אַ באַשטימטן בליק אויפן סאַמע כאַראַקטער פונעם אוניווערס. אָבער שמועסנדיק דאָס אייגענע ווידער צוריק, אפשר איז טאַקע דער ייד אין מיר געדעכט?

וואו אייגנטלעך ליגט דער רייץ וואָס יידישקייט האָט פאַר מיר? וואָס איז די סיבה פון דער מיטרייסנדיקער קוואַליטעט וואָס איך פיל אין מיין פאַר־בונדנקייט מיט יידן? זיכער ניט צוליב דעם וואָס יידישקייט דריקט אויס מער אמת ווי ניט־יידישקייט. ראשית, פיל איך בשום אופן ניט אַז דער חילוק צווישן די צוויי ליגט אויף דער ליניע פון אמת און ניט־אמת. והשנית, וואָס דאָס איז נאָך פונדאַמענטאַלער, דער רייץ וואָס יידישקייט האָט פאַר מיר פאַר־שאַפט ניט קיין אינטעלעקטועלע הנאה, וואָס האָט אַ גאַנץ באַשטימטע קוואַלי־טעט, נאָר עפּעס אַ באַפרידיקונג פון גאָר אַן אַנדער סאָרט, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ מין מיטאָטעמען אין פולער האַרמאָניע מיט עפּעס אַ פּולס אין קאָסמישן געשען.

ווען מען קוקט אויף דעם דורך די ברילן פונעם אַלף־בית טיפּ איז נאָך שווערער צו פאַרשטיין די פאַרבונדנקייט מיט יידן. אָט גיי איך אַרום אינוויי־ניק און אין דרויסן פון פאַרשידענע ווינקלען פון דער שטאָט. איך זע יידן אויף טריט און שריט. טייל פון זיי זענען גאַנץ סימפּאַטישע מענטשן, אַנדערע מאַכן זייער אַ ווידערוויליקן איינדרוק, אַלץ ווי צווישן מענטשן בכלל. און דאָך, פאַרוואָס פיל איך אַז עס וואָלט מיר געווען אַזוי שווער צו לעבן אָן יידן? טיילמאָל באַגעגן איך יידן וואָס זענען מיר אַזוי ווייט, אַזוי פרעמד, אַפילו אָפּשטויסיק, אַז איך אַנטלויף פון זיי אויס מורא אַז איך קען נאָך, זייענדיק צווישן יידן, חס ושלום בלייבן אָן יידן. איך זונדער זיך אָפּ פון פיזישן באַריר מיט יידן, כדי איך זאָל אין מיין אַליינקייט קענען זיין פּסיכיש צוזאַמען מיט יידן. אַפילו דער הוילער קלאַנג „יידן" האָט עפּעס אַזאַ דורכנעמענדיקן כוח צו פאַרווייכן דאָס געמיט.

צוזאַמען מיט מיינע רעאַליסטיש־ניכטערע פריינד וועל איך זיכער ניט לייקענען אַז דאָס האָט צו טאָן מיט מיין יידישער דערציאונג. וואָלט איך געבוירן געוואָרן אַן עסקימאָ, וואָלט איך זיכער אַזאַ באַציאונג צו יידן און יידישקייט ניט געהאַט, אַ סימן אַז דאָס איז ניט עפּעס וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן משֵשת ימי בראשית. אָבער עס זענען אַלץ פאַראַן שווערע פלעקן אויף דער דאָזיקער אַרגומענטאַציע. דער עיקר באַשטייט אין דעם וואָס מיין איצטי־קער בליק אויף יידישקייט און דער יידישער טראַדיציע איז ווייט כרחוק מזרח ממערב פון דעם וואָס מיין יידישע דערציאונג האָט אין מיר איינגע־וואָרצלט. ווען איך זאָג אַז דער חילוק צווישן יידישקייט און ניט־יידישקייט ליגט ניט אויף דער ליניע פון אמת און ניט־אמת, וואָלטן מיינע אַמאָליקע רביים דאָס אויסגעטייטשט אַז איך האָב אָפּגעוואָרפן אַן עיקר פון דעם וואָס זיי

האָבן זיך באַמיט אין מיר איינצופלאַנצן. היינט אויב איך האָב אָפּגעוואָרפן אַן עיקר פון דער סיבה טאָ אויף וואָס האַלט זיך דער עיקר פונעם פועל־יוצא?

טייל ראַציאָנאַליסטן ווילן זיך מאַכן לייכט דאָס געמיט מיט דער טענה אַז דאָס איז ניט בלויז ביי יידן, עס איז אמת ביי אַלע, אַלע פעלקער. אָבער פון דעם איז בלויז געדרונגען אַז דער חשד פון אַ געפּלאַנטער כוונה נעמט אַרום דאָס גאַנצע סאָציאַלע לעבן, נאָך זיכערער ווי די גאַנצע אומאָרגאַנישע עקזיסטענץ וועגן וועלכער מיר האָבן פריער גערעדט.

פונדעסטוועגן בין איך נאָך אַלץ נוטה שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק אַז יידן — דאָ האָב איך בלויז אין זינען יידן אין גלות — זענען פאָרט עפּעס אַנדערש. מען קען, למשל, ניט פרעגן ביי די עטלעכע הונדערט טויזנט לוקסעמבורגער פאַרוואָס זיי האָבן אין זינען אין זייער סאָציאַלער טעטיקייט דער עיקר די לוקסעמבורגער און ניט די גאַנצער מענטשהייט. זיי האָבן טאַקע אין זינען אַלע מענטשן, אָבער „אַלע מענטשן" וואָס די גרענעצן פון זייער לאַנד האַלטן צונויף פּאָליטיש, עקאָנאָמיש און קולטורעל, זענען לוקסעמבורגער. ביי די מיליאָנען יידן אין גלות קען מען שוין יאָ פרעגן אַזאַ פראַגע, און דער סוף קען זיין אַז זיך אידענטיפיצירן מיט מיליאָנען, ווי ביי יידן, קען באַצייכנט ווערן ווי זיך אָפּזונדערן פון דער וועלט, בעת אָנגעהעריקייט צו עטלעכע הונדערט טויזנט, ווי ביי די לוקסעמבורגער, וועט דעמאָלט הייסן אידענטיפיקאַציע מיט דער גאַנצער מענטשהייט.

מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, אָבער עס שטרייכט אונטער מיט אַלע אַקצענטן די באַזונדערע שטרויכלונגען וואָס יידן דאַרפן בייקומען פריי צו האַלטן די ברירה וואָס עפנט דעם וועג צו יידן און יידישקייט. אין דער איצטיקער וועלט זענען פאַראַן גרעסערע מעגלעכקייטן און סטימולירנדיקע כוחות וואָס בעטן ממש זיך צו פאַרלירן אין דער מאָראַלישזיסער אילוזיע פון מענטשהייט בכלל. די שטרויכלונגען זענען אַזוי גרויס און בייצוקומען זיי אַזוי שווער, אַז כדי זיך צו מאַכן לייכטער אויף דער וואָג רייסן יידן אַרויס אַ סך פון זייער אינערלעכער לאַנדשאַפט, אָפט גאַנצע ביימער מיט וואָרצלען צוזאַמען. אָבער נאָך דעם אַלעם טרעפן מיר אָפט דעם וואונדער איבער וואונדער אַז עס בלייבט נאָך אַלץ איבער עפּעס אַזוינס וואָס מען קען ניט צושרייבן צו קיין שום סיבה הינטער זיך נאָר גיכער צו עפּעס אַ ציל, אַ כוונה, אַ ליכט פון טיפערן זינען און העכערן ווערט, וואָס שיינט פאָרויס.

וויסנשאַפט, ווי מיר ווייסן, האָט צו טאָן מיט באַשרייבן און דערקלערן דאָס וואָס איז. אמת, אויך די וויסנשאַפטלעכע אונטערנעמונג מוז זיך דאָך אָנהייבן מיט אַ „דאַרף זיין", ניט מיט אַן „איז", וואָרעם מען דאַרף דאָך האָבן אַ מאָטיוו, אַן אָנרעגונג, אַ שטויס, אַז אַזוי דאַרף זיין, אַז עס איז גוט און פּאַסיק פאַר דער חשיבות פון אַ מענטשן זיך צו באַמיען לטובת אַזעלכע צוועקן. ממילא האָבען מיר אין וויסנשאַפט אַ לאַגע וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ „דאַרף זיין" און

פירט דערצו מען זאָל זיך קאָנצענטרירן אויף דער עקזיסטירנדיקער סיטואַ־ציע, אויף דעם „איז".

ביי יידישקייט איז פאַרקערט; איך היב אָן מיט אַ פּאַקטישער לאַגע, אַן „איז" — איך בין אַ ייד — אָבער אין אַלע ווייטערדיקע שטרויכלונגען וואָס איך באַגעגען און דאַרף בייקומען ווער איך דורכגענומען פון אַ „דאַרף זיין", אַ מוז, אַ חוב. די אימפּליקאַציע פונם דאָזיקן פּאַקט איז אַז אויף יענער זייט גרענעץ פונעם ענגן פּערזענלעכן איך איז פאַראַן אַ קוואַל וואָס פון אים קומט צו אונדז דאָס באַוואוסטזיין פון התחייבותן און אַ באַפעלערישער אָנווייז אויפן ריכטיקן וועג וואָס אַ מענטש אין מיין איצטיקן פאַל, אַ יידישער מענטש — דאַרף פאַר זיך אויסקלייבן.

עס איז אַ פאַרגעניגן צו טראַכטן אין דער פאָרם פון אַ בילדלעכער ציי־כענונג. איך בין אַמאָל געשטאַנען מיט אַ וואָגשאָל אין דער האַנט און מיט גרויס אָפּגעהיטקייט געוואויגן, איינעם אַנטקעגן דעם אַנדערן, צוויי פאַרשיי־דענע אָבערביידע מעגלעכע, כוחות וואָס רעגולירן דעם גאַנג פונעם אוניווערס: אויף איין זייט, סיבה און פּועל יוצא; אויף דער אַנדערער, ציל און כוונה. מיין אויג האָט אויף קיין רגע ניט אָפּגעלאָזט די באַוועגונגען פונעם צינגל און שטי־לערהייט צוגעגעבן קוראַזש דעם כוח פון סיבה׳דיקער נויטווענדיקייט, פון אלף־בית, געהאָפט אַז ער וועט אַריבערוועגן. ווי גוט עס איז זיך צו פילן איז די הענט פון אייביקע געזעצן, אָן קאַפּריזן און מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט פאַר־אויסצוזען און קאָנטראָלירן אַלע געשעענישן פון מאָרגן־איבערמאָרגן. די שאָלן פון דער וואָג האָבן זיך אויפגעהערט וויגן און מיין אויג האָט געקוקט זייער אָנגעשטרענגט.

אָבער אומבאַמערקלעך האָט עפּעס געטראָפן. אַ טראָפּן ייד וואָס איז געלעגן אין זעלביקן אויג איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער שאָל פון ציל און כוונה. די גלייכוואָג איז צעשטערט געוואָרן; דער צווייטער כוח האָט אַריבערגע־וואויגן. אָט אַזוי האָב איך ביסלעכווייז געגומען דערקענען אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט.

(1954)

# וועגן מזל

ווען דער רעדנער האָט אָנגעוויזן אויף עפּעס אַ צרה ביי יידן האָט ער עס באַשטעטיקט מיטן באַקאַנטן מאמר: „אין מזל לישראל", יידן, הייסט עס, האָבן קיין מזל ניט. אין דער רגע האָט זיך עמעצער פונעם עולם אַריבער־געבויגן צו מיר און מיר איינגערוימט אין אויער אַריין: „דאָס וואָרט מזל אין דער גמרא האָט גאָר אַן אַנדער טייטש ווי עס האָט היינט אין יידיש" דאָס איז ריכטיק. אַמאָל האָט מען געגלויבט אַז דער גורל פון מענטשן און פעלקער ווערט באַשטימט פון די שטערן־קאָנסטילאַציעס. אָט דאָס איז דער טייטש פון מזל, מזלות. דערויף זאָגט די גמרא אַז יידישער גורל הענגט ניט אָפּ פונעם אויסלייג פון די שטערן. לויט דעם קומט אויס אַז יידן זענען העכער, דער היפּוך פון דעם וואָס דער רעדנער האָט געוואָלט אַרויסברענגען.

ווייזט אויס אַז דער טייטש פון ווערטער בייט זיך אויף פאַרשיידענע אופנים, און דאָס וואָס בייט זיך דאַרף, נאַטירלעך, האָבן מזל עס זאָל זיך בייטן צום גוטן. אויך דאָס וואָרט מזל ליגט אין די הענט פון מזל.

אַמאָליקע צייטן איז דאָס וואָרט „ווייבער" געווען אַ גאַנץ געוויינלעכע באַצייכענונג פון יידישע פרויען. היינט פילט מען אין דעם וואָרט כמעט אַ באַליידיקונג ווען מען וויל דערמיט אָנווייזן אויף דער שענערער העלפט פון אונדזער פאָלק. אָבער „מענער" האָט געהאַט אַ בעסער מזל, געבליבן דער זעלביקער יחסן וואָס געווען. מהאי טעמא איז „ייד" אַ גאַנץ חשובער אָנוויז אויף אַ מאַן פון יידישן אָפּשטאַם. אָבער „יידענע" — זאָל אייך דער אייבערשטער שומר ומציל זיין איר זאָלט מיטן דאָזיקן וואָרט באַצייכענען אַ סענסיטיווע יידישע פרוי. דאָס וואָרט האָט קיין מזל ניט געהאַט.

פאַרשטייט זיך אַז דאָס אַלץ האָט צו טאָן מיט אַ וועלט וואו עס האָבן תמיד געהערשט מאַנסלייט. פון אָט־דעם נעמט זיך מסתמא אויך דאָס וואָס „יונג" איז נאָך אַלץ שענער פון „מויד", און די מענערשע הערשאַפט איז געווען אַזוי שטאַרק אַז זיי האָבן אַרויפגעצוואונגען זייער אומחן אויף געוויסע אומשולדיקע ווערטער וואָס מיט זיי פלעגט מען אַדרעסירן פרויען. פון דעם שטאַמט מסתמא אויך דער פאַקט וואָס מען האָט גענומען אַן אומשולדיקן ווייבלעכן נאָמען, יאַכנע, און געמאַכט דערפון אַ באַליידיקונג־וואָרט פאַר אַ פרוי מיט געוויסע חסרונות, בעת אַלע באַמיאונגען צו פאַרפיקסירן דעם נאָמען פון אַ מאַן פאַר מענלעכע שלימזלען האָבן זיך ניט איינגעגעבן. מיר ווייסן דאָך וואויל אַז יעדע ווייבערישע יאַכנע האָט ווינציקסטנס איין נעבעכדיקן שותף, „אויב ניט נאָך העכער", אין דער מענערישער באַפעלקערונג. אָבער דאָס אַלץ האָט גאָרניט געהאָלפן — מזל.

אָדער נעמט, למשל, דאָס וואָרט וועלטלעך. אַמאָל, ביז גאָר ניט לאַנג צוריק, האָט דאָס דאָזיקע וואָרט געהאַט אַ טייטש וואָס אַלע האָבן פאַרשטאַנען; מען האָט ניט געדאַרפט שרייבן אַרטיקלען און דערקלערן וואָס דער שרייבער ראובן אָדער שמעון האָט אין זינען בעת ער זאָגט וועלטלעך, פונקט ווי מען דאַרף היינט ניט שרייבן קיין חקירות וועגן דעם וואָס מען מיינט ווען מען זאָגט טיש אָדער פאַראַיאָריקער שניי.

אין 1925 האָט אַ היגע לאַנדסמאַנשאַפט אַרויסגעגעבן אַ בוך וואָס רופט זיך זאַבלודאָווער פנקס. לייען איך דאָרט אַזאַ פּאַראַגראַף: „משה זעליק פּעטלין איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געגרינדעט אין זאַבלודאָווע אַ חדר מתוקן און אויך אַ ביבליאָטעק. ער האָט איינגעפירט אַ מער־וועלטלעכן שטייגער אין לערנען, אַ מער־מאָדערנעם לימוד און געזען אַז דער חדר זאָל זיין מער היגיעניש און מער צוגעפּאַסט צום געזונט פון קינד".

דאָ ווערט זייער ריכטיק באַנוצט דאָס וואָרט וועלטלעך ווי עס איז תמיד געווען אָנגענומען. דער חדר מתוקן איז נאַטירלעך געווען, וואָס מען וואָלט היינט גערופן, אַ רעליגיעזע אינסטיטוציע. מען האָט טאַקע געלערנט העברעאיש ווי אַ שפּראַך, מאָדערנע מעטאָדן, ברכות, חומש, בקיצור עס איז געווען מער אויפגעקלערט, מער מאָדערן, און דאָס האָט געהייסן וועלטלעך.

ויהי היום, האָט זיך דער טייטש פונעם וואָרט פאַרדרייט אין אַן אַנדער ריכטונג. אין פריערדיקע צייטן, ווען מען וואָלט עס איינגעפּאַלן צו פּסל'ען די וועלטלעכקייט פון אַ יידן וואָס עסט ניט קיין חמץ אין פּסח? מען וואָלט געהאַלטן אַז רעליגיעזער אויפפיר, וויבאַלד עס איז פון אויפגעקלערטן, ניט פאַנאַטישן, מין איז אין קיין שום זינען ניט קיין סתירה צו וועלטלעכקייט. פּלוצלונג האָט דאָס מזל פונעם וואָרט געפירט צו דעם אַז עס איז געוואָרן אַ קעגנשטעלונג צו רעליגיע; כדי מען זאָל קענען זאָגן אויף עמעצן אַז ער איז וועלטלעך דאַרף מען פריער זיין זיכער אַז ביי אים איז ניטאָ קיין שמץ פון רעליגיע, וואָס מען זאָל אונטער דעם וואָרט ניט פאַרשטיין. אָט דער נייער טייטש האָט אַזוי גרינטלעך פאַרשלימזלט אַ שיין און נייטיק וואָרט אַז עס וועט שוין אפילו קיין טאָטער ניט העלפן מען זאָל עס מחזיר למוטב זיין. אין דער אמתן זענען פאַראַן עטלעכע אַנדערע ווערטער וואָס דריקן אויס דעם באַגריף ניט־רעליגיעז. אָבער אַ צו גרויסער עולם און אַ צו אַקטיווע באַוועגונג האָט דווקא זיך צוגעטשעפּעט ניט צו אַטעאיזם, אָדער פריידענקעריי, אָדער אַגנאָסטיציזם, אָדער אומגלויביק, אָדער אַ־רעליגיעז, נאָר רק צו וועלטלעך. איז, מילא, פאַרפאַלן — מזל.

מיר דאַכט זיך אַז דער געוואַגט־קאָנסעקווענטער וועלטלעכער ייד — אין איצטיקן אוממזלדיקן זינען פון וואָרט — איז יעקב לעווין. ער גיט אַרויס אַן אייגענעם בולעטין וואָס „רופט צו אויפריכטיקער וועלטלעכער

יידישקייט". ער שטרייכט אונטער, אַקצענטירט, לייגט דעם טראָפּ אויף דער וועלטלעכקייט פון זיין יידישקייט מיט אַזאַ רעליגיעז פייער, און מיט אַזוי פיל אָנגעשטרענגטער מי, אַז מען דאַרף זיין פון אייזן ניט גערירט צו ווערן. אָט שרייבט ער אַזוי: „יעדעס מאָל ווען איר קומט צו אַ לוויה פון אַ וועלטלעכן יידן און הערט די אַלע רעליגיעזע זאָגעכצן, און זעט די צערעמאָניעס, שעמט איר זיך צוליב דער אומאויפריכטיקייט און אפילו פאַלשקייט וואָס הערשט דאָרטן". איז טאַקע אַ חידוש וואָס אַזעלכע וועלט־לעכע יידן מאַכן ניט קיין גרינטלעכע רעוויזיע אין דער „כלומרשט" וועלטלעכער יידישער פּאָעזיע וואָס גנבעט אַריין ענלעכע אומאויפריכטיקייטן און פאַלשקייטן. אָט שרייבט אַזאַ וועלטלעכער פּאָעט ווי יעקב גלאַטשטיין:

„כ'וועל געפינען אַן אָרט אין רוים —
ווי אַ פליג די גרויס,
און מיט געוואַלד אַוועקשטעלן דאָרט
אַ וויג, אַ קינד...
און אַרומבויען וועל איך אַרום דער וויג אַ יידישע שטאָט
מיט אַ שול, מיט אַ לאָ־ינום'דיקן גאָט
וואָס וואַכט איבער די אָרעמע קראָמען,
איבער יידישן פּחד".

איז אייגנטלעך, ווער איז דאָס ביים וועלטלעכן פּאָעט דער לאָ־ינום'דיקער גאָט? ניט אַנדערש אַז ער איז אומאויפריכטיק און פאַלש. און אפרים אויערבאַך סטיליזירט דעם לוויה'דיקן „אל מלא רחמים" און הייבט אָן: „גאָט דערבאַרעמדיקער, וואָס אין הויכן טוסטו וואויגען". ווידער אַמאָל, מסתמא אומאויפריכטיק און פאַלש. פאַרוואָס־זשע זאָל אין דער מאָדערנער יידישע פּאָעזיע זיין מותר וואָס אין דער אַלטער איז אָסור?

אָבער טייל ווערטער זענען זייער מזלדיק, אַזוי ווייט אַז אפילו אַזאַ געוואַלד־וועלטלעכער ייד ווי דער זעלביקער יעקב לעווין האָט ניט־ווילנדיק און ניט־וויסנדיק אַריינגעבלאָזן ממש אַ רעליגיעזע נשמה אין אַ פּשוט וואָרט. אין זיין בולעטין אויפן וועג, נומ. 19 שרייבט ער אַ רירנדיקן השתפכות הנפש צו פאָלק: „אָ פאָלק, מיין פאָלק, מיין האַרץ, מיין קאָפּ און איך אינגאַנצן געהער צו דיר... אָן דיר ז'דאָס לעבן פּוסט... וואָס איז קיין קיין אָנשטרענגונג ניט ווערט, קיין קוקן אויף דער וועלט, קיין אָטעמען אפילו". אָט אַזוי ציט זיך דער פּאָעטישער אויסגאָס וואו יעדעס וואָרט, פילט איר, איז ממש אָנגעזאַפּט מיט ריינסטער אויפריכטיקייט. אָבער צו וועמען רעדט דאָס דער שרייבער? ווער איז דאָס דער „אָ פאָלק, מיין פאָלק"? לאָמיר אַרומגיין צווישן די געשעפטסלייט אין בראָנקס, מאַנהעטן, ברוקלין, צווישן די פאַרבייגייער אין גאַס, אין די שעפּער, קלובן, אָרגאַניזאַציעס,

שולן, אַלץ יידן, יידן, יידן. זאָל איך זאָגן אַז אָן אָט די דאָזיקע — און קיין אַנדער יידיש פאָלק איז דאָך ניטאָ — קען דער שרייבער אפילו ניט אָטע־מען? דאָס לייגט זיך בשום אופן ניט אויפן געזונטן שכל. אָבער ער איז דאָך פאַרט אויפריכטיק, טאָ וואָס, אָדער וועמען, האָט ער אין זינען מיט „פאָלק״?

אמת, אין די פאָלק־פּאָעטישע שורות רעדט זיך אויך וועגן די וואָס זענען אַמאָל געווען, אָבער זענען דאָך מער ניטאָ אפילו ווען זיי וואָלטן אַלע געווען צדיקים און גדולים, און די הײַנטיקע זענען דאָך פּשוטע מענטשן ווי אַלע אויף גאָטס וועלט, הײַנט ווי קען מען זאָגן אַז מען קען ניט אָטעמען אָן זיי? מוזן מיר אָננעמען אַז „פאָלק״ ווערט דאָ באַנוצט ניט צו טייטלען אויף עטלעכע מיליאָן קאָנקרעטע מענטשן וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אָדער וואָס לעבן איצט, נאָר עס איז אַ וואָרט־סימבאָל וואָס פאַרקערפּערט אין זיך שטאַרקע אָנגעוואַקסענע געפילן, נאָר מען נעמט אָן, אָדער מען גלויבט טאַקע, אַז אָט די געפילן ציען זיך צו אַן אָביעקטיווער דרויסנדיקער עקזיס־טענץ, אַ מין מעטאַפיזישע פאַראַנענקייט וואָס רודערט אויף די נשמה. אַנדערש וואָלט געווען ניט צו פאַרשטיין אָט דאָס גאַנצע געזאַנג צום „פאָלק״. אָבער גאָט מײַנער, אויב דאָס איז טאַקע אַזוי האָבן מיר דאָך דאָ צו טאָן מיט אַ קאָנסטרוקציע וואָס איז אַ ריין־רעליגיעזער באַגריף, באמת אַ סך וואָרצלדיקער אין דער רעליגיעזער ספערע ווי כשרות אָדער זאָגן קדיש בײַ אַ לוויה. יאָ, איך בין חושד אַז דאָס האָט די רעליגיע אָפּגעטאָן אַ שפּיצל; אָן אומשולדיק־וועלטלעכער ייד האָט זי אַרויסגעטריבן דורך דער טיר האָט זי זיך אַרײַנגעגנבעט דורכן פענצטער. באמת, די אַלע גלויביק־עקסטאַטישע, דינעריש־פּיעטעטישע רייד פון דער דערמאָנטער פּאָעזיע אין פּראָזע דער־מאָנען זייער שטאַרק אין די תפילות פון סידור און מחזור. דער חילוק איז נאָר וואָס אין צווייטן פאַל איז דאָס אַן עבודה צו גאָט און אין ערשטן צו פאָלק, ווי אַ מעטאַפיזישע אַבסטראַקציע. און ווען אונדזערע זיידעס וואָלטן ווייטער געלייענט אָט די תפילה צו „פאָלק״ און וואָלטן געקומען צו אַזעלכע ווערטער: „אָבער דו ביסט אייביק סיי ווי סיי... ביז קומען וועט אַ צייט און דײַנע קינדער, די פאַרבלאָנדזשעטע, וועלן זיך צוריקקערן צו דיר און וועלן מיט איבערגעגעבנקייט דײַן נאָמען לויבן און דערהויבן״, ווען זיי וואָלטן דערהערט די דאָזיקע רייד, דעם פאַראַפראַזירטן פּיוט, וואָלטן זיי אין דעם דערזען ניט קיין וועג פון רעליגיע צו קעמפערישער וועלטלעכקייט נאָר פון עבודת הבורא צו עבודה זרה. איך בין ניט גרייט צו פּסק'נען אַז די זיידעס וואָלטן געווען אומגערעכט.

ווי עס זאָל ניט זיין, פאַר די וואָס האָבן אַביסל מער וויכקייט פאַר רעליגיעזע סענטימענטן האָט זיך דער באַגריף פאָלק היפּשלעך אַרויפגע־

אַרבעט — מזל. אָבער מיר ווייסן שוין צו גוט אַז ניט בלויז ווערטער זענען אונטערגעוואָרפן די קאַפּריזן פון מזל. אַמאָל טראָגן אויף זיך אויך שפּראַכן די ברכה אָדער קללה פון מזל. די אַלטע שפּראַך פון די אירלענדער, געיליש, האָט שווער געאַרבעט צו ווערן די אויפגעלעבטע שפּראַך נאָך דעם ווי אירלאַנד האָט זיך באַפרייט פון ענגלאַנד. עס איז אָבער ניט געראָטן. דער זעלביקער פּראָצעס מיט העברעאיש אין ארץ־ישראל האָט געפירט צו אַ הצלחה וואָס האָט אפשר קיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע פון שפּראַכן. דאָס מזל פון יידיש, ספּעציעל אין די צייטן ווען עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ווייזן די שפּראָצונגען פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, איז ליידער ניט געווען צו־גוט.

פּראָפעסאָר לוי גינזבערג ברענגט אין זיינס אַ בוך („סטיודענטס, סקאָלערס ענד סעינטס״, 1943, 160) אַז ר׳ ישראל סאַלאַנטער איז געווען זייער באַזאָרגט צוליב דעם וואָס עם־הארצות האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן יידן. איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן אַז מען זאָל אַרויסגעבן אַ יידיש ווערטערבוך פון תלמוד כדי צו העלפן דעם דורכשניטלעכן פּולישן אָדער ליטווישן יידן צו לערנען גמרא. פּראָפעסאָר גינזבערג דערציילט: „ווי געוויינטלעך איז סאַלאַנטער ניט געווען צופרידן מיט פאָרמולירן פּלענער. ער האָט זיך גלייך גענומען זיי דורכפירן. זיין פּלאַן וועגן אַ יידיש־ווערטערבוך פון תלמוד, ווי דער אמת איז, איז צו־ווייט ניט געגאַנגען, ווייל עס זענען ניט געווען גענוג לומדים וואָס האָבן געקענט אָדער געוואָלט זיך אָפּגעבן מיט אַזאַ אַרבעט״.

ר׳ ישראל סאַלאַנטער האָט געלעבט אין אַ צייט ווען עס האָט זיך שוין געהאַט באַוויזן מענדעלע מוכר ספרים, די השכלה אין פּוילן און ליטע איז שוין געווען אין פולן בלי. ווי וואָלט געווען ווען יידישיסטיק, אויף אַן אַקאַדעמישער מדרגה, וואָלט דעמאָלט געפונען גענוג קאָמפּעטענטע מיטאַרבעטער צווישן לומדים און יידן וואָלטן טאַקע גענומען לערנען גמרא מיט רעפערענץ־ביכער אין יידיש? שווער צו זאָגן אויף ווי ווייט דאָס וואָלט אויפגעהויבן דעם פּרעסטיזש פון יידיש און צו וואָסערע ווייטערע מדרגות דאָס וואָלט געפירט.

אין 1865 איז אַרויס דער שבילי המלמדים; דאָס איז אפשר געווען טאַקע אין דער צייט ווען סאַלאַנטער האָט געאַרבעט אויף זיין פּלאַן וועגן אַ יידיש־ווערטערבוך פון תלמוד. דער שבילי המלמדים נעמט אַרום 35 שיעורים פון יעדער פון די מסכתות קידושין, גיטין, בבא־קמא און בבא־מציעא. דער מחבר דרוקט אָפּ אַ סוגיא פון דער גמרא, דערנאָך קומט פאַר אַ שמועס אין יידיש צווישן רבי׳ן און תלמיד וועגן דער סוגיא. דער מחבר פאַרענטפערט זיך דערמיט וואָס אויך די ראשונים האָבן מחבר געווען חיבורים אויף דעם „לשון המדובר בין העם״ (ייוואָ־בלעטער, 1948, 380). וויפיל

וואָלט יידיש געקענט געווינען אין פּרעסטיזש, אין אָנערקענונג ביים פאָלק, ווען צווישן יידן לומדים, פרומע יידן, וואָלט דעמאָלט געווען אַן אַקטיווער כוח צו העלפן פאַרשפּרייטן לומדות און פרומקייט דורך אַ גרעסערער פאַר־שטענדעניש און באַוואוסטזיניקער אָנשטרענגונג לטובת די מעגלעכע הילף וואָס יידיש וואָלט געקענט געבן פאַר די צילן פון יידישקייט פון יענער צייט.

אַוודאי האָט יידיש געוואונען דעם צוטרוי און געקראָגן אַקטיווע אָנער־קענונג אין פאַרשיידענע צייטן פון אַ רבֿ, אַ למדן, דאָ און דאָרטן. עס זענען אָבער געווען גענוג סיבות פאַרוואָס דאָס איז ווייט ניט געגאַנגען. אפילו איבערזעצונגען פון סידור, און פון תפילות בכלל, האָבן קיין סך ניט געהאָלפן. ווען עס איז אויפגעקומען די נייע יידישע ליטעראַטור און די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען וואָס ניט בלויז זייער ממילא'דיקער שפּראַך־אינסטרומענט איז געווען יידיש נאָר זיי האָבן אויך אויפגעהויבן יידיש צו דער פולער חשיבות פון אַן אָנערקענט אייגן לשון, אפילו דעמאָלט האָט זיך אַריינגעמישט דער שטן המקטרג און געלייגט שווערע שטיינער אין וועג, ניט בייצוקומען.

קינסטלערישע ליטעראַטור איז דאָך בכלל ניט אויף אַ ליניע פון דער אשכנזישער טראַדיציע. שוין דער אויפקום פון פּאָעזיע און בעלעטריסטיק איז אין זיך גופא געווען אַן אַקט פון אָפּפרעמדן, זיך דערווייטערן פונעם רוב מנין פון פאָלק. עס וואָלט געווען גענוג צו געבן אַ קוק אויף פּרצ'ן און אויף אַ טיפּישן וואַרשעווער יידן פון יענער צייט. בלויז דער חילוק צווישן דרויסנדיקן אויסזען פון די צוויי וואָלט געגעבן דעם געהעריקן איינדרוק פונעם תהום צווישן די דאָזיקע צוויי וועלטן. דער עלטערער דור האָט באַקומען דאָס געפיל אַז יידישע שרייבעריי איז אַן אופן פון אַוועקגיין, פון אָפּזאָגן זיך צו זיין פאַרבונדן מיטן גורל פון כלל ישראל. אַ וואַרשעווער ייד, קוקנדיק אויף די יידישע „דייטשן" פון איין זייט און אויף די יידישע שרייבער פון דער אַנדער זייט, האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „עס איז אונזער ביטער מזל צו ווערן געדריקט פון גויאישע יידן און פון יידישע גויים". וואָלט דאָך מעגלעך געווען אַז צווישן די שרייבער, וואָס דער על־טערער דור האָט פון זיי געהאַט אַזאַ פאַלשן איינדרוק, זאָלן זיך געפינען מענטשן מיט אַ חוש, אַ פעאיקייט און אַ תאווה, פאַר געזעלשאַפטלעכער פירערשאַפט, וואָס זאָלן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו אַריינצוברענגען דעם קינסטלערישן אויסדרוק ווי אַ פאָרם פון יידישער שאַפערישקייט אין דער פרומער וועלט פון יענער צייט.

שווער צו זאָגן ווי גרויס עס וואָלט געווען די הצלחה פון אַזאַ באַוועג־גונג, אפילו ווען עס וואָלט געראָטן צו צעשטערן דעם איינדרוק אַז שריי־בעריי מוז דווקא זיך ברידערן מיט אַפּיקורסות. שווער צו זאָגן מחמת אַ סך טעמים. די מניעות און שטרויכלונגען פאַר אַזאַ באַוועגונג איז ניט שווער

זיך פאַרצושטעלן. אָבער, סיי ווי, אַ מילד וואָרט, דאָ און דאָרט, מצד אַ יידישן שרייבער וועגן פרומע יידן, איז געפילט געוואָרן ווי אַ זשעסט פון אַן אַנדער וועלט. ווייטער איז עס ניט געגאַנגען — מזל. יידיש, באַוואוסט־זיניקער יידיש, האָט צוליב דעם ניט געקענט שטייגן בנוגע פרעסטיזש־געפיל אין דער געדיכטעניש פון פאָלק. דער פלעק „זשאַרגאָן״ און די שטענדיקע קשיות וועגן „גראַמאַטיק״ שטאַמען ניט בלויז פון דעם וואָס עס פעלט וויסן. יידיש האָט זיך גענומען פאַרן מיט אומבאַליבטע אַסאָציאַציעס, און דאָס פירט צו כלערליי בייזע רעיונות, און געגנוג פון דעם איז געבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

מיט די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען וואָס האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט יידיש, איז געשען עפּעס ערגערס, פון שטאַנדפּונקט פון דעמאָלטדיקן איינגעוואָרצלטן יידישן לעבן. זיי זענען געקומען מיטן געשריי און אימפּעט פון רעוואָלוציע און דערמיט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף אַ היסטאָריש־איבער־געשראָקענער באַפעלקערונג; האָבן געשוימט מיט אַן אומבאַהערשטן קעמ־פערישן אַטעאיזם; זיי האָבן מיט אַ נייעם אתה בחרתנו — דעם אַרבעטער־קלאַס וואָס דאַרף זיין דער אמתער אויסלייזער — אָפּגעשטויסן דעם אַלטן אתה בחרתנו וואָס האָט די זעלביקע פונקציע איבערגעגעבן דעם כלל ישראל; זיי האָבן — רעדנדיק מיט זייער אייגן לשון — געשאַפן אַ נייעם „קלער״, די פּאַרטיי־פּראָפעסיאָנאַלן — וואָס האָבן געהאָלפן וועקן אַ ביטערע שנאה קעגן דעם אַלטן רעליגיעזן „קלער״; זיי האָבן גאַנץ נאַטירלעך אַריינגעבראַכט אין יידיש אַ שלל בייטיקע ווערטער און אויסדרוקן וואָס האָבן אָבער אַקצענ־טירט פרעמדקייט און זיך אויסשליסנדיקע דערווייטערטקייט פון דער הי־סטאָריש־אויטענטישער יידישער געזעלשאַפט.

עס וואָלט געווען קינדיש צו טראַכטן וועגן די אַלע זאַכן ווי חטאים און עוולות. ענלעכע פּראָצעסן קומען פאָר ביי אַלע פעלקער אין פאַרשיידענע צייטן. מיר דאַרפן אויך געדענקען אַז די וועלט און דאָס יידישע פאָלק, ספּעציעל אין אָנהייב פון יאָרהונדערט אין מזרח־אייראָפּע, האָט זיך טראַגיש געענדיקט אויסגעלייזט צו ווערן, און יעדע נייע גאולה־אידייע טראָגט אין זיך ממילא אַ געוויסע אַבסאָלוטקייט, אַ שניידיקע זיכערקייט און איז גענייגט אין אָנהייב צו פאַרנעמען דעם ראַדיקאַלסטן שטח פון דער ליניע וואָס אויף איר באַוועגט זי זיך. איז דעריבער געווען נאַטירלעך עס זאָל געשען ווי עס איז געשען. אָבער אַנדערש ווי ביי אַנדערע פעלקער איז דער דאָזיקער וויטיקלעכער פּראָצעס געוואָרן איבַטים פאַרבונדן מיט יידיש, מיט אַ פאָלקס־לשון וואָס האָט פריער פאַרנומען אַ דערונטערדיקע פּאָזיציע און האָט איצט געזאָלט דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון אַ באַוואוסטזיניק־אָנערקענטער פאָלקישער שפּראַך. כדי דאָס צו דערגרייכן האָט דאָך די אָנערקענונג אויך

געמוזט קומען מצד די — אין יענער צייט, דער רוב מנין פון פאָלק — וואָס קעגן זיי איז אָנגעפירט געוואָרן אַ פאַרביטערטער גראַנגל אויף אַלע פראָנטן. דערצו איז אין דער זעלביקער צייט אויפגעקומען דער ציוניזם מיט אַ הויפט־ציל אויפצולעבן העברעאיש צו דער מדרגה פון אַ גערעדטער שפּראַך. ציוניזם, ווי אַ וועלטלעכע באַוועגונג, האָט נאַטירלעך געמוזט אַרויסרופן אַן איינגעשפּאַרטן ווידערשטאַנד מצד די עקסטרעם־פרומע. אָבער זיין פולער דרך־ארץ פאַר דער רעליגיעזער טראַדיציע — אַחוץ אַלע אַנדערע גרויס־היסטאָרישע סיבות — האָט דעם ציוניזם צוגעגעבן אַן אַטראַקציע וואָס אַנטי־ציוניסטישער סאָציאַליזם האָט דעמאָלט ניט געקענט האָבן. האָט דאָס אַלץ רעפלעקטירט מיט נאָך מער קראַפט אויף דער פּאָזיציע און דעם סטאַטוס פון יידיש.

די אָנהייבן פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער אַטמאָספערע פון רעוואָלוציאָנערע גאולה אידייען האָט אין אַמעריקע אַרויסגעוויזן אַנדערע שטרויכלונגען. שרייבנדיק וועגן לעאָן קאָברינ׳ען זאָגט ש. ניגער: „די שווערקייט איז נאָך גרעסער געווען דערפאַר וואָס ביי לעאָן קאָברינ׳ען, ווי ביי אַנדערע יידישע שרייבער פון יענעם דור, איז ניט געווען קיין נאַציאָנאַל־קולטורעלער אידעאַל וואָס זאָל זיי אינספּירירן און העלפן בייקומען אַלע מניעות אָבי נאָר צו שאַפן אַ יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע". און ניגער ציטירט וואָס קאָברין האָט אַליין געזאָגט וועגן זיך און זיינע צייט־חברים: „קיינעם פון זיי האָט זיך אפילו אַזאַ זאַך ניט געחלומט. די מערסטע פון זיי האָבן געגלויבט אַז באַלד־באַלד קומט אָן די סאָציאַלע רעוואָלוציע... און דעמאָלט וועט ניט נאָר זיין איבעריק אַ יידישע ליטעראַטור נאָר דאָס יידישע פאָלק אינגאַנצן" (דערציילערס און ראָמאַניסטן, 1946, 219).

אין אַזאַ גייסט האָט זיך אָנגעהויבן ניט בלויז די קינסטלערישע נאָר אויך די פּובליציסטישע, די צייטונג־ליטעראַטור. אין בעסטן פאַל האָט געהערשט אַ נייטראַלע באַציאונג, אָן עגמת־נפש, אָן נחת, פשוט, ניט גע־טראַכט וועגן דעם סטאַטוס, די פונקציעס און די צילן פונעם אייגענעם שרייבן, פון דער שפּראַך וואָס האָט געאָטעמט מיט דער לופט פון אַ לאָמיך־געמאַכיקער אומזיכערקייט.

מיר טאָרן, פאַרשטייט זיך, בשום אופן ניט פאַרגעסן וואָס יידיש האָט אויפגעטאָן פאַר זיך אויף אַלע פעלדער פון מענטשלעכן שאַפן אין משך פון בלויז אַ קאַרגן האַלבן יאָרהונדערט. פון דעם קענען שעפן געזונטן נחת די וואָס זענען געבענטשט מיטן שווערן זאָרג־געפיל פאַר אונדזער פאָלקיש־גייסטיקן זיין. אָבער אין פאַל פון יידיש איז פאַראַן נאָך אַ זייט וואָס אָן איר האָט ניט די מטבע איר אמת׳ן ווערט. דער סטאַטוס פון דער שפּראַך אין די געדיכטענישן פון פאָלק פאַרשטאַרקט ניט בלויז איר לעבעדיקע

פּאָזיציע נאָר אויך אירע פּאָטענציעלע כוחות אויפֿן מאָרגנדיקן טאָג. אָט אין דעם פּרט איז יידיש ניט געבוירן געוואָרן אין קיין זיידן העמדל. באַקומט זיך אַזאַ שניידיקער קאָנטראַסט: פֿון איין זייט גרויס־קונסט, עסייאיסטיק, פֿאָרשונג; פֿון דער אַנדערער די שווער־דענערווירנדיקע קשיה: איז יידיש אַ שפּראַך? מיין שטאַרקער איינדרוק זאָגט מיר אַז די וואָס פֿרעגן זענען אַ סך גרעסער אין צאָל ווי עס זענען די וואָס לעבן אין דער יידיש־ספֿערע. זיי זענען אויך אומשולדיק וואָס זיי האָבן איבערגענומען אַ פּאַרטיקע ירושה. געווען צופֿיל מכשולים בייצוקומען אָט די ירושה — מזל.

אינעם אַמעריקאַנער זשורנאַל פֿאַר סאָציאָלאָגיע האָט מיט יאָרן צוריק לאָורי נעלסאָן פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל וואָס רופֿט זיך „רעדנדיק וועגן שפּראַכן" (1948, 202־210). דער שרייבער ברענגט דאָרט אַ סטאַטיסטישע טאַבעלע, געבויט אויפֿן צענזוס פֿון 1940, וועגן דעם כוח פֿון עטנישע שפּראַכן זיך אויפֿצוהאַלטן אין אַמעריקע ביים צווייטן אַמעריקאַנער־געבוירענעם דור. פֿון די אַלע פֿעלקער וואָס ווערן דאָרט אָנגעגעבן שטייען די שפּאַניש־רעדנדיקע אויפֿן ערשטן פּלאַץ. ביי זיי האָבן 38.6 פּראָצענט אָנגעגעבן שפּאַניש ווי די מוטער־שפּראַך. יידיש געפֿינט זיך גאָר אונטן אויפֿן צעטל מיט דריי פּראָצענט. נעלסאָן שטעלט זיך אָפּ אויף די דריי פֿאַקטאָרן וואָס דערקלערט דעם אונטערשייד: 1) דער כוח גובר צו זיין די נייע סביבה; 2) רעליגיע און קירכעס וואָס העלפֿן דערהאַלטן די שפּראַך ביים לעבן; 3) נאַציאָנאַל־געפֿיל אין דער אַלטער היים.

האָט די שוואַכע ווידערשטאַנד־קראַפֿט פֿון יידיש עפּעס צו טאָן מיט דער אוממזלדיקייט וואָס איז פֿריער דערמאָנט געוואָרן? מען וואָלט געדאַרפֿט מאַכן אַ היפּש ביסל ווייטערדיקע אויפֿקלערונגען כדי צו זאָגן עפּעס באַ־שטימטס וועגן דעם. אָבער דער צווייטער פּונקט, „רעליגיע און קירך", פֿאָדערט נאָך אַ וואָרט. ווען מיר וועלן זיך פֿאָרשטעלן אין געדאַנק אַן אַקטיווע אַרבעט לטובת יידיש צווישן יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר אַרום דעם אָנ־הייב פֿון דעם יאָרהונדערט, קען זיין אַז עפּעס וואָלט פֿאַרט דערגרייכט געוואָרן; עס קען זיין אַז די פֿריערדיקע פּראָבעס אַריינצוברענגען תּפֿילות אין יידיש וואָלטן דעמאָלט ביז אַ געוויסער מאָס זיך אַריינגעוועבט אין רעליגיעזן לעבן. מיר וואָלטן דעמאָלט ניט געבליבן בלויז ביים „רבותי, מיר וועלן בענטשן", אָדער דעם פֿאַרשפּרייטן „גוט שבת" וואָס איז פֿון וועלט־לעכן יידישיזם נאַטירלעך אַרויסגעפֿאַלן. עס איז לכל הפּחות פֿאַראַן אַ מעגלעכקייט אַז די יאָרן וואָס וועגן זיי רעדט זיך זענען שוין געווען מער צייטיק אויסצושפּרייטן יידיש, אין אָנערקענונג און סטאַטוס, צו באַדינען מער קולטור־פֿונקציעס ווי בלויז דער ניי־צוגעקומענער ליטעראַטור. עס קען זיין, און דעמאָלט וואָלטן רעליגיע און שול געקענט אויך ביי אונדז

זיין אַ הילף פאַר יידיש פונקט ווי זיי העלפן די שפּראַכן ביי כמעט אַלע אַנדערע עטנישע גרופּעס אין אַמעריקע.

אָבער עס איז אַנדערש פאָרגעקומען; עס האָט מסתמא אַנדערש ניט געקענט זיין. קען מען מאַכן אַ לאַנגן חשבון פון די אַלע סיבות וואָס האָבן געפירט דערצו. אָבער אַז מען וויל קען מען עס מאַכן בקיצור, זייער בקיצור — מזל.

(1958)